דאָס ווייזט ווי גרויס עס איז געווען דער כוח פון יענעם משה בן־חיים, אָבער נישט געקוקט דערויף האָט עס אים נישט געהאָלפן און די דיינים האָבן מיטן דאַזיקן ענין זיך געוואָנדן צו די באַרימסטע רבנים פון יענער צייט און דערביי איז אונטערגעשטראָכן געוואָרן דער שטורעם, וואָס דער סקאַנדאַל האָט אַרויסגערופן אינעם יידישן ישוב אין וואיסלאַוויץ, ווו „עס איז אַ געוויין און קלאָגעריי אין יידישע שטובן און די בושה וחרפה פון דער יידישער טאָכטער שרייט אין די הימלען". ר' אליעזר אשכנזי חזרט איבער די ווערטער פון רבי יעקב פּאָלאַק: „וישמע משה והנה העם בוכה למשפחותיו — זאָגן די חז"ל אין שבת ק"ל — על עסקי משפחותיו, מיינט מען איסור עריות און זינט חרם דרבנו גרשום זענען די חכמים און צדיקים פון אַלע דורות זיך מצער ווען עס געשעט אַזאַ זאַך מיט אַ ייד".

מיט וואַרעמען מיטלייד שרייבט דער פּויזנער גאון וועגן דער „בושה פון די וואיסלאַוויצער יידן". פון דעם איז צו זען, אַז די יידישע משפחות אין וואיסלאַוויץ האָבן זיך געהאַלטן נאָענט איינע מיט די אַנדערע און שווער איבערגעלעבט דעם צער פון דער אָפּגענאַרטער משפּחה. עס איז נישט באַוווסט וויפל משפחות עס האָבן אין יענער צייט געבילדעט דעם יידישן ישוב אין וואיסלאַוויץ, אָבער עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז זיי זענען געווען געבונדן אויך אין משפחה־קרובהשאַפט און האָבן דערפאַר איבערגעלעבט דעם צער פון ר' שלמה קלונימוס ווי זייער אייגענעם.

עס וואָלט אפשר כדאי געווען צו זוכן אין די אַנדערע שאלות ותשובות צווישן די גאונים פון יענער צייט דעם פינאַל, מיט וועלכן דער ענין איז פאַרענדיקט געוואָרן. ר' אליעזר אשכנזי איז אין זיין תשובה גענויגט צו פסקענען לטובת משה בן־חיים, וואָס איז מסכים אָפּצוגטן זיין פריערדיק ווייב און מתיר זיין דאָס ווייטערדיקע וווינען מיט דער וואיסלאַוויצער טאָכטער, זיין איצטיק ווייב. לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן איז עס אַזוי געבליבן, ווייל ער האָט שוין געהאַט מיט איר צוויי קינדער און וועגן דעם זון פון פריערדיקן ווייב האָט ער זיך געהאַלטן ביי זיין טענה, אַז ער איז אַוועק פון איר צוליב דעם וואָס דער פריץ האָט זי מטמא געווען.

די וויכטיקייט פונעם גאַנצן ענין באַשטייט פאַר אונדז אין דעם אומשטרייט־באַרן דאָקומענט פון יידישן מקור, אַז אין אָנהויב פון 16־טן יאָרהונדערט זענען אין וואיסלאַוויץ געווען יידן און זיי זענען געווען פאַרבונדן מיט די גרויסע יידישע קהילות פון יענער צייט, מיט לובלין און פּויזן, מיט קראַקע און פּראַג. רבי יעקב פּאָלאַק האָט זיך פּאַקטיש אונטערגעשריבן „פּולק", וואָס איז געווען נוטריקון: פּ'ראג ו'המדינה ל'ובלין, ק'ראקע און ווי דער אנערקענטער גאון פון די געגנטן

האָט ער זיך אויך פֿאַרנומען מיטן וואַיסלאָוויצער ענין.

וואַיסלאָוויץ האָט אין יענער צייט געהערט צו דער בעלזער וואָיעוואָדשאַפֿט, וואָס איז געווען צווישן די ערשטע צו באַקומען די פּריווילעגיעס פֿאַר יידן, אין יאָר 1517, און דאָס מיינט דאָך, אַז דאַן זענען שוין דאָרטן געווען יידן אין אַ גרעסערער צאָל און זענען שוין געווען פֿון פֿריער, אפשר אפילו מיט הונדערט יאָר צוריק.

וואַיסלאָוויץ ווערט ווידער דערמאָנט אין די שריפֿטן פֿון יאַן נאַטאַנסאָן־לעסקי, ווען ער שרייבט וועגן צושטאַנד פֿון די פֿעסטונגען נאָכן טויט פֿון קעניג זיגמונט אויגוסט, ווען אין פּוילן איז געווען אַ תּקופֿה פֿון „בעזקרולעווסטוואָ”. דער טויט פֿונעם קעניג האָט געשטעלט אונטער אַ פֿראַגעצייכן אַלע אינטערנאַציאָנאַלע אָפּמאַכן, וואָס זענען אונטערגעשריבן געוואָרן אין קעניגס נאָמען. יאַן נאַטאַנסאָן־לעסקי גיט אַ בילד פֿון דער נעבעכדיקער פּאָליטישער און מיליטערישער לאַגע, אין וועלכער פּוילן האָט זיך דעמאָלט געפֿונען. „...די פֿעסטונגען, וואָס האָבן געהיטן דעם דניעפּער און די דזשווינע, האָבן אַרויסגערופֿן רחמנות־שמייכלען. זיי זענען נישט באַזאָרגט מיט קיין האַרמאַטן, האָבן נישט קיין פֿיס־גייער און זייער ווייניק רייטער — דאָס הינטערלאַנד איז אינגאַנצן הפֿקר”. ווי אַ ביישפּיל רעכנט אויס נאַטאַנסאָן־לעסקי די פֿעסטונגען פֿון קנישין, טיקאָטשין, ביסטריץ, קאַסקי און וואַיסלאָוויץ. ער דערמאָנט דעם נאָמען פֿונעם שלאַכטשיץ יאַן זאַמאָיסקי, וואָס האָט דעמאָלט געהאַט זיין ווינטער־רעזידענץ אין בעלז און האָט זיך געריסן צו אַ פּאָליטישער קאַריערע, האָט אין דער היעראַרכיע פֿון דער שלאַכטע פֿאַרנומען אַן אַנגעזען אָרט. ער איז אַרויסגעטרעטן מיט אַ פֿאָרשלאַג, אַז מען זאָל פֿאַרדאָפּלען די הויך פֿון די שטראָפֿן פֿאַר יעדן מינדעסטן פֿאַרברעכן אין משך פֿון דער צייט, וואָס פּוילן איז אָן אַ קעניג. נאַטאַנסאָן־לעסקי רעדט וועגן אים מיט דרך ארץ, אָבער וואַרפֿט אים פֿאָר, אַז אין דער ווייטערדיקער פּראָווינץ הערשט כאַאָס און הפֿקרות. פֿון דער פֿעסטונג אין וואַיסלאָוויץ האָט מען געמאַכט אַ זומער־רעזידענץ פֿאַר יעגער און די באַאַמטע חברן זיך מיט יידישע סוחרים, גיבן פֿאַר אַ הויכן אָפּצאָל די מעגלעכקייט צו מאַכן געשעפֿטן, זענען פֿאַרנומען מיט הוליאַנקעס און טראַכטן נישט וועגן די געפֿאַרן, וואָס לויערן אויפֿן לאַנד אין אַזעלכע שלעכטע צייטן, ווען איבער די פּוילישע וואָיעוואָדזטוועס וואַנדערן אַרום אויסלענדער...

דער היינטצייטיקער היסטאָריקער פּאַוועל יאַשעניצא דערציילט אין זיין גרויס היסטאָריש ווערק וועגן יענער צייט, אַז זאַמאָיסקי האָט אַרויסגעשיקט זיינע רייטער, זיי זאָלן היטן די שטעטלעך און דערפֿער פֿון זיין וואָיעוואָדזטווע און יעדן אויסלענדער האָט מען פֿאַרהאַלטן, רעווידירט און אָפֿטמאָל אַרעסטירט. אויב

נאַטאַנסאָן־לעסקי גיט דייטלעך אַנצוהערן, אַז אונטערן באַגריף „אויסלענדער" מיינט ער ייִדן, האַלט אָבער יאשעניצא, אַז מען האָט געמיינט דייטשן און רוסן, אַפילו גייסטלעכע זאָל מען האָבן אין יענער צייט גערודפט, אויב זיי זענען געקומען פון דער פרעמד און נישט געווען קיין פוילישער בירגער.

די שלאַכטע איז געווען איבערגעשראָקן, האָט מורא געהאַט פאַר די גרענעצן. די קראָקעווער שלאַכטע האָט דעמאָלט צונויפגערופן די וואיעוואָדישע קאָנפעדער־ראַציע מיטן ציל צו פאַרטיידיקן דאָס גאַנצע לאַנד און די אינעווייניקסטע אָרדענונג. אין רעזולטאַט דערפון איז באַשלאָסן געוואָרן „איבערצושניידן דעם האַלדז יעדן, וואָס וועט שטערן די אָרדענונג, עובר זיין אויף די פאַרשריפטן". אַלע וועגן זענען געווען באַוואַכט. יאַן זאַמאָיסקיס רייטער האָבן אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף די ייִדן פון יענער געגנט. נאַטאַנסאָן־לעסקי דערציילט וועגן דער שווערער געלט־שטראָף וואָס איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף אַ ייִדישן שניידער, וועלכן די רייטער האָבן געכאַפּט נייען אין דאָרף סעניקי, נעבן וואיסלאַוויץ. דאָס איז געווען אַ בפירושער פאַרבאָט, וואָס דער קריסטלעכער שניידער־פאַרבאַנד אין בעלז און לובלין האָט אויסגעקעמפט אין יאָר 1535, ווען דער קעניג זיגמונט האָט אַרויס־געגעבן אַ באַפעל, וואָס פאַרווערט די ייִדן צו באַשעפטיקן זיך ביי זייער פאַך, נישט בלויז אין שטאָט, נאָר אויך אין די דערפער. אַן אויסנאַם האָט מען געמאַכט פאַר די יאַרידן. אין די טעג, ווען עס זענען פאָרגעקומען די יאַרידן, איז נישט חל געווען דער פאַרבאָט, און די ייִדישע בעלי־מלאכות האָבן דעמאָלט געהאַט אַ רעכט צו אַרבעטן פאַר דער שטאָטישער און דאָרפישער באַפעלקערונג.

דער כוח פון לעבן איז אָבער געווען שטאַרקער פונעם געזעץ און די ייִדישע שניידער אין די שטעטלעך האָבן געמוזט עובר זיין אויפן פאַרבאָט. נאַטאַנסאָן־לעסקי באַקלאָגט זיך, אַז די באַאַמטע זענען געווען דעמאָראַליזירט, האָבן גענומען שוחד. אַזוי האָט מסתמא געטאָן אויך דער ייִדישער שניידער פונעם דאָרף נעבן וואיסלאַוויץ, אָבער פון זאַמאָיסקיס רייטער האָט ער זיך נישט געקענט אַרויסדרייען.

יעדנפאַלס באַשטעטיקן די דערמאָנטע פאַקטן, אַז אין וואיסלאַוויץ איז שוין אין יענער צייט געווען אַ ייִדישער ישוב. איז אָבער ביז איצט נישט געלונגען צו געפינען די מאַטעריאַלן, וואָס זאָלן העלפן פעסטצושטעלן די גרויס פונעם ישוב; ווען עס איז אנערקענט געוואָרן דער אָפיציעלער שטאָט־סטאַטוס, ווי גרויס עס איז געווען די צאָל פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג און ווי עס האָט אויסגעזען דאָס קהילה־לעבן און פונוואַנען די ייִדן זענען געקומען אַהין אין די פאַרשידענע תקופות. מען דאַרף נעמען אין אַכט, אַז חוץ פון ליטע נאָכן גירוש פון יאָר 1495—1503, זענען שפּעטער געקומען אויך ייִדן פון מאַזאָווישע, ווו עס האָט

פֿאַרפּליכטעט דער דעקרעט פֿון זיגמונט דעם אַלטן, וואָס האָט פֿאַרבאָטן אַנדערש־גלויביקע צו וווינען אין די שטעט און דערפֿער פֿון מאַזאָווּשע. דער ביסקופּ נאָסקאָווסקי, וועלכער האָט רעגירט איבער מאַזאָווּשע און איז געווען שטרענג אפילו צו דער שליאַכטע, האָט צעשיקט זיינע מענטשן, זיי זאָלן נישטערן אין יעדן ווינקל צי עס באַהאַלט זיך נישט ערגעץ אויס אַ ייד.

לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן האָט וואָיסלאָוויץ געליטן פֿון פֿאַרשידענע אינוואַזיעס און שריפֿות אויף אַזוי ווייט, אַז עס זענען געווען צייטן, ווען דאָס שטעטל איז אינגאַנצן אויסגעליידיקט געוואָרן און עס איז נישט געווען ביי וועמען איינצומאָנען די שטייערן.

סטאַניסלאַוו פּירלעי אין זיין בוך „טאַטערישע אינוואַזיעס” ברענגט אַ דאָקומענט פֿון יאָר 1621, פֿון קעניגלעכן אַרכיוו אין קראָקע, אין וועלכן עס ווערט געזאָגט: „...וואָיסלאָוויצע, וואָס איז אָפּגעדונגען געוואָרן דורכן קאַשטעלאַן גראַטוס אָוכאַנסקי, איז פֿאַרברענט געוואָרן נאָך דער טאַטערישער אינוואַזיע און עס איז פֿון איר נישטאָ קיין שום הכנסות”.

אין אַזעלכע באַדינגונגען האָט דאָס שטעטל נישט געקענט זיך אַנטוויקלען, און דאָך זעען מיר ווי אין אַ קורצער צייט אַרום קומט ווידער אויף אַ לעבן. אין יאָר 1649, ווען יאַן קאַזשימיעזש האָט צוליב דער קאָזאַקישער אינוואַזיע באַפֿרייט פֿון די שטייערן אויף צען יאָר די איינוווינער פֿון אַ גאַנצער ריי שטעט, געפֿינט זיך צווישן זיי אויך וואָיסלאָוויץ.

צי האָט וואָיסלאָוויץ ווירקלעך פֿאַרנומען אַזאַ וויכטיק אָרט אין דער דעמאָלטיקער ווירטשאַפֿט? אויף וויפֿל מיר קאָנען זיך אָריענטירן אין די באַדינגונגען פֿון יענער צייט האָט דאָס שטעטל נישט געשפּילט קיין באַזונדערע ראָל נישט אין דער ווירטשאַפֿט און נישט אין דער סטראַטעגישער סטרוקטור. די סיבה פֿאַרוואָס דער נאָמען וואָיסלאָוויצע ווערט דאָך דערמאָנט דורך די היסטאָריקער, וועלכע האָבן זיך אויך גענומען די מי צו נישטערן אין די אַרכיוון איז פֿון גאָר אַן אַנדערן געביט, וואָס האָט אינטערעסירט די היסטאָריקער ביים פֿאָרשן די געשיכטע פֿון יענער צייט.

אין 8־טן באַנד „סלאָווניק געאָגראַפֿיטשני” איז פֿאַראַן אַן אַרטיקל פֿון קאַזשימיעזש לעפּשי וועגן וואָיעוואָדע סטאַניסלאַוו גאָלסקי, וועלכער איז צוזאַמען מיט זאַמאָיסקי געגאַנגען הינטער צעצאָרע און האָט דערנאָך אין טערקיי אונטער־געשריבן דעם אָפּמאַך, וואָס האָט געחתמעט פּוילנס גרויסקייט. ער האָט חתונה געהאַט מיט זאַמאָיסקיס אַ קרובה און נאָך איר טויט מיט דער גרעפֿין פּאָטאָצקאַ און איז אין רעזולטאַט פֿון די שידוכים געוואָרן איינער פֿון די רייכע מאַגנאַטן, האָט באַזוכט ענגלאַנד, פֿראַנקרייך, שפּאַניע און איטאַליע. וועגן זיינע באַגעגענישן

אויף די רייזעס און מינדלעכע פּאָליטישע אָפּמאַכן האָט ער אָנגעשריבן אַ גרויס בוך, וואָס האָט צוליב פֿאַרשידענע סיבות נישט זוכה געווען צו זען די עפֿנטלעכע שיין, איז אָבער געהיטן געוואָרן אין די אַרכיוון ווי אַ וויכטיקער אוצר מיט סודות וועגן די פּאָליטישע באַציאונגען און מאַכינאַציעס פֿון יענער צייט. דריי הונדערט יאָר איז דאָס נישט־געדרוקטע בוך געהיטן געוואָרן ביז עס איז פֿאַרברענט געוואָרן בעתן אויפֿשטאַנד אין וואַרשע.

איינצלנע פּוילישע כראָניקער האָבן אין געוויסע צייטן באַקומען אַ צוטריט צום דאָזיקן בוך, פֿון וועלכן זיי האָבן געשעפּט אויטענטישע ידיעות. איינער פֿון זיי איז יוזעף לעשניאָוואָלסקי. אים איז בעיקר געגאַנגען אין פֿאָרשן דעם פּאָליטישן געדאַנק פֿון זאַמאָיסקי און זיינע באַציאונגען מיט די אוקראַינישע מאַגנאַטן און מיטן מאָסקווער צאַר. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז ביי יעדער חתונה, אויף וועלכער זיי האָבן זיך געפֿילט ווי מחותנים, האָבן זיי זיך באַשאָנקען מיט מתנות, אָפּגעבנדיק אין אַרענדע אָדער אויף שטענדיק גאַנצע געגנטן, שטעטלעך און דערפֿער. אַזוי איז וואַיסלאַוויץ אָפּטמאָל איבערגעגאַנגען פֿון איין שליאַכטשיץ צום אַנדערן און עס האָט געטראָפֿן, אַז אין געוויסע באַדינגונגען האָט דאָס שטעטל געהאַט פֿאַרן געגעבענעם שליאַכטשיץ נישט בלויז אַ ווירטשאַפֿטלעכע באַדייטונג, נאָר אויך אַ סטראַטעגישע. פּונקט ווי געלט האָבן די מאַיאָנטקעס גאַנץ אָפֿט געדינט ווי אַ וויכטיקער פּאָליטישער אינסטרומענט.

וואַיסלאַוויץ האָט זיך געפֿונען אין שכנות מיט די מערבֿ־טיילן פֿון אוקראַינע, און לויט לעשנאָוואָלסקין אין זייך בוך „דער פּוילישער באַלקאַן" דערמאָנט ער, אַז עס איז געווען אַ תקופֿה, ווען די דערפֿער און שטעטלעך צווישן הרוביעשאָוו און כעלם האָבן געהערט צום שליאַכטשיץ קריסטאָף קאָשינסקי, וועלכער איז דורכן סיים נאָמינירט געוואָרן צו רעגולירן די מחלוקתן צווישן דער פּוילישער און רוסישער שליאַכטע אויף אוקראַינע. קאָשינסקי איז אַריינגעפֿאַלן אין קאָנפֿליקט מיט יאַנוש קאָסטראַגסקי. אין דער געגנט פֿון וואַיסלאַוויץ זענען פֿאָרגעקומען לאָקאַלע שלאַכטן. נאָך עטלעכע נצחונות פֿון קאָשינסקין איבער די אוקראַינער, איז ער דערמאָרדעט געוואָרן דורך איינעם פֿון זיינע דינער, אַ קאָזאַק, וואָס איז אַריינגעשיקט געוואָרן צו אים דורכן שונא.

דאָס איז פֿאָרגעקומען אין יאָר 1569. דערפֿון איז צו זען, אַז שוין דעמאָלט זענען אין יענער געגנט פֿאָרגעקומען לאָקאַלע שלאַכטן און אינוואַזיעס, וואָס האָבן געבראַכט מיט זיך חורבן און צעשטערונג נאָך איידער עס האָט זיך אָנגעהויבן דער אמתער קאָזאַקישער אויפֿשטאַנד. אין יענער צייט האָט מען נאָך אוקראַינע גערופֿן „דער פּוילישער באַלקאַן", צו וועלכן עס האָבן זיך אויך גערעכנט די געגנטן פֿון הרוביעשאָוו און כעלם. מען דאַרף אָננעמען, אַז במשך פֿון אַזעלכע

תקופות האָבן די יידישע איינוווינער פון יענע שטעטלעך געלעבט אין שרעק און אומרו.

גאָר באַזונדערס האָט די שרעק זיך פאַרשטאַרקט אין דער העלפט פון 17־טן יאָרהונדערט, ווען די קאָזאַקן און טאַטאַרן האָבן געבושעוועט אין יענע געגנטן, אונטערגעצונדן שטעט און דערפער. עס זענען דערפאַר פאַראַן צייט־אָפּשניטן, ווען וואיסלאוויץ ווערט אין ערגעץ נישט דערמאנט. וואַרשיינלעך האָט דאָס שטעטל אין יענע יאָרן אינגאַנצן אויפגעהערט צו עקזיסטירן. די איינוווינער זענען זיך צעלאָפן און עס האָט גענומען צענדליקער יאָרן ביז עס האָבן זיך צוריקגעקערט אַהין אַלטע און נייע איינוווינער, צווישן זיי אויך יידן, וועלכע האָבן אויפסניי אויפגעשטעלט אַ קהילה־לעבן.

אין יאָר 1957 זענען אין וואַרשע פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַרבעטן פון די יונגע היסטאָריקער: קריסטינא ווילגאָט, טאַדעוש ווילגאָט און הענריך גאַוואַרעצקי איבער די שטעטלעך אין לובלינער וואיעוואָדשאַפט און זיי ווידמען אַן אַנגעזען אָרט אויך וואיסלאוויץ. לויט זייערע פאָרשונגען האָט וואיסלאוויץ שוין אין יאָר 1456 עקזיסטירט אַלס שטאָטישער ישוב, אָבער אַכציק פּראָצענט פון דער באַפעל־קערונג זענען תמיד געווען פּויערים. די לעצטע אַרכעאָלאָגישע אויסגראָבונגען האָבן זיך דערשלאָגן צו די פונדאַמענטן פון פאַרטיידיקונג־שלאָס און פאָרשונגען איבער די רואינען פון דער פעסטונג האָבן פעסטגעשטעלט, אַז דער שלאָס איז אויפגעבויט געוואָרן אין דער ערשטער העלפט פון 15־טן יאָרהונדערט לויטן פּאַרנעם פון אַ קעניגלעכן שלאָס.

זיי דערמאנען נישט מיט קיין וואָרט וועגן דער עקזיסטענץ פון אַ יידישן ישוב. זיי זאָגן בלויז, אַז פון די פאַרשידענע אינוואַזיעס און שריפות איז דאָס שטעטל אויסגעליידיקט געוואָרן און די איינוווינער פון פאַרשידענע רעליגיעס זענען אַנטלאָפן אין פאַרשידענע ריכטונגען, אויף מערב און מזרח. דאָס הייסט, אַז צווישן די איינוווינער האָבן זיך געפונען נישט בלויז קאַטאָליקן און פּראַוואָ־סלאַווגע, מעגלעך אויך טאַטערן און טערקן.

נאָענט פונעם שלאָס־באַרג זעט מען די מויערן פונעם פּאַלאַץ פון די פּאַלעטילאָווס, אַ קלאַסישער בנין פונעם אָנהויב פון 19־טן יאָרהונדערט, וויסט און פּאַרלאָזט.

אין שכנות פונעם מאַרק שטייט די פּאַראַפּיע־קירך. דאָס בויען די קירך איז פאַרענדיקט געוואָרן אין יאָר 1608. נאָך דער שריפה אין יאָר 1668 איז די קירך גרינטלעך איבערגעבויט געוואָרן מיט צוויי קאַפּליצעס ביי די זייטן, אָפּהיטנדיק דערביי די ליניעס פון די מויערן אין דער רענעסאַנס־תקופה. דער איבערבוי איז געמאַכט געוואָרן ביים סוף פון 17־טן יאָרהונדערט און זי האָט באַקומען דעם

כאַראַקטער פון דער פּראָווינציעלער באַראָק־אַרכיטעקטור. אינעם גאַנצן בנין איז קענטיק דער סטיל פונעם לובלינער ארכיטעקט וואָיטשעק לענאַרטאָוויטש.

זינט דעם 17־טן יאָרהונדערט איז קענטיק אין שטעטל דער איינפלוס פון לובלין סיי צווישן דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, סיי צווישן דער יידישער. לובלין געפינט זיך דעמאָלט אין פוילן בלי. פון אַלע עקן פוילן קומט מען צופאָרן אַהין אויף די יאַרידן, ווו מען קויפט און מען פאַרקויפט אַלערליי סחורות און מען שליסט געשעפטלעכע אָפּמאַכן. עס זענען געקומען אַהין אויך רייכע יידן, פאַר־שטייער פון פריצישע הייף. עס קומט אויף דער באַרימטער טריבונאַל, וואָס האָט אַנגעוואָרפן אַ שרעק אויף יידן. עס איז כמעט נישט דורך קיין יאָר, ס׳זאָל נישט פאָרקומען אַ משפט איבער באַשולדיקטע אין אַ בלוט־בלבול און דער משפט האָט זיך שטענדיק פאַרענדיקט מיט טויט־אורטייל איבער די באַשולדיקטע יידן. נישט בלויז דער המון נאָר אויך די העכערע שיכטן האָבן געגלויבט, אַז יידן נעמען קריסטלעך בלוט אויף מצות. אין לובלין האָט זיך געשאַפן אַ גאַנצער אַפּאַראַט אַרום די דאָזיקע און אַנדערע משפטים. אַזוי אַרום איז כמעט נישט געווען קיין יידישער ישוב אין יענער געגנט, וואָס זאָל נישט זיין ענג פאַרבונדן מיט ד לובלינער פרנסים און שתדלנים, מיט די רבנים און ראשי־ישיבות.

אַזאַ איז געווען דער געוויינלעכער לעבנסשטייגער פון די יידן אין די שטעטלעך פון יענער געגנט, אויסגעשטעלט אויף בלבולים, איבערפאַלן און סקאַנדאַלן, אָבער דאָס אַלץ ווערט בלאַס אין אָנבליק פון דער מוראדיקער קאַטאַ־סטראָפע, וועלכע האָט געטראָפן די וואַיסלאַוויצער יידן צוגלייך מיט אַלע אַנדערע יידן אין מזרח־דרומדיקן טייל פון פוילן — די גזרות ת״ח ו־ת״ט.

די חיילות פון די קאָזאַקן און טאַטאַרן האָבן זיך אינטערגערוקט פון אוקראַינע און רויט־רייסן אין דער ריכטונג פון הרוביעשאָוו, כעלם און לובלין און געזייט טויט און פאַרניכטונג. ר׳ נתן־נטע האַנאָווער, דער קלאַסיקער צווישן די כראָניקערס פון גזרות ת״ח ות״ט, דערמאָנט נישט אין זיין „יון מצולה" די קאָזאַקישע שחיטה אין וואַיסלאַוויץ, אָבער אַנדערע מקורות רעדן וועגן דעם בפירוש. דער מחבר פון „צוק העתים", דערשינען אין קראָקע, 1650 און אין ווענעדיק, 1656 רעדט וועגן די שחיטות פון די קאָזאַקן אין די שטעטלעך, וואָס ליגן צווישן זאַמאָשטש, שעברעשין, קראַסניסטאַוו, כעלם און טאָמאַשאָוו. די כראָניק פון שמואל־פייוויש פון אין „טיט היון", וואָס באַשרייבט די גזירות אין די יאָרן 1655—1656, דערציילט, אַז כמעט אַלע יידן פון די שטעטלעך אין כעלמער געגנט, פונקט ווי אין כעלם גופא, זענען אויסגעהרגעט געוואָרן.

עס איז שווער צו פאָדערן פון יידישע כראָניקערס פון יענער צייט, זיי זאָלן זיין פּינקטלעך אין אַלע פרטים פון זייער באַשרייבן דעם גרויל פון די קאָזאַקישע

שחיטות. גאַנצע עדות יידן זענען פרי פאַרשניטן געוואָרן, און די איינצלנע כראָניקערס האָבן גענומען אויף זיך די אפאסטאלישע מיסיע צו פאַרשפּרייטן איבער דער וועלט די וויסטע בשורה פון יידישן חורבן. דער טרויער און קלאָג האָבן אָפּט אַריבערגעשוימט און פאַרפלייצט די פּרטים פון די געשעענישן. עס איז אָבער נישט קיין צופאַל, וואָס וואיסלאָוויץ ווערט דורך זיי דערמאנט ווייניקער פון אַנדערע שטעטלעך, ווי שעברעשין, קראסניסטאַוו, כעלם, נישט געקוקט דערויף, וואָס די צאָל יידן איז אין וואיסלאָוויץ נישט געווען קיין קלענערע. אין כעלם זענען אין יענער צייט נישט געווען מער ווי פירהונדערט יידן. דעם ענטפער פאַרוואָס עס איז אַזוי געשען, קאָנען מיר באַקומען פונעם בילד, וואָס עס מאָלט וועגן יענער צייט דער היסטאָריקער פ. יאשעניצא.

דער פוילישער היסטאָריקער פּאַוועל יאשעניצא, וועלכער איז אָנגענומען פאַרן בעסטן קענער פון כמיעלניצקיס מלחמות, דערמאנט אין זיינע פאָרשונגען עטלעכע מאָל דאָס שטעטל וואיסלאָוויצע, ווי אַ פעסטונג פון די טשאַרנעצקיס, די משפחה פונעם גרויסן העטמאַן, וואָס האָט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אין דער געשיכטע פון פוילן. לויט אים האָבן כמיעלניצקיס חיילות עטלעכע מאָל אַטאַקירט וואיסלאָוויץ. די צוויי גרעסטע אָנגריפן זענען געווען אין יאָר 1648 און שפּעטער אין יאָר 1655, ווען די קאָזאַקן צוזאַמען מיט די מאסקאָוויטער האָבן נאָכאַמאָל אָנגעגריפן פוילן און פאַרפלייצט אויך די געגנטן פון זאַמאָשטש, כעלם און לובלין.

ווידמענדיק אַ סך אויפמערקזאַמקייט דעם וואָיעוואָדע סטעפאַן טשאַרנעצקי פּרוּווט יאשעניצא, הגם אַ קאַטאָליק, אָבער מיט „אָביעקטיווע" טענדענצן, אויפקלערן די סיבות פון קאָזאַקן־אויפשטאַנד: ער שילדערט טשארנעצקין אַלס אַ ברוטאַלן טיראַן, וואָס האָט קיינמאָל נישט געהאַלטן זיינע הבטחות, וואָס ער האָט געגעבן דעם פאָלק, די פויערים. קיין שום פאַראָרדענונג האָט נישט באַגרענעצט די פּאַנשטשיזנע, האָט נישט אנערקענט די פויערים דעם חסד צו האָבן אַ צוטריט צו די קעניגלעכע געריכטן. צו די אַלטע רשעותן זענען צוגעקומען נייע. פאַרופנדיק זיך אויף דער כראָניק פון יאַן פאַסעק שילדערט ער די העלדישקייט פון די פויערים אין טשארנעצקיס גיטער און שטעלט זיך אָפּ באַזונדערס אויף וואָיסלאָוויצע, ווו די איינוווינער „נישט געקוקט דערויף, וואָס זיי האָבן געפילט אויף זייער רוקן די בייטש פון טשארנעצקיס דינער, האָבן זיי דאָך נישט פאַראַטן, האָבן זיך העלדיש געשלאָגן. בלויז עלטערע, ווייבער און קינדער האָבן זיך באַהאַלטן אין געדיכטן וואַלד, אויף די שפּיצן בוימער און אין טיפע פאַרמאַסקירטע גריבער. עס האָבן אויך העלדיש געקעמפט די יידן פון שטעטל, כאָטש פוילן איז פאַר זיי נישט געווען קיין גן־עדן און טשארנעצקי איז פאַר זיי נישט געווען קיין דער־

באַרעמדיקער פּאַטער. זיי האָבן נישט באַקומען קיין אויסצייכענונגען כאָטש זיי האָבן געגעבן אַזויפיל קרבנות אין די שלאַכטן פאַר פרייהייט. ווען די שלאַכטן האָבן אויפגעהערט, האָבן זיי זיך אומגעקערט צו זייערע פאַרברענטע כאַלופּעס די זעלבע, וואָס זיי זענען געווען פריער, אָן פּרעטענזיעס אויף אַנערקענונג, אָן טענות פאַר זייערע דערמאָרדעטע זין״...

פון דער דאָזיקער שילדערונג איז געדרונגען, אַז ביים פאַרטיידיקן די וואָיסלאָוויצער פעסטונג האָבן די יידישע איינוווינער גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל צוזאַמען מיט די פּויערים, וועלכע זענען געווען געטריי טשאַרנעצקין, געגלויבט זיינע „אוניווערסאַלן״, אין וועלכע ער האָט געדראָט מיט טויט די פּריצים, וואָס וועלן נישט געבן זייערע פּויערים קיין געווער און צוגעזאָגט זיי פאַרלייכטערונגען אין דער פּאַנשטשיזנע. די פּויערים האָבן אין זייערע יידישע שכנים געזען גלייכע קעמפער קעגן געמיינזאַמען שונא, געהאָלפן אויסבאַהאַלטן די שוואַכע און אַלטע מיט זייערע פרויען און קינדער און וואַרשיינלעך צוזאַמען אָפּגעטרעטן און שפּעטער צוריק אומגעקערט זיך אין פאַרברענטן שטעטל.

יעדנפאַלס איז דער יידישער ישוב אין וואָיסלאָוויץ זייער שנעל ווידער געוואָרן אויפגעשטעלט און עס האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן די אַלטע צרות, די אַלטע שנאה, וואָס איז קולטיווירט געוואָרן דורך די פּריצים און מיעשטשאַנעס און דערפירט צום אינסצעניזירן כלערליי בילבולים קעגן יידן און אויך דעם באַרימטן ריטואַל־מאָרד־פּראָצעס ביים סוף פון 18־טן יאָרהונדערט.

מעןָ קען זיך פאָרשטעלן, אַז די לאַגע פון די יידן, וואָס זענען נאָך דעם גרויסן קאָזאַקישן חורבן צוריקגעקומען קיין וואָיסלאָוויץ, איז געווען אַ גענוג ביטערע. דאָס שטעטל איז געווען חרוב, די הייזער צעשטערט און אין יעדער משפחה זענען געווען געהרגעטע, פאַרפּייניקטע און פאַרגוואַלדיקטע. צו דעם אַלעם איז נאָך צוגעקומען די באַציאונג פון די פּאָליאַקן, וואָס האָט די וואָיסלאָוויצער יידן געמוזט שווער אָנטוישן.

לויט יעדער מענטשלעכער לאָגיק וואָלטן נאָך די געמיינזאַם־דורכגעלעבטע צרות און קעמפן אַקסל־ביי־אַקסל מיטן געמיינזאַמען שונא, וועמענס גרויזאַמקייט האָט זיך געלאָזט פילן אויך די פּאָליאַקן, געדאַרפט אַריינטרעטן ברידערלעכע באַציאונגען, אַ גרייטקייט צו קעגנזייטיקער הילף און מיט געמיינזאַמע כוחות אויפשטעלן די היימען, די חורבות פון שטאָט און דאָרף. אָבער פּונקט ווי אין די שטעט און שטעטלעך פון פּוילן און אוקראַינע, האָבן אויך די וואָיסלאָוויצער יידן געמוזט דורכמאַכן ווייטערדיקע צרות און יסורים דווקא פון זייערע נאָענטסטע שכנים.

נאָך די שחיטות פון די קאָזאַקן און טאַטערן, האָבן זיך באַוויזן אַ ריי באַשול־

דיקונגען קעגן יידן, וואָס האָבן געדאַרפט פאַרשטענדלעך מאַכן דעם קאָזאַקישן צאָרן, וואָס האָט זיך אויסגעלאָדן אין די אוממענטשלעכע יידן־הריגות. די שווערסטע באַשולדיקונג איז געווען, אַז יידן האָבן געפּאַכטעט צערקוועס און דערמיט באַ־ליידיקט די רעליגיעזע געפילן און געררייצט די אוקראַינער. עס האָט געדאַרפט הייסן, אַז די פּריצים האָבן די צערקוועס אָוועקגעגעבן די יידן אין פּאַכט. די יידן האָבן געהאַלטן די שליסלען. האָט אַן אוקראַינער געדאַרפט טויפן אַ קינד, דורכפירן אַ חתונה־צערעמאָניע אָדער אַנדערע רעליגיעזע הצטרכותן, האָט דער ייד געהייסן זיך דערפאַר באַצאָלן.

איידער מיר קומען צו צו די רעזולטאַטן פון דער דאָזיקער באַשולדיקונג אויף די וואָיסלאָוויצער יידן, לאָמיר זען פונוואַנען די באַשולדיקונג קומט און ווי אַזוי עס קוקן אויף איר די היינטצייטיקע פּוילישע היסטאָריקער.

סטאַניסלאַוו ווערקאַ, אַ ספּעציאַליסט פאַר דער געשיכטע פון אוקראַינע, וועלכן מען קען נישט חושד זיין אין ליבשאַפט צו יידן, ברענגט דעם ערשטן קוואַל פון דער דאָזיקער באַשולדיקונג, אַ בראָשור, וואָס עס האָט אַרויסגעגעבן דער גלח פּאַוועל רושעל, אַ דאָמיניקאַנער. דאָרט ווערט באַשריבן, ווי אַזוי לובלין איז על־פּי־נס אָפּגעראַטעוועט געוואָרן דעם 10־טן נאָוועמבער 1648 פון אַ קאָזאַקישן אָנפאַל.

אין קאָשטשאָל פון די דאָמיניקאַנער האָט זיך געפונען אַ שטיק האָלץ פון אַ קרייץ, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ סימבאָל פונעם גרויסן וווּנדער... נאָך האַלבער נאַכט האָט אויפן הימל איבערן קאָשטשיאָל זיך באַוויזן אַ גרויס ליכט, וואָס האָט געלויכטן אַן ערך אַ האַלבע שעה. ווען באָגדאַן כמיעלניצקי האָט מיט זיינע קאָזאַקן זיך דערנעענטערט צו דער שטאָט און זיי האָבן דערזען דאָס ליכט אויפן הימל, האָבן זיי פאַרשטאַנען די וואָרענונג און זענען באַצייטנס אַוועק, האָבן זיך צוריקגעצויגן און די שטאָט איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן.

דעם 25־טן מערץ 1649 איז אין דאָמיניקאַנער קלויסטער צונויפגעשטעלט געוואָרן אַן אָפיציעלער אַקט וועגן דאָזיקן נס און ניין עדות האָבן דאָס באַשטעטיקט מיט אַ שבועה און אונטערגעשריבן. די עדות זענען נישט געווען קיין געוויינלעכע בשר־ודמס, נאָר האָבן געהערט צו די אָנגעזעענסטע קריסטן אין שטאָט. בעת דער שבועה האָבן זיי דערקלערט, אַז זיי האָבן עס געהערט פון נאַכט־וועכטער, וועלכע האָבן עס געזען מיט זייערע אייגענע אויגן. זיי האָבן איבערגעגעבן, אַז פון דער ליכטיקייט האָט זיך פאַרמירט אַ שווערד מיטן שפּיץ צו זאַמאָשטש און מיטן הענטל און צלם צו לובלין. פון שפּיץ איז אַרויס אַ פייערדיקע פייל, וואָס איז שנעל געלאָפן צו זאַמאָשטש. דאָס איז געשען נאָך אַ רעליגיעזער פּראָצעסיע, וואָס די דאָמיניקאַנער האָבן דורכגעפירט, אויפן פאַרלאַנג פונעם מאַגיסטראַט, כדי גאָט

זאָל שיצן די שטאָט קעגן שונא. אין דער פּראָצעסיע האָט מען געטראָגן דאָס ווונדער־שאַפנדיקע שטיק האָלץ פונעם צלם.

דאָס זעלבע שטיקל צלם האָבן די קאָזאַקן און דאָס רוסישע מיליטער אין יאָר 1655 צוגענומען און אַוועקגעשיקט קיין מאָסקווע. אין פּויליש־רוסישן שלום־אָפּמאַך פון יאָר 1667 איז נאָך לענגערע דיפּלאָמאַטישע אונטערהאַנדלונגען ספּעציעל דערמאנט געוואָרן, אַז רוסלאַנד דאַרף אומקערן פּוילן דעם דאָזיקן צוגענומענעם טייל פונעם צלם.

אין אָט דער בראָשור וועגן לובלינער „נס" דערציילט גלח רושעל, אַז אין אַ ריי שטעטלעך נישט ווייט פון לובלין דערלויבט מען נישט די פּראַוואָסלאַוונע חתונה־האָבן און טויפן קינדער, אויב זיי באַצאָלן נישט פריער דעם ייד אַ ספּעציעלן שטייער. דער גלח גיט צו, אַז דאָס שלכטס איז באַזונדערס גרויס, ווייל עס איז דאָך באַוווסט, אַז יידן זוכן בלוט פון קריסטלעכע קינדער.

דער פּוילישער היסטאָריקער שטעלט זיך אָפּ אויף די לעצטע ווערטער פונעם דאָמיניקאַנער און מאַכט דעם אויספיר, אַז דאָס באַווייזט די פּרימיטיווקייט פונעם גלח רושעל און מען מוז זיך פרעגן צי די מעשה פון פאכטן צערקוועס פאַרמאָגט אין זיך אַזויפיל אמת ווי די מעשה, אַז יידן נוצן קינדיש בלוט. ווערקא איז נישט דער ערשטער, וואָס צווייפלט אינעם אמת פון גלח רושעל. פאַר אים האָבן ערנסטע רוסישע היסטאָריקער אים אויסגעלאַכט.

אָבער אין יענער צייט איז די לופט אין לובלין און אין דער אַרומיקער געגנט געווען פאַרפּעסטעט מיט די שענדלעכסטע בלבולים קעגן יידן. אין לובלין האָט אַמטירט דער קרוין־טריבונאַל, ווו עס זענען פאָרגעקומען אַ ריי עלילת־דם־פּראָצעסן. דאָרט זענען פאָרגעקומען די „אויספאָרשונגען", פּייניקונגען און עקזעקוציעס, די בראָשור איז, ווי אַ סך אַנדערע אַנטיסעמיטישע אויסגאַבעס, געדרוקט געוואָרן אין אַ יעזואיטישער דרוקעריי, וואָס האָט געליפערט דעם סאָרט ליטעראַטור און אים פונאַנדערגעשפּרייט אין דער גאַנצער געגנט.

דאָס האָט זיך געצויגן אויך אַ סך יאָרן נאָך די קאָזאַקישע שחיטות און די העצע איז דערגאַנגען אויך קיין וואָיסלאָוויץ. די יידן אין וואָיסלאָוויץ האָבן עס געמוזט שטאַרק אָפּפילן, כאָטש קיינער פון זיי האָט נישט געפאַכטעט קיין צערקווע.

ווי אַזוי עס האָבן אויסגעזען די רעזולטאַטן קען מען דרינגען אויך פונעם דאָקומענט, וואָס דער היסטאָריקער פ. יאשעניצא האָט אָפּגעפונען אין אַרכיוו פון וראָצלאַווער שטאָט־ראַט. אין יענער צייט האָט די שטאָט געהייסן ברעסלאַו און האָט אויבנאויף פריינדלעך אויפגענומען פּוילישע בירגער, וואָס האָבן געפירט אַ האַנדל מיט שלעזיע און אָפּט זיך דאָרט באַזעצט. עס ווייזט זיך אָבער אַרויס, אַז אין דער זעלבער צייט איז געפירט געוואָרן אַ באַזונדערע עווידענץ וועגן דער נאַציאָנאַ־

ליטעס, אַפּשטאַם און כאַראַקטער פון די אַלע, וואָס זענען געקומען פון פוילן. אין אַ רשימה פון דריי־הונדערט פּוילישע בירגער זענען מער ווי אַ העלפט יידן. צווישן זיי ווערט דערמאנט אַ יידישע משפחה פון פינף פּערזאָן, לעווקאָוויטש, וואָס איז געקומען פון וואָיסלאָוויצע, ווי אויך אַן איינצלנער ייד, גענדזלער, פון אוכאַן. צו זייער כאַראַקטעריסטיק ווערט צוגעגעבן, אַז זיי זענען געקומען אין קאָנפליקט מיט אוקראַאינער צוליב רעליגיעזע רדיפות. אין די פּערסאנאַליען איז פאַראַן דער אינטערעסאַנטער פּרט, אַז די יידן האָבן געפירט האַנדלס־טראַנזאַקציעס מיט ברעסלאָוער סוחרים און האָבן צווישן זיי אַ שם אַלס סאָלידע מענטשן.

אמוואַרשיינלעכסטן זענען וואָיסלאָוויצער יידן געפאָרן אויף די באַרימטע יאַרידן, וואָס זענען אין יענער צייט פאָרגעקומען אין ברעסלאָו, האָבן געקענט דאָס דייטשע עפנטלעכע לעבן און געווען געניט אין געריכט־ענינים. ווען זיי האָבן זיך אין שטעטל געפונען אין אַ שווערער לאַגע און האָבן איינגעזען אַז זייער לעבן איז אין געפאַר, זענען זיי אַוועק קיין ברעסלאָו און מער זיך נישט צוריקגעקערט.

נישט אַלע אָבער האָבן געהאַט אַזעלכע מעגלעכקייטן צו אַנטלויפן. מען דאַרף דערפאַר אָננעמען, אַז אין יענער צייט איז די לאַגע פון די יידן אין וואָיסלאָוויץ געווען אַ שווערע. זיי האָבן געליטן סיי פון די אוקראַאינער, סיי פון די פּאָליאַקן, כאָטש מען האָט נישט געהאַט זיי וואָס פאָרצוואַרפן, אָבער די לופט איז געווען פול מיט גאַל, גיפט און בלבולים.

נאָך די גזירות און אומגליקן פון דער צווייטער העלפט 17־טן יאָר־הונדערט האָט זיך דאָס יידישע לעבן אין די שטעטלעך אַרום כעלם און לובלין ווידער קאָנסאָלידירט. אמת, עס איז נישט באַוווּסט וויפל יידן עס האָבן זיך דעמאָלט געפונען אין וואָיסלאָוויץ, אָבער לויט דעם פינף און מער פּאַכיקן וווּקס פון דער יידישער באַפעלקערונג אין כעלם און לובלין, ווי אויך אין אַ ריי קלענערע שטעטלעך, ווי שעברעשין, קראַסניסטאַוו א.א. קען מען אָננעמען, אז אויך אין וואָיסלאָוויץ האָט זיך די יידישע באַפעלקערונג פאַרגרעסערט. אין דער ציילונג פון יאָר 1765 האָט מען אין כעלעמער קרייז פאַרנאָטירט אַן ערך צען טויזנט יידן. אין דער ציילונג האָט מען נישט אַריינגענומען קיין קליינע קינדער ביזן פאַרענדיקן דעם 1־טן לעבנסיאָר. דאָס איז געווען דערפאַר ווייל זיי האָבן נישט געדאַרפט צאָלן קיין קאָפּ־שטייער און די מלוכהשע צענזוס־באַאַמטע האָבן זיי נישט אַריינגענומען אין דער סטאַטיסטיק. צו די צען טויזנט יידן דאַרף מען נאָך צורעכענען אַ געוויסן פּראָצענט פון אַזעלכע, וואָס האָבן אויסבאַהאַלטן פון די באַאַמטע די ריכטיקע צאָל פון זייערע משפחה־מיטגלידער. עס זענען געווען שטעטלעך, ווו די באַאַמטע האָבן באוויזן צו פאַרנאָטירן קוים

אַ העלפֿט פֿון דער אמתער צאָל קינדער ביי ייִדן. דאָס גיט אַ רעכט צו גלויבן, אַז אין וואָיסלאָוויץ זענען אין יענע יאָרן געווען פֿיל מער ייִדן ווי אין די שפּעטערדיקע יאָרהונדערטער. וואַרשיינלעך זענען דורך די טיילונגען פֿון פּוילן צעשטערט געוואָרן די אַמאָליקע האַנדל־שליאַכן אוןווירטשאַפֿטלעכע פֿאַר־בינדונגען, פֿון וועלכע עס האָבן אין יענער צייט גענאָסן אויך די ייִדן אין וואָיסלאָוויץ. דאָס שטעטל איז מיט דער צייט געוואָרן אַלץ מער פֿאַרבונדן מיט כעלם, און די נייע ווירטשאַפֿטלעכע סיטואַציע, די נייע האַנדל־וועגן זענען נישט געווען גינסטיק פֿאַר דער כעלמער געגנט, וועלכע איז געלעגן אין פֿאַרשטופּטן מזרח־דרומדיקן ווינקל פֿון קאָנגרעס־פּוילן און די ייִדן האָבן זיך געמוזט זוכן נייע פּרנסה־קוואַלן. נייע וווין־ערטער, אָפֿט טיפֿער אין רוסלאַנד.

עס איז געקומען דער פּוילישער אויפֿשטאַנד פֿון יאָר 1863.

אין פּאָליטישער הינזיכט איז די כעלמער געגנט געוואָרן אַ נעוורוראַלגישער פּונקט. די רוסישע רעגירונג האָט דאָ אָנגעהויבן אַ שטאַרקע רוסיפֿיקאַציע־פּאָליטיק. עס האָבן דאָרט געוווינט אַ סך גריכיש־קאַטוילישע פּויערים און די רוסן האָבן אויף זיי אויסגעאיבט אַ שטאַרקן דרוק, זיי זאָלן פֿאַרלאָזן די אוניאַטישע קירך און ווערן גריכיש־אָרטאָדאָקסיש. אין יאָר 1875 איז אָפֿיציעל די אוניאַטישע קירך פֿאַרבאָטן געוואָרן און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פֿאַרביטערטער דרייסיק־יאָריקער קאַמף מצד די קאַטאָליקן און גריכיש־קאַטוילישע רוטענער קעגן דער רעגירונג, מיט בלוטיקע דעמאָנסטראַציעס, שטרייקן, אַרעסטן, אַ פֿאַרביטערטע פּרעסע־קאַמפּאַניע א. א. וו. כדי צו פֿאַרפֿעסטיקן די רוסיפֿיקאַציע האָט מען אין די רוסישע רעגירונג־קרייזן שוין ביים סוף פֿון די 80־קער יאָרן פֿון 19־טן יאָר־הונדערט געאַרבעט איבער אַ פּלאַן צו שאַפֿן אַ באַזונדערע כעלעמער גובערניע און פֿאַרייניקן זי מיט רוסלאַנד. דער ענין האָט זיך צוליב פֿאַרשידענע סיבות פֿאַרשלעפּט און ערשט דעם 1־טן יאַנואַר 1913 האָט די רוסישע דומע אָנגענומען זייער באַשלוס צו שאַפֿן אַ באַזונדערע גובערניע.

ווידער האָט די פּוילישע עפֿנטלעכקייט געשטורעמט, אָרגאַניזירט פּראָטעסטן אין אויסלאַנד. די כעלמער געגנט איז באַזונגען געוואָרן ווי אַ ריין־פּוילישע דורך פּאָליטיקער און שרייבער, אָבער די ייִדן איז דערפֿון קיין געזונט נישט צוגעקומען. די אַלע פּאָליטישע שפּאַנונגען האָבן נישט בייגעטראָגן צו דער ווירטשאַפֿטלעכער סטאַביליזאַציע און אַנטוויקלונג פֿון די ייִדישע ישובים אין יענער געגנט. עס איז געוואַקסן די נויט און די אָרעמקייט. זייער לאַגע איז מיט דער צייט געוואָרן אַלץ שווערער און טרויעריקער. יעדע שׂריפֿה, יעדע מגפֿה האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך וויסטעניש. דעם זעלבן גורל האָט אויך געהאַט וואָיסלאָוויץ.

## חסידות און השכלה

אין דער ערשטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט האָבן זיך די יידן פון וואָיסלאָוויץ געפונען אונטער דער השפעה פון דער חסידישער באַוועגונג און באַזונדערס האָט זיך דאָ פאַרשפרייט דאָס חסידות פון די רבישע הויפן פון בעלז און פון טריסק.

עס זענען נישטאָ קיין שום ידיעות וועגן דער השפעה פון דער השכלה. די וואָיסלאָוויצער קהילה האָט זיך נישט באַטייליקט אינעם צוזאַמענפאָר פון קהילות־פאָרשטייער, וואָס איז פאָרגעקומען אין יאָר 1847 אונטער דער השפעה פון דער לעמבערגער קהילה, אין וועמענס שפּיץ עס זענען געשטאַנען פאָרשטייער מיט אַקאַדעמישער בילדונג.

עס זענען אויך נישטאָ קיין גענויע פּרטים אויף ווי ווייט עס האָבן משפיע געווען אויף די וואָיסלאָוויצער יידן די געשעענישן פון יאָר 1848. אין דער פּרעסע פון יענער צייט געפינט זיך נישט קיין שום ידיעה פון וואָיסלאָוויץ, וואָס וואָלט געקענט אָנווייזן דעם איינדרוק, וועלכן עס האָבן דאָרט געשאַפן די געשעענישן אויפן פּאָליטישן און אַלגעמיינעם פראָנט אין יאָר 1848.

די דאָזיקע געשעענישן האָבן אַרויסגערופן אַ שטורעם צווישן די יידן אין די שטעט און שטעטלעך פון פּוילן און גאַליציע, און זיכער איז עס נישט דורך אומבאַמערקט צווישן די יידן אין וואָיסלאָוויץ. עס זאָגן דערויף עדות די מעשיות און לעגענדעס וועלכע ער דערציילן די געבוירענע אין וואָיסלאָוויץ: ר׳ יעקב טענענבוים ז״ל און יבדלו לחיים ארוכים ר׳ מענדל שאפער און ר׳ לייבל רייז, וועלכע גיבן איבער דאָס, וואָס זיי האָבן איבערגענומען פון זייערע עלטערן און פון זייער אייגענעם איבערלעבן און מיטלעבן אַלץ וואָס איז פאָרגעקומען אין שטעטל.

**שמעון קאַנץ**



**משה שטראסבערגער**



# דער
# עלילת־דם אין יאר 1760
# אויף די יידן אין וואיסלאוויץ

ין „די געשיכטע פון דער פראנקיסטן־באַוועגונג” פון מ. באלאבאן פאַרנעמט אַן אָרט דער עלילת דם אין וואָיסלאָוויץ. אויפן סמך פון אַ ריי דאָקומענטן באַשרייבט דער היסטאָריקער דעם פאַרלויף פונעם בלוט־בילבול און דעם משפט, וואָס עס איז פאָרגעקומען איבער וואָיסלאָוויצער יידן.

וואָיסלאָוויץ, היינט אַ קליין שטעטעלע אין קראַסנאָסטאַווער ראַיאָן, איז אין יענע יאָרן געווען פיל גרעסער, מיט אַ געדיכטער יידישער באַפעלקערונג. וועמענס רב איז געווען ר׳ הירש יוזעפאָוויטש. די שטאָט האָט געהערט צו דער קאַשטעל־יאַנערין קאַמינסקא־קאָזאקאָווסקא. לויט דעם היסטאָריקער בער באָליכאָווער האָט זי געהייסן פאַטאָצקא און זי האָט זיך מיט אַ סך התלהבות פאַרנומען מיט די פראַנקיסטן אין לעמבערג, און איז געווען נאָענט באַפריינדעט מיט פראַנקס ווייב און קינדער. אין אירע גיטער האָט זי באַזעצט מיט פראַנקיסטן. לויט די אויספירן פון בער באָליכאָווער, האָבן די דאָזיקע פראַנקיסטן דערפירט צו דעם שרעקלעכן אומגליק. זיי האָבן פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג געפאָדערט צוויי טויזנט גולדן און דערביי געדראָט, אַז אויב זיי וועלן נישט באַקומען דאָס געלט, וועלן זיי פאַרמסרן די קהילה פאַר דער מאַכט. זיי האָבן דאָס געלט נישט באַקומען און האָבן דערפאַר געדראָט מיט שווערע קאָנסעקווענצן. אין אַ געוויסן מאָמענט האָבן זיי פאַרכאַפט אין געהיים אַ קריסטלעך קינד, געמאָלדן דער קהילה־פאַרוואַלטונג, אַז די יידן אין וואָיסלאָוויץ הרגענען קריסטלעכע קינדער, כדי צו נעמען זייער בלוט אויף מצות. נישט באַקומענדיק קיין תשובה פון דער קהילה האָבן די פראַנקיסטן דערהרגעט דאָס קינד און עס אונטערגעוואָרפן אין אַ שטוב פון אַ וואָיסלאָוויצער ייד.

לויט דעם אורטייל, וואָס איז געבליבן אין די געריכטס־אַרכיוון פון יענער צייט ווערט דער ענין פאָרגעשטעלט אויפן פאָלגנדיקן אופן:

„דעם 27־טן מערץ אין יאָר 1760 איז פאַרלוירן געגאַנגען אין וואָיסלאָוויץ

אַ קריסטלעך קינד פון צוויי און אַ האַלב יאָר, מיקאַליי אנדזשעיוק. נאָך עטלעכע וואָכן האָט אַ הונט, וואָס האָט גענישטערט אין מיסט, אַרויסגעצויגן דעם קערפּער פֿונעם קינד. דער פּריער יעדינאַק האָט געפֿונען דעם קערפּער און געבערענגט עס אין שטאָט אַריין, פֿון וואַנען די מאַכט האָט עס ארבערגעשיקט קיין קראַסנאָסטאַוו. דער חשד איז געפֿאַלן אויף די וואָיסלאָוויצער יידן: סענדער זוסקעלניק, דער זון פֿון זוסקינד, די זקנים: לייב מאשקאָוויטש און יאסי שמולעוויטש, דער רב ר׳ הירש יוזעפּאָוויטש, דער צאָל־פּאכטער פֿון טשארנאלאזי, לייב שמולעוויטש. אַלע זענען; זיי אַרעסטירט געוואָרן און געשמידטע אין קייטן אָפּגעפֿירט קיין קראַס־נאָסטאַוו.

אַ ספּעציעלער שליח פֿון געריכט, סטאַניסלאַוו וואדאוויצקי האָט אויסגערופֿן אין אַלע פֿיר עקן פֿון מאַרק אין קראַסנאָסטאַוו וועגן דעם שווערן פֿאַרברעכן פֿון די אומגלויביקע יידן. די אַרעסטירטע זענען געזעסן אין באַזונדערע קאַמערן און די גאַנצע צייט פֿון דער אויספֿאָרשונג און פֿונעם פּראָצעס האָט מען נישט צוגעלאָזט צו זיי קיינעם פֿון די קרובים. דאַקעגן זענען יעדן טאָג געקומען צו זיי קריסטלעכע יעזואיטן, גלחים, וואָס האָבן געפּרוּווט זיי איבעררעדן צום שמד.

עס איז אויך געזוכט געוואָרן דער צאָל־פּאכטער פֿונעם דאָרף סטולשטשע, ישראל וועלכן די פּאָליציי האָט געוואָלט אַרעסטירן, אָבער נישט געפֿונען.

דער פּראָצעס האָט זיך אָנגעהויבן אין קראַסנאָסטאַוו. אין נאָמען פֿון די וואָיסלאָוויצער פּויערים איז אַרויסגעטראָטן דער אַגענט דאמבסקי. אין נאָמען פֿון די יידן — יצחק בן־נתן פֿון זאַמאָשטש. די ריכטער מיט די עדות זענען אַוועק אויפֿן אָרט, ווו עס האָט געזאָלט פֿאַרקומען דאָס געשעעניש און דאָרט האָט מען באַשווירן: משה אבושאק און שמואל וואלפּאָוויטש פֿון וואָיסלאָוויץ. פֿון די עדות איז נישט געפֿאָדערט געוואָרן קיין שום באַוויַז, אַז זיי זאָגן אמת וועגן דעם בילבול. די ריכטער האָבן אַליין פֿעסטגעשטעלט די שולד פֿון די יידן. סענדער זיסקינדן האָט מען צוגעשריבן כּל־מיני פֿאַרברעכנס, וואָס זענען מכלומרשט אָפּגעטאָן געוואָרן אין וואָיסלאָוויץ אין פֿאַרשידענע צייטן. מען האָט אים פֿאָרגעוואָרפֿן, אַז ער האָט געקויפֿט קריסטלעכע קינדער. פֿאַרשטייט זיך, אַז עס איז דערויף נישט געווען קיין שום באַוויַז. פֿאַר די ריכטער איז גענוג געווען אויב עמיץ פֿון די עדות האָט אַזעלכעס דערציילט און מען האָט אפילו נישט געפֿאָדערט פֿון אים, ער זאָל שווערן. אויפֿן יסוד פֿון די באַשולדיקונגען האָט דאָס געריכט צונויפֿגעשטעלט דעם באַשולדיקונגס־אַקט, אין וועלכן עס זאָגט זיך:

„דער קהל אין וואָיסלאָוויץ האָט זיך צונויפֿגערעדט מיט אייניקע יידן פֿון די אַרומיקע שטעט און אפילו מיט באַפֿולמעכטיקטע פֿונעם קהל אין כעלם, און היות די יידן האָבן געוווּסט, אַז דאָס קינד אנדזשעיוק דרייט זיך אַרום אין דאָרף

אַן אַן אויפֿזיכט, האָבן זיי באַפֿוילן דעם צאַל־פֿאַכטער פֿון סטולטשע, ער זאָל פֿאַרכאַפּן דאָס קינד. יענער איז געקומען רייטנדיק אויף אַ פֿערד, פֿאַרכאַפּט דאָס קינד, באַהאַלטן אים אין די פּאָלעס פֿון מאַנטל, געבראַנגט אים קיין טשאַרנאַלאָזי און האָט אים דאָרט איבערגעגעבן דעם צאַל־פֿאַכטער שמולאָוויטש. ביינאַכט האָבן זיי איבערגעפֿירט דאָס קינד קיין וואָיסלאָוויץ און באַהאַלטן אים איבעם אויוון פֿונעם ראש הקהל, יוסי שמולאָוויטש. אין דער זעלבער נאַכט האָבן זיך צונויפֿגעזאַמלט די עלטסטע פֿון קהל צוזאַמען מיטן רב און האָבן געשאָכטן דאָס קינד לויט די פֿאָרשריפֿטן פֿון תלמוד. דער מוהל האָט אויסגעזויגן דאָס בלוט און האָט דעם קערפּער אונטערגעוואָרפֿן נאָענט פֿון זיין פֿאָטערס הויז. דאָס בלוט איז פֿונאַנדערגעשיקט געוואָרן צו די קהילות: בראָד, כעלם, ראַיוּוויץ, קראַסנאָטשין א.א.״.

נאָכן צונויפֿפּשטעלן דעם באַשולדיקונגס־אַקט האָט מען געדאַרפֿט צווינגען די באַשולדיקטע, אַז זיי זאָלן זיך מודה זיין אין די פֿאַרברעכנס. צו דער דיספּאָזיציע פֿונעם געריכט זענען געשטעלט געוואָרן מכשירים צו טאָרטורן און אַ תלין. בעת די פּייניקונגען האָט מען אויסגעדרייט די אברים פֿון די באַשולדיקטע, פֿאַרווונדעט זייערע קערפּערס און אַריינגעגאָסן ברענענדיקן ספּירט אין זייערע וווּנדן, וואָס האָבן געברענט ווי אַ פֿייער, אָבער די באַשולדיקטע האָבן אויסגעהאַלטן די פּייניקונגען און האָבן זיך נישט מודה געווען. דאָס געריכט האָט זיך אָבער נישט גערעכנט דערמיט און באַשולדיקט די יידן און אַרויסגעטראָגן דעם אורטייל צו צעשפּאַלטן זייערע קערפּערס לעבעדיקערהייט און אויפֿצוהענגען די שטיקער פֿון זייערע קערפּער אויף די סלופּעס פֿון די וועגן. דער רב פֿון דער שטאָט וואָיסלאָוויץ האָט נישט אויסגעהאַלטן די יסורים און איז געשטאָרבן אין דער תפֿיסה, אָבער דאָס געריכט האָט פֿעסטגעשטעלט, אַז דער רב איז באַגאַנגען זעלבסמאָרד און האָט באַפֿוילן צוצובינדן זיין קערפּער צו אַ וויינדל פֿון אַ פֿערד און שלעפּן אים איבער די גאַסן. דערנאָך האָט מען צעשניטן זיין קערפּער און שטיקערווייז פֿאַרברענט און דאָס אַש צעשיט דורך אַ שאָס פֿון אַ האַרמאַט.

די קאַשטאַליאַנערין קאַזאַקאָווסקאַ־פּאָטאָצקאַ, ווערט דערציילט, האָט נישט געקענט צוזען די פּיין פֿון די באַשולדיקטע און האָט זיך געבעטן ביי זיי, אַז זיי זאָלן זיך מודה זיין אין זייער שולד. אויך בשעתן אַרויסטראָגן דעם אורטייל האָט מען נישט אויפֿגעהערט צוצורעדן די יידן, אַז זיי זאָלן איבערגיין צום קריסטנטום. לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן האָט מען זיי צוגעזאָגט צו באַגנעדיקן אויב זיי וועלן זיך שמדן. צוויי פֿון זיי האָבן זיך איינגעבראָכן, אָבער דערנאָך האָבן זיי זיך דערוווּסט, אַז דער אורטייל איבער זיי וועט נישט אָפּגערופֿן ווערן און האָבן חרטה געהאַט אויפֿן שמד און האָבן זיך אומגעקערט צום יידנטום. די דאָזיקע צוויי יידן האָט מען אַרויסגעפֿירט אויפֿן מאַרק פֿון שטאָט, וווּ מען האָט זיי עפֿנטלעך

אַפּגעשניטן די קעפּ. אויך דער דריטער ייד, ווען ער האָט געזען דעם תלין מיט דער האַק און מיט דעם ראָד אויסצודרייען די אברים, האָט זיך איינגעבראָכן און מסכים געווען צו שמדן זיך. אָבער דאָס האָט אים גאָרנישט געהאָלפן און מען האָט אים אָפּגעשניטן דעם קאָפּ. בלויז דער פערטער ייד, אַן אַלטער, איז געבליבן גלייכ־גילטיק צו אַלע דראָאונגען, אָן מורא און אָן פחד האָט ער זיך איבערגעגעבן אין די הענט פון תלין, און ווען ער האָט אים אָוועקגעלייגט, האָבן פאַר אים געקניט די גלחים און געבעטן ער זאָל אָפּזיפּצן און בעטן צו גאָט, על זאָל אים מוחל זיין. אַלס ענטפער האָט דער ייד אויפגעהויבן די אויגן צום הימל און די גלחים האָבן אין דעם געזען אַ הסכמה צום שמד. זיי האָבן זיך דערפאַר אויפגעשטעלט און אים געטובלט אַלס קריסט. דערנאָך האָט מען אים אָפּגעשניטן דעם קאָפּ. די קערפּערס פון די יידן האָט מען שפּעטער מיט דער קריסטלעכער צערעמאָניע באַגראָבן אינעם הויף פון דער אָרטיקער קירך.

בער באָליכאָווער דערמאָנט נישט אין זיין באַשרייבונג, אַז די פאַרמשפּטע האָבן פאַרן טויט זיך געשמדט. אָבער ער גיט איבער, אַז נאָכן אומברענגען זיי האָט מען אַרעסטירט זייערע פרויען און קינדער און מען האָט זיי שטאַרק געפּייניקט ביז זיי האָבן זיך געשמדט. אויך די רביצין, די פרוי פונעם וואָיסלאָוויצער רב. האָט צוליב אָפּזאָגן זיך צום שמדן באַקומען הונדערט שמיץ.

די ידיעה וועגן דעם עלילת דם איז זיך צעגאַנגען איבערן גאַנצן לאַנד און אומעטום האָט מען דערקלערט אַ תענית. אין לוואָוו האָט דער רב ר׳ ח. כ. ראַפּאַפּאָרט געהאַלטן אַן אַזכרה־דרשה, האָט באַקלאָגט די וואָיסלאָוויצער קדושים.

אין יענע יאָרן האָבן די פראַנקיסטן געפירט אין לוואָוו פאַרביסענע וויכוחים מיט די יידישע רבנים און צוליב דעם האָבן זיי נישט אויפגעהערט צו פאַרטראַכטן פאַרשידענע בילבולים אויף יידן און אויך דער עלילת דם האָט זיי געדינט ווי אַ באַווייז קעגן די רבנים. אין קרויזהאַרס בוך „פראַנק און זיין עדה” ווערט געברענגט, אַז דעם 21־טן יוני 1761 האָט פראַנקס אַ תלמיד, פּאַוועל פּאָוולאָווסקי באַקומען אַן אינסטרוקציע צו פאַרנעמען זיך מיטן ענין וואָיסלאָוויץ.

אין יענער צייט איז פאָרגעקומען אויך אַ שרעקלעכער בילבול אויף די יידן אין זשיטאָמיר, אַז זיי זאָלן האָבן כלומרשט דערמאָרדעט מאַרטשין סטודענסקי. דאָס איז געווען אַ יאָר נאָך דעם בלוט־בילבול אין וואָיסלאָוויץ. דאָ ווערט אויך געברענגט בקיצור דער פאַרלויף פונעם פּראָצעס און עס ווערט דערמאָנט, אַז די גרעפין קאַסקאָווסקא האָט געשטיצט פראַנקן מיט זיין עדה.

אויך דער היסטאָריקער, פּראָפעסאָר גרעץ, דערמאָנט די ווערטער פון הרב יעבץ, לויט וועלכע די פראַנקיסטן אין וואָיסלאָוויץ האָבן געשיקט זייערע מענטשן צום קאַטוילישן גלח און דערציילט, אַז די רביצין איז זיך געקומען מודה זיין אויף

אירע זינד, אַז זי און איר מאַן דער רב און נאָך עטלעכע יידישע איינוואוינער פון שטעטל האָבן דערמאָרדעט עטלעכע קריסטן, כדי צו נוצן זייער בלוט פאַר רעליגיעזע צערעמאָניעס. מען האָט געכאַפּט די באַשולדיקטע און זיי שרעקלעך געפּייניקט און דערנאָך אומגעברענגט. דער אורטייל איז אויסגעפירט געוואָרן אין חודש אלול, סעפטעמבער 1761. די רביצין איז געצוואונגען געוואָרן צום שמד. אירע קינדער און די איבעריקע יידישע איינוואוינער זענען אנטלאָפן.

דאָס האָט איבערגעגעבן ר׳ ליפּמאַן כהן דעם הרב יעבץ. פון הרב הגאון מהר״י לעווענשטיין פון סעראצק ווערט איבערגעגעבן פאָלגנדעס:

„איך האָב געהערט פון הרב ר׳ דוד אבד״ק וואָיסלאָוויץ, איז אין יאָר תק״ך האָט אַן אַרענדע־פאַכטער מיטן נאָמען אייזיק, געשיקט אַ קריסט קיין כעלם מיט געלט צו באַצאָלן דעם גוט־אייגנטימער דעם אָפּצאָל פאַר דער אַרענדע. דער קריסט איז געהרגעט געוואָרן ביים אַרויסגיין פון שטאָט און מען האָט ביי אים צוגענומען דאָס געלט. אין חול המועד פסח האָט מען אים געפונען און אייניקע קריסטן האָבן עדות געזאָגט, אַז ר׳ אייזיק מיטן קריסט זענען צוזאַמען געגאַנגען צום רב מו״ה אלעקסאַנדער־סענדער פון אפטא, וואָס איז דאָרט דער אב בית־דין, און ביים רב אין שטוב האָט דער שמש געשאָכטן דעם קריסט. די יידן האָט מען דעמאָלט אַרעסטירט און מען האָט זיי געוואָלט פאַרמשפטן צום טויט, אָבער מיט גרויס מי איז געלונגען זיי צו באַפרייען״.

לייט דער ווערסיע איז דער עלילת דם געווען נישט איבער אַ קינד, נאָר איבער אַ דערוואַקסענעם. גאַנץ מעגלעך, אַז עס זענען געווען צוויי אַזעלכע פּראָצעסן. ביי איינעם פון די פּראָצעסן זענען די באַשולדיקטע באַפרייט געוואָרן.

אין ביידע פאַלן שטאַמען די בילבולים פון די פראנקיסטן, וועלכע זענען געווען באגלויבט ביי די ריכטער און האָבן אויך גענאָסן פונעם צוטרוי פון פאָלק. די קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט אין די פראנקיסטן געזען יידן, וואָס האָבן איינגעזען די יידישע פאַרברעכנס און זענען איבערגעגאַנגען צום קריסטנטום. מען האָט זיי געהאַלטן פאַר קענער פון דער יידישער רעליגיע. אויך פאַרשידענע אַנדערע קוועלן באַשטעטיקן, אַז די יידן, וואָס זענען באַשולדיקט געוואָרן אין שעכטן קריסטלעכע קינדער, זענען געווען אַרעסטירט אין באַזונדערע קאַמערן און מען האָט זיי געהיטן, אַז זיי זאָלן נישט האָבן קיין שום קאָנטאַקט מיט דער יידישער גאַס און זאָלן אויך נישט קענען זיך צונויפרעדן צווישן זיך. זיי זענען באַזוכט געוואָרן בלויז דורך קריסטלעכע גייסטלעכע און מענטשן פון דער שלאכטע, וואָס האָבן זיי צוגערעדט צום שמד. לויט אַ לאַטיינישע בראָשור, וואָס דערציילט וועגן דעם פאַל, האָבן די יידן אין אָנהויב נישט אָנגערופן זיך צו די גלחים מיט קיין איין וואָרט, אָבער נאָכן פּייניקן זיי, זענען זיי געצוואונגען געוואָרן זיך מודה צו זיין,

האָבן זיך איינגעבראָכן און זענען שוין מער נישט געווען אַזוי פּאַרעקשנט, ביז זיי האָבן ענדלעך פאַרשטאַנען אַז זיי דאַרפן זיך שמדן.

די דאָזיקע בראַשור גיט איבער די ווערטער, מיט וועלכע די גלחים האָבן באַוויזן איבערצוצייגן די יידן, אַז נאָכן פאַרלירן זייער ערדיש לעבן, וואַרט אויף זיי דער גהינום אויף יענער וועלט און זיי קענען זיך ראַטעווען נאָר דורך שמד.

צומאָרגנס נאָכן אורטייל, זיבן אַזייגער אינדערפרי האָט מען זיי געברענגט צו פירן, זיי זאָלן מיט די אייגענע אויערן אויסהערן דעם אורטייל. די קאַטוילישע גלחים וועלכע זענען געקומען צוזאַמען מיט זיי, האָבן זיך געוואָנדן צו די ריכטער און געבעטן באַגנעדיקונג פאַר די פאַרמשפּטע צום טויט. דער ענטפער פון די ריכטער איז געווען, אַז די וואָס וועלן זיך שמדן, וועלן נישט צעשניטן ווערן אויף פיר טיילן, נאָר וועלן אומגעברענגט ווערן מיטאַמאָל. דאַקעגן די, וואָס וועלן זיך אָפּזאָגן, וועלן צעשניטן ווערן לויטן געזעץ. דעמאָלט האָט מען געברענגט פיר וועגעלעך, אין וועלכע מען האָט אַרייַנגעזעצט די פאַרמשפּטע צום טויט און אַרום זיי איז געווען פאַרזאַמלט אַ ריזיקער המון, מיליטער־לייט. נעבן די צוויי, וואָס האָבן איינגעשטימט צו שמדן זיך זענען געגאַנגען די קאַטוילישע גלחים. די צוויי אַנדערע יידן האָבן זיך נישט געוואָלט צוהערן צו די רייד פון די גלחים. נאָכן אומברענגען די צוויי געשמדטע, זענען די גלחים צוגעגאַנגען צום דריטן ייד און זיך געבעטן ביי אים, ער זאָל ראַטעווען זיין נשמה און ער האָט ענדלעך מסכים געווען. דעמאָלט האָט מען אים אַראָפּגענומען דעם קאָפּ.

אַ שוורע אַרבעט איז געווען מיט דעם פערטן, וועלכער האָט נישט אַרויס־געוויזן קיין שום פּחד און זיך נישט געוואָלט צוהערן צו די רייד פון די גלחים. ער האָט געשריגן צום תלין: „נעמט מיך שוין!" און ער האָט זיך אויסגעצויגן אויפן ברעט און אַז שרעק געוואַרט מען זאָל אים צעשניידן אויף פיר שטיקער.

אַלע גלחים האָבן מתפלל געווען און איינער האָט אויסגערופן צו אים: „זיי מתפלל און זאָג: „גאָט פון אברהם יצחק און יעקב, דערבאַרם זיך איבער מיר און עפן מיר די אויגן, כ'זאָל זען דעם אמת!" דער ייד האָט אויפגעהויבן די אויגן צום הימל און האָט געבעטן, מען זאָל אים שמדן. אַזוי האָט מען טאַקע געטון. און מען האָט אים אָפּגעשניטן דעם קאָפּ. די קערפּערס פון די פיר מענטשן האָט מען אַריינ־געלייגט אין אַ קאַסטן און אַוועקגעפירט צו דער קאַטוילישער קירך, ווו מען האָט זיי באַגראָבן אויפן הויף. בלויז דעם פוילנדיקן קערפּער פונעם רב, וואָס איז געבליבן אין תפיסה, ווייל ער האָט זיך אַליין דערשטיקט מיט אַ שטריק, האָט מען צוגעבונדן צום ווײַנדל פון אַ פערד, געשלעפּט איבער די גאַסן פון שטאָט און דערנאָך פאַרברענט און דאָס אַש איז פונאַנדערגעטראָגן געוואָרן דורך די ווינטן איבער אַלע עקן וועלט".

אַזוי דערציילט זיך אין דער לאַטייַנישער בראַשור, וואָס איז, ווייַזט אויס, געשריבן געוואָרן דורך אַ פּוילישן כראָניקער.

נאָכן דאָזיקן עלילת דם האָבן די ייִדן אַרויסגעשיקט דעם פּאַכטער פונעם דאָרף לוקאָוו, נעבן טאַרנאָגראַד, ר׳ יעקב קאָפּל בער קיין רוים צום פּויפּסט קלעמענס דעם 13־טן. ר׳ קאָפּל פון לובלין איז געווען אַ באַקאַנטער שתדלן. ער איז אָנגעקומען צום פּויפּסט און געבעטן אים, ער זאָל אויספאָרשן דעם פּראָצעס און אויפקלערן די גלויביקע קריסטן, אַז די ייִדן איז לויט דער ייִדישער רעליגיע פאַרבאָטן צו נוצן בלוט.

דער פּויפּסט האָט אויסגעפאָרשט דעם משפּט און געשיקט צום קאַרדינאַל קאַרסאַ, דעם נונציוש פון קירך, באַפוילן ער זאָל אויפקלערן די גלויביקע קריסטן, אַז עס איז ליגן דער בילבול, אין וועלכן מען באַשולדיקט די ייִדן, אַז זיי דאַרפן האָבן קריסטלעך בלוט. דער פּויפּסט האָט אים איבערגעגעבן אַ בריוו צום וואַרשעווער נונציוש.

לויט דעם פּוילישן כראָניקער האָט פראַנקס ווייב זיך באַזעצט אין וואָיסלאָוויץ אין יאָר 1762 און האָט דאָרט געוווינט אינעם קליינעם פּאַלאַץ, וואָס עס האָט אויפּגעבויט די גרעפין קאָסאַקאָווסקאַ. דאָרט האָט זי ווידער דורכגעמאַכט די קריסטלעכע טבילה־צערעמאָניע, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 2־טן יולי 1762. צו דער דאָזיקער צערעמאָניע זענען זיך צונויפגעקומען די פּריצים פון דער גאַנצער געגנט.

די אַנדערע פראַנקיסטן, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין וואָיסלאָוויץ, האָבן דאָרט געלעבט אין גרויס נויט. עס זענען אויסגעבראָכן צווישן זיי קראַנקהייטן און עס האָט זיך פאַרשפּרייט אַן עפּידעמיע. די ייִדן פון די שכנותדיקע שטעטלעך און די, וואָס זענען נאָך געבליבן אין וואָיסלאָוויץ האָבן באַשולדיקט די פראַנקיסטן, אַז דורך זיי איז אויסגעבראָכן די מגיפה פון שוואַרצע־פּאָקן צווישן די קינדער. דער פּוילישער כראָניקער דערציילט וועגן דער לעגענדע, וואָס איז אַרומגעגאַנגען צווישן די ייִדן און קריסטן, אַז איידער דער מענטש איז קראַנק געוואָרן האָט איבער זייַן הויז גענומען אַרומפליען אַ שוואַרצע וראָנע, און דאָס איז געווען אַ זיכערער צייכן, אַז עס קומט אָן דאָס אומגליק.

לויט גרשון באַדער האָט מען באַשולדיקט די פראַנקיסטן, אַז זיי האָבן געבראַכט די קראַנקהייט פון טערקיי און די פּויערים האָבן זיי דערפאַר גענומען רודפן.

לויט גרשון באַדער אין זייַן בוך „דרייסיק דורות ייִדן אין פּוילן״, וואָס איז דערשינען אין ניו־יאָרק אין יאָר 1927, האָבן די פראַנקיסטן געבראַכט אויף די ייִדן אין פּוילן פיל צרות. די גלחים האָבן פאַרשפּרייט די מייַנונגען פון די פראַנקיסטן אין די קירכעס פון גאַנצן לאַנד. אַזוי איז אַנטשטאַנען דער בלוט־

פויערים האָבן געקענט יעדן ייד פון שטעטל און ארויסגעוויזן פאַרשטענדעניש פאַר זייערע פריידן און זאָרגן.

עס איז ממש צו שטוינען ווי אַזוי די זעלבע פויערים האָבן געקענט אין אַסך יאָרן שפּעטער ווערן גלייכגילטיק צו יידישע צרות, לאָזן זיך העצן פון די ענדעקישע אַגיטאַטאָרן און שפּעטער ווען די דייטשן זענען אַריינגעקומען און איבער די יידן האָבן זיך גענומען שיטן די גרויליקסטע קלעפּ און עס האָט זיי געדראָט טויט און פאַרניכטונג, האָבן די זעלבע פויערים נישט אַרויסגעוויזן קיין שום מיטגעפיל, קיין מינדעסטע גרייטקייט צו העלפן און אַ סך האָבן זיך אויך מיטבאַטייליקט אין דער פאַרניכטונג פון די יידן, מיט וועלכע זיי האָבן אַזויפיל יאָרן צוזאַמען געלעבט, צוזאַמען דערצויגן געוואָרן און געקענט אַלע זייערע נויטן.

אַ סך פון די פויערים האָב איך גוט געקענט פון דעם וואָס זיי פלעגן קומען צו אונדז אין די מארק־טעג, זענען אריינגעקומען צו אונדז אין שטוב און דער טאַטע האָט זיי מכבד געווען מיט ווישניאַק און זיי האָבן געטרונקען פון די ערדענע טעפּלעך, וואָס דער טאַטע האָט זיי דערלאַנגט און האָבן אַזש אונטערגעטאַנצט פון הנאה. די מאמע האָט זיי דערלאַנגט אַ גרויסע בוימל־בולקע, וואָס זי האָט אַליין אָפּגעבאַקן. די פויערים האָבן געקנאַקט מיט די פינגער אין דער לופטן און זענען געשפּרונגען אַרום טאַטן ווי די צאַפּעס. איצט, ווען מיר זענען אַריינגעקומען אין זייערע כאַטעס, האָבן זיי מיט גדולה זיך צעשריגן, געקוויטשעט און צונויפגערופן זייערע שכנים: „העי, בראַטצי דאָבריע, שמואלקע איז געקומען...״

עס זענען זיך צונויפגעלאָפן עלטערע פויערים מיט צעאַקערטע פנימער, פאַרסמאַליעטע פון דער זון, שיקסעס אין די הוילע לייוונטענע העמדער. מיט פעסטע פאַרברוינטע הענט און פיס. ביים ערשטן מאָל קומען מיטן טאַטן אויפן דאָרף האָב איך זיך אַביסל דערשראָקן פאַרן דאָזיקן אָנגעלויף פון אַזויפיל שקצים. כ׳האָב מורא געהאַט, אַז אָט וועלן זיי זיך נעמען טשעפּען צו מיינע פאות. אָבער זיי זענען געשטאַנען, געוואַרט אפשר, אַז מען זאָל זיי הייסן שלאָגן די יידן, געזען, אַז די אַלטע פויערים צעשיינען זיך אין אָנבליק פונעם טאַטן, זענען זיי אַ ווײלע געבליבן שטיין אָפּהענטיק, אנטוישט. איינער פון די פויערים האָט אַ געשריי געטון: „פידעם טאַנציוואַטע!...״ ער האָט זיך טאַקע גלייך אוועקגעלאָזט אין טאַנץ. אַן עלטערע פויערטע האָט אים אַקעגנגעטאַנצט און מיטגעשלעפּט מיט זיך די שיקסעס, די שקצים.

מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דער טאַטע איז געבליבן שטיין אַ צעטומלטער, אַ פאַרלוירענער. אָבער באַלד האָט ער זיך געטון אַ ריס פון אָרט און זיך אַוועקגעלאָזט אין אַ קאַזאַטשאָק.

די פויערים, די שקצים און שיקסעס האָבן איבערגעריסן זייער טאַנץ,

געבליבן שטיין פאַרגאפּטע, עמעץ האָט אויסגעשריגן מיט גרויס באַוווּנדערונג: „עך, נאָש זשיד... נאָש שמולקא...״ די אַנדערע האָבן מיט נאָסע צינגער אַראָפּ־געלעקט דעם דורשט פון די ליפּן געשמייכלט איינער צום אַנדערן. מיך האָבן זיי כמעט נישט באַמערקט און מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די אַ אַלע גויים זענען אויף אַן אמת שטאָלץ מיט מיין טאַטן.

אַ סך אַזעלכע בילדער פון גוטער שכנהשאַפט, פון פּשוטער מענטשלעכער פאַרברידערונג שטייען מיר פאַר די אויגן און איך דערמאַן זיך אין די אַלע צענדליקער יאָרן פון צוזאַמענלעבן צווישן די וואָיסלאָוויצער יידן מיט אונדזערע קריסטלעכע שכנים אין שטעטל און אין די דערפער, אָבער ווען עס איז געקומען די שעה פון נסיון, זענען די אַלע גויים צוגעשטאַנען צו אונדזערע פייניקער און מערדער.

## יידישע זעלבשוץ

דאָס איז געווען אין די ניינציקער יאָרן, ווען דער רוס האָט זיך געשלאָגן מיטן יאַפּאַנטשיק און אין גרויסן רוסלאַנד איז געווען אומרואיק. עס האָט זיך געטומלט און געברויזט מיט שטרייקן, מיט דעמאָנסטראַציעס און אויך מיט פּאָגראָמען. אין וואָיסלאָוויץ האָבן יידן געזאָגט, אַז עס קומט אָן אַ צייט, ווען מ׳וועט נישט זיין רעכט זיכער מיטן לעבן, וואָס מיינס איז יענעמס און וואָס יענעמס איז זיינס; וואָס אינמיטן העלן טאָג וועט מען איבערפאַלן ווערן און אבי ווער וועט וועלן אַלץ איבערקערן מיטן קאָפּ אַראָפּ... די פּויערים אין די דערפער האָבן אויפגעהערט צו אַרבעטן. מען האָט דערציילט, אַז ערגעץ ביי אַ פּריץ האָט מען אונטערגעצונדן אַ שפּייכלער... און דאָס אַלץ איז נאָך גאָרנישט אַקעגן דעם וואָס עס דראָט דעם ביסל יידן אין שטעטל. מיט שרעק אין די אויגן האָט מען זיך איבערגעגעבן, אַז באָסיאַקעס זענען איבערגעפאַלן יידישע שטעטלעך, אויסגעראַבעוועט די קלייטן, די שטובן און אַ סך יידן דערהרגעט. יונה שוחט האָט אין פּאַליש געזאָגט, אַז די פּויערישע רציחה האָט נישט קיין גרענעץ ווען זי צעלאָזט זיך. זיי שטעכן קינדער אין די אויגן פון זייערע מאַמעס, רייסן דאָס פלייש פון לעבעדיקע לייבער און טוען אָן יידן אַלע עינויים קשים פון דער וועלט.

דעמאָלט זענען אין שטעטל געווען עטלעכע יונגעלייט, וואָס האָבן געזאָגט: „ניין, מיר וועלן זיך נישט לאָזן אויסשחטן ווי די שעפּסן״. די אייגענע יונגעלייט, וואָס האָבן מורא געהאַט צו גיין דינען, האָבן דעמאָלט גענומען שאַרפן לאַנגע מעסערס, געזאַמלט שווערע אייזנס און דרענגער צו פאַרטיידיקן דאָס שטעטל פון אַ פּאָגראָם. מען האָט גערעדט, אַז זיי האָבן געשעפּטן מיט אַ יידיש מיידל, וואָס האָט געהאַט אַ שם פון אַ רעוואָלוציאָנערקע און די דאָרפישע

שקצים האָבן פֿאַר איר געהאַט גרויס דרך־ארץ. מאַמעס האָבן געזאָגט, אַז אין איר האָט זיך באַזעצט אַ טייוול און רעדט זי אָן, זי זאָל אַראָפּזעצן דעם רוסישן קייסער...

פֿאַרשטייט זיך, אַז דער וואַכמיסטזש מיט די צוויי גאָרדאָוואָיעץ, וואָס זענען געווען אין שטעטל, האָבן אויף איר געהאַט אַן אויג און לסוף האָט מען זי אַרעסטירט. דער וואַכמיסטזש האָט געזאָגט, אַז איצט וועט זיין שטיל אין שטעטל, ווייל ס׳וועט נישט זיין ווער עס זאָל העצן די כלאָפּעס. אין אַלע העצערייען, האָט ער געזאָגט, איז שולדיק די מויד. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז זי האָט געהאַט חברים אין וואָיסלאָוויץ, אין אוכאַן, אין גראַבאָוויץ. זיי פֿלעגן זיך צונויפֿ־קומען אין געהיים, געטיילט פֿלוגבלעטלעך צווישן די שקצים אין די דערפֿער. עס האָט זיך דאָרט אָנגעהויבן צו רודערן. צווישן די גויים אין שטעטל און אין די דערפֿער האָבן זיך באַוויזן פֿאַרדעכטיקע פּאַרשוינען, וואָס האָבן געהעצט קעגן די יידן און אין שטעטל האָט מען זיך געריכט יעדן טאָג אויפֿן יום־הדין. אַ טייל זענען זיך צעלאָפֿן אין אַנדערע שטעטלעך און האָבן גאָרנישט אויפֿגעטון, וואָרים דאָרט איז געווען נאָך ערגער. דער רוב איז געבליבן און אַ טייל פֿון די יינגעלייט האָט געזאָגט, אַז מ׳דאַרף זיך קעגנשטעלן. יונגעלייט מיט האַרץ האָבן נישט געקענט צולאָזן, אַז זייערע משפּחות זאָלן ווערן הפקר און די גויים זאָלן פֿראַנק־און־פֿריי ראַבעווען און מאָרדן. מען איז זיך צונויפֿגעקומען אין פּאַליש און איינגעטיילט צווישן זיך די ראָלן, ווער עס זאָל זיך באַהאַלטן מיט זיין גרופּע אויפֿן אוכאַנער וועג, ווער אויפֿן גראַבאָוויצער און ווער אויפֿן מאַרק. מען האָט זיך באַזאָרגט מיט שטעקנס, אייזנס און מעסער און מען האָט געוואַרט.

אין די שטובן האָבן די עלטערע געשמועסט בסוד, די קינדער זאָלן נישט הערן: „עס רוקט זיך אָן... וואָס וועט מען טון? ס׳איז סכנות נפֿשות אַרויסצוגיין אויפֿן מאַרק...” פֿון אויער צו אויער, פֿון מויל צו מויל האָט מען איבערגעגעבן נייעסן און פּאַטשטן, סברות און שמועות, און טאַקע ווידער דאָס אייגענע: „היינט, מאָרגן רוקט עס זיך אָן, אַ ניי פּורעניות... מי יודע וואָס עס וועט זיין און מיט וואָס דאָס שמעקט?...” מען האָט אויפֿגעהערט צו גיין אויפֿן דאָרף.

ווייזט אויס, אַז די פּויערים אין די דערפֿער האָבן דערשמעקט, אַז די יידן גרייטן זיך זיי מקבל פּנים צו זיין. אויך צו דער פּאָליציי איז עס דערגאַנגען, אַז די יידן וועלן זיך נישט לאָזן הרגענע. עס איז אַראָפּגעקומען פֿון כעלם פֿאַר־שטאַרקונג און דער קאָמענדאַנט האָט געזאָגט, אַז מען דאַרף נישט מורא האָבן. די יידן האָבן זיך אויף אים נישט פֿאַרלאָזט. אין די צענדליקער זענען זיי צו־געשטאַנען צו די קריגערישע יונגעלייט, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז אַלע יידישע קראָמען דאַרפֿן זיין געעפֿנט אינעם מאַרק־טאָג. מ׳טאָר די גויים נישט ווייזן, אַז

מען האָט פּאַר זיי מורא. חסידישע בחורים, יונגעלייט אויף קעסט זענען אַרויס צוזאַמען מיט בעלי־מלאכות און בעלי־עגלות. אין פאַרשידענע ערטער איז געווען פאַרשטעקט דאָס געווער, וואָס איז באַשטאַנען פון דישלעס און סענקעוואַטע שטעקנס, אייזנס און העק.

די קרעמער זענען אָנגעשטעקט געוואָרן מיט דעם קאַמפּס־גייסט און האָבן דרייסט ארויסגעשטעלט די סחורות אויף זייערע סטראַגאַנעס. די פּויערים האָבן עס גלייך דערפילט און זענען גלייך אַראָפּגעשלאָגן געוואָרן פון זייער מוט. מען האָט געזען ווי טייל פּויערים האָבן גענומען צוריקטראָגן צו די פורן די זעק, וואָס זיי האָבן זיך אָנגעגרייט פאַרן צוגעזאָגטן רויב; האָבן זיך געשעמט צו קוקן די יידישע קרעמער אין די אויגן. ערגעצוווּ, אין דער געדיכטעניש פונעם מאַרק האָבן עטלעכע שקצים געפּרווט אָנמאַכן אַ טומל, אָבער זיי זענען גלייך אַרומגערינגלט געוואָרן דורך אַ גרופּע בחורים, צווישן וועלכע עס האָט זיך געפונען מיין עלטסטער ברודער הערשל. נאָך די ערשטע קלעפּ האָבן די שקצים געהויבן פּיס. אויף זייערע געשרייען האָבן זיך גלייך באַוויזן די זשאַנדאַרן און גענומען זוכן די... יידישע שלעגער.

דער פּדיון איז אין יענעם מאַרק־טאָג געווען גאָר אַ קליינער. וויזט אויס, אַז די פּויערים האָבן זיך געגרייט צו קריגן אַלץ אומזיסט... און ווען דאָס איז זיי נישט געלונגען, זענען זיי גיך צוריק צו זייערע פורן, איינגעשפּאַנט די פערד און אַוועקגעפאָרן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ.

## חבלי־משיח

דאָס שטעטל האָט אָפּגעאָטעמט, אָבער דערמיט האָבן זיך די געמיטער נאָך נישט באַרואיקט. אַלערליי שמועות און קלאַנגען וועגן אַומרוען האָבן זיך ווייטער געטראָגן אין דער לופט. פון וועג־פאָרערס און בעלי־עגלות, פון דאָרפס־גייערס און ארחי־פרחי האָט מען זיך אָנגעהערט כלערליי מעשיות וועגן שטרייקן און בונטן. זיי מיינען טאַקע דעם צאַר, ווילן אים אַראָפּוואַרפן פון טראָן, אָבער דערווייל ליידן יידן. נאַטשאַלסטוואָ איז זיך נוקם אין די יידן, ווייל צווישן די בונטאָווטשיקעס זענען פאַראַן אַ סך יידן. אין וואָיסלאָוויץ האָבן יידן נישט געקענט פאַרשטיין, פאַרוואָס אַריינשטעקן די נאָז אין גויאישע ענינים? ווי קומט עס, אַז יידן זאָלן זיך מישן אין קייסערס ענינים און קריכן אין פייער אַריין? יידן אין וואָיסלאָוויץ האָבן געזוכט ברויט און אַ וועג אָפּצוהיטן יידישקייט. ווייטער האָבן זיי געבעטן און געוואַרט אויף דער גאולה שלימה, אויסגעלייזט צו ווערן פון ביטערן גלות און פּיין. זיי האָבן מתפּלל־געווען זוכה צו זיין צו הערן שופר של משיח און עולה זיין אין הייליקן לאַנד.

אין מיינע קינדער־יאָרן האָב איך זיך אַ סך אָנגעהערט וועגן „קץ״. חדר־יינגלעך האָבן איבערגעחזרט דאָס וואָס זיי האָבן געהערט פון עלטערע, אין די שטובן און אין קלויז, אַז אין ירושלים האָבן מקובלים על פּי אַ טיפן חשבון אויסגערעכנט, אַז דאָס נייע יאָר איז אפשר דאָס יאָר פון „קץ הפּלאות״, דער סוף פון די וווּנדער, ווען דער גואל צדק וועט זיך באַווייזן און עס וועט אויפשיינען די אויפריכטונג פאַרן גאַנצן כלל ישראל.

ערגעץ אין דער וועלט האָבן זיך געצונדן פייערן, פעלקער האָבן געפירט מלחמות, אַרבעטער האָבן געשטרייקט, דעמאָנסטרירט, אויך אין וואָיסלאָוויץ האָבן זיך באַוויזן פּרעמדע פּנימער. צווישן די דערוואַקסענע האָט מען עפּעס געוווּסט וועגן זיי זענען, אָבער מ׳האָט אויסגעמיטן צו רעדן וועגן דעם אויפן קול, ס׳האָט געשמעקט מיט מסירה און מיט סכנות. אָבער דער חידוש און די אנגסט זענען געוואָרן נאָך גרעסער, ווען מען איז געוווּיר־געוואָרן, אַז צווישן די „בונטאָווטשיקעס״ געפינען זיך אויך יידן פון אַרומיקע שטעטלעך, און מ׳האָט אַפילו אָנגערופן נעמען, אויפן אויער, בסוד...

מען האָט גערעדט, אַז אין פּעטערבורג, אין וואַרשע און אפילו אין לובלין און כעלם ברענט אַ גיהנום... אַ הפקרות וואַקסט, מ׳גייט אַראָפּ פון גלייכן וועג און צו דער חוצפּה פון יינגוואַרג האָט נישט קיין שיעור... ווער ווייסט, אפשר איז דאָס טאַקע אַ סימן פון חבלי משיח און אַז די גאולה דערנענטערט זיך? לעת־עתה טויג עס פאַרט נישט. בעלזער חסידים האָבן געזאָגט, אַז מען איז שטאַרק פורץ גדר... און צו וואָס וועט דאָס דערפירן?

מאָדנע, אָבער דעם גרעסטן טייל פון די שמועות און קלאָגנגען וועגן דעם וואָס עס טוט זיך אָפּ אויף דער וועלט, האָבן געבראַנגט די חסידים, ווען זיי זענען צוריקגעקומען פון די רבישע הייף. מער ווי וועגן מופתים האָבן זיי אין יענער צייט זיך אָנדערציילט וועגן דער מגפה פון פּריצות, וואָס האָט זיך אַריינגעכאַפּט נישט בלויז צווישן „אויפגעקלערטע״, נאָר אויך צווישן פראָסטע חי־וקימס, צווישן קבצנים, וואָס האָבן אָנגעהויבן אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם עול פון יידישקייט.

ווידער איז וואָיסלאָוויץ אויפגעקאָכט געוואָרן מיט אַ מיידל, אַ טאָכטער פון אַ דאָרפגייער, וואָס האָט זיך געשמדט. אין פאַליש האָט מען זיך געטרייסט, אַז ערגעץ אַנדערש איז נאָך ערגער. מען האָט זיך דערציילט מעשיות און גוזמאות וועגן דעם וואָס עס טוט זיך אָפּ אין וואַרשע. עס מערן זיך דאָרט משומדים און משומדתטעס, רחמנא ליצלן, עס רודערן דאָרט מופקרים, פאַרשייטע לייט און מ׳טוט מעשים אשר לא יעשו, נישט צו ברענגען איבערן מויל...

איינמאָל האָט מיך דער טאַטע מיטגענומען צום רב אויף אַ מלווה מלכה.

אין אַנהויב האָט עס אויסגעזען צו זיין פריילעך. מען האָט געזונגען חסידישע ניגונים, אָבער אינמיטן האָט עמעץ אָנגעהויבן רעדן וועגן פראָסטע לייט, וואָס האָבן גענומען גיין אויף קרומע וועגן און טאָן שלעכטע טועכצער. געזעלן און נייטאָרינס האָבן אין כעלם זיך געמאַכט אַ ביטערע רגילות צונויפצוקומען און בונטעווען זיך קעגן צאַר. עמעץ האָט געזאָגט, אַז זיי זענען מחלל שבת בפרהסיא. ס'אומגליק איז נאָך גרעסער דערמיט, וואָס זיי האָבן זיך אָנגעהויבן טרעפן מיט שקצים און שיקסעס. דער שטן האָט זיי אַריינגעכאַפּט אין זיינע שוואַרצע, וויסטע נעצן און זיי פאַרפירט.

כ'זע פאַר זיך דאָס פּנים פונעם אַלטן רב ר' מאיר־פייוול ווי ער האָט זיך צוגעהערט צו די דאָזיקע רייד, וואָס איטשע טויבער האָט דערציילט מיט גרויס איבערגענומענקייט. דער רב האָט זיך פאַרטיפט אין מחשבות און בעת מעשה, האָט זיך מיר אויסגעוויזן, האָבן טרערן גערונען פון זיינע אויגן. עס איז געוואָרן שטיל. אין מיר איז דאָס האַרץ אָפּגעשטאָרבן פון שרעק פאַר דער גרויסער סכנה, וואָס הענגט איבער יידישע קעפּ. מיטאַמאָל האָט זיך אין דער שטילקייט דערהערט דעם רב'ס קול און זיינע ווערטער זענען מיר געבליבן איינגעקריצט אין זכרון ביזן היינטיקן טאָג:

דער בוים פון ישראל איז אַ גוטער בוים, אַ שטאַרקער בוים און ער גיט אַרויס שיינע, טייערע פירות. אלא וואָס דען? אין עטלעכע פירות כאַפּט זיך אַמאָל אַריין אַ ווערעמל און זיי ווערן צוגעפוילט. אַמאָל פאַלן נישט־צייטיקע פירות אַראָפּ אויף דר'ערד. אָבער דער בוים אַליין בלייבט אַ גוטער בוים, ווארום זיין שורש איז טיף".

איך בין דאָך נאָך גאַר יונג געווען און דאָך געדענק איך קלאָר, אַז איך האָב גלייך מיט אַלע דערוואַקסענע יידן דעמאָלט פאַרשטאַנען דעם רבס רייד, וועלכע דער טאַטע האָט שפּעטער אין שטוב איבערגעחזרט ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן. דער רב האָט געזען ווי שטאַרק אַלע זענען איינגעהערט אין זיינע ווערטער און האָט ווייטער גערעדט:

„ווען עטלעכע יחידים פאַלן אַמאָל אַראָפּ פונעם בוים פון ישראל, דאַרף מען זיך נישט מיאש־זיין. מ'דאַרף יענע געפאַלענע מחזיר למוטב זיין, ווארום עס קומט סוף כל סוף דער טאָג, ווען זיי עפענען די אויגן און פאַרשטייען, אַז דאָס אַלץ, וואָס זיי האָבן געטון, האָבן זיי אָפּגעטון מחמת נאַרישקייט. ס'גייט אין זיי אַריין אַ רוח שטות, אַמאָל פון ווילטאַג און אַמאָל פון נויט און שווערע דאגות. דערנאָך קומט די חרטה און תשובה און זיי ווילן פאַריכטן זייערע מעשים, אָבער ווייסן נישט ווי אַזוי. דערפאַר דאַרף מען זיי נישט אָפּשטויסן נאָר מקרב זיין".

כ'בין דער יוגנט אין וואָיסלאָוויץ איז דעמאָלט זעלטן ווער אַרויס לתרבות

רעה. אויב עס איז געשען און עמעץ איז אַריינגעכאַפּט געוואָרן צווישן די בונטאָווּ־טשיקעס, וואָס פלעגן אין געהיים אַראָפּקומען אין שטעטל, האָט ער זיך גיך געמוזט אָפּטראָגן, איז אַוועק אין דער גרויסער שטאָט, קיין לובלין אָדער קיין וואַרשע, זיינע עלטערן זענען געוואָרן גרין און געל פון צרות און אין בית־המדרש האָט מען זיך געהיטן נישט צו דערמאָנען דעם נאָמען פונעם קאַליע־געוואָרענעם בחור, כדי נישט גורם זיין קיין צער דעם טאַטן.

די גרעסטע מורא איז געווען פאַר די טעכטער, זיי זאָלן זיך נישט חברן מיט קיין שקצים און לסוף זיך לאָזן אָנרעדן צו שמד. מען האָט געזאָגט, אַז עס נעמט זיך פון דעם, וואָס די מיידן פאַרגלוסט זיך צו טאַנצן און הולטאַיעווען. כ׳געדענק אַ משפחה, ביי וועלכער דאָס אומגליק איז געשען. דער משומדתטעס ברודערל האָט מיט מיר געלערנט אין חדר ביי בערל מלמד. אַ גאַנצע וואָך איז ער נישט געקומען אין חדר. אין שטוב איז מען געזעסן שבעה נאָך דער משומדת. ווען ער איז צוריקגעקומען איז ער געווען ווייס ווי די וואַנט און די אייגעלעך זענען ביי אים געווען ווי ביי אַ דערשראָקענעם הונטל. אין אָנהויב האָבן מיר מיט אים נישט געוואָלט רעדן, געמיאוסט זיך מיט אים, ווי מיט אַ מצורע. אָבער שפּעטער האָבן מיר אין בית המדרש געזען ווי דער רב איז מקרב זיין טאַטן, באַמיט זיך אים גרינגער צו מאַכן דאָס האַרץ, טרייסטן, אַז מ׳דאַרף זיך נישט מיאש־זיין פון קיין שום זינדיקן ייד, האָבן מיר זיך אויך מיטן ייִנגל אָנגעהויבן צו חברן, אַריינגעצויגן אים אין די שפּילן און אין זיין קעגנוואַרט קיינמאָל נישט גערעדט וועגן קיין משומדים.

ווי שווער און ביטער עס איז נישט געווען האָט דער אַלטער רב געטון אַלץ, אַז די יידן אין וואָיסלאָוויץ זאָלן נישט אַריינפאַלן אין קיין יאוש און זיי האָבן טאַקע מיט אַלע כוחות זיך געמיט צו שטיין אויף די פיס און נישט איינברעכן זיך פון די פאַרשידענע גזירות און געפאַרן, וואָס האָבן געלויערט פון אַלע זייטן.

## וואָיסלאָוויצער יידן הערן חידושים וועגן ד״ר הרצל

אַ נאָמען, וואָס איז פאַר וואָיסלאָוויצער יידן ערשט־נישט־לאַנג געווע! אומבאַקאַנט, ווייט און פרעמד, איז מיטאַמאָל געוואָרן היימיש אין יעדנס מויל קינד און קייט האָבן אים דערמאָנט, ווער מיט התפעלות און ווער מיט פאַראַכטונג און מיט קללות באַגלייט.

אין בית־המדרש און אויפן מאַרק, אפילו תלמידים אין די חדרים האָבן גערעדט און דערציילט וועגן ד״ר הערצל און וועגן זיינע מעשים אויפצושטעלן אַ יידישע מדינה אין ארץ־ישראל, פון בריוו און פון שמועות, דורך כלערליי וועגן און אומוועגן זענען יידן געוווּיר־געוואָרן, אַז דער דאָזיקער פרייער ייד

מיט אַ הדרת פנים פון אַ מלך שטעלט זיך פאר קעניגן און האַלט פאַר זיי דרשות וועגן אַ יידישער מלוכה.

פרומע יידן און חסידים האָבן גערעדט וועגן אים מיט כעס. עפּעס איז דערגאַנגען צו זיי וועגן דעם קאָנגרעס אין באַזעל און אַז ס'קאָכט זיך מיט שיבת־ציוניקעס, וואָס ווילן צואיילן דעם קץ. זיי מיינען, אַז מיט קאָנגרעסן און פּאָליטיק וועלן זיי אויפטון מער ווי צוויי טויזנט יאָר פאַסטן און תפילות.

דעם ד"ר הערצל האָבן אַלע געהאַלטן פאַר אַ כופר, דאָך האָט מען זיך אָנדערציילט וווּנדער ווי ער פאָרט אין אַ פּריצישער קאַרעטע און אַרום אים באַגלייטערס, שמשים און שומרים און דער מיניסטער פלעווע האָט פאַר אים גרויס דרך ארץ. דער טערקישער סולטאַן גיט אים אָפּ גרויס כבוד און אַן ענגלישע שיף האָט אים געפירט ביז אַלעקסאַנדריע של מצרים און פון דאָרטן איז ער מיט דער יבשה געפאָרן ביז ירושלים. אַנדערע האָבן אָפּגעלייקנט, געזאָגט, אַז אים גייט גאָרנישט אין ארץ־ישראל, נאָר אין אוגאַנדע, און אַז ער פאַרשטייט זיך בכלל גאָר ווייניק אין יידישקייט און פונעם גאַנצן ענין וועט זיך אויסלאָזן אַ בוידעם. מ'דאַרף וואַרטן אויף משיחן און פּטור.

ביי די זקנים האָבן זיך אויפגעוועקט אַלטע זכרונות וועגן משה מאָנטעפיאָרע, דעם שר וגדול בישראל פון ווייטן ענגלאַנד, פון לאָנדאָן. זיי האָבן געהאַלטן, אַז ער איז געווען אַ גאָטספאַרכטיקער שר און שתדלן, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר מלכים און גרויסע האַרן. צוזאַמען מיט זיין שוואָגער נתן ראָטשילד און נאָך אַ צאָל גבירים, מאחינו בני־ישראל, פון פאַרשידענע מדינות, האָבן זיי אָפּ־געקויפט ביים טערקישן סולטאַן גרויסע שטחים ערד אין הייליקן לאַנד, אַריבער־געפירט און באַזעצט יידן, באוואָרנט זיי מיט פרנסה וכלכלה, ווי עס קער צו זיין. הערצל, האָבן די זקנים אין פאליש געזאָגט, וויל נאָכמאַכן יענעם ר' משה מאָנטעפיאָרע, אָבער גייט אויף גויאישע וועגן. יענער שר איז אויף אַן אמת געפאָרן קיין יפו, אַראָפּגעגאַנגען אויף דעם זעלבן ברעג, וווּ יונה הנביא איז ארומגעגאַנגען אמאָל־אַמאָל. אויף דער נסיעה, פול מיט סכנות און מאַטערנישן, איז מיט אים מיטגעפאָרן זיין געטריי ווייב, די פרומע יהודית, וואָס האָט איר מאָן נישט געלאָזט פאָרן אַליין. אומעטום, אין יעדער מדינה, ווו משה מאָנטעפיאָרע האָט זיך אָפּגעשטעלט, אין האָפן, ווו די שיף איז צוגעשוווּמען, זענען פּרינצן און פירשטן, מיניסטאָרן און גענעראַלן געקומען אים מקבל פנים־זיין, זאָגן אים: „ברוך הבא!" זיי האָבן מיט אים געשמועסט וועלט־זאַכן און ער האָט דערביי גערעדט גוטס אויף יידן, געבעטן מיטיב צו זיין מיט זיינע ברידער. זיי האָבן אים געגעבן הבטחות, די גרויסע לייט, וואָס האָבן פון אים באקומען טייערע מתנות.

## ערשטע ציוניסטישע דרשה

אין יענער צייט בין איך שוין געווען אַ דערוואַקסענער בחור און בין צוזאַמען מיטן טאַטן אַריינגעפאָרן אין אַ דאָרף, נאָענט פון כעלם, ווו מיר האָבן אָנגענומען אַן אַרבעט. פאַרנאַכט זענען מיר אַריינגעפאָרן מיט אַ פור קיין כעלם, דאַווענען מנחה ומעריב. נאָכן דאַווענען האָבן מיר זיך צוגעהערט צו די שמועסן, וואָס די יידן האָבן געפירט מיט גרויס היץ. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ יידישן סטודענט, וואָס איז אַראָפּגעקומען מיט עטלעכע טעג צוריק פון וואַרשע. מיר דוכט זיך, אַז מ׳האָט דערמאָנט זיין נאָמען, נחמן סירקין. ער האָט גערעדט יידיש און געהאַלטן אַ ציוניסטישע דרשה. אין בית המדרש האָט דעמאָלט געהאַלטן ביי אַ געשלעג צווישן זיינע אָנהענגער און קעגנער. געווען אַזעלכע וואָס האָבן וועגן אים גערעדט מיט יראת הכבוד; אַ סטודענט, וואָס רעדט יידיש און לשון־קודש. אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז ער איז אַן אפיקורס און מ׳טאָר זיך נישט צוהערן צו זיינע רייד.

אַהיימקומענדיק אויף שבת קיין וואָיסלאָוויץ האָב איך פאַר מיינע חברים דערציילט וואָס איך האָב געהערט אין כעלמער בית המדרש. דעם גאַנצן שבת האָט מען וועגן דעם נישט אויפגעהערט צו רעדן און ביי שלש־סעודות האָבן די זקנים דעם גאַנצן ענין מיט די ציוניסטן געמאַכט צו גאָרנישט, געזאָגט, אַז פון די אַפּיקורסישע היץ־קעפּ וועט קיין גוטס נישט אַרויסקומען. דאַקעגן האָבן זיי ווידער מיט גרויס בענקעניש גענומען רעדן וועגן ר׳ משה מאָנטעפיאָרע. פיר־און־צוואַנציק רבנים זענען אַקעגנגעגאַנגען מיט ספרי־תורה און נאָך זיי אַן עם רב, יונג און אַלט. חדר־יינגלעך האָבן געזונגען מזמורים. פאַרוואָס? ווייל ער איז געווען אַן אמתער שר, האָט מתפלל געווען ביים כותל מערבי, פאַרגאָסן ביטערע טרערן, געבעטן אויף דער ישועה, אַז משיח צדקנו זאָל קומען במהרה בימינו, איז אַרומגעפאָרן איבערן הייליקן לאַנד, געקויפט ערד, אַז יידן זאָלן פלאַנצן וויינגערטנער, זאָלן פאַרזייען און שניידן, דרעשן און מאָלן. אין ירושלים עיר הקודש האָט ער אָפּגעקויפט פלעצער, געבויט נייע דירות און וואַרשטאַטן. דאָס זעלבע האָט ער געטון אין צפת, אין טבריה. אין זיינע מעשים האָט מען געזען באַשיינפּערלעך, אַז ער איז צוגעשיקט געוואָרן מן השמים. ער האָט נישט אין זין געהאַט דוחק צו זיין דעם קץ, נאָר באַזעצן יידן אויף די הייליקע ערטער, זיי זאָלן מתפלל זיין אויף ביאת המשיח.

אין מיין דמיון האָב איך דעם משה מאָנטעפיאָרע זיך אויסגעמאָלן שיער נישט ווי אַ משה רבנו, וואָס איז געקומען צו פרעה מלך מצרים און האָט אים באַפוילן אַרויסצושיקן דאָס יידישע פאָלק. דערצו האָב איך נאָך געדענקט פון

חדר, וואָס די ייִנגלעך האָבן דערציילט, אַז דער גרויסער ייִדישער שר איז אַרויס־געקומען פֿון דוד המלך, און בײַ אים איז געווען אַ קריגעלע, וואָס מיט אים האָט מען געזאַלבט עטלעכע פֿון די מלכי יהודה; און מיטן דאָזיקן קריגעלע קען מען באַווײַזן גרויסע נסים, אַפֿילו מחיה מתים זײַן. כ׳האָב געדענקט, ווי אַ ייִנגל האָט איבערדערציילט פֿון זײַן זיידן, אַז דער מאַנטעפֿיאָרע איז גאָר אליהו הנביא, וואָס האָט זיך פֿאַרשטעלט פֿאַר אַ ייִדישן שר, אַ בשר ודם און ווײַל עס איז נאָך נישט געקומען די צײַט, נתגלה צו ווערן, איז ער אַוועק פֿון דער וועלט.

די אָרעמע ייִדישע קינדער האָבן זיך געקוויקט מיט די מעשיות, פּונקט ווי די דערוואַקסענע. זיי זענען געווען אַ פֿאַרגיטיקונג פֿאַר דער דחקות און נויט, פֿאַר דער ענגשאַפֿט אין די טונקעלע פֿינצטערע שטובן, אין וועלכע זיי האָבן זיך געהאָדעוועט און נישט געזען פֿאַר זיך קיין אויסזיכט אַרויסצוקריכן זיך אין דער ברייטער וועלט. האָט מען זיך דערפֿאַר געזעטיקט מיט שיינע מעשיות, מיט גוטע בשורות און געהאָפֿט אויף אַ ישועה, וואָס מוז און וועט קומען. די הילף פֿון הימל, האָבן טאַטעס געזאָגט, קען קומען כהרף עין, נאָר מען דאַרף זוכה זײַן דערצו און נישט פּרווון צואײַלן דעם קץ דורך אַפּיקורסישע מעשים, ווי עס ווילן די ציוניסטן.

## בייזע ווינטן

דערבײַ האָט מען אָבער געפֿילט, אין גרויס אנגסט, אַז ערגעץ גרייטן זיך אויף דער וועלט מוראדיקע שריפֿות און זיי דראָען מיט אומגליקן קודם כל פֿאַר ייִדן. ערגעץ אין די גרויסע שטעט טוען זיך דאָך שווין אָפּ זאַכן און זאַכענישן, וואָס קיינער ווייסט נישט וואָס עס וועט דערפֿון אַרויסקומען. כ׳האָב דעמאָלט געהערט אַז עס זענען פֿאַראַן ביכער, אין וועלכע עס שרײַבט זיך וועגן די אַלע זאַכן און איך האָב טײַלמאָל מקנא געווען יענע, וואָס לייענען די דאָזיקע ביכער. אויך אין שטעטל האָט מען גערעדט וועגן מיידלעך און ייִנגלעך, וואָס לייענען ביכער, אָבער זיי האָבן עס געטון בסודי־סודות, געהיטן זיך, אַז קיינער זאָל נישט וויסן וועגן דעם און זענען נישט גרייט געווען צו פֿאַרטרויען זיך פֿאַר אַבי וועמען און דערציילן אים זייערע סודות.

באַלד אויף מאָרגן נאָך דער 1905־רעוואָלוציע, האָט דער צאַרישער רעזשים זיך ווידער גענומען צו די אַלטע בלוטיקע מעשים און אויפֿגערייצט די פֿינצטערע מאַסן קעגן ייִדן. פֿון איין עק לאַנד ביזן אַנדערן האָט זיך געטראָגן דאָס רציחהדיקע רעווען זייערס: „בעי זשידאָוו, ספּאַסאַי ראַסיאַ״ — שלאָג די ייִדן און ראַטעווע רוסלאַנד. צו אונדז אין שטעטל זענען דערגאַנגען די ידיעות וועגן די שרעקלעכע פּאָגראָמען אין ייִדישע שטעט און שטעטלעך. ייִדן, וואָס זענען געקומען פֿון כעלם האָבן דערציילט, אַז די מאַכט גרייט אויף דער שטאָט אַ פּאָגראָם מיט אַלע קליפּער־

לעך. די כעלמער יידן ווייסן דערפון. אַלע גייען אַרום שטאַרק פאַרזאָרגט און דערשראָקן — וואָס טוט מען?!

מען האָט דערציילט, אַז אַ דעלעגאַציע פון אָנגעזעענע יידן איז אַוועק צום בישאָף יעוולאָגי, דעם הויפּט פון דער פּראַוואָסלאַוונער קירך אין כעלם, פּועלן ביי אים, ער זאָל זיך אָננעמען פאַר די יידן, העלפן אין דער שווערער שעה פון נויט. אָבער די דעלעגאַציע האָט זיך צוריקגעקערט ווי אַן אויסגעפּאַטשטע. זייערע טרערן און געבעט האָבן זיך אָנגעטראָפן אויף טויבע אויערן. דער בישאָף האָט אויף זיי געשריגן, פאַרוואָס זיי האָבן נישט אַכטונג געגעבן אויף זייערע חוצפּהדיקע זין, זיי זאָלן זיך נישט בונטעווען קעגן צאַר. איצט איז שוין צו שפּעט. קיינער קען די יידן נישט העלפן, ווייל זיי זענען זיך אַליין שולדיק.

יידן אין וואָיסלאָוויץ האָבן מורא געהאַט, אַז דער פּאָגראָם קען זיך אויס־שפּרייטן אויך אויף וואָיסלאָוויץ. מיט האַרצקלאַפּעניש איז מען אַרויס אויף די מיטוואָכדיקע יאַרידן, געשראָקן זיך פאַר די פּויערים. בלויז די יונגע האָבן זיך גענומען צונויפקומען, געטראַכט ווי אַזוי צו אָרגאַניזירן זיך אין פאַל ווען די פּויערים וועלן עפּעס אָנהויבן רודערן. עס איז צו אונדז דערגאַנגען, אַז די יידישע יוגנט אין כעלמער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס זיצן אויך נישט מיט פאַרלייגטע הענט, האָבן אָרגאַניזירט אַ זעלבשוץ, וואָס גרייט זיך צו באַגעגענען די פּאָגראָמטשיקעס מיט אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד.

געוועזן אין וואָיסלאָוויץ בחורים, וואָס האָבן געקענט דערלאַנגען אַ קלאַפּ. אָבער שלאָגן זיך בלויז מיט די פּויערים וואָלט געווען אַ האַלבע צרה. מיט זיי אַליין וואָלט מען זיך אפשר אַן עצה געגעבן. ערגער איז געווען דאָס וואָס מיר האָבן מורא געהאַט פאַר דער פּאָליציי. מיר האָבן געהערט, אַז אין כעלם גרייט די פּאָליציי אַליין צו די פּאָגראָמטשיקעס, פירט מיט זיי אָן, און מיר האָבן געהאַט אַ גרונט צו האָבן אַ חשד, אַז אויך אין וואָיסלאָוויץ קאָן אַזעלכעס געשען.

דאָס איז געווען אין אָנהויב ווינטער, חנוכה־צייט. עס זענען שוין געווען שנייען. מען איז דעמאָלט ווייניק געגאַנגען אין די דערפער און די, וואָס האָבן זיך יאָ אַרויסגעלאָזט אויפן דאָרף, זענען דאָרט אָפּגעווען אַ גאַנצע וואָך. אין שטעטל האָט מען דערפאַר נישט געוויסט וואָס דאָרט טוט זיך. מען האָט מיט קלאַפּנדיקע הערצער געוואַרט אויף דער מינדעסטער ידיעה סיי פון דאָרף, סיי פון כעלם.

ענדלעך האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז אין כעלם איז אַדורך בשלום. די כעלמער יוגנט האָט געהאַט פאַרבינדונגען מיט זין פון צאַרישע אָפיצירן און הויכע באַאַמטע, וואָס האָבן געהערט צו דער רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע און פון זיי האָט מען זיך דערוווּסט גענוי דעם טאָג, ווען דער פּאָגראָם דאַרף אויס־

ברעכן. צו יענעם טאָג איז געווען גרייט די זעלבשוץ. דערצו איז זיי געקומען צוהילף די לובלינער יידישע יוגנט. דער לובלינער „בונד" האָט אַרויסגעשיקט אַן אָפּטיילונג פֿון זיין זעלבשוץ קיין כעלם צו העלפֿן שטעלן אַ ווידערשטאַנד די פּאָגראָמטשיקעס. ווער ווייסט מיט וואָס דאָס וואָלט זיך געענדיקט ווען נישט די איבעראַשונג פֿונעם פּלוצלינגן אַריינרייסן זיך פֿון די לובלינער באַוואָפֿנטע יונגעלייט. דאָס איז פֿאַר דער פּאָליציי געקומען אומגעריכט. זיי זענען געווען זיכער, אַז די יידן האָבן נישט קיין אַנונג וואָס עס וואַרט אויף זיי. מיט אַמאָל אַזויפֿיל יידישע יונגעלייט מיט געווער אין די הענט. דאָס האָט אַזוי געווירקט אויף דער פּאָליציי, אַז זי איז געבליבן געפּלעפֿט און האָבן נישט געוווּסט וואָס צו טון. די פּאָגראָמטשיקעס זענען געבליבן אין די שטובן און נישט באַוויזן זיך אין גאַס.

לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן האָט דער דורכפֿאַל פֿון דער פּאָליציי אין כעלם געהאַט אַ ווירקונג אויך אויף די אַרומיקע שטעטלעך און די געמיטער האָבן זיך ביסלעכווייז באַרואיקט.

קנאַפּע הונדערט יאָר, פֿון 1812 ביז 1915 איז וואָיסלאָוויץ געווען אונטער דער רוסישער מאַכט, געליטן רדיפֿות, נגישות און שרעק פֿאַר פּאָגראָמען.

ביטער און שווער איז געווען דאָס לעבן אונטער דער ערשטער דייטשישער אָקופּאַציע. ברויט איז געווען פֿון אַ געמישטער קאַשע. עס זענען אויסגעבראָכן עפּידעמיעס. דעמאָלט האָט קהל באַשלאָסן צו פּראַווען אַ חתונה אויפֿן בית עולם, גלויבנדיק, אַז דערמיט וועט מען אָפּשטעלן די עפּידעמיע. מען האָט עס טאַקע בפּועל ממש געטון. מען האָט אָפּגעזוכט אַן אַלטע מויד און אַן אַלמן און די חופּה האָט מען געשטעלט אויפֿן בית עולם. דערנאָך איז טאַקע די מגפֿה קלענער געוואָרן און מ'האָט געזען באַשיינפּערלעך, אַז די חופּה אויפֿן בית עולם האָט טאַקע געהאָלפֿן.

מיין ברודער הערשל האָט חתונה געהאַט קיין רייוויץ, און פֿון צייט־צו־צייט בין איך צו אים געפֿאָרן אויף אַ שבת, געגאַנגען מיט אים דאַווענען, געטראָפֿן דאָרט יידן, וועלכע איך האָב געקענט פֿון באַגעגענען זיי אין די דערפֿער. אַלץ איז דאָ ענלעך געווען צו וואָיסלאָוויץ און דאָך אַזוי אַנדערש. איך האָב זיך שוין נישט געקענט דערוואַרטן ביז דער שבת זאָל אַוועק און איך זאָל קענען צוריק אַריינפֿאָרן קיין וואָיסלאָוויץ, וואָס האָט מיר נאָך יעדן אומקערן זיך אויסגעזען היימישער, נאָענטער און איינגעבאַקענער אין האַרצן.

אין אונדזער היים זענען געבוירן און געוואַקסן זין און טעכטער, וואָס האָבן געצויגן זאַפֿט און קראַפֿט פֿון אירע וואָרצלען און צעוואַקסן זיך ווי די דעמבעס, זיך געצויגן אין דער הויך צו דער זון, אָבער זי נישט דערגרייכט. אַלע

האָבן מיר אונדזער גאַנץ לעבן שווער געהאָרעוועט אויף אַריינצוברענגען די פּרנסה אין שטוב אַריין און קיינמאָל נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו זעטיקן די נשמה מיט אַביסל וויסן, נאָך וועלכן מיר האָבן אָפּטמאָל שטאַרק געגאַרט, געפילט זיך הינטערשטעליק אַנדערע, וואָס האָבן נישט געדאַרפט אַזוי פרי אָנצוהויבן אַרבעטן און געהאַט די מעגלעכקייטן צו לערנען.

אין מיינע צייטן האָט די יוגנט געהאַט גרויס דרך־ארץ פאַר די וואָס האָבן געלערנט, צי דאָס זענען געווען בחורים, יונגעלייט אָדער עלטערע יידן. כ׳זע זיי איצט פאַר די אויגן. לויט זייער אויסזען האָט מען נישט אויף אַלע פון זיי געקענט זאָגן, אַז זיי זענען לומדים. אָבער ווער עס האָט זיך געפונען אין די פרימאָרגנס אין בית־המדרש, געזען ווי די יידן זיצן און לערנען. ווינטער, ווען אינדרויסן איז נאָך געווען פינצטער, דער שניי און דער ווינט האָבן געפּאַטשט אין די פנימער, געיאָגט מיט קעלט און פייכטקייט, אָבער די דאָזיקע יידן האָבן זיך דערמיט נישט גערעכנט, אַרויס פון די וואַרעמע בעטן, אָפּגעגאָסן זיך די נעגל און אַוועק אין בית־המדרש, אויף דער שוועל אָפּגעשאָקלט דעם נאַסן שניי פון זיך, געקושט די מזוזה און ביים שיין פון נאַפט־לאָמפּ אָדער חלבן ליכטל אוועקגעזעצט זיך לערנען.

דאָס איז געווען אין אַ ווינטערדיקן טאָג, ווען איך האָב געדאַרפט מיטן טאַטן אַוועקפאָרן פרי אויפן דאָרף, ווו מיר האָבן געדאַרפט דעקן אַ דאַך. דער בעל־עגלה מיט זיין שליטן איז שוין געווען גרייט, אָבער ער האָט געמוזט וואַרטן אויף נאָך פּאַסאַזשירן, וואָס האָבן זיך נאָך נישט געהאַט אויסגעגראַבלט. איך בין דערווייל אריין מיטן טאַטן אין בית־המדרש. צום דאַווענען שחרית איז נאָך געווען צו־פרי. האָבן מיר זיך אַוועקגעזעצט ביים לאַנגן טיש און צוגעהערט זיך ווי ר׳ אברהמטשע לערנט מיטן עולם משניות. ער האָט זיך צעזונגען מיט זיין איידל קול, פאַרטייטשט געלאַסן יעדעס וואָרט פאַר די דערוואַקסענע יידן, קרעמער און בעלי־מלאכות, צווישן וועלכע עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן אַליין אויך געקענט גוט לערנען, נאָר האָבן גערן געלערנט אין חברותא.

**מענדל שאפער**



**אריה־לייב רייז**



# אונדזערע רבנים

**אויפן סמך פון דעם, וואָס איך האָב אין מיין קינדהייט זיך אָנגעהערט דערציילן אין שטעטל, זענען אין מיין זכרון געבליבן בילדער פון גרויסע לומדים, וואָס זענען געזעסן אין וואָיסלאָוויץ אויפן כסא הרבנות. מען האָט דערציילט וועגן שאלות ותשובות, וואָס זיי האָבן געפירט אין קאָמפּליצירטע ענינים מיט רבנים פון לובלין און פּויזן, פון לוואָוו און אנדערע שטעט פון פּוילן און מדינת אשכנז. איצט באַדויער איך, פאַרוואָס די נעמען פון די דאָזיקע רבנים און די מעשיות, וואָס מען האָט וועגן זיי דערציילט, זענען נישט געבליבן איינגעקריצט אין מיין זכרון, אַז איך זאָל זיי איצט קענען פאַראייביקן אין אונדזער יזכור־בוך. געוויס וועלן נאָך קומען היסטאָריקער און אָפּזוכן זייערע נעמען אין די פאַרשידענע שאלות ותשו־בות. מיר בלייבט בלויז צו דערציילן וועגן די לעצטע, בקיצור, אַ סך קורצער ווי זיי האָבן זיך פאַרדינט מיט די גרויסע מעלות פון רבנישע פּערזענלעכקייטן און מיט זייער דער־הויבענער אַרבעט פון רועי צאן קדשים אין וואָיסלאָוויץ.**

## הרב ר׳ דוד לאַנדאַן

דער רב ר׳ דוד לאַנדאַן איז געווען אָנגענומען אין שטעטל ווי אַ גדול בתורה ומעשים טובים און מען האָט זיך באַצויגן צו אים מיט גרויס יראת הכבוד. ער האָט זיך באַצויגן מיט ליבשאַפט צו אַלעמען גלייך, צו די פּראָסטע יידן ווי צו די אָנגעזעענע באַלעבאַטים. ביי דין־תורהס האָט ער אַרויסגעוויזן גרויס פאַר־שטענדעניש פאַר די טענות און אַמביציעס פוןביידע צדדים, האָט נישט אַרויפ־געצוווּנגען אויף קיינעם זיין מיינונג, נאָר גערעדט צום געוויסן און שכל פון יעדן צד.

קליין און גרויס זענען ביי אים געווען גלייך חשוב און ער האָט געזאָרגט, אַז דער שוואַכער זאָל נישט באַעוולט ווערן. ווען עס איז אימיצן געווען שווער אויפן האַרצן, איז ער אַריינגעגאַנגען צום רב אָפּרעדן זיך פון האַרצן און דער רב האָט פאַר יעדן געפונען אַ גוט וואָרט, אַ טרייסט און אַ דערמוטיקונג.

אַן אנגענעמער חן איז געווען אויסגעגאָסן אויף זיין פנים און אין אַלע זיינע געזנג און יעדער, וואָס איז געקומען צו אים, האָט דערפילט, אַז עס שטייט פאַר אים אַ גרויסער ייד, דורכגעדרונגען מיט אהבת הבריות און מיט אחריות פאַר דער עדה.

ווען מען איז צו אים געקומען מיט אַ שאלה וועגן כשרות און טריפות האָט ער ביי זיין גאַנצער אָפּגעהיטנקייט נישט געאיילט זיך אַרויסצוגעבן אַ האַרבן פסק, נאָר האָט שטענדיק געזוכט אַ וועג ווי אַזוי מקיל צו זיין. ווען עס איז שוין נישט געווען קיין שום אויסוועג און ער האָט געמוזט פסקענען טריפה, איז זיין פנים איינגעהילט געוואָרן אין אומעט און מען האָט געזען באַשיינפערלעך ווי ער ליידט און דאָס האַרץ טוט אים וויי איבערן גרויסן שאָדן, וואָס עס איז גורם געוואָרן דעם ייד.

אין זכרון איז מיר געבליבן דעם רב׳ס משפחה, יאַשע דעם רבס, אַ גרויסער תלמיד־חכם און כל־ימיו זיך געטובלט אין יידישקייט.

אין זעלבן הויז, ווו מיר האָבן געוווינט, האָט אויך לאהטשע, דעם רבס אייניקל, געהאַט איר שניט־געוועלבל. מיין מאַמע האָט איר אָפּגעגעבן גרויס כבוד און מיר האָט זיך באַזונדערס איינגעקריצט איר געשטאַלט ווי אַ שרה בת־טובים.

אַזעלכע איז אויך געווען שרה דעם רבס. איר געלאַסנקייט און פאַרשטענ־דעניש פאַר די אינטערעסן פון קהל און פון יעדן באַזונדער האָבן באַוויזן, אַז זי האָט געירשנט פונעם גרויסן טאַטן זיינע שיינע מידות. דערביי איז זי געווען פשוט און פריינדלעך און באַקאַנטע פלעגן קומען צו איר מיט זייערע דאגות און זי האָט גערן געהאָלפן מיט אירע קלוגע עצות, מיט אַ וואַרעם טרייסט־וואָרט.

## הרב ר׳ ברוך־ישראל

נאָך דער פטירה פון ר׳ דוד לאנדאן איז געוואָרן רב ר׳ ברוך־ישראל. אַזוי האָבן אים אַלע גערופן און קיינעם איז נישט איינגעפאַלן צו פרעגן אויף זיין פאַמיליע־נאָמען.

ר׳ ברוך־ישראל האָט זיך נישט באַגנוגנט מיט פסקענען שאלות און אַנדערע רבנות־עניינים, נאָר האָט זיך אויך אָפּגעגעבן מיט לערנען בחורים און יונגעלייט, געגעבן זיי שיעורים, לשם מצווה, נישט גענומען דערפאַר באַצאָלט, האָט נישט

געהאַט קיין טענות צו קיינעם, האָט נישט דערלאָזט קיין קטנות דמוחין און קיין חולשת הדעת. דאָס אַוועקגעבן גאַנצע טעג און אַוונטן פאַר לערנען מיט די יונגע־לייט איז פאַר אים געווען אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט.

זקנים האָבן זיך לאַנגע יאָרן נאָך זיין פטירה איבערדערציילט זיינע פלפולים און סברות, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט חריפות און בקיאות.

## הרב ר׳ לוי

אַזוי האָט מען גערופן דעם רב, וואָס האָט פאַרנומען דעם כסא הרבנות אין וואָיסלאָוויץ נאָך ר׳ ישראל־ברוכס פטירה. איך קען בשום אופן זיך נישט דערמאנען צי מען האָט אים אַמאָל גערופן ביים פאַמיליע־נאָמען. מען האָט בלויז געוווּסט, אַז ער איז געקומען פון אַ שטעטל אין גאַליציע און איז אויפגענומען געוואָרן אין וואָיסלאָוויץ מיט גרויס כבוד.

אין באַזונדערע שבתים און יום־טובים האָט ער געהאַלטן אין שול אַ דרשה מעניני דיומא און די מתפללים האָבן אים אויסגעהערט מיט גרויס אויפמערק־זאַמקייט.

זיינע דרשות זענען געווען מיט אַסך טעם און טיפע מוסר־געדאַנקען. זקנים האָבן וועגן אים גערעדט מיט אַ סך אנערקענונג און לויב.

## הרב ר׳ מאיר־פייוול וויינשטיין

ווען מען האָט געדאַרפט אויפנעמען ר׳ מאיר־פייוולען פאַר וואָיסלאָוויצער רב האָט אין שטעטל זיך צעקאָכט אַ גרויסע מחלוקת צווישן די גערער און ראַדזינער חסידים. ר׳ מאיר־פייוול איז געווען אַ גערער חסיד און איידער ער איז געוואָרן רב אין וואָיסלאָוויץ איז ער געווען מלמד ביי די קינדער פון אַ יידישן פריץ אין סקריטשינער הויף.

געזיגט האָבן די גערער הסידים און ווען ר׳ מאיר־פייוול האָט געהאַלטן זיין ערשטע דרשה אין שול איז זי געווען פול געפּאַקט און מען האָט געשלונגען זיינע ווערטער פון מויל אַרויס.

הרב ר׳ שרגא־פייוול איז געווען אַ גרויסער תלמיד־חכם און געפירט שאלות ותשובות מיט די גרעסטע רבנים אין פוילן, באַזונדערס מיט הרב אליהו קלעצקין, דעם לובלינער רב, וואָס איז געווען אַ באַרימטער גאון.

אין זיינע שמועסן און דרשות האָט הרב מאיר־פייוול אַ סך גערעדט וועגן משיחן, וועגן דער גאולה און די יוגנט אין שטעטל האָט געוווּסט, אַז טיף אין האַרצן איז דער רב אַ גרויסער חובב־ציון. ווען ער האָט אַמאָל געהערט עמעצן זינגען ציון־לידער, איז ער געבליבן שטיין אַ צוגעשמידטער צום אָרט און מיט

אַ פּאַרטראַכטן בליק צוגעהערט זיך צו די ווערטער. אויף זיין פּנים האָט זיך צעגאָסן אַ גרויסע בענקשאַפט. זיינע ליפּן האָבן געגומען מיטמורמלען די מעלאָדיע מיט די ווערטער און ער האָט שטיל געזאָגט: „ווייסטו כאָטש וואָס דו זינגסט...״

ווען ער איז נאָך געווען גאָר יונג איז ער שוין געווען באַרימט אַלס גרויסער עילוי און מען האָט זיך דערציילט וווּנדער וועגן זיין גרויסער התמדה. טאָג און נאַכט האָט ער געלערנט. ער איז געווען אַ פּוסק מיט גרויס סמכות און מען האָט אים געהאַלטן פאַר איינעם פון די גדולי הוראה, אַ גאון, וואָס האָט זיין גאונות דערגרייכט דורך זיין קלאָרן מוח און אויסערגעוויינלעכן פלייס.

ווי די פריערדיקע וואָיסלאָוויצער רבנים האָט ר׳ מאיר־פייוול זיך אויך נישט באַגנוגנט בלויז מיט פּסקענען שאלות און דין־תורהס, נאָר איז אויך געווען אַ מרביץ־תורה, האָט געלערנט מיט די בעסטע בחורים און קעסט־יונגעלייט, געגעבן זיי שיעורים און זיין פּנים פלעגט זיך צעשטראַלן ביים זען ווי זיינע תלמידים שטייגן אין לערנען און זיי נעמען זיך מיט אים מפלפל זיין. אין אים האָבן זיך דעמאָלט ווי אויפגעוועקט נייע כוחות און עס האָט געגומען פון זיין מויל שטראָמען, ווי פון אַ קוואַל מיט סברות און ראיות פון בבלי און ירושלמי, פון רמב״ם און שולחן ערוך, וואָס זענען פּונקט ווי די שפּעטערדיקע מפרשים געווען פאַר אים ווי אָן אָפן ספר.

ר׳ מאיר־פייוול איז געווען אַ דרשן בחסד עליון. זיינע דרשות האָבן געבליצט מיט חריפות און מיט קלאָרער לאָגיק, וואָס האָט געעפנט מוחות און הערצער פון יונג און אַלט.

זיין דרך אין לערנען איז געווען אַ תכליתדיקע, הלכה למעשה, און דערמיט האָט ער זיך געריכטעט אין אַלע זיינע שיעורים. מען האָט דערציילט, אַז ווען עס פלעגט קומען צו אים אַ שאלה אין דיני טריפות, האָט דער רב געזאָגט צו די יונגעלייט, וואָס האָבן ביי אים געלערנט: „זעט, כ׳בין מתיר די שאלה, כאָטש ס׳קען זיין, אַז אַנדערע רבנים וואָלטן מחמיר געווען, אָבער זיי וואָלטן געהאַט אַ טעות״, און דאָ האָט ער פאַר זיי געבערענגט דעם טעם, פאַרוואָס ער איז מקיל און זיין פּנים האָט זיך צעשטראַלט פון צופרידנקייט. אַזוי צופרידן איז ער אויך געווען ווען אים איז געלונגען עפּעס מחדש צו זיין ביים פאַרענטפערן אַ האַרבן רמב״ם. דער רב האָט דערביי געפילט אַ באַזונדערן גייסטיקן תענוג.

אין זיינע דרשות און פריוואַטע שמועסן איז אָפטמאָל געקומען צום אויס־דרוק זיין גרויסע אהבה צו ארץ ישראל, און כאָטש ער האָט נישט מסכים געווען מיט אַלעם וואָס האָט זיך געטון אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, אָבער גאולת הקרקע און התיישבות האָט ער געהאַלטן פאַר אַ גרויסן ענין.

אויך דעם רבס ווייב, די טאָכטער פון „משנת משה״, איז געווען אַ גרויסע

מלומדות, פלעגט דערציילן מוסר־השכלדיקע מעשיות פון גרויסע רבנים און רביים, האָט געקענט לערנען און אויסטייטשן מיט קלאָרקייט אַ רביש וואָרט, אַ מאַמר חז״ל און אַ רמז פון קבלה.

ווען איר פֿאָטער דער מחבר פון ספר „משנת משה״ איז נפטר געוואָרן און נישט איבערגעלאָזט קיין זון, האָט זי געזאָגט קדיש אויף זיין קבר.

די מידה פון הכנסת אורחים איז ביי ביידע געשטאַנען אויף אַ הויכער מדרגה און זיי האָבן פריינדלעך אויפגענומען יעדן איינציקן, אפילו אַזעלכע, וואָס זיי האָבן באַקענט צום ערשטן מאָל.

דער רב ר׳ מאיר־פייוול וויינשטיין איז געווען באַליבט אין וואָיסלאָוויץ ביי יונג און אַלט. ער איז געווען אַ געלאַסענער און באַהערשטער, אפילו ווען מען האָט אים דערצערנט, האָט ער מיט אַ גייסטיקער שלווה יענעם אויסגערעדט דעם כעס. ער איז געווען אַן עושה שלום און רודף חסד.

דערפון טאַקע האָט זיך גענומען, וואָס אפילו די, וואָס זענען אין אָנהויב געווען זיינע קעגנער, די ראַדזינער חסידים, האָבן מיט דער צייט שלום געמאַכט מיט אים, נוהג כבוד־געווען און אפילו שטאָלצירט מיט זיין לומדות און חריפות.

## די גרויסע מחלוקת

ערשט נאָך דער פטירה פון ר׳ מאיר־פייוול האָבן די ראַדזינער חסידים ווידער זיך דערמאָנט אין זייער אַלטער קעגנערשאַפט און האָבן נישט דערלאָזט, אַז זיין זון ר׳ יידל זאָל ירשנען דעם כסא הרבנות.

עס איז דעמאָלט אויסגעבראָכן אַ שאַרפע מחלוקת צווישן די גערער און ראַדזינער חסידים. מיר, די בית־המדרש־בחורים, האָבן געהאַלטן מיטן אַלטן רבס זון, ר׳ יידל, הגם ער איז געווען אַ בטלן, אָבער אַ גרויסער תלמיד־חכם און איז מיט זיין לומדות געווען באַרימט אין דער גאַנצער געגנט. ווען דער אוכאַנער רב האָט געהאַלטן זיין הספד אויפן קבר פון נפטר־געוואָרענעם ר׳ מאיר־פייוול, האָט ער נאָכן אויסרעכענען די גרויסע מעלות פונעם נפטר צוגעגעבן: „...כ׳קען עדות־זאָגן, אַז זיין זון ר׳ יידל קען בעסער לערנען פונעם טאַטן, שטייגט אים איבער אין חריפות און בקיאות. איר פֿאַרמאגט אַ טייערע פערל, וואָס מ׳דאַרף היטן ווי דאָס אויג אין קאָפּ״.

די ראַדזינער חסידים האָבן אַרויסגעשטעלט זייער אייגענעם קאַנדידאַט, אַ יונגערמאַן פון לוקאָוו און האָבן איינגעלייגט וועלטן, אַז מען זאָל אים אויפּ־נעמען פאַר אַ רב אין וואָיסלאָוויץ. טאָג און נאַכט האָבן זיי געפירט וויכוחים, געזוכט איבערצוצייגן עמך־יידן, אַז דאָס שטעטל דאַרף האָבן אַ יונגן כוח, וואָס איז אויך בקי אין וועלטלעכע ענינים. אפילו די פאַרביסנסטע קעגנער האָבן נישט

אַפּגעלייקנט ר׳ יידלס לומדות און ערלעכקייט, אָבער געטענהט, אַז עס פעלן אים די אייגנשאַפטן צו זיין אַ מנהיג פון אַן עדה, קען נישט קיין פּויליש און קען נישט אויפטרעטן אין מלוכהשע אינסטיטוציעס.

ר׳ יידלס אָנהענגער האָבן אויך נישט געשוויגן, געהאַלטן זיך ביי די רעכט פון אַ יורש, וואָס איז דערצו אַ גאון מופלג, אויפגעוויזן, אַז די פעיקייטן צו מנהיגות קומען מיט דער דערפאַרונג. דערצו נאָך ווען ער האָט די אונטערשטיצונג פון דער מערהייט און קיינער האָט נישט צו זאָגן קיין שלעכט וואָרט וועגן אים.

די ראַדזינער האָבן נישט געהאָט קיין גרויסע שאַנסן צו געווינען, אָבער דאָך זענען זיי נישט אָפּגעשטאַנען און מיט גרויס עקשנות אומדערמידלעך געקעמפט פאַר זייער קאַנדידאַט. צוהילף איז זיי געקומען דער שווער פון יונגן קאַנדידאַט, אַ רייכער ייד פון לוקאָוו. ער איז געקומען צופאָרן קיין וואָיסלאַוויץ, אַרומגעגאַנגען צווישן די יידן אין שול, אין בית־המדרש, אין די פּריוואַטע שטובן, איינגעטענהט, צוגעזאָגט הרים וגבעות, אַז ער וועט באַנייען די שול, אויפשטעלן אַ ניי באָד וכדומה. יידן אין שטעטל האָבן זיך דערפילט ווי זיי וואָלטן מיטאַמאָל באַקומען אַ רייכן פעטער, וואָס קימערט זיך איבער די נויטן פון זייער שטעטל און ביסלעכווייז איז אים געלונגען צו געווינען די הערצער פון עמך־יידן, וואָס האָבן שוין געגאַרט נאָך אַ פאַסטוך, וועלכער זאָל זאָרגן פאַר די נויטן פון דער קהילה.

אַזוי איז בהדרגהדיק געשטיגן די שטימונג פאַרן קאַנדידאַט פון די ראַדזינער.

## הרב ר׳ יעקב־יצחק ציטרינבוים

מיטן אנקום פון ר׳ יעקב־יצחק ציטרינבוים האָט זיך גלייך איינגעשטילט די מחלוקת. דאָס שטעטל האָט גלייך דערזען פאַר זיך אַן איידעלן יונגערמאַן, וואָס פאַרמאָגט אין זיך תורה, חסידות און יראת שמים, אַ פּיקח און גוטהאַרציקער, מיט אַ שטענדיקן שמייכל אויפן פנים. איז צו יעדן געווען פריינדלעך און אַרויסגעוויזן אַ גלייכן אינטערעס פאַר דאגות הכלל און פאַר דאגות היחיד.


הרב ר׳ יעקב־יצחק ציטרינבוים

ער איז געווען אַ שיינער מענטש. אַן אַליוור פנים, אַרומגעראַמט מיט אַ געדיכטער שוואַרצער באָרד און זיינע שוואַרץ־ברוינע אויגן זענען געווען פול

מיט לעבן און עס האָט פון זיי אַרויס־געקוקט מילדקייט צוזאַמען מיט מסירות נפש פאַרן בורא עולם און זיין תורה.



הרבנית חנה ציטרינבוים

אין די צייטן פון ר׳ יעקב־יצחק ציטרינבוים איז אין שטעטל שוין אָנגע־גאַנגען אַ לעבהאפטיקע ציוניסטישע טעטיקייט, צו וועלכער דער רבי האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין קעגנערשאַפט. אדר־בה, ער האָט זיך אפילו געפלעגט אַמאָל אַריינלאָזן אין שמועסן מיט די געוועזענע בית־המדרש־בחורים, וואָס זענען שוין דעמאָלט געווען פלאמיקע ציוניסטן. דער רב האָט ווירקלעך געקענט פירן אַ שמיעס אין מילי דעלמא, ווי אין מילי דאורייתא. אמאָל האָט ער אויך אונטער־געשריבן אַ קול קורא פאַרן קרן קימת לישראל, אָבער ווען די חסידים האָבן זיך וועגן דעם דערוווסט, האָבן זיי אויפגעהויבן אַ ויצעקו. עס האָט זיך גענומען רודערן אין שטעטל: היתכן, ווי קומט עס אַ רב זאָל געבן זיין אונטערשריפט צוזאַמען מיט ציוניסטן?

דער רב, וועלכער האָט זיך גוט אָריענטירט אין פּאָליטישע פּראָבלעמען, האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער האָט זיך נישט געכאַפּט, אַז גאולת הקרקע איז אַ ציוניסטישער ענין און האָט צוריקגעצויגן זיין אונטערשריפט, פאַרענטפערט זיך, אַז למען השלום און למען כבוד התורה איז גלייכער, אַז מענטשן זאָלן נישט האָבן וואָס צו רעדן.

חסידים האָבן אָנגענומען זיין פאַרענטפערונג און עס איז שטיל געוואָרן. עטלעכע בחורים פלעגן אַריינקומען צו אים לערנען אַ שיעור, געווען ביי אים אויך אַ מנין, אָבער ער האָט אויך געהאַט זיין אָרט אין שול, אין ספּעציעלע שבתים האָט ער געהאַלטן אַ דרשה.

אין די לעצטע יאָרן האָט די עדה וואָיסלאָוויצער יידן זיך צוגעבונדן צום רב. דער רוב פון דער יוגנט אין שטעטל איז אַוועק אויף אַנדערע וועגן, אין ציוניס־טישע אָרגאַניזאַציעס, אין ביבליאָטעקן און קלובן, געשטרעבט צו פאָרן קיין ארץ־ישראל, האָבן פרומע יידן געזוכט טרייסט ביים רב, צונויפגעקומען זיך ביי אים אין די שבת־צו־נאכטסן, געהערט תורה און געזונגען חסידישע ניגונים בעת דער מלוה־מלכה.

ר׳ יעקב־יצחק האָט געהערט צו דער רבנים־קאָמיסיע פון לובלינער ראַיאָן. ער איז דערפאַר אָפּטמאָל געפאָרן קיין לובלין עקזאַמינירן אַ נייעם רב אין פוילישן לשון און האָט דערפאַר שטענדיק געהאַט עפּעס צו דערציילן פון דעם וואָס עס טוט זיך אין דער ברייטער וועלט.

אין פריען באַגין, ווען די ערשטע מתפללים זענען געגאַנגען אין בית־המדרש, האָבן זיי שוין געהערט דעם רבס גמרא־ניגון. דאָס קול פון תורה האָט געליכטיקט פאַר די אויגן און געצויגן דאָס געהער. עס איז געוואָרן גרינגער אויף דער נשמה. לא אלמן ישראל.

צוזאַמען מיט דער גאַנצע עדה איז אויך דער רב אומגעקומען דורך די היטלעריסטישע מערדער.

## הרב מטעם, ר׳ יהושע קליינמינץ

מיט זיין אַריסטאָקראַטישן אויסזען און האַלטונג איז ר׳ יהושע קליינמינץ געווען אינגאַנצן אַנדערש פון טיפּ פון אַ פרומען רב. מען איז צו אים נישט געקומען פרעגן קיין שאלות, כאָטש אַלע האָבן געוווּסט, אַז ער איז אַ תלמיד־חכם און אַ געלערנטער מענטש אין וועלטלעכע ענינים, מיט העכערע בילדונג, אַ קענער פון דער וועלט־ליטעראַטור, מלא וגדוש אין דער אַלטער און נייער העברעישער ליטעראַטור, אַ משכיל און דערביי אויך אַ רעליגיעזער ייד.

ר׳ יהושע קליינמינץ איז נאָך פון די רוסישע צייטן געווען באַשטימט אַלס קאַזיאָנער רב, וועמענס אויפגאַבע איז געווען צו פירן די עווידענץ פון דער יידישער באַפעלקערונג.

ער איז געווען אַ טיפּ פון אַן אידעאַליסט, אַ משכיל, וואָס האָט געשטרעבט צו ברענגען וויסן און בילדונג צום פאָלק. ער איז אָבער נישט געווען פון די משכילים, וואָס האָבן אויסגעלאַכט דעם עם־הארץ, נאָר פאַרקערט, האָט מקרב געווען יעדן פּראָסטן מענטש און האָט געהאַלטן, אַז מען דאַרף די פּראָסטע מענטשן העלפן לערנען און אויפהויבן זייער ניווא.

ער האָט נאָך פאַרמאָגט אַנדערע זעלטענע מעלות טובות, וועלכע האָבן אים צוגעגעבן חשיבות, דערהויבן און געגרויסט אין די אויגן פון די יידן נישט בלויז אין וואָיסלאָוויץ, נאָר אויך אין די אַרומיקע שטעטלעך.

מען פלעגט אים אָפּט זען שמיין מיט אַן עולם יידן פון פאַרשידענע שיכטן און דרשענען פאַר זיי אין אַן איינפאַך־פאַרשטענדלעכער שפּראַך, מיט זיין מעלאָ־דישער שטים, וואָס האָט אַריינגעדרונגען אין די הערצער, דערציילט זיי וועגן ר׳ יהושע נפחה און ר׳ יוחנן הסנדלר, וועלכע זענען געווען פשוטע בעלי־מלאכות

און דאָס האָט זיי נישט געשטערט צו זיין גלייכצייטיק גרויסע תנאים און שאַפן גייסטיקע אוצרות פאַר אַ סך דורות פון פאָלק.

ער איז געווען ווייט פון חסידות, אָבער מען האָט אים קיינמאָל נישט געהערט רעדן קעגן חסידות. מען האָט געזאָגט, אַז ער האָט נישט געהאַלטן פון קיין אָבער־גלויבנס, פון קיין מופתים און נסים פון רביים, וואָס האָבן נישט קיין שייכות מיט אמתער און ערלעכער אמונה.

ער האָט פאַרמאָגט די פעיקייט מסביר צו זיין אַן ענין און ארויסגעוויזן אינ־טערעס פאַר געזעלשאַפטלעכע ענינים. ביי יעדער געלעגנהייט האָט ער אונטער־געשטראָכן זיין חיבת ציון און דעם חוב פון יעדן ייד צו העלפן בויען דאָס יידישע לאַנד.

# שול, פאליש און בית־המדרש

אינדערוואָכנס פלעגט מען זעלטן דאַווענען אין דער שול. די מתפללים זענען מערסטנס געווען פשוטע יידן, קרעמער און בעלי־מלאכות. אין שול האָט דער רב געהאַלטן די דרשות. אויך שמחת־תורה פלעגן אַ טייל חסידים באַגלייטן דעם רב אין שול אַריין צו די הקפות.

די שול האָט מען געענדיקט בויען אין יאָר 1903. מיין פאָטער צוזאַמען מיט זישה משה׳לעס זענען דערביי געווען פאַרנומען גאַנצע טעג און נעכט אין משך פון עטלעכע יאָר.

דערפאַר האָט מען אָבער אין פאליש, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט דער שול, געדאַוונט אַ גאַנצע וואָך און געלערנט. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געלערנט אַ גאַנצן טאָג. אָבער אין די לעצטע יאָרן זענען אַזעלכע שוין געווען צו ציילן אויף די פינגער פון איין האַנט. ערשט אין די אָוונטן, בין מנחה למעריב, איז מען זיך צונויפגעקומען, געלערנט און געשמועסט אויך דברי־חולין.

די גבאים אין שול זענען פאַר מיינע צייטן געווען: בעריש סטאָליער, איטשע גלעזער, וואָס האָט דערנאָך געהאַט אַ גאַלאַנטעריע געוועלבל. געווען נאָך אַנדערע, וועמענס נעמען זענען מיר אַרויס פון זכרון.

דער בית המדרש איז געווען אַ היימישער, פאָלקסטימלעכער מקום־תפילה. עס האָבן דאָרט געדאַוונט פשוטע פאָלקס־מענטשן און שיינע יידן. מען פלעגט זיך אַריינכאַפן, ווער אויף אַ שיעור פון דף־יומי אָדער סתם אַ פּרק משניות, בלעטערן אַן אַלט ספר אָדער טאַקע לערנען מיט התלהבות אַ בלאַט גמרא ביז שפּעט אין דער

נאַכט. אין די פריערדיקע יאָרן איז דאָ געווען לעבעדיק, בחורים פלעגן זיך מתפלפל זיין אין שווערע סוגיהס, אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז דער קול התורה דאָרט געוואָרן אַלץ שטילער. אָבער סיי פאַרן עלטערן דור און סיי פאַרן יונגערן איז דער בית המדרש געווען דאָס בעסטע אָרט פאַר גייסטיקער פאַרוויילונג.

דער שוסטער און שניידער, דער בעל־עגלה, דער קליינער קרעמער און דער סוחר, דער פאַרמעגלעכער ייד און דער אָרעמאַן, אַלע האָבן אין דער שעה פאַר מנחה ומעריב איבערגעלאָזט זייערע באַשעפטיקונגען און זייערע דאגות און זענען אַוועק געניסן אַביסל פונעם לעבן, פאַרברענגען אַן אַנגענעמע שעה אין בית־המדרש. קיין אנדער אָרט, ווו צו פאַרברענגען, האָט פאַר זיי נישט עקזיסטירט. דער מקום קדוש איז פאַר די יידן געווען אויך אַ צוזאַמענקום־אָרט, ווו מען איז אַביסל עוסק אין שיחות־חולין, אַ שטייגער פּאָליטיק אָדער פאַרשידענע שטעטלשע ענינים, וואָס האָבן אינטערעסירט יעדן וואָיסלאָוויצער.

אָבער דער הויפּט־תענוג מיט וועלכן אונדזערע טאַטעס און זיידעס האָבן זיך דאָרט אָנגעזאַפּט, איז געווען אַ בלאַט גמרא, אַ פּרק משניות, אַ שטיקל עין־יעקב אָדער פּשוט תהילים־זאָגן, יעדער לויט זיין מדרגה און לויט דער חברה, צו וועלכער ער האָט געהערט. עס איז כמעט נישט בנמצא געווען אַ ייד פון עלטערן דור, וואָס זאָל זיך נישט באַטייליקן אין קיין שום למוד און אויך נישט אין תהילים־זאָגן. אַזעלכער איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ מענטש שלא מן היישוב. יעדער איינער האָט זיך אַריינגעפּאַסט אין דער ראָם, וואָס האָט זיך פאַר אים געפּאַסט און האָט באַקומען זיין באַפרידיקונג. נישט בלויז אַ נשמהדיקע באַפרידיקונג, נאָר אויך אַ הנאה און תענוג אין פּשוטסטן זין פון וואָרט, פּשוטו כמשמעו.

„מ׳האָט זיך מחיה געווען״ — האָט מען געפלעגט זאָגן אין וואָיסלאָוויץ. אין בית־המדרש האָבן די יידן זיך באַנייט און אָפּגעפרישט, דערקוויקט זיך ס׳האַרץ, דערפילט, אַז מ׳איז נישט עפּעס אַן אבר המדולדל, נאָר איינער פון אַ סך, פון אַ גרויס פאָלק, וואָס האָט אַ גרויסן גאָט און ער פאַרלאָזט נישט.

אויב עס איז אַמאָל געקומען אין שטעטל אַ מגיד, איז די הנאה געשטיגן גאָר הויך. אַלע, מענער, פרויען און אויך קינדער האָבן הנאה געהאַט פון הערן אַ שיינע דרשה. עס פלעגט טרעפן אַ מגיד מיט אַ שיין קול און אַ ניגון, וואָס האָט פאַרכאַפּט ביים האַרצן, האָט פייכט געמאַכט די אויגן און אַרויסגעבראַכט אַ טרער.

אין פלוג האָבן וואָיסלאָוויצער יידן נישט געמאַכט דעם איינדרוק פון סענטי־מענטאַלע. אדרבה, זיי האָבן אויסגעזען צו זיין מער ניכטערע, ליב געהאַט חכמות, אַ גלייכווערטל, אַפילו אַ שאַרפן שטאָך אין דער זיבעטער ריפּ. אָבער דאָס אַלץ איז נאָר געווען אויבנאויף. אין די דאָזיקע תמיד־פאַרהאָוועטע יידן, פאַרהאָרעוועטע פון יאָגן זיך נאָך פּרנסה, אין זון און רעגן, אין שניי און פראָסט, האָט אָבער שטיל

אין זיי געצאַפּלט אַ פֿילנדיק האַרץ וואָס איז ממש אויסגעגאַנגען נאָך אַ וואַרעם וואָרט און געלאָזט זיך פֿאַנגען פֿון מתיקותדיקן ניגון, וואָס האָט זיי דערהויבן און אַריינגעפֿירט אין אַנדערע וועלטן, שענערע, העכערע.

יאָ, איצט ערשט באַנעמען מיר די שיינקייט פֿון די דאָזיקע בית־המדרש־יידן אין אונדזער שטעטל, די מערהייט פּשוטע פֿאָלקס־מענטשן, קרעמער, האָרע־פּאַשניקעס און דאָרפֿס־גייער. ווי אַנדערש זענען זיי פֿון דעם פּראָסטן עולם, וואָס מיר האָבן אָנגעטראָפֿן אויף אונדזערע וואַנדערונגען איבער פֿאַרשידענע לענדער. די פּראָסטע מענטשן, וועלכע מיר האָבן באַגעגנט ביי אַנדערע פֿעלקער, פֿאַרענדיקן זייער טאָג מיט קאָרטן־שפּילן, מיטן ביטערן טראָפּן, מיט טרייבן רכילות א.ד.ג. אינסטינקטן, וואָס דרימלען אַ גאַנצן טאָג, קריכן אַרויס פֿון זייערע באַהעלטענישן און די נשמה ליידיקט זיך אויס פֿון איר פּאָזיטיוון פֿאַרמעג.

אַנדערש פֿון די אַלע איז דער וועג, וואָס אונדזערע טאַטעס און זיידעס האָבן געפּלאַסטערט אין אונדזער אַלטער היים. זיי זענען נישט אַרויסגעגאַנגען אין בין־השמשות פֿון זייערע שטובן, כדי צו זוכן דעם יצר־הרע, נאָר דווקא דעם יצר־טוב. נישט צוליב אויסלאָדענען און אויסליידיקן זיך פֿון אַלדאָס פּאָזיטיווע זענען זיי אַרויסגעגאַנגען פֿון שטוב, נישט זוכן לייכטע אַוואַנטורעס, נאָר דערהויבן דאָס געמיט און אָנפֿילן די נשמה מיט די איידלסטע געפֿילן.

די שעהן אין בית המדרש און אין פּאָליש זענען פֿאַר די יידן אין וואָיסלאָוויץ אין משך פֿון דורות געווען אַ מין גייסטיקע טבילה. זיי האָבן פֿון זיך אָפּגעטרייסלט דעם שטויב פֿון טאָג. זיי האָבן פֿון זיך אַראָפּגעוואָרפֿן אַ טייל פֿון זייער גשמיות, און זענען צוריקגעקומען אין שטוב מער גייסטיקע, מער בעלי־נשמה, ווי זיי זענען אַרויסגעגאַנגען פֿון שטוב. די יידישע סטרונע, וואָס האָט אפֿשר אַביסל נאָכגעלאָזט ביי זיי אין משך פֿון טאָג, אין דער האַוועניש פֿון אַ גאַנצער וואָך, איז אין בית־המדרש ווידער געוואָרן געשפּאַנט. ווידער האָט ער דערפֿילט די איבערוואָג פֿון דערהויבענעם, פֿון רוחניותדיקן איבערן גשמיותדיקן, פֿון איידעלן איבערן פֿאַר־גראָבטן.

שטענדיק ווען כ'דערמאָן זיך אין די מנחה ומעריבס אין פּאָליש און אין בית המדרש, קומט מיר אויס, ווי אין אונדזער שטעטל וואָלט דער טאָג נישט *אַראָפּגענידערט* צום אָוונט, נייערט פֿאַרקערט, דער טאָג האָט געפֿירט צו אַן *אויפֿגאַנג*, נישט צו *פֿאַרגאַנג*. צום אָוונט איז דער ייד געשטיגן, איז אין אים נתעלה געוואָרן.

על־פּי־רוב זענען אונדזערע טאַטעס און זיידעס געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך נישט באַגנוגנט מיטן בלויזן דאַווענען. אָפּגעדאַוונט, האָבן זיי עפּעס איבער־געכאַפּט, כדי צו שטאַרקן דעם גוף פֿאַר דער תורה און האָבן טאַקע באַלד ביים

שיין פון די נאַפּט־לעמפּ גענומען זיך צום לערנען, אַוועקגעזעצט זיך ביי די צעקאַרבטע און פאַרחלבטע טישן און מיט אַ מאַראַליש־ציענדיקן ניגון גענומען זיך דערגרונטעווען צום סאַמע תוך פון אַ „תנו רבנן" און „אמר אביי".

מיטן ניגון איז אויפגעגאַנגען אַן אמפּערניש און שפּאַרן זיך איבער דער דינקייט פון אַ כוונה און האַרבקייט פון אַ סוגיא. איינער האָט דעם צווייטן געוואָלט איבערשטייגן מיט אַ שאַרפן זאָג און טראַציקן אָפּווענד. ערשט האָבן זיי גערעדט שיחות־חולין און דער שמועס איז געגאַנגען אַזוי גלאַטיק. מען האָט זיך צוגעהערט צו דעם, וואָס איז געווען אַן אויטאָריטעט אין די וועלטלעכע ענינים. אָבער קוים האָט מען געעפנט די ברייטע גמרות און מען איז אַרויף אויף די וועגן פון נהרדעא און פומפּדיתא, האָט מען זיך גלייך אָנגעהויבן צו שפּאַרן און אַמפּערן. אָט פרעגט מען און מען ענטפערט אָפּ, און אָט דאַכט זיך איז אַלץ שוין פאַרענטפערט, שטייט אָבער פּלוצים אויף אַ נייער פרעגער, וואָס ציט מיט אַ ניגון אַ נייע קשיא.

עס קלינגען מיר ביזן היינטיקן טאָג אין די אויערן די גמרא־ניגונים אינעם בית־המדרש, מיט וועלכע מיר אַליין האָבן אין די יונגע יאָרן זיך געשליפן די מוחות ביי יעדער סוגיא, מאמר און פסוק. ווי קלאָר דאָס לערנט, אַז אַ וואָרט איז נישט בלויז ווי עס איז פאַרשריבן, נאָר ווי מ'רעדט עס אַרויס. דער טאָן איז וויכטיקער ווי דער סטיל, די כוונה פון וואָרט איז וויכטיקער ווי דאָס וואָרט אַליין.

געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געלערנט שטיל, פלעגן שעהן נאָכאַנאַנד אָפּ־שאָקלען זיך איבער דער גמרא און מ'זאָל קיין פּיפּס נישט הערן פון זיי, אָבער מיטאַמאָל האָט עס פון זיי אויך אָנגעהויבן אַרויסזינגען דער ניגון, דער אַלטער גמרא־ניגון, מיט וועלכן עס האָבן געלערנט אונדזערע טאַטעס און זיידעס ביי די זעלבע טישן אינעם זעלבן בית־המדרש.

איינער פון די גבאים אין בית־המדרש איז מיר געבליבן אין זכרון. דאָס איז בענדזשע גערעץ, אַ קצב, אַ האַרציקער ייד מיט אַ סך איבערגעגעבנקייט און זאָרג פאַר די באַדערפענישן פונעם בית־המדרש, איז געווען צווישן די ערשטע מתפללים סיי ביי שחרית און סיי ביי מנחה ומעריב, האָט שטענדיק געפונען צייט פאַר לערנען בחברותא אַ בלאַט גמרא, אַ פּרק אין „חיי אדם". ער האָט נאָך זוכה געווען עולה צו זיין קיין ישראל, איז געשטאָרבן אין לאַנד בשיבה טובה, האָט דאָ איבערגעלאָזט קינדער, וואָס האָבן שוין אויפגעשטעלט משפחות.



# חסידים־שטיבלעך

## טריסקער

געווען אין וואָיסלאָוויץ צוויי טריסקער שטיבלעך וואָס עס האָט געבויט שימעלע אייזן. אין אָנהויב איז געווען דאָס שטיבל ביי אברהם־משה שימעלעס. נאָך דער פּטירה פונעם טריסקער רבין איז אויך אנטשטאַנען דאָס זשורקער שטיבל. דאָס אַלטע האָט מען גערופן: לובלינער שטיבל, איז געווען גענוג גרויס, געבויט נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה.

דאָס זשורקער שטיבל האָט זיך געפונען אינעם הויז פון ר׳ וואלוויש הובער־מאַן. לויט דער צאָל מתפללים איז דאָס זשורקער שטיבל געווען גרעסער פונעם לובלינער. מען האָט זיי געהאַלטן פאַר גרעסערע לומדים. אין דאָזיקן שטיבל פלעגן דאַווענען אָנגעזעענע באַלעבאַטים, אויך אַזעלכע, וואָס זענען נישט געווען קיין אַלטע טריסקער חסידים, זענען געפאָרן צו אַנדערע רביים, האָבן זיך אָבער געחברט מיט די פריערדיקע טריסקער, איצט לובלינער און זשורקער. איינער פון די אָנגעזעענסטע איז געווען אהרן רעילעס (קליינער). אויף אים האָט מען אָנגעזען די השפעה פונעם רבינס פערזענלעכקייט און ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט דער מידה פון אהבת ישראל ואהבת הבריות און אנדערע מידות טובות.

## בעלזער

דאָס צווייטע אָרט צווישן די חסידים אין שטעטל האָבן פאַרנומען די בעלזער. זייער אָנזען איז געווען גענוג גרויס. עס זענען געווען צווישן זיי לומדים און אויך פשוטע עמך־לייט, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן גרויס דרך־ארץ די לערנער, צוגעהערט זיך צו זייערע גמרא־שמועסן און חסידישע מימרות, וואָס זיי האָבן נאָכגעזאָגט פונעם בעלזער רבין, זענען אויך געפאָרן קיין בעלז אויף ימים־טובים, אָפּגערעדט זיך פאַרן רבין דאָס האַרץ און געגלויבט אין זיין כוח צו באַווייזן מופתים.

צווישן די בעלזער חסידים זענען געווען וווּנדערלעכע דערציילער פון חסידישע מעשיות, ווי אַזוי גרויסע צדיקים האָבן גובר געווען שוואַרצע כוחות פון טומאה, וואָס דער רבונו של עולם האָט געשאַפן, כדי די מענטשן צו פּרווון, ווי דער נביא האָט געזאָגט: „יוצר אור ובורא חושך, עושה שלום ובורא רע״ און דער געראַנגל גייט אָן זינט דעם נחש הקדמוני ביז אחרית הימים.

דאָס בעלזער שטיבל איז געווען ביי פאליק סופר, אַן אָפּגעהיטענער ייד, וואָס איז געקומען פון אַן אַנדערער שטאָט און האָט חתונה געהאַט אין וואָיסלאָוויץ

צום צווייטן מאָל, שוין אויף די עלטערע יאָרן, מיט דער אלמנה, לאה דער מילכיקערינס.

צו די אָנגעזעענסטע בעלזער חסידים האָבן געהערט: יוסף לישטונער (לאַנג), פּייוועלע פּריילעך (לאהקעס) א. א., וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער אינערלעכן חסידישן פייער און אויסערלעכער פשטות.

## גערער

גערער חסידים זענען באַשטאַנען כמעט פון בלויז לומדים. די גערער זענען אויך געווען באַקאַנט אַלס יודעי־נגן, באַזונדערס לייבל איטשעלעס (שאָר). די „אברכי־משי" האָבן איבערגעשטיגן אין קנאות די עלטערע, נישט געוויסט פון קיין פשרות און וויתורים, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אין דורכפירן זייערע פאַרשלאָגן אין קהלשע ענינים, האָבן זיך געהאַלטן פאַר מיוחסים.

פון די אָנגעזעענסטע גערער חסידים זענען געווען: לייב יוזשעס, וואָס האָט אויך געהאַט היתר הוראה און אין געוויסע פאַלן פאַרטרעטן דעם רב; משה לובלינער, ר׳ דודל ישראלס, ר׳ שמואל ארישעס, ר׳ שיע חוהס, דער שוואַרצער איטשע־מאיר, מיין פאָטער, ר׳ אלתר רייז, ר׳ מרדכי הובערמאַן, ר׳ קלמן־אהרן וואלפס (כץ) און נאָך אַנדערע. אַלע זענען זיי געווען יידן גרויסע בני־תורה צווישן איין תפילה און דער אַנדערער, צווישן איין ניגון און אַנדערן, האָט מען זיך איבער־געחזרט דעם רבינס תורה־ווערטער.

קליין איז געווען דאָס שטיבל אין כמות, אָפּגעדונגען ביי שלום לעסער, אפשר אַ דריי צענדליק יידן, אָבער אין איכות האָט עס געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויף די קהלשע ענינים אין שטעטל.

יעדעס שטיבל איז געווען אַ וועלט פאַר זיך. דאָרט האָט געהערשט אחדות צווישן גביר און אָרעמאַן. דאָרט האָבן זיך אַלע געזאָגט „דו". דאָס שטיבל איז פאַר די חסידים געווען די צווייטע היים און אַמאָל נאָך מער פון דער ערשטער, ווייל אַהער זענען זיי אַנטלאָפן פון זייערע אַלע דאגות און עגמת־נפשן. דאָ האָט מען זיך קעגנזייטיק אונטערגעהאַלטן, געהאָלפן מיט ראַט און טאַט סיי אין טאָג־טעגלעכע מאַטעריעלע זאָרגן און סיי אין רוחניותדיקע ענינים.

בדרך כלל פלעגט מען אין די שטיבלעך דאַווענען מיט התלהבות, מיט לייב און לעבן, „כל עצמותי תאמרנה". אין שטיבל איז אַלעמאָל געווען פריילעך און ס׳האָט נישט געפעלט קיין ביסל בראנפן ביי יעדער געלעגנהייט פאַר אַ שמחה בציבור, בפרט, אַז עס איז געקומען שמחת־תורה, ווען מען פלעגט גיין איבער די שטובן פון איין חסיד צום צווייטן, געטרונקען און געגעסן פון אַלעם וואָס מען האָט צוגעגרייט. חסידים האָבן ליב געהאַט זיך צו פרייען, עסן און טרינקען

בחברותא, זוכן דעם באַדייט פון רבינס ווערטער, וואָס חסידים האָבן געברענגט נאָכן עולה־רגל זיין אויף אַ יום־טוב צום רבין.

די אחדות, וואָס האָט געהערשט צווישן חסידים אין יעדן שטיבל, איז אָבער נישט געווען צווישן איין שטיבל און צווייטן, ווייל יעדער פון זיי האָט געהאַט אַן אַנדערע שטעלונג צו די קהלשה ענינים אין שטעטל, געפירט מחלוקתן דווקא אין רעליגיעזע פראַגן, ווי ביים אויפנעמען אַ רב אָדער אַ שוחט.

אַ סך יאָרן זענען פאַרביי און פאַר דער צייט האָב איך דורכגעוואַנדערט לענדער און ימען, אָבער נישט איינמאָל קער איך זיך אום אין זכרון צוריק צום שטיבל און בית־המדרש, צו די חסידישע ניגונים ביי די תפילות, ביי זמירות, אין די שבתדיקע בין־השמשותן, ווען די התלהבות האָט זיך אויסגעמישט מיט אַ נאגנדיקער בענקעניש. יידן האָבן מיט אַלע כוחות זיך געקלאַמערט אין די דער־הויבענע שעהן און נישט געוואָלט זיך שיידן מיטן שבת.

## חזנים און בעלי־תפילה

געציילטע זענען זיי געווען די חזנים און בעלי־תפילה אין אונדזער שטעטל. אמת, זיי האָבן זיך נישט אויסגעצייכנט מיט קיין הויכער מוזיקאַלישער בילדונג, האָבן נישט געענדיקט קיין קאָנסערוואַטאָריעס, אָבער זייערע תפילות, די ניגונים און טעמי המלים האָבן פאַרמאָגט גרויס מתיקות און די וואָיסלאָוויצער יידן האָבן זיך געקוויקט מיט זייערע אנגענעמע שטימען ביים מקבל שבת זיין, ביים דאַווענען שחרית און מוסף.

דער שול־חזן איז געווען פאַליק. אינעם אופן פון זיין דאַווענען און זינגען פאַרן עמוד האָט נישט פאַרנומען קיין אָרט דער אימפּראָוויזאַטאָרישער רעטשי־טאַטיוו, די דאָ־רע־מיס און אַנדערע אַקאַדעמישע כללים. אין זיין זינגען איז דער עיקר געווען די השתפכות הנפש און האָט מיט זיין געזאַנג געקענט אַרויסרופן טרערן נישט בלויז אין דער עזרת נשים, נאָר אויך צווישן די מענער. מערסטנס זענען עס געווען טרערן פון גרויסן גייסטיקן תענוג.

אַ מוזיקאַלישער כוח, כאָטש נישט קיין געשולטער, איז אויך געווען זונדל דער ביהמ״ד־חזן. ער האָט געזונגען מער אויף דער נידעריקער אָקטאַווע און האָט זיך נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון פון דער לירישקייט, וואָס זיין שטים האָט פאַר־מאָגט, אָבער די מתפללים האָבן געפילט דעם איידעלן און זיסן קלאַנג פון זיין שטים, וואָס האָט זיך דורכגעריסן דורך די ווענט פון בית המדרש און איז זיך צעגאַנגען איבער די געסלעך פון שטעטל, וואָס זענען אין די שבתים און ימים־טובים געווען פאַרשטילט, ווי זיי וואָלטן זיך צוגעהערט צו די תפילות.

דער מאַטעריעלער מצב פוןביידע חזנים איז געווען אַן ענלעכער. די

גראַשנס, וואָס זיי האָבן געקרוגן פון דער קהילה, האָבן נישט געקלעקט אויף חיונה אוןביידע האָבן דערפאַר געהאַט די קאָנצעסיע אַרומצוגיין איבער די הייזער פון די מתפללים. יעדער האָט זיי אונטערגעשטיצט מיט וויפל ער האָט געקענט.

יוסף איטשעלעס (סייקעוויטש) איז געווען אַ בעל־תפילה. דער ניגון איז ביי אים געקומען גלייך פון האַרץ. צוגייענדיק צום עמוד האָט ער זיך דערפילט אַ שליח־ציבור, וואָס דאַרף אויסדריקן דאָס געבעט און די געפילן פונעם גאַנצן ציבור און אויסגיסן פאַרן רבונו של עולם זייער ביטער האַרץ.

זייענדיק אַ געררער חסיד איז אין זיין דאַווענען געווען די התלהבות פון רבינס הויף, די פעיקייט גובר צו זיין מיטן ניגון די עצבות און עפענען אין די הערצער קוואַלן פון שמחה.

פאַר אַ גוטן בעל־תפילה האָט זיך אויך גערעכנט איטשע שוחט, האָט אָפט געדאַוונט פאַרן עמוד אין שול. ער האָט געזונגען די ניגונים פון פאַרשידענע רבישע הייף, וועלכע ער האָט אויפגעכאַפּט ביי די חסידים. אָבער ווען דער ניגון איז אַרויס פון זיין מויל, האָט ער באַקומען אַ באַזונדערן קלאַנג, ווי ער וואָלט אין אים אַריינגעבלאָזן אַ נייע נשמה.

ר׳ מאיר יאסלס (טענענבוים) איז געווען אַ ראַדזינער חסיד, אָבער איידער ער האָט געדאַוונט אין ראַדזינער שטיבל האָט ער געפלעגט צוגיין צום עמוד אין שול, איז געווען פון פאליקס אַנהענגער, איז אויסגעגאַנגען פאַר זיין געזאַנג, האָט געהאַט אַ מוזיקאַליש געהער און האָט זיך שטאַרק געכעסט, ווען ער האָט דערהערט ווי עמעץ פעלשט פאליקס אַ מעלאָדיע און נישט יעדער האָט געהאַט די זכיה אים „צוצוהעלפן“ ביים דאַווענען.

צו די זינגער אין שטעטל האָט אויך געהערט לייבל איטשעלעס, יוסף איטשעס איידעם. געווען נאָך בחורים און יונגעלייט, וואָס זענען געווען געבענטשט מיט שיינע שטימען און פיינעם חוש פאַר געזאַנג, וואָס וואָלטן אפשר ביי גוטע באַדינגונגען זיך אַנטוויקלט און אויסגעוואַקסן אין טאַלאַנטירטע מוזיקער, אָבער אַזעלכע באַדינגונגען זענען ביי אונדז אין שטעטל נישט געווען.

## שבת און יום־טוב אין שטעטל

דאָס שפּריכוואָרט זאָגט: „ווילסטו קענען לערנען דאָס פאָלק — גיי און זע ווי עס פייערט זיינע שבתים און יום־טובים“. אויך דער כאַראַקטער פון אונדזער שטעטל אַנטפּלעקט זיך אין זיינע שבתים און יום־טובים.

די הייליקייט פונעם שבתדיקן טאָג האָט אַרויפגעלייגט זיין חותם אויפן יידישן קינד ביז זיין וויטן עלטער, האָט געפאַרעמט זיין גייסטיקע געשטאַלט,

אַנטוויקלט אין אים די באַגייסטערונג פאַר שיינקייט און דערהויבנקייט, די פיל־באַרקייט פאַר פּאָעזיע און געזאַנג, פאַר שירה וזמרה.

אַ ציטער נעמט מיך אַדורך ווען עס שווימען אויף פאַר מיינע אויגן הייליקע מאָמענטן פון אונדזער אומברחמנותדיק־פאַרטיליקט שטעטל. עס גייען פאַרביי אונדזערע טאַטעס און מאַמעס מיט זייער ציטערדיקער ליבשאַפט צו די מנהגים און מצוות פון האַלטן הייליק דעם זיבעטן טאָג אין דער וואָך און יעדן יום־טוב; מיט זייער נשמה יתירהדיקייט ביים אָנקומען פון די הייליקע טעג.

יעדער לויט זיין פרנסה־שטאַנד האָט לכבוד שבת צוגעגרייט בעסערע מאכלים און שענערע מלבושים, פאַר זיך און פאַר די קינדער. אַ גאַנצע וואָך האָט מען זיך באַגנוגנט מיט אַבי־וואָס. געווען שטובן, אין וועלכע מען האָט נישט געגעסן מער ווי אַ שטיקל שוואַרץ ברויט מיט וואַסער, ס׳חיות צו דערהאַלטן, אָבער אויף שבת איז געווען אַ מצווה צוצוגרייטן פרישע חלות, וויין און מזונות. פאַר די, וואָס האָבן דאָס אַלץ נישט געקענט זיך פאַרגינען, זענען תמיד געווען אין שטעטל מענטשן מיט גרויסע הערצער, נשים צדקניות, וואָס האָבן שוין געזאָרגט, אַז די שבתדיקע מאכלים זאָלן אויף פאַרבאַרגענע וועגן דערגיין אין יענע הונגעריקע שטובן און די ברכה פון שבת זאָל רוען אויף זייערע טישן.

ווייסע טישטעכער האָבן אין וואָיסלאָוויצער שטובן זיך באַוויזן נאָר לכבוד אַ שבת און יום־טוב.

אַ סך שטובן האָב איך געקענט, וואָס אַ גאַנצע וואָך האָט מען דאָרט געגעסן פּאָסנע ברויט מיט קאַרטאָפליעס, אָבער אויף שבת האָט מען געטון אַלץ, אָפּט אָנגעווענדט כל מיני תחבולות אָנצוגרייטן פיש און פלייש אָדער לפחות אייער אין זויערן. מען קען זיך פאָרשטעלן די שמחה ביי די קינדערלעך אין יענע שטובן, ווען נאָך אַ גאַנצע וואָך הונגערן האָבן זיי זיך באַלעקט, ווער מיט אַ פּאָלקע, ווער מיט אַ פליגעלע, צי גערגעלע.

פרייטיק האָט דאָס שטעטל באַקומען אַן אַנדער פּנים. פון באַגין איז אין די געסלעך פול געווען מיט ריחות פון פריש געבעקס, אויף שבת און אויף אַ גאַנצער וואָך. מען האָט געבאַקן שוואַרץ ברויט און ווייסע חלות, אייער־קיכלעך און וואַרעניעס געפילט מיט שוואַרצע יאַגדעס, וואָס זענען געוואַקסן לרוב אין די וועלדער. ווער עס האָט זיך געפילט זיי אַליין צונויפצוקלייבן, האָט זיי געקענט קויפן פאַר גראָשנס ביי די פויערים, וואָס האָבן זיי יעדן מיטוואָך געבראַכט אויפן מאַרק אין גרויסע ערדיקע טעפּ. פאַר יינגלעך און מיידלעך איז עס געווען אַ פאַרווײַלונג צו גיין אין וואַלד קלויבן יאַגדעס און פּאָזשיאָמקעס און ברענגען אַהיים פולע קוישן.

די יאַגדע־וואַרעניקעס האָבן איבערגעלאָזט זייערע שפורן אויף די פּנימער

פונעם קליינוואַרג, וואָס איז אַ גאַנצע זומערדיקע וואָך אַרומגעגאַנגען מיט אויס־געשמירטע מיילער און ציין.

פרייטיק איז מען אין חדר געלאָפֿן פֿריילעך, ווייל מ׳האָט געוווסט, אַז דער לערן־טאָג איז היינט אַ קורצער. זומער איז מען גלייך נאָכן אָפּעסן די גריץ געלאָפֿן צום טייכל. מען האָט געחלומט וועגן גרויסע טייכן, וועגן ים, וואָס מען האָט קיינמאָל פֿאַר די אויגן נישט געזען, אָבער, בסך הכל, האָבן מאַמעס געזאָגט, איז אַ מזל, וואָס וואָיסלאָוויץ האָט נישט קיין גרויסן טייך און מ׳פֿאַרשפּאָרט אומגליקן.

ווען די זון האָט גענומען ווערן קילער האָבן זיך באַוויזן ייִדן, וואָס זענען געגאַנגען אין מרחץ. לאַנג צו געניסן פֿונעם דאָזיקן פֿאַרגעניגן האָט מען זיך נישט פֿאַרגינען. דער אָנקומענדיקער שבת האָט אונטערגעיאָגט. מען האָט איבערגעטון די ריינע וועש און מיט נאַסע באָרד און פּאות האָט מען זיך פֿאַוואָליע געלאָזט גיין אַהיים, גרייט אויפֿצונעמען די שבת־מלכתא.

אין דער זעלבער צייט האָבן די ווייבער מיט דורכגעפּעצטע פֿאַרטעכער גערוקט אין אויוון די טשאָלענטער אין ליים־פֿאַרשמירטע טעפּ. דערנאָך האָבן זיי זיך גענומען צום אָפּוואַשן די קינדער, אָפּצוואָגן די קעפּ ביי די מיידלעך, אָפּפּוצן די זילבערנע לייכטער צום ליכט־צינדן.

פֿון וועג קומען נאָך אָן איינצלנע ייִדן פֿון די דערפֿער, פֿונעם האַנדל, פֿון אַ יאַריד ערגעץ אין אַ שטעטל. זיי איילן זיך. די זון נעמט שוין באַלד פֿאַרגיין. די קראָמען זענען שוין פֿאַרמאַכט. אַ פֿאַרשפּעטיקטער בעל־עגלה איילט מיט זיין פֿערד־און־וועגעלע, דערלאַנגט דעם פֿערד אַ שמיץ מיט דער בייטש, ס׳זאָל וואָס שנעלער קומען אַהיים. ער שעמט זיך פֿאַר די חסידים, וואָס גייען שוין אָנגעטוענע אין די זיידענע בעקעשעס.

באַלד ווערט די שטוב פֿול מיט שבת און איבער אַלעם צעשפּרייט זיך דער חן פֿון קדושה. אויפֿן טיש ליגן שוין די צוויי חלות פֿאַרדעקט מיט אַ טישטעכל. אין די אויסגעפּוצטע זילבערנע אָדער מעשענע לייכטער זענען אַריינגעשטעקט די ליכט און איבער זיי שטייט די מאַמע, אַ צאַרטע און בלייכע, לייכט געבויגן, די צעשפּרייטע הענט פֿאַרשטעלן דאָס פּנים און זי בענטשט די שבת־ליכט.

שטיל מורמלען אירע ליפּן די תפֿילה. זי בעט פֿאַר מאַן און קינדער, פֿאַרן גאַנצן שטעטל, פֿאַר יעדן ייִד. אירע הענט, ווי שכינה־פֿליגל, שוועבן איבער די ליכט, פֿול מיט רחמים, בטחון און טרייסט, און פֿון מאַמע־אויגן, הייליקע פֿון פּיין און צער, פֿאַלט אויפֿן ווייסן טישטעך אַ טרער.

מאַמעס מילדע טויבן־אויגן, אַזוי הייליק אין דער שיין פֿון די געבענטשטע ליכט אינעם פֿרייטיק־אויפֿדערנאַכט, באַגלייטן מיך אויף אַלע מיינע וואַנדערונגען.

טריט־ביי־טריט גייען די יידן צו דער שול, צום בית־המדרש, צו די חסידים־שטיבלעך.

„לכה דודי לקראת כלה, פני שבת נקבלה!" — הערט זיך דאָס געזאַנג פון אַלע מנינים אין פאַרשידענע עקן שטעטל, וואָס טובלען זיך אין ליכט פון צעבליצטע לאָמפּן.

שבת, שבת! האָבן אין וואַיסלאָוויץ געזונגען ערד און הימל. עס איז דאָס געזאַנג פון דורות, וואָס האָט אין וואַיסלאָוויץ געהאַט זיין באַזונדערן חן און כישוף.

ווו זייט איר, יידן פון מיין פאַרטיליקט היימשטעטל און ווו זענען די טרוימען פון דער יוגנט, וואָס האָט אויף איר שטייגער אויפגענומען דעם שבת מיטן רעש פון דיסקוסיעס און פאַרלעזונגען, מיט קעסטל־אָוונטן און געזאַנג פון ציון־לידער?

ווו זייט איר, טייערע מאַמעס, מיט אייערע בענטשנדיקע הענט? אויפן אַש פון אייערע הענט וואַקסן נייע ביימער ערגעץ אין מיידאַנעק און אוישוויץ.

ווו זענען יענע חדוהדיקע שעה פון די פרייטיק־צונאַכטסן, די פולקייט און עשירות פון יידישן לעבנס־שטייגער אין אונדזער שטעטל?

פאַרשווונדן זענען די כישופדיקע פלעמעלעך פון די שבתדיקע ליכט אין די שמאָלע פענצטער פון אונדזערע אָרעמע שטובן?

אנשטאט זיי צינדן מיר יאָרצייט־ליכט, אזכרה־פלעמעלעך נאָך אַ וואָרעם־פולסירנדיק און שיין יידיש לעבן, וואָס איז געווען אַמאָל און איז מער נישטאָ.

## ימים־נוראים

דורכגענומען מיט פארכטיקייט זענען געווען די צוגרייטונגען צו די ימים־נוראים. ביי יחידי סגולה האָט עס זיך אָנגעהויבן שוין פון חמשה עשר באב. זיי האָבן אָנגעהויבן מפשפש במעשים־זיין, בלייבן לענגער אין בית־המדרש. אין אַ בריוו צו אַ קרוב אין אַ ווייטער שטאָט האָט מען זיך שוין געווונטשן „לשנה טובה תכתבו און בכלל איז מען געוואָרן דורכגענומען מיט הרהורי־תשובה.

דער אמתער ציטער האָט זיך אָנגעהויבן ראש חודש אלול, דאָס שופר־בלאָזן, דאָס בציבורדיקע תהילים־זאָגן יעדן אינדערפרי האָבן פאַרוואָלקנט דאָס געמיט, אָנגעפילט דאָס האַרץ מיט אַ נאָגנדיקן אומעט און שטילער שרעק.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן טעג פון חשבון הנפש און לייטערונג, פארגעבונג און אויסבעסערונג. עס האָבן זיך געוועקט געפילן פון ברידערלעכקייט און אַ ווילן צו טון מעשים טובים, צדקה און חסד. מענטשן זענען געוואָרן מער נזהר אין וואָרט. אין חסידישע שטובן האָט מען אין יענע טעג גענומען רעדן שטילער. די שמועסן אין בית־המדרש האָבן געקלונגען איידעלער, געדעמפּטער.

געווען אין וואַיסלאָוויץ אַ סך מענטשן, וואָס האָבן פֿון ראש־חודש אלול ביז נאָך יום־כיפור נישט גערעדט קיין שיחות־חולין, ווייל אין דער גאַנצער וועלט איז נישטאָ קיין בעסער מיטל אָפּצוריייניקן די נשמה ווי צו פֿאַרשליסן דאָס מויל און נישט רעדן קיין שיחת־בטלה. נאָך מער. אַזאַ אויסמיידן דברים בטלים ברענגט גרויס נוצן פֿאַרן מענטש, ווען ער פֿאַרטראַכט זיך אין דער כוונה פֿון זיינע תפילות און ער פֿאַרזיכערט זיך, אַז זיינע ריינע כוונות וועלן נישט צעמישט ווערן פֿון אַלערליי פרעמדע מחשבות.

נאָך שטאַרקער איז געוואָרן די התעוררות צו די ערשטע סליחות, וואָס זענען געזאָגט געוואָרן אינמיטן דער נאַכט. געווען אַזעלכע, וואָס זענען גלייך נאָך דער מלוה־מלכה געגאַנגען אין בית־המדרש און די גאַנצע צייט ביז האַלבער נאַכט געזעסן און געלערנט. אַנדערע האָבן אין די פינצטערע געסלעך זיך געשאַרט צוזאַמען מיט די איבערגעוועקטע יינגלעך צום בית־המדרש, שווייגנדיקע, פֿאַרטראַכטע. לבנה און שטערן האָבן זיך דורכגערעדט אויף זייער סודותדיק לשון און עס האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס שטעטל איז פֿול געוואָרן מיט שאָטנס.

ערב ראש השנה האָט מען זיך שוין נישט באַגנוגנט מיט בלויז סליחות, נאָר מען האָט אויסגעזאָגט גאַנץ תהילים פֿאַר די סליחות און נאָך די סליחות, זיך מתיר־נדר־געווען, געגאַנגען אויפֿן בית־עלמין, געגעבן צדקה, געפֿאַסט, ווער אַ גאַנצן טאָג און ווער נישט מער ווי אַ האַלבן טאָג.

נאָך שטאַרקער, מיט מער עקסטאַז האָט זיך דאָס איבערגעחזרט צו די שלש־עשרה מידות, אָבער צום העכסטן שטייגן איז עס דערגאַנגען אין סאַמע ערב יום־כפור.

צו אָרעם איז מיין פעדער אַרויסצוברענגען די שטימונג, די איבערלעבענישן און געפֿילן פֿונעם ערב יום־כפורדיקן טאָג אין שטעטל.

פֿון פֿאַרטאָג־אָן האָבן יידן געשטראָמט אין מקוה אַריין. אַזוי לאַנג ווי איך געדענק זענען כמעט אַלע יידן, באַזונדערס פֿון עלטערן דור, געגאַנגען ערב יום־כפור אין מקוה אַריין. געווען אַזעלכע, וואָס זענען אין דעם טאָג געגאַנגען דריי מאָל זיך טובל זיין, פֿאַר שחרית, פֿאַר מנחה און נאָך דער סעודה המפסקת. די איינציקע מקוה איז שוין ממש געווען געדיכט און וויס, אָבער דאָך האָט עס קיינעם נישט אָפּגעהאַלטן.

פֿון באַגין אָן האָט זיך אָנגעהויבן די סדרה פֿון כפרה־שלאָגן. פֿרומע יידן האָבן געזוכט אַ ווייסן האָן, אָבער בלית־ברירה איז אַ ברוינער אויך גוט געווען. יינגלעך האָבן מיט כוונה געזאָגט דעם „בני אדם” בשעת דער טאַטע האָט געדרייט מיטן האָן אַרום זייערע קעפּ, געווען זיכער, אַז אַלע עבירות גייען איבער אויף

די הענער און באַגריפן דעמאָלט פונוואַנען עס נעמט זיך דאָס ווערטל „קוקט ווי אַ האָן אין בני־אדם".

אין „שעכט־שטיבל" האָט מען געדאַרפט לאַנג וואַרטן אויף דער ריי. די שוחטים האָבן געהאַט פולע הענט מיט אַרבעט. יידן האָבן אין דעם טאָג געטיילט צדקה, יעדער לויט זיינע מעגלעכקייטן. אין שול און אין בית־המדרש האָט מען אָוועקגעשטעלט „קערות" פאַר פאַרשידענע וווילטעטיקע צוועקן, און קיינער האָט נישט אָפגעזאָגט און צוגעוואָרפן פאַפּירענע און ניקלנע מטבעות.

עטלעכע שעה פאַר ליכט־צינדן איז שוין דאָס גאַנצע שטעטל געווען אָנגעטון יום־טובדיק. מאַמעס און באבעס האָבן אָנגעטון ווייסע טיכלעך אָדער שאַליקעס אויפן קאָפּ און מען איז געגאַנגען צו נאָענטע, צו שכנים און קרובים, צו פריינט און צעברוגזטע זיך אָנווינטשן, אַז מ׳זאָל זיך אויסבעטן אַ גוט יאָר און אַ גמר חתימה טובה, ווי אויך בעטן מחילה פאַר אַ שלעכט וואָרט, וואָס האָט זיך אַרויס־געכאַפּט, פאַר דערצערנען מיט רכילות און לשון־הרע. ווייבער זענען זיך געפאַלן אויף די העלדזער און פון אַלע יידישע הייזער האָבן זיך גענומען טראָגן יאָמערלעכע געוויינען.

קינדער האָבן זיך געטוליעט צו די מאַמעס און טאַטעס, געוואָרן אָנגעשטעקט מיטן פּחד פאַרן יום־הדין. אין גאַס האָט מען געזען מענטשן מיט פאַרוויינטע אויגן. די טאַטעס האָבן זיך אָנגעטון אין ווייסע קיטלען מיט די טליתים, געבענטשט די קינדער מיט אַ קול, וואָס איז געווען אָנגעלאָפן מיט פאַרשטיקטע טרערן. די מאַמע האָט זיך אויסגעוויינט דאָס האַרץ פאַר די ליכט.

הייזער און געסלעך זענען געוואָרן אַרומגעהילט מיט אימה. די שטימונג איז געווען ערנסט, הייליק און פאַרכטיק. מיט צעבראָכענע הערצער איז מען געגאַנגען אין שול, אין בית־המדרש, אין די חסידים־שטיבלעך צו דער תפילה זכה און ווידוי פון רבינו נסים. באַלד האָבן איבערן גאַנצן שטעטל אָפּגעקלונגען די טענער פונעם כל־נדרי־ניגון.

אין שול און אין בית־המדרש זענען געווען אָנגעצונדן די גרויסע יאָרצייט־ליכט צום אָנדענק פון די פאַרשטאָרבענע אבות, פון די עלטערן, וואָס האָבן גערוט אויפן אייביקן אָרט. די שול איז פול געוואָרן מיט ליכט, מיט יידן אָנגעטאָן אין ווייסע קיטלען.

וואַיסלאָוויצער יידן האָבן מיט אימה און מיט ציטערניש אויסגעהערט דעם מיסטישן ניגון פון כל נדרי. אַ סך זענען פיר־פינף און זעקס־און־צוואַנציק שעה געשטאַנען פאַרן באַשעפער און זיך מתוודה געווען אויף די זינד, געשלאָגן זיך אין האַרצן חטאתי, געזונגען תפילות, שירים און תשבחות צום אויבערשטן, ממש טייכן טרערן האָבן זיך געגאָסן.

ביי הזכרת נשמות האָט מען דערמאָנט די נפטרים, די עלטערן פון דורות און דורות, וועלכע זענען אַוועק אין דער אייביקייט.

ווען דער חזן האָט אויסגעזונגען דעם טרויער פון אונדזער געפייניקטער אומה אין דער תפילה פון די עשרה הרוגי מלכות, האָבן דערוואַקסענע און יונגע געטראַכט נישט בלויז וועגן די, וואָס זענען פאַרפייניקט געוואָרן דורך די רוימער, נאָר אויך וועגן די אַלע, וואָס זענען אומגעקומען אין שרעקלעכע פיין אין די קרייץ־צוגן, אין דער אינקוויזיציע, אין די גזירות און רדיפות פון הונדערטער יאָרן צווישן אַלע פעלקער.

רירנדיקע געוויינען האָבן זיך געהערט פון דער עזרת נשים ווען דער חזן האָט דערמאָנט רבי עקיבא, וואָס זיינע פייניקער האָבן געקעמט זיין לייב מיט אייזערנע קאַמען. אַזוי האָבן אונדזערע מאַמעס און באָבעס באַוויינט און באַקלאָגט דעם פינצטערן יידישן גורל אין גלות.

ענדלעך האָט מען פאַרענדיקט מיט לשנה הבאה בירושלים, אָפּגעדאַוונט מעריב, אָבער נישט געלאָפן גלייך אַהיים אָפּצועסן נאָכן לאַנגן תענית, נאָר אַוועק־געשטעלט זיך אויפן מאַרק מחדש־זיין די לבנה. עס איז אַוועק דער הייליקסטער טאָג פון אַ גאַנץ יאָר. יעדער האָט זיך געפילט ריין, אָפּגערייניקט פון זינד און גרייט אָנצוהייבן אַ ניי יאָר, אַ יאָר פון ווייטער גיין אין שפּאַן פון פאַרהאָרעוועטן לעבן און האָפן אויף בעסערע צייטן.

ווונדערלעך און הייליק זענען געווען די ימים נוראים אין אונדזער שטעטל, אַ לעבנס־שטייגער, וואָס איז איינגעשטעלט געוואָרן במשך פון דורות, דורך גרויסע יידישע חכמים, גאונים און רבנים און איז געהייליקט געוואָרן דורך קדושים און דורך שווערע יסורים און פיין.

## סוכות און שמחת־תורה

סוכות — אַזויפיל צערעמאָניעס און מצוות, אָבער צוליב דער ענגער צייט האָט מען אַלץ געמוזט צוגרייטן גיך. אַ סך האָבן געהאַט גרייטע סוכות, געדאַרפט בלויז עפענען די דעכער און ברענגען דעם סכך. קינדער האָבן זיך פאַרנומען מיט מאַכן די נייע סוכה, באַצירן זי מיט קאָלירטע קייטן און לאַמטערנעס. אָבער די הויפּט־הכנות האָבן זיך געפּאָדערט צום אתרוג און לולב, וואָס מ'האָט געדאַרפט באַזאָרגן פאַר גאַנץ קהל. דער שמש פלעגט אַרומגיין איבער די הייזער מיטן אתרוג, כדי די פרויען זאָלן בענטשן. טאַטעס האָבן געלערנט די קינדער מאַכן די ברכות נענועים. בלויז איין משפחה, ביי די שטיינס, איז געווען אַ מסורה, אַז ווייבער האָבן נישט געבענטשט קיין אתרוג. בענדזשע יהודה־לייבס (שטיין) האָט געשטאַמט פון קאָצקער רבין.

אויף שמחת־תורה האָבן די קינדער צוגעגרייט פּאַפּירענע פענער מיט אַן עפּעלע אויפן שפּיץ פאַן. ביי די קינדער איז דאָס געווען אַ גרויסע איבערלעבעניש. אינעם עפּל האָט מען אַריינגעשטעקט אַ ליכטל. געווען קינדער, וואָס האָבן קיינמאָל נישט געגעסן צו דער זעט, אָבער אַ פאַן אויף שמחת־תורה האָבן זיי געמוזט האָבן.

יידן זענען געגאַנגען מיט הקפות. ביים אַריינגאַנג אין שול האָבן מיידלעך געשטופּט זיך צו קושן די ספר־תורה. בייטאָג האָט מאיר טענענבוים משמח־געווען דעם עולם, געזונגען: „צאן־קדשים” און יינגלעך פלעגן אים אַרומרינגלען, אונטער־האַלטן און זייערע פריילעכע קולות האָבן אָפּגעהילכט ווייט אַרום.

## חנוכה

חנוכה געהער צו די ימים־טובים, וואָס מ׳טוט אין זיי אַ מלאכה, דערפאַר זענען די הכנות נישט געווען קיין לאַנגע. געוויינלעך אין אין יעדער שטוב געווען א חנוכה־לאָמפּ, וואָס מען האָט באַקומען דרשה־געשאַנק צו דער חתונה, ווער פון זילבער און ווער פון פּשוטן מעש, ווער אויף אייל און ווער אויף ליכטלעך.

דאָך האָט דער עולם אין שטעטל זיך געלאָזט אַביסל ווילגיין, געבאַקן לאַטקעס, געשפּילט אַביסל אין קאָרטן און אין אַ סך שטובן האָט מען זיך גענומען אויסלאָזן גריוון אויף פּסחדיקן שמאַלץ.

דערפאַר אָבער איז עס פאַר די קינדער געווען אַן אמתער יום־טוב. מ׳האָט באקומען חנוכה־געלט און געשפּילט אין דריידל, אין בית־המדרש, אין שטוב. אינדרויסן האָט געקנאַקט אַ פראָסט, די פענצטער זענען געווען באַדעקט מיט שניי. באַלד נאָכן בענטשן די חנוכה־ליכטלעך קריגט מען אַרויס פון טאַטע־מאַמע וואָס ס׳לאָזט זיך און מ׳לויפט צו פעטערס און מומעס נאָך חנוכה־געלט און צוזאַמען מיט חברים שפּילן אין דריידל און זיך דערציילן מעשיות וועגן דעם גרויסן גיבור יהודה המכבי און זיינע ברידער.

## פורים

אויף פורים איז מען שוין אין די שטובן געווען מער פאַרהאָרעוועט. די מאַמעס האָבן געגרייט די המן־טאַשן און פליישיקע קרעפּלעך און פאַרשידענע שלח־מנותן.

קינדער האָבן צוגעגרייט די גרעגערס און קלאַפּערס צו מגילה־לייענען און דער עיקר מאַסקעס צום פאַרשטעלן זיך.

פאַרשטעלט האָבן זיך אויך דערוואַקסענע בחורים און יונגעלייט און אַזוי איבערגעטוענע אין פאַרשידענע טראַכטן איז מען מיט געזאַנג געגאַנגען איבער

גלייך צוגענומען און צודערלאַנגט צום אויוון, ווו אין ווינקל האָט געברענט אַן אויפהער אַ פייער. צו דער עבודה פון שטיין ביים אויוון און ציילן די מצות איז געווען באַשטימט אַ ספּעציעלער מענטש. די מצות האָט מען אַריינגעלייגט אין אַ ספּעציעלן קויש, און זיי פונאַנדערגעטיילט צווישן די חסידים.

צום סדר האָט דער טאַטע זיך געגרייט בדחילו ורחימו, אַליין צוגעגרייט דאָס היסב־בעט, די כוסות אויף וויין, די הגדות פאַר יעדן פון בני־בית. נאָכן פרעגן די פיר קשיות האָבן אַלע מיטגעזאָגט מיטן טאַטן „עבדים היינו". נישט געווען קיין שטוב אין שטעטל, ווו עס זאָל נישט זיין צוגעגרייט די קערה של פסח מיט אַלע מינים און דער טיש זאָל נישט זיין געגרייט מיט פיש, יויך און קניידלעך.

קינדער האָבן נייגעריקע זיך געגרייט צום עפענען די טיר ביי „שפוך חמתך" און דערזען אליהו הנביא אַ טרינק־געבן פון זיין כוס, וואָס איז געשטאַנען אַ פולער מיט וויין אויף יעדן טיש. אבער געזען האָבן זיי אים נאָר, ווען זיי זענען ווי דער שטייגער, איינגעשלאָפן. כמעט יעדעס יינגל אין וואָיסלאָוויץ האָט דורכגעמאַכט אַזאַ חלום, ווען ער איז איינגעשלאָפן באַלד נאָך די קנוודלעך. אין חלום האָבן מיר געזען אליהו הנביאן, אַן אַלטיטשקער, אַ גוטינקער, אַ פריילעכער, מיט אַ ווייס־זילבערנער באָרד, אין אַ ווייסער זיידענע קאַפּאָטע געשטיקט מיט זילבער. ער גייט צו צום כוס, גיט אַ זופּ קוים־קוים, אַז עס איז ממש נישט צו דערקענען. אַז מען האָט געטרונקען... נישט איין יינגל האָט געהאַט צוגעגרייט אין האַרצן בקשות, ווונטשן, וואָס ער זאָל אויסבעטן ביי אליהו הנביא, אָבער אין די מינוטן האָט ער פאַרלוירן ס'לשון און נישט געקענט אויסרעדן קיין וואָרט. דאָך זענען די חלומות פון דער סדר־נאַכט געווען ביים יינגל פון די שיינע און גליקלעכע.

שטיל זענען געלעגן די געסלעך און זיך איינגעהערט אין די געזאַנגען פון דער הגדה, וואָס האָבן זיך געצויגן ביז נאָך האַלבער נאַכט. קיין מענטש האָט זיך נישט באַוויזן אין די געסלעך, כאָטש אַלע האָבן געוווּסט, אַז אין דער דאָזיקער נאַכט ווערן יידן, יידישע שטובן, געהיטן דורך הייליקע מלאכים. זיי שוועבן איבער די דעכער, קוקן דורך די פענצטער און שטייען ווי וועכטער ביי די טירן.

## שבועות

קיין ספּעציעלע הכנות זענען ביים ברייטן עולם אין שטעטל נישט געווען, ווייל דער יום־טוב פון מתן־תורה איז נישט פאַרבונדן מיט קיין ספּעציעלע צערע־מאָניעס, בלויז די מילכיקערס זענען געווען שטאַרק טרוד און די באַלעבאָסטעס האָבן צוגעגרייט מילכיקע מאכלים, וואַרעניקעס און פּוטער־געבעקס, קעז־קיכן און קעז־ראַגעלן א. א.

אין די שטיבלעך און בית־המדרש האָט מען באַצירט די ווענט און דילן

אָנגעהויבן אַ סדרה פון רייניקן, שאָבן, קראַצן און כשרן; אויסלופטערן די ספרים אויפן הויף, איבערדרייען די קעשענעס פון די מלבושים און כשרן די כלים. אין באָד זענען געווען ספּעציעלע קעסלען, אין וועלכע מען האָט געכשרט די כלים.

אַ באַזונדער הייליקע עבודה איז געווען דאָס באַקן די ערב־פּסחדיקע שמורה־מצות. דאָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ טאָג פריער, ווייל פאַרנאַכט איז מען געגאַנגען נאָך „מים שלנו״. דאָס וואַסער האָט, לויטן דין, געמוזט „איבער־נעכטיקן״ אין שטוב און דערמיט האָט מען געקנעטן דאָס טייג פאַר די מצות.

מיין פאָטער איז געווען איינער פון די, וואָס האָבן שוין געהאַט אַ חזקה אויפן קנעטן. ער האָט אויך אַכטונג געגעבן אויף דער גענויער מאָס פונעם מעל.

אָפטמאָל בין איך מיטגעגאנגען מיט די חסידים צום ברונעם. איינער האָט געהאַלטן דעם עמער. דוכט זיך, אַז ער האָט געדאַרפט זיין אַ הילצערנער. אַ צווייטער — דאָס ערדענע שעפ־טעפּל, אַן אַנדערער — דאָס דורכזיי־טיכל און עס איז געגאַנגען אַ כיבוד ווער עס זאָל אָנשעפּן פריער און ווער שפּעטער. ווען מען האָט שוין אָנגעפילט עטלעכע עמערס וואַסער איז מען אַהיימגעגאַנגען מיט געזאַנג.

נאָך מעריב האָט זיך אָנגעהויבן די בדיקת־חמץ. אָפטמאָל האָט מען פּשוט אונטערגעוואָרפן קרישקעלעך ברויט פאַר זיך אַליין, כדי צו קענען מאַכן די ברכה על ביעור חמץ. די צערעמאָניע איז געווען אַ קורצע. דערפאַר אָבער זענען די באַלעבאָסטעס על־פּי־רוב וואַך־געווען אַ גאַנצע נאַכט צוצוגרייטן אויף יום־טוב און עס האָט זיך זיי אויסגעוויזן, אַז זיי זענען קיינמאָל נישט פאַרטיק.

אויפצומאָרגנס האָט זיך ביים בעקער אָנגעהויבן די עבודה פון באַקן. נאָכן געבן דעם צייכן האָט זיך אָנגעהויבן דאָס קנעטן. דער טאַטע האָט אַכטונג געגעבן ביים צוגעבן טראָפּנס וואַסער צום טייג און ווען דאָס קנעטן איז געווען פאַר־ענדיקט, האָט ער אויסגערופן „נעמט די מיירע״. איינע פון די וועלגערינס האָט גענומען דאָס טייג, צעטיילט עס אויף קלענערע טיילן און יעדער וועלגערין געגעבן אַ טייל און יענע האָבן זיך גלייך גענומען צו דער אַרבעט.

דאָס וואַלגערן איז געטון געוואָרן אויף אַ לאַנגן טיש, וואָס מען האָט צונויפ־געשטעלט פון צוויי ברייטע ברעטער, וואָס מען האָט אָפּגעריבן ביז זיי זענען געוואָרן וווּנדערלעך־ריין. די ברעטער האָט מען אַוועקגעלייגט אויף אַ הילצערנעם געשטעל, וואָס מען האָט גערופן קאָבילעס און עס האָט זיך באַקומען אַ טיש.

די אויסגעוועלגערטע מצה, דין ביז דורכזיכטיק, האָט מען צודערלאַנגט צום „מנקב״, דעם רעדלער, וואָס האָט דורכגעפירט דאָס ציין־רעדל איבער דער מצה, געלעכערט, זי זאָל זיך נישט אָנבלאָזן אינעם אויוון. פון אים האָט מען עס

גלייך צוגענומען און צודערלאַנגט צום אויוון, ווו אין ווינקל האָט געברענט אַן אויפהער אַ פייער. צו דער עבודה פון שטיין ביים אויוון און ציילן די מצות איז געווען באַשטימט אַ ספּעציעלער מענטש. די מצות האָט מען אַריינגעלייגט אין אַ ספּעציעלן קויש, און זיי פונאַנדערגעטיילט צווישן די חסידים.

צום סדר האָט דער טאַטע זיך געגרייט בדחילו ורחימו, אַליין צוגעגרייט דאָס היסב־בעט, די כוסות אויף וויין, די הגדות פאַר יעדן פון בני־בית. נאָכן פרעגן די פיר קשיות האָבן אַלע מיטגעזאָגט מיטן טאַטן „עבדים היינו״. נישט געווען קיין שטוב אין שטעטל, ווו עס זאָל נישט זיין צוגעגרייט די קערה של פסח מיט אַלע מינים און דער טיש זאָל נישט זיין געגרייט מיט פיש, יויך און קניידלעך.

קינדער האָבן נייגעריקע זיך געגרייט צום עפענען די טיר ביי „שפוך חמתך״ און דערזען אליהו הנביא אַ טרינק־געבן פון זיין כוס, וואָס איז געשטאַנען אַ פולער מיט וויין אויף יעדן טיש. אָבער געזען האָבן זיי אים נאָר, ווען זיי זענען ווי דער שטייגער, איינגעשלאָפן. כמעט יעדעס יינגל אין וואָיסלאָוויץ האָט דורכגעמאַכט אַזאַ חלום, ווען ער איז איינגעשלאָפן באַלד נאָך די קנוידלעך. אין חלום האָבן מיר געזען אליהו הנביאן, אַן אַלטיטשקער, אַ גוטינקער, אַ פריילעכער, מיט אַ ווייס־זילבערנער באָרד, אין אַ ווייסער זיידענע קאַפּאָטע געשטיקט מיט זילבער. ער גייט צו צום כוס, גיט אַ זופּ קוים־קוים, אַז עס איז ממש נישט צו דערקענען. אַז מען האָט געטרונקען... נישט איין יינגל האָט געהאָט צוגעגרייט אין האַרצן בקשות, ווונטשן, וואָס ער זאָל אויסבעטן ביי אליהו הנביא, אָבער אין די מינוטן האָט ער פאַרלוירן ס׳לשון און נישט געקענט אויסרעדן קיין וואָרט. דאָך זענען די חלומות פון דער סדר־נאַכט געווען ביים יינגל פון די שיינע און גליקלעכע.

שטיל זענען געלעגן די געסלעך און זיך איינגעהערט אין די געזאַנגען פון דער הגדה, וואָס האָבן זיך געצויגן ביז נאָך האַלבער נאַכט. קיין מענטש האָט זיך נישט באַוויזן אין די געסלעך, כאָטש אַלע האָבן געוווּסט, אַז אין דער דאָזיקער נאַכט ווערן יידן, יידישע שטובן, געהיטן דורך הייליקע מלאכים. זיי שוועבן איבער די דעכער, קוקן דורך די פענצטער און שטייען ווי וועכטער ביי די טירן.

## שבועות

קיין ספּעציעלע הכנות זענען ביים ברייטן עולם אין שטעטל נישט געווען, ווייל דער יום־טוב פון מתן־תורה איז נישט פאַרבונדן מיט קיין ספּעציעלע צערע־מאָניעס, בלויז די מילכיקערס זענען געווען שטאַרק טרוד און די באַלעבאָסטעס האָבן צוגעגרייט מילכיקע מאכלים, וואַרעניקעס און פּוטער־געבעקס, קעז־קיכן און קעז־ראַגעלן א. א.

אין די שטיבלעך און בית־המדרש האָט מען באַצירט די ווענט און דילן

מיט גרינינקע בוימעלעך, באַזונדערס אַרום דער בימה און ארון־הקודש, וואָס האָט געדאַרפט דערמאַנען דעם מעמד הר־סיני. קינדער האָבן זיך געלאָזט אין וואַלד אַריין, אַזוי ווי ס'וואָלט אויף דער וועלט קיין חדר נישט געווען, קיין רבי, קיין קאַנטשיק. זיי האָבן אַהיימגעבראַכט די גרינע צווייגלעך, גרינס אויף יום־טוב, צעהאַנגען איבער די פענצטער, געלייגט שאַווערן אויף די פּאָדלאָגעס.



אַט אַזוי זענען אָפּגעהיטן געוואָרן טראַדיציעס און מנהגים און אין דער דאָזיקער וואַרעמער אַטמאָספער פון אונדזער שטעטל, אַ היימיש־יידישע און טיף־מענטשלעכע, זענען אויסגעוואַקסן דורות, וואָס האָבן געצויגן זייערע לעבנס־זאַפטן פון אומאויסשעפּלעכן קוואַל פון יידישקייט, געוואָרן צוגעבונדן מיט אַלע פעדעם פון זייער נשמה צום יידישן פאָלק, מיטגעפילט זייערע ליידן און פריידן.

געווען אַ תקופה ווען אַ סך יוגנטלעכע אין אונדזער שטעטל זענען אַוועק זוכן קולטור ביי אַנדערע פעלקער, געמיינט, ווי אַ סך, אַ סך אַנדערע אין יידישע שטעטלעך, צו געפינען דאָרט שענערע און בעסערע ווערטן. גיך איז געקומען די אַנטוישונג, אַ ביטערע און טראַגישע אַנטוישונג און דער פּרייז איז געווען דער גרויזאַמסטער אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט און האָט געפירט צום אונ־טערגאַנג.

ימען בלוט און טרערן זענען אָפּגעפלאָסן און איצט, ווען מיר שטעלן דעם דענקמאָל פאַר אונדזערע קדושים, אַנטפּלעקן זיך פאַר אונדז די אוצרות אין די טראַדיציעס, דינים, הלכות און מנהגים. וואָס מער מיר טראַכטן זיך אַריין אין זיי אַלץ מער געפינען מיר אין זיי גרויסקייט און שיינקייט, אַלגעמיין־עטישע כללים אין פּערזענלעכע באַציאונגען צווישן מענטש און מענטש און דעם גייסט פון אַ הויכער מאָראַל, וואָס האָט באַווירקט די גייסטיקע אַטמאָספער אין שטעטל.

## די קהילה

די קהילה, וואָס איז געווען אַ האַלבע רעגירונגס־אינסטיטוציע, מיט רעכט אַרויפצולייגן שטייערן אויף אַלע יידן אין וואַיסלאָוויץ, האָט אָבער נישט געהאַט די מעגלעכקייטן אויסצונוצן אירע רעכט און דאָס צוליב דער אָרעמקייט פון דער באַפעלקערונג. דאָך האָט זי אויסגעהאַלטן אַ רב און שוחטים, האָט זיך באַשעפטיקט מיט אַלגעמיינע יידישע ענינים, מיט אַלעם, וואָס האָט אָנגערירט די רעליגיעזע און עקאָנאָמישע יסודות פון שטעטל.

אין אָנהויב איז דער אויסוואַל פון דאָזאַרעס נישט געווען קיין פּאַרטיי־אישער, נאָר לויטן אָנזען און פעיקייטן פון די קאַנדידאַטן. מיטן אויפקום פון

פּאַרטייען האָבן זיך אָנגעהויבן צאַנקערייען. פונדעסטוועגן איז דער פּאַרטייאישער שלום־בית אין דער קהילה פון וואיסלאָוויץ געווען אַ סך שטאַרק און דויערנדיקער פון די צאַנקערייען און אמפּערנישן.

אין דער קהילה זענען געווען דאזארעס: יאסעלע שאפער, קלמן כץ (אהרן וואלפּס), בעריש סטאַליער (שטאקהאמער), לייבטשע שטיין, יאסל יהודה־ביילעס (טענענבוים), מעכל ראב, מאטעס ראַזנבוים, יעקב שטראסבערגער, לייזער בערגער, יאנקל זיסמאן (לינקע פּועלי־ציון).

ראשי־הקהל זענען אין פאַרשידענע צייטן געווען: מיין פאָטער אלתר רייז, וואלוויש הובערמאן און חיים מארדער.

די דאזארעס, וואָס האָבן געאַרבעט שלא על־מנת לקבל־פּרס, האָבן געדאַרפט אויסטראָגן אויף זיך די אחריות לגבי דער מאַכט אויף פאַר די מבֿלומרשטע זינד, וואָס די פּאָליציי האָט געפלעגט פאַרוואַרפן קהל. נישט איינמאָל איז מיין טאַטן אויסגעקומען צו גיין אָפּזיצן אין קאָזע פאַר אַ שטראָף, וואָס מען האָט אַרויפגעלייגט אויף דער קהילה צוליבן נישט אָפּהיטן די פאַרשריפטן פון דער מקוה אָדער אנדערע צוטשעפּעניש׳ן.

שוחטים זענען געווען: „ר׳ יוחנן שוחט, וועגן וועלכן מען האָט דערציילט, אַז ער איז געווען אַן אָפּגעהיטענער ייד און די קצבים האָבן פאַר אים געהאַט גרויס דרך־ארץ; ר׳ מרדכי קעלמאַנאָוויטש, אַ תלמיד־חכם און ירא־שמים, וואָס האָט געטון זיין אַרבעט ווי אַ הייליקע עבודה; ר׳ שכנא שוחט, אַ הדרת־פּנימדיקער ייד און גוטער לערנער, איז דערנאָך אַוועק קיין סעלץ; איטשע־מענדל הובערמאַן, איז בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה אַוועק קיין באַרדיטשעוו, ווו די יידן האָבן אים אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס אַלס שוחט. דאָרט איז ער אויך געשטאָרבן; איטשע קריגער, אַן ערלעכער ייד און געזעלשאַפטלעכער מענטש, האָט אָפטמאָל אַרויסגעוויזן פאַרשטענדעניש פאַר דער התלהבות פון דער ציוניסטישער יוגנט. ער איז געווען אַ הוישאַטינער חסיד און אַ בעל־תפילה. יצחק־אלי, איז גאָר יונג געוואָרן שוחט, אַ יונגערמאַן מיט אַן אָפענעם מוח, איז געווען אַ טריסקער חסיד און האָט געהאַט אַ שם פאַר אַ למדן.

פאַרשטילט זענען געוואָרן די ניגונים אין בית־המדרש און אין די חסידים־שטיבלעך; פאַרשוויגן איז געוואָרן דער קול התורה והתפילה. אַלע זענען זיי פאַרטיליקט געוואָרן אין דעם היטלעריסטישן גיהנום.

אומגעקומען זענען אַלע, נישט געבליבן קיין זכר, קיין קבר. נישטאָ ווער ס׳זאָל נאָך זיי קדיש זאָגן; זאָלן דערפאַר די ווערטער זיין אַ מצבה נאָך די טייערע יידן, די קדושים פון אונדזער שטעטל.

יתגדל ויתקדש...

# פון
# מיין באבעס אוצר

מיט טויזנטער פעדעם פיל איך זיך פאַרבונדן מיט מיין היימשטעטל וואָיסלאָ־וויץ, ווו עס האָבן געלעבט מיינע עלטערן און זיידעס ביזן פינפטן דור און זיי האָבן אין פאַרלויף פון הונדערטער יאָרן געבויט זייער היים אין וואָיסלאָוויץ, געהאָפט צו געפינען אין דעם שטעטל אַ מקום־מנוחה, אַ וואַרעמע היים אויך פאַר די שפּעטערדיקע דורות.

צו אונדזער גרויסן צער און ווייטאג איז אָבער זייער האָפענונג דערטרונקען געוואָרן אין בלוט. עס זענען גרויזאַם אומגעקומען אונדזערע עלטערן, שוועסטער, ברידער, פריינט און חברים. דער שונא האָט נישט געשוינט קיין יונגע קינדער, עופלעך. אונדזער שטעטל איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מוראדיק שעכט־הויז. פונוואַנען עס איז נישט געווען קיין מעגלעכקייט אַרויסצוקריגן זיך לעבעדיקערהייט. מיר זענען פשוט נישט אימשטאַנד צו באַגרייפן דעם גרויזאַמען אומקום, וואָס האָט געטראָפן אונדזער געוועזענע היים, וועלכע מיר וועלן נישט אויפהערן צו באַקלאָגן.

עס וויינט דאָס האַרץ אויף די פאַרפייניקטע, פאַרלוירענע. אָבער זייער ליכטיקער אָנדענק פאָדערט פון אונדז אַ שטאַרק און געמוטיקט האַרץ און דער־ציילנדיק וועגן זיי זענען אונדזערע הערצער דורכגעדרונגען מיט ליבשאַפט און בענקשאַפט צו יענע אַלע וואָס זענען געווען און זענען מער נישטאָ.

איך זע זיי פאַר זיך אין זייער טאָג־טעגלעכן לעבן און אין זייער יום־טוב, אין זייער צוגעבונדנקייט צום שטעטל ווו עס האָבן גערוט די ביינער פון זייערע עלטערן און אור־עלטערן. קיינער האָט נישט קלאָר געקענט די געשיכטע פונעם שטעטל, דעם גאַנצן שלשלת היוחסין ביז אין דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט. אָבער געוווּסט האָט מען, אַז נאָך מיט הונדערטער יאָרן צוריק איז דאָ געווען אַן אַלטער יידישער ישוב. עס איז דאָ געווען אַן אַלטער בית־עלמין, נאָענט פון דער גראַבליע, ווו דער רוסישער פּאָפּ האָט געוווינט. עס זענען געווען דאָרט מצבות, אָפּגעריבענע, קרישלענדיקע פון אַלטקייט און די אויפשריפטן זענען שוין נישט געווען לייענבאַר. מען האָט דערפאַר נישט געקענט וויסן פון וועלכן יאָר זיי זענען.

זיי האָבן אָבער קלאָר באַשטעטיקט, אַז דאָ האָט עקזיסטירט אַ יידישער ישוב, פון וועלכן עס זענען פאַרבליבן זייער ווייניק שפּורן. וואַרשיינלעך האָט דער ישוב דורכגעמאַכט שווערע מלחמות, שריפות און אַנדערע פורעניותן, וואָס האָבן נישט איבערגעלאָזט קיין שטיין אויף אַ שטיין.

אַלס יינגל פלעג איך ליב האָבן צו לאָזן זיך אַהין צו דער גראַבליע, קוקן אויף דעם אַרומגעצוימטן פלאַץ פונעם אַלטן בית־עלמין און טראַכטן וועגן די דורות יידן, וואָס האָבן געלעבט אין שטעטל מיט הונדערטער יאָרן צוריק. איינמאָל בין איך מיטגעגאַנגען אַהין מיט מיין טאַטן צוזאַמען מיט זושע משהלעס, שלמה אופירס זיידע. ביידע זענען געווען מיטגלידער פון דער חברה קדישא, און צו־קומענדיק צום אַלטן בית־עלמין האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט און צום ווייפלטן מאָל באַטראַכט די מצבות, פאַכמעניש געמאָסטן די ווינקלען פון זייערע שיפועים און לסוף האָט מיין טאַטע זיך אָנגערופן:

„זעסט, זושע, אין וועלכער זייט עס איז דער פראָנט פון די מצבות, הא? אויף מזרח. איצט איז שוין אינגאַנצן זיכער, אַז אין יענער זייט איז דעמאָלט געשטאַנען דער אַלטער ישוב".

איך וואָלט נאָך לאַנג געשטאַנען און צוגעהערט זיך צו זייערע רייד וועגן אַמאָליקן יידישן ישוב אין וואָיסלאָוויץ. אָבער די זון האָט זיך גענומען אָפּרוקן אַ פּאַרטראַכטע. אויף דעם טאַטנס און זושע משהלעס אויגן זענען געוואָרן שטילע, פּאַרטראַכטע. כ'בין געווען זיכער, אַז זיי טראַכטן פּונקט ווי איך וועגן דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט, וועגן וועלכער מ'האָט זיך דערציילט מעשיות און לעגענדעס. מען איז מיט גיכערע טריט געגאַנגען צוריק אין שטעטל, דאַווענען מנחה.

יענע נאַכט האָב איך, ווי מען האָט געזאָגט אין אונדזער שטעטל, געקאָפּעט דאָס ליילעך און האָב נישט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן יענע יידן מיט אַ סך הונדערטער יאָרן צוריק און האָב זיך געוואָלט פאָרשטעלן ווי אַזוי עס האָט אויס־געזען זייער לעבן. כ'ווייס נישט פאַרוואָס כ'בין אַזוי זיכער געווען, אַז אין יענער צייט איז דאָס שטעטל געווען גרעסער ווי איצט און אז עס זענען דאָ געווען גדולי התורה, וואָס האָבן געהאַט אַ שם אין ווייטע מקומות. כ'האָב געוואָלט געפינען אַ צוזאַמענהאַנג צווישן זיי און די באַלזאַמירטע קערפּערס אין קאַפּאָטעס און שטריימלעך, וואָס זענען געלעגן אין די קעלערס פונעם קאָשטשיאָל. זייערע וואַקסענע פּנימער זענען שטיין געבליבן אין מיין האַרצן צוזאַמען מיט די טונקעלע קירכע־ווענט און מיט די מעשיות וועגן די שמד־גזירות, וואָס זענען געפאַלן אויפן אַלטן וואָיסלאָוויץ און האָבן געמאַכט פון שטעטל אַן עיר הנדחת.

ווי אַן אָפּקלאַנג פון ווייטן לעבט אין מיר די מעשה ווי שלמה וואָלווישעס האָט געפונען ביי אַ גוי הינטערן שטעטל בעלקעס מיט אָפּגעריבענע יידישע אותיות, און וויפל מען האָט זיך נישט געמוטשעט צונויפצושטעלן פון זיי ווערטער, איז עס נישט געלונגען. אויף איין בעלקע האָט מען דייטלעך געקענט דורכלייענען דאָס וואָרט „לפ"ק", אָבער איבריקע אותיות, וואָס וואָלטן געקענט דערציילן די דאַטע ווען זיי זענען אויסגעקריצט געוואָרן, זענען געווען אַזוי אָפּגעריבן, אַז

מען האָט זיי בשום אופן נישט געקענט דורכלייענען. זיכער איז אָבער געווען, אַז די בעלקעס זענען געווען פון אַ שול אָדער בית המדרש. קהל האָט ביים גוי אָפּגעקויפט די בעלקעס און זיי אַוועקגעשטעלט אינעם פאָרהויז פון דער עזרת נשים ביי דער שול.

כ׳בין נאָך כמעט אַ קינד געווען, ווען כ׳האָב פונעם זיידן געהערט דערציילן וועגן דעם כראביע פּאַליטילעס באָבע, צו וועלכער דאָס שטעטל האָט געהערט און זי האָט אַרויסגעגעבן אַ גזירה, אַז אַלע יידן פון שטעטל מוזן זיך שמדן. צוליב דער דאָזיקער גזירה האָט מען עס אין דער אַרומיקער געגנט גערופן די יידן וואַיסלאָוויצער משומדים.

דורות זענען אַוועק און יענע פאַרביסענע צורות, די גרעפין פּאַליטילע איז אין געדעכעניש פון די יידן אין וואַיסלאָוויץ געבליבן ווי די פאַרקערפּערונג פון שלעכטס און רשעות. לעגענדעס האָבן זיך געוועבט וועגן איר ביטערן סוף. איר לעבן איז אויסגעלאָשן געוואָרן ביסלעכווייז אין אַ מוראדיק־שווערער גסיסה. עס זענען געפאַלן פון איר שטיקער און זי האָט נישט אויפגעהערט שרייען פון גרויסע פּיינען און יסורים, פון שרעק און פּחד פאַרן מלאך המוות, וואָס איז נישט אָפּגעטרעטן פון איר, געקוקט אויף איר פון דער זייט און די שטיקער פון איר פאַרפוילטן לייב צעוואָרפן איבער דער געגנט, ווו עס איז שפּעטער אויסגעוואַקסן דער געדיכטער וואַלד.

נאָך אַנדערע ענלעכע מעשיות האָט מען אין שטעטל זיך דערציילט וועגן יענע צייטן פון גזירות און רדיפות. אָבער צום שטאַרקסטן האָט זיך אין מיין זכרון איינגעקריצט די מעשה מיט יענער רשעותדיקער גרעפין, וואָס האָט געצוווּנ־גען די יידן צו שמד און איר ביטערער סוף האָט געטרייסט מיין קינדערשע פאַנטאַזיע. ווען איך פלעג אין די קינדער־יאָרן דורכגיין דעם וואַלד אין אַ פאַר־נאַכט, ווען דער הימל איז געווען פאַרוואָלקנט און אַ ווינט האָט זיך געריסן צווישן די טונקעלע געדיכטענישן פון די ביימער, האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז איך הער דעם געיאָמער פון יענער רשעותדיקער גרעפין, וועמענס נשמה מאַכט דורך אַלע שבעה מדורי גיהנום און קען קיין רו נישט געפינען פאַר אירע מוראדיקע זינד קעגן די וואַיסלאָוויצער יידן. איך בין געווען זיכער, אַז אויף אַזעלכע חטאים איז בכלל קיין מחילה נישטאָ און די שטראָף ענדיקט זיך נישט קיינמאָל ביזן סוף פון אַלע צייטן.

איבער פינף צענדליק יאָר זענען פאַרביי זינט יענער צייט, ווען מיין שטילע באָבע האָט מיר דערציילט די דאָזיקע געשיכטעס וועגן דעם עבר פונעם שטעטל און פון אונדזערע זיידעס און אור־זיידעס, וועגן זייער פּשוט, ריין און אָפּגעהיטן לעבן און גרייטקייט מקריב צו זיין זיך אויף קידוש השם. היינט, ווען איך זעץ

זיך אַוועק איבערגעבן מיינע זכרונות פאר די איבערגעבליבענע, פאַר דעם שארית הפליטה פון אונדזער קליינער קהילה און פאַר די ווייטערדיקע דורות, האָב איך דאָס געפיל ווי די נשמות פון אַלע אונדזערע ייִדעס וואָלטן זיך פאַרקליבן און באַזעצט אין אונדז. זיי מאָנען אַ תיקון כאָטש אין געציילטע ווערטער, דערמאָנען און דערציילן וועגן זיי, וועגן זייער פאַרוואָרצלטקייט און צעצווייגטקייט אין גרויסע משפחות, וועגן זייערע טעג און נעכט אין גרויסער בענקעניש נאָך דער גאולה שלימה, וועגן דער גאַנצער שיינקייט פון זייער פאַרהאָרעוועט לעבן. אָ, ווי שווער זענען געווען די פּרנסות פון די ייִדן אין אונדזער שטעטל, פון די דאָרפסגייער און קרעמער, פון די בעלי־עגלות און בעלי־מלאכות, פון אַלערליי האָרפּאַשניקעס, יגיע־כפּימניקעס, שטילע נשמות, וואָס האָבן נישט פאַרפעלט קיין מנחה ומעריב און זייער גרויסער תענוג איז געווען אַ פּרק משניות, אַ שטיקל עין־יעקב אָדער פּשוט תהילים־זאָגן, בצבור צי פאַר זיך, יעדער איינער לויט זיין מדרגה.

יעדער איז פאַר זיך געווען אַ וועלט אַ גאַנצע און דאָך האָבן זיך אַלע, דאָס גאַנצע שטעטל ייִדן געפילט באַהאָפטן און פאַרבונדן און אַזוי זינט די ווייטע דורות, וועלכע איך האָב געקענט פון מיין באָבעס דערציילן. אירע מעשיות האָבן דערלאַנגט ביז צו איר זיידן אין די צייטן פון ערשטן פּוילישן אויפשטאַנד, ווען אַ מבול פון פייער און פלאַם האָט פאַרפלייצט פּוילישע שטעט און דערפער. דאָרפגייער און בעלי־עגלות האָבן דערציילט כלערליי מעשיות: אין די נעכט קומען אַרויס פון די וועלדער גאַנצע כנופיות פון פּוילישע קריגסלייט, שפּרייטן זיך אויס ביי די ראַנדן פון די גריבער, צינדן פייערן, פּוצן די שווערדן און ביקסן, און דערנאָך זעצן זיי זיך צו אַ סעודה, אַנטקעגן דער לבנה און די שטערן, און אַמאָל אין דער שטאָק־פינצטערניש, בלויז שטורקאַצן רויכערן זיך. די דאָזיקע לייט, האָט מיין באָבע דערציילט, האָבן געסמאַליעט א דבר אחר, געבראָטן בולבעס און דערצו פאַרטרינקען מיט בראָנפן. עס האָט געטראָפן, אַז די דאָזיקע כנופיות האָבן פאַרהאַלטן אַ ייִדישן דורכפאָרער און אים אויסגעפרעגט מיט אַ געבייזער: „האָסט געזען די מאָסקאַליעס, האַ? ווו, ווען און ווי ווייט? געדענק, טרעפסטו זיי אָן, שווייג און האַלט ס'מויל. ווערסטו וועגן אונדז אַרויסלאָזן אַ פּיפּס, וועלן מיר דיר אויסשניידן די צונג אָדער אויסשטעכן די אויגן און דיך אויפהענגען”.

מען האָט אויך דערציילט, אַז איינע אַזאַ באַנדע האָט געכאַפּט און פאַר־שלעפּט טיף אין וואַלד צוויי ייִדן, נע־ונדניקעס, געשלאָגן זיי מכות רצח, געפייניקט מיט עינויים קשים און דערנאָך אויפגעהאָנגען. אויך מיין באָבעס זיידן אין וואָיסלאָוויץ האָבן זיי אַרויסגעשלעפּט פון בית המדרש, ווו ער איז געזעסן און געלערנט און זיי האָבן אים געטריבן ביז אוכאַן, ווו עס זענען שוין געווען צר־

געגרייט תליות פאַר נאָך אַנדערע יידן. למאי האָבן יענע לייט דאָס געטון? זיי האָבן חושד געווען, אַז די דאָזיקע יידן און מיין עלטער־זיידע בתוכם, זענען גאָר פאַרשטעלטע אויסשפּירער, וואָס דינען די מאָסקוויטערס פאַר געלט.

די תליות, אויף וועלכע מען האָט געהאנגען די יידן, זענען געשטאַנען ביים אַריינפאָר קיין אוכאַן. מיין עלטער־זיידע האָט גלייך מיט די אַנדערע יידן אָפּגעזאָגט ווידוי און געווען שוין גרייט אָפּצוגעבן זיין נשמה, אָבער אין מאָמענט, ווען ער האָט שוין געדאַרפט אַרויפשטעלן דעם פוס אויפן בענקעלע צופוסנס פון דער תליה, איז געקומען צולויפן אַ באַבושקע און אַ געשריי־געטון, אַז רוסישע רייטער זענען שוין אַריין אין שטעטל. אויף דער פּוילישער באַנדע איז אָנגעפאַלן אַ פחד און דעם תליין איז דער שטריק אַרויסגעפאַלן פון די הענט. זיי האָבן איבערגעלאָזט די יידן און אַנטלאָפן אין גרויס בהלה.

מיין עלטער־זיידע איז געווען צווישן די אָפּגעראַטעווע, וואָס זענען געבליבן אויפן אָרט, אַראָפּגענומען די געהאַנגענע יידן פון די תליות, געטון זייער רעכט און אויפן אָרט אויסגעגראָבן פאַר זיי אַ קבר, וואָס געפינט זיך ביזן היינטיקן טאָג אויף דער גרענעץ פון אוכאַן.

מען האָט אויך דערציילט ענלעכע מעשיות וועגן די רוסן: איבער וועגן און באַהאַלטענע שטעגן האָבן זיך אַרומגעיאָגט די מאָסקוויטערס, פּוסגייער און רייטער אויף ביסטרע פערד, אַריינגאַלאָפּירט אין די שטעטלעך און דערפער, געזוכט און גענישטערט אין אַלע לעכער, אין די ווינטמילן, אויף די גויאישע „צווינטערס״ צווישן די צלמים און אויף די יידישע בית־עלמינס, צווישן די מצבות, גראָזן און מאָך. אויך זיי האָבן זיך געטשעפּעט צו יידן און אויסגעפרעגט: „האָסט געזען די ליאַכעס, די בונטאָווטשיקעס? וווּ באַהאַלטן זיי זיך אויס? זאָג, איידער מיר צעפּערטלען דיך, ווי מען צעפּערטלט אַן אָקס, אַ קאַלב...״ אויך די רוסן האָבן פאַרשלעפּט יידן, זיי געמוטשעט און געגעבן ביטערע קלעפּ, באשר בכן זיי זענען אויסקוקערס פאר די פּאָליאַקן, וואָס בונטעווען זיך קעגן צאַר. מען האָט דערציילט, אז עטלעכע יידן האָט מען צוגעבונדן מיט שטריק צו די פערד און אַזוי מיט זיי אַוועקגעיאָגט, ערגעץ־וווהין פאַרשלעפּט און מען האָט נישט געוווּסט וווּ זייער געביין איז אַהינגעקומען.

מיין באָבע איז געבוירן געוואָרן עטלעכע יאָר נאָכן אויפשטאַנד. אָבער לאַנג האָט זי נאָך געהערט אין שטוב דערציילן וועגן יענער צייט, ווען עס איז געווען באו מים עד נפש, ס׳וואָסער איז דערגאַנגען ביזן האַלדז, דער פּויער נישט ער האָט עפּעס פאַרקויפט, נישט ער האָט געהאַט אַ פּרוטה אויסצוגעבן אפילו אויף אַביסל זאַלץ. אויב ער האָט געהאַט אַ מעסטעלע תבואה, אַן עוף אָדער אַ ציבעלע, האָט ער עס באַהאַלטן און נישט אַרויסגעלאָזט פון די הענט. עס איז

געווען אַ יקרות און אַ הונגער. פייערן פון צוויי זייטן האָבן זיך געצונדן און די יידן זענען אריינגעכאַפּט געוואָרן אינדערמיט.

ווי ווייל די יידן אין וואַיסלאָוויץ האָבן געפירט אַן אָפּגעזונדערט לעבן, האָבן זיי אָבער פאָרט זיך נישט געפונען אין אַ ליידיקן חלל און אַלץ, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטון און געשען אַרום זיי, האָט זיי טיף אָנגערירט — זייער גורל, זייער באַשטאַנד. איז דערפאַר נישט קיין חידוש, למאי די וואַיסלאָוויצער יידן האָבן אומעטום, וווהין זיי איז נאָר אויסגעקומען צו פאָרן, קיין כעלם אָדער קיין לובלין, צי גאָר קיין וואַרשע, אויפגעכאַפּט יעדע נייעס, יעדע שמועה וועגן דעם וואָס עס טוט זיך אָפּ אין דער וועלט און אַהיימקומענדיק האָט מען עס צעלייגט אויף טעלערלעך און אַריינגעטראַכט קודם כל וואָס עס וועט יידן אַרויסקומען דערפון. יידן האָבן געלעכצט נאָך שלום, נאָך אַביסל מנוחה.

ווען איך וואָלט געוואָלט אין קורצן סומירן די הויפּט־שטריכן פון אונדזער שטעטל, וואָלט איך אַזוי געזאָגט:

עס איז געווען אַ וואַרעם־פולסירנדיק יידיש לעבן, רבנים און חסידים שאַרפע קעפּ און פשוטע, תמימותדיקע יידן פון אַ גאַנץ יאָר, ווי אויך אַן אויפ־וואכנדיקע מאדערנע יוגנט מיט שטרעבונגען צו הויכע אידעאַלן, מיט חלומות וועגן אַ שענערער וועלט און אַ בעסער לעבן.

אינצווישן האָבן אַלע שווער און ביטער געהאָרעוועט אויף פרנסה, דאָרפס־גייער און קרעמער, בעלי־מלאכות און באַלעבאַטישע יידן; האָבן געהאַט אויס־צושטיין רדיפות פון דער מאַכט, וואָס האָט געהאַט אַ ציל אַרויסצושטויסן יידן פון זייערע נעבעכדיקע פּאָזיציעס; און פון אַלע טונקעלע און בייזע כוחות, וואָס האָבן געהעצט דעם שטעטלשן המון, די פויערים קעגן די אָרעמע יידן.

אָבער נישט געקוקט דערויף האָבן יידן געלעבט און געהאַפּט אויף בעסערע צייטן, געשלאָסן שידוכים און אויפגעשטעלט נייע דורות. אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען די יוגנט איז שוין געווען מאָדערן, מיט אָפענע אויגן און אָנגעשפּיצטע אויערן צו אַלעם, וואָס טוט זיך אויף דער ברייטער וועלט, האָט שוין אָפט געטראָפן, אַז בחורים און מיידלעך האָבן זיך אַליין אָפּגעזוכט זייערע באַשערטע, אָבער על־פּי־רוב איז עס געווען די אויפגאַבע פונעם שדכן און דער אבי־הכלה, אפילו פון דער שענסטער טאָכטער, האָט געמוזט זאַמלען אַ נדן, און ווי אָרעם עס זענען געווען די יידן אין וואַיסלאָוויץ, איז אָבער קיין שום מיידל כמעט נישט פאַרזעסן. אין די לעצטע יאָרן האָט גורם־געווען אַ געוויסער צוריקהאַלט פון חתונה־האָבן די אומזיכערע פּאָליטישע לאַגע און די רדיפות פון דער מאַכט אויף יידן. דאָך איז דער פּראָצענט אַלטע בחורים געווען אַ מינימאַלער.

דער עלטערער דור, פון מיטעלע יאָרן און העכער, איז כמעט הונדערט

פראַצענט באַשטאַנען פון דורכאויס פרומע יידן דורכגעדרונגען מיט טיפער אמונה, נישט אַנגערירט די באָרד, געגאַנגען אַ לאַנג כאַלאַטל מיט אַ יידיש היטל אויפן קאָפּ. חסידים פלעגן שבת טראָגן אַ סאַמעטן היטל און אַ זיידענע בעקעשע.

עס זענען געווען אַזעלכע אָפּגעהיטענע יידן, וואָס זענען יעדן טאָג געגאַנגען אין מקווה טובלען זיך. ערב שבת זענען כמעט אַלע געגאַנגען אין מקוה און אַריין אין שבת אָפּגעוואַשן פונעם שטויב אויף די וועגן. איבער וועלכע זיי האָבן געוואַנדערט אַ גאַנצע וואָך.

ווי מאָדערן די יוגנט איז נישט געווען האָט דאָס שטעטל זיך געפונען אונטערן חותם פון רעליגיעזן לעבן, בלויז דאָס בית־המדרש האָט אָנגעהויבן פוסטעווען. איינצלנע בחורים זענען נאָך געזעסן און געלערנט גאַנצע טעג. די אַנדערע האָבן געהאָרעוועט אויף פרנסה אָדער אַרויס אין די גרעסערע שטעט זוכן אַ תכלית.

דאָך ווען עס איז געקומען שבת האָבן אַלע גערוט. די יוגנט האָט פאַרבראַכט אין די פאַרטיי־לאָקאַלן, שפּאַצירט צום וואַלד, געהערט רעפעראַטן אויף אַלערליי טעמעס, פּאָליטישע, ליטעראַרישע און וויסנשאַפטלעכע, דיסקוסיעס, געזונגען לידער פון בענקשאַפט צו ציון, פון אַרבעטער־פרייהייט.

עס זענען געווען אויך סכסוכים. די עלטערע זענען געגאַנגען צום רב האַלטן אַ דין־תורה, מיטן גאַנצן צוטרוי, אַז דער רב, אַן ערלעכער און קלוגער מענטש, וועט פאַרשטיין דעם ענין און אַרויסטראָגן אַ גערעכטן פסק־דין.

ביי דער יוגנט זענען די סכסוכים באַשטאַנען מערסטנס פון אידעישע מיינונגס־פאַרשידנהייטן, און איינע די אַנדערע האָבן זיך באַמיט איבערצוציגן און אַריבערציען יעדער אויף זיין זייט.

די יוגנט האָט געלייענט ביכער, געקוויקט זיך מיט די יידישע קלאַסיקער, אָבער אין די היימען, ביי די טאַטעס האָט געקיניגט דאָס ספר. כמעט אין יעדער שטוב האָבן זיך געפונען הייליקע ספרים, חומשים, משניות, אַ צאינה־וראינה, תחינות. דער וואָס איז שוין געווען אַ בן־תורה, האָט אויך געהאַט אַן אייגן ש״ס, ספרים זענען געווען דער שענסטער און חשובסטער אוצר, אַ צירונג, וואָס מען האָט דערמיט שטאָלצירט.

עס איז נישט מעגלעך איבערצוגעבן אַלע מאָראַלישע שיינקייטן פון אונדזערע עלטערן און אור־עלטערן. אַלץ איז חרוב געוואָרן אויף אייביק. זאָלן מיר כאָטש אָביסל איבערגעבן פאַר די קומענדיקע דורות.

**אריה־לייב רייז**

יעקב טענענבוים



# אין שטעטל פון מיינע עלטערן און אור עלטערן

נישט קיין פעלדער, נישט קיין פּאַלאַצן, נישט קיין פאַמיליע־הערבן האָבן מיר פון אונדזערע עלטערן אָפּגעירשנט. דעריבער האָבן מיר נישט געדאַרפט נאָכפאָרשן די העראַלדישע כראָניק פון אונדזער ספר היוחסין ביז אונדזערע עלטער־עלטער־זיידעס. איך האָב שטענדיק געוווּסט, אַז זיי זענען געווען פשוטע יידן, פרומע און אָפּגעהיטענע, וואָס האָבן שווער און ביטער געהאָרעוועט אויף פרנסה און זי איז אַלעמאָל געווען שווערער פון קריעת ים־סוף. דאָך האָבן זיי אויף קיין איין שעה פון זייערע טעג און נעכט נישט פארלוירן דעם צלם אלוקים, זייער יידישע און מענטשלעכע ווירדע און אין די שווערסטע צייטן האָבן זיי נישט פאַרלוירן די האָפענונג אויף בעסערע טעג.

וואָס־זשע האָבן מיר פאָרט געירשנט פון זיי? וואָס איז פאָרט איבער־געגאַנגען צו אונדז, קינדער, פון אונדזערע זיידעס און עלטער־זיידעס? אַ האַרציקער ניגון, אַ מוסר־השכל, אַ מעשה פון פאַרצייטנס, וועגן וווּנדערלעכע מענטשן, וועגן אויסטערלישע געשעענישן און וועגן ימים־טובים, שילדערונגען פאַר קינדער און דערוואַקסענע, וואָס זענען איבערגעגאַנגען פון מויל צו מויל און פון דור צו דור.

עס וועלן זיכער זיין אַזעלכע, וואָס וועלן צוהערנדיק זיך צו דעם וואָס מיר דערציילן וועגן אונדזער שטעטל וואָיסלאָוויץ, וועגן דער ירושה פון אונדזערע טאַטעס און זיידעס, שאָקלען ביטולדיק די קעפּ און טראַכטן, אַז דאָס איז אַ קבצנישע ירושה. ניין, וועל איך זיי ענטפערן. די ירושה איז אַ רייכע און אַ פּרעכטיקע און מיר טראָגן זי מיט זיך איבער אַלע צייטן ווי אַ טייערן אוצר.

ביז היינט, למשל, האָב איך נישט פאַרגעסן אַ געשיכטע, דערציילט פון מיין טאַטן, וואָס ער האָט זי געהערט פון זיין זיידן און איר מאָראַלישער באַדייט האָט אויף מיר איבערגעלאָזט אַ טיפן רושם.

ווען עס האָט געבושעוועט די שמד־גזירה האָט וואָיסלאָוויץ שטאַרק געליטן.

די גלחים האָבן זיך פֿאַרלייגט אויפֿן שטעטל און מיט געוואַלט געזוכט אָפּצושמדן די ייִדן. עס איז אפֿילו געשען, אַז מען האָט געכאַפּט די רביצין און מיט כּוח זי אָפּגעשמדט. די מורא איז געווען גרויס. מען האָט זיך אָנדערציילט שרעקלעכע מעשׂיות וועגן גלחים און להכעיס־משומדים. אָבער געווען אויך פֿאַלן, ווען עס האָט גענומען קלינגען מיט בעלי־תּשובֿה, וועמענס שם איז דערגאַנגען פֿון וואַרשע ביז וואָיסלאַוויץ.

געווען איז די מעשׂה אַזוי: אויף דער וואַרשעווער מלוכה־אַקאַדעמיע האָט זיך געפֿונען אַ גלח, אַ האַלבער איטאַליענער און אַ האַלבער פֿראַנצויז, אַ פּראָפֿעסאָר פֿון מזרח־לשונות און ער האָט זיך געהאַלטן פֿאַר אַ גאַנצן ידען אין ייִדישע מקורות און איז אין תּוך געווען אַ מיסיאָנער און ווי אַ סך אַנדערע זיינס גלייכן, געזוכט צו ברענגען ייִדן אונטער די פֿליגל פֿון דער קירך און גענוצט דערצו כּלערליי שמד־שטיק. האָט אַרויסגעגעבן אין פֿראַנצויזיש אַ בוך „די טעאָריע פֿון יהדות“, אין וועלכן ער האָט געשיט מיט שקרים איבערן תּלמוד, אויף רבנים און דיינים און האָט אויך איבערגעחזרט דעם בלוט־בלבול.

ווען דער צאַר נקאָלאַי האָט דערהאַלטן פֿון אים דאָס בוך, האָט ער באַפֿוילן, אַז די פּוילישע מלוכה־קאַסע זאָל דעם גלח אויסצאָלן אַ גרויסע סומע געלט און איבערזעצן עס אויף פּויליש. די פּאָליאַקן האָבן זיך צוגעכאַפּט צו דער דאָזיקער מציאה און געטרונקען דעם סם, וואָס האָט זיי פֿאַרשיכּורט און דאָס בייז־ווונדער איז געשען. ערגעץ האָט זיך אַ קריסטלעך ייִנגל בעתן שפּילן באַהאַלטן אין אַ קאַסטן און נישט געקענט אַרויס פֿון דאָרטן. די אויפֿגעהויבענע דעק האָט זיך פֿאַרמאַכט און ער איז געבליבן פֿאַרשפּאַרט. באַלד האָט זיך פֿאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די ייִדן האָבן אים פֿאַרכאַפּט, כּדי צו שחטן און נוצן זיין בלוט אין די מצות אויף פּסח. עטלעכע ייִדישע שכנים האָט מען גלייך אַרעסטירט. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ חקירה ודרישה, וואָס האָט טאַקע אַרויסגעברענגט דעם אמת, אָבער די געמיטער זענען שוין געווען צעגליט און די רוצחים האָבן נישט געוואָלט רעזיגנירן. איבער ייִדישע קעפּ האָט גענומען שוועבן די געפֿאַר פֿון אַ פּאָגראָם.

ערשט דאָ איז אַרויסגעשווומען אַ משומד, וואָס האָט געשטאַמט פֿון וואָיסלאַוויץ, האָט נאָך ייִנגלווייז זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר גאָר אַ שאַרפֿן קאָפּ און די עלטערן האָבן אים געשיקט לערנען קיין לובלין, האָט אַפֿילו געפּלעגט אַריינקומען צום חוזה, אָבער שפּעטער איז ער אַריינגעפֿאַלן אין אַ מיסיאָנערישער נעץ און זיי האָבן אים אָפּגעשמדט, געשיקט שטודירן קיין וואַרשע. די עלטערן זענען פֿון צרות פֿרי געגאַנגען פֿון דער וועלט און מער האָט מען פֿון אים נישט געהערט, ביז עס האָט זיך גענומען קאָכן מיטן בלוט־בלבול. דעמאָלט איז דער מומר אַרויס מיט זיינס אַ בוך קעגן דעם אַנטיסעמיטישן גלח.

אויף דעם בוך האָט דער מומר זיך אונטערגעשריבן סטאַניסלאַוו וואָיסלאָ־וויצקי. ווייזט אויס, אַז מיטן דאָזיקן נאָמען האָט ער אָפּגעהיטן זיין אָנגעהעריקייט צום יידישן שטאַם און סענטימענטן צום געבורט־שטעטל. אָבער יידן האָבן געוווּסט, אַז זיין אמתער נאָמען איז גאָר יחזקאל חנהס.

אין דאָזיקן בוך וואָס טראָגט דעם טיטל „שעדלעכע שקרים", האָט דער מומר אויפגעוויזן די שאָדנס, וואָס די בלוט־בלבולים זענען גורם דעם קריסטנטום, וועלכער וועט דורך דעם אַריינגיין אין דער געשיכטע ווי אַ רעליגיע, וואָס האַלט זיך אויף רדיפות און אויף ווילדע איינרעדענישן, אויסגערעכנט אויף דער טפשות פון המון. קיין שום געבילדעטער מענטש גלויבט נישט אין די ליגנס, וואָס דער גלח האָט צוגעטראַכט. אונטערשטרייכנדיק אַז ער איז אַליין אַ קריסט, וואָס גלויבט אין יעזוסן, קען ער אָבער נישט זיין גלייכגילטיק צו יענעם גלחס באַשמוצן דאָס... קריסטנטום, אַרויסווייזנדיק דערביי געוויינלעכע עם־הארצות. דער תלמוד, האָט ער געשריבן, איז אַ ווערק פון טויזנטער אמוראים און תנאים און איין מענטש איז גאָרנישט אימשטאַנד אים איבערצוזעצן אויף אַן אַנדערער שפּראַך.

אין דאָזיקן בוך האָט דער יידישער משומד גערעדט רייד פון אַ גרויסן צדיק. ער איז ווירקלעך געווען אַ גרויסער געלערנטער און עס האָט אַויסגעזען ווי דורות יידן וואָלטן זיך אין אים אָפּגערופן און עס האָט זיך פון אים אַרויס־געריסן אַ וויי־געשריי צו דער גאַנצער קריסטלעכער וועלט: „וואָס ווילט איר האָבן פון די אָרעמע יידן? פאַרוואָס ווילט איר מיט געוואַלט אַרויפצווינגען אויף זיי די קריסטלעכע רעליגיע? זאָלן מיר קודם אַליין אָפּהיטן דעם הויפּט־פּרינציפּ פון אייגענער איבערצייגונג,וועלן מיר אים אויפנעמען. לאָמיר ליב האָבן די מענטשן פון אַלע רעליגיעס און נישט פאַרגעסן, אַז דער יידישער דת איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט באַקעמפט געצנדינעריי און געגעבן דער וועלט דעם גלויבן אין איינציקן גאָט.

מיט באַזונדערן צאָרן איז דער משומד אַרויס קעגן גלח'ס וועלן איינרעדן, אז ער פאַרשטייט עפּעס אין קבלה און אַז פון דאָרט איז געדרונגען די מצווה פון נעמען קריסטלעך בלוט אויף מצות. דער גלח ווייסט אפילו נישט, אַז קבלה איז איינע פון די שענסטע ווערק אין פילאָסאָפיע און פּאָעזיע. אפילו צווישן יידן זענען פאַראַן זייער ווייניק אַזעלכע, וואָס פאַרשטייען די טיפקייט פון קבלה, וואָס שטייט אַ סך העכער פון דער גריכישער מיטאָלאָגיע.

וואָיסלאָוויצער יידן האָבן אַנגעקוואָלן פון דעם משומדס פאַרמעסט קעגן יענעם אַנטיסעמיטישן גלח. מען האָט זיך דערציילט, אַז איינער פון זיינע גרויסע זיידעס, וואָס ליגט אויפן וואָיסלאָוויצער בית־עלמין, איז אים געקומען צום חלום און אים געשטראָפט, פאַרוואָס ער שווייגט ווען איבער די יידן שוועבט

די געפּאַר פון אַ פּאָגראָם. מען האָט זיך אפילו געגומען זאָרגן, אַז די שונאי ישראל זאָלן אים נישט אָפּטון עפּעס שלעכטס.

מעשיות פון שמד און קירך האָב איך זיך געפּלעגט אַ סך אָנהערן אין מיינע קינדער־יאָרן. דערצו האָבן מיר נאָך געוווינט צווישן דער צערקווע און דער קירך און איך פלעג כמעט יעדן טאָג זען פאַרבייגיין דעם אַלטן פּראַוואָסלאַוונעם פּראַבאָשטש. אויך דער יונגער קאַטוילישער גלח פלעגט אַריינקומען צו אונדז און אפילו זיך וויצלען מיטן טאַטן. איינמאָל האָט ער זיך אָנגעמאָסטן דעם טאַטנס קאַפּאָטע און געזאָגט, אַז שבת וועט ער קומען דאַווענען אין פּאַליש.

## אין לעגענדארן קאַשטשיאָל־קעלער

דער גלח האָט מיך איינמאָל מיטגענומען אין דער קירך, ווו איך האָב שטאַרק געוואָלט זען דעם קעלער, וועגן וועלכן מען האָט זיך אָנדערציילט פאַרשידענע מעשיות. מען האָט געזאָגט, אַז דאָרט זענען פאַראַן טרומנעס מיט באַלזאַמירטע רבנים, וואָס האָבן מיט הונדערטער יאָרן צוריק זיך געשמדט און געוואָרן גלחים

מיט גרויס אימה בין איך נאָכגעגאַנגען דעם גלח, אַראָפּ מיט אים איבער די פינצטערע טרעפּ. דער אַלטער וועכטער האָט געטראָגן דעם נאַפט־לאָמפּ און פּאַר מיינע אויגן האָבן זיך באַוויזן גלעזערנע טרומנעס, דורך וועלכע מען האָט געזען ליגן די פיגורן פון די רבנים, וועמענס פּנימער האָבן אויסגעזען ווי פון וואַקס און די בערד זענען געווען גראָ. זיי זענען געלעגן אין זייערע מלבושים, אין די שטריימלעך, אין די אטלאַסענע קאַפּאָטעס, אַרומגעוויקלט מיט זיידענע גאַרטלען.

מיין קינדערשע פאַנטאַזיע איז געווען צערייצט. כ׳האָב געוואָלט וויסן ווער זיי זענען און ווי אַזוי זיי קומען אַהער. דער גלח האָט מיר געזאָגט, אַז דאָס זענען געווען רבנים, וואָס זענען דערגאַנגען, אַז יעזוס איז גאָטס זון און האָבן זיך געשמדט. פאַרוואָס האָבן זיי זיך נישט איבערגעטאָן אין גלחישע מלבושים? האָב איך געוואָלט וויסן. ער האָט מיר דערויף געענטפערט, אַז אין די רבנישע מלבושים זענען זיי ווייטער געקומען צו די יידן און זיי געלערנט די קריסטלעכע לערע.

דער ענטפער האָט פאַר מיר נישט קלאָר געמאַכט דעם נעפּל, אין וועלכן די גאַנצע מעשה איז געווען איינגעהילט. אין מיין פאַנטאַזיע האָבן זיך געפּלאָנטערט די בילדער ווי גלחים פאַרשטעלן זיך פאַר רבנים און רבנים טוען זיך איבער אין גלחישע סוטאַנעס און אַלע ווילן זיי פאַנגען יידישע נשמות. אין האַרצן האָב איך דעמאָלט געשווירן, אַז איך וועל זיך קיינמאָל נישט לאָזן פאַנגען אין זייער נעץ.

דער קעלער מיט די באַלזאַמירטע רבנים האָט מיר אָבער נישט געגעבן

קיין רו כ׳פלעג אַ סך טראַכטן וועגן דעם און געחלומט, אַז ווען כ׳וועל אויפ־וואַקסן וועל איך פאָרן איבער דער וועלט און אַלעמען דערציילן וועגן די דאָזיקע געשמדטע רבנים. ווייזט אויס, אַז עס האָבן דאָס געטון אַנדערע פאַר מיר. אין יאָר 1915, ווען איבער דער וועלט האָבן שוין געדונערט די האַרמאַטן, און רייזעס איבער שטעטלעך זענען געוועזן באַגלייט מיט געפאַרן, זענען אָראָפּגעקומען קיין וואַיסלאַוויץ צוויי יידן אין די מיטעלע יאָרן. אין שטעטל האָט זיך באַלד צעטראָגן, אַז דאָס זענען יידישע היסטאָריקער, וואָס זענען געקומען פאָרשן דעם ענין פון די טרומנעס מיט די רבנים. שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז פּראָפעסאָר באַלאַבאַן האָט וועגן דעם אָנגעשריבן אַן ערנסטע אַרבעט.

לאַנג האָבן זיך געצויגן די ווינטערדיקע אָוונטן אין שטעטל, אָבער ווי לאַנג מען איז געווען אין בית־המדרש, אין פאַליש, האָט מען עס נישט באַמערקט. חברה קינדער האָבן זיך צעזעצט אין די ווינקלען און זיך איבערדערציילט די מעשיות, וואָס זיי האָבן זיך אָנגעהערט אָדער אונטערגעהערט פון די עלטערע. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געלייענט זייער שיינע מעשיות מיט רבי מאיר בעל־הנס, מיט רבי יהושע בן־לוי, ווי אליהו הנביא האָט אים איינמאָל מיטגענומען וואַנדרעווען בקאַמפּאַניע איבער דער וועלט, נאָר בתנאי, הערן, זען און שווייגן.

נאָך אַזעלכע מעשיות האָב איך זיך אַ וואָרף געטון צו דער גמרא, געזוכט די אגדתות, ווי רבי שמעון בן־יוחאי האָט איינמאָל אַרויסגעפירט זיינע תלמידים אין עפּעס אַ גרויסן טאָל און געזאָגט: טאָל, טאָל, פיל זיך אָן מיט רענדלעך און ער האָט זיך טאַקע באַלד אָנגעפילט מיט גילדענע רענדלעך שפּעטער בין איך אַרומגעגאַנגען אַ פאַרטראַכטער און נישט געקענט פאַרשטיין, פאַרוואָס עס געשעען נישט אַזעלכע נסים אין וואַיסלאַוויץ, ווו עס זענען דאָך פאַראַן אַזויפיל ערלעכע יידן און זיי זענען אַזעלכע אביונים. נישט איינמאָל האָב איך געהערט אין שטוב קרעכצן איבער דער דאָליע פון יענע אביונים, וואָס האָרעווען, האָרעווען און עס גייט עפּעס נישט.

בכלל האָט מען אַ סך געקרעכצט אין וואַיסלאַוויץ. נישט איינמאָל האָב איך געהערט דעם טאַטן קרעכצן איבער מיר, איבער דעם, וואָס אין קאָפּ ליגן מיר נאָר מעשיות און שפּילן און כ׳טראַכט נישט וואָס עס וועט זיין דער תכלית. דער תכלית, האָב איך געוווּסט, איז קענען לערנען. ווו דען קען מען געפינען אַ תכלית, אויב נישט אין דער גמרא? אָט דאָ ליגט דאָס גאַנצע גליק פון אַ מענטש, דאָס בעסטע, וואָס ער קען נאָר דערגרייכן אין לעבן. גאָר פרי, ווינטער, ווען עס איז נאָך געווען פינצטער אינדרויסן בין איך שוין געגאַנגען אין בית־המדרש אריין לערנען. כ׳בין נאָך קיין גאַנצע ניין יאָר נישט אַלט געווען, ווען איך האָב שוין געלערנט „בבא קמא״, שור שנגח את הפרה, הויך אויפן קול, מיט אַ ניגון,

אין וועלכן איך האָב אַריינגעלייגט מיין גאַנצע איבערגעגעבנקייט מיט ראובנס אָקס, וואָס האָט געשטויסן שמעונס קו. מיין קינדיש קעפּל האָט שוין דעמאָלט שטאַרק געאַרבעט ווי אַזוי נישט צו לאָזן אַרויסדרייען זיך דעם שולדיקן צו באַצאָלן פאַרן שאָדן.

שפּעטער זענען געווען נעכט, כמעט יעדן דאָנערשטאָג, ווען כ׳בין אַ גאַנצע נאַכט נישט אַרויס פונעם בית־המדרש. אויף אַ שעה צייט אַוועקגעלייגט זיך אויף דער באַנק, האַרט ווי אַ שטיין, און באַלד ווידער זיך גענומען צום לערנען ביזן באַגין. און דאָס אַלץ כדי צו דערגיין דעם סוד פון דער אמתער שולד פאַרן שטויסן די קו און אַנדערע ענלעכע פּראָבלעמען, וואָס האָבן זיך מיר אויסגעוויזן אַז זיי דאַרפן אינטערעסירן די גאַנצע וועלט און דאָס דערגיין צו זיי איז דער תכלית פון יעדן יידישן ייִנגל.

ווען כ׳האָב אין יאָרן אַרום געלייענט ביאַליקס ליד „המתמיד”, האָב איך אין אים דערזען מיינע אייגענע קינדער־און יוגנט־יאָרן, וואָס זענען פאַרגאַנגען אין וואָיסלאָוויץ. כ׳האָב זיך געזען גיין אין די זומערדיקע פאַרטאָגס איבער די געסלעך, וואָס האָבן זיך אויפגעוועקט פון שלאָף און קילע ווינטלעך האָבן געגלעט דעם צעהיצטן קאָפּ מיט די ראַיענדיקע מחשבות; אין די ווינטערדיקע באַגינענס, ווען אין דער אַרוימיקער חשכות האָבן געשוועבט פאַר די אויגן גילגולים פון מתים, וואָס גייען אַרום אויפן עולם התוהו, נישט־גוטע, וואָס סטראַשען און מלאכים, וואָס היטן די טריט פון די, וואָס גייען אין גאָטס וועגן און זיי זענען פאַראַן אין יעדן ווינקעלע. פון בית־המדרש האָבן זיך שוין געהערט די טרויעריק־זיסע ניגונים פון די ערשטע, וואָס האָבן זיך מקדים געווען און שוין געזעסן איבער די גמרות. אַזעלכער איז געווען איטשע־יאַנקל שוסטער, האָט געקענט גוט לערנען און פלעגט פון צייט צו צייט פאָרן צום ראַדזינער רבין, אין וועלכן ער האָט שטאַרק געגלויבט. אָבער דערציילט האָט מען, אַז ער האָט זיך דאָרט אַרומגעוואָגלט אַ פאַרלוירענער איבערן רבינס הויף. ווער ווער זיך עס אומקוקן אויף אַ וואָיסלאָוויצער שוסטער? דערפאַר אָבער האָט מען אין שטעטל געהאַט פאַר אים גרויס דרך ארץ און מען האָט אים פאַרגליכן צו רבי יוחנן הסנדלר. אויך מיר, קינדער האָבן אים נוהג כבוד געווען. עס האָט אונדז אימפּאָנירט דער פאַרגלייך צו אַ פאַרצייטישן תנא. דערצו האָבן מיר געוווּסט, אַז ער קען דערציילן וועגן מופתים און ווּנדער גאָר אָן אַ שיעור, און אַליין האָט ער אויך געהאַט זיינע אייגענע התנהגותן, וואָס זענען געווען אַנדערש ווי ביי אנדערע. פסח ביינאַכט פלעגן מיר לויפן קוקן דורכן פענצטער ווי אַזוי איטשע־יאַנקל ריכט אָפּ דעם סדר. גלייך ווי ער איז אַהיים־געקומען פון דאַוונען האָט ער זיך אָנגעטון אין אַ ווייסן כאַלאַט, איבער וועלכן ער האָט איבערגעוואָרפן אַ זאַק און אַוועקגעשטעלט אינמיטן שטוב אַ באַליע

מיט וואַסער, איבער וועלכער ער איז אַריבערגעגאַנגען, ווי אַ זכר לקריעת ים־סוף, און ערשט דערנאָך האָט ער זיך אָנגעהויבן אָפּריכטן דעם סדר.

נישט מיט אַלע עלטערע יידן האָבן מיר, קינדער, אַזוי נוהג־כבוד־געווען. אַ שווער לעבן האָט מיט אונדז געהאַט דער מלמד, וועלכן מען האָט גערופן משה חכם. זיין חכמה איז באַשטאַנען בלויז אין לערנען. אין לעבן איז ער געווען אַ שלימזל, איז אויסגעשטאַנען פון ווייב געברענטע צרות און האָט דעם כעס אויסגעלאָזט צו די קינדער, פלעגט זיך כעסן, שלאָגן, קנייפּן. דערפאַר אָבער האָבן מיר אים אויך נישט געזשאַלעוועט און זיך נוקם געווען אין אים ווען ער איז איינגעשלאָפן אינמיטן לערנען און דער קאָפּ איז אים אַראָפּגעפאַלן אויפן טיש. מיר האָבן שוין געהאַט צוגעגרייט אַביסל סמאָלע און צוגעקלעפּט אים די באָרד צום טיש. אַ צווייטער האָט אונטערגעצונדן אַ שטיקל פּאַפּיר און מיט אַ געוואַלד: „ס'ברענט!" זענען מיר אַרויסגעלאָפן פון חדר.

## מלמדים

די קינדער אין וואָיסלאָוויץ, אפילו די אָרעמסטע, זענען געווען לעבעדיקע, רירעוודיקע און פּאַרשייטע. יענע יאָרן זענען נאָך געשווינד פאַרגאַנגען. די קינדער האָבן גיך אָפּגעבליט און זענען גאָר יונג געוואָרן קליינע יידעלעך, מיט פאַרטראַכטע, פאַרזאָרגטע פּנימער. עס האָבן אונדז נאָך געפעלט בערדלעך. יאַרמלקעס, טלית־קטנס און שטיוול האָבן מיר געטראָגן פּונקט ווי די טאַטעס און געזאָרגט זיך פּונקט ווי זיי, וואָס עס וועט זיין דער תכלית. אפילו דאָס שטיפן און קונד'סעווען איז שוין געווען ערנסט, מיט באַרעכענונג, כאָטש אַריינגעטון דערין מיט לייב און לעבן.

ביי משה חכם האָבן אין מיין צייט געלערנט אויך צוויי דאָרפישע יינגלעך. זיי פלעגן אַ גאַנצע וואָך בלייבן אין שטעטל ביי קרובים, האָבן מסתמא געבענקט אַהיים, פאַרטראַכט זיך אינמיטן לערנען און ווען דער רבי האָט געטון אַ געשריי, האָבן זיי פון שרעק זיך באַנעצט. ווען די רביצין האָט עס דערזען, האט זי גענומען מאַכן קולות און אַרויסגעיאָגט אונדז אַלע פון חדר, כדי אָפּצוואַשן די חרפה. מ'זאָל ווידער מעגן אַרויסרעדן אַ יידיש וואָרט.

עס האָט אויסגעזען, אַז די דאָרפישע יינגלעך האָבן זיך נישט איבערגענומען, זענען גלייך מיט אַלע אַרויסגעלאָפן אין גאַס און גענומען זיך שפּילן. אָבער דער צער איז נישט אַראָפּ פון זייערע פּנימער. איינער, געדענק איך, איז פון צרות שווער קראַנק געוואָרן און איז מער נישט געקומען אין חדר אַריין לערנען.

אינגאַנצן אַנדערש איז עס געווען ביי דודל מלמד, וועלכער איז אַליין געווען אַ מטופל מיט קינדער, אָבער די רביצין האָט שטענדיק געהאַט אַ פריינדלעך־

שמייכלענדיק פנים, האָט יעדן טאָג אַריינגעבערענגט אַ קניפיקל און צעשניטן פאַר יעדן איינציקן אַ פּאַרציע ברויט מיט הערינג. זי האָט נישט געהאַט קיין פּרעטענ־סיעס צו די יינגלעך פאַרן אַרומרודערן. מען האָט ביי אים געלערנט חומש מיט אַ שטיקל גמרא. אַלע פּרייטיק האָט מען מעביר־סדרה־געווען, „מנפּח פּשטא, זקף גדול", מיט אַ זיסן ניגון, אַז די גאַנצע גאַס האָט געקלונגען.

מרדכי מלמד האָבן אַלע געקענט פאַר אַ שטרענגן, כאָטש ער האָט זעלטן ווען געשלאָגן. ער האָט געהאַט איינגעבויגענע פינגער, אַ פעלער, האָט מען געזאָגט, וואָס ער האָט זיך אַליין געמאַכט פאַרן פּריזיוו, ער זאָל נישט דאַרפן גיין דינען אין מיליטער. דאָס קליינוואַרג פלעגט ציטערן פאַר זיינס אַ וואָרט, ווייל טאָמער האָט מען אים דערבייזערט אַזוי שטאַרק, אַז ער האָט שוין געמוזט אויפהייבן אַ האַנט, איז פון זיינס אַ פּאַטש געבליבן אויפן באַק אַ סימן אויף לאַנגע וואָכן.

אונדזערע מלמדים זענען געווען ווייט פון צו זיין פּעדאַגאָגן, אפילו אין פּרימיטיוווסטן זין פון דאָזיקן באַגריף, אָבער זייער דרך פון לערנען און דערציען האָבן זיי געירשנט ווער־ווייסט פון וויפל דורות יידישע מלמדים און אין זייערע חדרים זענען דערצויגן געוואָרן דורות גוטע און ערלעכע יידן, מיט אַ הויכער מאָראַל אין זייערע צווישן־מענטשלעכע באַציאונגען און אַ טיפן גלויבן אין גערעכטיקייט, אין אַ וועלט, וואָס איז געבויט אויף יושר און צדק.

די חדר־יאָרן האָבן זיך טיף איינגעקריצט אין מיין זכרון. אַזאַ קליין שטעטל און ביי יעדן רבין נייע איינדרוקן, נייע זעאונגען סיי אין חדר, סיי אינדרויסן. יעדן זמן, יעדעס האַלבע יאָר זענען צוגעקומען נייע טשיקאַווע פּנימלעך. אָט האָבן מיר ערשט געלערנט עברי, צונויפלייגן אותיות מיט נקודות, אין אַן אַלטן סידור מיט פאַרגעלטע בלעטער, און אָט לערנען מיר שוין חומש מיט רש״י, די מעשה מיט דער לייטער, איבער וועלכער יעקב האָט געזען די מלאכים גיין אַראָפּ און אַרויף; דאָס אַרבעטן זיבן יאָר ביי לבן הארמי, כדי צו קריגן רחלען פאַר אַ ווייב. יעדע וואָך אַן אַנדערע מעשה און אַזוי גייען די וואָכן און חדשים. עס קומט זומער און אויך אינדרויסן באַנייט זיך די וועלט, צעעפנט זיך גרויס און ברייט. די טעג קומען וואַרעמע, ליכטיקע, מיט אַ צעשטראַלטן הימל. אין שטעטל קומען פורערים און פורערטעס מיט שיינע פאַרביקע פּאַטשיילעס. זיי ברענגען פולי פורן מיט אַלערליי תבואות. ווען מען האָט אַ פרייע שעה פון חדר שפּילט מען אין ניס, גראָד צי אום אָדער מען נעמט אַ ברעט און מען שטעלט עס אַוועק אין דער קרום צו דער וואַנט, און אויף דער ערד, ביים ברעט, לייגט מען אויס אין דער לענג אַ שורה ניס, איינס נאָכן אַנדערן, און איינער פון די שפּילער קייקלט אַ נוס איבערן ברעט פון אויבן אַראָפּ, און אַז זיין נוס שלאָגט־אָפּ די אויסגעלייגטע ניס

אויף דער ערד, האָט ער זיי געוווּנען. פּראָסט און פּשוט, אָבער דאָך האָט זיך געפּאָדערט אַ סך פלינקייט און אַ שאַרף אויג.

ווען מיר זענען עלטער געוואָרן האָבן מיר זיך אין די פאַרנאַכטן אַ לאָז געטון צום וואַלד, געקלעטערט איבער די בוימער, געלאָפן באָרוועס און אָפּגעריסן פון זיך די מלבושים. עס האָט געטראָפן, אַז דער הימל האָט זיך פּלוצים פאַר־כמורעט, אַ קאַלטער ווינט האָט אַ בלאָז געטון און אַ לייכט רעגנדל האָט גענומען קאַפּען איבער אונדזערע קעפּ. די ערשטע מינוטן, אַז די קילע טראָפּנס האָבן אָנגערירט ווייך און לייכט אונדזערע קעפּ, אונדזערע צעהיצטע פּנימער, האָבן מיר זיך דערפרייט מיט דער פּלוצימדיקער ענדערונג אין אַזאַ וואַרעמען טאָג, גענומען טאַנצן מיט די באָרוועסע פיס אַנטקעגן די שיטערע טראָפּנס רעגן. אָבער באַלד האָט די לופט אינדרויסן זיך שטאַרק פאַרטונקלט, געוואָרן פינצטער ווי ביינאַכט. עס האָט גענומען בליצן און הויכע בייזע דונערן האָבן זיך געקוילעכט איבערן וואַלד. עס איז געוואָרן אַ שלאַקס־רעגן. מיר האָבן זיך געלאָזט לויפן צוריק אין שטעטל, געקומען אַהיים דורכגענעצט, דורכגעציטערט פון קעלט און די מאַמע האָט מיך גיך איינגעוויקלט אין איבערבעט און אירע ליפּן האָבן שטיל געמורמלט אַ תּפילה צום רבונו של עולם, ס׳זאָל נאָר בשלום אַדורך און ס׳קינד זאָל נישט באַקומען אַ לונגען־אַנצינדונג.

אויפצומאָרגנס, ווען דער רעגן האָט נישט אויפגעהערט צו גיסן אַ גאַנצן טאָג, האָט מען אין חדר געדאַרפט גיין איבער טיפע בלאָטעס. אין חדר איז געווען האַלב־פינצטער, כמורנע און קאַלט. דער רבי איז מיד געוואָרן פון קנעלן און גענומען דערציילן מעשיות פון אַמאָל, ווען יידן האָבן געהאַט אַן אייגן לאַנד, אַ בית המקדש און יידישע גבורים האָבן אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף די אַרומיקע געצנדינערישע פעלקער.

אין די כמורנע, רעגנדיקע טעג האָבן מיר, קינדער, פּונקט ווי די דער־וואַקסענע, אָנגעטון הויכע גראָבע שטיוול און געטאָפּטשעט אין די בלאָטעס מיט אַ זעלבסט־זיכערקייט, אָן מורא פאַר פאַרקילן זיך. די געדיכטע בלאָטעס האָבן קיינמאָל נישט אָפּגעהאַלטן די קינדער פון גיין אין חדר אַריין און נישט די דער־וואַקסענע פון גיין אין בית־המדרש אָדער אין שול אַריין און גאָר אַ סך האָט עס נישט אָפּגעהאַלטן אויך פון גיין דעם ווייטן מהלך אין די דערפער פאַרדינען א פּאָר גראָשן אויף חיונה.

נאָר אויב וואָיסלאָוויץ איז געווען פאַרבלאָטיקט אין די רעגן־טעג, האָט עס אָבער געהאַט זיין אייגענעם כשוף און שיינקייט אין די חדשים פון פרילינג און זומער, ווען דער הימל איז געווען אויסגעלייטערט און מען האָט זיך געקענט אַוועקלאָזן אויף אַ שפּאַציר צום וואַלד. נאָך עטלעכע מינוט בין איך שוין געווען

אויסערן שטעטל און איך בין שוין געגאַנגען איבערן שטויביקן שאָסיי, וואָס פירט קיין גראַבאָוויץ.

טייער שטעטל מיינס, ווי איך האָב פאַרבראַכט מיינע שענסטע יאָרן פון חלומות און האָפענונגען. אין שטילע שעהן זע איך זיך שפּאַצירן אַ פאַרחלומטן איבער די געסלעך, איבער די וועגן. פון ביידע זייטן וועג שפּרייטן זיך ווייט און ברייט די תבואה־פעלדער. עס וואַקסט דאָ קאָרן, ווייץ, האָבער און גערשטן. די גאָלדענע זאַנגען וויגן זיך כסדר. געווען צייטן, ווען מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זיי פאַרנויגן זיך און באַגריסן מיך. פון צווישן די זאַנגען האָבן געוווּנקען איידעלע, בלויאינקע קאָרן־בלימעלעך אויף זייערע דינינקע פיסעלעך, די גאָלדיק־זילבערנע מארגארעטקעס, צו וועלכע מיר האָבן שפּעטער געזונגען לידער. אָט פאַרדרייט זיך דער וועג, וואָס זעט איצט אויס ווי אַן אַלייע פון ריזיקע ביימער, בייכיקע, ברייט־צווייגיקע און שפּרייטן אַרום זיך אַ קילן שאָטן. ס'דוכט זיך אָט די ביימער ווייסן דעם סוד פון אייביק לעבן. זיי זענען פאַרוואָרצלט טיף אין דער ערד. אויך מיר לעבן שוין הונדערטער יאָרן אויף דער דאָזיקע ערד, אָבער איך האָב נישט דאָס געפיל פון פאַרוואָרצלטקייט. וואָס עלטער, דערוואַקסענער איך ווער, אַלץ שטאַרקער פיל איך די פרעמדקייט און ווייס, אַז מיט דער צייט וועט די ערד מיך אַראָפּשאָקלען פון זיך, אויסשפּייען ערגעץ אין מרחקים.

אַזוי געשעט עס מיט אַ סך יוגנטלעכע אין וואָיסלאָוויץ, וואָס דרייען זיך אַרום אָן אַרבעט, אָן אויסזיכטן אויף אַ בעסערן מאָרגן, האָבן נישט געזען פאַר זיך קיין צוקונפט און געחלומט פון ברענגען דערלייזונג פאַרן יידישן פאָלק, פאַר דער גאַנצער מענטשהייט.

אויף אונדזער שטעטל קען מען זאָגן אַז עס זענען דאָרט געווען צוזאַמען תורה ועבודה באַגלייט דורך יראת שמים, און שפּעטער, ווען עס האָבן אויף דער וועלט אָנגעהויבן בלאָזן נייע ווינטן פון שיבת ציון און פון סאָציאַלער רעוואָ־לוציע, האָבן זיי דורכגעבלאָזן אויך דורך אונדזער שטעטל, אַריינגעגנבעט זיך אין די מוחות און הערצער פון ייִנגלעך און מיידלעך, וואָס האָבן גענומען זיך פילן פאַרבונדן מיט דער גרויסער וועלט און זיך איבערגעגעבן די אידעען און חלומות פון גאולה.

## חסידים

געווען אין וואָיסלאָוויץ פאַרשידנערליי חסידים: גערער, ראַדזינער, טריס־קער, בעלזער א. א. מיין טאַטע איז געווען אַ ראַדזינער חסיד און געדאַוונט אין ראַדזינער שטיבל, וואָס האָט זיך געפונען ביי אבא טיטשעווער. די ראַדזינער חסידים האָבן זיך געקלאַמערט אין דעם תכלת־פאָדעם און די גערער חסידים

פלעגן פון זיי אָפּחוזקן, מאַכן צונישט דעם גאַנצן ענין. עס פלעגט קומען צו קריגערייען און געשלעגן. כ׳געדענק אַ שבת, ווען די גערער חסידים האָבן זיך אַריינגעריסן אין ראַדזינער שטיבל און גלייך געוואָרפן זיך שלאָגן די מתפללים. אין מיין זכרון זענען די גערער חסידים געבליבן ווי הייסע קנאים, גאַוודיקע, פאַריסענע, געהאַלטן זיך פאַר די אמתע חסידים, שטאָלצירט מיטן גערער הויף, וואָס איז געווען דער גרעסטער אין פוילן.

די ראַדזינער חסידים אין וואָיסלאָוויץ זענען געווען שטילע, באַשיידענע, אָבער הייס געגלויבט אין זייער רבין. דאָס שטיבל איז געווען ווי אַ באַזונדערע וועלט און האָט זיי געגעבן די זיכערקייט, אַז זיי זענען נישט אַליין, אַז אין אַ נויט האָבן זיי אַ גרויסן רבין, צו וועמען מען קען זיך ווענדן מיט דער זיכערקייט צו באַקומען אַן עצה, אַ ברכה.

נישט געקוקט דערויף, וואָס אין שטיבל איז נישט געווען קיין חזן און דאָס דאַווענען אפילו אין די שבתים און ימים־טובים איז געווען זייער פּשוט און געגנוג גיך, האָבן אָבער אין דער לופט אַרומגעשוועבט חסידישע ניגונים. מיר דאַכט זיך, אַז מען קען בכלל נישט פאָרשטעלן זיך אַ חסידים־שטיבל אָן נגינה. דער ניגון האָט געלייטערט און דערהויבן, געצויגן און געוועקט בענקשאַפטן צו גרויסקייט און שיינקייט פון „בני היכלא״.

גאָר באַזונדערס האָט מען זיך צעזונגען ווען דער רבי, ר׳ מרדכי־יוסף איז אַמאָל אַראָפּגעקומען אין שטעטל, געפירט טיש ביי איינעם פון די חסידים, וואָס האָט געהאַט אַ מער רחבותדיקע דירה. עס זענען דעמאָלט געקומען נישט בלויז ראַדזינער חסידים, נאָר אויך אַנדערע, פּשוטע יידן, וואָס האָבן געזוכט ביים רבין אַ ישועה, אַ ברכה און אַ צוזאָג אויף בעסערע צייטן.

עס פלעגן קומען אין שטעטל אויך אַנדערע רביים, דער בעלזער, דער טריסקער. כאָטש זיי האָבן געהאַט ווייניקער חסידים פון גערער און ראַדזינער, האָט מען זיי דאָך וואַרעם אויפגענומען. עס איז געוואָרן יום־טובדיק אין שטעטל. ווען דער טריסקער רבי ר׳ יעקב־לייבעניו טווערסקי, איז געקומען, איז ער איינ־געשטאַנען ביי מיינס אַ קרוב, ביי וואַלווישן, האָט דאָרט געפּראַוועט חסידות, געפירט טיש און אויפגענומען מענטשן בית בקשות. איך בין תמיד געווען דער ערשטער צו זען דעם רבין גלייך ווי ער איז געקומען צופאָרן און דאָס האָט מייז יינגלעריש האַרץ אָנגעפילט מיט שטאָלץ.

אַ סך פּשוטע יידן, וואָס האָבן זיך לגמרי נישט געהאַלטן פאַר קיין חסידים, האָבן אָבער געוואַרט אויפן קומען פון רבין, זיי איז נישט געווען קיין אונטערשייד וועלכער רבי. אין יעדן איינציקן האָבן זיי געזען אַ בעל־מופת, וואָס שטייט נעענטער צום באַשעפער און איז בכוח זיי צו ברענגען אַ ישועה אין זייער נויט.

קיין נויט האָט אין וואָיסלאָוויץ נישט געפעלט. אין הילף מן השמים האָבן זיך גענויטיקט סיי די סוחרים און סיי די בעלי־מלאכות. אין מיין צייט האָבן אַן ערך צוואַנציק פּראָצענט יידן זיך פאַרנומען מיט מסחר אין שטאָט. איבער צוואַנציק פּראָצענט זענען באַשטאַנען פון בעלי־מלאכות. ביי אַ צען פּראָצענט האָבן געלעבט פון די פּריצישע הייף. די אַנדערע זענען באַשטאַנען פון דאָרפס־גייער און כלי־קודש.

מיין טאַטע איז געווען אַ בראַקער אין וואַלד און האָט געפלעגט אַוועקגיין פון שטוב אויף חדשים־לאַנג און מיר, איך, מיין ברודער גרשון און די שוועסטערס גרונע און דינהטשע זענען געבליבן אַליין מיט דער מאַמע, וואָס איז געקומען פון דוביענקע און האָט זיך דערפילט צוגעבונדן צו וואָיסלאָוויץ. ווי זי וואָלט דאָ געבוירן געוואָרן. זי האָט געציטערט איבער אונדז, ווי יעדעס קינד וואָלט ביי איר געווען איין־און־איינציק און האָט אונדז דערצויגן אין ליבשאַפט און איבער־געגעבנקייט איינע צו די אַנדערע. פון אירע אויגן האָט אַרויסגעשיינט די גוטסקייט און זי איז געווען געבענטשט מיט אַן אומדערשעפּלעכן קוואַל פון ענערגיע, איז קיינמאָל נישט מיד געוואָרן פון האָרעווען אין שטוב און דערביי נישט אַראָפּ־געלאָזט קיין אויג פון די קינדער, געהיטן, מיר זאָלן זיין גוטע און ערלעכע יידן, טרייע זין און טעכטער פון יידישן פאָלק.

אין די לאַנגע ווינטער־נעכט האָבן מיר אַרומגערינגלט די מאַמע און זי האָט אונדז דערציילט פאַרשידענע מעשהלעך און אמתע פּאַסירונגען וועגן אונדזערע זיידעס, פעטערס און מומעס, וועגן דער באבע, צו וועלכער מען איז געקומען נאָך עצות און זי וואָלט פאַר יענעם אָפּגעבן דעם לעצטן ביסן. די גוטסקייט האָט פון איר געשטראַלט, און נישט נאָר מענטשן האָט זי ליב געהאַט, נאָר אויך שטומע באַשעפענישן און זי האָט קיינמאָל נישט קיין קלאַפּ געטון קיין הונט, קיין קאַץ און האָט אויף אַ ווערמל נישט אַרויפגעטרעטן.

## יחוס

אין די טעג, ווען דער טאַטע איז געווען אין שטוב, האָט ער אונדז דערציילט מעשיות וועגן אונדזער יחוס, פון דריטן דור וואָיסלאָוויצער, וועגן שיינע, פרידלעכע און שווערע, ביטערע צייטן, וואָס דאָס שטעטל האָט דורכגעמאַכט, און שטעטלשע יידן האָבן דעמאָלט געמוזט אויסוואַנדערן ערגעץ מעבר לים. אַ נסיעה אַהין איז געווען פאַרבונדן מיט סכנת־נפשות און עס האָט געדויערט חדשים און חדשים ביז מען האָט זיך דערשלאָגן צו אַ ברעג.

די מעשיות האָבן זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון, אָבער וויפל איך זאָל נישט פּרווון זיי אויססדרן אין כראָנאָלאָגישער אָרדענונג, געלונגט עס מיר נישט.

זיי יאָגן איינע די אַנדערע און פֿאַרפּלייצן דעם זכרון, אַלע ווילן זיי ווערן דער־ציילט און ווייזן ווי שטאַרק אונדזער משפּחה איז געווען צוגעבונדן צו דער היים פֿון אירע עלטערן און אור־עלטערן.

מיין טאַטע האָט זיינע מעשׂיות קיינמאָל נישט אָנגעבונדן מיט קיין גענויע דאַטעס, אָבער לויט דער פּאַן, אויף וועלכער עס האָבן זיך אָפּגעשפּילט די פֿאַקטן און געשעענישן, קאָן איך זיך איצט משער זיין מער־ווייניקער די תּקופֿות. דאָס האָט געמוזט זיין אין יאָר 1919, ווען קיין וואַיסלאָוויץ זענען דערגאַנגען די ידיעות, אַז אַ הייפֿל היימישע יידן האָבן נאָך לאַנגן נע־ונדעווען איבער אַ סך מדינות סוף־כּל־סוף דערשלאָגן זיך בשלום קיין אַמעריקע און זיי פֿאַרנעמען זיך דאָרט מיט קרעמעריי, מיט מלאכה און אַנדערע טואונגען. זיי כאַפּן אָפּ דעם אָטעם, גלייכן אויס די ביינער, עסן צו דער זעט און קענען אָפּהיטן יידישקייט.

קיין וואַיסלאָוויץ איז אָנגעקומען אַ בריוו פֿון אזא ייד. אין יענעם בריוו האָט זיך דערציילט, אַז אין אַמעריקע זענען דאָ אחינו בני ישׂראל פֿון אַלע עקן וועלט, פֿון דער טערקיי און פֿון בבל, פֿון דייטשלאַנד און פֿון איטאַליע, פֿון אַפֿריקע און פֿון פּערסיע. יעדן טאָג קומען אָן מער און מער, אויף גרויסע און קליינע שיפֿן, מענטשן פֿון אַלע זיבעציק אומות און יעדער געפֿינט דאָרט זיין ווינקל און אַ דאַך איבערן קאָפּ. אַ טייל פֿון אחינו בני ישׂראל האָבן שוין דאָרט אייגענע חבֿרות, מיט אייגענע בתּי־המדרש, שוחטים און קצבֿים, דיינים און חזנים און זיי פֿירן זיך כּאורח גבֿרין יהודאין, ווי יידן דאַרפֿן זיך נוהג זיין און ווי זיי האָבן זיך געפֿירט אין אַלע צייטן.

אויפֿן מאַרק און אין בית המדרש אין וואַיסלאָוויץ האָט מען גערעדט וועגן אַמעריקע, ווי וועגן אַ גן־עדן און א סך האָבן גענומען טראַכטן פֿון אַריבערקלייבן זיך אַהין. דעמאָלט האָט מיין זיידע געגעבן די מענטשן צו פֿאַרשטיין ווי שווער עס איז אַזאַ וועג דורצומאַכן. ס'איז פֿאָלג מיך אַ גאַנג, אַ מהלך רבֿ. ווו נעמט מען כּוח, ממון און דמין פֿאַר אַזאַ נסיעה און ווי אַזוי שלעפּט מען זיך אַריבער די תּהומות מיט ווייב און קינדער? אַ לאַנד, ווו אבֿות־אבֿותינו האָבן נישט געטראָטן, פֿון אים נישט געוויסט און נישט געהערט און אַלץ איז אַזוי ווייט און פֿרעמד. דאָ דערגרייכט דערווייל נישט דאָס וואַסער צום האַלדז. די פּויערים לעבן זיך נישט שלעכט, די ערד איז אַ פּעטע און גיט אַ רייך גערעטעניש. מיטן פּריץ גיט מען זיך אויך אַן עצה. פֿאַראַן וועלדער מיט אַ סך געהילץ און טייכן מיט פֿיש. דער פּריץ דערקוטשעט נישט אַזוי ווי אין אַנדערע ערטער, ווו יידן ליידן נגישׂות און רדיפֿות.

אין יענער צייט האָט אין רוסלאַנד געהערשט דער צאַר אַלעקסאַנדער דער ערשטער און אין וואַיסלאָוויץ איז אַרומגעגאַנגען אַ מעשׂה, אַז דער צאַר גריבלט

זיך אויך אין אַנדערע אמונות און האָט זיך צוגענומען אַ מלמד, ער זאָל מיט אים לערנען יידישע ענינים, לשון־קודש, חומש, תפילות און נאָך און נאָך... אין פּאַליש האָט מען זיך געשפּאַרט, צי דער מלמד וווינט אין קריסטלעכן פּאַלאַץ, ווו מ׳האָט פאַר אים צוגעגרייט עטלעכע חדרים מיט מזוזות אויף די טירן, מיט אַ כשרער קיך און געכשרט געפעס, צי אַ קאַרעטע קומט עטלעכע מאָל אין טאָג אים נעמען פון זיין דירה הינטער דער שטאָט צום קייסערלעכן פּאַלאַץ.

געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן געוווּסט אויף זיכער, אַז דער קייסער קומט גאָר צום יידישן מלמד אין שטוב, אַ פֿאַרשטעלטער פאַר אַ ייד, אין אַ ריפּסענעם טוזליק, מיט אַ גראָבן גאַרטל און צעשויבערטער באָרד. עס איז דאָך אַ באַוווּסטע זאַך, אַז דער גרויסער אימפּעראַטאָר פאַרשטעלט זיך אָפט פאַר אַ פּראָסטן חי וקיים, כאַפּט זיך אַרויס פון פּאַלאַץ, כדי זיך צוקוקן ווי זיין פאָלק לעבט און ווי אַזוי די מדינה זעט טאַקע אויס אינדערעמתן, נישט אַזוי ווי זיינע גובערנאַטאָרן שטעלן עס אים פאָר. אַ פֿאַרשטעלטער דרייט ער זיך אַרום איבער די גאַסן פון פּעטערבורג, לאָזט זיך אַרויס איבער ווייטע שטעט און דערפער, וואַנדערט אַרום ווי אַ פּויער מיט אַ שעפּסענער קוטשמע אויפן קאָפּ, אין צעפּאָרענע שטיוואַלעס, אַמאָל אויך אַ באָרוועסער, מיט אַ פּאַסטוך־שטעקן אין האַנט. ער שמועסט מיט די פּויערים, מיט די לייב־אייגענע און צלמט זיך אינאיינעם מיט זיי. עס האָט שוין געטראָפן, האָבן יידן דערציילט, אַז דער צאַר איז געקומען אין עטלעכע שטעטלעך פאַרשטעלט ווי אַ ייד. אויף די דאָזיקע וואַנדערונגען נעמט ער אַ סך מאָל מיט זיין מלמד, וואָס גיט אויף אים אַכטונג, זאָגט אים וואָס־ווער־ווען. דער קייסער האָט אפילו געוואָלט פאַרזוכן דעם טעם פון קלייבן נדבות, ווי איינער פון די אורחי־פורחי, און שטיין ווי אַ קבצן אויף אַ שוועל, רעדט נישט אַרויס קיין וואָרט, ווי אַ שטומער, אַ טויבער אָדער גלאַט עפּעס אַ קאַליקע.

אַזעלכע און ענלעכע מעשיות האָט מען זיך דערציילט אין וואָיסלאָוויץ און מיט אותות ומופתים געוואָלט באַווייזן אָדער זיך אַליין איינרעדן, אַז צאַר אַלעקסאַנדער דער ערשטער איז גאָרנישט אַזאַ אכזר, אַזאַ רשע־מרושע, אַ צורר, נאָר פאַרקערט, אַ מענטש מיט יושר, וואָס זאָרגט פאַר „זיין״ פאָלק.

אמת, אפילו יענע פּאַנטאַזיאָרן האָבן זיך נישט איינגערעדט, אַז דער צאַר קומט אויך קיין וואָיסלאָוויץ און קימערט זיך איבער דער נויט פון די יידן אין אַזאַ פאַרוואָרפן שטעטל, אָבער ביי אונדז, קינדער, האָט אין קנאַפּע הונדערט יאָר אַרום זיך אויפסניי צעשפּילט די פּאַנטאַזיע און נישט איין גייער איבער די הייזער האָבן מיר חושד געווען, אַז ער איז גאָר אַ פאַרשטעלטער צאַר און מיר האָבן אים אַרויסגעטראָגן פון שטוב כל־טוב.

כ׳האָב מיין טאַטן קיינמאָל נישט געזען לייענען קיין צייטונגען און דאָך,

ווייזט זיך מיר אויס, אַז ער האָט געוווּסט וועגן אַלעם וואָס האָט זיך געטון אין דער ברייטער וועלט. אין זיינע קינדער־יאָרן איז זיכער בכלל נישט געווען קיין מענטש אין וואָיסלאָוויץ, וואָס זאָל לייענען צייטונגען און דאָך האָט אויך מיין זיידע זיך פאַרשטאַנען אין ענינים פון וועלט־פּאָליטיק. ביז היינט איז מיר נישט קלאָר פונוואַנען די ידיעות זענען דערגאַנגען אין אונדזער שטעטל, למשל, די מעשה מיט נאַפּאָלעאָנס אַנטלויפן פון אינזל עלבא, אַז ער איז צוריק אין פראַנקרייך און אַז ער פירט שוין ווידער אַן אַרמיי. לויט ווי דער טאַטע האָט מיר דערציילט, האָט די מעשה אויך אין וואָיסלאָוויץ אַרויסגערופן אַ רעש. יידן האָבן זיך געוווּנדערט: „וואָס פאַר אַ כוח שטעקט אין אים? אַ שוואַרצע גבורה נישט צו פאַרשטיין...״

דער נאָמען נאַפּאָלעאָן האָט ביי מיין טאַטן געהאַט אַ צויבער־קלאַנג און אַלץ, וואָס ער האָט וועגן אים געוווּסט, איז געווען פון זיידנס מעשיות. דער זיידע האָט זיך געפּלעגט וווּנדערן: ווו זענען געווען די ענגליש קריגסשיפן, וואָס האָבן געהיטן די וואַסערן אַרום דעם אינדזל עלבאַ און האָבן געהאַט די גאַנצע שליטה איבערן ים? אין קלויז האָבן אַלע אים געהאָלפן גריבלען זיך: האָט טאַקע קיינער נישט געזען ווי אַזוי נאַפּאָלעאָן גייט אַרויף אויף אַ קליינער לאָדקע, שווימט אָפּ פון די ברעגעס און די גאַנצע צייט האָט זיך קיינער נישט געיאָגט נאָך אים? עמעץ פונדרויסן האָט דאָך געמוזט צוגרייטן די דאָזיקע פּליטה.. מיט הונדערט יאָר שפּעטער איז עס פאַר מיין טאַטן נאָך אַלץ געווען אַ רעטעניש. ער האָט נאָר געוווּסט, אַז עס זענען דעמאָלט געקומען הונדערט טעג, וואָס האָבן צו זיך קיין גלייכן נישט געהאַט. ער האָט דאָך געהאַט אָפּגעטון אַזעלכע ווילדע שטיק, אָפּגעחוזקט פון אַלע גוטע הבטחות פון דער רעוואָלוציע, און דאָך האָבן אים די פראַנצויזן ווידער אויפגענומען מיט גרויס התלהבות. ער האָט גיך ווערבירט נייע דיוויזיעס, האָט שנעל אָנגעגריפן די ענגלישע, האָלענדישע און פּרייסישע אַרמייען, וואָס זענען געשטאַנען אין בעלגיע. שיער־שיער האָט ער געהאַט דעם גרויסן נצחון, אָבער באַלד איז אויסגעבראָכן די שלאַכט ביי וואַטערלאָ און נאַפּאָלעאָנס לעצטע מפּלה איז געווען אַ געחתמטע. די פראַנצויזישע אַרמיי איז געווען צעקלאַפּט און נאַפּאָלעאָן האָט געגומען זוכן אַ וועג צו אַנטלויפן קיין אַמעריקע, אָבער איצט האָט מען אים שוין געהיטן און פאַרשיקט אויפן טראָפּישן אינדזל, סענט העלענאַ, נישט ווייט פון אפריקע.

וועגן די אַלע זאַכן האָב איך אין וואָיסלאָוויץ נישט געלערנט, דאָך האָב איך פון די אָנגעהערטע מעשיות געהאַט דאָס בילד פאַר די אויגן. פּונקט אַזוי האָב איך געוווּסט וועגן דעם פּריוווילעקן יידישן פּולק אונטער דער קאָמענדע פון בערעק יאָסעלעוויטש, וואָס האָט אָנטיילגענומען אין פּוילישן אויפשטאַנד קעגן

די רוסן, אַבער ביז היינט איז דאָס אויך פאַר מיר אַ רעטעניש פונוואַנען האָבן עס אין יענער צייט געוווּסט די ייִדן אין וואָיסלאָוויץ? מיין טאַטע האָט מיר פאַרזיכערט, אַז די ייִדישע סאָלדאַטן אין בערעק יאָסעלעוויטשס פולק האָבן געדאַוונט מיט מנין, אָפגעהיטן זיך פון חילול שבת און מ׳האָט זיי אויך באַזאָרגט מיט כשר עסן. דער זיידע האָט אים דערציילט, אַז עס זענען געווען טעג, בעת די שלאַכטן האָבן שטאַרק געפלאַקערט און מען האָט נישט געקענט ברענגען פון פראַגע קיין כשר עסן, האָבן די ייִדישע סאָלדאַטן פשוט געפאַסט. וועגן בערעק יאָסעלעוויטש האָט עמעץ געברענגט קיין וואָיסלאָוויץ אַ קלאַנג, אַז קאָזאַקן האָבן אים מיט די שווערדן צעהאַקט אויף שטיק־שטיקלעך און די איברים אריינגעוואָרפן אין דער ווייסל. אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז מען האָט אים אָפגעשניטן דעם קאָפ, אויפגעשטעקט אויף אַ שפּיז און אַרומגעטראָגן איבער די גאַסן פון פראַגע און דערנאָך אין וואַרשע און דערביי געזונגען אַ שפּאָט־ליד: „דער זשיד האָט געוואָגט זיך קעגנצושטעלן דער קייסערין...״

עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז דאָס זענען געווען פאַנטאַזיעס פון אַ וואָיסלאָוויצער ייִד, וואָס האָט געהאַט אַ רייכן דמיון. אויך אין מיינע צייטן זענען געווען אַזעלכע, און ווייזט אויס, אַז אויך אַנדערע טאַטעס האָבן זייערע קינדער איבערגעגעבן וועגן די אַלע זאַכן, ווייל ווען איך האָב אין חדר זיך געוואָלט באַווייזן מיט מיינע ידיעות, זענען שוין געווען ייִנגלעך, וואָס האָבן געוווּסט וועגן דעם אַלעם און נאָך מער. למשל, אַז בערעק יאָסעלעוויטשן האָבן פּוילישע פּריצהטעס געוואָלט אָנרעדן צו זינד, אָבער ער, ווי יוסף הצדיק, האָט ער זיך נישט געלאָזט איז געבליבן אַ כשרער ייִד ביזן פאַלן ווי אַ גרויסער גבור.

ווען איך מאַך צו די אויגן זע איך יעדעס געסל, יעדעס ווינקל אין אונדזער שטעטל, די מענטשן, וואָס האָבן זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון. כ׳געדענק ווי די מאַמע פלעגט זיצן אין די אָוונטן און פאַריכטן אָדער צערעוועץ פאַרשידענע שטוב־זאַכן. דאָס פלעמל פון נאַפט־לאָמפּ האָט געטיקט אַראָפּ און אַרויף. דאָנערשטיק אויפדערנאַכט אָדער פרייטיק נאָכמיטאָג האָט זי אַריינגעגאָסן אַביסל נאַפט אין אַ שיסל מיט הייס וואַסער און געוואַשן אונדז, קינדער, די קעפּלעך לכבוד שבת.

כ׳געדענק מיין מאַמעס ליכטיק פּנים, איר זיסן שמייכל נאָכן אויסווייִנען זיך ביים ליכט־בענטשן, וואָס האָט זיך צונויפגעגאָסן מיטן שבתדיקן טיש, מיט דער קדושה, וואָס האָט דורכגענומען די לופט, אין שטוב, אין געסל, אין בית־המדרש.

אין די שבתים פלעגט דער טאַטע אָפט מיך פאַרהערן, איבערפרעגן נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל דעם טייטש פון די פסוקים, דעם פשט פון אַ גמרא. איך האָב אים געענטפערט און פאַרטייטשט ווי דער רבי האָט מיך געלערנט. די מאַמע איז

דעמאָלט געזעסן אַן אויסגעפּוצטע אין איר שבתדיקן קלייד, געשעפּט נחת און געקוואָלן פון מיינע ענטפערס. באַלד האָט זי געזאָגט צום טאַטן:

„זאָל שוין זיין גענוג. לאָז אים אָפּ אַביסל, כאָטש שבת זאָל ער האָבן רו פונעם חדר״.

היינט ווייזט זיך מיר אויס, אַז יענע צייט איז שנעל געלאָפן. אָבער אין דעראמתן האָבן זיך דעמאָלט די טעג שווער געשלעפּט און מיר האָבן זיך קוים דערוואַרט, ס׳זאָל שוין אָנקומען עפּעס אַ יום־טוב. אָט איז געקומען חנוכה. יעדן אָוונט האָט דער טאַטע אָנגעצונדן אַ ליכטל, געמאַכט די ברכה. מיר האָט דער טאַטע געפּלעגט געבן דעם „שמש״ אין האַנט אַריין, געוויזן מיר וואָס פאַר אַ ליכטל כ׳זאָל אַנצינדן און דערביי האָט ער געמאַכט די ברכה און געזאָגט „הנרות הללו״.

דער טאַטע האָט זיך געוואַשן צום עסן און די מאַמע האָט אונדז באַזעצט אַרום טיש און אַוועק זיך פּאָרען ביי די לאַטקעס. ווי נאָר זי האָט זיי דערלאַנגט צום טיש זענען זיי געוואָרן אויסגעכאַפּט. דער געשמאַקער ריח פון די קאַרטאָפל־לאַטקעס געפּרעגלט מיט געגנדזענעם שמאַלץ, קיצלט מיר נאָך ביז היינט די נאָז.

חנוכה־צייט זענען די נעכט לאַנגע און די טעג קורצע. אין די לאַנגע נעכט האָט געטראָפן, אַז די מאַמע האָט אונדז דערציילט פאַרשידענע מעשהלעך. קליינער־הייט בין איך נישט איינמאָל אנטשלאָפן געוואָרן ביי אַזאַ מעשהלע און עס האָט זיך מיר געחלומט דער ווייטערדיקער המשך און שפּעטער איז מיר שווער געווען אונטערצושיידן צווישן חלום און וואָר.

אין מאָמענטן פון גרויסער בענקשאַפט קער איך זיך שטענדיק צוריק אום צו דער געשטאַלט פון מיין מאַמען און איר חכמה, איידלקייט און גוטסקייט העלפט מיר נישט צו פאַרלירן מיין גלויבן אין מענטשן.

שבת־צונאַכט פלעגט דער טאַטע זיצן אַן איינזאַמער און זיך שטילערהייט אונטערברומען אַ ניגון, אַן אומעטיק־חסידישן ניגון. ער האָט צוריק דערפילט אויף זיך דעם שווערן עול פון פרנסה אויף דער אָנקומענדיקער וואָך. אַן אומעטיקער האָט ער זיך געוואַשן די הענט צו דער מלווה־מלכה, געמאַכט „המוציא״, שוין אינגאַנצן אַנדערש ווי די שבתדיקע, האָט אונטערגעברומט אַ זמירות־ניגון, צעצויגן, טרויעריק, ווי אַ פאַרטריבענער פון אַ פאַרכישופטער מלוכה.

דער טאַטע איז קיינמאָל נישט מיד געוואָרן פון דעם טרויעריקן ניגון, וואָס ער האָט וואָך־ביי־וואָך געזונגען, און מיר, קינדער, זענען אויך אָנגעשטעקט געוואָרן מיטן טאַטנס אומעט און זאָרג, בלויז די מאַמע האָט זיך באַמיט צו פאַר־טרייבן דעם אומעט מיט די צוגעוואַרעמטע מאכלים, וואָס זי האָט דערלאַנגט צום טיש.

צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע קלאַנגען און טענער פון שטעטל האָט זיך מיר שטאַרק איינגעקריצט אין זכרון דעם טאַטנס אומעטיקן ניגון ביים אָנקומען פון דער נייער וואָך מיט אירע שווערע זאָרגן פון איינשאַפן די פרנסה פאַרן הויזגעזונט.

## אויפן יאַריד

דעם פאַרצווייפלטן געיעג נאָך פרנסה האָט מען אין שטעטל צומשטאַרקסטן געפילט אינעם טאָג פון יאַריד. דאָס איז געווען נישט נאָר אַ געיעג, נאָר אויך אַ שווערער געראַנגל, אַ פאַרביסענער קאַמף פאַר עקזיסטענץ.

ווי אין טויזנט שפּיגלען האָט מען דעמאָלט, אויף אַ יאַריד געקענט זען די גאַנצע ביטערע דאָליע פון די וואָיסלאָוויצער יידן. אין דער פאַרוואָרפנקייט און ענגשאַפט, ווו זיי זענען געווען פאַרשפּאַרט, און אונטער דער שווערער משא פון שטייערן, האָבן די יידן זיך געצאַפּלט ווי פיש אין אַ נעץ, מקנא געווען איינע די אַנדערע און גלייכצייטיק מיטגעליטן, געריסן זיך צוליב אַ קונה, אָבער נישט געוואָרן זיך קיין שונאים. געווען קליינע ברוגזן צוליב קאָנקורענץ, אָבער גיך זיך איבערגעבעטן און אפילו אַרויסגעהאָלפן זיך קעגנזייטיק.

די יאַרידן זענען שוין געווען איינגעפירט פון יאָרן און יאָרן און קיינער האָט נישט געוווּסט ווען און ווער עס האָט זיי איינגעפירט דער ערשטער פון פרימאָרגן אָן זענען פול־געפּאַקטע פורלעך מיט פויערים און פויערטער געפאָרן אויף אַלע וועגן, וואָס האָבן פון די אַרומיקע דערפער און דערפלעך געפירט אין שטעטל אַריין. אויך די צאָל פוסגייער איז געווען גרויס. דאָ האָט מען געזען ווי אַ פויער פירט אַ קעלבל אויף אַ שטריקל און דאָס קעלבל רייסט זיך מיט אַלע כוחות אויף צוריק און מען מוז עס אונטערטרייבן מיט אַ שטעקן. דאָרט האָט מען געזען ווי אַ יונגע פויערטע, אַ באָרוועסע מיט אַ פאַטשיילע אויפן קאָפּ טראָגט איןביידע הענט אַ האָן מיט געבונדענע פיסלעך. אַלטע און יונגע פויערים און פויערטעס האָבן אין געפלאָכטענע קוישן, אין טאָרבעס און אין קעסטלעך געטראָגן אייער, בינטלעך ציבעלעס, הויפטלעך קנאָבל, רעטעכלעך, מערן, פאַסאָליעס און כלערליי גרינסן. אין הילצערנע און אין בלעכענע עמערס האָט מען געפירט וויינשל, קאַרשן און אויך אַגרעסן. קיינער איז נישט געגאַנגען מיט ליידיקע הענט אָדער אָן אַ זעקל אויף די פּלייצעס. יעדער האָט עפּעס געטראָגן. יעדער האָט עפּעס געפירט.

אויך שאָף און רינדער האָט מען אויף די וועגן געטריבן. פערד האָבן געהירזשעט און בהמות האָבן געמעקעט, אָקסן האָבן געברעוועט און חזירים, וואָס זענען געלעגן געבונדענע אויף די פורן מיט היי, האָבן געכריוקעט און געקוויטשעט.

אַלס קליין ייִנגל האָב איך נישט געקענט פאַרשטיין צו וואָס און פאַר וועמען די פויערים ברענגען עס צופירן די חזירים. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז קיינער חוץ ייִדן קויפט נישט ביי די פויערים, און ייִדן קענען דאָך נישט קוקן אויף קיין חזיר. פאַרשידענע ריחות זענען אָנגעלאָפן פון אַזעלכע פורן. מיך האָט געצויגן דער געזונטער ריח פון ווייץ און קאָרן, וואָס די פויערים האָבן געפירט אין זעקלעך. דער געשמאַקער ריח פון פרוכטן און גרינסן האָט מיט פרישקייט זיך געטראָגן איִן דער ריינער פרימאָרגנדיקער לופט, האָט מיך פאַרשיכורט און נישט איינמאָל האָט עס מיך אַזוי געצויגן, אַז איך האָב פאַרגעסן צו גיין אין חדר אַריין און שעהנלאַנג האָב איך זיך אַרומגעדרייט צווישן די פורן.

איך בין נישט געווען דער איינציקער. געווען נאָך אַזעלכע ייִנגלעך, וואָס האָבן זיך נישט געקענט אָפּרייסן פון די פאַרבן, קלאַנגען און נייע פּנימער, מיט וועלכע עס האָט זיך צערוישט דער יאַריד. פאַרגאַפּטע האָבן מיר זיך נישט געקענט אָפּרייסן פונעם גערויש ביז עס האָט עמעץ צוגעטראָגן אונדזערע טאַטעס און זיי האָבן זיך אַ לאָז געטון אונדז אויפזוכן צווישן די פורן און אוועקטרייבן אין חדר אַריין.

אַלץ, וואָס איז נאָר געוואקסן אין דאָרף און וואָס נאָר די פעטע ערד פון אונדזער געגנט האָט אַרויסגעגעבן, האָט מען מיטוואָך, גלייך מיטן טאָג־ליכט, געפירט אין שטעטל אַריין. אַלע וואָך אַזוי, ווייל אַזוי האָבן געטון זייערע טאַטעס און זיידעס און דאָס האָט געהערט צום לעבנס־שטייגער פון דאָרף און שטאָט.

עס איז אין שטעטל נישט געווען קיין איין ייִד, וואָס זאָל אַ גאַנצע וואָך נישט אַרויסקוקן אויפן יאַריד עס האָבן אויפן יאַריד אַרויסגעקוקט די קלענערע מוכרי־תבואהניקעס, וואָס האָבן געהאַנדלט מיט ווייץ און קאָרן, מיט גרויפּן, האָבער און גערשטן. געוויינלעך זענען עס געווען פיינע באַלעבאַטים, וואָס האָבן געקענט לערנען אַ בלאַט גמרא. אויך די בעלי־מלאכות, וואָס האָבן אַ גאַנצע וואָך שווער געאַרבעט און ווייניק פאַרדינט, האָבן תמיד עפּעס צוגעגרייט צום פאַרקויפן אויפן יאַריד.

אפילו די מלמדים פון שטעטל, די דרדקי־און גמרא־מלמדים, האָבן אַרויס־געקוקט אויפן יאַריד, ווייל די באַלעבאַטים האָבן דאָס באַצאָלן שכר־לימוד שטענדיק אָפּגעלייגט אויף נאָכן יאַריד. דערצו האָט כמעט יעדער מלמד געהאַט אַן אשת־חיל, וואָס האָט געוויינלעך צוגעהאַנדלט מיט עפּעס, מיט זאַלץ, מיט הערינג, מיט וואַקס, מיט פויערישע פּאַטשיילעס. זיי האָבן געהאַט זייערע שטעלעכלעך אין מאַרק און צוזאַמען מיט זייערע מענער געוואַרט אויף אַ גוטן יאַריד. פון קנעלן אַליין האָט מען קיין פּרנסה נישט געקענט האָבן.

אַבער מער פון אַלע האָבן אויפן יאַריד אַרויסגעקוקט די קרעמער, וואָס

האָבן געהאַט זייערע סטאַבילע סטראַגאַנעס און געצויגן דערפֿון זייער חיונה. דער מאַרק איז פֿאַר זיי געווען דער איינציקער פּרנסה־קוואַל.

אין די טעג, ווען עס איז נישט געווען קיין יאַריד אין שטעטל, זענען די קרעמער געשטאַנען שעהנלאַנג אין זייערע קליייטלעך ביי אָפֿענע טירן אַרויס־קוקנדיק אויף אַ קונה, וואָס זאָל קומען קויפֿן עפּעס, וואָס באַטרעפֿט גראָשנס און ביי וואָס מ׳דאַרף זיך נאָך דערצו אויסעסן דאָס האַרץ איבער דעם וואָס דער קונה דינגט זיך. כ׳זע זיי פֿאַר זיך ווי לעבעדיק די יידן מיט די שוואַרצע און גרוילעכע בערד, באַלאַדן מיט אייזערנעם געדולד און מיט גרויסן בטחון, און ווען זיי זענען שוין געווען מיד פֿון שטיין אויף די פֿיס, האָבן זיי זיך נאָך אַלץ נישט פֿאַרגינען אַוועקצוזעצן אויף אַ בענקל. זיי האָבן נישט געקענט אין זייערע געדאַנקען צונויפֿפּאָרן דאָס אַרבעטן אויף פּרנסה מיטן זיצן אויף אַ בענקל. ערשט צו מנחה ומעריב, ווען די ווייבער זענען געבליבן אין די קלייטן אַליין און די מענער זענען אַוועק אין קלויז, האָבן זיי נאָכן דאַווענען זיך פֿאַרגינען אַוועק־צוזעצן ווער ביי אַ פּרק משניות, ווער ביי אַן „עין יעקב״ צי „חיי אדם״ אָדער סתם אַ שמועס וועגן דער פּאָליטיק אין דער גרויסער וועלט.

אינגאַנצן אַנדערע מענטשן פֿלעגן זיי ווערן ווען עס איז געקומען דער מיטוואָכדיקער יאַריד. פֿון פֿאַרטאָג אָן האָבן זיי זיך גענומען יאָגן מיט אַזאַ אימפּעט, אַז ס׳איז פּשוט געווען שווער צו גלויבן, אַז דאָס זענען די זעלבע מענטשן. אויפֿגעשטאַנען פֿון שלאָף איז מען ווען עס איז נאָך געווען בלוי אין די פֿענצטער. אָפּגעדאַוונט האָט מען אויף שנעל, געכאַפּט עפּעס אין מויל אַריין, אין גרויס איילעניש. יעדע מינוט איז געווען טייער.

אינעם יאַריד־טאָג האָט מען אין וואָיסלאָוויץ זעלטן געזען גיין עמעצן פּאַוואָליע. פֿאַרקערט, מען איז געלאָפֿן. מען האָט געעפֿנט קליייטלעך און געשטעלן מיט גרויס טומל. ביי טייל קליייטלעך האָט מען אונטערגעשפּאַרט מיט אַ שטיק האָלץ דעם גרויסן און ברייטן לאָדן, וואָס האָט זיך געעפֿנט ווי אַ געשטעל און באַלד האָט מען אָנגעהויבן אַרויסשטעלן אַלץ וואָס מען האָט געהאַט צו פֿאַר־קויפֿן, אין אַזאַ אָרדענונג, אַז מען זאָל דאָס גוט אָנזען.

יידן און יידענעס האָבן זייערע סחורות אויסגעפּאַקט און פֿונאַנדערגעלייגט אויף ברעטער און ראַגאָזשקעס. דערביי האָבן זיי אַלע ווילע געכאַפּט אַ קוק וואָס אַנדערע קרעמער שטעלן אַרויס אינדרויסן, און אויב דאָס קוקן אויף אַנדערע האָט זיי דערמאָנט אין עפּעס, וואָס זיי האָבן גראָד פֿאַרגעסן, האָבן זיי עס באַלד נאָכגעטון און גוט־געמאַכט.

אינעם טאָג פֿון יאַריד האָבן זיך פּשוטע יידן און יידענעס פֿאַרוואַנדלט אין קלוגע סוחרים. קיין זאַך האָט נישט געטאָרט פֿעלן. אַלץ האָט געדאַרפֿט זיין

צו דער האַנט, נישט נאָר אַזאַ סחורה, אויף וועלכער מען פרעגט זיך נאָך, וואָס גייט ווי מצה־וואַסער, נאָר אויך אַזעלכע סחורות, וואָס גייען אַן פּאָר באַוולען און מען פרעגט זיך דווקא נישט נאָך אויף זיי און דאָך דאַרפן זיי רייצן דאָס אויג...

ווארום וואָס איז דען געווען דער מיטוואָכדיקער יאַריד ביי די יידן פון שטעטל? דאָס איז געווען פּרנסה אויף אַ גאַנצע וואָך.

אויב חלילה, אַ שלעכטער יאַריד, וועט דאָך נישט זיין אַפילו מיט וואָס שבת צו מאַכן.

און דאַרפן דאַרף מען אַזויפיל!... אין אַ סך שטובן דאַרף מען צורעכט־מאַכן דעם דאַך, ווארום ווען עס גייט נאָר אַ רעגן אינדרויסן, רינט אַריין אין שטוב... באַלד הויבן זיך אָן די בלאָטעס אין שטעטל און די קינדער גייען אָן שיך... אויף דער עליה, וואָס מ׳האָט געקויפט אין בית־המדרש, איז מען נאָך אויך עפּעס שולדיק און ס׳איז נישט שיין פאַר לייטן... פאַר דער סחורה, וואָס מ׳האָט גענומען אויף באָרג, דאַרף מען באַצאָלן... דעם מלמד, וואָס לערנט מיט די קינדער תורה, דאַרף מען צאָלן שכר־לימוד.

עס טרעפן שטילע יארידים, ס׳פּלייצט אַ רעגן, אַ שניי, ס׳יאָגט אַ זאַווערוכע. רייסן זיך פון יידישע הערצער טיפע זיפצן. די פאַרהאָרוועטע וואָיסלאָוויצער יידן, וואָס האָבן זיך אַליין אַריינגעטריבן אין אַזאַ אימפּעט, ווערן ווידער שטיל און פאַרטראַכט און פון די פּנימער בעמט שלאָגן שווערע זאָרג.

כ׳בין נאָך אַ קליין יינגל געווען און נישט פאַרשטאַנען די זיפצן פון יענער צייט, אָבער נישט איינמאָל האָט עס מיר פאַרקלעמט ביים האַרצן צוזעענדיק דעם צער פון די עלטערן, פון אַנדערע יידן, וואָס איך האָב אַזוי גוט געקענט. אָבער ס׳רוב פלעג איך פאַרכאַפּט ווערן פונעם טומל. אויף יעדן יאַריד איז געווען אַזויפיל צו זען און איך האָב פּשוט נישט געוווסט אויף וואָס פריער צו קוקן. אַלץ האָט מיך פאַראינטערעסירט — די מענטשן, די קולות, די קריגערייען — דער הילכיקער רעש, וואָס האָט זיך געטראָגן איבער אַלץ און אַלעמען; דאָס מעלה־גירהן פון די אויסגעשפּאַנטע אָקסן ביי די פורלעך, דאָס דינגעניש פון די קונים און די ניגונים פון פריילעכע שיקסעס. ס׳האָט נישט איינמאָל געטראָפן, אַז כ׳האָב זיך אויף עפּעס פאַרקוקט אַזוי שטאַרק, אַז עס איז מיר שווער געווען דערפון די אויגן אָפּצורייסן, איז אויסגעוואַקסן נעבן מיר אַ ייד פון שטעטל, אַ שכן, געטון מיר אַ קניפּ אין באַק און געזאָגט:

„הא, קוקסט ווי פייגעלעך פליען? און אין חדר ווער וועט גיין?"

אָבער מערסטנס האָבן די יידן נישט געלייגט קיין אַכט אויף די יינגלעך, וואָס האָבן זיך געפּלאָנטערט אונטער די פיס. דער עיקר האָבן מיר זיך געדאַרפט היטן פאַר די טאַטעס, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז לערנען האָט גאָר קיין שיעור און קיין

ערך נישט. די תורה איז טיף ווי דער ים און ס׳זענען פֿאַראַן אַזויפֿיל ספרים צו לערנען. וואָס מער מ׳לערנט, אַלץ בעסער קען מען. גירסא דינקותא בלייבט אויפֿן גאַנצן לעבן און ס׳איז אַ שאָד יעדע מינוט וואָס מ׳רייסט זיך אָפּ פֿון לערנען. אָבער נישט געקוקט דערויף זענען געווען טאַטעס, וואָס האָבן נישט געזען קיין אַנדערע ברירה ווי איינצושפּאַנען זייערע זין, חדר־ייִנגלעך אין דער פּרנסה אויפֿן יאַריד, זיי זאָלן כאָטש קוקן די גויים אויף די הענט, פֿאַרהיטן פֿון אַ גניבה.

זייער שטאַרק האָט אויף יעדן יאַריד זיך געוואָרפֿן אין די אויגן דער גרויסער אונטערשייד צווישן ייִדן און גויים, נישט נאָר אין די מלבושים און אין אויסזען, נאָר אויך אין געמיט פֿון די צוויי פֿעלקער, וואָס האָבן זיך אויפֿן יאַריד אויסגעמישט אַלע אינאיינעם און זענען דאָך געבליבן באַזונדער, מיט דער אייביקער ווייטקייט, וואָס האָט זיי אָפּגעטיילט איינע פֿון די אַנדערע.

אין דער צייט ווען ביי די ייִדן פֿון שטעטל איז דער יאַריד געווען אַ פֿאַרצווייפֿלטער געראַנגל אַ געיעג נאָך פּרנסה, איז ער ביי די גויים געווען אויך אַ פֿאַרווײַלונג. זיי זענען געקומען אויפֿן יאַריד נישט נאָר קויפֿן און פֿאַר־קויפֿן, נאָר אויך פֿאַרברענגען און לאָזן זיך אַביסל וווילגיין.

עס זענען געווען פּויערים, וואָס האָבן אפֿילו נישט אין זין געהאַט עפּעס צו קויפֿן, האָבן פּשוט קיין געלט נישט געהאַט אָדער ס׳איז זיי געווען אַ שאָד דאָס אויסצוגעבן, זענען זיי גלאַט אַזוי אַרומגעגאַנגען פֿון קלייטל צו קלייטל, פֿון געשטעל צו געשטעל, און אומעטום האָבן זיי עפּעס אַנדערש געדונגען, אומעטום האָבן זיי אויף עפּעס אַנדערש זיך נאָכגעפֿרעגט מיט אַ מינע פֿון אַן ערנסטן קונה, גענומען אַ קלעצל פֿאָדעם און געפּרוּווט עס רייסן; פּלעגן דערביי אַריינרייסן ביים ברעג, פּרוּוון צי די לייוונט איז גענוג שטאַרק; געהייסן זיך אויסמעסטן אַ רעשטל אויף אַ קלייד און געהאַלטן אַ טשוהונענעם טאָפּ אין דער הייך און געקלאַפּט אין אים מיט אַ פֿינגער, צו דערקענען לויטן קלאַנג צי דער טאָפּ איז ערגעץ נישט געשפּאָלטן; אויספּרוּוון אַ קאָסע אויף אַ שטיין, צו דערקענען לויטן קלאַנג צי די קאָסע איז געמאַכט פֿון ריינעם שטאָל.

מעגלעך, אַז זיי האָבן די אַלע זאַכן געדאַרפֿט האָבן, אָבער אין איצטיקן מאָמענט האָט זיי נישט געחלומט צו קויפֿן. זיי איז גלאַט געפֿעלן דאָס אַרומגיין איבער די קלייטלעך און געשטעלן, דינגען זיך מיט די ייִדן איבער די פּרייזן פֿון די פֿאַרשידנערליי סחורות. זיי האָבן הנאה געהאַט דערפֿון און ביי זיך אַליין געוואָרן חשובער; עס האָט געהייסן, אַז זיי זענען נישט אַבי ווער, נאָר זענען באַלעבאַטים מיט ווירטשאַפֿטן.

אַזעלכע שטייגער פּויערים האָבן געהערט צו די ייִדישע צרות אויפֿן יאַריד. זיי זענען אַרומגעגאַנגען איבער די געשטעלן מיט די בייטשן אין די הענט און

מיט די באַראַשקענע קוטשמעס פּאַרוקט ביז צו די אויגן און געדונגען זיך, געלאָזט די יידן און די יידענעס אויסשפּייען די גאַל, מיינענדיק אַלץ, אַז אפשר וועלן זיי פּאַרט עפּעס קויפן.

ווען דאָס דינגעניש איז זיי נמאס געוואָרן, זענען זיי אַוועק צו פּעסעלען אין רעסטאָראַן, געהייסן זיך געבן מכלומרשט אַ זעמעלע מיט אַן איינגעמאַרינירטן הערינג, אָבער אינדערמיטן איז זיי געגאַנגען אינעם גלעזל בראַנפן.

דאָס טרינקען בראַנפן איז געווען אַ טייל פון דער פּאַרווײַלונג אויפן יאַריד אין שטעטל. אַ סך האָבן געקויפט גאַנצע פלעשער „נאַ ווינאָס" אָדער האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט פון דאָרף סאַמאָגאָן און נאָכן פאַרקויפן זייערע סחורות, האָבן זיי געפּראַוועט אַ סעודה אַרום זייערע פורן, געמאַכט פונעם וואָכעדיקן טאָג אַ יום־טוב פאַר זיך.

די יידן אָבער האָבן אין דעם טאָג קיין סעודות נישט געפּראַוועט. אַלע זענען געווען פאַרשמאַיעט, פאַרהאָוועט. ביי די קלייטן און ביי די שטעלעכלעך האָט מען געגעסן שטייענדיק און אין איילעניש. גאַנץ אָפט האָט מען אַ גאַנצן טאָג גאָרנישט גענומען אין מויל אַריין. קיינער האָט זיך נישט פאַרגינען אין זין צו האָבן זייטיקע זאַכן, וואָס וואָלטן אפשר לייכטער געמאַכט דאָס געמיט. מ׳האָט אַלץ מורא געהאַט, אַז איבער דעם זאָל מען נישט פאַרלירן אַ קונה און ארויס־קומען מיט ווייניקער פּדיון פונעם יאַריד.

נישט קיין געיעג נאָך געלט איז דאָס געווען, ווי די שונאים האָבן געמיינט. דאָס האָט די ביטערע נויט אַריינגעטריבן די אָרעמע מענטשן אין אַזאַ אימפּעט, אַז אין דעם טאָג, אויף וועלכן זיי האָבן אַלע האָפענונגען אַרויפגעלייגט, זאָלן זיי גאָר וועגן קיין אַנדערער זאַך נישט טראַכטן, ווי נאָר וועגן פּרנסה.

## לעבנס־חכמה

וואָיסלאָוויצער יידן האָבן געהאַט זייער אייגענע לעבנס־חכמה און זענען געווען געניט אין אַלעם וואָס זיי האָבן געטון, שוין דערפאַר וואָס זיי זענען געווען אַנגעלערנט פון דער נויט. די יידישע קרעמער האָבן געוווסט אַז די טבע פון פּויערים איז נישט צו קויפן באַלד דאָס וואָס זיי דאַרפן אָדער פאַרקויפן גלייך וואָס זיי האָב געבראַנגט מיט זיך און באַלד פאָרן צוריק אַהיים. אַ סך יידן האָבן געקענט די פּויערים ווי זייערע אייגענע שכנים, זענען געגאַנגען אויפן דאָרף און געווען היימיש מיט די פּויערישע משפּחות, געקענט אַלע זייערע זאָרגן און שוואַכקייטן. זיי האָבן שוין גוט געקענט די פּויערישע שוואַכקייט זיך נישט צו איילן און צו דינגען זיך לאַנג. נישט געקוקט, וואָס זיי האָבן אַלע יאָרן געלעבט

אין שכנות מיט די יידן, האָבן זיי נישט געהאַט קיין צוטרוי צו קיינעם און עס האָט זיך זיי תמיד געדאכט, אַז נאָר מ׳וויל זיי אָפּנאַרן.

דאָס האָבן וואָיסלאַוויצער יידן גוט געוווּסט און פאַרשטאַנען ווי אַזוי אומצוגיין מיט זיי. עס האָט זיך ביי די קרעמער אויסגעאַרבעט, ווי פון זיך אַליין, אַזאַ שטייגער פון האַנדל, וואָס זאָל זיין צוגעפּאַסט צום גייסט און צו די שוואַכ־קייטן פון די פויערישע קונים.

דאָס הייסט נישט, אַז אַלע האָבן עס גוט געקענט. אמתע בריות דערויף זענען געווען נאָר געציילטע. אין מיין זכרון איז געבליבן אַ היטלמאַכער, וועמענס נאָמען איז מיר אַרויס פון זכרון. ער האָט פאַרקויפט היטלען מיט גלאַנציקע דאַשקעס און אויך באַרעשקענע קוטשמעס צו די פויערים. כ׳געדענק, אַז אין שטוב האָט מען אויף אים געזאָגט, אַז ער איז אַ קלוגער ייד. ער האָט געהאַט אַ חוש פאַר הומאָר, געקענט זאָגן אַ פיין גלייכוואָרטל, דערציילן אַ וויץ, און כאָטש איך האָב אים זעלטן געזען שמייכלען, ווייזט זיך מיר איצט אויס, אַז אין זיינע מויל־ווינקלען, וואָס זענען זיך צונויפגעקומען מיט זיין געדיכטער שוואַרצער באָרד, האָט זיך תמיד באַהאַלטן אַ שמייכל.

אין יעדן שמועס מיט מענטשן, צי דאָס איז געווען אין קלויז נאָכן דאַווענען, אין שטוב ביי דער אַרבעט אָדער אין מאַרק אויפן יאַריד, האָט זיך מיר אַלעמאָל געדאַכט, אַז צוהערנדיק זיך מיטן באַהאַלטענעם שמייכל צו דעם וואָס יענער רעדט, פּרוּווט ער אים אויס צי ער האָט שכל צי נישט. עס איז אויסגעקומען ווי ער וואָלט יענעם גענומען אויפן עקזאַמען און ער האָט קיינמאָל פון יענעמס באַרישקייט נישט געלאַכט אויפן קול. ער האָט בלויז אויף זיין אייגענעם שטייגער געזאָגט:

„אהא !...״

דאָס איז געווען געגנוג, אַז מ׳זאָל שוין וויסן זיין מיינונג וועגן יענעמס חכמה. דאָס איז געווען סיי ביי יידן און סיי ביי גויים. ער האָט געקענט אַלע גויים. וואָס זענען געקומען אויפן יאַריד און ער האָט שוין געוווּסט ווי אַזוי צו האַנדלען מיט זיי ווען זיי זענען געקומען צו אים קויפן באַראַשקאַנע קוטשמעס. ביי אונדז אין שטוב פלעגט מען וועגן דעם זאָגן, אַז ס׳איז צו גיין אויף בילעטן דאָס אָנצוקוקן...

כ׳בין טאַקע אַמאָל געגאַנגען אַ קוק טון, און ווען כ׳דערמאָן זיך היינט די סצענעס זעט עס מיר אויס ווי אַ ספּעקטאַקל, וואָס דער היטלמאַכער האָט געמאַכט פונעם פאַרקויפן אַ קוטשמע, און עס איז ווירקלעך צו באַוווּנדערן ווי אַזוי דער מענטש האָט אַריינגעטראָגן אַזויפיל שפּיל אין אַזאַ זאַך ווי האַנדל, ווי געיעג נאָך פּרנסה.

אַזוי ווי דער פֿויער איז צו אים צוגעקומען קויפֿן אַ היטל, האָט ער אים פֿריער פֿון אַלץ אַרויפֿגעלייגט ביידע הענט אויף די אַקסלען און אים גוט באַטראַכט, מאַכנדיק אַזאַ אָנשטעל ווי ער וואָלט זיך פֿריער געדאַרפֿט איבערצייגן, צי דער פֿויער איז טאַקע ראוי צו קויפֿן ביי אים אַ היטל. נאָכדעם ווי ער האָט אים שוין גוט באטראַכט און אַרומגעקוקט, האָט ער געגעבן אַ מאַך מיט דער האַנט און אַ דריי מיטן קאָפּ:

„כ'וויס נישט צי דו וועסט גאָר זיין אַ בעלן אויף אַזאַ היטל, וואָס מ'קריגט ביי מיר".

דאָס איז געווען דער אָנהויב און עס איז אויסגעקומען אַזוי, אַז דער פֿויער האָט זיך גאָר געמוזט בעטן, מ'זאָל אים לאָזן אָנמעסטן אַ היטל און ער האָט זיך געמוזט שווערן, אַז ער איז אַ בעלן דווקא אויף אַזאַ, פֿון בעסטן סאָרט.

יאַרידעווונדיק אַרום אַנדערע קונים האָט ער דעם צעטומלטן פֿויער געלאָזט שטיין, געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער קוקט זיך גאָרנישט אום אויף אים, אָבער אינדערראמתן האָט ער אים נישט אַראָפּגעלאָזט פֿון אויג און עפּעס ווי גאָר פּלוצלונג זיך ווידער דערמאנט אין אים, געהייסן אים אויסקלויבן זיך וואָס אים געפֿעלט און דאַן האָט ער אַליין גאָר קונציק אַ טראָן געטון דאָס היטל אויף זיין צונויפֿגעביילטער פֿויסט פֿון דער לינקער האַנט און דערביי געדרייט זי אין אַלע זייטן מיט דער שנעלקייט פֿון אַ ווינטמיל און ווען ער האָט ענדלעך דאָס היטל אָנגעטון אויפֿן פֿויערס קאָפּ, האָט ער זיך גענומען שפּיגלען אין אים. אַלע ווײַלע, ווען דער פֿויער האָט געוואָלט אָנטאַפּן מיט דער האַנט דאָס נייע היטל, האָט ער נישט באַוויזן, ווייל נאָר דער היטלמאַכער אַליין האָט עס געקענט אויסגלייכן אָדער אַראָפּרוקן אַביסל אָן אַ זייט. ער האָט דאָס געטון ווי נאָר ער אַליין וואָלט געוווּסט די סודות פֿון אָנטון אַ היטל און דערביי נישט אויפֿגעהערט זיך צו שפּיגלען אינעם פֿויער, פֿאַרזיכערט אים, אַז מיט אַזאַ היטל וועט מען אים אויסקלייבן פֿאַר אַ וואָיט אָדער גאָר סטאַראָסטע.

שפּעטער האָט זיך אָנגעהויבן די דינגעניש איבערן פּרייז. דאָ איז דער פֿויער שוין נישט אָפּגעשטאַנען אין כיטרעקייט, האָט זיך פֿונעם יידס הויכן פּרייז גאָרנישט געמאַכט און געטענהט, ער זאָל צו אים רעדן מענטשלעך, נישט גלאַט אין דער וועלט אַריין. קיין שום שבֿועות האָבן דאָ נישט געהאָלפֿן. דער פֿויער גלייבט נישט קיינעם. דערצו איז דאָס דינגען זיך אויפֿן יאַריד אַ פֿאַרווײַלונג. וואַיסלאָוויצער יידן האָבן דאָס געוווּסט און האָבן געמוזט צושפּילן מיטן פֿאָדערן הויכע פּרייזן און אַראָפּלאָזן.

גוט איז געווען ווען מען האָט עס געקענט נעמען אויפֿן שטייגער פֿון יענעם היטלמאַכער, לייכט, שפּילעוודיק. ערגער איז געווען מיט די בייזע יידן,

וואָס האָבן נישט געקענט, פאַרטראָגן דאָס דינגעניש, האָבן זיך אָפּגעגעסן ס'האַרץ ווען דער פויער האָט צוגעזאָגט אַ פרייז, צו וועלכן מ'האָט געדאַרפט צולייגן מער ווי אַ העלפט, האָט זיך אָפּגעדונגען אַ שעה און אַוועק נישט קויפנדיק פאַר קיין גראָשן.

געווען אויך שטילע קרעמער, וואָס האָבן נישט געוואָלט איינרייסן די וועלט, געלאָזט זיך באַגנוגענען מיט ווייניק, האָבן קיינמאָל נישט באַקלאָגט זיך, געהאַלטן, אַז אַ מענטש טאָר נישט האָבן קיין גרויסע אויגן און ער דאַרף דאַנקען און לויבן גאָט פאַר דעם וואָס ער שיקט אים צו, נישט כאַפּן איינער ביים אַנדערן פון די הענט.

שטילע, ערלעכע יידן, אָבער גאַנץ אָפט באַעוולהטע פונעם לעבן.

## חתונה און שבע ברכות

דעם לעצטן שבת פאַר דער חתונה האָט מען דעם חתן אויפגערופן אין בית המדרש, עולה לתורה ביים לייענען. די מחותנעסטעס און ווייבער פון דער משפחה פלעגן פון עזרת נשים אים באַוואַרפן מיט ניס, צוקערקעס, ראָזשינקעס.

בייטאָג איז ביים חתן געווען כיבוד. אין אָוונט איז געווען אַ פאַרשפּיל — אַ סעודה מיט קלעזמרים.

דעם זעלבן אָוונט איז ביי דער כלה געווען אַ „דאַבראַנאַץ״: די קלעזמארים פלעגן שפּילן כלערליי טענץ און די כלהס חברטעס האָבן געטאַנצט, באַקומען כיבוד און פריילעך געמאַכט די כלה מיט לידלעך, שמועסן און לויבן דעם חתן.

דערנאָך פלעגן די קלעזמארים גיין שפּילן ביי די מחותנים און קרובים, ווי אויך ביי די גוטע פריינט, צו יעדן באַזונדער זענען זיי געגאַנגען אַהיים און געשפּילט פריילעכע מאַרשן און לידלעך.

די נאַכט פאַר דער חתונה פלעגט מען פאַרבעטן די קרובים, חברים און פריינט אויף אַ שמחה ביים חתן. אַזוי האָט מען עס טאַקע גערופן: דער חתן־מאָל.

אויב דער חתן האָט געדאַרפט פאָרן אויף דער חתונה אין אַן אַנדער שטעטל ווו עס האָט געוווינט די כלה, האָט מען זיך, צוליבן געזעגענען זיך מיט אים דאָפּלט משמח געווען. אויב מען האָט זיך געאיילט צום אָפּפאָרן האָט זיך די שמחה אָנגעהויבן בייטאָג און האָט געדויערט ביז שפּעט, ווען מען האָט דעם חתן אַרויס־באַגלייט מיט קלעזמער ביז הינטער דער שטאָט.

ביי דער כלה, אַ נאַכט פאַר דער חופה, ווען מען פלעגט זי פירן צו טבילה, האָט מען געטיילט לעקעך דער בעדערין און די טוקערינס אין באָד און דער כלה איז מען אויך אַנטקעגן געגאַנגען מיט קלעזמער, שפּילנדיק אויף דער גאַס און

ווען מען איז אָנגעקומען אין שטוב אַריין האָט זיך ערשט אָנגעהויבן די אמתע שמחה. דער בדחן האָט מיט זיינע גראַמען געזאָגט מוסר און ווייך געמאַכט דער כלהס האַרץ, דערמאנט זי אין דער נייער תקופה, וואָס הייבט זיך אָן אין איר לעבן.

ביים חתנס אָנקומען צו פאָרן אין דעם פרעמדן שטעטל, ווו עס האָט געוווינט די כלה, האָט מען זיך אָפגעשטעלט אַן ערך עטלעכע קילאָמעטער הינטער דער שטאָט און געגעבן צו וויסן דורך אַ שטאַפעט דעם כלהס צד און דעמאָלט איז מען דעם חתן אַקעגנגעפאָרן מיט קלעזמער און אויפגענומען אים מיט גרויס כבוד און פרייד. אָן דער מוזיק האָט מען זיך נישט גערירט קיין טראָט, פונעם אויפרופן ביזן לעצטן טאָג שבע ברכות. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז געזאָגט ביי פאַרמעגלעכע באַלעבאַטים, וואָס האָבן זיך געקענט פאַרגינען צו באַצאָלן די קלעזמער, וועלכע האָבן אויף אַזאַ חתונה לאַנג געוואַרט און האָבן די גאַנצע צייט דערפאַר געשפּילט האָפּערדיק און רעשיק.

בדרך־כלל האָט די חתונה זיך אָנגעהויבן אינמיטן טאָג, די אויפנאַמע ביים חתן פאַרן באַדעקנס אויף זיין סטאַנציע, וועלכע איז פאַר אים פון פריער רעזער־ווירט געוואָרן, האָט געהייסן דער קבלת־פּנים. אויב דער חתן איז געווען אַ בית־המדרש בחור, האָט ער אויך דעמאָלט געהאַט די געלעגנהייט צו באַווייזן זיין למדנות און חידושים מיט אַ פּשטל פאַר די ספּעציעל־איינגעלאַדענע קרובים, מקורבים און חברים, ווי אויך סתם בית־המדרש־בחורים, ווילעלערנער. אין דער זעלבער צייט האָט די מחותנעסטע, דעם חתנס מוטער, אָפּגעשטאַט אַ וויזיט ביי דער כלה פאַרן באַדעקנס. זי איז געקומען מיט מתנות, ס׳רוב אַ פינגערל. דעם דאָזיקן וויזיט האָט מען גערופן: „סקאַצל קומט”. מען פלעגט איר אַנטקעגנגיין מיט גרויס שמחה און מיט גרויס טומל רופן: „סקאַצל קומט, מחותנעסטע!”.

בכלל האָט יעדער אין שטעטל געפילט, אַז די חתונה האָט צו אים אויך עפּעס אַ שייכות, צי סתם ווי אַ היימישער אָדער טאַקע מיט דער אויסזיכט אָפּ־צולעקן אַביינדל. שניידערינס זענען געוואָרן באַוואָרפן מיט אַרבעט. נישט אַלעמאָל האָט מען דאָס חופּה־קלייד גענייט אין וואָיסלאָוויץ, געווען אַזעלכע, וואָס זענען געפאָרן קיין כעלם, אָדער גאָר קיין לובלין, ווו יעדער האָט געהאַט זיין אַדרעס פון אַ גוטער שניידערין, אָבער עס איז נאָך געבליבן גענוג אַרבעט אויך פאַר די היימישע שניידערינס. די חברה פון לינת הצדק, צי ביקור חולים האָבן זיך אויך געגרייט צו דער חתונה. אין שטעטל האָט זיך גערודערט און קינד און קייט האָבן געוווּסט פון דעם וויכטיקן נייעס, וואָס דאַרף אינגיכן געשען.

פאַר דער חתונה האָט די כלה זיך ווייניק באַוויזן אין גאַס. זי האָט געוווּסט אַז אַלע שטעלן זיך אַוועק איר נאָכקוקן און נישט איינמאָל האָט געטראָפן, אַז אַ בחור, וואָס האָט שטיל אין האַרצן ליב געהאַט די כלה, האָט מקנא געווען דעם

חתן, וואָס זיצט זיך דאָרט אויף זיין סטאַנציע און גרייט צו דאָס פשטל צו דער חתונה.

אויב עס איז געווען אַ רייכע חתונה האָבן זיך, ווי דורך געהיימע סיגנאַלן דערוווּסט וועגן דעם די הייזער־גייער פון דער גאַנצער אַרומיקער געגנט. און זיי זענען געקומען עפּעס געניסן. פאַר זיי האָט מען געפּראַוועט אַ באַזונדער אָרעם־מאָלצייט און דערנאָך צוגעגעבן יעדן אין קעשענע אַ פּאָרציע לעקעך און אַ שיינע נדבה.

ביי דער כלה אין שטוב האָט מען געהאַלטן אין איין אָנמעסטן די קליידער און זיך פּוצן. טאַטע־מאַמע זענען אַלע ווײַלע אַריין צו איר, אויסגעפרעגט ווי זי פילט זיך אין תענית.

ווען עס האָט נאָר אָנגערוקט דער פאַרנאַכט האָט שוין דער יום־טוב אַלעמען אַרומגענומען. פון די פענצטער אין אַלע שטובן האָט מען געזען ליכט. יידן האָבן פון זיך אַראָפּגעוואָרפן דעם עול־פּרנסה, כמעט אַלע האָבן זיך געפילט ווי מחותנים און אפילו די, וואָס זענען נישט געוואָרן איינגעלאַדן אָפיציעל צו דער חתונה, האָבן זיך אַרומגעדרייט אינדרויסן, ווי היימישע מחותנים און קליינע קינדערלעך האָבן זיך געפּלאָנטערט צווישן די פיס.

ווען מען האָט אויפן שול־הויף אויפגעשטעלט די חופה האָט אַ גרויסער סוד גענומען שוועבן אין דער לופט. אַלע האָבן דערפילט די חשיבות פון דער שעה. דאָס שטעטל איז ווי פאַרשטילט געוואָרן און עס האָט זיך געהערט שעפּטשען. ווער עס האָט דערציילט וועגן די מעלות פון דער כלה און ווער וועגן דער לומדות און פעאיקייט פון דעם חתן. אויב ער איז געווען פון אַן אַנדער שטעטל האָבן אַלע זיך געשטופּט אָנצוקוקן אים. ס׳רוב איז ער אין יענע מינוטן געווען שטאַרק בלאַס און זיין קול ביים רעדן האָט געציטערט.

די מחותנעסטעס האָבן שוין בייצייטנס צוגעלייגט די טיכלעך צו די אויגן און געכליפּעט שטיל. דער בדחן האָט געזאָגט מוסר, דערמאָנט די ערנסטקייט פון דער מינוט און די קלעזמערס האָבן אַלעמאָל צוגעהאָלפן מיט אַ גרעמפּל, ווו עס האָט זיך געפּאַסט צום ענין, גלייך זיי וואָלטן באַשטעטיקט מיט דער מוזיק דאָס, וואָס דער בדחן האָט געזאָגט. דער עולם איז געשטאַנען פאַרגאַפט פון דעם בדחנס קונץ־שטיק און די ווערטער און גראַמען האָבן זיך געשיט און געשיט, און עס האָט זיך אַזוי געוואָלט שטיין אָן אויפהער און הערן די קלוגע רייד, וואָס זענען געפלאָסן אַזוי האַרציק און קלינגענדיק. אָבער פּלוצלונג איז מיטאַמאָל אַלץ געוואָרן איבערגעהאַקט. דאָס וואָרט האָבן באַקומען די קלעזמער, די מוזיק האָט געגעבן אַ זעץ אַרויס אַ מאַרש. דאָס איז געווען אַ צייכן, אַז מען פירט שוין חתן־כלה צו דער חופה.

באַלד נאָך דער חופּה זענען געוואָרן אַרויסגערוקט די טישן און מען האָט זיך געזעצט צו דער סעודה. דער בדחן האָט ערשט רעכט געוויזן וואָס ער קען, אַז דער עולם איז געווען פאַרבליפט. אויך די קלעזמאָרים האָבן באַוויזן ווונדער. זיי האָבן געמאַכט דעם עולם וויינענדיק און פריילעך, טרויעריק און אויפגערוימט. דאָס פידעלע האָט געטרילט ווי אַ פויגל, געברומט ווי אַ לייב, געוויינט און געלאַכט ווי אַ מענטש, געפייפט ווי אויף אַ פייפל און באַלד זיך פאַרגאַנגען אין אַ שטייגער און אַרויסגעצויגן ביים עולם דאָס האַרץ און נשמה פאַר גרויס מתיקות.

ווען ער האָט געענדיקט איז דאָס ענגשאַפט געוואָרן נאָך גרעסער. מיידלעך אין ווייסע קליידלעך ווי מלאכים האָבן זיך געשטופּט און געוואָרפן אין די אויגן מיט זייער פריער רייפקייט. פרומע יידן האָבן זיך אָפּגערוקט.

נאָכן פלייש האָט מען אָנגעהויבן רופן דרשה געשאַנק. ווידער האָט דער בדחן געשיט מיט ווערטלעך. צוגעגעבן אַ וויץ צו אַ געשאַנקענער זאַך. דער עולם האָט אַלעמאָל אויסגעבראָכן מיט אַ געלעכטער און אויפן טיש האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן פאַרשידענע חפצים, פון זילבער און גאָלד, וואָס האָבן ממש געבלענדט די אויגן, אַרויסגערופן קנאה.

אין קאָפּ האָט אַביסל גערוישט און די פיס האָבן זיך געהויבן צו אַ טענצל. דעמאָלט האָט מען אַוועקגערוקט טיש און בענק, יידן האָבן געכאַפּט אַ טאַנץ גאַרנישט אויף קאַטאָוועס. די מוזיק האָט אָנגעהויבן ווערן ווילד און שטאַרק, פריילעך אויפגערוימט, העכער, העכער, יידן האָבן זיך פאַרגעסן, געוואָרן אַריינגעטון אין פריילעכן רעש, זיך אָנגענומען ביי די גאַרטלען און ביי די הענט, פאַרוואָרפן די קעפּ, פאַרמאַכט די אויגן, געהויבן די פיס, העכער, לעבעדיקער. באַלד האָט עמעץ אַ כאַפּ געטון דעם חתן אין דער לופט און זיך פאַרגאַנגען אין טאַנץ ביז דביקות.

ווען די מענער האָבן זיך שוין געהאַט גוט צעטאַנצט איז די מוזיק אַריין צו די ווייבער און דאָרט געשפילט וואַלסן און מאַזורקעס. דער עולם ווייבער האָט צוגעפלעסקעט מיט די הענט און עס האָט לאַנג נישט געדויערט זענען יינגלעך און איינצלנע דערוואַקסענע מאַנסבילן אַריינגעקומען צו לויפן, זעען ווי די ווייבער טאַנצן.

נאָכן „מצווה־טענצל" האָט מען געטאַנצט אַ „שער" און דערנאָך איז ווייטער געגאַנגען דער אַלגעמיינער טאַנץ, אַ ריקוד. אינצווישן האָט מען געגעבן די כלה אַ פיר אַרויס פון זאַל אין אַ חדר מיוחד און דערנאָך האָט מען גענומען, נישט באַמערקטערהייט געגעבן אַ שטופּ אַרויס דעם חתן און אַריינגעפירט אים צו דער כלה אינעם חדר מיוחד. די טענץ האָבן זיך געצויגן ווייטער און ווייטער, גלייך

עס איז גאַרנישט געשען, און די שמחה האָט אַזוי אָנגעהאַלטן ביזן גרויען טאָג אַריין.

צומאָרגנס האָט זיך געפילט אַ מידקייט אין די ביינער. מען איז געווען נישט אויסגעשלאָפן. דאָס האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט. מען האָט זיך באַלד גענומען גרייטן צו אַ פרישן יום־טוב. דעם חתנס מאַמע, אָפט מיט די נאָענטע קרובות, איז געגאַנגען זען דאָס נחת, צי די מצווה איז געווען אויפן אמתן יידישן אופן... מען האָט די כלה אויפגעהויבן פון בעט. נאָכן אָנטון האָט מען איר אָפּגעשוירן די האָר און די כלה פלעגט האַרצרייסנדיק וויינען אויף די אונטערגעשניטענע שיינע לאָקן און צעפּ.

נאָכן שערן האָט מען גענומען שלייערן די כלה. דערנאָך האָט מען געגעסן אַ מילכיקע סעודה, מערסטנס פּוטערקוכן מיט קאַווע וכדומה. די מחותנים פון חתנס צד האָבן פאַרבעטן די כלה מיט אַלע איריקע צו זיך אויף דער סטאַנציע. דער כיבוד איז דאָ געווען כלערליי פלאַדנס, איינגעמאַכטס און משקה. דערביי האָט די מחותנעסטע געגעבן דעם יונגן ווייבל אַ פּרעזענט, אַ בראַנזאָלעטל, אַ בראָש א.ד.ג. דאָס האָט געהייסן שיין־געלט, פאַרן אָנקוקן צום ערשטן מאָל די כלהביים חתן אין שטוב.

צו דער סעודה פלעגט מען צוריקגיין צו דער כלהס צד אויף מיטאָג.

געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געפייערט אויך די שבעת־ימי־המשתה און מען האָט טאָג־טעגלעך כמעט געמאַכט אַ סעודה, אָפט מיט קלעזמער. דעם שבת נאָך דער חתונה האָט מען געמאַכט שבע ברכות און דאָס יונגע פּאָרפאָלק געפירט צום דאַווענען אין שול אַריין. די אונטערפירערינס האָבן פאַרבעטן די כלה מיט די קרובים יעדע צו זיך.

דעם לעצטן טאָג שבע ברכות האָט מען געמאַכט אַ סעודה גאָר האָפערדיק און לעבעדיק, פרייענדיק זיך ביז שפּעט ביינאַכט.

די וואָך ביזן אויפרופן האָט געהייסן — די זילבערנע וואָך. פונעם אויפרופן ביז צו דער חתונה — די גילדענע וואָך.

**יעקב טענענבוים**



# החינוך היהודי

כמשכן שבימי משה, שהיה עשוי ללוות את ישראל בכל מסעיהם וחניותיהם, כן היה החדר עשוי להטלטל, וכן הסתגל לתנאי החיים של עם גולה, לטלטוליו ונדודיו. היסטוריה ארוכה לו, ראשיתו מימי הסופרים והתנאים עד הדורות האחרונים בין תפוצות היהודים. מפאת גזרתו הפשוטה ומערכת לימודיו המועטים יוכל להתכונן בכל עדה מישראל, בכל מקום בואם ושבתם, בכל עיר ועיירה הקטנה ביותר. כך היה החדר מכוון לאופי חייהם. אם נמצא אדם מוכשר לחנוך בניהם, מיד נטפלו אליו ההורים, והחדר היה על־תלו. ויש שההורים באו אליו לבקש גם עצה, הוא הלא היה התורני הקרוב אל פשוטי העם ונהנים ממנו עצה. החדר היה בבית המלמד, בדירתו הפרטית. בעיקר, עניו שגרם לכך, שהצטמצם הוא וביתו במבשלות, למען קמץ בהוצאות, והיו כאן קלקולים גדולים: צרות הדירה, חוסר־אויר, ריח־המבשלות. כלי בית־הספר בחדר היו שולחן וספסלים בלי משען. זמן הלימוד בחדר כל היום כולו. תכליתו של החדר: ללמד תורה לילדי ישראל. החיים היו תורה והתורה היתה חיים. דעת התורה היתה דעת החיים ותכלית הלימודים של החדר היתה להקנות לילדים את הידיעות שעשו אותן ליהודים. חיי הקהילה עזרו לחדר למלא תפקידיו שהיו תפקידי הציבור. לימוד התורה והרבצת התורה, שתהא נחלתו של כל יחיד מישראל, היתה משאת נפשו של עמנו מאז ומעולם.

שמעון

משה שגיא־קלינמינץ

# ה„חדר", המלמדים ובית־המדרש



עתים קרובות מאוד הוחרדה העיירה מצעקות קורעות לב שבקעו את רחובותיה. אולם אנשי ווסלביצה לא נבהלו ואפילו לא נגשו לחלון לראות בשל מה הצעקה, כי ידעו מה פשר הדבר. היו אלה צעקות של ה־משה׳לעך וה־שלמה׳לעך, בני השלוש שהובלו בפעם הראשונה ל„חדר" של משה המלמד.

אני אומר „הובלו" — ולמעשה היתה זו סחיבה תוך קרב מתמיד בין הזאטוט, המועמד ל„חדר" ובין עוזרו של המלמד ה„בעלפער" (כנראה מ„בעהעלפער"). והיתה זו מלחמה מוצדקת מכל הבחינות כי היה ברור לכל — וגם לזאטוט — כי ברגע זה בא הקץ לחרותו האישית הבלתי מוגבלת. ומשטר קשה ונוגש מחכה לו בחדר.

וזאת לדעת שהמושג „חדר" בעיירות פולין הקטנות כלל בשנים אלו גם את גן הילדים וגם את בית הספר היסודי. — המדובר כמובן במשפחות יהודיות דתיות. — והיה מיועד לבנים בלבד, כי עדיין רווח מאמר חז"ל „כל המלמד בתי תורה כאילו לימדה תיפלות".

וזה דבר המנהג:

במלאת לילד שלוש שנים הובילוהו למספרה לתספורת ראשונה, תפרו לו חליפה או לבוש אחר מתקבל על הדעת והחלו להכין אותו למחשבה שאין זה מן התבונה שיתבטל ויבזבז את זמנו ברדיפה אחרי פרפרים וצפורים. הוא כבר גדול ועליו להתחיל ללמוד. אבי המשפחה התקשר אז עם משה המלמד ואחרי משא־ומתן באו לידי הסכם על גובה התשלום ל„עונה" אחת. נקבע התאריך בו יובא הילד בפעם הראשונה ל„חדר" — בשעה טובה ומוצלחת — וכן יתר הפרטים כגון עטיפתו בטלית, קבלת הפנים בחדר וכו׳.

ביום המיועד הכל היו מוכנים לרגע המאושר מחוץ כאמור לילדים, שלמרות כל ההכנות והשידולים לא היו מוכנים לוותר על משחקיהם וכמעט בלי יוצא מן הכלל הובלו תוך התנגדות וצעקות ל„חדר".

מה היתה תכנית הלימודים בחדר זה של משה המלמד? כמובן שלא היתה קיימת בכלל תכנית כזו. אבל במציאות היה הדבר כך: תוך 3—4 שנים, היינו עד גיל שבע—שמונה בערך למדו הילדים לקרוא א׳ ב׳ באותיות דפוס, פרקי תפילה, חומש עם פירוש רש״י וגם אותיות רש״י הקטנות והמוזרות. בגלל מרווח הגילים היה נהוג ללמוד קבוצות. קבוצות ה„גדולים״ ה„קטנים״ וכו׳. התמריץ המשכנע ביותר היתה הרצועה ואיך שהוא התקדמו בלימודים מי פחות ומי יותר. מצוידים בלימודי יסוד אלה עברו התלמידים למלמדים בדרגים יותר גבוהים. אצל מרדכי המלמד היו לומדים תורה וגם פרק בתלמוד. ושמואל אורשס — שהיה למדן חריף בתלמוד — המעמיק בסוגיות מסובכות עם פירושי רש״י, תוספת יום טוב ומפרשים אחרים. המלמד יוסף שמואל היה זה שעמד בראש הפירמידה הלמודית הזו. הוא היה קפדן מאוד ודרש הרבה מתלמידיו המעטים (כי רק בעלי כשרונות בולטים נתקבלו אצלו). גם הוא עסק עם תלמידיו בסוגיות מיוחדות שבתלמוד והכניס אותם בסוד דעתם של פוסקים רבים.

תארתי את המוסד הנקרא „חדר״ רק מצדו האוביקטיבי ובקווים כלליים ביותר. כדי לא להרחיב את היריעה של מאמר זה, התעלמתי במתכוון מן הצד הסוביקטיבי, מהאוירה ששררה בתוך כתלי ה„חדר״, מהחויות האישיות של התל־מידים, מהיחס בינם ובני משפחת המלמד, שגרמו להם צרות צרורות. התעלמתי מאותה האוירה המיסתורית ששררה ב„חדר״ בזמני בין השמשות כשהמלמדים עזבו אותם לבדם והלכו לתפילת מנחה ומעריב בבית הכנסת והתלמידים היו מצטופפים בחשכה על הספסלים הנמוכים והיו מספרים מעשיות מסמרי שער על שדים ורוחות וכדומה. לא יכלתי גם להרחיב את הדיבור על חויותינו בערבי החורף הארוכים עת היינו חוזרים לחדר בערב עם פנסים שונים ומשונים ועל רצון המשופר ללמודים אז. ברם בסקרי את למודינו ב„חדרים״ הנ״ל אני מלא פליאה כי עובדה היא:

א) המלמדים המכובדים, לא היתה להם שום הכנה להוראה — לא פדגוגית ולא אחרת.

ב) הם היו אמנם אנשים ישרים אבל מאוד פרימיטיביים ורחוקים מהויות העולם.

ג) תלמידים רבים בני גילים שונים למדו ביחד.

ד) החדרים היו קטנים מאוד והיוו חלק בלתי נפרד מדירת משפחת המלמד.

ה) הנקיון היה למטה מכל ביקורת.

ו) המשמעת הושגה ע״י מכות או איומים במכות.

ולמרות כל זאת יצאנו מ„בתי אולפנה״ אלה שלמים ברוחנו ומצוידים

בידיעות יסוד לא מעטות שנתנו לנו הכשרה מינימלית ורצון להרחיב אופקים ולהרבות דעת.

גיל הבר מצוה היה נחשב בעיירה לגיל פרישה מהחדר. אבל אצל רבים זה לא היה זהה עם פרישה מלימודים. להיפך, השתחררותם מהחדר ורגש האחריות למעשים שבא בעקבות חגיגת הבר־מצוה הגביר אצלם את הרצון להרחיב ולהעמיק את ידיעותיהם ובתור צעד ראשון עברו ללמוד בצורה עצמאית לבית המדרש של העיירה או ל„פוליש" כפי שנקרא החדר שע"י בית הכנסת.

עדיין נחקק בזכרוני בואי לבית המדרש וראשית למודי שם. הייתי כחולם! מורא המלמדים סר ממני ונדמיתי כצפור דרור. זוכרני שכדבר ראשון התחלתי לעבור על אותם הסוגיות בתלמוד שלמדתי אצל מלמדי, אבל כמה היה שונה הלמוד. אותן הסוגיות, שידעתי אותן כמעט בעל פה וכמה אחרות היו! הלימוד שטף תוך שלווה ושקט ותוך רצון לחדור בכוחות עצמם לעומקן ובפעם הראשונה הרגשתי תענוג בלימוד.

בבית המדרש ישבו הרבה לומדים צעירים וגם הרבה ותיקים בעלי ידיעות רחבות ומוניטין בתלמוד ובפוסקים. בכל סוגיה שהתקשיתי להבין אפשר היה לפנות אליהם בבקשת הבהרה שניתנה תמיד ברצון.

הלומדים בבית המדרש היו מקדישים לכך הרבה שעות ביום ולעתים קרובות היו חוזרים למשמרת לילה והיו מקדישים את כל הלילה ללימודים. בתור משתתף בלימודים האלה בלילות יכול אני להעיד עוד כיום שהיו אלו שעות לימוד בלתי נשכחות.

תקופת בית המדרש היתה אם כן תקופה פורה של לימודים עצמיים, תקופה של העמקה והתקדמות וכן של התגבשות האופי והלך המחשבות. כי בד בבד עם היותנו בבית המדרש למדו רבים מאתנו עברית ולימודים חילוניים אחרים, אם זה ע"י שעורים פרטיים או גם באמצעות מכתבים (צורה שהיתה נהוגה אז בהרבה מעיירות פולין) של שבח וַלקובסקי מקרקוב. הזדקקנו להרבה כוח רצון כדי להתקדם בצורה כזו אבל ההתקדמות היתה נפלאה ובעיקר ע"י עבודה עצמית, אוטודידקטית, קריאה מרובה בספרים בעלי ערך, שגררו אחריהם שיחות חברים על נושאים שעמדו ברומו של עולם.



# דאָס חדר,
# די מלמדים און דער בית המדרש

גאַנץ אָפּט פלעגט דאָס שטעטל אויפגעציטערט ווערן פון האַרצרייסנדיקע געשרייען, וואָס האָבן זיך דורכגעריסן איבער די געסלעך. אָבער וואָיסלאָוויצער יידן האָבן זיך נישט דערשראָקן פאַר די געשרייען, זענען אפילו נישט צוגעגאַנגען צום פענצטער אַ קוק טון וואָס עס איז געשען. זיי האָבן געוווּסט, אַז דאָס שרייען די משהלעך און שלמהלעך, די דריי־יאָריקע קינדער, וואָס מען פירט צום ערשטן מאָל צו משה מלמד אין חדר אַריין.

כ׳זאָג „געפירט״, אָבער פאַקטיש איז דאָס געווען געשלעפּט, פירנדיק אַ קאַמף צווישן דעם יינגל און דעם בעלפער, דער געהילף פון מלמד. די דאָזיקע מלחמה איז געווען אַ גערעכטע אין אַלע הינזיכטן, ווייל פאַר אַלע, ווי אויך פאַרן יינגל, איז געווען קלאָר, אַז מיטן דאָזיקן מאָמענט קומט דער סוף צו זיין אומ־באַגרעצטער פערזענלעכער פרייהייט און אַז פון היינט אָן דערוואַרט אים אין חדר אַ שווערער אַרויפגעצוווּנגענער רעזשים.

מען דאַרף וויסן, אַז דער באַגריף „חדר״ אין די קליינע פוילישע שטעטלעך האָט אין יענע יאָרן אַרומגענומען אויך דעם קינדער־גאָרטן און די גרונטיקע־שול. דער חדר איז געווען באַשטימט בלויז פאַר יינגלעך, ווייל מען האָט זיך נאָך דעמאָלט געהאַלטן ביים פרינציפּ פון די חז״ל: „יעדער, וואָס לערנט זיין טאָכטער תורה, איז ווי ער וואָלט זי געלערנט נאַרישקייטן״.

אזוי האָט אויסגעזען דער שטייגער:

ווען דאָס קינד איז אַלט געוואָרן דריי יאָר האָט מען אים צום ערשטן מאָל געפירט אָפּשערן די האָר, מען האָט אים אויפגענייט אַ נייעם מלבוש און גענומען צוגרייטן אים צום געדאַנק, אַז עס איז נישט שכלדיק אַרומצוגיין ליידיק און פאַרשווענדן די צייט אויף יאָגן זיך נאָך פייגל און שמעטערלינגען. ער איז שוין אַ גרויסער און דאַרף אָנהייבן לערנען.

דער טאַטע האָט זיך דעמאָלט פאַרבונדן מיט משה מלמד, אונטערהאַנדלט מיט אים וועגן שכר־לימוד פאר אַ „זמן״ און באַשטימט דעם טאָג ווען ער וועט זיין יינגל ברענגען צום ערשטן מאָל אין חדר אַריין. צום צערעמאָניאַל פון פירן אין חדר אַריין האָט אויך געהערט דאָס איינהילן אים אין טלית, דער באַזונדערער קבלת־פּנים אין חדר א.א.וו.

צום באשטימטן טאָג זענען אלע געווען גרייט צו דעם גליקלעכן מאָמענט, בלויז די קינדער איז שווער געווען צו רעזיגנירן פון זייערע שפּילן און כמעט

שטענדיק איז דאָס פירן אין חדר געווען באַגלייט מיטן קעגנשטעלן זיך און מיט געשרייען פון די קינדער.

ווי אַזוי האָט אויסגעזען דער לערן־פּראָגראַם אין משה מלמדס חדר?

פאַרשטייט זיך, אַז עס האָט בכלל נישט עקזיסטירט אַזאַ פּראָגרעס. אָבער אין דער ווירקלעכקייט האָט עס אויסגעזען אַזוי: אין משך פון דריי און פיר יאָר, ד.ה. ביזן עלטער פון זיבן, אַכט יאָר בערך האָבן די קינדער געלערנט אָנהויבנדיק פון אלף־בית, גדרוקטע אותיות, דאַווענען, חומש מיט רש״י, די קליינע און מאָדנע רש״י־אותיות. צוליבן אונטערשיד אינעם עלטער איז געווען איינגעפירט צו לערנען גרופּנווייז, „גרויסע״ און „קליינע״ אין באַזונדערע גרופּן. דער איבערצייגנדיקסטער סטימול פאַרן לערנען איז געווען דער קאַנטשיק און יאַקאַש האָט מען געמאַכט דעם פאָרשריט אין די לימודים, ווער מער און ווער ווייניקער.

באַוואָפנט מיט די דאָזיקע גרונטיקע לימודים זענען די תלמידים אריבער צו אַנדערע מלמדים, פון אַ העכערן שטאַפּל. ביי מרדכי מלמד האָט מען געלערנט חומש און אויך אַן אָנהויב אין דער גמרא. ביי שמואל אורישעס, וועלכער איז געווען אַ גרויסער למדן, האָט מען שוין געלערנט אַ טיפערן שיעור גמרא, מיט רש״י, תוספות, יום־טוב און אַנדערע מפרשים. דער מלמד יוסף־שמואל איז געווען דער, וואָס איז געשטאַנען בראש פון דער דאָזיקער לערן־פּיראַמידע. ע ראיז געווען זייער אַ שטרענגער און פון זיין קליינער צאָל תלמידים האָט ער געפאָדערט זייער אַ סך. ער האָט אָנגענומען נאָר אַזעלכע, וואָס האָבן זיך אויס־געצייכנט מיט באַזונדערע פעאיקייטן. ביים אים האָט מען שוין געלערנט שווערע סוגיות, ש״ס און פוסקים.

איך האָב די דאָזיקע אינסטיטוציע, וואָס האָט זיך גערופן „חדר״ געשילדערט נאָר פון דער אָביעקטיווער זייט און בלויז אין אַלגעמיינע שטריכן. כדי נישט אויסצוברייטערן צופיל די לייוונט פון דאָזיקן אַרטיקל, האָב איך מיט אַ כוונה נישט גערעדט וועגן דער סוביעקטיווער זייט, וועגן דער אטמאָספער, וואָס האָט געהערשט אינעם חדר, וועגן די פערזענלעכע איבערלעבונגען פון די תלמידים וועגן דער באַציאונג צווישן זיי און דעם מלמד׳ס משפחה. כ׳מייד אויס צו רעדן וועגן דער מיסטעריעזער אטמאָספער, וואָס האָט געהערשט אין חדר אין די בין־השמשותן, ווען די מלמדים האָבן איבערגעלאָזט די קינדער אַליין און זענען אַוועק דאַווענען מנחה און מעריב אין דער שול, אין פאַליש. די קינדער זענען דעמאָלט געבליבן אַליין זיצן אויף די נידעריקע בענק און טוליענדיק זיך אין דער טונקלקייט האָבן זיי זיך דערציילט מעשיות וועגן שדים און רוחות, פון וועלכע די האָר אויפן קאָפּ האָבן זיך אויפגעשטעלט.

איך מייד אויך אויס צו רעדן וועגן אונדזערע איבערלעבונגען אין די לאַנגע ווינטערדיקע אָוונטן, ווען מיר זענען צוריקגעגאַנגען פונעם חדר מיט די פאַרשידענערליי לאַמטערן, וואָס האָבן געדאַרפט פאַרטרייבן דעם פחד פאַר די נישט־גוטע, וואָס אונדזער קינדערשע פאַנטאַזיע האָט זיך אויסגעמאָלן.

אַמאָל האָבן די דאָזיקע איבערלעבונגען געהערט צו מיינע אומעטיקע זכרונות, אָבער היינט, ווען איך וואַרף אַ בליק אויף צוריק איבער אונדזער לערנען אין די דערמאנטע חדרים ווער איך פול מיט באַוווּנדערונג. עס איז אַ פאַקט, אַז די דאָזיקע חשובע מלמדים האָבן נישט געהאַט קיין שום פּעדאַגאָגישע צוגרייטונג. זיי זענען אָבער געווען ערלעכע און פשוטע מענטשן, ווייט פון יעדער וועלטלעכקייט און האָבן געטון זייער אַרבעט מיט גרויס איבערגעגעבנקייט. זיי האָבן אונדז ווירקלעך געוואָלט דערציען פאַר גוטע יידן.

אַ פאַקט איז אויך, אַז אין די קליינע צימערן, וואָס זענען געווען אַ טייל פון דער דירה, אין וועלכער דעם מלמד׳ס משפחה האָט געווּינט אין גרויס ענגשאַפט. און דאָך האָבן דאָרט געלערנט אַ סך תלמידים, פון פאַרשידענעם עלטער און צוזאַמען. מען האָט זיך נישט גערעכנט מיט קיין ריינקייטס־פארשריפטן און דער קאַנטשיק איז געווען דאָס הויפּט־מיטל פאַר דער דיסציפּלין.

דאָך, נישט געקוקט אויף דעם אַלעם זענען מיר פון דאָרט אַרויסגעגאַנגען גייסטיק גאַנץ, באַוואָפנט מיט וויכטיקע גרונטיקע ידיעות, וואָס האָבן אונדז געגעבן די מינימאלע צוגרייטונג און דעם ווילן אויסצוברייטערן אונדזערע האָריזאָנטן און דעראָבערן וואָס מער וויסן.

דער בר־מצווה־עלטער איז אין שטעטל געווען פאַרעכנט פאַר דער צייט פון אַרויסגיין פון חדר, אָבער ביי אַ סך האָט עס נישט געהייסן איבעררייסן מיט די לימודים. להיפך, זייער באַפרייען זיך פונעם חדר און דאָס געפיל פון אחריות פאַר די אייגענע מעשים, וואָס איז געקומען אין רעזולטאַט פון דער בר־מצווה־פייערונג, האָט ביי זיי פאַרשטאַרקט דעם ווילן אויסצוברייטערן און פאַרטיפן זייערע ידיעות. און זייערע ערשטע שריט זענען געווען איבערצוגיין צום לערנען אויף אַ זעלבשטענדיקן אופן אין בית המדרש פונעם שטעטל אָדער אין פאַליש, ווי מען האָט גערופן דאָס צימער נעבן בית הכנסת.

אין מיין זכרון איז געבליבן איינגעקריצט דער אָנהויב פון מיין לערנען אין בית המדרש. איך בין אַרומגעגאַנגען ווי אין אַ חלום. עס איז פאַרשוווּנדן די מורא פאַר די מלמדים און איך האָב זיך דערפילט ווי אַ פרייער פויגל. דאָס ערשטע, געדענק איך, מיין איבערחזרן די אַלע סוגיות אין דער גמרא, וואָס איך האָב געלערנט ביי מיינע פריערדיקע מלמדים, אָבער ווי אַנדערש האָט איצט אויסגעזען דאָס לערנען. די זעלבע סוגיות, וואָס איך האָב געקענט אויסנווייניק, האָבן

איצט אויסגעזען פֿאַר מיר אינגאַנצן אַנדערש. דאָס לערנען איז מיר איצט געגאַנגען פֿליסיק און שלווהדיק. איך האָב דערפֿילט אין זיך דעם ווילן אַריינצודרינגען מיט אייגענע כוחות אין דער טיף פֿון די לימודים און צום ערשטן מאָל האָב איך דערפֿילט דעם תּענוג פֿון לערנען.

אין בית המדרש זענען געזעסן אַ סך יונגע לערנער און אַ סך אַזעלכע, וואָס זענען געווען גרויסע בקיאים, געהאַט שאַרפֿע מוחות. מיט יעדער שווערער סוגיא האָט מען זיך געקענט ווענדן צו זיי און זיי האָבן גערן אויפֿגעקלערט, געגעבן צו פֿאַרשטיין, געהאָלפֿן פֿאַרטיפֿן זיך און באַרייכערן די ידיעות.

די לערנער אין בית המדרש האָבן אָפּגעגעבן אַ סך שעהן אין טאָג פֿאַר העלפֿן אַנדערע שטייגן אין לערנען און גאָר אָפֿט זענען זיי געזעסן גאַנצע נעכט און געלערנט. ווי איינער וואָס האָט אָנטיילגענומען אינעם לערנען גאַנצע נעכט קען איך עדות זאָגן אויך ביים היינטיקן טאָג, אַז דאָס זענען געווען אומפֿאַרגעסלעכע שעהן אין לעבן.

די תּקופֿה פֿון לערנען אין בית המדרש איז אַזוי אַרום געווען די פּרוכטבאַרסטע צייט פֿון זעלבשטענדיקע לימודים, אַ תּקופֿה פֿון פֿאַרטיפֿן און פֿון פֿאַרשריט, ווי אויך פֿון פֿאָרמירן דעם כאַראַקטער און דעם גאַנג פֿון די מחשבות, ווארום צוזאַמען מיט אונדזער לערנען אין בית המדרש האָבן אַ סך פֿון אונדז געלערנט אויך עברית און אַנדערע וועלטלעכע לימודים. ווער עס האָט דאָס געטון דורך פּריוואַטע לעקציעס, ווער מיט דער הילף פֿון די בריוו (אַ פֿאָרם וואָס איז געווען דעמאָלט איינגעפֿירט אין אַ סך פּוילישע שטעטלעך) פֿון שבח וואָלקאָווסקי, פֿון קראָקע. מען האָט געדאַרפֿט האָבן אַ גרויסע ווילנסקראַפֿט, כדי אויף אַזאַ אופֿן צו גיין פֿאָרויס אין די לימודים, אָבער דער פֿאָרשריט איז געווען אַ ווונדערבאַרער און בעיקר דורך אויטאָדאַקטישער זעלבשטענדיקער אַרבעט, דורך אַ סך לייענען ערנסטע און וויכטיקע ביכער, וואָס האָבן געבראַכט מיט זיך די חברישע שמועסן און וויכּוחים איבער וויכטיקע טעמעס, איבער וועלט־פּראָבלעמען.

**משה קליינמינץ־שגיא**



משה ראב



# „למד בני תורה, כי טובה היא מכל סחורה"

חנוך לנער על פי דרכו,
גם כי יזקין לא יסור ממנו.
(משלי)



געגועים אני נזכר בעיירתנו, שהיתה עבורנו עולם ומלואו, וויסלביצה כמות שהיתה, על יהודיה ומחנכיה, יהודים פשוטים אומרי תהילים ולמדנים חריפי־מוח, סוחרים ובעלי־מלאכה. כמו חיה היא עומדת לנגד עיני, אף־על־פי שחלפו כבר עשרות שנים מאז שנפרדתי ממנה ומתושביה.

עיירה טיפוסית, פינה נידחת בגלות פולין, ללא בתים גדולים, ללא בתי־ספר להשכלה גבוהה, צנועה לפי טבע ברייתה ולפי טבע בריותיה, חלקה בעושרו של עולם מועט היה, וכמוה גם האדם אשר בה לא רב היה חלקו במעשים הנעשים על ארץ רבה. היא לא שפעה על האדם רב שפע והוא לא שפע יזמה, פעלתנות. לא פרחה שם חרושת גדולה, לא התענפו עסקים בעלי תנופה ומעוף וחייהם הכשרים של יהודיה לא היו חיים קלים. עם כל זאת יהודי וויסלביצה לא זנחו את חינוכם ותרבותם אף ברגעים הקשים ביותר. דאגתם הראשונה היתה להקנות דעת לבניהם. החדר היה מוסד החינוך העיקרי.

האֵם הנאמנה, מבטי הראשונים אליה ראוה בוודאי כשהיא מנענעת את עריסתי ומפזמת לי את שיר־הערש המסורתי: „למד בני תורה, כי טובה היא מכל סחורה".

מובן שאינני יכול לזכור ממש דבר זה, ברם זה חי בלבי, חוזר ונשנה במחשבותי ומשפיע על רוחי, ומאמין אני, כמו כל אחד מאתנו, שכך זה היה, וגם מרגיש אני זאת בחושי. גידול בנים לתורה — משא הנפש של האב ושל האֵם. אפילו עני ודל היה מכניס עצמו בעול הכבד של שכר־לימוד.

הלימוד בחדר היה נמשך בממוצע עד בר־מצווה. אולם רבים המשיכו תלמודם כמה שהמשיכו, אם אצל מלמדי־גמרא ואם באחת הישיבות הקטנות או הגדולות מזריץ׳, וולודבה, וורשה וכו׳.

## מלמדי הדרדקים

משחר ילדותנו, כתלמידי החדר, כבר הרגשנו את הדאגה לזולת. כמה עגמת נפש נגרמה לנו כשלא היה באפשרות אחד התלמידים להביא את החמשה גרושים „נפט־געלט״, שכל ילד חייב היה לתת כל שבוע עבור השימוש בנפט, מכיוון שעל־פי־רוב למדנו בערבים, אחרי ה„שקולה״. לעתים תכופות היתה מופיעה אחת מנשות העיר הצדקניות ובקשה מה„רבי״ לשחרר מהחדר כמה תלמידים במטרה לשלוח אותם לאסוף תרומות עבור נזקקים. מקרים כאלה היו קורים לרוב בימי חמישי, בכדי שהנזקק יוכל עוד ליהנות מהתרומות ולהכין את סעודות השבת.

לפני שיצאנו למלאכתנו, לאסוף את התרומות קבלנו את ההוראה שלא לפסוח חס וחלילה על שום בית וגם לא על בתי העניים, שלא לביישם. חוץ מאנשי־סודם של הנשים הצדקניות אסור היה לאף אחד לדעת בשביל מי נאספות התרומות.

מלמדי הדרדקים — מעמד של אצילים נתייחד להם בקרב בני־העיירה, ככוהני־קודש שבידיהם האמונות מפקיד כל הורה את אוצרו היקר מכל, את נפש ילדו, שיחנכו ויחכמו, יעדנו וייהדו.

מובן, שאז לא יכולנו להעריך את ערכו הרב של מלמדנו, אולם כשגדלתי הבנתי שלא בכדי הפליגו חז״ל בשבחם של מלמדי תינוקות, עד שקראו עליהם: „והמשכילים יזהירו כזוהר הרקיע ומצדיקי הרבים ככוכבים לעולם ועד״ (בבא בתרא, דף ה׳ ע״ב). הילד היהודי אצל המלמד בעיירתנו היה כיהלום גלמי ביד הלטש, אשר נתן את נפשו כדי לצרפו מכל סייגיו ולזכך את נשמתו עד שתבהיק בכל שבעת גווני החן.

תנאי החיים בעיירתנו לא היו משופרא־דשופרי, תנאיו של המלמד על אחת כמה וכמה, ואף־על־פי־כן היה המלמד העוסק במלאכת־הקודש מחרף את נפשו ומלמד תורה מן הבוקר עד הלילה, התייסר על חינוכם של תלמידיו בחבלים יצירי־לידה. המלמד קיים בגופו את דברי חז״ל: „כל המלמד את בן־חברו תורה כאילו ילדו״ (סנהדרין דף י״ט, ע״ב).

## בבית־הספר היסודי

בעית הדאגה לזולת החריפה בבית הספר היסודי, שם היו תלמידים יהודיים אשר לא הכינו את שיעוריהם מפאת העוני ששרר בבתיהם ולא היה להם במה לקנות מכשירי־כתיבה.

בראותנו זאת החלטנו כמה תלמידים ותלמידות להתאסף בהפסקה ולדון במציאת פתרון. באחד השיעורים כתבתי פתק לאחת הבנות, אינני זוכר אם לשרה

ברגר או לשרה שטיין (כעת בחיפה). בפתק קבעתי את מועד ומקום הפגישה להתיעצות.

ברגע שגמרתי לכתוב שמעתי את קולה של המורה:

„ראַב, תן את הפתק!"

השמטתי את הפתק מתחת לספסל והעמדתי פנים שאינני מבין מה היא רוצה ממני. אולם מהספסל האחורי קם תלמיד נוצרי שהרים את הפתק ומסרו למורה.

„הנה שוב סערה עתידה לפקוד אותי" — חשבתי עגמומית כשראיתי איך האדימו פניה בקראה את הפתק, כי הבנתי שהיא חושדת בי שקבעתי פגישה עם בחורה, ואני, כולי אבוד ומבולבל, נשאתי מבט מקשיב, מחכה למוצא פיה.

אולם היא לא אמרה דבר, רק אחרי ההפסקה, בהתחלת השיעור השני, נקראתי לחדר המנהל, שם חכו לי כמה מורים יחד עם המורה הזועמת.

באותו הרגע נעלמה חרדתי ומתוך עזות־רוח חדשה החלטתי לגלות את אשר בלבבי, ספרתי להם על מטרת הפגישה: לייסד קופה כדי לעזור לאותם התלמידים שאין באפשרותם להכין את השיעורים בגלל העוני ששורר בביתם.

גמרתי את משא העזות שלי וחכיתי לפסק־הדין. אחר הגנבתי מבט אל המורה שעודה נסערת כולה, עקשנית ומוזרה. ראיתי את ההפתעה על פני המורים. המנהל קם ממקומו ושביב־חדוה סמוי ניצת בעיניו, והוא ניגש אלי, לחץ שתי כתפותי ביד חזקה ומבינה, מלמל מתוך התרגשות הולכת וגוברת:

„ילדים טובים, טובים... לגדולות נוצרתם, לגדולות..."

אחרי־כן אסף המנהל את כל המורים וציין לשבח את מעשינו.

## מלחמתנו עם האיבה הנוצרית

זה קרה ביום לפני גמר שנת הלימודים בבית הספר הפולני. בדרך הביתה התלבשו התלמידים הנוצרים על ילד יהודי, צייתן, שקט, מהכיתות הנמוכות, ורצו להכריח אותו שינשק צלב, מעשי־ידיו של אחד מהם בשיעור מלאכה.

הילד, כמובן, סרב, צעק. הנוצרים ירדו לחייו, העליבו בו בלשונם המזוהמת אנחנו, היהודים באנו לעזרתו של הילד. פרצה תגרה, התפרעו הרוחות, הלכו מכות. קבלתי אבן בראשי.

בבית עשו לי תחבושת ואחי הבכור, ישראל, הלך אתי למנהל בית הספר, להראות לו את מעללי תלמידיו.

„מתי יפסיקו הכוליגאנים להרביץ בילדים חפי־פשע?" — שאל ישראל. קולו חרד ופניו היו חיוורים מהתרגשות.

עיני האדון פראַנאָצקי היו צרות וחלודות. שפתיו קפוצות וסנטרו רעד. אמר:

„מה יש? אתם יותר טובים?" — קולו היה חרישי, ספוג איבה.

„אנחנו נילחם" — גמרנו אומר לשמע תשובתו של המנהל.

למחרת, יום סיום שנת הלימודים, יצאו כל תלמידי בית הספר לטיול ליער. אנחנו לא השתלבנו יחד עם התלמידים הנוצריים, אלא הלכנו בקבוצה נפרדת, בסוף השיירה.

כשישבנו לנוח שמענו לפתע צעקה מחרידה. שוב התנפלו הנוצרים על ילד יהודי שנשלח להביא מים ממעין הקרוב.

כולנו כאיש אחד רצנו לכיוון הצעקה ובמלוא התנופה קפצנו לתוך מעגל המתנפלים והתחלנו להרביץ בהם עד זוב דם.

מצבו של אחד היה נראה רציני. ראיתי אותו שוכב על הארץ, מפורקד על גבו ומגואל בדם, ואז התחלנו לברוח מבלי לדעת לאן, נמלטנו על נפשנו בכל הכיוונים.

סיעה של נערים נוצריים רדפו אחרינו במשובה רבה. אני לא הטיתי ראשי לאחור. אחרי כמה זמן של ריצה מצאתי את עצמי בעיירה גרבוביץ. משם נסעתי הביתה.

ירד הערב ואני פחדתי להכנס הביתה. התשישות היתה זורמת בי. נכנסתי לסבתא. היא היתה גרה על יד הנהר, בכניסה לעיירה.

ישנתי שם כל הלילה ולמחרת באו אמי ואחי. סיפרתי להם על המאורע והם החליטו שעלי לנסוע להרובישוב, לשבת אצל קרובינו עד שיעבור הזעם. על פניהם נחרתה הדאגה מפני פוגרום.

בסופו של דבר התברר שלשוא דאגנו. הענין עבר ללא שום תגובה. אמנם השייגץ קיבל מכות קשות, אבל יצא מסכנה.

אחרי זמן מה סופר בעיירה שאביו, שוטר, לא רק שלא הצטער, אלא גם היה מרוצה מהמכות שבנו קיבל, כי הוא היה בן־בליעל, גרם צרות לבית, ולאמו החורגת.

עם התחלת שנת הלימודים החדשה התחלפו המנהלים. המנהל החדש ה׳ה איש טוב־לב. כאשר נכנסנו למשרדו לקבל את התעודות הוא ביקש לדעת מה היתה הסיבה שלא לקחנו אותן בזמן. לא סיפרנו לו על המאורע. כל אחד מצא איזה תירוץ, וכך יצאנו מן המצר.

בחדר ובבית־הספר, בבית וברחוב לא עזבה אותנו רוח ההתנדבות לעזור, להשתתף בדאגה לזולת, בסבלו ובצערו. לבי התכווץ מכאב למראה אנשים סובלים. כאשר עובר־אורח או שניים ישבו ליד שולחננו, אלמים, אביונים, עצובים, באין מכיר ומודע. שמעתי את האנחות מקרב לבם והרגשתי בצערם על שלא יכולים

לשבת בבתיהם עם משפחותיהם ומוכרחים לנדוד בעיירות זרות לקבץ נדבות, להיות גולים ממקום למקום, מעיר לעיר, מכפר לכפר, בודדים בנכר.

מלאתי רחמים על אותם האנשים שעם גמר התפילה בליל שישי עמדו בבית המדרש וחיכו לחסדו של השמש, שיחלק אותם לבעלי־בתים.

## החינוך בבית אבי

ישנן מלים מופלאות, דקות כאלה, אם אך תהגה אותן, תקל עקת לבך. יש והן שרות מפיך מבלי משים:

בית אבי!

כאשר הלב יגע, מבקש מרגוע, מופיע לפני עיני־רוחי בית אבי, דמותו, הדרת־פניו, עיניו הזוהרות של אב רחום, לבו הטוב, רגיש לסבלו של אנוש דל בוכה, ואני מתפלל: חנני, אֵל, להיות כמוהו, חזקני בבטחונו, באמונתו התמימה, בשאיפתו הכבירה לעזור לזולת, למעשים טובים!

בן שבע הייתי כשאבי נפטר וחי בלבי זכרון ימיו האחרונים, מסירותו ואהבתו לילדיו, תורתו שהנחיל לנו לבקש תמיד את שביל הטוהר והשלמות ועליית־הרוח.

שלא כעסקנים רבים הקדיש גם זמן למשפחה. הוא ראה בבני הבית משענת חזקה מאוד. תמיד הדגיש שאמא היתה זו שחיזקה אותו במעשיו לטובת בני־העיירה.

אמא לא רק חיזקה אותו, אלא ממש עודדה והמריצה. כן מנה אבא תמיד שבחיה של אמא, שלא מנעה אותו מנסיעותיו להאדמו״ר מבלז. בדרך כלל אין אשה נלהבת כשהבעל יוצא מן הבית לימים ולשבועות. אך אמא לא רק שלא הפריעה בעדו, אלא קבלה זאת במאור־פנים.

בתוך הפעילות המגוונת ורבת המישורים ידע אבא גם למלא תפקיד חיוני במשפחה והשפיע עלינו שפע אהבה ומילא את הבית חיים ותוכן.

בשעת הארוחות ובערבים היה מספר לנו על נסיעותיו וחוויותיו. כשחזר הביתה מבלז הרחיב הדיבור על חצר הרבי, העלה דמויות של חסידים מעיירות וערים שונות ושימש מעין לא אכזב לדמיוני הילדותי. חוץ מזה הירבה לספר לנו על גדולי־ישראל. זאת היתה שיטה חינוכית מיוחדת. חינך אותנו לאורם של חסידים וגדולי ישראל. אהבת האמת שלהם, העיקרון הגדול שלא לשקר, השלמות שבהם, שמעשיהם ודיבוריהם היו שווים; אהבת־ישראל שלהם, כיצד קירבו כל אדם מישראל, הענוותנות שלהם, ועוד ועוד, וכל זה מלא תפקיד חינוכי גדול.

פעילותו הציבורית בוויסלביצה היא פרק גדול ועשיר לעצמו, אולם אני מבקש לספר על אבא כפי שהוא זכור לי בתוך הבית עד גיל שבע. ואני זוכר אותו

כאב אוהב, לבבי ומחייך. היתה לו יד פתוחה ולב פתוח, אהב אנשים ומעולם לא התנשא, לא העמיד מחיצות.

תמיד בא לקראת כל זקוק לעזרה ועל־פי־רוב הוא בעצמו היה היוזם. זכורני כשבאו אנשים לדבר אתו על עזרה, אסור היה לילדים להמצא בחדר, שלא נשמע, חלילה, על מי מדובר.

אני נזכר בדבר שלכאורה זה דבר פעוט, אבל מזה למדתי מה גדולה היתה דאגתו ומסירותו לזולת. זה היה ביום ששי אחד, בחורף כשהעיירה נשארה בלי דגים לכבוד שבת. כאשר הגיע הדבר ל„פריץ" פוליטלה שלח לו כמה דגים מהבריכה הפרטית שלו. אמי הספיקה לבשלם ומיד שלחה אותם למרא דאתרא ולעוד כמה אנשים, ושמחתה היתה גדולה שהם לא נשארו בלי דגים לכבוד שבת.

אף פעם לא זכינו לשבת עם אבא בסעודת פורים. בשעה שכולם התישבו לערוך את הסעודה היו אבי עם עוד אחדים מנכבדי העיר מתחפשים ויצאו לשמח את יהודי העיירה ולאסוף כספים עבור נזקקים.

כזה היה מנהגו כל השנים וספרו שלא תמיד היה מסתפק בסכום שנתנו להם, דרש ושכנע את אלה שהיה באפשרותם לתת יותר.

נזדמן לי המקרה ופגשתי כאן בארץ איש שהעיד על עצמו שקיבל מאבי עזרה ועידוד. הוא סיפר לי על חייו בעיירה. את פרנסתו היה מוציא מזה שהיתה לו עגלה וסוס והיה נוסע לכפרים לערוך קניות אצל האכרים. באחד הימים מת הסוס והיה זקוק למאה זהובים לקנות סוס אחר. הוא כונן את צעדיו לאבי וביקש ממנו הלוואה, וכמובן שקיבל אותה והמשיך בפרנסתו ורוח הצלחה החלה לפעמו בעסקיו.

הצליח האיש לעלות ארצה עם משפחתו לפני שירדה על יהודי פולין השואה האיומה, וכל אימת שהוא היה נפגש אתי היה מספר לי בהודיה על מעשיו הטובים של אבי רודף צדקה. כשאדם בא לבקש עזרה יש לעזור לו מיד ולא לדחות אותו בלך ושוב. הוא אץ לעשות טובה ליהודי.

יש לציין השפעתן של סגולות אלו על הילד בעיירתנו. כדאי להקדיש מחקר שלם לפרשה זו והיא ענין לחוקרי הנפש ולמחנכים. ציינתי רק דוגמה אחת מרבות.

כזו היתה דמותו של אבי והוא לא היה בודד בעיירתנו. לא אלמן ישראל. כזו היתה גם דמותו של דודי, אחי־אבי, אבטשע, סמל ההבנה לדל ולדך, ההקרבה התמימה והשלימה מתוך אהבת־ישראל. כאלה היו גם הרבה בני־עיירתנו, בעלי־אמצעים, כמו אבי, וגם אלה שפרנסתם היתה להם כקריעת ים־סוף, לא מנעו את ידיהם מעזרה, שמחים בחלקם היו, ובעת הצורך השליכו את נפשם מנגד ובלבד שלא לעזוב את האדם במצוקתו.

בכל נימי־לבנו נשארנו קשורים לזכרם.

# „לערן, מיין קינד תורה,
# ווייל תורה איז די בעסטע סחורה"

מיט בענקשאַפט דערמאַן איך אונדזער שטעטל, וואָס איז פאַר אונדז געווען אַ וועלט אַ גאַנצע. וואָיסלאַוויץ, אַזאַ ווי עס איז געווען, אַ שטעטל מיט גוטע און טייערע יידן, פשוטע תהילים־זאָגער און לומדים מיט שאַרפע מוחות, סוחרים און בעלי־מלאכות, ווי לעבעדיק שטייט עס פאַר מיינע אויגן, כאָטש צענדליקער יאָרן זענען פאַרגאַנגען זינט איך בין פון דאָרט אַוועק.

אַ טיפיש יידיש־שטעטל, אַ פאַרוואָרפן ווינקל אין גלות־פוילן, קליין און באַשיידן ווי די מענטשן, וואָס האָבן דאָרט געלעבט און האָבן זיך נישט אויסגעצייכנט מיט קיין שוווּנגפולער איניציאַטיוו. עס האָט דאָרט נישט געבליט קיין אינדוסטריע. עס זענען דאָרט נישט געפירט געוואָרן קיין גרויסע געשעפטן און דאָס לעבן פון די וואָיסלאַוויצער יידן איז ווייט נישט געווען קיין גרינגס. דאָך האָבן זיי נישט פאַרנאַכלעסיקט זייער דערציאונג און קולטור אפילו אין די שווערסטע צייטן.

די הויפּט־זאָרג פון טאַטע־מאַמע איז געווען צו לאָזן לערנען זייערע קינדער. דאָס חדר איז געווען די הויפּט־אינסטיטוציע פאַר יידישער דערציאונג.

די געטרייע מאמע, מיינע ערשטע בליקן צו איר האָבן זיכער זי דערזען ווי זי האָט געשאָקלט מיין וויגל און געזונגען מיר דאָס טראַדיציאָנעלע וויג־ליד:
„לערן, זון מיינער, תורה, ווייל דאָס איז די בעסטע סחורה".

פאַרשטייט זיך אַז איך קען נישט געדענקען ממש די ווערטער, אָבער זיי לעבן אין מיין האַרץ, חזרן זיך איבער אין מיינע מחשבות און זענען משפיע אויף מיין גייסט. פּונקט ווי יעדער פון אונדז גלייב איך, אז אַזוי איז עס געווען און איך פיל עס אויך מיט מיינע חושים. דאָס לערנען קינדער תורה איז געווען די הייסע שטרעבונג פון טאַטע־מאַמע, אפילו דער אָרעמסטער האָט אויף זיך גענומען דעם שווערן עול פון צאָלן שכר־לימוד.

דאָס לערנען אין חדר האָט אין אונדזער שטעטל געדויערט ביז צו דער בר־מצווה, אָבער אַ סך האָבן ממשיך געווען זייער לערנען אויך שפּעטער, ביי גמרא־מלמדים, אין בית־המדרש אָדער אין איינער פון די ישיבות אין לובלין וואַרשע אָדער לאָדזש.

## אין חדר

פון אונדזער פריסטער קינדהייט, האָבן מיר, די תלמידים אין חדר, שוין דערפילט די זאָרג פאַר אַנדערע. אַ סך עגמת נפש האָט אונדז פאַרשאַפט ווען מיר האָבן געזען עמעצן פון די ייִנגלעך, וואָס האָט נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו ברענגען די פינף גראָשן „נאַפט־געלט", וואָס יעדעס קינד האָט געדאַרפט ברענגען יעדע וואָך פאַרן באַנוצן זיך מיטן נאַפט. מערסטנס האָבן מיר געלערנט אין די אָוונטן, נאָכן קומען פון דער „שקאָלע".

אָפט האָט געפלעגט קומען אין חדר איינע פון די נשים צדקניות און זי האָט געבעטן דעם רבין, ער זאָל עטלעכע תלמידים באַפרייען פון חדר און שיקן זיי צונויפזאַמלען געלט אָדער שפּייז פאַר נויטבאַדערפטיקע. מערסטנס האָט עס געטראָפן אין די דאָנערשטיקס, כדי דער נויטבאַדערפטיקער זאָל נאָך באַוויזן צוצוגרייטן די שבתדיקע סעודה.

איידער מיר זענען אַרויס זאַמלען דעם ביישטייער, האָבן מיר באַקומען די שטרענגע אָנווייזונג, אַז מיר זאָלן חלילה נישט פאַרפעלן קיין שום שטוב, אויך נישט די אָרעמע שטובן, כדי נישט צו פאַרשעמען זיי. חוץ די פאַרטרויטע אין דעם ענין האָט קיינער נישט געטאָרט וויסן פאַר וועמען די נדבות ווערן געזאַמלט.

אונדזערע דרדקי מלמדים האָבן געהאַט אַן אָנגעזעענע פּאָזיציע אין שטעטל. זיי האָט מען אָנפאַרטרויט דעם טייערסטן אוצר, די נשמה פונעם קינד, וואָס זיי האָבן געדאַרפט דערציִען אין ייִדישן גייסט.

פאַרשטייט זיך, אַז דעמאָלט האָבן מיר נאָך נישט געקענט אָפּשאַצן די גרויסע באַדייטונג פון אונדזערע מלמדים. אָבער ווען איך בין אויפגעוואַקסן האָב איך פאַרשטאַנען, אַז נישט אומזיסט האָבן די חז"ל אַזוי שטאַרק געלויבט די מלמדים.

די לעבנס־באַדינגונגען אין אונדזער שטעטל זענען ווייט נישט געווען פון די בעסטע. נאָך שווערער זענען געווען די באַדינגונגען פונעם מלמד, און דאָך האָט ער מיט אַזויפיל איבערגעגעבנקייט געלערנט מיט די קינדער פון פרי ביז נאַכט, האָט מיטגעלעבט מיט אַלע פּראָבלעמען פונעם קינד, געליטן פון זיינע דורכפאַלן, און זיך געפרייט מיט זיינע דערפאָלגן.

## אין דער פאָלקס־שול

דאָס פּראָבלעם פון זאָרג פאַר אַנדערע איז געווען נאָך שאַרפער אין דער פאָלקס־שול, ווו עס זענען געווען ייִדישע שילער, וועלכע האָבן נישט צוגעגרייט זייערע לעקציעס, ווייל אין שטוב האָט געהערשט גרויס אָרעמקייט און זיי האָבן נישט געהאַט פאַר וואָס צו קויפן זיך שרייב־מאַטעריאַל.

מיר, עטלעכע יידישע שילער און שילערינס, האָבן דערפאַר באַשלאָסן צונויפצוזאַמלען זיך און זוכן אַ לייזונג פאַרן דאָזיקן פּראָבלעם. אויף איינער פון די לעקציעס האָב איך אָנגעשריבן אַ צעטל צו אַ מיידל, איך געדענק נישט צי דאָס איז געווען שרה בערגער, אָדער שרה שטיין (היינט אין חיפה). אין צעטעלע האָב איך איר באַשטימט דעם טערמין און אָרט כדי באַגעגענען זיך אויף אַ באַראַטונג.

אין מאָמענט ווען איך האָב געענדיקט שרייבן, האָב איך דערהערט די שטים פון דער לערערין:

ראָב, גיב אַהער דאָס צעטעלע!"

איך האָב אַראָפּגעוואָרפן דאָס צעטעלע הינטער דער באַנק און געמאַכט דעם אָנשטעל ווי איך פאַרשטיי נישט וואָס זי וויל פון מיר. אָבער פון דער הינטער־שטער באַנק האָט זיך אויפגעשטעלט אַ קריסטלעך יינגל, וועלכער האָט אויפגעהויבן דאָס צעטל און עס געגעבן דער לערערין.

„עס גרייט זיך אַ שטורעם אויף מיר" — האָב איך מיט אומעט געטראַכט ווען כ'האָב געזען ווי די לערערין איז ביים לייענען דאָס צעטל רויט געוואָרן פון כעס. כ'האָב פאַרשטאַנען, אַז זי איז מיך חושד אין באַשטימען אַ באַגעגעניש מיט אַ מיידל. אַ פאַרלוירענער האָב איך געוואַרט, זי זאָל מיך פרעגן און איך זאָל זיך קענען פאַרענטפערן.

אָבער זי האָט נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט. ערשט נאָך דער פויזע, ביים אָנהויבן די צווייטע לעקציע האָט מען מיך גערופן צום דירעקטאָר, וווּ עס האָבן שוין געוואַרט עטלעכע לערער צוזאַמען מיט דער לערערין.

מיטאַמאָל איז פאַרשוואונדן פון מיר די מורא און איך האָב דערפילט אין זיך אַ מאָדנע געוואַגטקייט. איך האָב זיי דערציילט אַלץ וואָס איז מיר געלעגן אויפן האַרץ וועגן די אָרעמע קינדער און וועגן אונדזער באַשלוס צו שאַפן אַ קאַסע, וואָס זאָל העלפן יענע שילער, וועלכע האָבן נישט קיין מעגלעכקייט צו־צוגרייטן זייערע לעקציעס, ווייל אין שטוב איז אפילו נישטאָ קיין ברויט צו דער זעט.

ווען איך האָב געענדיקט מיינע עזותדיקע רייד האָב איך געוואַרט אויף מיין אורטייל. כ'האָב געוואָרפן אַ זייטיקן בליק אויף מיין לערערין, וואָס האָט נאָך אויסגעזען מאָדנע אויפגעברויזט און פאַרעקשנט, אויף די פּנימער פון די אַנדערע לערער איז געווען דייטלעך די איבעראַשונג, וואָס מיינע רייד האָבן אַרויסגערופן. דער דירעקטאָר האָט זיך אויפגעשטעלט און אין די אויגן האָבן געגלאַנצט פריידיקע פייערלעך, ער איז צוגעגאַנגען צו מיר, געדריקט מיינע אַקסלען און מיט שטייגנ־דיקער איבערגענומענקייט געמורמלט:

„ווילע יינגלעך, ווילע... ס'וועלן פון אייך זיין מענטשן...״

דערנאָך האָט דער דירעקטאָר צונויפגעזאַמלט אַלע לערער און געלויבט אונדזער טאַט.

## אונדזער קאַמף מיט דער שנאה פון די קריסטלעכע יינגלעך

דאָס האָט פּאַסירט אַ טאָג פאַרן ענדיקן דאָס לערן־יאָר אין דער פּוילישער שול. ביים אַהיימגיין האָבן די קריסטלעכע שילער זיך צוגעטשעפּעט צו אַ יידיש יינגל, אַ שטילער און געהאַרכזאַמער, פון די נידעריקע קלאַסן, און אים געוואָלט צווינגען, ער זאָל אַ קוש געבן דעם צלם, וואָס איינער האָט געמאַכט אויף דער אַרבעטס־לעקציע.

דאָס יינגל האָט, פאַרשטייט זיך, נישט געוואָלט, האָט געשריגן. די שקאָצים האָבן אים באַליידיקט מיט די ערגסטע ווערטער. מיר, די יידישע שילער, זענען געקומען צו הילף דעם יינגל. עס איז אויסגעבראָכן אַ קריגעריי און מען האָט זיך גענומען שלאָגן.

כ'האָב באַקומען מיט אַ שטיין אין קאָפּ.

אין שטוב האָט מען מיר באַנדאַזשירט דעם קאָפּ און מיין עלטערער ברודער, ישראל, איז מיט מיר געגאַנגען צום שול־דירעקטאָר, ווייזן אים, וואָס זיינע שילער האָבן אָפּגעטון.

„ווען וועלן די כוליגאַנעס אויפהערן שלאָגן אומשולדיקע יידישע קינדער?״ — האָט ישראל געפרעגט מיט אַ ציטעריק קול. זיין פּנים איז געווען ווייס פון איבערגענומענקייט.

די אויגן פונעם פאַן פראַנעצקי האָבן זיך פאַרזשומרעט און מיט פאַרב־סענע ליפּן האָט ער אַרויסגעצישעט:

„וואָס איז געשען? איר זייט בעסער?״ — זיין קול איז געווען דורכגענומען מיט שנאה.

„מיר וועלן זיך נישט לאָזן״ — האָבן מיר, די יידישע שילער, באַשלאָסן, הערנדיק דעם ענטפער פונעם דירעקטאָר.

צומאָרגנס, אין טאָג פון פאַרענדיקן דאָס לערן־יאָר, זענען אַלע שילער אַרויס אויף אַן אויספלוג אין וואַלד. מיר, די יידישע שילער, זענען געגאַנגען באַזונדער, ביים סוף פון קאַראַוואַן.

ווען מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט אָפּרוען האָבן מיר פּלוצים דערהערט אַ שרעקלעך געשריי. ווידער זענען די קריסטן אָנגעפאַלן אויף אַ יידיש קינד, וואָס איז געגאַנגען ברענגען וואַסער פונעם נאָענטן קוואַל.

אַלע זענען מיר ווי איין מענטש געלאָפן אין דער ריכטונג פונעם געשריי

און מיטן גאַנצן אימפּעט אַריינגעשפּרונגען אינעם קרייז פון די אָנפאַלער און אָנגעהויבן זיי געבן קלעפּ ביז בלוט.

איינער פון זיי האָט אויסגעזען צו זיין שטאַרק צעקלאַפּט. כ'האָב אים געזען ליגן אויף דער ערד איינגעשמירט אין בלוט. מיר האָבן זיך דערשראָקן און אָנגעהויבן אַנטלויפן אין פאַרשידענע ריכטונגען. די קריסטלעכע ייִנגלעך האָבן אונדז נאָכגעיאָגט. איך האָב נישט אויסגעדרייט דעם קאָפּ. נאָך אַ געוויסער צייט האָט איך דערזען, אַז איך בין שוין אין גראַבאָוויץ.

פון דאָרט בין איך געפאָרן אַהיים.

עס איז שוין צוגעפאַלן דער אָונט און איך האָב מורא געהאַט אַריינצוגיין אין שטוב. איך בין געווען זייער אָפּגעשוואַכט און נישט געהאַט קיין כוח זיך אַרומצודרייען. בין איך אַריינגעגאַנגען צו מיין באָבען, וואָס האָט געוווינט נעבן טייך, ביים אַריינפאָר אין שטעטל.

אויף צומאָרגנס זענען אַהינגעקומען מיין מאַמע און דער ברודער. איך האָב זיי אַלץ דערציילט און עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז איך זאָל אָוועקפאָרן קיין הרוביעשאָוו און זיין ביי די קרובים ביז עס וועט זיך איינשטילן. אויף זייערע פּנימער האָט זיך געלייגט די שווערע זאָרג און מורא פאַר אַ פּאָגראָם.

שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן,אַז מען האָט זיך אומזיסט געזאָרגט. דער ענין איז אַדורך גלאַטיק. דער שייגעץ איז טאַקע געווען שווער צעקלאַפּט, אָבער איז אַרויס פון יעדער געפאַר. אין אַ געוויסער צייט אַרום האָט מען אין שטעטל געזאָגט, אַז זיין פאָטער, אַ פּאָליציאַנט, איז אַפילו געווען צופרידן, וואָס דער זון האָט געכאַפּט אַזעלכע קלעפּ, ווייל ער איז געווען אַ שלעכט קינד, האָט אָנגעטון צרות אין שטוב, דער שטיף־מוטער.

אין חדר און אין שול, אין שטוב און אין גאַס האָט אונדז נישט אָפּגעלאָזט דער ווילן צו העלפן אַנדערע, אָנטיילצונעמען אין יענעמס צער און מילדערן זיינע ליידן. מיין האַרץ פלעגט זיך קורטשען פון ווייטיק ווען איך האָב געזען ווי מענטשן ליידן. ווען אַן אורח אָדער צוויי זענען געזעסן ביי אונדזער טיש, אָרעמע שטומע און אומעטיקע און איך האָב געהערט די זיפצן, וואָס האָבן זיך געריסן פון זייער האַרץ, האָב איך געפילט זייער צער פון וואָגלען אין דער פרעמד און זאַמלען נדבות און נישט קענען זיצן פּונקט ווי מיר אין דער אייגענער שטוב, מיט זייערע נאָענטסטע מענטשן.

כ'בין געוואָרן דורכגענומען מיט רחמנות איבער יענע אורחים, וואָס פלעגן אין די פרייטיק־צו־נאַכטסן, נאָכן דאַווענען, זיך אָוועקשטעלן ביי דער טיר פון בית־המדרש און וואַרטן אויפן חסד פונעם שמש, ער זאָל זיי צוטיילן צו די באַזונדערע באַלעבאַטים.

# דער דערציערישער שטייגער
# פון מיין טאַטן

פאַראַן אַזעלכע ווונדערלעכע ווערטער, וואָס מאַכן גרינגער דאָס געמיט ביים בלויזן טראַכטן וועגן זיי. עס טרעפט און זיי זינגען זיך אַרויס פון מויל ווי פון זיך אַליין:

דעם טאַטנס שטוב!

ווען דאָס האַרץ ווערט מיד און זוכט אַן אָפּרו, שווימען אויף פאַר די אויגן די געשטאַלטן פון אונדזערע נאָענטסטע. דעם טאַטנס הדרת פנים, זיינע שטראַלענדיקע אויגן, זיין גוט האַרץ, וואָס איז געווען אַזוי פילבאַר צו דיליידן פון יעדן אָרעמען מענטש. איך בין דעמאָלט מתפלל: העלף מיר, גאָט, זיין אַזוי ווי ער, שטאַרק מיך מיט זיין בטחון, מיט זיין תמימותדיקן גלויבן, מיט זיין געוואַלדיקער שטרעבונג צו העלפן אַנדערע, צו מעשים טובים!

זיבן יאָר בין איך אַלט געווען, ווען מיין פאָטער איז געשטאָרבן און עס לעבט אין מיר דער אָנדענק פון זיינע לעצטע טעג, די איבערגעגעבנקייט און ליבשאַפט צו זיינע קינדער, זיין לערנען אונדז גייסטיקע דערהויבנקייט און מאָראַלישע שלימות.

אַנדערש פון געוויינלעכע עסקנים האָט ער געווידמעט אַ סך צייט דער משפחה. ער האָט שטענדיק אונטערגעשטראָכן די פאַרדינסטן פון דער מאַמען, וואָס האָט אים געשטאַרקט און צוגעגעבן מוט אין זיינע מעשים לטובת די מענטשן פון שטעטל. דער טאַטע פלעגט לויבן די מאַמען פאַר איר נישט שטערן אים דאָס פאָרן צום רבין קיין בעלז. די מאַמע האָט עס שטענדיק אויפגענומען מיט אַ טראַלנדיק פּנים פון גוטסקייט.

ביים עסן און אין די אָוונטן האָט דער טאַטע אונדז געפלעגט דערציילן וועגן זיינע נסיעות און איבערלעבונגען. ווען ער איז צוריקגעקומען פונעם רבין האָט ער אונדז דערציילט וועגן חסידים פון פאַרשידענע שטעטלעך, וועגן צדיקים און גדולי ישראל. אַזוי אַרום האָט ער אונדז געוואָלט דערציען אין גייסט פון יענע מענטשן, ליב צו האָבן זייער אמת, זייער גרויסן פּרינציפּ נישט צו זאָגן קיין שקר; זייער אהבת ישראל, זייער באַשיידנקייט א.א.וו. דאָס אַלץ האָט געהאַט אַ גרויסע דערציערישע באַדייטונג.

זיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אין וואָיסלאָוויץ איז אַ רייך קאַפּיטל פאַר זיך, אַבער איך וויל בלויז דערציילן וועגן טאַטן אַזוי ווי איך געדענק אים אין שטוב און איך געדענק אים, ווי אַ גוטן, האַרציקן און שמייכלענדיקן טאַטן. ער האָט ליב געהאַט מענטשן און האָט זיך קיינמאָל נישט געוואָלט אויפהייבן איבער

זיי. ער האָט נישט געמאַכט קיין מחיצות צווישן מענטש און מענטש.

ער איז שטענדיק אַנטקעגנגעקומען יעדן נויטבאַדערפטיקן און נישט איינמאָל האָט ער זיי אויפגעזוכט. איך געדענק, ווען עס זענען אַריינגעקומען צו אונדז מענטשן רעדן וועגן הילף, האָבן מיר נישט געטאָרט זיך געפינען אין שטוב, כדי מיר זאָלן חלילה נישט הערן וועגן וועמען עס גייט.



די משפחה פון משה ראַב, מיטער, שוועסטערל און ברידערלעך און זיין ברודער ישלראלס קינד.

איך געדענק אַ זאַך, וואָס זעט צו זיין אַן וויכטיקער באַדייטונג, אָבער איך האָב דערפון געדרונגען ווי גרויס עס איז געווען זיין זאָרג און איבערגעגעבנ־קייט פאַר אַנדערע. דאָס איז געווען אין אַ ווינטערדיקן פרייטיק ווען דאָס שטעטל איז געבליבן אָן פיש לכבוד שבת. ווען דער פריץ פּאַליטעלא האָט זיך דערפון דערוווּסט, האָט ער אונדז אַריינגעשיקט עטלעכע פיש פון זיין פּריוואַטן באַסיין. די מאַמע האָט זיי נאָך באַוויזן אָפּצוקאָכן און גלייך זיי פונאַנדערגעשיקט צום רב און נאָך עטלעכע מענטשן און דערביי איז געווען גרויס איר פרייד, וואָס די יידן זענען נישט געבליבן אָן פיש אויף שבת.

דאָ אין לאַנד האָב איך באַגעגנט אַ וואָיסלאָוויצער ייד, וואָס האָט מיר דערציילט וועגן דער גרויסער הילף און דערמוטיקונג וואָס ער האָט באַקומען פון מיין טאַטן. ער האָט מיר דערציילט וועגן זיין לעבן אין שטעטל, וועגן זיין פרנסה וואָס ער האָט געצויגן פון אַ פערד און וואָגן, מיט וועלכן ער איז געפאָרן איבער די דערפער איינקויפן תבואות ביי די פויערים. ווען דאָס פערד איז געפאַלן און ער האָט געדאַרפט האָבן הונדערט זלאָטעס אויף צו קויפן אַן אַנדער פערד, איז ער געקומען צום טאַטן און געבעטן פון אים אַ הלוואה. ער האָט דאָס געלט באַקומען דעם זעלבן טאָג און האָט מצליח געווען שפּעטער אין זיינע געשעפטן.

דעם ייד איז געלונגען עולה צו זיין צוזאַמען מיט זיין משפחה קיין ארץ־

ישראל איידער עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה און שטענדיק ווען ער פלעג מיך טרעפן פלעגט ער מיר דערציילן מיט דאַנקבאַרקייט וועגן די מעשים טובים פון מיין טאַטן, דעם רודף צדקה.

דערמיט וויל איך אונטערשטרייכן די השפעה פון די דאָזיקע מעלות אויפן קינד אין אונדזער שטעטל. עס איז כדאי צו ווידמען דעם קאַפּיטל אַ גרעסערע אַרבעט, אָבער דאָס איז אַן ענין פאַר פאָרשער און פעדאַגאָגן. איך האָב בלויז אָפּגעמערקט דעם איינעם פאַל וואָס איז געווען אַ מוסטער אויך פאַר אַנדערע. מיין טאַטע איז נישט געווען דער איינציקער אין שטעטל. פאַרמעגלעכע אַזוי ווי מיין פאַטער און אויך ווערלכע וואָס די פרנסה איז זיי אָנגעקומען ווי קריעת ים־סוף, האָבן זיך קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט צו העלפן אַנדערע. און אין אַן עת צרה האָבן זיי זיך אויסגעצייכנט מיט זייער גרויס מסירת נפש און מיט התלהבות זיך אָפּגעגעבן דעם אַרויסהעלפן יעדן נויטבאַדערפטיקן.

אַזעלכער איז אויך געווען מיין פעטער אבטשי, דעם טאַטנס ברודער, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין טיפער פאַרשטענדעניש פאַר די נויטן פונעם אָרעמען און עלנטן מענטש. האַנט־אין־האַנט מיט זיינע גרויסע געפילן איז אויך געגאַנגען זיין מסירות־נפשדיקע איבערגעגעבנקייט צום רבין, פאַר וועלכן ער איז גרייט געווען צו גיין אין פייער.

וויפל ער איז נישט געווען פאַרנומען אין געיעג נאָך פרנסה, האָט ער אָבער נאָך אַלץ געהאַט צייט פאַר תורה און תפילה בציבור. ער איז געווען אָפּגעהיטן אין זיינע מעשים און איז אַנטלאָפן פון יעדער מחלוקת. ער איז געווען אַ מוסטערהאַפטער מכניס־אורח און אַ בעל־צדקה, איז געגאַנגען אויף די וועגן פון מיין פאָטער און זיין הויז איז געווען אָפן פאַר יעדן נויטבאַדערפטיקן, אַ האַרציקער און גוטמוטיקער מענטש, וואָס קיין שום זאַך האָט אים נישט אָפּגעהאַלטן פון טון אַ טובה.

קיין שום טרחא איז פאַר אים נישט געווען צו־שווער ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אין געבן זיינע קינדער די טראַדיציאָנעלע תורה־דערציאונג.

זיין ענערגישער כאַראַקטער, זיין שאַרפזין, געוואַגטקייט און אַלע אַנדערע מעלות וואָלטן אים געפירט אויף די העכערע שטאַפּלען פון געזעלשאַפטלעכן לייטער, ווען ער וואָלט נישט געווען אַ בורח מן הכבוד און אַנטלאָפן פון יעדער אָנפירונג מיטן יידישן צבורדיקן לעבן אין שטעטל. דאָך האָט זיין וואָרט אַרויסגערופן טיפן דרך־ארץ צו זיך און מען האָט אים צוגעטיילט באַזונדער כבוד.

מיט טויזנטער פעדעם זענען מיר פאַרבונדן מיט זייער אָנדענק, דעם אָנדענק פון אונדזערע קדושים!

**משה ראַב**

יהודית אײנעס



# מײַנע שול יאָרן

דאָס איז געווען אין יאָר 1926, ווען די שול אין אונדזער שטעטל איז געווען צעוואָרפן איבער פאַרשידענע ערטער, יעדער קלאַס אויף אַן אַנדער אָרט. ערשט שפּעטער האָט מען אויפגעבויט דעם ספּעציעלן שול־בנין. איך בין דעמאָלט געגאַנגען אין דריטן קלאַס, וואָס האָט זיך געפונען אויף דער קראַסנאָסטאַווער־גאַס, ביי אכענדושקא.

מאַכט זיך אַמאָל אין אַ שפּעטן הארבסט־טאָג און איך בין אינדערפרי געגאַנגען אין שול אַריין איבער דער קאַלטער און בלאָטיקער גאַס, אָנקומענדיק האָב איך דערזען, אַז עס איז שוין נאָכן גלעקל, די קינדער זענען שוין אַלע געווען אינעווייניק. עס איז מיך באַפאַלן אַ שרעק פאַר דער לערערין שעווטשי־קאָוונאַ, וועלכע איז געווען אַ בייזע דאָרפישע שיקסע, זי האָט, אמת, געענדיקט דעם לערער־סעמינאַר, אָבער האָט נישט געהאַט די מינדעסטע אַנונג ווי אַזוי צו באַגיין זיך מיט קינדער און פאַר דער מינדעסטער קלייניקייט האָט זי געשלאָגן איבער די הענט מיט דער ברייטער הילצערנער ווירע. איך האָב אָבער נישט געהאַט קיין ברירה און נישט געקוקט אויף דער שרעק פאַר די קלעפּ, וואָס האָבן מיך דערוואַרט פאַרן פאַרשפּעטיקן, האָב איך געמוזט אַרייַנגיין אין קלאַס.

אין דעם מאָמענט, ווען איך האָב שוין געוואָלט עפענען די טיר איז געקומען צו לויפן אַ שייגעצל, וואָס איז געווען דער ליבלינג פון דער לערערין. זיין נאָמען איז געווען גורני און ער האָט געוווינט נאָענט פון דער שול. מיר איז געוואָרן גרינגער אויפן האַרצן, כ׳האָב געמיינט, אַז אין זיין זכות וועל איך געהאָלפן ווערן. ווי גרויס איז אָבער געווען מיין אַנטוישונג ווען די לערערין האָט זיך צום שייגעצל געוואַנדן מיט אַ מילדער שטים: „דו האָסט זיך אויך פאַרשפּעטיקט... זעץ זיך אַוועק אויף דיין פּלאַץ. אָבער צו מיר האָט זי זיך אויסגעדרייט מיט פייער־שפּריצנדיקע אויגן און געזאָגט: „די מינוט זאָלסטו זיך אַוועקשטעלן אין ווינקל... איך וועל דיך אויסלערנען, וואָס דאָס הייסט פאַרשפּעטיקן אין שול”. דערביי איז

זי צוגעקומען צו מיר און מיט דער ווירע אַריינגעציילט מיר צען קלעפּ אויף מיין געפּרווירענער האַנט־פלאַך, וועלכע איז גלייך געוואָרן רויט און אויפגעלאָפן.

טרערן זענען מיר געקומען אין די אויגן, נישט אַזוי פון פיזישן ווייטיק, הגם עס האָט מיר שטאַרק געברענט די האַנט, נאָר מער פונעם פאַרדרוס פאַר דער דיסקרימינאַציע, וואָס צום שייגעצל איז זי געווען מילד ווי אַ טויב און דעם גאַנצן צאָרן אויסגעגאָסן אויף מיר.

ווען איך האָב געלערנט אין פינפטן קלאַס, איז שוין די שול געווען אין שטאָט. מיר האָבן שוין דעמאָלט געהאַט עטלעכע לערערס וואָס האָבן אונדז געלערנט פאַרשידענע קעגנשטאַנדן. איינע פון די לערערינס, פּעטרעטשקווונא, אַ פרוי פון אַ יאָר פערציק, מיט אַ געשטופלט פּנים, נישט קיין פאַרהייראַטע. זי האָט אונדז געלערנט געאָרגראַפיע און דייטש. אירע לעקציעס פון געאָגראַפיע זענען געווען די אינטערעסאַנטסטע, ווייל זי אַליין האָט אַרומגערייזט און אַ סך געלייענט. זי איז געווען אַן אָפּגעזונדערטע, נישט געחברט זיך מיט די יונגע לערערינס.

צווישן די קריסטלעכע קינדער איז עס שוין געווען אָנגענומען צו טשעפּען די יידישע, נאָכשפּעטן און נאָכקרימען ווי אַזוי זיי רעדן פּויליש, געזידלט מיט גראָבע ווערטער. צו די מילדסטע אויסדרוקן האָט געהערט „אַ זשיד שפּירט מען מיט ציבעלעס". עס האָט געטראָפן, אַז אַ קריסטלעך קינד האָט עס אָפן געזאָגט אויף אַ לעקציע און אַלע איבעריקע קריסטלעכע שילער און שילערינס האָבן אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער. די לערערין האָט דעמאָלט אין אַ רואיקן טאָן דערקלערט, ווי געשמאַק און געזונט עס איז אַביסל סמעטענע אָדער אַפילו זויער־מילך מיט אַ גרינער ציבעלע. דאָס האָט געווירקט און פון דעמאָלט אָן האָבן די קינדער אויפגעהערט אונדז נאָכשרייען וועגן דער ציבעלע.

אין אָנהויב פון זעקסטן שול־יאָר איז געקומען צו אונדז אַ נייע לערערין. זי האָט געהאַט אַ סימפּאַטישן אויסזען, אַ הויכע ברונעטין מיט אַ לענגלעך פּנים און אַ לאַנג יידיש נעזל. מיר זענען געווען איבערציייגט, אַז זי איז אַ יידישע, כאָטש איר נאָמען איז געווען אַ ריין פּוילישער — אירענאַ טראַבאַטשאָוונאַ.

שוין אויף דער ערשטער לעקציע האָט זי אונדז גלייך אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז כאָטש זי האָט אַ סעמיטישן אויסזען, איז זי אָבער אַ ריינע קריסטין. נאָך אַ געוויסער צייט האָט זיך אויפן שול־הויף באַוויזן אַן עלטערער פּויער, אַ באָרוועסער, אַ באַוואַקסענער, מיטן העמד איבער די הויזן. ער האָט יעדן געפרעגט, ווו עס געפינט זיך דאָ ערגעץ זיין אירענקאַ. די קינדער האָבן אים אַרומגערינגלט און געוואָלט ביי אים דערגיין ווער ער מיינט, געווען זיכער, אַז עס גייט אים אין זיינס אַן אייניקל, וואָס לערנט זיך ביי אונדז אין שול. אָבער ער האָט אונדז אויפגעקלערט אַז דאָס זוכט ער די נייע לערערין.

מיר, די יידישע קינדער, האָבן זיך גלייך געכאַפּט, אַז דאָס האָט די לערערין ספּעציעל אָרגאַניזירט, אַז דער באַרוועסער זיידע זאָל זי קומען זוכן אין שול, כדי אַלע, וואָס צווייפלען אין איר קריסטלעכקייט, זאָלן זיך איבערצייגן אין איר ריין קריסטלעכן אָפּשטאַם. אָבער די יידישע שילער און שילערינס האָבן אין דער שטיל געשמועסט צווישן זיך, אַז אין אירע אָדערן פליסט זיכער אַביסל יידיש בלוט, ווייל אַנדערש קען מען נישט אויסזען ווי אַ יידישקע.

אין זיבעטן קלאַס זענען מיר אויף זעכצן קריסטלעכע שילער געווען נישט מער ווי צוויי יידישע קינדער. צוזאַמען מיט מיר האָט אויך געלערנט שרהקע, חיהטשע לאהכעס, אַ דאַר, בלאָנד מיידעלע, זייער אַ ציכטיקע, אַ קלוגע און אַ גוטע שילערין. זי האָט זיך געהאַלטן פונדערווייטנס פון די קריסטלעכע קינדער. ביידע זענען מיר געזעסן אויף איין באַנק. פאַר אונדז זענען געזעסן צוויי קריסט־לעכע מיידלעך, מיינע גוטע חברטעס, איינע פון זיי, הענקאַ, אַ טאָכטער פון אַ רייכן מילנער, באַראַנאָווסקי, האָט אַמאָל געברענגט אין שול אַ גאָלדענע פילפעדער, וואָס איז דעמאָלט געווען אַ חידוש, ווייל זעלטן ווער עס האָט אַזאַ פעדער און זי האָט זיך דערמיט באַרימט, יעדן עס געוויזן. ווען עס איז געקומען צו דער דריטער אָדער פערטער לעקציע, האָט זי זיך פּלוצים אַרומגעקוקט, אַז די פעדער איז איר נעלם געוואָרן.

זי האָט זיך גלייך געוואַנדן צום לערער און דערציילט, אַז מען האָט איר צוגעגנבעט די פעדער און דערביי צוגעגעבן, אַז דאָס האָט זיכער געטון שרהקע, וואָס זיצט אַמנאָענטסטן צו איר.

דער לערער האָט קודם געהייסן הענקען בעסער זוכן אין איר טעקע, צי די פעדער ליגט נישט פאַרוואָרפן צווישן די ביכער און העפטן. זי האָט אָבער קאַטעגאָריש געטענהט, אַז זי האָט די פעדער אַריינגעלייגט אין „פּיורניק” און שרהקע האָט די פעדער אַרויסגענומען בעתן איבערייס און איז דערפאַר נישט אַרויס אויפן שול־הויף.

דער לערער האָט זיך געוואָנדן צו שרהקען, אַז אויב זי האָט גענומען די פעדער זאָל זי גלייך אָפּגעבן און מען וועט עס אויפנעמען ווי אַ שפּאַס. שרהקע האָט זיך צעוויינט, פאַרזיכערט, אַז זי האָט די פעדער אויף די אויגן נישט געזען נאָכדעם ווי הענקע האָט זי אַלעמען געוויזן.

נאָך די לעקציעס, ווען דער לערער איז אַרויס פון קלאַס, האָט זיך הענקע ווידער געוואָנדן צו שרהקען, געדראָט, אַז זי וועט זי נישט לאָזן אַהיימגיין ביז זי וועט נישט אומקערן די פעדער.

איך בין געזעסן אויף מיין אָרט און פון פאַרדרוס געביסן די פינגער, איך בין געווען איבערצייגט, אַז שרהקע האָט די פעדער נישט אָנגערירט. ענדלעך

האָב איך נישט אויסגעהאַלטן און אויפן הויכן קול געזאָגט צו הענקען:

„ווי וואַגסטו חושד צו זיין שרהקען? דו טוסט עס נאָר דערפאַר, ווייל זי איז אַ יידישע... ווען שרהקע וואָלט נישט דאָ געווען, וואָלסטו זיכער געזאָגט, אַז איך האָב גענומען די פעדער".

דער כעס האָט אין מיר געזאָטן און איך האָב זיך נישט געקענט באַרואיקן. מיט דער זעלבער אויפגערעגטקייט האָב איך ווייטער געזאָגט:

„איך קען גוט שרהקען. זי איז זייער אַן ערלעכע. דערצו איז זי פיל רייכער פון דיר און דאַרף דיין פעדער אויף כפרות. זי קען זיך קויפן צען אַזעלכע ווי דו צוזאַמען מיט די פעדערס... דו האָסט די פעדער זיכער פאַרלוירן אויפן הויף אָדער עמיץ אַנדערש האָט זי ביי דיר צוגענומען טשעפע זיך אָפּ פון איר".

מיינע ווערטער האָבן געווירקט און הענקע איז צוגעגאַנגען נעמען די טעקע פון אונטער דער באַנק און דערזען דאָרט ליגן איר פעדער, וואָס זי האָט אַליין געהאַט פאַרשטופּט. זי איז געבליבן שטיין אַ פאַרשעמטע און איך האָב געפאָדערט פון איר, אַז זי זאָל בעטן אַנטשולדיקונג ביי שרהקען פאַר דער אומזיסטער באַליידיקונג. זי האָט מיר גאָרנישט געענטפערט, אָבער קיין אַנטשולדיקונג ביי שרהקען האָט זי נישט געוואָלט בעטן.

אין אונדזער קלאַס איז אויך געווען אַ שילערין אַניעלקאַ. זי האָט שטענדיק געטראָגן אַ טיכל אויפן קאָפּ און מען האָט איר נישט אַרויסגעזען די האָר. מיר האָבן זיך אַלע געוווּנדערט פאַרוואָס די לערער לאָזן זי זיצן מיט אַ טיכל בעת די לעקציעס. וואַרשיינלעך, האָבן זיי געוווּסט דעם סוד, וואָס מיר זענען דער־גאַנגען ערשט שפּעטער, אַז זי האָט עפּעס אַ הויט־קראַנקהייט, וואָס זי פאַרדעקט מיטן טיכל אויפן קאָפּ. זי איז נישט געווען קיין מיאוסע, אויך נישט קיין נאַרישע, האָט אָבער געשטאַמט פון אַן אָרעמער היים און נישט געהאַט קיין מעגלעכקייטן זיך צו היילן. זי איז דערפאַר אַרומגעגאַנגען אַ פאַרביטערטע און זעלטן געשמייכלט. ווען זי האָט געהאַט אַ געלעגנהייט, האָט זי אַריינגעוואָרפן אַ גיפטיק וואָרט וועגן די רייכע יידן, אָבער קיין סך האָט זי נישט גערעדט.

אויף די לעקציעס פון ליטעראַטור האָבן מיר אין שול געפלעגט שרייבן חיבורים. נישט געקוקט אויף מיין יידישקייט, האָב איך זיך גערעכנט אַלס איינע פון די בעסטע שילערינס אין דער פוילישער שפּראַך. דער לערער האָט געפלעגט פאַרלייענען מיינע חיבורים פאַרן גאַנצן קלאַס, אָבער צום האַלבן יאָר האָב איך, נישט געקוקט דערויף, וואָס איך האָב זיך גערעכנט אַלס איינע פון די בעסטע, באַקומען נישט מער ווי „גוט".

איך האָב זיך געפילט באַעוולט און גערעדט וועגן דעם מיט די שילער פון מיין קלאַס, וועלכע האָבן אויך געהאַט פאַרשידענע טענות צו די לערער, געהאַלטן,

אַז מען האָט זיי נישט דערשאָצט. איך האָב זיך נישט געקענט באַרואיקן און מיין פאַרביטערונג אויסגעדריקט אויפן קול, האַלטנדיק, אַז איך בין אַמערסטן באַעוולט. מיטאַמאָל האָט אַניעלקע מיטן טיכל אויפן קאָפּ זיך אָנגערופן:

„וואָס קאָכסטו זיך אַזוי? דיין שוועסטער גרייט דיך צו אין שטוב און דו קומסט אין שול אַזוי צוגעגרייט צו יעדער טעמע, וואָס דער לערער שלאָגט פאָר... „גוט" איז נאָך צופיל פאַר דיר".

אין מיר האָט עס אויפגעקאָכט. אַניעלקע פלעגט שטענדיק בעטן זיך ביי מיר, איך זאָל איר אונטערזאָגן די ערשטע פאָר ווערטער ווי אַזוי אָנצוהייבן דעם חיבור. זי איז נישט געווען די איינציקע. אויך אַנדערע פלעגן זיך ווענדן צו מיר און דאָס האָט מיר געשטערט, אָבער דאָך האָב איך שטענדיק זיך באַמיט יעדן צו געבן אַן אַנדערן אָנהויב צום חיבור, כדי דער לערער זאָל נישט דערקענען, אַז זיי האָבן ביי מיר אָפּגעשריבן. איצט האָב איך עס איר פאַרגעוואָרפן. דאָס האָט זי נאָכמער אויפגערעגט און זי האָט אַ זאָג געטון:

„מיט אייך, קרעציקע יידן, וויל איך אינגאַנצן נישט רעדן... מיט אייערע כיטרע שטיקלעך קערט איר איבער די וועלט..."

דאָס איז געווען, ווי אַ שווערער פאַטש אין פנים. דער צאָרן האָט אין מיר געזידט אָבער איך האָב זיך מיט אַלע כוחות איינגעהאַלטן און שטיל, כמעט שמייכלענדיק, איר געענטפערט:



**קבוצת תלמידים ותלמידות יהודיים בבית־הספר העממי עם המורה לדת, יהודית רוזן (מימין).**

א גרופע יידישע שילער און שילערינס אין דער פאָלקס־שול מיט זייער רעליגיע־לערערין, יהודית ראָזען פון זאמאָשטש.



**חגיגה בבית הספר.**
אויף א פייערונג אין דער פאָלקס־שול.

„ווער עס רעדט וועגן קרעץ, אָבער דו, אַניעלקאַ, שווייג בעסער. דו ביזט דאָך אֶ קרעציקע״.

דאָס האָט געטראָפן אין פינטל און האָט איר פאַרמאַכט דאָס מויל.

דאָס שול־יאָר האָט זיך דערנענטערט צום סוף. דער לערער פון ליטעראַטור האָט אונדז פאָרגעלייגט, אַז צום שלוס פון די לימודים זאָלן מיר פאָרשטעלן אַ בילדל פון מיצקיעוויטשעס „פאַן טאַדעאוש״. דאָס האָט געדאַרפט זיין אַ דיאַלאָג צווישן טעלימענא און דעם הער ריכטער. די קינדער האָבן געדאַרפט אַליין פאָרלייגן זייערע קאַנדידאַטורן. אַלס טעלימענא האָט זיך געמאָלדן מיין חברטע, מיעטקא, און איך האָב אויף זיך גענומען די ראָל פון הער ריכטער.

דער לערער האָט לפנים מסכים געווען, אָבער ווען מיר האָבן אָנגעהויבן רעפעטירן, האָט ער צו מיר געזאָגט, אַז איך פּאַס זיך נישט צו דער ראָל, מען דאַרף עמיצן מיט אַ מענערישער שטים. אויף מיין אָרט איז געקומען אַ פּוילישער שילער, וואָס האָט זייער שוואַך געלייענט און עס איז דעם לערער געווען שווער אָנגעקומען ביז ער האָט אים אויסגעלערנט פאָרלייענען די שטעלן פונעם ביכל.

דאָס האָט מיך געקאָסט אַ סך געזונט, אָבער איך בין געווען אומבאַהאָלפן. מיעטקא האָט זיך געוואָנדן צו מיר נאָך אַן עצה ווו צו נעמען אַ שייטל, וואָס זי דאַרף צו איר ראָל אַלס טעלימענא. דערביי האָט זי מיר געזאָגט, אַז זי האָט אַ באַקאַנטע יידישקע, וואָס וואָלט איר גערן געבאָרגט איר שייטל, אָבער זי האָט

מורא, אַז עס איז פאַרלייזיקט. זי האָט געוואָלט, איך זאָל בעטן ביי מיין מוטער איר שייטל. איך האָב איר אויפן אָרט אָפגעזאָגט. געראָטן איר, זי זאָל זוכן ביי די קריסטנס אַ ריין שייטל...

די פוילישע קינדער האָבן אַזוי אַרום, פונקט ווי די לערער, דערפילט דעם שטאָלץ פון די יידישע מיידלעך און יינגלעך, וועלכע האָבן נישט געלאָזט זיך דערנידעריקן, נישט געלאָזט זיך „שפייען אין דער קאַשע", ווי מען האָט געזאָגט אין וואָיסלאָוויץ. מיר זענען נישט אימשטאַנד געווען צו באַקעמפן זייער שנאה, וואָס זיי האָבן איבערגענומען בירושה פון דורות, אָבער מיר האָבן נישט דער־לאָזט, אַז זיי זאָלן קוקן אויף אונדז ווי אויף מינדערווערטיקע. מיר האָבן תמיד געהערט צו די בעסערע שילער, געהאַלטן זיך סאָלידאַריש מיט אונדזערע חברטעס און חברים, רעאַגירט ווירדיק אויף יעדער באַליידיקונג, געווען גרייט אָפצושטופן יעדן אַנפאַל אין פאַרטיידיקן איינע די אַנדערע.



תלמידי ביתהספר העממי יחד עם המנהל אחנדושקו והכומר.
למרות האווירה העוינת בבית הספר העממי לא היו חיי הילדים עצובים ומלאי מרה שחורה וראוים לחמלה, אלא, אדרבה, ילדות מלאת חן יהודי היתה בהם. עינים יחדיו פרחה מחוץ אל תוך חדרי הבית ערו שמחת־חיים וחדוות־רצון. היתה כאן יהדות של ילדים שמלאה את לבם ונפשם.

א גרופע שילער צוזאמען מיטן שול־דירעקטאָר אַכאַנדאָשקאָ און גלחן גלח.
נישט געקוקט אויף דער פיינדלעכער אטמאָספער אין דער פוילישער עלעמענטאַר־שול זענען די יידישע קינדער נישט ארומגעגאַנגען פאר מרה־שחורטע און טרויעריקע. אדרבא, עס איז געווען א קינדהייט פול מיט יידישן חן. זיי האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך פון דער גאס זייער אייגנאַרטיקע לעבנס־פרייד, די יידישקייט פון קינדער, וואָס האָט אויסגעפילט זייער גאַנץ לעבן.

# התנועה הציונית



חילתה של הפעולה הציונית בעיירתנו היא בעצם תחילתה של הרוח החופשית בחיי הציבור. אכן שרשה של התנועה הציונית בוויסלביצה נעוץ בחבורת המשכילים הראשונים בעיירה, אשר השקיעו בעבודתם הציבורית אוצרות של אידיאליזם, מרץ ללא־דוגמה ואהבת־מולדת עמוקה.

בשלהי שנת 1918 אירעו מאורעות חשובים: נסתיימה מלחמת העולם הראשונה, פרצה המהפכה בגרמניה, והדיה הגיעו גם לעיירה; פילסודסקי, שהיה כלוא במצודת מאגדבורג, שוחרר וחזר לפולין, החל הפינוי של הצבא הגרמני. פולין הגיעה לעצמאות מלאה. לאחר כמאה שנה עמדו שוב מיליוני היהודים בפולין פנים אל פנים מול שלטון פולני.

אולם לא היו להם ליהודים כל אשליות וכל תקוות נפרזות בנוגע לעתידם בפולין העצמאית.

הימים הראשונים לשיחרורה ועצמאותה של פולין ו„ירח הדבש" לחירותה אישרו את כל חששותיהם החמורים של היהודים. הם עברו בהתנקשויות־דמים ביהודים בערי פולין. השנאה ליהודים כאילו התפרצה ממעמקים בקרב ההמונים הפולנים והציפה את הארץ בנחשול אדיר, שלא פסח גם על עיירתנו.

האווירה ששררה בימים ההם בוויסלביצה היתה בלתי־ציונית לחלו־טין. הדור הישן היה ברובו אורטודוקסי וקנאי. רק קבוצה קטנה של צעירים היו אחוזי־התלהבות לאידיאל הציוני, אמיצי־לב בהפצת רעיונו־תיהם, תוססים ברגשותיהם ומלאי־תקוות.

בראש הקבוצה עמדו: אהרן נירנברג, אשר היפשמן, חיים קליינמינץ, יעקב שטרסברגר ועוד. ביוזמתם הוקמה הספריה הראשונה ע"ש י. ל. פרץ, שריכזה את כל צעירי העיירה, אוהדי הציונית.

ומי יזכור את כל פרטי העבודה הברוכה שנעשתה בשדה הציונות ע"י הקבוצה הזו של צעירי־וויסלביצה, חדורי־רוח של רומנטיקה ציונית בכל טהרה ושגבה.

בהתחלה נולד הרעיון להקים בית־ספר עברי. הובאו ממקומות אחרים המורים: גוטמן וקנובליך, נשכרה אצל הירש קלאנג („קאלי־קוש") דירה ונרשמו בנים ובנות.

וראה זה פלא: למרות החידוש הגדול של בית־ספר מעורב לא היתה התנגדות רבה ואפילו מחוגי החרדים שלחו את ילדיהם וילדותיהם ללמוד בבית הספר העברי קרוא וכתוב. על המורים דברו בהערכה.

בית הספר נאבק על קיומו החומרי וחוסל.

יתכן וגרם לחיסולו חוק חינוך החובה שהטיל על כל ילדי העיירה, יהודים ולא־יהודים, לבקר בבית־ספר כללי.

בית הספר נפתח מחדש והמורה היתה חנה גרץ, אשתו הראשונה של חיים אלרבנד, מטבעה טובת־לב וצנועה, נכונה להקרבה ויסודית במשנתה והשפיעה על תלמידיה ובכל מסיבות החיים היתה המטרה הלאומית לנגד עיניה.

השפעת האידיאליסטים היתה עמוקה אף בימים בהם חלה הפסקה בפעילות הציונית. אנשים התבגרו, ראו בתנועה הציונית את הדרך היחידה להפוך את היהודים לאומה מאוחדת חיה, המכירה בכבודה העצמי ונותנת לה את הכוח לסבול ולהילחם ואת הבטחון שסופו לנצח.

התנגדות החרדים לתנועה הציונית החריפה מיום ליום. האדוקים והחסידים הביטו בעיני חשד ויראה על הציונים האלה המתכוננים לגאול את ארץ־ישראל והעם היהודי בדרכי עלייה לארץ ישראל לשם יסוד מושבות ועיסוק בעבודת אדמה במקום עלייה לערי־הקודש ועיסוק בתו־רה ובתפילה.

בשנות 1923־4 החלו בחורי השטיבל והפוליש בפעילות חזקה יותר גלגולי החיים פיתחו את רוחם והשגותיהם, הרחיבו את הבנתם והשק־פתם. הספריה, שהיתה אז בביתה של רבקה שטיגליץ (האופה), שמשה מקום כינוס של צעירים וצעירות. בין הפעילים ביותר היו: חיימקה אשר'ס נטע הנדלסמן, יעקב זיסמן. אחריהם באו: שמעון סייקביץ', הירש רייזבוים, שלום כץ, פייבל ברגר, וולוול שטיין, בצלאל טננבוים, יעקב היפשמן, דוד קופפר ואריה רייז.

הספריה היתה בימים ההם בלתי־ליגאלית והעבודה היתה ב„מח־תרת". כאשר רצו לעבור לעבודה ליגאלית ופנו למרכז ה„תרבות" בוורשה לשם הקמת סניף מאושר — קם הפילוג לימין ושמאל ובמקום ספריה אחת קמו שתיים: תרבות ושל פועל"צ שמאל.

באותן השנים נוסדה לשכת הקרן הקיימת המקומית שבראשה עמדו הפעילים הצעירים וגם הקשישים יותר: ישראל איינהורן, האחים איסר ולייזר ברגר, יעקב שטרסברגר, יוסף טננבוים, חיים מרדר, יעקב־הירש הוניג, משה ווייסטופ ועוד.

אנשי הלשכה הפיצו קופסאות בבתים ואספו מדי חודש בחודשו את התרומות, אירגנו מפעלים, הרצאות, ערבי־בילוי עם ריקודים, ערבי־וויכוחים וכדומה.

לפני הקונגרסים הציוניים הפיצו שקלים ובאסיפות ספרו על הפעו־לות בארץ־ישראל ולמענה.

בשנים 1926/7 החלה הפעילות הציונית בעיירה לקבל את גווניה השונים, גדלה ואף הצליחה לעורר בין הצעירים התלהבות רבה לחלוציות, מסירות והקרבה ציונית.

מכאן ואילך מסתעפת הפעילות הציונית לבין הזרמים השונים שבתנועה הציונית ביהדות פולין כולה.

**שלמה אופיר**



יעקב בעקער

# וואיסלאווין - די פעסטונג פון פועלי־ציון אין כעלמער ראיאן

מיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט, ביי וועלכער איך בין באַשעפטיקט, פאַרשלינגט מיך אויף אַזוי ווייט, אַז עס בלייבט מיר זעלטן פרייע צייט אַריינצולאָזן זיך אין די זכרונות, וואָס מיר טראָגן אין זיך; כדי אַרויסצוברענגען און באַשרייבן דאָס רייכע, פילפאַרביקע און שטורמישע לעבן פון יענע יאָרן, ווען אין פּוילן האָט עס געברויזט מיט יידישע דינאַמישע אַקטיוויטעטן נישט בלויז אין די גרויסע שטעט, נאָך אויך אין די הונדערטער קליינע שטעטלעך מיט אַזויפיל האַרציקע יידישע מענטשן, מיט אַזאַ פּרעכטיקער יוגנט. אָבער שטענדיק ווען עס שווימט אויף אין מיין זכרון מיין פאַרשניטענע היימשטאָט כעלם, זע איך פאַר זיך גלייכצייטיק דאָס שטעטעלע וואָיסלאָוויץ מיט איר ראָמאַנטישער און קעמפערישער יוגנט, וואָס איז פאַר־גאַנגען.

אַן אַ שיעור דערמאָנונגען פאַרבינדן מיך מיטן שטעטל; דערינערונגען, וואָס זענען דורכגעדרונגען מיט נשמה־געזאַנג, מיטן ליכט פון התלהבותדיקער אַרבעט. זיי לעבן נאָך אין מיין זכרון און איך צערטל זיי אין מיין געמיט צוזאַמען מיט יענעם יונגן ענטוזיאַזם פאַר גרויסע אידעאַלן.

כעלם איז אָנגעגאַנגען אַלס אַ פעסטונג פון לינקע פּועלי־ציון אין פּוילן און וואָיסלאָוויץ איז געווען די פעסטונג פון דער פּאַרטיי אין כעלמער ראַיאָן. מיר איז אָפט אויסגעקומען צו באַזוכן וואָיסלאָוויץ אין שליחות פון דער פּאַרטיי און איך האָב זיך אַזוי שטאַרק איינגעלעבט מיט די חברים, אַז אין מיר איז ביזן היינטיקן טאָג געבליבן דאָס געפיל ווי צו גאָר־נאָענטע קרובים.

צווישן די וואָיסלאָוויצער און כעלמער חברים פון לינקע פּועלי־ציון האָבן זיך איינגעשטעלט האַרציקע באַציאונגען. אַקטיווע חברים פון כעלם האָבן אָפט באַזוכט וואָיסלאָוויץ און די וואָיסלאָוויצער האָבן זיך באַטייליקט אין אַלע וויכטיקע געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע אַקציעס, וועלכע מיר האָבן דורכגעפירט, ווי וואַלן צום שטאָט־ראַט, צו דער קהילה אָדער אויף סתם צונויפטרעפן ביי פאַר־

שידענע געלעגנהייטן, וואָס זענען פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין יום־טובדיקע געשעענישן.

די פֿירנדיקע חברים פֿון דער פּאַרטיי־צענטראַלע אין וואַרשע, וואָס פֿלעגן באַזוכן כעלם, זענען תּמיד אַריינגעפֿאָרן אויך קיין וואָיסלאָוויץ, וועמענס יוגנט האָט זיך שטענדיק מצטרף געווען צו דער סימפּאַניע פֿון גרויסער און איבער־געגעבענער אַרבעט.

ליבע און נאָענטע געשטאַלטן פֿון גוטע און טרייע חברים אינעם קליינעם שטעטעלע — זיי לעבן נאָך אין מיין זכרון, רירן אָן די סטרונעס פֿון דער נשמה־יתירה אין יעדן פֿון אונדז. אַלץ, וואָס איך בין אימשטאַנד צו זאָגן וועגן זיי, איז נישט מער ווי אַ בלאַסער אָפּשיין פֿון דעם גרויסן און וואַרעמען פֿייער, וואָס האָט אין זיי געברענט. אָבער אַזוי איז דאָך יעדער נר־תּמיד נישט מער ווי אַ קליין ליכטל ביים ארון־קודש און דאָך אַנטהאַלט עס אין זיך די גאַנצע הייליקייט פֿונעם גרויסן פֿייער, וואָס זיי האָבן מיט זיך געטראָגן דורך אַלע יאָרן פֿון קאַמף פֿאַר נאַציאָנאַלער און מענטשלעכער דערלייזונג.

מיר דערמאָנט זיך אַ שבתדיקער טאָג מיט צענדליקער יאָרן צוריק. די לובלינער גאַס איז געווען פֿול מיט שפּאַצירנדיקע. מיטאַמאָל האָבן מיר דערזען ווי אַלעמענס אויגן האָבן זיך געוואָנדן צו אַ גרויסן וואָגן, וואָס איז געפֿאָרן אינמיטן וועג. הויך, אויסגעבעט מיט שטרוי איז געזעסן אַ ייִד מיט אַ פּאַטריאַר־כאַלישן אויסזען. ער איז געווען אין בלויזן קאָפּ, מיט אַ געדיכטער טשופּרינע און שיינער באָרד, וואָס האָט אים צוגעגעבן אַ מאַיעסטעטישן אויסזען. אַ מינוט האָבן מיר צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע פֿאַרבייגייער געגאַפֿט פֿאַרבליפֿטע פֿונעם אויסערגעוויינלעכן בילד, אָבער באַלד האָבן מיר זיך געכאַפּט:

„ס׳איז דאָך זרובבל!״

מיר האָבן זיך גלייך אַ לאָז־געטון צו אים. ער איז געווען אין אַ געהויבענער שטימונג. דאָס האָט ער זיך דעמאָלט אומגעקערט פֿון אַ באַזוך אין וואָיסלאָוויץ, ווו ער האָט געהאַלטן אַ רעפֿעראַט און איז נאָך געווען אונטערן איינדרוק פֿון זיינע ענטוזיאַסטישע צוהערער.

⁂

די וואָס שרייבן די געשיכטע פֿון אונדזערע פֿאַרשניטענע שטעט און שטעטלעך, אין וועלכער עס פֿאַרנעמט אַ וויכטיק אָרט די טעטיקייט און די ראָל פֿון פֿאַרשידענע פּאַרטייען, וועלן טון אַן עוולה אויב זיי וועלן דערציילן בלויז וועגן זייער פּאָליטישער טעטיקייט. פֿון מיין דערפֿאַרונג אין דער געזעלשאַפֿט־לעכער טעטיקייט ווייס איך, אַז דאָרט ווו מיר האָבן געגרינדעט אַן אָפּטיילונג

פון אונדזער פּאַרטיי, האָבן מיר גלייך אין זין געהאַט און געמאַכט אַלע באַמי־ אונגען אַוועקצושטעלן אויך אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין אין איינקלאַנג מיט די פאַכן, וועלכע האָבן געדאַרפט אַריינגיין אין אונדזער באַווירקונגס־קרייז. מיר האָבן אויך געווידמעט אַ סך אויפמערקזאַמקייט דעם שאַפן קולטור־פּאָזיציעס, ווי אָוונט־קורסן, אַ ביבליאָטעק, אַ יידישע שול א.א. די פּאָליטישע טעטיקייט איז תמיד געווען ענג פאַרבונדן מיט דער קולטור־ארבעט. וואָיסלאָוויץ איז אין דעם פאַל נישט געווען קיין אויסנאַם. די אַקטיווע פּאַרטיי־חברים האָבן זיך נישט באַגנוגנט מיט קנעלן און לערנען די אָרטיקע אַרבעטער דעם באַראַכאָוויזם, מיט אויפקלערן דעם טייטש פון רעוואָלוציאָנערן פּועלי ציוניזם, נעמען שטעלונג צו די אַקטועל־פּאָליטישע פראַגן, פירן דעם פּראָפעסיאָנעלן קאַמף. זיי פלעגן אויך קולטיווירן ביי דער יוגנט די באַציאונג און ליבע צו דער יידישער ליטעראַטור, צו אַלע פאָרמען פון קולטור־שאַפונג. זיי האָבן איינגעאָרדנט רעפעראַטן און פאַרלעזונגען אויף ליטעראַרישע און וויסנשאַפטלעכע טעמעס, האָבן אַראָפּגעברענגט יידישע שרייבער א.א., געפירט אַן אינטענסיווע קולטור־טעטיקייט.

עס דערמאנט זיך מיר אַ באַזוך אין וואָיסלאָוויץ. שפּעט ביינאַכט האָבן מיר פאַרענדיקט די זיצונג און מיר זענען אַרויס אין גאַס. אַרום האָט געהערשט אַ געדיכטע פינצטערניש, אַז איינער האָט נישט געזען דעם צווייטן. עמיץ האָט אַרויסגענומען אַ לעמפּל און באַלויכטן פאַר אונדז דעם וועג. אין דער שטילקייט איז געפאַלן אַ וואָרט:

„מיר ברענגען אַהער דאָס ליכט...״

דאָס איז נישט געווען קיין פּוסט וואָרט, נישט סתם אַ פראַזע. די פּועלי־ציוניסטישע יוגנט אין וואָיסלאָוויץ האָט אַריינגעברענגט אין שטעטל צוזאַמען מיטן קאַמפס־גייסט אַ סך ליכט, פרייד און גלויבן אין אַ שענערער וועלט, די זיכערקייט, אַז עס וועלן קומען בעסערע צייטן.

יעדעסמאָל ווען איך טרעף זיך אין לאַנד מיט די חברים פון אַמאָל און היינט, מיט די איינעסעס, מיט די זוסמאַנס, בין איך דאַנקבאַר דעם גורל פאַר זיין לייטזעליקייט צו די פון אַמאָליקן אַקטיוו פון די לינקע פּועלי־ציון אין וואָיסלאָוויץ, וועלכע זענען מיר געבליבן איינגעקריצט אין זכרון. איך האָב זיך צוגעקוקט צו זייער שווערן געראַנגל ביים איינאָרדענען און איינוואָרצלען זיך אין דער נייער היים און האָב געפילט זייער שטאַרקע ליבע צו אונדזער אלט־ניי פּאָטערלאַנד, אין וועלכער עס זענען דייטלעך געווען די שפּורן פון דער פּועלי־ציוניסטישער דערציאונג אין אַמאָליקן פּוילן. מיר האָבן זיך איינגעקריצט אין זכרון די ווערטער, וועלכע פריידל איינעס האָט מיט יאָרן צוריק שטאָלץ דער־ציילט וועגן איר זון יוסף, וואָס געפינט זיך אין קיבוץ פון השומר הצעיר, ווו ער

איז שוין אפילו אַ מדריך. די פרייד פון די דאָזיקע מענטשן האָט אָנגעשטעקט אויך די אַרומיקע, פונקט ווי אַמאָל אין קליינעם שטעטעלע וואָיסלאָוויץ. דאָס אַלץ גיט מיר איצט די דרייסטקייט צו זאָגן:

זייער עלטער האָט נישט פאַרשעמט זייער יוגנט!

צו די, וואָס האָבן זיך געשטעלט פאַר אַ ציל אַרויסצוגעבן דעם פּנקס, דעם ספר הזכרון, כדי צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון דער חרוב געוואָרענער יידישער קהילה אין וואָיסלאָוויץ, וויל איך זאָגן:

איר טוט אַ הייליקע אַרבעט!

די היטלער רוצחים האָבן זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו פאַרניכטן אונדזער פאָלק, אַז עס זאָל פון אים נישט בלייבן קיין זכר. זייער פאַרניכטונגס־אַרבעט איז געווען אַן אומגעהויערע. זיי איז געלונגען אומצוברענגען מיליאָנען, אָבער עס איז זיי נישט געלונגען אָפּצווישן יעדן זכר. פונעם אומגעברענגטן אייראָפּעאישן יידנטום זענען געבליבן רעשטלעך. אָט אויף דער שארית הפליטה, וואָס האָבן אויסגעמיטן דעם ביטערן גורל, ליגט איצט דער גרויסער חוב ממשיך צו זיין דעם געראַנגל פאַר דער אויפריכטונג פון אונדזער פאָלק אין זיין היסטאָרישן פאָטערלאַנד; טון אַלץ, אַז אויף דער וועלט זאָל מער נישט זיין קיין אָרט פאַר נאַציסטישע רוצחים, דערמאָנען און מאָנען, דערציילן פאַר דער וועלט, פאַרשרייבן פאַר די קומענדיקע דורות דעם גרויסן חורבן, וואָס האָט נישט קיין גלייכן צו זיך אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט; שילדערן פאַר די קומענדיקע דורות דעם שווערן קאַמף, וועלכן מיר האָבן געפירט פאַר אַ שענערער וועלט; דערציילן אונדזערע קינדער וועגן די רייכע קולטור־אוצרות, וועלכע מיר האָבן געשאַפן; וועגן די טויזנטער יידישע קהילות אין שטעט און שטעטלעך, וואָס זענען אָפּגעווישט געוואָרן פון דער ערד; וועגן די אומבאַשרייבלעכע יסורים און גרויסער גבורה פון אונדזערע נאָענטסטע און טייערסטע אין יענער פינצטערער נאַכט פון נאַציסטישער הערשאַפט.

איר, טייערע וואָיסלאָוויצער חברים, מיטגלידער פונעם בוך־קאָמיטעט, טוט די דאָזיקע ארבעט ווי אַ הייליקע עבודה. איר פאַראייביקט אלדאס שענסטע פון אייער שטעטל וואָיסלאָוויץ — זאָלט איר דערפאַר זיין געשטאַרקט און געבענטשט אין אייער הייליקער אַרבעט.

**יעקב בעקער**



דערציילט פון:
**יעקב זוסמאַן, שלמה זאַיאָנץ, שבתי און לייבטשע איינעס**

# די לינקע פועלי ציון







אין יאָר 1922 איז אין שטעטל געגרינדעט געוואָרן די באָראָכאָוו־ביבליאָטעק דורך דער גרופּע יוגנטלעכע נאָטע האַנדלסמאַן, לייבל האַכלערער, ה. ערליכגעריכט, שמואל קעלנער, שבע קלאַנג, לאַהטשע מאַסקאַל, צביה האַכלערער און יעקב זוסמאַן, וועלכער געפינט זיך היינט אין ישראל.

אויף דער ערשטער פאַרזאַמלונג האָבן אַלע אַנוועזנדיקע זיך באַשטייערט מיט אַ געוויסע סומע און פאַר דעם געלט האָט מען איינגעקויפט די ערשטע ביכער. צייטווייליק האָבן די ביכער זיך געפונען אין דער וווינונג פון שבע קלאַנג נאָכן גרינדן די ביבליאָטעק האָט די פאַרוואַלטונג איינגעלאַדן פון כעלם די חברים: משה בוים און שמואל שאַרגיל, וועלכע האָבן געגעבן אָנווייזונגען ווי אַזוי צו פירן די ביבליאָטעק.

אין שטעטל איז אויך געווען אַ תרבות־ביבליאָטעק, וועלכע איז אָנגעפירט געוואָרן דורך די עלטערע. היות אָבער דאָס שטעטל איז געווען קליין, האָט די פאַרוואַלטונג פון תרבות געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט דער פאַרוואַלטונג פון דער באָראָכאָוו־ביבליאָטעק פאַר אַ פאַראייניקונג. די פאַרהאַנדלונגען האָבן זיך געצויגן אַ לענגערע צייט און לסוף האָבן ביידע ביבליאָטעקן זיך פאַראייניקט.

ביים פירן די ביבליאָטעק האָט אַ דעציזירנדיקע השפעה געהאַט די באָראָכאָוו גרופּע, וועלכע איז געווען אַקטיוו ביים אויסוויילן די ביכער צום קויפן און ביים ווערבירן נייע לייענער. נישט ווילנדיק האָט זיך נאָך אַ געוויסער צייט פון צוזאַמענ־

אַרבעט דאָך געשאַפֿן צוויי גרופּן, רעכטע און לינקע. נאָך אַן אַלגעמיינער פֿאַר־זאַמלונג האָט מען אויסגעוויילט אַ נייע פֿאַרוואַלטונג אין וועלכער עס איז אַריין אַ מערהייט פֿון לינק־געשטימטער יוגנט. צווישן זיי זענען געווען לעמל טענענ־בוים, חנה שפּילער, פֿישל ריינער, יעקב זיסמאַן אברהם וויניאַש א. א.

די פּאָליטישע וויכּוחים זענען ווייטער אָנגעגאַנגען און עס איז דערגאַנגען דערצו, אַז מען האָט זיך ווידער געמוזט צעטיילן און די באַראַכאָוו־ביבליאָטעק האָט ווידער אָנגעהויבן פֿירן אַ באַזונדערע טעטיקייט. אין דער זעלבער צייט האָט דער חבר שלמה זאַיאַנץ, וועלכער האָט שוין דעמאָלט געאַרבעט אין וואַרשע צוגעשיקט אַ גרעסערע צאָל ביכער, אייגענע און אויך געזאַמלטע צווישן די חברים פֿון דער פּועלי־ציון באַוועגונג.

מיטן אָנקומען פֿון חבר יוסף הערש שאַפּעל פֿון וואַרשע (היינט געפֿינט ער זיך אין אַרגענטינע) האָט זיך געגרינדעט די לינקע פּועלי־ציון פּאַרטיי, וועלכע האָט זיך אָנגערופֿן אָפֿיציעל „געזעלשאַפֿט פֿאַר אָוונט־קורסן".

מיר זענען געווען יונג און בכדי אָוועקצושטעלן די אָרגאַניזאַציאָנעלע אַרבעט אויף אַ געהעריקן ניוואָ האָבן מיר געמוזט אָנקומען צו דער הילף פֿון כעלמער חברים. עס זענען אונדז געקומען צו הילף: משה בעקער ז"ל, יעקב בעקער, שמואל און הילל שאַרגל, ישראלטשע קופּער, קיבעל א. א. עס האָט אונדז אויך באַזוכט דער פּועלי־ציון־לאַוניק פֿון כעלמער שטאָט־ראָט, מאַטעק עברי. מיטן גרינדן די פּאַרטיי האָט מען גלייכצייטיק אויך געשאַפֿן אַן אָפּטיילונג פֿון „יוגנט" און „יונגבאָר". אין דער „יונגבאָר"־פֿאַרוואַלטונג איז אַריין אַ פֿאָרשטייער פֿון „יוגנט"־קאָמיטעט.

דאָס שטראָמען פֿון דער יוגנט אין אונדזערע אָרגאַניזאַציעס איז געווען אַ פֿאַרשטענדלעכע. די יוגנטלעכע אין שטעטל האָבן געדורשט נאָך וויסן און די פּועלי־ציון פּאַרטיי האָט אַלץ געטון אָנטקעגנצוקומען דעם דאָזיקן דורשט. עס זענען אָרגאַניזירט געוואָרן רעפֿעראַטן און פֿאָרלעזונגען, די ביבליאָטעק האָט כּסדר באַרייכערט איר ביכער־אויסוואַל, עס זענען אַבאָנירט געוואָרן צייטונגען פֿון לובלין און וואַרשע. עס זענען געקומען צו אונדז די „אַרבעטער צייטונג" די „פֿרייע יוגנט", „די קינדער וועלט" א. א. אַלס פּרעסע קאָמיסאַר איז באַשטימט געוואָרן דער חבר פּייוול קאָרנפֿעלד, צו וועמען עס זענען אָנגעקומען אַלע פּאַרטיי־צייטונגען און ער האָט געזאָרגט צו פֿאַרשפּרייטן זיי, איינקאַסירן געלט און דערליידיקן אַלע ענינים אין די רעדאַקציעס. מיט גרויס ענטוזיאַזם זענען ביי אונדז אויפֿגענומען געוואָרן די פֿאַרשידענערליי יובל־נומערן פֿון צייטונגען און זיי זענען דעמאָלט פֿאַרשפּרייט געוואָרן אין אַ פּילפּאַכיק גרעסערער צאָל. מיר האָבן זיי פֿאַרשפּרייט נישט נאָר אין אונדזער שטעטל, נאָר אויך אין די אַרומיקע

שטעטלעך, אין וועלכע עס זענען נאָך דאַן נישט געווען קיין פועלי־ציון אָרגאַניזאַציע. צו דעם צוועק פלעגן זיך מאָביליזירן אונדזערע יונגע מיטגלידער און מיטגלידערינס, וועלכע האָבן דערביי אַרויסגעוויזן גרויס איבערגעבנקייט, האָבן זיך נישט גערעכנט מיטן שלעכטן וועטער און נישט מיט די שלעכטע וועגן. אָפט האָט מען געמוזט גיין לאַנגע קילאָמעטערס אין בלאָטעס און שניי, אָבער אונדזערע מיטגלידער האָבן אין פאַרשפרייטן די צייטונגען געזען אַ הייליקע אַרבעט. צו די אַקטיווסטע אויפן דאָזיקן געביט האָבן געהערט: שפרינצע כהן, מלכה כץ, קריינדל ...., צביה טענענבוים, אסתר, שרה און פרידל איינעס.

פון די באַזונדערע פאַרוואַלטונגען האָט מען דעלעגירט ספעציעל פאַרשטייער צום רעפערענטן־קרייז, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט צוגרייטן די רעפעראַטן, באַשטימען די טעמעס און די רעפערענטן. די אַרבעט איז נישט געווען קיין לייכטע, אָבער עס זענען נישט געווען די שטרויכלונגען, וועלכע זאָלן זיין צו שווער צום באַזיגן. נישט איינמאָל איז דער צופאַר צום שטעטל געווען פאַרבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן. אויך דאָס פינאַנסירן די דאָזיקע טעטיקייט איז נישט אַנגעקומען גרינג.

פרעלעגענטן זענען צו אונדז געקומען חברים פון כעלם און פון לובלין און פון וואַרשע. אין אַ באַזונדערע באַגייסטערונג האָט אַריינגעפירט דער אָנקום פון חבר זרובבל, וועלכער האָט דריימאָל באַזוכט אונדזער שטעטל. דאָס ערשטע מאָל איז געווען סוף זומער 1930. עס איז פונקט אויסגעפאַלן אין אַ זונטיק, ווען אין גאַס זענען געווען פיל קריסטן. זרובבלען האָבן באַגלייט די פאַרטיי־חברים, וועלכע האָבן אים מקבל־פנים געווען און פאַרשידענע אַנדערע יידן סתם נייגעריקע. די קריסטן אין שטעטל האָבן ביים דערזען זרובבלען געזאָגט, אַז דאָס איז זיכער אַ יידישער סיים־דעפוטאַט. דער אויסזען פון חבר זרובבל האָט אַרויסגערופן גרויס התפעלות. די באַגייסטערונג איז דערגאַנגען צו אַזאַ שטופע, אַז איינער פון אונדזערע אַקטיוויסטן, חבר זכריה רופ האָט זיך געוואָרפן צום חבר זרובבל און אים אַ קוש געגעבן אין דער האַנט.

אין אָוונט איז אין זאַל פון „דאָם לודאָווי" פאָרגעקומען די פאָרלעזונג אויף דער טעמע „שלום אַש דער קינסטלער און דער פאָליטיקער". צווישן די חברים וואָס האָבן באַגלייט זרובבלען, איז אויך געווען דער חבר הערש מייל, וועלכער וווינט היינט אין נצרת. ער האָט געפלעגט לייענען אין די צייטונגען ווי די חברים אין לאָדזש אָדער אין וואַרשע פלעגן דעם חבר זרובבל אַרויפטראָגן אויף דער בינע. הערש מייל האָט זיך געפילט בכוח אַליין אָפצוטון אַזאַ שטיקל אַרבעט. ער האָט זיך מיט קיינעם נישט באַראַטן, נאָר ווען זרובבל איז שוין געווען נאָענט ביי די טרעפ, וואָס האָבן געפירט אויף דער בינע, האָט הערש מייל אַ נעם געטון דעם

חבר זרובבל אויף די הענט און אים אַרויפגעטראָגן אויף דער בינע. פאַרשטייט זיך, אַז דער חבר זרובבל איז געווען שטאַרק איבעראַשט פון דעם אומגעריכטן הויב און איז קוים געקומען צו זיך.

דער זאַל איז געווען געפּאַקט. צו דער פאַרלעזונג זענען געקומען נישט נאָר די יוגנטלעכע פון אונדזער שטעטל נאָר אויך פון די אַרומיקע שטעטלעך, צו וועלכע עס איז דערגאַנגען, אַז אין וואַיסלאַוויץ קומט פאָר א רעפעראט פון באַרימטן רעדנער חבר זרובבל.

אונדזער שטעטל האָט אויך באַזוכט דער חבר שניאורסון, וועלכער איז געקומען אין שליחות פון ארץ־ישראל און אונדז איבערגעגעבן אַ לעבעדיקן גרוס פון דער חלוצישער אַרבעט אין לאַנד. עס האָבן אונדז אויך באַזוכט די פאַרשטייער פון דער צענטראַלע: פעטערזייל און קיווייקא. פון כעלם איז צו אונדז געקומען דער חבר יעקב בעקער, וועלכער האָט אונדז אָפט באַזוכט און אַרויסגעטרעטן מיט פאַרלעזונגען אויף פאַרשידענע טעמעס.



**קבוצת פוע״צ־שמאל — אַ גרופּע לינקע פּועלי־ציון**

וואָס שווערער עס איז געוואָרן די עקאָנאָמישע לאַגע אין שטעטל, וואָס מער עס האָבן זיך פאַרשטאַרקט די רדיפות אויף די יידן אין פּוילן, אַלץ שטאַרקער איז געוואָרן דער דראַנג צו ווערן אַ טייל פון אַ גרויסער אָרגאַניזאַציע מיט הויכע דערלייזונגס־אידעאַלן. די יידישע יוגנט אין וואַיסלאַוויץ איז אַלץ מער און מער דורכגעדרונגען געוואָרן מיט די אידעען פון אַ האַרטנעקיקן קאַמף פאַר אַ יידישער נאַציאָנאַלער היים, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיטן אַלגעמיין־מענטשלעכן דערלייזערישן אידעאַל — מיטן סאָציאַליזם.

אונדזער אָרגאַניזאַציע האָט געזאָרגט פאַרן אינטעלעקטועלן פאָרשריט פון די יוגנטלעכע. מען האָט געלערנט שרייבן און לייענען יידיש. אין שטעטל איז נישט געווען קיין יידישע שול און קינדער פון אָרעמע היימען האָבן נישט געהאַט קיין שום מעגלעכקייטן צו לערנען זיך לייענען און שרייבן יידיש. די פּועלי־ציון

פּאַרטיי האָט דאַן געשאַפֿן אָוונט־קורסן, מיט וועלכע עס האָבן אָנגעפֿירט: גיטל קוטשער, דבורה שאַפּיר, חנהטשע שאַפּראַן, צביה טענענבוים, אסתר איינעס א. א. די אָוונט־קורסן האָבן זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר זייער נוצלעכע. די שילער און שילערינס האָבן גאָר גיך אָנגעהויבן אָנטיילנעמען אין דער וואַנט־צייטונג, וועלכע איז פֿון צייט צו צייט דערשינען אין אונדזער פּאַרטיי־לאָקאַל. זיי האָבן זיך אינטענסיוו גענומען צו לייענען יידישע ביכער און צייטונגען.

אין די פֿריִער־חדשים האָט אונדזער אָרגאַניזאַציע אַראָפּגעבראַנגט לערער, וועלכע האָבן געגעבן לעקציעס. דאָס זענען געווען ח. וויניק און צעסקע הערמאַן פֿון כעלם און אויך אַנדערע.

די ביבליאָטעק איז כסדר געוואַקסן און געוואָרן באַרייכערט מיט נייע ביכער. די פֿאַרוואַלטונג האָט געמאַכט די גרעסטע אָנשטרענגונגען צו ברענגען די נייעסטע אויסגאַבן און פֿאַרשפּרייטן זיי צווישן דער יוגנט. די חברים האָבן דערביי אַרויסגעוויזן אַ געוואַלדיקע איבערגעגעבנקייט. האָבן אומדערמידלעך געאַרבעט ביים זוכן נייע פֿינאַנסיעלע קוועלן פֿאַרן איינקויפֿן נייע ביכער און פּרעסע. מען האָט איינגעאָרדנט ספּעציעלע אָוונטן מיט פֿאַנטן־לאָטעריעס. די פֿאַנטן זענען געזאַמלט געוואָרן ביי די איינוווינער פֿון שטעטל, ביי מיטגלידער און סימפּאַטיקער. דער גרעסטער טייל פֿון דער באַפֿעלקערונג האָט געהאַט פֿאַר־שטענדעניש פֿאַר דער נוצלעכקייט פֿון אַ בוך און אָפּגעשאַצט די וויכטיקע אויפֿ־גאַבע פֿון אונדזער ביבליאָטעק.

אין אונדזער ביבליאָטעק האָבן זיך געפֿונען אַלע ווערק פֿון די יידישע קלאַסיקער און אויך איבערזעצונגען פֿון אַנדערע שפּראַכן. געווען אויך סאָוויעטישע אויסגאַבן. ווען עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה אין יאָר 1939 און עס האָט אַלע אַרומגענומען די שרעק פֿאַרן אַריינקומען פֿון די דייטשן, האָבן די חברים באַשלאָסן צו באַהאַלטן די ביכער, זיי זאָלן נישט אַריינפֿאַלן אין דייטשע הענט, און דערמיט באַוואָרענען די יידישע באַפֿעלקערונג. אין דער נאַכט, ווען אין שטעטל איז אַרומ־געגאַנגען דער קלאַנג, אַז מאָרגן מאַרשירן אַריין די דייטשן, האָבן די חברים אויסגעגראָבן אַ גראָבן גרוב אין גאָרטן פֿון פֿייוול קאָרענפֿעלד, וועלכער האָט געוווינט אין עק שטעטל, איינגעפּאַקט די ביכער אין זעק און זיי באַגראָבן אין דאָזיקן גרוב.

אַ גאַנצע נאַכט האָט געדויערט די דאָזיקע אַרבעט. די דייטשן האָבן זיך שוין ווירקלעך געפֿינען נישט ווייט פֿון וואָיסלאָוויץ, אין הרוביעשוו, כעלם זאַמאָשטש און קראַסנאָסטאַוו. קיין וואָיסלאָוויץ זענען זיי נישט אַריין, וואַר־שיינלעך בלויז צוליב דעם, וואָס עס זענען נישט געווען קיין ברוקירטע שאָסייען. אין עטלעכע טעג אַרום איז אַריין די רויטע אַרמיי אין שטעטל. מען האָט דאַן

אויסגעגראָבן די ביכער און זיי צוריק אַריינגעשטעלט אין די שענק. דאָס האָט אָבער געדויערט קוים עטלעכע וואָכן און די סאָוויעטן האָבן זיך צוריקגעצויגן צום טייך בוג. וואָס עס איז געוואָרן מיט די ביכער איז נישט באַוווּסט.

חוץ דער קולטור־טעטיקייט האָט אונדזער אָרגאַניזאַציע געדאַרפט זיך אויך פאַרנעמען מיט סאָציאַלער הילף. די מאַטעריעלע לאַגע פון אַ טייל בעלי־מלאכות אין שטעטל איז געווען אַ שווערע. עס האָט זיי געדראָט אונטערצוגיין און די נויטווענדיקייט איז געווען אַ ברענענדיקע. לויט דער איניציאַטיוו פון דער פּאַרטיי האָט מען זיך פאַרשטענדיקט מיטן האַנטווערקער פאַראיין און צוזאַמען געשאַפן אַ גמילת־חסד קאַסע, וועלכע האָט טיילווייז אַרויסגעהאָלפן די נויט־באַדערפטיקע. דאָס געלט פאַר דער קאַסע איז געזאַמלט געוואָרן אויף פאַרשידענע אופנים, מען האָט זיך אַליין באַשטייערט און מען איז אויך געגאַנגען מיט בלימעלעך אויף חתונות און אויך אויף אַנדערע שמחות. גלייך ביים באַקומען די ערשטע סומע געלט האָט די קאַסע אָנגעהויבן איר טעטיקייט. אין דער זעלבער צייט האָט די פאַרוואַלטונג זיך געוואָנדן צום דזאָינט אין וואַרשע און באַקומען פון איר הילף. אין אַקטיוון אָנטייל ביים אָרגאַניזירן די קאַסע האָט גענומען מאָטעס ראָזענבוים און יאָסל מאַסטבוים, פון די האַנטווערקער. פון די פּועלי־ציון — שבתי איינעס, יעקב זוסמאַן און דוד קופּפער, וועלכער איז געווען דער בוכהאַלטער. די גרינדונג פון דער קאַסע איז פאָרגעקומען אין יאָר 1938.

אין יאָר 1936 איז די פּאַרטיי צום ערשטן מאָל געגאַנגען צו די קהילה־וואַלן און האָט אַריינגעפירט איר ראַטמאַן, יעקב זיסמאַן.

דער גרעסטער טייל פון די חברים און סימפּאַטיקער פון פּועלי־ציון איז געקומען פון די אָרעמע שיכטן. דאָס אויסקויפן אַ שקל איז געווען פאַרבונדן מיט פינאַנסיעלער אָנשטרענגונג. עס זענען געווען משפחות, וועלכע האָבן געדאַרפט אויסקויפן פיר און פינף שקלים און דאָס איז פאַר זיי געווען אַן אויסגאַבע פון זעקס זלאָטעס. נישט געקוקט אויף די אַלע שוועריקייטן האָבן מיר פאַרקויפט די גרעסטע צאָל שקלים. דער פאַרוואַלטער פון שקל־קאָמיטעט איז געווען לייזער בערגער, אַן אַלגעמיינער ציוניסט. די פּאַרטייען, וואָס האָבן זיך געדאַרפט באַטייליקן אין דער אַקציע, האָבן ביי אים גענומען די שקלים און צו אַ באַשטימטער צייט געדאַרפט אים איבערגעבן דאָס געלט פון די פאַרקויפטע שקלים, צוזאַמען מיט די רשימות פון די וואַל־באַרעכטיקטע. אונדזער אָרגאַניזאַציע איז געווען די ערשטע ביים אַריינטראָגן דאָס געלט און די רשימות צו דער באַשטימטער צייט און ביי די וואַלן באַקומען די גרעסטע צאָל שטימען. די אַנדערע פּאַרטייען, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער אַקציע, האָבן אָפּן אויסגעדריקט זייער באַ־וווּנדערונג.

אונדזער אָרגאַניזאַציע האָט געשאַפֿן אויך אַ דראַמקרייז, מיט וועלכן עס האָבן אָנגעפֿירט די חברים: פֿישל ריינער, משה גאָלדשטיין און אָנטיילגענומען האָבן: שמעון גאָלדשטיין, דבורה שאַפּיר, אסתר איינעס, חנהטשע שאַפּראַן, שבתי איינעס א. א. דער דראַמקרייז האָט אויסגעפֿירט פֿאַרשידענע פּיעסן און איינאַקטערס.

אויך ביים „יונגבאַר" איז געשאַפֿן געוואָרן אַ „דראַמטרופּע", אין וועלכער עס האָבן אָנטיילגענומען: אברהם נאַבל, בתיה קעלנער, אשר צווער, מאיר האַמער, גיטל פֿיש, פֿראַדל איינעס, חוה לאַקסמאַן א. א.

עס זענען אויך איינגעאָרדנט געוואָרן 1־טער מאַי־אַקאַדעמיעס, טרויער־אַקאַדעמיעס אינעם טאָג פֿון באָראָכאָווס יאָרצייט. אויף די אַקאַדעמיעס זענען אַרויסגעטרעטן אונדזערע מיטגלידער מיט געזאַנג און רעציטאַציעס. צו די פֿעיִקסטע דעקלאַמאַטאָרינס האָבן געהערט שיינדעלע רייזבוים און אסתר איינעס.

אין די פּרייטיק־צו־נאַכטסן זענען איינגעאָרדנט געוואָרן קעסטל־אָוונטן, שמועסן און דיסקוסיעס. עס איז געמאַכט געוואָרן די גרעסטע אָנשטרענגונג אויסצונוצן די פֿרייע צייט פֿאַר דער קולטור און אויפֿקלערונגס־אַרבעט צווישן דער יוגנט.

זאָל דאָ דערמאָנט ווערן דער פֿאַקט, וואָס עס איז פֿאָרגעקומען בעת דער מלחמה אין סעפּטעמבער 1939. די מפּלה פֿון פּוילישן מיליטער איז געווען אַ גיכע און מען האָט זיך אין וואַיסלאָוויץ געריכט אויף אַ שנעלן אַריינמאַרש פֿון די דייטשן. די פּאָליציי האָט זיך געגרייט צו פֿאַרלאָזן דאָס שטעטל. פֿאַרן אַוועקגיין האָט דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט איינגעלאַדן צו זיך געוויסע איינוווינער און צווישן זיי אויך אונדזערע חברים, פֿאַר וועלכע ער האָט אויפֿגעקלערט די נויטווענדיקייט צו שאַפֿן אַ פֿאָלקס־מיליץ, וואָס זאָל קענען אָפּהיטן די אָרדענונג אין דער צווישן־צייט צווישן איין מאַכט און דער אַנדערער, כדי די פֿינצטערע עלעמענטן זאָלן נישט קענען לאָזן זיך ווילגיין. צווישן די וואָס האָבן דעמאָלט באַקומען געווער זענען געווען: שלום רייזבוים, שבתי איינעס, בצלאל רייז. נאָך עטלעכע אומרואיקע טעג פֿון וואַרטן אויף די דייטשן האָט אַריינמאַרשירט די רויטע אַרמיי און עס איז גלייך אַרויסגעגעבן געוואָרן די פֿאַראָרדענונג, אַז די מיליץ זאָל צונויפֿנעמען דאָס געווער, וואָס פּי פּוילישע זעלנער האָבן אַוועקגעלייגט נעבן שטאָט־גאָרטן. די מיליץ האָט אויך באַקומען די אויפֿגאַבע צו אַנטוואָפֿענען, לויט אַ רשימה, די אַלע בירגער, וואָס האָבן געהאַט געווער.

די קאָמוניסטן אין וואַיסלאָוויץ האָבן זיך געוואָנדן צו די חברים פֿון פּועלי־ציון און צוזאַמען איז באַשלאָסן געוואָרן צו רופֿן אַן אַלגעמיינע פֿאַרזאַמלונג פֿון די יידישע און קריסטלעכע איינוווינער. אויף דער דאָזיקער פֿאַרזאַמלונג איז אויפֿגעגעבן געוואָרן די קאַנדידאַטור פֿון אונדזערע חברים, דוד קופּפּער און דוד

איינעס אַריינצוגיין אין דעם קאָמיטעט, וואָס זאָל פאַרוואַלטן מיט די ענינים פון דער שטאָט און רעגולירן דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן פון די איינוווינער.

אין דער פּאָליטישער דערציאונגס־אַרבעט פון דער פועלי־ציון אין וואָיסלאָ־ויץ האָבן פאַרנומען אַ בכבודיק אָרט די ארץ־ישראל־פּראָבלעמען: די אידעאָלאָגישע, ווי די טאָג־טעגלעכע, די פּראַקטישע. מיר האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין די זאַמלונגען פאַרן „פּאַלעסטינע אַרבעטער־פאָנד” און געגרייט קאַדרן ע׳לה צו זיין קיין ארץ ישראל.

די בלוטיקע געשעענישן אין ארץ־ישראל פון יאָר 1929 האָבן, פּונקט ווי אומעטום אויך אין וואָיסלאָוויץ אַרויסגערופן גרויס אויפרעגונג, פאַרביטערונג און פּראָטעסט. מיר האָבן, אין צוזאַמענהאַנג מיט די געשעענישן, דורכגעפירט אַן אויפקלערונג־אַקציע, שמועסן און פאַרזאַמלונגען.

זומער 1930. אויף אונדזערע פאַרזאַמלונגען און שמועסן האָט אין יענע טעג פאַרנומען אַן אָרט די טעמע „דער אַנטייל פון פועלי־ציון אינעם וועלט־קאָנגרעס פונעם אַרבעטנדיקארץ־ישראל”, וואָס איז פאָרגעקומען אין בערלין, אין סעפּטעמ־בער 1930. אין דער פּאַרטיי גופא האָבן זיך דאַן געפירט לײדנשאַפטלעכע דיסקוסיעס אַרום דער טאָג־אָרדענונג פון קאָנגרעס און דער דעקלאַראַציע, וואָס איז איז געווען אָפּגעדרוקט בלויז אין עברית.

בעת די אומרוען אין ארץ־ישראל, אין יאָר 1936, האָט די פּאַרטיי געפירט אַ ברייט־פאַרצווייגטע אויפקלערונגס־אַרבעט, אויף מיטינגען, פאַרזאַמלונגען און שמועסן. מיר האָבן אונדזערע חברים און סימפּאַטיקער אויפגעקלערט וועלכע עס זענען די כוחות, וואָס פירן די העצע צווישן די אַרבעטער.

אין די וואַלן צום ציוניסטישן קאָנגרעס פון יאָר 1939, האַרט ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט אונדזער אָרגאַניזאַציע זיך באַטייליקט מיט גרויס התלהבות. ביי יעדער געלעגנהייט האָבן מיר מאַניפעסטירט אונדזער צוגעבונדנקייט צו ארץ־ישראל און גרייטקייט צו עליה.

די „יוגנט”־אָרגאַניזאַציע איז געווען אַ שפרודלדיקער קוואַל פאַר ציוניס־טישער אַקטיוויטעט. מען פלעגט זיך אָפט ראַנגלען מיט עקאָנאָמישע און פינאַנ־סיעלע שוועריקייטן און דאָך נישט איבערגעריסן די קולטור־טעטיקייט און נישט די ציוניסטישע דערציערישע אַרבעט.

אין יאָר 1933 איז לויטן באַפעל פון אינערן־מיניסטעריום אָפּצושטעלן די טעטיקייט פון דער „געז. אַוונט־קורסן” איבערן גאַנצן לאַנד, אָפּגעשלאָסן געוואָרן אויך די געזעלשאַפט אין וואָיסלאָוויץ.

אויפגענומען דורך **יהודית**



דוד איינעס



# דער צוזאַמנפלי



ומער 1932 איז אין וואָיסלאָוויץ פאָרגעקומען אַ צוזאַמענפלי פון דער לינקער פועלי־ציון יוגנט. איך דאַזיקן צוזאַמענפלי האָבן אָנטיילגענומען יוגנטלעכע פון כעלם און טישעוויץ, פון אוכאַן און וואָיסלאָוויץ.

דער צוזאַמענפלי האָט זיך אָנגעהויבן שבת, אָבער די יוגנטלעכע האָבן זיך אָנגעהויבן צונויפפאָרן דאָנערשטיק פאַרנאַכט און פרייטיק. עס איז געווען אַ לעבעדיקע חברה ייִנגלעך און מיידלעך, וועמענס צאָל עס איז דערגאַנגען ביז 300. פרייטיק־צו־נאַכטס איז מען אַוועק אין וואַלד אין דעברע און נעבן דער קריניצע, ווו מען האָט שפּאַצירט, געשמועסט, געטיילט זיך מיט איינדרוקן. ביינאַכט איז אַ גרויסער טייל געשלאָפן ביי בענטשע געלוואַסער, מאיר קראַפּטס זון, אין סטאָדאָלע. די אַנדערע האָבן די וואָיסלאָוויצער חברים גענומען צו זיך אַהיים.

שבת אינדערפרי אין אין פאָלקס־הויז פאָרגעקומען אַ חברים־צוזאַמענטרעף, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט באַגריסונגען פון די פאָרשטייער פון יעדן שטעטל און דערנאָך האָט משה בעקער פון כעלם געהאַלטן אַ רעפעראַט אויף דער טעמע „די לאַגע פון יידישער אַרבעטער־יוגנט אין פוילן”.

באַלד נאָכמיטאָג איז אויף דער לאָנקע, וואָס מען האָט גערופן „די טארגאָוויצע”, פאָרגעקומען אַ ספּאָרט־פאַרמעסט אין פוטבאָל צווישן די שטערן־קלובן כעלם—טישעוויץ.

פאַרנאַכט האָט מען אָרגאַניזירט אַ פאַקל־צוג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אויפן וועגל און איז פאַרביי דורכן צענטער פון שטעטל, נעבן בער בערגער, דורכגעגאַנגען נעבן שולקע און אבא טורבינער, דאָס געסל „פיצי פּאַלאַץ” און איז אַרויס צו דער רוסישער צערקווע.

עס איז געווען אַן אימפּאָזאַנט בילד. דער לאַנגער צוג מיט די ברענענדיקע פאַקלען האָט זיך באַוועגט אין דער טונקלקייט פון דער נאַכט, אַרויסגערופן התלהבות און פרייד. אָבער די אַנטיסעמיטן האָבן דאָס נישט געקענט פאַרדייען.

עס איז געווען ביי אונדז אַ געוועזענער פּאָליציאַנט, עדעלמאַן, אַ שונא ישראל, און ער האָט אויף גיך אָרגאַניזירט אַ חברה שקצים און ווען דער צוג מיט די פּאַקלען האָט זיך דערנענטערט צו דער צערקווע, זענען די שקצים, באַוואָפנטע מיט שטעקנס און דרענגער, באַפאַלן די מאַרשירנדיקע מיט געשרייען און זידלע־רייען: „פּאַרשיווי זשידזשי!" און אָנגעהויבן מוראדיק שלאָגן די ייִדישע יוגנטלעכע. עס איז געוואָרן אַ שרעקלעכע מהומה און נאָר אַדאַנק דער קאַלטבלוטיקייט פון די חברים, וועלכע זענען געגאַנגען אין די ערשטע רייען, זענען אויסגעמיטן געוואָרן אומגליקן.

דער אָנפאַל פון די כוליגאַנעס האָט נישט אָפּגעשראָקן די חברים פון צוזאַמענפלי און שפּעטער, צום אָוונט צו, איז אין דאָם־לודאָווי" פאָרגעקומען די פאָרשטעלונג פון כעלמער דראַמקרייז. אויף צומאָרגנס, זונטיק, האָבן די וואָיסלאָ־וויצער חברים איינגעאָרדנט אַ מיטאָג פאַר די געסט פון אַנדערע שטעטלעך. געקאָכט האָט מען דאָס מיטאָג ביי די בירמאַנס אין באָד־געסל און פון דאָרט האָט מען דאָס עסן געטראָגן אין עמערס איבערגעדעקטע מיט ווייסע טישטעכלעך צו בענטשין אין סטאָדאָלע, ווו מן האָט דאָס עסן דערלאַנגט אויף אימפּראָוויזירטע טישן.

ווידער איז געווען לעבעדיק און לוסטיק. דאָס לאַכן, שטיפן און זינגען האָט קיין גרענעץ נישט געהאַט.

דער צוזאַמענפלי האָט אויף אַלע אָנטיילנעמער איבערגעלאָזט אַן אומ־פאַרגעסלעכן איינדרוק. יוגנטלעכע פון די אַלע שטעטלעך האָבן געשלאָסן נייע באַקאַנטשאַפטן. לאַנגע יאָרן שפּעטער האָבן נאָך אַלץ אַ סך פון די נייע פריינט געפירט צווישן זיך אַ קאָרעספּאָנדענץ.

# די רעוואלוציאנערע לוויה

שלמה רייזבוים איז געווען אַן אָרעמאַן אין אַכצן פאָלעס. פון פאַך איז ער געווען אַ שוסטער, אַבער קיינמאָל האָט ער פון זיין אַרבעט נישט געהאַט קיין פרנסה.

געוווינט האָט ער אין „פּיצי פּאַלאַץ". אַזוי האָט געהייסן דאָס געסל. די וווינונג זיינע איז באַשטאַנען פון אַ לאַנג שמאָל צימער, ווו מען איז געשלאָפן. געקאָכט און געגעסן און דאָרט איז אויך געווען זיין שוסטער־וואַרשטאַט.

ער האָט שוין געהאַט די צווייטע פרוי, וואָס האָט אים געבוירן אַ יינגל.

פון דער ערשטער פרוי זענען אים אויך געבליבן עטלעכע קינדער. זיי האָבן אָפּט געקרענקט, אויסגעצערטע, נישט דערנערטע, האָט זיך דאָרט אויך אַריינגעכאַפּט טובערקולאָז.

אין מיינע צייטן איז שלמהס עלטסטער זון, עזריאל שוין געווען נאָך דער חתונה. נאָך אים איז געווען אַ טאָכטער, שוין אויך אַ מיידל פון עטלעכע און צוואַנציק יאָר. דער יינגערער, שמחה, האָט געאַרבעט שוסטעריי צוזאַמען מיטן פאָטער. ער איז געווען אַ ווילער און שטילער בחור, געהערט צו דער לינקער פועלי־ציון אָרגאַניזאַציע.

יעדן אָוונט נאָך דער אַרבעט, פלעגט ער צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע חברים פון דער באַוועגונג קומען אין פאַרטיי־לאָקאַל, אָנטיילנעמען אין די שמועסן און דיסקוסיעס.

דער פאַרטיי־לאָקאַל איז פאַקטיש געווען דער טרעף־פונקט פון דער יוגנט. דאָס איז געווען זייער צווייטע היים, וווּ מען האָט געחלומט פון אַ שענער לעבן, פון ברענגען דערלייזונג דעם יידישן אַרבעטער אויף זיין אייגענער ערד. מען האָט זיך געהיצט, גערעדט מיט גרויס התלהבות וועג׳ די אופנים און וועגן, וואָס פירן צו דער גאולה.

שמחה, אַ הויכער און דאַרער בחור, פלעגט אָפּט אונטערהוסטן, באַזונדערס ווען עס איז אָנגעקומען דער האַרבסט און די טעג זענען געוואָרן פייכטע, קילע. זיין הוסטן איז דעמאָלט געוואָרן פאַרעקשנטער און אָפטער, אָבער ווער האָט דעמאָלט געלייגט אַכט אויף אַזעלכע קלייניקייטן?!

מיטאַמאָל איז געקומען דער טאָג, ווען עס איז צו אונדז דערגאַנגען די ידיעה, אַז שמחה איז קראַנק אויף טובערקולאָז און שפּייט מיט בלוט. די עלטערע חברים האָבן זיך גלייך גענומען פאַראינטערעסירן, דערוויסן זיך נעענטערע פּרטים און באַלד דורכגעפירט אַ געלט־זאַמלונג, כדי צו העלפן דעם קראַנקן חבר, ער זאָל קענען אַביסל בעסער זיך דערנערן. זאָל קענען פאַרגינען זיך אַ שטיקל פוטער, אַביסל מילך.

זיין געזונטצושטאַנד האָט זיך אָבער כסדר פאַרערגערט און מען האָט גערדאַרפט טראַכטן וועגן אַ דאָקטאָר, וואָס זאָל אים אונטערזוכן, היילן, פאַרשרייבן רפואות, אָבער קיין דאָקטאָר אין שטעטל איז נישט געווען. דערצו איז דאָ נישט געגאַנגען אין קיין איינמאָליקן באַזוך ביי אַ דאָקטאָר, נאָר אין אַ רעגולערער און שטענדיקער מעדיצינישער אויפזיכט. מיר האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ רעכענונג וועגן דער סטאַדיע פון דער קראַנקהייט, אין וועלכער שמחה האָט זיך שוין דעמאָלט געפונען. ער האָט זיך גענויטיקט אין אַ פּערמאַנענטער אויפזיכט פון אַ גוטן דאָקטאָר.

דאָס דאזיקע פּראָבלעם האָט שטאַרק באַשעפטיקט די חברים פון דער אָרגאַניזאַציע. עס זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ ריי באַראַטונגען און עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז מען זאָל שמחהן שיקן קיין וואַרשע. מען האָט אים געגעבן אויף הוצאות, באַזאָרגט מיט אַ בריוו צו דער צענטראַלע פון דער פּועלי־ציון אין וואַרשע, אַז מען זאָל זיך פאַרנעמען מיט אים, העלפן אים איינאָרדענען, ער זאָל באַקומען די נויטיקע מעדיצינישע הילף.

שמחה איז אָנגעקומען קיין וואַרשע און די דאָרטיקע פּאַרטיי־חברים, האָבן אים גלייך אַרומגערינגלט מיט דער גרעסטער זאָרגעוודיקייט, איינגעאָרדנט אים אין אַ שפּיטל, ווו ער האָט באַקומען די נויטיקע מעדיצינישע באַהאַנדלונג אין משך פון זעקס חדשים.

עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן, אַז איינער פון די דאָקטוירים זאָל זיך מיט אים ספּעציעל אָפּגעבן. ער האָט ווירקלעך אַרויסגעוויזן די וואַרעמסטע פאַר־אינטערעסירונג און מיט גרויס מי איז אים געלונגען צו שטעלן שמחהן אויף די פיס.

ענדלעך האָט מען אים שוין געקענט אַרויסלאָזן פון שפּיטאָל, דער דאָקטאָר האָט זיך מיט אים וואַרעם געזעגנט און אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל שטאַרק אַכטונג געבן אויף זיך און, לפחות, באַמיען זיך עסן צו דער זעט, כדי ער זאָל נישט ווידעראַמאָל אַריינפאַלן אין דער קראַנקהייט.

במשך פון דער צייט, וואָס שמחה איז געלעגן אין שפּיטאָל, האָט ער זייער אַ סך געלייענט. די וואַרשעווער חברים האָבן אים באַזאָרגט מיט ביכער און דאָס איז געוואָרן זיין באַליבסטע באַשעפטיקונג. צוריקקומענדיק אין שטעטל זענען מיר ממש געווען איבעראַשט מיט זיין גוטן געזונטצושטאַנד און מיר האָבן זיך דערמיט זייער געפרייט. חוץ פיזיש האָט שמחה זיך אויך אנטוויקלט גייסטיק. מיר האָבן פאַר זיך געזען אַ נייעם מענטש. נישט צום דערקענען.

עס זענען פאַרביי עטלעכע חדשים און שמחה האָט ווידער גענומען אונטער־הוסטן און שפּייען מיט בלוט. עס איז נישט געווען קיין וווּנדער, ער האָט געמוזט צוריק אָנהויבן לעבן אין די אַלטע באַדינגונגען, וואָס האָבן זיך אין משך פון זיין ליגן אין וואַרשעווער שפּיטאָל נישט געענדערט, די זעלבע שטוב, די זעלבע אַרבעט, פון וועלכער עס איז קוים געווען צו דערהאַלטן די נשמה, אָבער נישט אויף עסן צו דער זעט.

ווידער זענען די חברים געוואָרן אומרואיק און גענומען זיך באַראַטן וואָס צו טון, אויסגענוצט אַלע מעגלעכקייטן, אָבער קיין סך זענען זיי נישט געווען בכוח צו העלפן. דער קראַנקער שמחה האָט קודם־כל געדאַרפט גוט עסן, האָבן אַ סטאַבילע מעדיצינישע אויפזיכט, רפואות, איינשפּריצונגען א.א.וו.

עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו ווענדן זיך צו די אַנדערע פּאַרטיי־אָרגאַני־זאַציעס וואָס זענען געווען אין שטעטל און גלייך זענען טאַקע אַנגעקניפּט געוואָרן פאַרבינדונגען מיט בית״ר, החלוץ און מיט די קאָמוניסטן. אַלע האָבן זיך וואַרעם אָפּגערופן אויף דער דאָזיקער ווענדונג און עס זענען געמאַכט געוואָרן בשותפות דיקע אימפּרעזעס און די הכנסות זענען געגאַנגען אויף צוהיילן שמחהן.

אין שטעטל איז דעמאָלט געווען אַ יידישער דאָקטאָר, זילבערמאַן, אַן אַקטיווער רעוויזיאָניסט, וועלכער האָט אַרויסגעוויזן גרויס אַקטיווקייט, האָט אָנטיילגענומען אין די אַלע בשותפותדיקע אונטערנעמונגען, האָט אַליין באַזוכט דעם קראַנקן און נישט גענומען באַצאָלט, האָט זיך פאַרנומען מיטן באַזאָרגן די נויטיקע רפואות א. א. וו.

ליידער האָבן די אַלע באַמיאונגען נישט געהאָלפן. זיי האָבן בלויז פאַר־לענגערט דעם פּראָצעס, אָפּגעשטופּט דעם סוף, וואָס איז געווען אומפאַרמיידלעך. אין אַ קורצער צייט אַרום איז שמחה געשטאָרבן, אין עלטער פון פינף־און־צוואַנציק יאָר.

דאָס איז געווען אין יאָר 1937. אין שטעטל האָט געהערשט אַ גרויסער טרויער. אַלע האָבן טיף באַדויערט דאָס טראַגישע אָוועקגיין פון אַזאַ יונג לעבן, אָבער צום שטאַרקסטן האָבן עס איבערגעלעבט די חברים פון דער פּועלי־ציון אָרגאַניזאַציע און זיי האָבן זיך אויך מיט גרויס איבערגענומענקייט געגרייט צו דער לוויה, וואָס האָט געדאַרפט מאַניפעסטירן דעם טרויער פון אַרבעטנדיקן וואָיסלאָוויץ נאָכן אַזוי יונג פאַרשטאָרבענעם חבר.

עס איז פּלאַנירט געוואָרן איינצואָרדענען אַ מאַסנהאַפטע לוויה. עס איז געווען דער ווילן פון די פּאַרטיי־חברים, אַז די לוויה זאָל נישט זיין קיין רעליגיעזע, נאָר זאָל טראָגן אַ פּראָגרעסיוון כאַראַקטער, מען זאָל גיין מיט אַ רויטער פאָן, האַלטן רעדעס ביים קבר און אויך זינגען די פּאַרטיי שבועה.

ווען די חברה קדישא האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט, האָבן זיי מודיע געווען, אַז זיי וועלן נישט קובר זיין דעם בר־מינן אויב די פּאַרטיי־לייט וועלן אָנטיילנעמען אין דער קבורה. די חברה־קדישא־לייט האָבן געפּרוּווט אויסאיבן אַ דרוק אויפן פאָטער פון פאַרשטאָרבענעם, ער זאָל זיך קעגנשטעלן זיין זונס פּאַרטיי־חברים און נישט דערלאָזן, אַז זיי זאָלן איינאָרדענען די לוויה אויף אַ נישט פרומען שטייגער. אָבער דער פאָטער, כאָטש ער איז געווען אַ פּשוטער פרומער ייד, איז ער אָבער אין האַרצן געווען שטאַרק דאַנקבאַר זיין זונס פּאַרטיי חברים, פאַר דער הילף, וואָס זיי האָבן אים צוגעטראָגן די גאַנצע צייט פון זיין קראַנקהייט. ער האָט געזען מיט וואָס פאַר אַ מסירת נפש און געטרייקייט זיי האָבן זיך פאַרנומען מיט זיין זון און ער האָט דעריבער נישט געוואָלט זיי שטערן.

די חברה קדישא־לייט זענען געווען איינגעשפּאַרט, ביז זיי האָבן געקראָגן צוגעשיקט אַן אולטימאַטום, אין וועלכן די פּאַרטיי־חברים האָבן זיי געשטעלט אַ באַדינג, אַז אויב זיי וועלן אין משך פון אַ האַלבער שעה נישט מאַכן אַלע הכנות צו דער לוויה וועלן עס די חברים אַליין אַדורכפירן. סוף־כל־סוף האָט די חברה קדישא מסכים געווען און אונטערגעגעבן זיך דער פּאַרטיי, אָבער גלייכצייטיק האָבן זיי אויך אַרויסגערופן פּאָליציי.

די לוויה איז פאַרגעקומען שפּעט נאָכמיטאָג, די מיטה פון בר־מינן איז צוגעדעקט געוואָרן מיט דער רויטער פאָן און ביים אָפענעם קבר זענען די חברים געשטאַנען מיט אַנטבלויזטע קעפּ, מען האָט געהאַלטן רעדעס, אין וועלכע עס איז אונטערגעשטראָכן געוואָרן, אַז נאָר צוליב דעם שווערן עקאָנאָמישן לעבן גייען מענטשן אַוועק אַזוי יונג פון דער וועלט. פאַרשטייט זיך, אַז די רעדעס וואָלטן געווען פיל שאַרפער ווען נישט די אַנוועזנהייט פון דער פּאָליציי. דער פּאָליציאַנט האָט פאַרשטאַנען יידיש און האָט זיך צוגעהערט צו יעדן וואָרט, וואָס איז געזאָגט געוואָרן ביים אָפענעם קבר.

נאָך די רעדעס האָבן אַלע אויפגעזונגען די פּאַרטיי־שבועה און דעם אינטער־נאַציאָנאַל, דערמיט האָט זיך פאַרענדיקט די לוויה, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מאַניפעסטאַציע פון אַרבעטער סאָלידאַריטעט און גרייטקייט צו קעמפן פאַר אַ שענער און בעסער לעבן.

**דוד איינעס**



**שמואל בן מאיר־דוד**

# בית״ר

כדי צו באַשרייבן די רייכע פאַרגאַנגענהייט פון דער בית״ר־אָרגאַני־זאַציע אין וואָיסלאָוויץ, איז נויטיק אַ פעדער פון אַן אויסגעצייכנטן שרייבער, וואָס זאָל קענען אַרומנעמען און שילדערן די פילפאַרביקע טעטיקייט, וואָס עס האָבן געפירט די יונגע בית״ר־מיטגלידער, די פּראָבלעמען, מיט וועלכע עס איז זיי אויסגעקומען צו ראַנגלען זיך און די דער־גרייכונגען, וואָס זיי האָבן צו פאַרצייכענען. דאָ וועל איך זיך באַמיען צו פאַר־צייכענען בלויז אייניקע מאָמענטן פון דער דאָזיקער רייכער טעטיקייט.

עס איז מיר שוין היינט שווער צו דערמאנען זיך גענוי די דאַטע ווען עס איז געגרינדעט געוואָרן דער בית״ר אין אונדזער שטעטל. אויב איך בין זיך נישט טועה איז עס געווען אין יאָר 1928. נאָך די לינקע פּועלי־ציון איז בית״ר געווען די ערשטע ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע אין וואָיסלאָוויץ, וואָס האָט זיך אונטערגענומען צו אנטוויקלען און פאַרשפּרייטן די ציוניסטישע אידעען אין אונדזער שטעטל. דאָס האָט נישט געהערט צו די גרינגע זאַכן. קודם־כל דאַרף מען געדענקען די אַטמאָספער, אין וועלכער עס איז דעמאָלט אויסגעקומען צו פאַרמעסטן זיך מיט די פרומע יידן אין שטעטל. סטייטש! עפענען אַ לאָקאַל, ווו עס זאָלן זיך צונויפקומען יינגלעך מיט מיידלעך? דאָס האָט אויסגעזען אַן אוממעגלעכע זאַך.

כדי אונטערצושטרייכן די דאָזיקע אַטמאָספער איז כדאי צו דערמאנען דעם פאַל ווען עס איז אין יענער צייט געקומען אין אונדזער שטעטל אַ פאָרשטייער פון קרן־קיימת און האָט אין שול צווישן מנחה און מעריב גערעדט וועגן דער וויכטיקייט פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע און וועגן די גרויסע צילן וואָס זי האָט זיך געשטעלט. אין שול האָט עס געקלונגען ווי אַ דרשה, אָבער ווען ער איז דערנאָך אַוועק רעדן אין לאָקאַל פון דער תרבות־ביבליאָטעק, האָט עס אָנגעהויבן קאָכן צווישן די חסידים. עס האָט זיך געטומלט אויף טיש און אויף בענק: אַזאַ נבלה

זאָל אָפּגעטון ווערן אין אונדזער שטעטל?... נאָכן רעדן אין שול זאָל אַ ייד אַוועקגיין אין אַ לאָקאַל ווו עס קומען זיך צונויף מענער מיט ווייבער און דאָרט פאַר זיי דרשנען?!

צענדליקער חסידים האָבן זיך אַ לאָז געטון צום לאָקאַל, גרייט אין זייער גרויסן צאָרן חרוב צו מאַכן און דורסן יעדן וואָס וועט זיך זיי קעגנשטעלן. די ידיעה איז גיך דערגאַנגען צו די פאַרזאַמלטע און נאָך איידער די חסידים זענען צוגעקומען צום לאָקאַל זענען זיך אַלע צעלאָפן. די פאַרזאַמלונג איז דורכגעפאַלן און דער פאַרשטייער פון קרן־קיימת האָט אויף צומאָרגנס געמוזט אַוועקפאָרן נישט באַווייזנדיק צונויפצוזאַמלען אפילו אַ פרוטה.

מען קען זיך דערפאַר פאָרשטעלן ווי שווער עס איז געווען צו אָרגאַניזירן די יוגנט אין אַזאַ אַטמאָספער. דאָך האָבן זיך געפונען יוגנטלעכע מיט איניציאַטיוו און איבערגעבנקייט, וועלכע האָבן אויך זיך גענומען די דאָזיקע שווערע אויפגאַבע. דאָס זענען געווען בונים סייקעוויטש, הערש שאָר, משה היפשמאַן און, יבדל לחיים ארוכים, נחום ווארמאַן, וועלכער איז געווען דער ערשטער מפקד פונעם קן. ער געפינט זיך היינט אין חיפה.

זיי זענען גלייך צוגעטרעטן פירן אַ פאַרטיפטע טעטיקייט צווישן דער יוגנט און נאָך אַ קורצער צייט האָבן זיי צוגעצויגן אַ גרעסערע צאָל חברים, וועלכע זענען געוואָרן דורכגעדרונגען מיט דער אידעאָלאָגיע פון בית״ר (ברית יוסף תרומפלדור), וואָס איז אייגנטלעך געווען זייער אַ פּשוטע: די שטרעבונג אויפצושטעלן אַ יידישע מדינה אין ארץ־ישראל פון ביידע זייטן ירדן. אויך די אויספירן האָט מען נישט געדאַרפט זוכן אין אַ פלאַנטער פון פרעמדע אידעאָלאָגיעס. זיי זענען געווען פּשוט און פאַרשטענדלעך פאַר יעדן איינעם און אפשר דערפאַר האָט די אידעע באַקומען אַזאַ טיפן אָפּקלאַנג צווישן דער יוגנט אין אונדזער שטעטל און האָט אויך באַוויזן צו קאָנצענטרירן ארום זיך אַ סך דערוואַקסענע פּשוטע מענטשן און אינטעליגענץ.

דער אָפּקלאַנג פון די טעטיקייטן, וואָס עס האָבן געפירט די יידישע באַטאַל־יאָנען בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין באַפרייען ארץ־ישראל פון די טערקן, האָט אָפּגעהילכט אויך אין אונדזער שטעטל. עס איז דערגאַנגען צו אונדז דער רוף פון זאב זשאַבאָטינסקי, אַז די יידן זאָלן זיך אויס־לערנען פאַרטיידיקן זייער נאַציאָנאַלן כבוד.

די וואָיסלאָוויצער יוגנטלעכע מיטגלידער אין בית״ר האָבן זיך באַקענט מיט דער געשיכטע פון ציוניזם, מיט דער געאָגראַפיע פון ארץ־ישראל און מיט דער געשיכטע פון די קאַמפן, וואָס עס האָט געפירט דער יידישער לעגיאָן אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.




**קבוצת בית״ר — אַ גרופּע בית״רניקעס**

פשוטה בתכלית היתה האידיאולוגיה של בית״ר: השאיפה להקים מדינה יהודית בארץ־ישראל משתי גדות הירדן. גם המסקנות היו פשוטות ומובנות ללבות ולנפש הצעירים בעיירתנו שפיתחו פעולה ענפה עד שעלה הכורת על כל העיירה.

די אידעאָלאָגיע פון בית״ר האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר פשטות: די שטרעבונג אויפצושטעלן אַ יידישע מדינה אן ארץ־ישראל פוןביידע זייטן ירדן. אויך די אויספירן זענען געווען פשוט, פאַרשטענדלעך דעם מוח און געפיל פון די יוגנטלעכע אין אונדזער שטעטל און זיי האָבן אנטוויקלט אַ פאַרצווייגטע טעטיקייט ביז עס איז געקומען דער חורבן.

די אָנפירונג פון בית״ר האָט אין דער זעלבער צייט געווידמעט אַ סך אויפמערקזאַמקייט דער גייסטיקער צוגרייטונג פון דער יוגנט, געלערנט אויך די אַלגעמיינע יידישע געשיכטע. דאָס איז געווען די איינציקע יידישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך צוגעפּאַסט אויף דעם מיליטערישן גייסט, דורכגעפירט אין דער פּראַקטיק מיליטערישע איבונגען, מיט וועלכע עס האָבן אָנגעפירט דערפאַרענע אינסטרוקטאָרן. די בית״ר אָרגאַניזאַציע האָט אויך געפירט אַ סיסטעמאַטישע קולטור טעטיקייט, וואָס איז קאָאָרדינירט געוואָרן צוזאַמען מיט דעם קולטור־קאָמיטעט ביי דער תרבות־ביבליאָטעק. אונטער דער אָנפירונג פון אברהם וויניאזש, וואָס איז שפּעטער געוואָרן מפקד הקן, איז אויך אָרגאַניזירט געוואָרן אַ דראַמאַטישער קרייז, וואָס האָט אויסגעפירט פאַרשידענע איינאַקטערס פון ארץ־ישראלדיקן לעבן. די דאָזיקע פאָרשטעלונגען האָבן געהאַט גרויס דערפאָלג.

ביסלעכווייז איז די בית״רישע טעטיקייט אַריינגעדרונגען אויך אין די פרומע הייזער. דורך אַ שטילער אָבער עקשנותדיקער אויפקלערונגס־טעטיקייט איז פאַר אַ סך פרומע יידן קלאָר געוואָרן, אַז די אידעע פון ציוניזם און אַ יידישע מלוכה איז נישט שעדלעך פאַרן דת און איז נישט קעגן רעליגיעזער פרומקייט.

עס איז דערגאַנגען דערצו, אַז דער בית״ר האָט זיך געקענט דערלויבן דורכצופירן אַ גרויסע כ׳ תמוז־פייערונג, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט אויך עלטערע ציוניסטן. די יוגנט האָט מאַרשירט איבער די גאַסן אין שול אַריין אין די בית״ר־אוניפאָרמען. דאָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַן איבערקערעניש אין דער פסיכאָלאָגיע פון די יידן אינעם קליינעם שטעטעלע.

צום ערשטן וועלט־כינוס פון בית״ר, וואָס איז פאָרגעקומען אין דאַנציג, האָט דער בית״ר פון וואָיסלאָוויץ געשיקט אַלס דעלעגאַט נחום וואַרמאַן.

נאָכן אַוועקפאָרן פון נחומס פאַמיליע קיין לובלין איז דער בית״ר געבליבן אָן אַ פירער. קאַנדידאַטן אויף מפקד הקן זענען נישט געווען קיין סך און די זיצונגען פון דער מפקדה זענען אין יענער צייט געווען שטורמישע. עס איז שווער געווען צו קומען צו אַ באשלוס ועמען אויסצוווילן אַלס מפקד הקן.

אין יענע טעג האָב איך זיך גענומען אַרומטראָגן מיט דעם געדאַנק, וואָס האָט אין אָנהויב אויסגעזען אויך פאַר מיר אַליין אויסטערליש און איך האָב נישט געוואָגט אַרויסצוטרעטן עפנטלעך מיט דער קאַנדידאַטור. איך האָב זיך מיט מיין געדאַנק פאַרטרויט פאַר קאָפּל קאַץ ויבדל לחיים ארוכים, שלמה באָריק. איך האָב זיי פאָרגעשלאָגן אַז מיר זאָלן נעמען אויף זיך די איניציאַטיוו און אַריינגיין צום ד״ר זילבערמאַן, וועלכן מיר האָבן געקענט אַלס טיף־נאַציאָנאַלן ייד און אים פאָרלייגן, ער זאָל ווערן דער מפקד הקן. זיי איז דער געדאַנק געפעלן, אָבער ווי אַזוי טוט מען דאָס? ווידער דאַרף מען זיך דערמאָנען די אַטמאָספער פון יענער צייט אין אונדזער שטעטל, ווי אַזוי מען האָט געקוקט אויף אַ דאָקטאָר, וועלכער האָט פאַרנומען די העכסטע פּאָזיציע און אַלע האָבן אויף אים געקוקט פון אונטן אַרויף און עס האָט זיך דערפאַר געפאָדערט אומגעהויערע דרייסטקייט פון אונדז, דריי פשוטע יינגלעך, צוצוגיין צו אים און פאָרלייגן אים איבערצונעמען די אָנפירונג איבער די יוגנטלעכע פון בית״ר.

נאָך גרויסע ראַנגלענישן האָבן מיר ענדלעך זיך אָנגענומען מיט מוט און אין דרייען זענען מיר צוגעגאַנגען צו זיין הויז, אָבער צוקומענדיק צו דער טיר זענען מיר ווידער געבליבן שטיין אָנפהענטיקע און פאַרלוירן די געוואַגטקייט. אַזוי האָט עס געדויערט אַ געוויסע צייט אין וואַקלעניש. דער פריערדיקער מוט איז פאַרשוווּנדן און מיר האָבן שוין באַשלאָסן אַוועקצוגיין, אָבער אין דער לעצטער רגע האָט שלמה באָריק אַ קלאַפּ געטון אין טיר און דערשרעקנדיק זיך פאַר דער אייגענער טאט האָט ער שוין געוואָלט אַוועקגיין. אָבער איך, דער עלטסטער פון די דריי יינגלעך, האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס וועט זיין זייער נישט שיין. איך האָב זיך שנעל דעצידירט און אָפּגעהאַלטן מיינע חברים פון אַוועקגיין.

אויף דער שוועל האָט זיך באַוויזן דער דאָקטאָר זילבערמאַן, אַ גוטער

אַ ין פריינדלעכער מענטש, האָט ער באַמערקט אונדזער שעמעוודיקייט און אונדז אויפגענומען זייער וואַרעם. אין זיין קעגנוואַרט האָבן מיר אָנגעהויבן פילן עטוואָס פרייער. ער האָט צו אונדז גערעדט ממש פאָטערלעך, געפרעגט וואָס מיר פאַרלאַנגען. איך האָב קוים באַזיגט מיין שעמעוודיקייט און אים דערציילט, אַז מיר זענען בית־המדרש בחורים, וואָס זענען געוואָרן מיטגלידער אין בית״ר און פאַראַן ביי אונדז אַ שטאַרקער דורשט צו לערנען געשיכטע פון ציוניזם און פון ארץ־ישראל. מיר ווייסן זיין באהאוונטקייט און בקיאות אין די דאָזיקע ענינים און עס וואָלט פאַר אונדז געווען אַ גרויסע זאַך, ווען ער קומט כאָטש איינמאָל אין דער וואָך האַלטן פאַר אונדז אַ פאָרלעזונג.

מיט קלאַפּנדיקע הערצער האָבן מיר געוואַרט אויף זיין ענטפער און עס איז נישט געווען קיין גרענעץ צו אונדזער פרייד, ווען מיר האָבן באַקומען זיין הסכמה.

ד״ר זילבערמאַן האָט זיך גיך אַריינגעצויגן אין דער טעטיקייט פון אונדזער אָרגאַניזאַציע, איז געקומען נישט איינמאָל נאָר עטלעכע מאָל אין דער וואָך, און איז געוואָרן דער אָפיציעלער מפקד הקן.

ד״ר זילבערמאַן איז געווען ממש אַ קוואַל פון וועלטלעך־און יידיש־וויסן, עס האָט פון אים געשפּרודלט מיט ערודיציע און גייסטרייכקייט. אונדזער אָרגאַניזאַציע האָט זייער פיל פון אים געגאָכן. די חברים האָבן געפילט ווי עס עפענען זיך פאַר זיי נייע האָריזאָנטן. ער האָט אונדז באַרייכערט מיט זיין וויסן. ער האָט רעפערירט מיט אַ פיינעם סטיל, און אַלע האָבן מיר אים געהערט מיט גרויס אינטערעס. באַזונדערס האָבן זיך אויסגעצייכנט: ברכה האכלערער, יוסף לעווין שמואל וויגעל (שמואל כומקיס), שפּעטער געוואָרן פּרעלעגענטן און האָבן אָנגעפירט מיט דער פּאָליטישער און ליטעראַרישער טעטיקייט אין בית״ר. ביז היינט איז מיר געבליבן אין זכרון די ערשטע פאָרלעזונג פון שמואל וויגעל וועגן פּראָפעסאָר פישל שניאָרסאָנס בוך „די גרענאַדיר שטראַסע". שמ־אל וויגעל האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין אַנאַליטישן חוש און כוח צו רעפערירן מיט בילדערישער לעבעדיקייט. דער שיינער געבוי פון זיין רעפעראַט האָט אונדז דערפירט ביז באגייסטערונג און מיר האָבן זיך דעמאָלט געשטעלט טרערן אין די אויגן. דאָס זענען געווען טרערן פון פרייד און שטאָלץ מיט די דערגרייכונגען פון אונדזער חבר.

פאַר די אויגן שטעלן זיך מיר אַ סך ענלעכע בילדער, וואָס בעטן זיך צו שילדערן זיי. אַלץ זעט מיר אויס אַזוי וויכטיק און אינטערעסאַנט. עס ווילט זיך שרייבן וועגן דער אומלעגאַלער טעטיקייט פון בית״ר, מיט וועלכער עס האָט אָנגעפירט איטשעלע שיע משה שעפּסלס, ווען אונדזערע באַגעגענישן זענען פאַרגעקומען אין פּאָליש, ווו עס האָט געברויזט פון היציקע דיסקוסיעס מיט די

קעגנער פון בית״ר. די קעגנער זענען געווען: מעכל קאַץ, לייזער יעקל מאירס, וועלכע זענען געווען מזרחיסטן. עס זענען אויך געווען פאַרשטייער פון הנוער הציוני, ווי אברהמעלע שמואל ארעשעס א.א., וועלכע האָבן געפּרוּווט באַווייזן די ריכטיקייט פון זייערע רעליגיעז־ציוניסטישע אנשויאונגען, אָבער די מערהייט אין פאליש איז געווען אויף דער זייט פון איטשעלען, וועלכער האָט זיך אַרויס־געוויזן פאַר אַן אויסגעצייכנטן פאלעמיקער. צו הילף האָט ער געהאַט די חברים: אברהמעלע פישעלעס, משה ארעשעס, באזע וואלווישעס, שמחה שטיגליץ, יאַנקעלע דודיטשעכעס. דער יונגסטער צווישן זיי איז געווען משהלע איטשע שוחטס. געווען נאָך אַ סך אַנדערע וועמענס נעמען זענען מיר אַרויס פון זכרון.



**קבוצת חברי בית״ר בוויסלביצה — א גרופּע וואַיסלאָוויצער בית״רניקעס.**

דרשנו להפוך את ההכשרה הצבאית בארץ ובגולה ּחלק בלתי נפרד של התוכנית החינוכית הלאומית.

מיר האָבן געפאַדערט צו פארוואנדלעו די מיליטערישע צוגרייטונג אין לאנד און אין גלות אין אן אינטעגראלן טייל פון נאציאָנאלן דערציאונגס־פּראָגראם.

**שמואל בן מאיר־דוד**

חיים אבני (שטיין)



# אויף הכשרה

געענדיקט האָבן זיך מיינע קינדער־יאָרן ווען איך בין אַלט געוואָרן 14 יאָר און איך האָב געענדיקט די 7־קלאַסיקע שול. איך בין געבליבן שטיין על פרשת דרכים און נישט געהאַט קיין באַשטימטן ציל פאַר זיך. אַזאַ איז געווען די לאַגע אין אונדזער שטעטל. געוויינלעך האָט מען נאָכן ענדיקן די שול געדאַרפט גיין לערנען אין בית המדרש אָדער ווען דאָס איז געווען אַ קינד פון אַן אַרבעטער־משפחה, איז ער געגאַנגען לערנען אַ פאַך. גאָר זעלטן האָט געטראָפן, אַז אַ יינגל זאָל פאָרן לערנען אין אַ גרעסערער שטאָט, אין ישיבה אָדער אין גימנאַזיע. אין שטעטל איז קיין מיטל־שול נישט געווען.

מיך האָט נישט געצויגן צו גיין לערנען אין בית המדרש און איך האָב אויך נישט פאַרשטאַנען די וויכטיקייט פון לערנען וועלטלעכע לימודים. גיין לערנען אַ פאַך איז נישט געווען פאַסיק פאַר אַ זון פון באַלעבאַטישע עלטערן און איך האָב זיך דערפאַר אַרומגעדרייט פוסט־און־פאַסט. גאָרנישט געטאָן, נישט געלערנט און נישט געאַרבעט.

זייענדק אַ בן־יחיד ביי מיינע עלטערן בין איך געווען אויסגעצערטלט און אויסגעציטערט. מיין מוטער האָט געהיטן מיין יעדן טראָט, דאָרט זאָל איך נישט גיין און מיט יענע זאָל איך נישט רעדן, נישט חברן זיך. דערפאַר טאַקע האָב איך מיין פרייע צייט אָנגעהויבן פאַרברענגען אין רעסטאָראַן ביים זיידן זושע. מיך האָט מער געצויגן צו זיין ביים זיידן ווי אין אונדזער רעסטאָראַן. מיין זיידע־באבע זענען שוין געווען אַלטע־לייט און איך האָב געפילט, אַז מיין הילף פאַר זיי איז באמת נוצלעך. איך פלעג דערלאַנגען די געסט דאָס עסן און ווען עס איז קיינער נישט געווען האָב איך איבערגעפאַרבט די טירן און פענצטער, די בופעטן און געזען, אַז עס זאָל זיין אַלץ, ווי עס האָבן געפאָדערט די סאַניטאַרע אינספעק־טאָרן. ווען מען האָט געדאַרפט בין איך אַרויף אויפן דאַך און פאַריכטן די פליגל פון דער סוכה. איך בין געווען פול מיט ענערגיע און דער זיידע האָט מיך געלערנט ווי אַזוי צו האַלטן אַ האַמער אין האַנט. ער האָט געהאַט אַ באַזונדערן חוש פאַר

פֿאַרשידענע אַרבעטן. ער איז געווען באַקאַנט מיט זיינע קענטעניש אין פֿאַרשידענע מלאכות. ווען עס האָט זיך עמיץ אין שטעטל געגרייט צו בויען אַ הויז איז מען געקומען זיך האַלטן אַן עצה מיטן זיידן און לויט זיינע אָנווייזונגען האָט מען געבויט און איינגעאָרדנט פֿאַרשידענע איינריכטונגען.

דער זיידע איז געווען אַ שטרענגער ייִד און דאָך האָב איך זיך צו אים שטאַרק צוגעבונדן. ער האָט מיך אומעטום מיטגענומען און זיך צו מיר באַצויגן ווי צו אַ דערוואַקסענעם. אַמאָל האָט ער מיך מיטגענומען אויפֿן בית־עולם און געמאַכט מיט מיר די חשבונות פֿון די פֿרייע פּלעצער... ער האָט געליטן פֿון דעם, וואָס דער פּלויט פֿון בית־עולם איז צעבראָכן און די אַרומיקע פּויערים פֿירן אַהין פּאַשען זייערע בהמות. דער זיידע איז געווען דער פֿאָרזיצער פֿון דער חברה קדישא און די זאָרג פֿאַר אַ נייעם פּלויט האָט אים נישט געלאָזט רוען, אָבער קיין געלט איז נישט געווען און דעם צער זיינעם פֿלעגט ער אויסרעדן פֿאַר מיר.

דאָס ליידיקגיין האָט מיך מיט יעדן טאָג אַלץ מער געמאַטערט. כ׳האָב פֿאַרשטאַנען, אַז עס איז נישט קיין תכלית אַרומצוגיין ליידיק און נישט טראַכטן וועגן דער צוקונפֿט. דאָס צייטווייליקע העלפֿן דעם זיידן אין רעסטאָראַן האָט מיך נישט באַפֿרידיקט. איך האָב גענומען באַגרייפֿן, אַז פֿאַר אַזאַ יונגן בחור ווי איך זענען באַשטימט אַנדערע ערנסטע אויפֿגאַבן, אָבער איך האָב זיך נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון וועגן עפּעס אַ קאָנקרעטער טעטיקייט, וואָס זאָל מיר געבן אַ ציל אין לעבן.

אין שטעטל האָט דעמאָלט געפֿירט אַ לעבהאַפֿטע טעטיקייט דער בית״ר. איך האָב געהערט צו די סימפּאַטיקער, בין געקומען אַהין אין די אָוונטן, אינטערעסירט זיך מיט די פּראָבלעמען, וואָס די יוגנט האָט זיך געשטעלט פֿאַר אַן אויפֿגאַבע צו לייזן. אָבער דאָס אַלץ איז נישט געווען גענוג צו געבן אַן אינהאַלט מיין לעבן. איך האָב געגאַרט נאָך אַ טעטיקייט, וואָס זאָל אויספֿילן מיינע טעג פֿון אַ גאַנץ יאָר.

אין יאָר 1936 איז אין שטעטל געקומען אויף אַ באַזוך צביה לובעטקין, וועלכע איז שפּעטער באַרימט געוואָרן ווי אַ מיטגליד פֿונעם שטאַב פֿון די אויפֿשטענדלער אין וואַרשעווער געטאָ. דעמאָלט איז זי געווען אַ מיטגליד פֿון דער צענטראַלע פֿון דער החלוץ־אָרגאַניזאַציע און קיין וואָיסלאָוויץ איז זי געקומען זיך באַקענען מיט דער ארבעט פֿון אָרטיקן החלוץ. באַלד ביים אַריינקומען אין שטעטל האָט זי זיך אָפּגעשטעלט אין מיין זיידנס גאַסטהויז. איך האָב איר דערלאַנגט צום טיש און שפּעטער האָט זי מיך געבעטן איך זאָל זי צופֿירן צום מזכיר פֿון „החלוץ״. איך האָב עס גערן געטון און בין מיט איר צוגעגאַנגען צו הערש־

בער שפּולער, וואָס האָט דעמאָלט אָנגעפירט מיטן „החלוץ" אין וואָיסלאָוויץ. אויפן וועג צו אים האָט זיך צביה פאַראינטערעסירט וועגן וואָס עס טראַכט די יוגנט אין שטעטל, אויסגעפרעגט מיך ווי אַזוי איך לעב דאָ, וואָס מיר טוען אין די אָוונטן און זי האָט מיך אָנגעהויבן צורעדן, אַז איך זאָל פאָרן אויף הכשרה. זי האָט גערעדט זייער וואַרעם און איבערצייגנדיק, אויפגעקלערט מיר, אַז דאָס אַרומגיין פּוסט־און־פּאַסט דערפירט צו וועגעטאַציע, מען זעט נישט פאַר זיך קיין צוקונפט און מען פאַרלירט דעם באָדן אונטער די פיס. זי האָט פאַר מיר געשילדערט דאָס לעבן אין קיבוץ, אין אַ לעבנסלוסטיקן אידעאישן קאָלעקטיוו, וואָס גרייט זיך צו אַן אינהאַלטספול לעבן אויף אייגענע ערד און נאָכן דורכמאַכן די הכשרה איז מען עולה קיין ארץ־ישראל. אירע קלאָרע רייד און די באַגייסטערונג, מיט וועלכער זי האָט געשילדערט די אידעאַליסטישע יוגנט, האָט מיך אָנגעשטעקט און איך האָב זיך טיפער פאַרטראַכט איבער איר פאָרשלאַג. צביה האָט מיר געזאָגט איך זאָל זיך דערווייל איינשרייבן אין „החלוץ" און ווען איך וועל באַשטימען צו פאָרן אויף הכשרה זאָל איך קומען קיין וואַרשע, אין מרכז און זי וועט מיך איינאָרדענען אין גראָכאָווער קיבוץ. זי האָט מיר געגעבן דעם אַדרעס, וווּ איך וועל זי דאַרפן אויפזוכן.

אירע רייד האָבן אין מיר געמאַכט אַן איבערקערעניש. איך האָב אָנגעהויבן אַנדערש קוקן אויף אַלעם אַרום מיר און ביסלעכווייז איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן דער גרויסער זין פון צביה לובעטקינס פאָרשלאַג. כ'האָב מיין צוקונפט געזומען זען אין אַנדערע קאָלירן און געפילט, אַז איך באַקום אַ ציל אין לעבן און דער בעסטער איסוועג פאַר מיר וועט זיין די עליה קיין ארץ־ישראל.

ווען איך האָב אָנגעהויבן רעדן אין שטוב וועגן פאָרן אין קיבוץ, האָבן די עלטערן נישט געוואָלט הערן וועגן דעם. דער געדאַנק האָט אָבער מיך נישט אָפּגעלאָזט און איך האָב אָנגעוואַנדן אַלע מיטלען איבערצוצייגן מיינע עלטערן זיי זאָלן מסכים זיין. עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן און איך האָב באַשלאָסן אַוועקצופאָרן אָן זייער הסכמה.

אין אַ געוויסן טאָג אין יאָר 1937, ווען מען האָט מיך געשיקט קיין כעלם באַשטעלן ביר פאַר אונדזער רעסטאָראַן, האָב איך מיטגענומען מיט זיך אַ קליין פּעקל מיט די נויטיקסטע זאַכן און בין פון דאָרט אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע, וווּ איך האָב אויפגעזוכט צביהן און זי איז מיט מיר גלייך אַוועקגעפאָרן קיין גראָכאָוו און מיך איינגעאָרדנט אינעם קיבוץ.

דער קיבוץ אין גראָכאָוו האָט פאַרנומען אַ גרויסן 4־שטאָקיקן בנין, וווּ עס האָבן געוווינט די מיטגלידער פון קיבוץ. חוץ דעם האָבן צום קיבוץ אויך

געהערט אַ גאַנצע ריי בנינים, וואָס זענען געווען נייטיק פֿאַר דער לאַנדווירטשאַפֿט, פֿאַר באַאַרבעטן די אַלע פֿעלדער, וואָס האָבן געהערט צום קיבוץ. מיין ערשטע אויפֿגאַבע איז געווען פֿון אַ חצרן און מיין אַרבעט איז באַשטאַנען פֿון אַרויסגעבן עסן פֿאַר די פֿערד און בהמות, אַכטונג געבן, אַז די מאַשינען פֿאַר פֿעלד־אַרבעט זאָלן זיך געפֿינען אין אַ גוטן צושטאַנד און נישט ווערן פֿאַרנאַכלעסיקט און פֿאַר־געסן אויף די פֿעלדער. דעמאָלט ווען מען האָט זיי געמוזט איבערלאָזן אין פֿעלד האָב איך געמוזט זאָרגן, אַז זיי זאָלן ווערן גוט פֿאַרדעקט און געהיטן, אַז די שכנותדיקע פּויערים זאָלן זיי נישט קענען אַוועקגנבענען. אין די פֿאַרנאַכטן האָב איך געפֿלעגט אַרויסרייטן אויף אַ פֿערד, קאָנטראָלירן ווי עס זעען אויס די מאַשינען וועלכע מען האָט איבערגעלאָזט אין פֿעלד און צי עס דראָט זיי נישט קיין שום געפֿאַר.

אין דאָזיקן קיבוץ האָט זיך אין יענער צייט געפֿונען אויך בעלא מיטלמאַן. זי האָט געאַרבעט ביי די בלומען און האָט ביי איר אַרבעט אַרויסגעוויזן אַ סך פֿעאיקייטן און אויף די זיצונגען האָט מען פּאָזיטיוו און טיילמאָל אויך באַוווּנדערט איר קענטשאַפֿט.

ביסלעכווייז האָב איך זיך דערנענטערט צו דער חברה אין קיבוץ, דערקענט זייערע כאַראַקטערס און שטאַרק געפֿיל פֿאַר חברשאַפֿט. אויך מיין אַרבעט איז מיר געווען צום האַרצן און איך האָב זיך אין איר אויסגעצייכנט געפֿילט. דאָס האָט מיר געגעבן די זיכערקייט אַז איך האָב געפֿונען מיין אָרט אין לעבן.

נאָך עטלעכע טעג זיין אין קיבוץ האָב איך געשריבן אַ בריוו צו מיינע עלטערן, דערציילט זיי ווו איך געפֿין זיך, אָבער דערביי בין איך געווען פֿאָרזיכטיק נישט צו שרייבן זיי דעם אַדרעס פֿון מרכז אין וואַרשע. נאָך עטלעכע טעג אַרום איז מיין מוטער געקומען צו פֿאָרן קיין וואַרשע און האָט גלייך אַליין געפֿונען דעם אַדרעס פֿון מרכז. צביה לובעטקין האָט זי געבראַנגט צו פֿירן קיין גראָכאָוו. זי איז געקומען מיט מיין מאַמען אין דער צייט פֿון מיטאָג, ווען דער גרויסער עסזאַל איז געווען פֿול מיטן געלעכטער פֿון דער פֿריילעכער חברה, וואָס האָט געגעסן מיט גרויס אַפּעטיט. און דער יונגער טומל האָט אָנגעפֿילט די לופֿט און אָנגעשטעקט יעדן אַריינקומענדיקן. מיין מוטער איז געבליבן שטיין אַן איבעראַשטע פֿונעם דאָזיקן בילד. זי האָט דערזען מיין פֿריילעך־אָפּגעברענט פּנים און האָט זיך נישט געקענט אָפּוווּנדערן פֿון מיין אַפּעטיט, מיט וועלכן איך האָב אויפֿגע־געסן דאָס מיטאָג. אין דער היים איז זי געווען געוווינט צו האָדעווען מיך מיט ספּעציעלע מאכלים און זי האָט מיך געקענט פֿאַר אַ שוואַכן עסער. און דאָ האָט זי געזען זיצן ביי די געוויינלעכע עסנס און באַסמאַקעווען זיך ווי עס וואָלט קיין בעסערס נישט עקזיסטירט.

דאָס האָט אויף איר געווירקט איבעראַשנדיק און זי האָט אין די ערשטע מינוטן נישט געפונען דאָס לשון ווי אַזוי אָנצוהייבן צו פאָדערן איך זאָל מיט איר צוריק אַהיימפאָרן. אָבער ביסלעכווייז איז זי געקומען צו זיך און גענומען מיך צורעדן, איך זאָל נישט אָנטאָן קיין צער טאַטע־מאַמע און צוריק אַהיימפאָרן.

איך בין געווען דעצידירט צו בלייבן אין קיבוץ, אָבער איך האָב עס דער מאַמען נישט געוואָלט זאָגן מיט דער גאַנצער האַרבקייט. איר צער האָט מיר פאַרקוועטשט ביים האַרצן. כ'האָב בלויז געפרוווט זי באַרואיקן און אויפווייזן, אַז מיר איז דאָ גוט און איך האָב דאָ אויסזיכטן צו ווערן אַ מענטש מיט לייטן גלייך און נישט דאַרפן אַרומדרייען זיך אין שטעטל פוסט־און־פּאַסט ווי אַ ליידיקגייער. די חברים פון מזכירות האָבן די מאַמען איינגעלאַדן אויף אַ שמועס און איר איבערגעגעבן וועגן מיינע גרויסע דערפאָלגן אין דער אַרבעט, געגעבן איר צו פאַרשטיין, אַז מיין זיין אין קיבוץ איז פאַר מיר אַ טובה, ווייל איך אַנטוויקל זיך דאָ עיזיש און גייסטיק. ביסלעכווייז האָט דאָס איין אָנגעהויבן צו צעגיין. די רייד פון די חברים האָבן ביי מיין מאַמען אַרויסגערופן צוטרוי. איך האָב געזען ווי זי קוקט מיט ליבשאַפט אויף די יוגנטלעכע, וואָס רעדן אַזוי האַרציק און אַזוי וואַרעם וועגן איר זון. זי האָט געזען, אַז אירע רייד וועלן גאָרנישט העלפן און האָט בלית ברירה מסכים געווען, אַז איך זאָל בלייבן נאָך צוויי וואָכן און דערנאָך זיך אומקערן אַהיים. איך האָב געשוויגן, אָבער אין האַרצן האָב איך שוין דעמאָלט געוווּסט, אַז איך וועל דעם קיבוץ נישט פאַרלאָזן.

מיין אַרבעט אין קיבוץ האָב איך מיט יעדן טאָג אַלץ מער ליב באַקומען און נאָך אַ קורצער צייט בין איך געוואָרן דער הויפּט־חצרן און דער אויפזעער ביים פלעגן ראַבאַרבער, אַ קולטור, וואָס האָט געפאָדערט אַ סך אויפמערקזאַמקייט און איז געווען דער הופּט־פּראָדוקט אין אונדזער גרינצייג־ווירטשאַפט, האָט זיך זייער גוט פאַרקויפט און איך האָב זיך דערפאַר גאָר ערנסט פאַרנומען דערמיט. איך בין אויך געפאָרן איינקויפן שפּייז פאַר די בהמות, געזאָרגט אויך פאַרן האָדעווען די הינער און אנגאָראַ־קראָליקעס, וואָס האָבן אונדז געבראַכט גרויסע הכנסות.

די אַרבעט אין אונדזערע ווירטשאַפטן איז געווען גוט אָרגאַניזירט און עס זענען געבליבן אַזעלכע, וועלכע מען האָט געקענט אַרויסשיקן אויף אויסערלעכע ארבעט, עבודות חוץ, אין טאַרטאַקן, צום טריקענען האָלץ, וואָס איז געגאַנגען אויף געווער און אַנדערע אַרבעטן.

פון פריען באַגין ביז שפּעט אין אָוונט איז דער טאָג געווען אויסגעפילט מיט פאַרשידענע אַרבעטן און קולטור־טעטיקייטן. אין די פאַרטאָג־שעהן האָבן מיר דורכגעמאַכט קורסן ווי אַזוי צו באַגיין זיך מיט געווער. מיר האָבן אויך

געלערנט דזשודא. מיט די קורסן האָבן אָנגעפירט אינסטרוקטאָרן פון דער אָרגאַני־זאַציע פאַר מיליטערישער צוגרייטונג (פּ.וו.).

דאָס לעבן אין קיבוץ איז מיר געווען שוין אַזוי ליב און נאָענט, אַז איך האָב נישט געטראַכט פון פאָרן אַהיים, אָבער די גאַנצע צייט האָב איך באַקומען בריוו פון דער מאַמען, אין וועלכן זי האָט געשריבן וועגן איר בענקעניש און באַדויער, פאַרוואָס איר איינציקער זון איז אַוועק פון שטוב. די בריוו האָבן מיך שטאַרק גערירט, אָבער איך האָב געוווּסט, אַז איך דאַרף זיין שטאַרק און אין מיינע ענטפערס צו דער מאַמען און טאַטן, האָב איך זיך באַמיט אויפצוקלערן איר דעם גרויסן נוצן, וואָס עס ברענגט מיר דאָס זיין אין קיבוץ. איך האָב זיי דערמאַנט מיין ליידיקגיין און פּוסט־און־פּאַסעווען אין דעם שטעטל, ווו עס איז נישטאָ וואָס צו טון פאַר אַזאַ בחור ווי איך. איך ווייס נישט ווי אַזוי מיינע בריוו האָבן געווירקט אויף די עלטערן, אָבער איך האָב געפילט ווי אין יעדן בריוו פון דער מאַמען ווערן אירע פאָדערונגען אַלץ שוואַכער. זי האָט אַלץ מער שלום־געמאַכט מיטן גורל און אפשר האָט זי זיך אויך געפרייט פון מיינע שילדערונגען ווי גוט איך פיל זיך, ווי איך בין אַלץ מער און מער דורכגעדרונגען מיטן אידעאַל פון אַ יידיש־נאַציאָנאַלער היים.

פּונקט ווי פון דער אַרבעט, בין איך אויך פאַרכאַפּט געווען פון דער געזעל־שאַפטלעכער טעטיקייט אין קיבוץ. אין די בריוו צו מיינע חברים אין שטעטל, בעיקר צו יהודה־לייב ראָזענבוים, וואָס האָט געהאָלפן זיין פאָטער ביי שניידעריי, האָב איך אויך געשריבן וועגן דעם אינטערעסאַנטן און פריילעכן לעבן אין קיבוץ. יהודה־לייב האָט מיר אָפט געשריבן ווי אַזוי עס זעט אויס אין שטעטל. ער איז געווען אַקטיוו אין „החלוץ הצעיר" און האָט אַליין אויך געחלומט פון קומען אויף הכשרה. עס האָט אים אָבער אָפּגעהאַלטן די זאָרג פאַר דער שטוב. ער האָט נישט געוואָלט איבערלאָזן אַליין דעם פאָטער, וואָס האָט זיך גענויטיקט אין זיין הילף. איך האָב זיך אויך דורכגעשריבן מיט אַנדערע חברים, מיט נחומלען, מיט אברהם־משהן. זיי האָבן מיר געענטפערט און דערציילט, אַז יעדער בריוו מיינער איז אַ געשעעניש צווישן דער חברה אין שטעטל און מען לייענט זיי צוזאַמען אין די שבתים, ווען מען קומט זיך צונויף. מיינע בריוו האָבן אָנגעצונדן די הערצער פון מיינע יונגע חברים און זיי האָבן מיר אין זייערע ענטפערס געשריבן ווי שטאַרק זיי שטרעבן צו קומען אויף הכשרה און דערנאָך עולה זיין קיין ארץ־ישראל.

נאָך אַ לענגערער צייט אין קיבוץ האָב איך באַקומען אורלויב אויף צוויי וואָכן און בין אַהיימגעפאָרן. אַלץ אין שטעטל האָט זיך מיר אויסגעוויזן קליין און לאַנגווייליק. נאָך אַ וואָך אַרומדרייען זיך אין שטעטל בין איך גלייך צוריק־געפאָרן אין קיבוץ.



חיים אבני מיט זיין פערד און וואַגן אויף הכשרה אין קיבוץ.

מיר ווייזט זיך אויס, אַז דאָס איז געווען די אינהאַלטסרייכסטע צייט אין מיין לעבן. אין יענעם עלטער איז די יוגנט צום אומרואיקסטן, פילבאַר אויף יעדער ענדערונג, וואָס קומט פאָר אין לעבן. מען דערפילט זיך פאַרייניקט און צונויפ־געגאָסן מיט גרויסע אידעען. ווו נאָך האָט מען אַזוי שטאַרק און מיט אַזויפיל התלהבות געלעבט פאַר אַן אידעאַל ווי אין קיבוץ?

זייענדיק אין קיבוץ איז מיר נישט איינמאָל געקומען אויפן געדאַנק דאָס לעבן אין וואָיסלאָוויץ, נישט איינמאָל בין איך געוואָרן דורכגענומען מיט בענק־שאַפט צו טאַטע־מאַמע, צו אַלע מיינע נאָענטע, צו חברים, אָבער מיר איז שווער געווען צו טראַכטן, אַז איך זאָל זיך אומקערן אויף צוריק און ווידער לעבן אין שטעטל, ווו אַלץ האָט זיך מיר אויסגעוויזן אַזוי אומעטיק און אויסזיכטלאָז.

אין די בריוו צו מיינע חברים אין וואָיסלאָוויץ האָב איך געשריבן, אַז עס איז פאַר מיר אַ גרויסער זכות צו זיין אין קיבוץ און עולה צו זיין קיין ישראל ווי אַ חלוץ. באַאַרבעטנדיק מיט דער לאָפּאַטע פרעמדע ערד האָבן מיר אָבער געהאַט די זיכערקייט, אַז דערמיט גרייטן מיר זיך צום באַזעצן אויף אייגענעם באָדן. דאָס העברעישע ליד האָט געהילכט צוזאַמען מיטן יידישן האַמער און קאָוואַדלע. אפילו ווען מיר האָבן נישט געגעסן צו דער זעט, האָבן מיר נישט געפילט קיין הונגער. די מאָראַלישע ווירדע האָט אין אונדז אויפגעוועקט פיזישע כוחות. איך האָב זיך דערפילט שטאַרקער ווי תמיד, אויסהאַלטעוודיקער, גרייט איבערצוטראָגן די שווערסטע מאַטערנישן פאַרן אויפבוי פון אונדזער נאַציאָ־נאַלער היים.



קבוצת החלוץ נפרדת מחברם העולה ארצה, עזריאל לקסמן ז״ל

דער קיבוץ איז געוואָרן מיין היים. אין קיבוץ האָב איך דערפילט די דינאַמישע אנגעלאָדנקייט פאַר גרויסע מעשים. אין מיינע שפעטערדיקע וואַנדערונגען און ראַנגלענישן מיט שוועריקייטן און געפאַרן האָט מיר דאָס פייער, וואָס איך האָב אין זיך אַרויסגעטראָגן פונעם קיבוץ געהאָלפן דאָס אַלץ גובר־זיין. די חברים אין קיבוץ זענען מיר געווען ווי ברידער, דורכגעדרונגען מיט איין און־דעם־זעלבן טרוים און מיטן זעלבן הייסן באַגער צו עליה.

אַ סך אַ סך איז מיר נאָך געבליבן צו דערציילן פון קיבוץ, פון מיין אומקערן קיין וואָיסלאָוויץ און ווייטאַגלעכן אַרויסרייסן זיך פון מיינע טאַטע־מאַמעס שטוב, כדי ווידער צו טרעפן זיך מיט מיינע חברים פון קיבוץ אין ווילנע ; וועגן די אויפגאַבן וואָס זענען אויף מיר אַרויפגעלייגט געוואָרן. כ׳האָב טייער באַצאָלט פאַרן אויספירן זיי, אָבער קיין שום פרייז איז נישט געווען צו־הויך, ווען איך האָב זיך געפילט ווי אַ טייל פונעם קיבוץ.

**חיים אבני**

**שלמה באַריק** / שיקאַגאָ



# מיינע פאליטישע אומוואנדלונגען

א העלפט פון מיין לעבן האָב איך פאַרבראַכט אין וואָיסלאַוויץ, מיין געבורטס־שטעטל, וווּ איך האָב געלעבט ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה אין יאָר 1939. אין יאָר 1921 האָב איך געלערנט אין וולאָדאַווע אין אַ ישיבה. דאָרט האָבן אויך געלערנט אהרון־יצחק שטיגליץ, אהרון זיידמאַן, פייוול האָכלערער און ישראל ראַפּ.

ווען איך בין צוריקגעקומען פון דער ישיבה אין שטעטל האָט אונדזער רב ר׳ יעקב־יצחק הלוי ציטרינבוים געלערנט מיט מיר אַ שיעור. דעמאָלט האָט צוזאַמען מיט מיר געלערנט אויך מאָטל גליק.

אין יענער צייט האָט זיך געשאַפן די צעירי אגודת ישראל. ביי דעם האָט אַרויסגעוויזן גרויס איניציאַטיוו און אַקטיוויקייט אברהם בוים, וואָלווישעס איידעם.

דער צענטער אין שטעטל איז פאַר אונדז געווען דער פאָליש, וווּ מען האָט יעדן טאָג געלערנט אַ שיעור גמרא. דאָרט האָבן געלערנט די בעסטע בחורים פון שטעטל. אין זכרון איז מיר געבליבן די נעמען פון משה קליינמינץ, בצלאל זאַנוועלעס (טענענבוים) און דוד שמואל אַרישעס.

יאָרן זענען מיר געזעסן און געלערנט. אין דער זעלבער צייט האָבן מיר געחלומט וועגן גרויסע אידעאַלן, וועגן שבת ציון און וועגן דער וווּנדערלעכער גאולה. מיט אַ צייט שפּעטער בין איך צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע אַריינגעטרעטן אין בית״ר, געזונגען אַנדערע ניגונים, אַנדערע לידער און אַרומגעגאַנגען מיט אַ הייסער שטרעמונג צו נעמען דעם אייגענעם גורל אין די הענט אַריין.

די פאַרוואַלטונג פון בית״ר איז דעמאָלט באַשטאַנען פון נחום וואַרמאַן, בונים סייקעוויטש און שמואל קאָרנפעלד. עס האָט אונדז פאַרכאַפּט די אידעע פון יידיש־מיליטער, פון אַ יידישער אַרמיי, וואָס וועט באַווייזן דער וועלט דעם יידישן כוח.

אין אַ קורצער צייט אַרום בין איך מיט נאָך עטלעכע חברים אַרויסגעטרעטן פון בית״ר און מיר האָבן געשאַפן אַן אָפּטיילונג פון הנוער הציוני, מיט וועלכער



**ועדת הקרן הקיימת לישראל**
עס שטייען: אריה רייז, דער איינציקער פון דער גרופע, וואָס איז געבליבן לעבן (רמת גן); יעקב היפשמאן, שמעון סייגעוויטש, הירש רייזבוים.
זיצן: וועלוול שטיין, לייזער בערגער, לייבל האכלערער.
אונטן: בצלאל טענענבוים און פייוול בערגער.
המציאות היהודית טפחה על נפשנו והולם פעמי הגאולה הדריך שלוות נעורינו וכן ראינו בנו ובבני דורנו נושאי יעוד היסטורי, אולם רק למעטים היה הכוח לעבור על פני התהום שבין עיירתנו לבין עליה ארצה.
אין יענער שווערער יידישערווירקלעכקייט איז אין שטעטל דערגאַנגען דער אָפּהילך פון די גאולה־טריט און מיר האָבן זיך דערזען ווי טרעגער פון היסטאָרישער באַשטימונג, אָבער בלויז איינצלנע האָבן געהאַט דעם כוח אַריבערצושפּרינגען דעם תהום צווישן שטעטל און עליה.

עס האָט אָנגעפירט לייבל רייז, יוסף טענענבוים און יעקב היפשמאן. אין הנוער הציוני האָבן מיר אַנטוויקלט אַ לעבהאפטע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט. מיט גרויס ברען האָבן מיר געטון די ציוניסטישע אַרבעט, געזאַמלט געלט פאַרן קרן־קיימת, אָרגאַניזירט פאָרלעזונגען און רעפעראַטן און אַגיטירט פאַר עליה.

ווי יונג מיר זענען געווען האָבן מיר זיך אָפּגעגעבן אַ קלאָרן חשבון וועגן דעם וועג, אויף וועלכן מיר דאַרפן גיין און דעם ציל, צו וועלכן מיר דאַרפן שטרעבן. מיר האָבן געוווּסט, אַז עס שטייען פאַר אונדז שווערע נסיונות. מיר האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון וועגן די פּערזענלעכע שוועריקייטן אין שטעטל, וועגן דעם קאַמף, וואָס מיר וועלן דאַרפן פירן מיט אונדזערע עלטערן און אויפקלערן זיי די גערעכטיקייט פון אונדזער וועג.

עס געדענקט זיך יענע פריסטע יוגנט, ווען מיר פלעגן זיך אַרויסלאָזן אין וואַלד אויף אַ באַראַטונג אונטערן פרייען הימל, צווישן די שמעקעוודיקע נאָדל־בוימער און פייגל־געזאַנג פון אַרום. מיר זענען געווען איבערצייגט אין דער

הייליקייט פון אונדזער אידעאַל, שאַפן אַ ייִדיש היימלאַנד און אַ מדינה. אַ היים־לאַנד, צו וועלכן יעדער ייִד וועט זיך קאָנען אומקערן און לעבן אין פולער פרייהייט ; אַ מדינה, וווּ דער ייִד וועט זיין דער באַלעבאָס איבערן אייגענעם גורל.

אַזוי האָבן מיר געחלומט און געשטרעבט ביז עס האָבן זיך אָנגערוקט פינצטערע וואָלקנס איבער אונדזער שטעטל. עס איז געקומען דאָס יאָר 1939.

## צעירי אגודת ישראל



ען איך בין צוריקגעקומען פון וולאַדאווע, ווו איך האָב געלערנט אין דער ישיבה צוזאַמען מיט נאָך וואָיסלאָוויצער בחורים : אהרון־יצחק שטיגליץ, אהרן זיידמאַן, פייוול האכלערער און ישראל ראַב, האָב איך נאָך אַ געוויסע צייט געלערנט ביים רב. חוץ דעם האָב איך אויך געלערנט אין פאַליש. ווען עס פלעגט זיין אַ האַרבע סוגיא, זענען מיר מיט איר געקומען צום רב און אַלץ, וואָס האָט פריער אויסגעזען שווער גישט צום פאַרענטפערן, איז מיטאַמאָל געוואָרן קלאָר און אויסגעלייטערט.

אין יענער צייט האָט אברהם בוים גענומען אויף זיך די איניציאַטיוו צו שאַפן אין וואָיסלאָוויץ אַן אָפּטיילונג פון דער צעירי אגודת ישראל. מיר פלעגן זיך צונויפגעקומען און אַרומרעדן די אידעאָלאָגיע און פּראָגראַם פון דער אגודה, די פּאָליטיק אין סיים און אין דער קהילה.

מער פון די עלטערע, וואָס האָבן געהערט צו דער אגודה, האָבן מיר יונגע זיך אינטערעסירט מיט ארץ־ישראל, געטראַכט פון עליה, געלייענט פון צייט צו צייט דעם „דגלנו״, די אַרטיקלען פון ר׳ אלכסנדר זישא פרידמאַן, וואָס האָט גערופן די פרומע מאַסן אין פּוילן צו פאַרשטאַרקן דאָס ווערק פון התישבות און נעמען אַ ממשותדיקן אָנטייל אין אויפבוי פון ארץ־ישראל.

יאָרן זענען פאַרביי און עס האָבן אָנגעהויבן בלאָזן נייע ווינטן אין שטעטל און צו אונדז זענען דערגאַנגען די נייע אידעען פון דער רעוויזיאָניסטישער באַוועגונג. אין שטעטל האָט זיך געשאַפן אַ בית״ר־אָרגאַניזאַציע און איך בין אויך אַריינגעטרעטן, געוואָרן אַן אַקטיווער מיטגליד.

אין אונדזער שטילן שטעטל האָבן זיך צעהילכט הייסע דיסקוסיעס צווישן מיטגלידער פון די פאַרשידענע פאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס. די האָריזאָנטן האָבן זיך אויסגעברייטערט און אין קליינעם פאַליש האָט מען זיך געאַמפּערט איבער

גרויסע פּראָבלעמען און אַרויסגעטראָגן די וויכוחים אין וואַלד, אין לאָקאַל פון דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע.

פון די ווידעראנאנדן און קאָנפליקטן האָט זיך אין מיין מוח אויסגעשיילט די נייע אנשויאונג, וואָס עס האָט געבראַנגט דער „הנוער הציוני", מיט וועלכער עס האָבן אין וואָיסלאָוויץ אָנגעפירט: לייבל רייז, יוסף טענענבוים און יעקב היפשמאַן. זייער התלהבות האָט מיטגעריסן און געוועקט צו מעשים. מיט ענטוזיאזם האָבן מיר געזאַמלט פאַרן קרן קיימת, פאַרן קרן היסוד און פאַרטיידיקט די אידעע פון גאולת העם און גאולת הארץ.

איך בין שוין אויסגעפאָרן אַ וועלט, געוואַנדערט און געוואגלט, אָבער יענע יאָרן אין וואָיסלאָוויץ, די לויטערע געשטאַלטן פון אונדזערע טאַטעס, פון אונדזערע חברים האָבן אויף קיין איין מינוט נישט אויפגעהערט צו שוועבן פאַר מיינע אויגן.


פיניע בוקסבוים און איטשע האנדלסמאן

← צוויי פון אַ סך, וואָס דער וועג פון חדר און בית־המדרש האָט זיי געפירט צו דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע, צו „צעירי אגודת ישראל" און ווייטער. מען קען וועגן זיי דערציילן און דער־ציילן ווי אַזוי זיי האָבן זייער יוגנט געענערט מיט חכמה און געשאַרפט דעם שכל מיט די פּלפּולים פון דער גמרא און מפרשים און דערנאָך געזוכט דעם באַשייד פון גורלדיקע באַגעגענישן מיט די פּראָב־לעמען פון יושר, פון שולד און געוויסן, פון ספקות און אמו־נה, פון יאוש און בטחון. גע־וועזן אַזעלכע, וואָס זענען פאַר־עקשנט געגאַנגען אויף די וועגן פון אונדזערע טאַטעס און זיידעס. אנדערע האָבן דערפילט אין זיך צעברויזטן מוט און געחלומט פון שטורעמען די יסודות פון דער וועלט.

אזוי זע איך זיי, מיינע טייערע חברים, פון בית־המדרש ביז צום הנוער הציוני, תמיד מיט אַזויפיל גלויבן אין מענטש, אין אַ בעסערער און שענערער וועלט.

**שלמה באריק**



חייקה ווייסטאַב־שאפער

# לינת הצדק

ווי געדענק איך אונדזער שטעטעלע? פרעגט מען מיך. עס ווילט זיך ענטפערן מיט אַ שורה פון אַ געטאָ־ליד: צי מעג מען אָדער קען מען פאַרגעסן? עס ווילט זיך קענען מאָלן און שרייבן, כדי צו קענען אין בילד און אין שריפט פאַראייביקן די שיינקייט און וואַרעמקייט פון אונדזער שטעטל מיט זיינע מענטשן און אינסטיטוציעס.

איינע פון די ווונדערבאַרע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן עקזיסטירט אין וואַיסלאָוויץ, איז געווען די לינת הצדק. איר טעטיקייט איז באַשטאַנען אין העלפן קראַנקע, באַצאָלן פאַר אַ דאָקטאָר, פאַר רעצעפטן און, ווען עס איז נויטיק געווען. געבן בעסער עסן, ווי זעמעלעך, מילך, פוטער, יויך א. א.

לינת הצדק איז ביי יעדן ייד אין שטעטל געווען אנערקענט ווי אַ וויכטיקע זאַך, אָבער גאָר באַזונדערס האָט זיך מיט אירע אויפגאַבן איבערגענומען די יוגנט. צו די אַקטיווסטע האָבן געהערט: לייבל רייז, יעקב הירשמאַן, פריידל קלייד סימע הובערמאַן, שמעון סייקעוויטש א. א.

עס האָבן נישט געפעלט קיין אָרעמע שטובן אין וואַיסלאָוויץ. און ווען עמעץ איז אין אַזאַ שטוב קראַנק געוואָרן, האָט עס זיך געלייגט ווי אַ שווער אומגליק אויף דער גאַנצער שטוב, ווו עס איז נישט געווען פאַרוואָס צו רופן אַ דאָקטאָר. עס זענען געווען שטובן, אין וועלכע די קראַנקהייט פון איינעם האָט פאַרמשפט אַלע צו הונגערן. געווען ווידער אַזעלכע, ווו דער פרנסה־געבער האָט געמוזט איבערלאָזן דעם קראַנקן אַליין, כדי צו גיין אויפן דאָרף איינשאַפן אויף חיונה, און גיין האָבן זיי אָפט געמוזט אין שטאַרקע פרעסט, אין טיפע שנייען, און דער קראַנקער אָדער די קראַנקע איז געבליבן אַליין אין אַ נישט־געהייצטער שטוב, מיט אַ הויכער טעמפּעראַטור, און עס איז נישט געווען ווער עס זאָל דערלאַנגען אַ טרונק.

די יוגנט אין וואַיסלאָוויץ איז געווען פילבאַר אויף עוולות און באַוואוסטע פון גורל. דערפאַר האָט זי געזען אין דער טעטיקייט פון לינת הצדק אַ הייליקע

עבודה. אונדז איז דערפאַר גאָר אָפּט אויסגעקומען אָוועקצוגעבן טעג און נעכט פאַר קראַנקע, אויך אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַט משפחות. אָבער ווען די קראַנקהייט האָט זיך פאַרשלעפּט זענען די שטוב־מענטשן פשוט געפאַלן פון די פיס און מיר האָבן דערפאַר גענומען אויף זיך די אויפגאַבע זיי צו העלפן.

כ'געדענק, אין שטעטל איז געווען אַ שטובן־מאַלער. זיין נאָמען איז געווען ישראל־שלמה מילער (שפּיץ), אַן אָרעמאַן אין זיבן פאַלעס, וואָס האָט פון זיין אַרבעט קוים בדוחק געצויגן אויף חיונה, ווארום אין שטעטל האָבן די באַלעבאָסטעס אַליין געווייסט און געמאַלעוועט דיוועגט פון זייערע שטובן. איז ביים מאַלאַזש קראַנק געוואָרן די טאָכטער אויף טובערקולאָז. איר מצב האָט זיך כסדר פאַרערגערט. די עלטערן זענען שוין געווען אינגאַנצן דערשעפּט פון וואַך־זיין ביי איר בעט טאָג און נאַכט. אויף מיר איז אויסגעפאַלן זיי צו פאַרטרעטן.

דאָס מיידל איז אַלט געווען אַ יאָר פופצן און כאָטש די היץ איז פון איר נישט אָפּגעטרעטן, האָט זי זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון פון איר צושטאַנד. זי האָט שוין נישט געהאַט קיין כוח צו די רפואות און ווען זי האָט געעפנט די אויגן בשעת איך בין צוגעגאַנגען צו איר, גלעטן איר צעהיצטן שטערן, פאַריכטן דאָס קישן איר צוקאָפּנס, איז אין איר בליק געווען אַן אַ שיער דאַנקבאַרקייט.

ווען לייבל רייז איז געקומען מיך פאַרטרעטן, האָב איך עס אים דערציילט. אין זיינע אויגן האָבן זיך געשטעלט טרערן. איך בין אַהיימגעגאַנגען אַ דערדריקטער פון די צוגעזעענע יסורים און נישט געקענט איינשלאָפן, אָבער אויפצומאָרגנס גאָר פרי בין איך ווידער גלייך אַוועק צו דעם קראַנקן מיידל און האָב דאָרט געטראָפן לייבל רייז זיצן ביי איר בעט. ער האָט שוין געהאַט באַוויזן צו ברענגען דעם דאָקטאָר, וועלכער האָט איר פאַרשריבן אַ נייע רעצעפּט. עס האָט אויסגעזען, אַז עס איז איר געוואָרן אַביסל לייכטער. לייבל האָט באַמערקט די מידקייט אויף מיין פּנים און געהייסן מיך אַהיימגיין.

אויפן וועג האָב איך אָפּגעטרעטן ביי פריידע קלייד און געשיקט זי פאַרטרעטן לייבלען. אין עטלעכע שעה אַרום איז זי מיר געקומען זאָגן, אַז דאָס מיידל איז געשטאָרבן.

מיר האָבן נישט באַוויזן זיך אָפּצורוען און באַלד איז ווידער עמעץ קראַנק געוואָרן און עס האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן פאַר אונדז וואַך־נעכט, מיט לויפעניש נאָך הילף. די אַרבעט האָט פאַרנומען אַלע אונדזערע חושים און ענערגיע. חוץ דעם האָט מען דאָך געדאַרפט האָבן געלט און דאָס האָט מען געמוזט צונויפזאַמלען אויף פאַרשידענע צוזאַמענקונפטן אין שטעטל, אויף חתונות און בריתן. מיר האָבן אויך אַליין אָרגאַניזירט אימפּרעזעס און פאָרשטעלונגען און די הכנסות זענען געגאַנגען אויף די אויסגאַבן פאַר די אָרעמע קראַנקע.

חנה שאפעל

# אונדזער דראַמקרייז



דאָס איז געווען אין די דרייסיקער יאָרן, ווען די יוגנט אין אונדזער שטעטל האָט אַרויסגעוויזן אַ סך אַקטיוויטעט אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. עס פלעגן אָפט פאָרקומען פאַרזאַמלונגען און לעקציעס פון אייגענע רעדנער און אַראָפּגעבראַכטע פון כעלם און פון לובלין. עס האָט אויפגעלעבט דאָס מאָדערנע קולטור־לעבן.

אין יענער צייט האָט אין שטעטל זיך געשאַפן דער דראַמאַטישער קרייז, אין וועלכן איך האָב אויך אָנטיילגענומען און געווען אַקטיוו אין דער טעטיקייט פונעם קרייז. עס זענען פאָרגעקומען פּראָבן און לעקציעס. דער באַגער צו שפּילן יידיש טעאַטער האָט ממש געברענט אין אונדזערע הערצער און מיר האָבן נישט אָפּגעשטעלט די פּראָבן אפילו אום־שבת. עס האָט געטראָפן, אַז מיר האָבן די פּראָבן געמאַכט אויך אין יום־כיפּור.

פאַרשטייט זיך, אַז אין שטעטל האָט דאָס געמאַכט אַ דערשיטערנדיקן רושם און אַרויסגערופן די פאַרביטערונג פון די פרומע יידן. עס האָט זיך גענומען קאָכן אין שטעטל.

מיין פעטער, משה שאפראן (טשארנע לאזער) האָט זיך דערוווּסט, אַז איך נעם אָנטייל אין יענעם דראַמקרייז, וואָס מאַכט די פּראָבן אפילו יום־כיפּור ביינאַכט, האָט ער געשיקט רופן מיין מוטער און איז אַרויס צו איר מיט טענות, אַז ער ליידט חרפּות און בושות צוליב מיר, אַז מען לאָזט אים נישט צו צום עמוד און נאָך אַנדערע צרות, וואָס ער ליידט דורך מיינע זינד.

די מאַמע איז אַהיימגעקומען אַ פאַרוויינטע, געבעטן מיך איך זאָל אויפהערן און נישט אָנטאָן דער משפּחה קיין בושות. אין אָוונט בעת איך האָב זיך באַגעגנט מיט מיינע חברים, האָב איך זיי דערציילט וועגן דעם פאַל. איך האָב

געזוכט ביי זיי אַן ענטפער אויף מיינע מאָראַלישע מאַטערנישן אין שטוב, אָבער זיי האָבן זיך דערפון אויסגעלאַכט.

איצט, ווען איך דערמאַן זיך אין דעם, זע איך ווי פאַלש עס איז געווען דער צוגאַנג פון די יוגנטלעכע צו די יסורים פון אונדזערע עלטערן, מיר האָבן נישט געהאַט קיין פאַרשטענדעניש פאַר זייערע ליידן און נישט קיין געפיל פאַר די רעליגיעזע טראַדיציעס, וואָס זענען געווען אַזוי הייליק פאַר אונדזערע עלטערן.

איצט זע איך ווי זינדיק מיר זענען ווירקלעך געווען מיט אונדזער נישט שוינען די הייליקסטע געפילן פון אונדזערע עלטערן. אין אונדזער דראַנג צו זעלבשטענדיקייט זענען מיר געווען ברוטאַל און אכזריותדיק צו אונדזערע נאָענטסטע, וועלכע האָבן אַזוי טיף איבערגעלעבט יעדע פאַרשוועכונג פון זייערע טראַדיציעס.

איצט בויג איך דעם קאָפּ פול מיט חרטה אין האַרצן פאַר מיין דעמאָלטדיקן נישט פאַרשטיין די פאַרביטערונג און יסורים פון מיינע עלטערן, וואָס זענען אומגעקומען אויף קידוש השם.



**הנאהבים והנעימים בחייהם ובמותם לא נפרדו**
פון לינקס: העניע שטיין, הינדע רייז, בראַנטשע שטיין און אסתר רייז

די מיטגלידער פון אונדזער דראַמקרייז, וואָס ווערט דאָ דערמאַנט, האָבן זיך פאַרדינט אַ סך מער ווי די דאָזיקע קאַרגע ווערטער. דאָס זענען געווען יוגנטלעכע מיט אַ סך איבערגעגעבנקייט און נישט־געשטילטן דורשט צו יידישער קולטור.

אונדזער יוגנט אין וואָיסלאָוויץ האָט אין די יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט־

מלחמה באַוויזן אויפצונעמען און איינזאַפּן אין זיך די געזעלשאַפטלעכע, קולטורעלע און פּאָליטישע שטרעמונגען און און שטרעבונגען פון דער יידישער יוגנט אין די גרעסערע שטעט אין פּוילן. די יוגנט אין וואָיסלאַוויץ איז געווען אין קאָנטאַקט מיט דער יוגנט אין די אַרומיקע שטעטלעך און מיט די צענטראַלעס פון די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס אין וואַרשע, געגאַשט און געברענגט פון דאָרט דעם רעפּערטואַר פאַר אונדזער דראַמקרייז. אונדזער טעטיקייט אין דראַמקרייז איז געווען דורכגעדרונגען מיט גלויבן און דערוואַרטונג אויף אַ שענערער צוקונפט, וואָס וועט אונדז אַלעמען דערהויבן. מען האָט געזוכט דעם אמת, די תשובות אויף ספקות און ווייטאָגלעכע פראַגן. מיט אונדזער שפּילן און זינגען האָבן מיר געמיינט צו ברענגען טרייסט, לערנען פאַייען זיך מיט זון, מיט טייך און וואַלד. די אַרבעט אינעם דראַמקרייז איז פאַר אונדז געווען אַ טייל פון די נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע באַפרייאונגס־אידעען, וואָס האָבן ביי אונדז געשלאָגן טיפע וואָרצלען. מיט חסידישן ברען און מסירות־נפש האָט די יידישע יוגנט זיך געוואָרפן אין קאַמף פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון די טויזנט־יאָריקע חלומות פון ייד און מענטש.

געוועזן ביי אונדז אַזעלכע, וואָס זענען אַריבערגעשפּרונגען דעם פּלויט פון אונדזער שטעטל אין דער ווייטער וועלט אַריין, אָבער אין האַרצן האָבן זיי געטראָגן די בענקשאַפט צו זייערע נאָענטע, צו פריינט און חברים, און זענען צוריקגעקומען זיין צענטע צום מנין. מיט דער גוטסקייט און עקשנות, וואָס זענען געווען כאַראַק־טעריסטיש פאַר אונדזערע יוגנטלעכע, מיט דעם אומרו און באַגער צו שעפערישער טעטיקייט האָבן זיי זיך אריינגעוואָרפן אין די פאַרשידנאַרטיקע געזעלשאַפטלעכע און אָרגאַניזאַציאָנעלע אַרבעטן און אויך אין דער טעטיקייט פון דראַמקרייז.

דערמאַנענדיקן זיך אין זיי וויינט אין מיר דאָס האַרץ אויף זייער טראַגישן אומקום, אָבער זייער ליכטיקער אָנדענק פאָדערט פון אונדז אַ שטאַרק און געמוטיקט האַרץ.

דערציילנדיק וועגן זיי זענען אונדזערע הערצער דורכגעדרונגען מיט ליב־שאַפט און בענקשאַפט צו יענע אַלע, וואָס זענען געווען און זענען מער נישטאָ.

ווי שוואַך זענען ווערטער.

ווי טראַכט מען צו דעם קדיש, וואָס זאָל הערצער צערייסן; אַ קדיש נאָך אונדזער האַרציק שטעטל, מיט זקנים און קינדער, אַ קדיש נאָך יענעם גלויבן אין בעסערע צייטן; אַ קדיש, יתגדל, פאַר אַלע עקידות פון אונדזערע נאָענטסטע און טייערסטע.

**חנה שאפּעל**

# שטאטישע לײ־קאסע

**קופת־מלווה ציבורית**

היהודי היחידי, מאיר קראַפט (משמאל) בוועד שכולו נוצרים.



דער אײנציקער ײדישער מיטגליד אין דעם קריסטלעכן קאָמיטעט, מאיר קראפט (לינקס).

דער פוילישער אנטיסעמיטיזם האָט, פאַרשטענדלעך נישט אויסגעמיטן אויך וואָיסלאָוויץ. די פאָליאַקן האָבן געזידט מיט אַנטיסעמיטישן גיפט און געזוכט מיטלען ווי אַזוי אָנצוטון צרות די ײדן, ווי אַזוי פטור צו ווערן פון זײ און ווי אַזוי צו פאַרניכטן ײדישע פרנסות.

דאָך זענען געווען תקופות, ווען די פאָליאַקן האָבן געלעבט בשלום מיט די ײדן און אין געוויסע אינסטיטוציעס געפונען אַפילו אַ געמײנזאַמע שפּראַך.

אַזאַ אינסטיטוציע איז אויך געווען די געזעלשאַפטלעכע לײ־קאַסע, אין וועלכער עס איז געווען טעטיק מאיר קראַפט. ער איז געווען דער אײנציקער ײד אין דער פאַרוואַלטונג, וואָס איז באַשטאַנען פון בלויז קריסטן. ער האָט געבּרענגט מיט זיך דעם שטאַרקן ווילן פון די וואָיסלאָוויצער ײדן צום לעבן, צום שיצן זיך קעגן די בײזע כוחות און זײערע רשעותדיקע פלענער קעגן דעם אָרעמען ײדישן קרעמער.

די לאַגע פון די ײדן אין וואָיסלאָוויץ איז, ווי אין פוילן בכלל, געווען ענלעך צו אַ שיף, וואָס ווערט פאַרשווענקט פון די מים הזדונים, אַן אַ הײנט און אַן אַ

מאָרגן. ווי אין יעדן קליינעם שטעטל איז אַלץ געווען אָפן. איינער האָט דעם אַנדערן געקענט און געוווּסט וואָס ביי יעדן טוט זיך אָדער דורך זען אָדער דורך הערן. דעם יידישן קרעמערס גראָשן איז געווען דורכגעווייקט אין שווייס און בלוט. עס האָט תמיד געדרוקט דער מאַנגל אין געלט און דערצו זענען צוגעקומען שיקאַנעס און פאַרפאָלגונגען מצד דער פוילישער מאַכט, וועלכע האָט געטון אַלץ אויף צו מאַכן דעם מצב פונעם יידישן קרעמער ענגער און ענגער ביז צום לאָזן אים אַן לופט צום אָטעמען.

דערפאַר איז יעדער מינדעסטער שטראַל פון הילף געווען פון אומגעהויערער באַדייטונג און אַזעלכע איז אויך געווען די שטאָטישע ליי־קאַסע, אין וועלכער די וואָיסלאָוויצער יידן זענען געווען באַטייליקט, געהאָלפן זי אָרגאַניזירן.

זייערע קראָמען האָבן קוים געזשיפּיעט און יעדע הלוואה, וואָס עס איז געלונגען צו באַקומען, האָט דעם קרעמער אָדער בעלי מלאכה געהאָלפן זיך האַלטן אויף די פיס.

# פאַד־קורסן

**בקורס לגזירה ותפירה. בדלת עומד ישראל אינהורן.**

בימים ההם הרעב בעיירה היה לא רק ללחם ולכסף, כי אם לעבוד. בעבודה רצינו לישר את קומתנו ולהרגיש את החיים.

מער ווי אַלעמאָל האָט מען אין יענער צייט דערפילט אין שטעטל די גרויסקייט פון אַרבעט. דער פאַד־קורס האָט געגעבן דאָס געפיל פון באַהעפטן זיך מיטן לעבן און גיין אין דער וועלט אויסגעגלייכטע אין דער גאַנצער הויך.



**אויפן קורס פאַר צושניידן און נייען. אין דער טיר שטייט ישׂראל איינהאָרן.**



**בית־מלאכה לחייטות בוויסלביצה**
שניידער־וואַרשטאַט אין וואַיסלאַוויץ

עס זענען געווען אין אונדזער שטעטל יידישע בעלי־מלאכות, וואָס האָבן גוט געקענט זייערע פאַכן. נישט געגאַנגען אין קיין שקאָלעס, נישט געלערנט דאָס פאַך אויף קיין ספּעציעלע קורסן, האָבן זיי אָבער פאַרמאָגט זייערע אייגנאַרטיקע פּעיקייטן. יידישע שניידערס האָבן גענייט גוט און באַקוועם. יידישע שוסטערס האָבן געמאַכט פעסטע און באַקוועמע שטיוול. די פויערים פון די דערפער האָבן, פונקט ווי די יידן אין שטעטל, געהאַט צו זיי צוטרוי. דער עיקר איז זיי געגאַנגען אין דער גוטער און סאָלידער אַרבעט, וואָס זאָל דערצו זיין אויך ביליק.

דאָס איז נישט קיין גוזמא, נאָר אַ פאַקט, אַז די ערלעכקייט פון יידישן בעל־מלאכה פונקט ווי פון יידישן קרעמער האָט זיי געהאָלפן אויסהאַלטן די אנטי־יידישע בויקאָט־אַקציעס.

די יוגנט, וועלכע האָט פאַרלאָזט די וועגן פון די עלטערן און באַהאַפטן זיך מיט פאַרשידענע פאַרטייען און אידעען, האָט אָבער מיטגענומען מיט זיך פון דער היים דעם טיפן גלויבן אין אַ בעסערער צייט און אַ שטאַרק געפיל פאַר פּראָדוקטיווער אַרבעט. עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אין דעם בנין פון מלאכה איז אָפן די טיר פאַר דער צוקונפט אויך פאַרן יידישן יוגנטלעכן און האָט דערפאַר געשטרעבט צו דעראָבערן אַ פאַך.

אַזוי האָבן אין וואַיסלאַוויץ זיך געשאַפן די פאַך־קורסן.

# היה היה...

מקטים וצנועים היו חייהם של יהודי וויסלביצה. המסחר שבה לא פרץ גבולות והמעשים לא הרחיקו שם הרבה ממעגל הפרנסה, אבל גם פרנסה בצמצום לא היתה הפקר לכל ואליה נשאו רבים את לבם. פרנסה ברווחה — זו היתה הדרגה שרק מעטים הגיעו אליה.

חן מרומם ואף נוגה נשקף מהזיקוקין של זכרון, עלי־טרף מעץ־החיים, גרגירי־רשמים, קורטוב של סיפור או תיאור, צלם ונוף וקלסתר־פנים, זמר, גניחה ודישום, אשר אנשי וויסלביצה, שרידי העיירה, אספו כחמרי־בנין לבנות קן להשארת הנפש של הגוף ההרוס, מצבה של רגשות אהבה וכיסופים, תוכם רצוף אש־דמעה לקהילתב ומקור־מחצבתם, להם ולאבותיהם ולאבות־אבותיהם.

בכל קול ובת־קול מן העבר המזהיר מצלצלת הזמרה בציבור, בשבתות ובחגים, או המחול של „הורה" במועדון ובשמחות, ההתפעמות של הקהל לשמע דברי רבם, דברי נואם ומטיף.

קוראים ומקשיבים לקולות אלה ומרגישים את הנוסח המיוחד של קהילת וויסלביצה, את מעינ ת הרגש הרומנטי, את התנופה האידיאליסטית ורגש כבוד־עצמי מפותח, נדיבות־רוח אבירית ויכולת להיענות לטבע.

הנוף הגיאוגרפי והאקלים הרוחני פעלו את פעולתם, ביודעים ובלא־יודעים.

קטנה היתה וויסלביצה, אולם כל רחשי־רוח ואידיאו־לוגיה מצאו להם ביטוי בה: המאבק בין הישן והחדש, המסורתי והמהפכני, יסורי־התפוררות וחבלי־לידה של עול־מות הורגשו בה באופן מכאיב.

על כל אותו פאר ויקר, שחלפו לנצח, מסופר על הדפים האלה.

ש מ ע ו ן

**שיינדל פייכמן־וגנפלד** (באר שבע)

# בלהות של ליל אחד

שטופת־חלומות וזכרונות אני רואה את עיירתנו. היו בה ליהודים ימים טובים, שלוים ושקטים, והיו בה גם ימים רעים, מלאי־פחד, עצב ודאגה. ונזכרתי באסון מחריד, שקרה למשפחתנו בשנת 1919 ואני הייתי אז בת שבע. אחותי חנה היתה כבר נשואה ואם לתינוקת. אבי נפטר בשנת 1914 בפרוץ מגפת החולירע בעיר חלם.

משום מה נדמה לי שהיה אז ליל סערה זועף והרוח דופקת בתריסים, שעה שהבריות מתכרבלים במיטתם וישנים. אולם בעלה של אחותי רגיל היה ללמוד תורה בלילות, וגם אז ישב רכון על הגמרא. אמי היתה אומרת שהלילה נותן אור במחשבות וכולנו השתדלנו שלא להפריע לו בלימודו.

לפתע דפקו בדלת ואחותי נגשה לפתוח אותה ולחדר התפרצו שני אנשים. הם התקרבו לגיסי והוא הרים את ראשו ופניו הביעו שאלה ותמיהה. אולם הוא לא הספיק לפתוח את פיו ואחד מהם שלף אקדח וירה בו.



האחיות: חוה, זלטה ומלכה לודן, בנות־דודה של הכותבת.

במחשבותנו חיו הבלהות והחרדות של אותו לילה, אולם עברו השנים ולא היתה לנו בעיירה הרגשת בדידות ומרירות. ילדי המשפחה היו תמיד חדורי רוך מסותר שנגע עד נפש. בעיירה לא היה מקום להתרחקות, לאי־טבעיות ביחסי־משפחה וביחסי־ידידות. היחס של חיבה לא מש מאתנו בכל מה שעשינו.

הוא נהרג במקום. המראה נחרת בזכרוני ובנשמתי ולעולם לא אשכחהו. סיבת הרצח לא נפתרה והדבר נשאר כתעלומה טראגית. ידעתי רק שאחד מן האנשים היה יהודי והשני נוצרי והוא היה הרוצח.

כולנו היינו תקופי־רעדה ושנים רבות דברנו על האסון המחריד שהיה נושא לשיחות בכל העיירה.

## ה נ ס

הורי, דב וחיה וגנפלד, התפרנסו מסחר־בהמות וחייהם היו מסורתיים וצנועים, אך יחד עם זה באו עליהם טרדות רבות ועל אחת מהם אני רוצה לספר כי היא משקפת גם את הצרות שפקדו את עיירתנו לעתים תכופות.

יותר מדי רכה וצעירה הייתי שאוכל להבין את סוד־היסורים שנשאה אמי בלבי כשסיפרה על אותו המקרה עם אחי וולוול. זה היה בשנת 1914, בזמן פרוץ המלחמה, ואחי וולוול היה בדרכו לגן המרוחק מביתנו והוא לא הכיר את הדרך, התחיל לתעות ובזהירותו החליט לשאול מישהו על הדרך הקצרה ביותר אל אותו גן. הפולני, אליו פנה בשאלה, במקום לענות לו, הלך למשטרה וספר שאחי שאל אותו היכן נמצאים ריכוזי־חיילים.

כאן ברצוני לציין שבימים ההם תקפה את השלטונות בהלת־מרגלים ואחי נעצר מיד באשמת ריגול.

מי יכול לבטא את כאב אֵם שאינה יכולה לעזור לבנה ולהגן עליו נגד חיות טורפות?! לא עזרו כל ההשתדלויות אצל השלטונות. באכזריות קרה שפטו את אחי למות בתליה.

כאשר הגישו לו את הארוחה האחרונה, אמר:

„רצוני שתביאו לי את הנוכל הזה שהעליל עלי את השקר הנורא הזה. אני חף מפשע, אני רוצה להסתכל בעיניו של הרוצח הזה!...״

הלכו והביאו את הפולני שהעיד נגדו וכאשר ראה את אשר עולל נשבר לבו בקרבו והודה כי רק התלוצץ והיהודי חף מפשע.





מענדל בארעק

# קאשמארן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה



ס איז דאָס יאָר 1914.

עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה, און אונדזער שטעטל, וואָס ליגט נאָענט צו דער רוסישער גרענעץ און האָט אין יענער צייט געהאַט אַ סטראַטעגישע באַדייטונג, האָט שוין אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה שטאַרק געליטן. אין שטעטל האָבן גענומען בושעווען די קאַזאַקן. צעיושעטע האָבן זיי זיך אַריינגעריסן אין די געוועלבלעך און שטובן, גערויבט און געשלאָגן. דאָס לעבן האָט גענומען ביסלעכוויַיז אָפּשטאַרבן. די בעקערייען האָבן זיך פאַרמאַכט, אויך די אַנדערע בעלי־מלאכות האָבן אויפֿגעהערט צו אַרבעטן, הענדלער און דאָרפסגייער האָבן נישט געקאָנט אַרויסגיין פון שטוב. אין דער גאַס און אויף די וועגן האָט מען געכאַפּט אויף אַרבעט, צום גראָבן אָקאָפּעס און דערביי אויך שטאַרק צעשלאָגן. יעדער טאָג האָט געברענגט נייע אומגליקן.

באַזונדערס האָט עס געטראָפן די שטובן, וואָס האָבן געהאַט דערוואַקסענע מיידלעך. אין שטעטל האָט געהערשט די ברוטאַלסטע אכזריות. לאַנג איז דאָס שטעטל געווען אונטערן קאַשמאַרפולן געשעעניש, וואָס עס האָט געטראָפן אונדזער דעמאָלטדיקן שכן שכנא שוחט, וועלכער האָט געהאַט צוויי דערוואַקסענע טעכטער, די עלטערע דינה און די יונגערע שיינדל.ביידע שיינע און ערלעכע מיידלעך. אין יענעם אָוונט זענען די קאַזאַקן אַריין אין זייער שטוב מיט געווער אין די הענט און געפאָדערט מען זאָל זיי אַרויסגעבן די צוויי מיידלעך.

אין שטוב האָט זיך אויפגעהויבן אַ שרעקלעכע יללה און דאָס געשריי האָט זיך אַרויסגעטראָגן אין גאַס, אַריינגעדרונגען אין די פאַרהאַמערטע שטובן, ווו מענטשן זענען געזעסן צונויפגעטוליעט אין גרויס שרעק. אָבער נישט געקוקט

אויף דעם שווערן פחד האָבן זיך דאָך געפונען שכנים, וואָס זענען אַרויס אין גאַס גרייט צו העלפן. די יידן זענען אַריין אין שכנאס שטוב און פּאַר זייערע אויגן האָט זיך אַנטפּלעקט אַ מוראדיק בילד. קעגנאיבער די קאָזאַקן איז געשטאַנען שכנא שוחט מיט זיין גרויסן חלף אין דער האַנט און געשריגן צו די צעיושעטע קאָזאַקן:

„שניידט פריער דורך מיין האַלדז איידער איר שענדעט מיינע קינדער...״ ער איז געשטאַנען אַ בלאַסער מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ צום סופיט, אויס־שטרעקנדיק זיין האַלדז צו די מערדער. ווייזט אויס, אַז דאָס האָט געווירקט אויך אויף די ברוטאַלע קאָזאַקן. זיי זענען געשטאַנען וואַקלענדיקע און ווען די אַנדערע שכנים האָבן אָנגעהויבן בעטן זיך ביי זיי, האָבן זיי זיך אויסגעדרייט און אַרויס, געגאַנגען זוכן קרבנות אין אַנדערע שטובן.

אַזאַ איז דעמאָלט געווען דער מצב אין אונדזער שטעטל, אומבאַהאָלפן, אויסגעשטעלט אויף די ווילדע אינסטינקטן פון די קאָזאַקן. ווען זיי זענען אַוועק איז די לאַגע נישט געוואָרן בעסער. דאָס מיליטער האָט אַרויסגעטריבן די באַפעל־קערונג און אַ סך מענטשן מיטגענומען מיט זיך, אונטערגעצונדן די הייזער.

אין משך פון עטלעכע וואָכן האָבן זיך די מענטשן געוואַלגערט אין די דערפער, געגנעכטיקט אין די סטאָדאָלעס און אין אָפענעם פעלד.

ביסלעכווייז האָט מען זיך אָנגעהויבן אומצוקערן אין שטעטל, וואָס איז אָבער געווען אין גרעסטן טייל אָפּגעברענט און אַ סך זענען ווייטער געווען געצווונגען צו גיין וווינען אין די אַרומיקע דערפער און אין די נאָענטע אוליצעס פון שטעטל.

מיט גרויס מי און מאַטערניש איז אָנגעקומען דאָס איינאָרדענען זיך פונסניי. די שוועריקייטן אין שטעטל זענען גרויס. נאָך שווערער האָט עס געטראָפן די וואָס זענען געצווונגען געווען צייטווייליק צו באַזעצן זיך אין די דערפער, אין אסטראָוו, קיקעפקע, מיידאַנעס, וויגנאַניעץ, טשארנאלאס, ראזענטשע א. א. פון דאַנען נעמען זיך די שפּעטערדיקע צונעמען, ווי זיינוועלע אסטראָווער, ריווע אסטראווערין, בערל ראזענטשער, משה טשארנאָלאסער, אלטע טשארנאלאסער, יצחק מיידאנער א. א. וו.

ווידער האָט זיך אָנגעהויבן דאָס קליינשטעטלדיקע לעבן פון אַרבעט און האַנדל. מענטשן האָבן געשפּאָרט אַ גראָשן צו אַ גראָשן און ביסלעכווייז אָנגעהויבן אויפצובויען זייערע אָפּגעברענטע הייזלעך. עס הויבן אָן צוריקצוקומען די יידישע משפחות, וואָס זענען געבליבן אין די דערפער, אין וועלכע עס האָבן זיך געמערט די באַנדיטישע אָנפאַלן.

## פוילישע סאַלדאַטן ווילדעווען

אין יאָר 1920 קומט ווידער אַ שווערע צייט אויף אונדזער שטעטל. עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה צווישן פוילן מיטן באָלשעוויסטישן רוסלאַנד. די פוילישע סאַלדאַטן האָבן געגומען ווילדעווען אין די יידישע שטעטלעך און וואַיסלאָוויץ האָט מיטגעמאַכט די אַלע צרות און רדיפות פון די פוילישע זעלנער.

אמת די מלחמה האָט נישט לאַנג געדויערט, אָבער ווי אין אַ סך אַנדערע ערטער, איז עס ביי אונדז אויך נישט אַדורך אָן אַ פּראָוואָקאַציע, וואָס האָט געדראָט מיט שווערע פאָלגן. אין דעם פאַל איז עס געווען מיט מאיר סאַלטיס, ווי אויך יאַנקל שטראַסבערגער, פּאַטער פון שלמה, משה און יהודית וועלכע זענען באַשולדיקט געוואָרן אין שפּיאַנאַזש. אַלע אין שטעטל האָבן געוווּסט, אַז זיי זענען אומשולדיק און מען האָט אַנגעוואַנדן די גרעסטע אָנשטרענגונגען זיי צו באַפרייען.

אין מיין זכרון איז געבליבן יענער שמחת־תורה. דאָס גאַנצע שטעטל, קינדער און עלטערע, האָבן געטאַנצט אין די גאַסן און אין שפּיץ איז געגאַנגען אַ טאַנצנדיקער און זינגענדיקער מאיר סאַלטיס, אַ גליקליכער, וואָס ער איז געראַטעוועט געוואָרן פון אַ זיכערן טויט.

## קולטור־טעטיקייט

אין יענער צייט זענען אין אונדזער שטעטל אַנטשטאַנען פאַרשידענע פּאַרטייען: אַלגעמיינע ציוניסטן, רעוויזיאַניסטן, חלוצישע אָרגאַניזאַציעס און פאַרשידענע רעליגיעזע אינסטיטוציעס. צווישן דער יוגנט זענען אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן סימפּאַטיזירט מיטן „בונד”. עס זענען געווען שטאַרקע טענדענצן פאַר דער לינקער פּועלי־ציון. עס איז דעמאָלט געקומען צו פאָרן יוסף־הערש שאַפּעל, וועלכער האָט אַ געוויסע צייט געאַרבעט אין וואַרשע און געווען אַקטיוו אין דער לינקער פּועלי־ציון. קומענדיק צוריק אין שטעטל האָט ער געפירט אַ שטאַרקע אַגיטאַציע און אויפגעקלערט דעם פּראָגראַם פון די לינקע פּועלי־ציון, וואָס האָט געפונען אַ טיפן אָפּקלאַנג צווישן גרויסע טיילן פון אונדזער יוגנט.

עס איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ פּאַרטיי־קאָמיטעט און אַ באַזונדערע יוגנט־קאָמיסיע. עס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען די זשורנאַלן, די אַרבעטער־צייטונג, די פרייע יוגנט און די קינדער־וועלט. די אַרבעט איז מיט יעדן טאָג געוואָרן אַלץ מער אויסגעברייטערט און פאַרצווייגט און אַרומגענומען אַלץ מער יוגנטלעכע אַרבעטער. די טעטיקייט איז אָבער נישט אָנגעקומען גרינג, נישט געווען קיין לאָקאַל און די אַרבעט איז געפירט געוואָרן אין פּריוואַטע שטובן אָדער אין וואַלד, אין דער דעבריע.

די ערשטע באַראַכאָוו־אַקאַדעמיע איז פאָרגעקומען ביי זכריה רופ אין שטוב. די ערשטע מאַי־פייערונגען זענען פאָרגעקומען אין וואַלד, ווו מען האָט אַרומגערעדט די באַדייטונג פון דאָזיקן אַרבעטער יום־טוב און מען האָט אַ גאַנצן טאָג פאַרבראַכט אין וואַלד, מיט דיסקוסיעס און געזאַנג.

אַזוי איז דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן אין וואָיסלאָוויץ געוואָרן אַלץ לעבעדיקער און התלהבותדיקער. די יוגנט האָט זיך מיטן גאַנצן ברען אַריינגעוואָרפן אין דער אָרגאַניזאַציאָנעלער טעטיקייט, מען האָט געפירט דיסקוסיעס, וואָס זענען געוואָרן אַלץ היציקער און דערגרייכט דעם קולמינאַציע־פונקט ערב די סיים־וואַלן אין יאָר 1928. עס האָט זיך דעמאָלט געקאָכט אין שטעטל ווי אין אַ קעסל. מיטן באַנייען דאָס בית־המדרש זענען די דיסקוסיעס אַריבערגעטראָגן געוואָרן אַהין און מען האָט דאָרט דורכגעפירט אַפילו עטלעכע וואַל־מיטינגען.

אין דער זעלבער צייט האָט אין גאַנץ פּוילן זיך גענומען פילן דער אַלגעמיינער קריזיס און האָט זיך אויך אָפּגעשלאָגן אין אונדזער שטעטל. עס האָט זיך פאַרשטאַרקט דער אַנטיסעמיטיזם, די ענדעקעס האָבן אָרגאַניזירט קאָאָפּעראַטיוון אין די שכנותדיקע דערפער און געפירט אַ באָיקאָט קעגן די יידן. אַסך יוגנטלעכע זענען געצוווּנגען צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל און זוכן אַרבעט אין די גרעסערע שטעט, אין וואַרשע, אין לאָדז און אויך אין אויסלאַנד. אָבער דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן גייט ווייטער אָן, עס האָבן זיך געשטאַרקט די לינקע שטימונגען און עס איז אַנטשטאַנען די נייע באַוועגונג „די אַלגעמיינע יידישע אַרבעטער־פּאַרטיי"



דעם מחברס פעטערס טעכטער: טובה מעכלס (רעכטס) און רחל לייבלס באַרעק.

**פיאָנערן פון דער קולטור־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט אין וואָיסלאָוויץ.**

← פון רעכטס אויף לינקס: חנן פריד־מאַן (ראשון לציון), איטשע האַנדלס־מאַן, פּיניע בוקסבוים און יעקב האָכלערער.

**שלמה זאַיאַנץ**

# מאיר יאַסלס באַפרייאונג

אין מיינע קינדער־יאָרן האָב איך זיך אַ סך אָנגעהערט וועגן די פאַרשידענע גזירות, וואָס האָבן זיך געשיט אויף די קעפּ פון דעם אַלטן יידישן ישוב אין וואַיסלאָוויץ, אָבער צום שטאַרקסטן האָבן זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון די מעשיות וועגן פייניקן און צווינגען די וואַיסלאָוויצער יידן צום שמד. שפּעטער האָב איך געפונען אַ באַשטעטיקונג צו דעם אין ביכער פון יידישע היסטאָריקער. עס ווערט באַשטעטיקט, אַז די וואַיסלאָוויצער יידן האָבן אויסגעהאַלטן אַלע טאָרטורן און פייניקונגען און זיך נישט אונטערגעגעבן.

אַזעלכע זענען זיי געבליבן די וואַיסלאָוויצער יידן, פרומע און ערלעכע, אויך אין מיינע צייטן. אַזעלכע האָב איך זיי געקענט פון מיינע פריסטע קינדער־יאָרן ביז עס איז געקומען דער גרויזאַמער חורבן און האָט זיי אַלע פאַרטיליקט.

ביזן היינטיקן טאָג לעבן זיי פאַר מיינע אויגן שיינע און גוטע יידן און אַזעלכער איז אויך געווען מאיר יאַסלס, אַ פּשוטער האָרעפּאַשנער ייד, ביי וועמען אין שטוב עס האָט אָפטמאָל אויסגעפעלט אַ שטיקל ברויט און דאָך האָט ער קיינמאָל נישט אַרומגעטראָגן זיך מיט קיין טענות, אַלץ אָנגענומען פאַר גוט. לאַנגע יאָרן איז ער געווען דער סאָלטיס, איז געווען ראַטמאַן פון דער פּוילישער און יידישער גמינע, אָבער האָט קיינמאָל נישט אויפגעהערט צו אַרבעטן אויף זיין שטיקל פעלד, פון וואַנען ער פלעגט ציען זיין חיונה. דערצו האָט ער אויך געהאַט אַ פערד און וואָגן, מיט וועלכן ער פלעגט מאַכן רייזעס קיין כעלם.

צו אים פלעגט מען קומען ווען מען האָט זיך געפונען אין אַן עת צרה און ער האָט שטענדיק געפונען צייט צו גיין מיט אַן אָרעמען ייד אין דער פּוילישער גמינע העלפן אים אָפּנעמען די מעשענע לייכטער אָדער דאָס ביסל בעטגעוואַנט, וואָס מען האָט ביי אים קאָנפיסקירט פאַר נישט געצאָלטע שטייערן.

אין יאָר 1921 האָט אַ פּאָליאַק געמסרט מאירן, אַז ער האָט מיטגעאַרבעט מיט די באָלשעוויקעס. מען האָט אים דעמאָלט אַרעסטירט און אַוועקגעפירט איז

**דער לובלינער תפיסה. איבער זיין קאָפּ האָט געהאַנגען די דראָאונג פון טויט. עס איז דעמאָלט געשען אַ גרויס נס און מאיר איז ניצול געוואָרן פון דער שווערער באַשולדיקונג. זיין באַפרייאונג איז אויסגעפאַלן פאַר שמחת תורה און אין שטעטל האָט דעמאָלט געהערשט אַ גרויסע פרייד. שמחת תורה נאָכן דאַווענען האָט מאיר יאָסלס געטאַנצט אינמיטן מאַרק, אַרומגערינגלט פון קליינוואַרג און דערוואַקסענע. זיין געזאַנג און התלהבותדיק טאַנצן האָט מיטגעריסן אַלע יידן פון שטעטל. לאַנג, לאַנג האָבן יידן גערעדט וועגן דעם.**



**מאיר יאָסלס סאָלטיס און זיין טאָכטער דבורה**

זיי געהערן צו די געשטאַלטן, וואָס האָבן זיך איינגעקריצט אין אונדזער זכרון און דינען אונדז ווי אַ ביישפּיל אין אונדזער לעבן, ווי אַ מוסטער פון עכטער און טיפער מענטשלעכקייט.

מאיר יאָסלס איז געווען איינער פון די באַליבסטע מענטשן ביי אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג אין וואָיסלאַוויץ. זיין גוטע און האַרציקע באַציאונג, זיין גרייטקייט צו העלפן יעדן נויטבאַדערפ־טיקן איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר אים אין אַלע צייטן. אַזעלכער איז ער אויך געווען אין די מלחמה־יאָרן, בעת די היטלעריסטישע רדיפות. אין די שווער־סטע סיטואַציעס איז מען געקומען צו אים און ער האָט געטאָן אַלץ איבער די כוחות צו העלפן יעדן איינציקן, סיי די וואָס האָבן זיך געוואָנדן צו אים און אויך אַזעלכע וואָס האָבן זיך מיט זייער



סילקע זאַיאַנץ, די מוטער פונעם מחבר און שוועסטער פון מאיר־יאָסל סאָלטיס.

נויטן און אומגליקן באַהאַלטן פון מענטשנס אויגן. אומעטום און יעדן איז ער אַקעגנגעקומען מיט זיין הילף.

## משה־חיימס שטוב

נאָך דער פויליש־באָלשעוויסטישער מלחמה, איז דער רוב וואָיסלאָוויצער יידן געוואָרן שטאַרק פאַראָרעמט. אַ סך האָבן געמוזט איבערלאָזן זייערע משפחות און פאָרן אין דער גרויסער שטאָט זוכן פרנסה. אַזוי איז אויך געשען מיט דעם טייערן ייד און פשוט! פאַלקס־מענטש, וועמען אַלע האָבן געקענט מיטן נאָמען משה־חיים.

משה־חיים איז געפאָרן קיין וואַרשע און געאַרבעט ביי שווערע באַדינ־גונגען, איבער די כוחות. דערצו איז ער נאָך געווען אַ קראַנקער מענטש. נישט געקוקט דערויף האָט ער זיך נישט אָפגעשטעלט פאַר קיין שום שוועריקייטן און האָט נאָך געהאָלפן אַנדערע.

אין יענער צייט זענען אַ סך וואָיסלאָוויצער יוגנטלעכע געקומען קיין וואַרשע זוכן אַרבעט און ס'האָט געטראָפן, אַז זיי האָבן זיך געמוזט אַרומדרייען לאַנגע חדשים אַרבעטסלאָז און אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ. משה־חיימס שטוב איז געווען דער אַדרעס פאַר די אַלע עלנטע און הונגעריקע יוגנטלעכע פון וואָיסלאָ־וויץ, וואָס האָבן אין וואַרשע נישט געהאַט קיין שום קרובים, נישט געהאַט ווו אַריינצוגיין שוין אין די ערשטע טעג פון זייער אָנקומען אין דער גרויסער שטאָט, נישט געהאט קיין פאַך און נישט קיין גראָשן ביי דער נשמה. דעמאָלט איז מען אַריינגעקומען אין משה־חיימס שטוב, ווי צו אַן אייגענעם, קיינמאָל נישט געפילט זיך דאָרט איבעריק, שטענדיק באַקומען עפּעס אָפּצועסן און אויך אַ נאַכטלעגער. נישט איינמאָל האָט געטראָפן, אַז ער האָט די אייגענע קינדער אַרויסגענומען פון זייערע בעטן און זיי אַוועקגעלייגט מיט זיך, און די בעטן אָפּגעגעבן פאַר די דאַכלאָזע יוגנטלעכע.

אויף פּאווע־גאַס 48 האָט זיך געפונען משה־חיימס וואַרשטאַט און דאָרט האָט ער אויך געוווינט איידער ער האָט אַריבערגענומען זיין משפחה קיין וואַרשע. דאָס איז געווען אַ פינצטערע קעלער־שטוב, ווו עס איז געשטאַנען אַ לאַנגער טיש צו היבלעווען שטעקנס צו בערשטן, וועלכע ער האָט פונאַנדערגעטראָגן איבער די געשעפטן. יענע שטוב איז עס געווען דער אַדרעס, ווו יעדער נויט־באַדערפטיקער פון וואָיסלאָוויץ האָט געפונען אַ דאַך איבערן קאָפּ, אַ טרייסט אין זיין עלנט און אויך אַן אויסזיכט אויף צו באַקומען אַרבעט.

**אין די צענדליקער זענען זיי געווען די וואַיסלאָוויצער יוגנטלעכע, וואָס זענען דורך משה־חיימען געהאָלפן געוואָרן אויף פאַרשידענע אופנים, מיט אַרבעט, מיט אַ דירה און מיט אַ גוט וואָרט. זיין אויפמערקזאַמקייט האָט דעם נויט־באַדערפטיקן באַגלייט די גאַנצע צייט ביז ער איז שוין געשטאַנען אויף זיינע אייגענע פיס און געווען בכוח מיט די אייגענע כוחות אויסקעמפן די חיונה.**



**ר׳ משה־חיים רייזבוים מיט זיין פרוי פייגע און טאָכטער חיה.**

זייענדיק אין וואַרשע האָבן זיי אויך קיינמאָל נישט פאַרגעסן אין זייער וואָיסלאָוויצער שטאַם, האָבן זיך געפילט צוגעבונדן מיט טויזנטער פעדעם צום שטעטל און צו די מענטשן. דאָס איז דאָס כאַראַקטעריסטישע פאר די מענטשן פון אונזער שטעטל אומעטום ווו זיי געפינען זיך: צוגעבונדנקייט און אחריות בבחינת כל ישראל ערבים זה לזה. זיי, די משה־חיימס, האָבן זיך געפונען אומעטום, אין פאַרשידענע שטעט אין דער וועלט. אויך אין וואַרשע זענען געווען נאָך וואָיסלאָוויצער מענטשן. נישט אַלע האָבן זיך מיט דער איניציאַטיוו און ענערגיע, אָבער פון אַלע האָט עס געשטראַלט מיט הארציקער ווארעמקייט און איבערגעגעבנקייט. אַזעלכע זענען אויך געווען זיינוול אָסטראָווערס טעכטער שיינדל, די פרוי פון בעריש קלוגער און פעשע, די פרוי פון אהרן קראַקאָוויאַק. זיי האָבן געלעבט אין גרויס דחקות, אין אָרעמע קעלער־שטיבן, וועלכע זענען אָבער געווען אָפן פאַר יעדן נויטבאַדערפטיקן. יעדער האָט זיך דאָרט געקענט דערוואַרעמען די נשמה און דעם גוף, מיט אַ דערמונטערנדיק וואָרט און מיט אַ הייס גלאָז טיי. אין די דאָזיקע שטובן האָט מען געפילט די וואַרעמע אַטמאָספער פון אונדזער שטעטל, וואָס האָט ביי אסך וואָיסלאָוויצער געלינדערט דעם עלנט און די פרעמדקייט פון דער גרויסער שטאָט און געהאָלפן לייכטער איבערטראָגן די שווערע צייט פון שטעלן די ערשטע טריט אינעם טומל פון רוישיקן וואַרשע צו וועלכן דעם וואָיסלאָוויצער איז נישט גרינג געווען צו צוגעוווינען זיך און די בענקשאַפט צום שטעטל איז געווען גרויס.

עס דערמאנט זיך מיר דאָס יאָר 1939, ווען די היטלעריסטישע האָרדעס האָבן פאַרנומען וואַרשע. אין די גאַסן האָט מען דעמאָלט זיך אָנגעטראָפן אויף אַ סך פאַרווונדעטע און טויטע יידן. עס איז געווען אַ געפאַר אַרויסצוגיין אין דער גאַס. דער טויט האָט געלויערט פון אַלע ווינקלען און משה־חיים האָט געהערט צו די, וואָס האָבן איינגעשטעלט זייער לעבן ביים העלפן צונויפקלויבן די פאַר־ווונדעטע און טויטע. איך האָב משה־חיימען באַגעגנט אַמאָל אַן איינגעשפּאַנטן אין אַ וואָגן מיט מתים, וואָס ער האָט געשלעפט צום בית־עולם אויף גענשע גאַס.

דאָס זענען נאָר איינצלנע פּרטים וועגן דעם לעבן פון דעם האָרציקן ייד און אמתן מענטש משה־חיים. זיכער וועלן זיין נאָך אַנדערע לעבנגעבליבענע וואָיסלאָוויצער יידן, וואָס וועלן אים דערמאנען און דערגענצן די שילדערונג וועגן דאָזיקן וואָיסלאָוויצער ייד, וואָס איז אומגעקומען אויף קידוש השם.

## העלדישע פאַרטיידיקער

אין יאָר 1932, סוכות צייט, האָבן די פּאָליאַקן אין שטעטל און אין די אַרומיקע דערפער געפירט אַ שטאַרקע העצע קעגן די יידן. אָנגעפירט מיט זיי האָט דעם קאָשטשעלניקס זון. אין שטעטל זענען דערגאַנגען ידיעות, אז עס גרייט זיך אַ פּאָגראָם אויף די וואָיסלאָוויצער יידן.

פאַרשטייט זיך, אַז די דאָזיקע ידיעות האָבן אָנגעוואָרפן אַן אימה אויף די יידן אין שטעטל, אָבער באַלד האָבן זיך געפונען גיבורים, וואָס האָבן אָרגאַניזירט אַ זעלבשוץ ,און אַדאַנק דעם אָפּגעראַטעוועט דאָס שטעטל פון אַ פּאָגראָם. איינער פון די אומדערשראָקענע העלדישע יידן איז געווען משה שאפּראן.

איך געדענק יענעם טאָג ווען איך בין אַריינגעקומען אין שטוב און געטראָפן מיין מוטער אַ וויינענדיקע. זי איז געווען פול מיט שרעק, עס זאָל נישט געשען עפּעס מיט מיין שוועסטער שרה, וועלכע האָט געוווינט ביי בענטשע געלוואָסער. ביים עק פון דער כעלמער אוליצע, אין דעם טייל פון שטאָט ווו עס האָבן געוווינט די פּאָגראָמטשיקעס. איך האָב געפּרוּווט טרייסטן מיין מאַמען, אָבער מיט יעדע רגע בין איך אויך געוואָרן אַלץ מער פאַרצווייפלט שרעקנדיק זיך פאַרן גורל פון מיין שוועסטער שרה. איך בין אַרויס אין גאַס און גענומען גיין אין דער ריכטונג פון דער כעלמער אוליצע. דורכגייענדיק דעם מאַרק האָב איך געזען משה שאפּראנען שטיין אויף שמירה. איך האָב אים דערציילט וועגן אונדזער שרעק און זאָרג, אַז עס קען עפּעס חלילה געשען מיין שוועסטער. ער האָט גלייך דערקלערט, אַז ער איז גרייט צו גיין מיט מיר, האָט אַרויסגעשלעפּט פון אַ ווינקל אַן אייזערנע שטאַנג און איינע אויך געגעבן מיר. באַוואָפנט מיט די אייזנס האָבן

**מיר זיך צוגעקריגן צו מיין שוועסטערס דירה. זי האָט זיך זייער דערפרייט מיט אונדז און מיר האָבן זי אַוועקגעפירט אין אונדזער שטוב. אַזעלכע זענען זיי געווען די שאפראנס און אַ סך אַנדערע, אומדערשראָקענע העלדן, ווען עס איז געקומען דער מאָמענט צו פאַרטיידיקן די יידן אין שטעטל קעגן אַן אנפאַל פון פאָג־ראמטשיקעס.**

איינע פון די גרויסע משפחות אין וואַיסלאָוויץ פון וועלכע ס'איז נ'שט געבליבן קיין זכר.



פון רעכטס: **ר' חיים קלמן כץ, זיינע טעכטער כאַשע און פייגע און זיין זון שלום מיט זיין פרוי.**

## יחיאל מיטלמאן

# דאס באָד־געסל



רעמעלייט האָבן אין וואַיסלאָוויץ נישט געפעלט און מערסטנס האָבן זיי געוווינט אין באָד־געסל. אין דער אמתן איז עס נישט געווען איין געסל, נאָר דריי קליינע געסלעך, וואָס האָבן זיך געצויגן פון דער שול ביז צום באָד. די שטיבלעך זענען דאָרטן געווען נידעריקע, געבויגענע און איין שטיבל איז געווען אָנגעשפּאַרט אין צווייטן, געטוליעט זיך איינע צו די אַנדערע, ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט, אַז דער ווינט זאָל זיי נישט איבערקערן.

די פענצטער אין די דאָזיקע הייזלעך זענען געווען האַרט ביי דער ערד. נאָכן איבערבויען דאָס באָד, איז דאָס געווען די גרעסטע געביידע אין די דאָזיקע געסלעך.

אין דער ערשטער שטוב, רעכטס פון געסל, האָט געוווינט דער רב פון שטעטל. ווען איך טראַכט איצט, פאַרוואָס דער רב האָט געוווינט אין דעם אָרעמען געסל, מיין איך אַז דאָס איז געווען דערפאַר, וואָס עס איז געווען אַזוי נאָענט צו דער שול און צום בית־המדרש.

אין יעדער פון די דאָזיקע קליינע שטובן האָבן געוווינט אַן אַכט—צען מענטשן. עס איז נישט געווען קיין אָרט ווו אַוועקצושטעלן די בעטן, האָט מען צונויפגעקלאַפּט פון ברעטער אַזאַ מין טאַפּטשאַן, אויף וועלכן אַלע קינדער זענען געשלאָפן צוזאַמען.

ביים קליינעם פענצטערל האָט מען אַוועקגעשטעלט אַ טישל, אויף וועלכן עס איז געלעגן אַ האַמער מיט אַ ביסל געצייג און דאָס האָט מיט זיך פאָר־געשטעלט דעם וואַרשטאַט, פון וועלכן מען האָט געדאַרפט ציען חיונה. אָבער די גרעסטע דאגה אין די דאָזיקע שטובן איז געווען, ווו נעמט מען די אַרבעט? אין באָד־געסל איז יעדער צווייטער ייד געווען אַ שוסטער. דאָ האָבן אויך געוווינט צוויי קאַמאַשנשטעפּערס. קעגנאיבער זיי האָט געוווינט יאָסעלע דער וואַסער־טרעגער.

אין געסל האָבן אויך געוווינט עטלעכע „סוחרים", וואָס פלעגן יעדן מאָנטיק אַרויסגיין פון שטוב און געלאָזט זיך איבער די דערפער. זיי זענען אַרויס אין באגין און געאײַלט זיך, כדי צו טרעפן די פויערים אינדערהיים, איידער זיי גייען אַרויס אין פעלד. יעדער אַזאַ סוחר האָט געטראָגן אויף די פלייצעס אַ זאַק, מערסטנס ליידיק, מיט דער האָפענונג אײַנצוקויפן עפעס, וואָס ער וועט דאַרפן נעמען אין זאַק אַרײַן. אַזוי זע איך פאַר זיך יאַנקל דעם סוחר, ווי ער גייט אין דאָרף אַרײַן און זײַנע ליפן מורמלען אַ תפילה צום רבונו של עולם, ער זאָל מצליח זײַן און קויפן אַ יונג קעלבל. אים איז קיינמאָל נישט אײַנגעפאַלן אַ טראַכט צו טון, אַז דאָס קעלבל איז שווער און נישט פאַר זײַנע כוחות. ער וואָלט דאָס קעלבל גענומען אויף די פלייצעס און אַהיימגעטראָגן, אַרײַנגעבריינגט אין שטוב אַרײַן מיט גרויס פרייד. ווײַב און קינדער וואָלטן אַזש געטאַנצט פון שמחה, עס וואָלט געווען אַ פּאָר זלאָטעס פאַרדינסט אויף צו מאַכן שבת. טאָג נאָך טאָג האָט דער דאָזיקער יאַנקעלע אויסגעמאָסטן די וועגן אויף דעם אַלטן און נײַעם מיידאַן, באַרג־ארויף און באַרג־אַראָפּ און נישט איינמאָל איז ער אַהיימגעקומען אַן אויסגעמאַטערטער מיט אַ ליידיקן זאַק.

עס איז געווען פרילינג 1934, דער שניי האָט שוין אָנגעהויבן צו צעגיין דאָס טײַכל, וואָס איז געשווימען פון דער גראַבאָוויצער זײַט האָט זיך איבער־געגאָסן און פאַרפלייצט דאָס באָד־געסל, און דאָס באָד און די אַרומיקע שטיבלעך. אַזוי פלעגט עס נישט איינמאָל געשען אין די פרילינגס און דעמאָלט איז די נויט פון די שטיבלעך אין באָד־געסל געוואָרן נאָך גרעסער און פײַנלעכער.

אָט זע איך פאַר זיך רויזען, דעם קאַמאַשנשטעפּערס ווײַב, ווי זי גייט אין באַגין אַרויס אויף דעם בריקל, וואָס דער מאַן האָט מיט עטלעכע טעג צוריק געמאַכט. עס זעט אויס כמעט ווי אַ גאַנעק מיט צוויי טרעפּלעך ארויפצוגיין. זי שרייט אַריבער צו דער צווייטער שטוב, וווּ עס האָט זיך באַוויזן חנה, דעם שוסטערס ווײַב: „קום אַהער, חנה. דאָ איז טרוקן, און די זון וואַרעמט אַ מחיה". חנה לאָזט זיך נישט לאַנג בעטן און דער שמועס הייבט זיך אָן שוין אויפן וועג. זיי רעדן וועגן דעם טײַכל, וואָס האָט דאָס יאָר פאַרגאָסן מער ווי אַלעמאָל און מען קאָן שוין נישט צוגיין צום באָד. רויזע דערציילט איר, אַז זי איז אַ גאַנצע נאַכט געווען פאַרנומען ביים אַרויסגיסן דאָס וואַסער דורכן פענצטער. אַ גאַנצע נאַכט האָט גערעגנט און דער דאַך איז געלעכערט פונקט איבערן טאַפּטשאַן, אויף וועלכן עס שלאָפן די קינדער. רויזע גיסט אויס איר אָנגעווייטיקט האַרץ און דערציילט ווי זי האָט פאַר דער ערשטער וועלט מלחמה געהאַט זייער אַ שיינע דירה אינמיטן גאַס. זי געדענקט, ווען די רוסן זענען אַרויס פון שטעטל, האָבן עטלעכע סאָלדאַטן באַגאָסן די יידישע שטובן מיט נאַפט און זיי אונטערגעצונדן. כמעט דאָס גאַנצע

שטעטל איז דעמאָלט אַוועק מיטן פייער נאָר דאָס אָרעמע באָד־געסל איז געבליבן. זיי האָבן זיך דאָ אַריבערגעציגן און זינט דעמאָלט אַרבעט איר מאָן טאָג און נאַכט, אָבער אויף קיין צווייט שטיבל קען ער זיך נישט אַרויפאַרבעטן.

חנה טרייסט איר: „נעם זיך נישט איבער, רויזע, עס וועלן דורכגיין אַ פּאָר טעג און דאָס וואַסער וועט אָפּפאַלן. עס וועט בלייבן אַ בלאָטע, וועט מען אַוועקלייגן עטלעכע ברעטלעך און מען וועט האָבן אַ פרייעם וועג צום באָד..."

אַזוי האָט מען זיך אין יענע טעג געטרייסט, אַז באַלד וועט וידער אויפשיינען די זון און עס וועט ווערן טרוקן, און קינדער וועלן קענען אַרויסגיין אין גאַס, זיך שפּילן ביז שפּעט אין דער נאַכט.

גאָר פריילעך איז געוואָרן ביי די קינדער ווען עס האָט זיך גראד געמאַכט, אַז אַ קאַזע איז אַרויפגעשפּרונגען אויפן דאַך און נישט געקענט אַראָפּגיין. דאָס געלעכטער פון די קינדער האָט דעמאָלט אָפּגעקלונגען איבערן גאַנצן געסל.

פונדערוויטנס האָט זיך באַוויזן יאָסעלע דער וואַסערטרעגער מיט די פּאַשעס אויף די אַקסלען און צוויי נאַכהענגנדיקע עמערס. די הויזן זענען געווען ביי אים פאַרקאַטשעט ביז צו די קני און אַזוי האָט ער געטאָפּטשעט איבערן וואַסער אַ טראָט נאָך אַ טראָט. יאָסלען האָט מען אויך גערופן בויאַק. אַלע אין שטעטל האָבן געהאַט צונעמען. איינער האָט גע־הייסן קנאָבל, דער צווייטע־



**יוסלה שואב המים —**
כל יהודי בעיירתנו, אפילו הדל ביותר, נשא בקרבו יחד עם צערו ומצוקתו גם מקצת מש־שונו של עולם, וזה היה סוד חיוכו.

**יאָסעלע וואַסערטרעגער**
יעדער ייד אין שטעטל, אפילו דער אַרעמסטער, האָט גע־טראָגן אין זיך, צוזאַמען מיט זיין צער און נויט, אויך עפּעס פון גרויסער וועלט־פרייד, און דאָס איז געווען דער סוד פון זיין שמייכל.



**די יונגע פונעם באָד־געסל.**
פון רעכטס: אברהם ווייספוטער
דוד ווייספוטער, אהרן טוכמאַן און
אפרים מילער.

אַנדערש איז אינעם זעלבן באָד־געסל געוואקסן די יוגנט אין דער שטיקנ־דיקער ענגשאַפט האָבן זיי, פונקט ווי זייערע עלטערן, אויך געבענקט און געחלומט פון בעסערע צייטן. זיי האָבן איינגעזאַפּט אין זיך זיפצן פון זייערע טאַטע־מאַמע, אָבער אין זיי־ערע מוחות האָבן שוין געצייטיקט די געדאַנקען וועגן פרייהייט און ענדערן דעם גורל פון פאַרוואָגלטן ייד.

שטשערבאַטער, אָן אַנדערער גאַרבאַטער, אָדער גאָר משומד. יאָסלען האָט מען גערופן בויאק ווייל ער איז געווען קליין און דיק, מיט אַ גרויסער נאָז, אַ הויכע פּלייצע אויף וועלכע די נאָשעס זענען געלעגן ווי אַרויסגעוואַקסן. זומער און ווינטער האָט ער געטראָגן דאָס וואַסער פון ווייטן ברונעם. שטענדיק אין דעם זעלבן לבוש, אַ לאַנגע טונקל־ברוינע מאַרינאַרקע מיט געלאַטעטע הויזן. ער איז קיינמאָל נישט געווען דערעסן. מיט די יאָרן איז ער געוואָרן אַלץ שוואַכער און שוואַכער, אָבער ווען אַ באַלעבאָסטע, וואָס האָט באַמערקט, אַז ער פאַלט פון די כוחות, האָט אים פאָרגעשלאָגן צו געבן אַ פּאָר גראָשן אָן דעם וואַסער, האָט זיך יאָסעלע געפילט באַליידיקט: „איך בין נישט קיין בעטלער. ווילסט נישט קיין וואַסער, דאַרף מען נישט, אָבער אָן וואַסער נעם איך נישט קיין געלט...״ אין איינעם אַ רעגנדיקן טאָג האָט מען געפונען יאָסעלן אַ ליגנדיקן ביים ברונעם און נעבן אים די נאָשעס מיט די עמערס. זיין טויטער קערפּער איז געווען אויס־געווייקט פון רעגן.

אין שטעטל איז געוואָרן אַ רעש, עס איז נישט געווען ווער עס זאָל באַצאָלן פאַרן ברענגען אים צו קבר ישראל. ערשט אויפן צווייטן טאָג האָט מען יאָסעלען געטראָגן איבערן באָד־געסל און ביים טייכל האָט דער שמש צוויימאָל אַ געשריי געטון: „צדקה תציל ממות!״ אַ צענדליק יידן האָבן איינגעטונקען זייערע הענט אין טייכל און זיך צעגאַנגען יעדער אין זיין היים און נאָך לאַנג האָט מען אין שטעטל זיך אַנדערציילט פאַרשידענע מעשיות וועגן יאָסעלען.

## רחל יוגלי–הובערמאן

# קינדער־יארן
# אין מיין געבוירן־שטעטל

איך בין נאָך געווען אַ קינד, ווען מיין משפחה האָט פאַרלאָזט וואָיסלאָ־וויץ. אַ סך יאָרן זענען שוין פאַרביי זינט יענער צייט און דאָך זענען יענע קינדער־יאָרן אין וואָיסלאָוויץ געבליבן איינגעקריצט אין מיין זכרון. זיי שווימען אויף פאַר מיר און איך זע פאַר זיך יענע צייט, דאָס שטעטל און די מענטשן, ווי דאָס וואָלט ערשט נישט לאַנג געווען, ווי איך וואָלט דאָס אַלץ ערשט מיט אַ קורצער צייט צוריק איבערגעלעבט.

אָט זע איך זיך גיין אין שול, אין ערשטן קלאַס. צוזאַמען מיט מיר זענען אויך געווען די צווייי קינדער פון חיים־קלמן, דער וואָס האָט געהאַט אַ געוועלב אויפן ראָג, מיט צווייי פענצטער און אינמיטן אַ טיר. אין געשעפט אַריין האָט מען געדאַרפט אַראָפגיין מיט עטלעכע טרעפלעך. אין מיין דעמאָלטיקער פאָר־שטעלונג איז דאָס געווען אַ געשעפט פון כל־טוב.

פאַר די חגאות האָט די לערערין אין שול געוואָנדן זיך צו אונדז מיט רמזים, אַז מיר וואָלטן געדאַרפט איר ברענגען מתנות. זי האָט אונדז אויפגעקלערט וואָס פאַראַ גרויסער יום־טוב דאָס איז און אַז לכבוד דעם יום־טוב שיקט מען פאָמעראַנצן, ציטרינען, שאָקאָלאַד א.ד.ג.

אין יענער צייט האָט אין די שולן זיך פראַקטיצירט דער האַלב־יאָר־סיסטעם ד.ה. אַז צום האַלבן יאָר האָט מען געקריגן די אָפּמערקונגען אויף די צייגענישן און צום סוף יאָר די פולע צייגעניש. ווי גרויס איז געווען מיין פאַרביטערונג ווען צום האַלבן יאָר האָבן חיים־קלמנס קינדער באַקומען גוטע און זייער גוטע אָפּמערקונגען, כאָטש אַלע האָבן געוווּסט אַז זיי זענען גאָר שוואַכע שילער. איך האָב שוין דעמאָלט פאַרשטאַנען, אַז דאָס האָבן די מתנות פאַר דער לערערין געווירקט אויף די גוטע אפּמערקונגען. דאָס האָט מיר ווייי געטון כאָטש מיינע

אפמערקונגען זענען אויך נישט געווען קיין שלעכטע, אָבער מיך האָט מען געהאַלטן פאַר אַ גוטע שילערין און איך האָב נישט געפונען פאַר נויטיק צו געבן מתנות די לערערין. עס האָט ווי געטון די אומגערעכטיקייט פאַרוואָס שלעכטע שילער זאָלן אויך באַקומען אַזעלכע גוטע אפמערקונגען, כאָטש זיי האָבן אַ גאַנץ האַלב יאָר נישט געאַרבעט איבער די לעקציעס.

אַקעגן חיים־קלמנס הויז איז געשטאַנען אַ געמויערטע געביידע, וואָס האָט געהערט צו חיים וואַרמאַן. דאָס דאָזיקע הויז האָט אויף מיר געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ קאָלאָס, גרויס, פעסט און רייך. אַ חוץ דעם הויכן טורעם פון קאָשטשאָל, וואָס האָט זיך אַרויסגעזען אין דער גאַנצער סביבה אַרום דעם שטעטל; דעם כראַביעס פּאַלאַץ, וועלכן איך האָב נישט געזען נאָר געהערט רעדן וועגן אים, האָט מיר חיים וואַרמאַנס הויז אויסגעזען ווי דאָס גרעסטע און רייכסטע.

מיר האָבן געוווינט אין אַ געדונגענער וווינונג ביים בערשטלמאַכער. אין הארבסט, ווען עס האָט גענומען רעגענען אין די בלאָטעס זענען געוואָרן טיפע, האָט מען מיך געטראָגן אויף די פּלייצעס אין שול, אין וועלכער איך האָב געלערנט. גיין צופוס האָט איך נישט געקענט, ווייל איך האָב נישט געהאַט קיין שיכלעך.

שטייען מיר פאַר די אויגן די שלוש־סעודות ביי מיין פעטער וואַלוויש הובערמאַן, מיין טאַטנס ברודער. אַהין איז געקומען אויך דער פעטער מאיר יאָסלס און ער פלעגט זיך וויצלען מיט יאָסל וואַסערטרעגער, מאַכן ליצנות. אַז מען פלעגט פלאַצן פון געלעכטער. דעם גרויסן טיש האָט מען געפלעגט אַרויס־רוקן פון אַלע פיר זייטן די פליגל און אַרום אים האָבן זיך אַרומגעזעצט חסידים פון שטעטל, געזונגען זמירות. די באָבע מייטע, אַ הויכע דאַרע ייִדענע מיט אַ זיידן טיכל אויפן קאָפּ, אַרומגעבונדן אונטער דער גאָמבע, האָט דערלאַנגט צום טיש. די מומע שיינדל, דעם פעטער וואַלווישעס ווייב, איז געשטאַנען אין קיך און געגרייט די גוטע זאַכן. איך זע פאַר זיך די פנימער פון די צופרידענע און צעזונגענע חסידים, אָבער ליידער קען איך זיך נישט דערמאָנען זייערע נעמען.

מיין פאָטער האָט אין שטעטל זיך פאַרנומען מיט פאָרן איבער די דערפער און פאַרקויפן פאַר די פויערים מאַנ׳פאַקטור. פון צייט צו צייט פלעגט ער פאָרן קיין לאָדז און ברענגען פון דאָרט סחורות. קיין גרויסע גליקן האָט ער דערביי נישט געמאַכט. עס זענען געווען צייטן, ווען עס איז געווען גאָר שווער מיט פרנסה. אין יאָר 1923 האָבן מיר זיך אַריבערגעצויגן קיין לאָדז.

אין יאָר 1937 איז געשטאָרבן די באָבע מייטע. די ידיעה וועגן דעם האָב איך באַקומען אין לודמיר, ווו איך בין דעמאָלט געווען אין קיבוץ און בין גלייך אַרויסגעפאָרן קיין וואָיסלאָוויץ צו דער לוויה. עטלעכע טעג האָב איך דעמאָלט

פאַרברענגט אין שטעטל, וואָס האָט די גאַנצע צייט געלעבט אין מיין זכרון. כ׳האָב געדענקט חיים וואַרמאַנס גרויסע הויז, חיים־קלמנס רייך געשעפט. איצט בין איך געגאַנגען עס אָנקוקן און בין מיטאַמאָל געוואָרן אַנטוישט. איך בין שוין געהאַט געוועז אין דער גרויסער שטאָט, געזען הויכע און שיינע הייזער, האָבן איצט די דאָזיקע קליין־שטעטלדיקע געביידעס מיר אויסגעזען קליין און נעבעכדיק.

נישט געקוקט דערויף, ווען עס לעבן ווידער אויף פאַר מיר מיינע קינדער־יאָרן און איך דערפיל אַזאַ שטאַרקע בענקשאַפט צום שטעטל, שטייען מיר ווידער אויף פאַר מיינע אויגן די צוויי געביידעס אין יענער גאַנצער גרויס, אַזוי ווי איך האָב זיי געזען מיט מיינע קינדערישע אויגן.

עס טרעפט און איך פרעג זיך אַליין: פאַרוואָס האָבן זיך אַזוי שטאַרק יענע טעג איינגעקריצט אין מיין זכרון? איך בין דאָך געווען נאָך גאָר אַ קינד ווען מיר זענען אַוועק פון וואָיסלאָוויץ און אַריינגעכאַפט געוואָרן אין דעם ווירוואַר פון דער גרויסער שטאָט לאָדזש? דער אמת איז, אַז אויך אין לאָדזש האָט מען אין אונדזער שטאָט ווייטער פאָרגעזעצט דעם לעבנסשטייגער פון שטעטל. מען האָט געקאָכט די זעלבע מאכלים און מען האָט געלעבט אין דעם אינטערעסן־קרייז פונעם שטעטל, מיטגעלעבט יעדע געשעעניש אין וואָיסלאָוויץ, געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט די קרובים און באַקאַנטע, וואָס זענען פאַרבליבן אין שטעטל.

צו גרויס האָט זיך פאַר אונדז אויסגעוויזן לאָדזש, אַז מיר זאָלן זיך דאָרט דערפילן היימיש. אונדז האָט געפעלט די וואַרעמקייט פונעם שטעטל און מיר האָבן זי אָפּגעהיטן אין אונדזערע הערצער. די אַטמאָספער אין אונדזער שטוב איז געווען אַ וואָיסלאָוויצער.

עס זענען געווען צייטן ווען איך האָב זיך געוואָלט דערווייטערן פון דער קליינשטעטלדיקער אַטמאָספער. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס קליינשטעטלדיקע שטערט מיר אינעם אַריינוואַקסן אין דער גרויסער שטאָט. כ׳האָב קריטיקירט דעם געדאַנקנגאַנג און די פירעכצער פון דעם קליינעם שטעטל, אין וועלכן מיינע עלטערן האָבן זיך געקלאַמערט. ווייזט אויס, אַז דאָס איז געווען נישט מער ווי דער אויבערפלעכלעכער געדאַנק, דער אויבערפלעכלעכער ווילן צו ווערן גרויסשטאָטיש, אָבער אין האַרצן, אין מיין גאַנצן געמיט בין איך געווען דורכגעזאַפּט מיט וואָיסלאָוויץ, מיט דער האַרציקער וואַרעמקייט, וואָס איז געגאַנגען פון די וואָיסלאָוויצער מענטשן, פון די קרובים און פריינט און דערפאַר האָבן די דערינערונגען זיך איינגעקריצט אַזוי טיף אין מיין זכרון.

אין לאָדזש בין איך אויפגעוואַקסן, אַוועק אין סניף פון „השומר הצעיר״ און דערנאָך אויף הכשרה און אין יאָר 1938 בין איך עולה געווען קיין ארץ־ישראל און בין פינף און צוואַנציק יאָר געווען אין קיבוץ.

## אין דער וואַיסלאָוויצער לאַנדסמאַנשאַפט

מיטן אַנטשטיין פון מדינת ישראל האָבן זיך אָנגעהויבן שאַפן אויך די לאַנדסמאַנשאַפטן פון די פאַרשידענע שטעטלעך. די חברים פון קיבוץ האָבן אָנגעהויבן פאָרן אויף די צוזאַמענטרעפן פון זייערע לאַנדסמאַנשאַפטן און צוריקקומענדיק פלעגן זיי זיך איבערגעבן די איינדרוקן, ווען זיי האָבן באַגעגנט, מיט וועמען זיי האָבן געשמועסט, ווי אַזוי די מענטשן האָבן זיך געענדערט א. א. וו. איך פלעג זיי דאַן מקנא זיין מיט זייער אָנגעהעריקייט צו אַ לאַנדסמאַנשאַפט. מיר איז שווער געווען צו באַשליסן צו וועמען איך געהער. איך לאָדזש האָב איך טאַקע געלעבט די מערסטע יאָרן ביז צו דער עליה, אָבער איך האָב זיך נישט געפילט פאַרבינדן מיט דער שטאָט און דערפאַר נישט געפילט דעם דראַנג זיך צו באַגעגענען מיט די לאָדזשער לאַנדסלייט. וואַיסלאָוויץ האָב איך פאַרלאָזט ווען איך בין נאָך געווען אַ קינד און עס איז פאַר מיר נישט געווען קלאָר, צי געהער איך טאַקע צו דער וואַיסלאָוויצער לאַנדסמאַנשאַפט.

אַזוי האָב איך אָנגעהויבן קומען אויף די אזכרות נאָך די וואַיסלאָוויצער קדושים און איך האָב מיט יעדן טאָג אַלץ שטאַרקער דערפילט מיין פאַרבינדונג מיט די שארית הפליטה פון מיין געבורטס־שטעטל. כאָטש מיינע עלטערן זענען אומגעקומען אין לאָדזש, אָבער מיט זייער געדאַנק אין האַרץ זענען זיי די גאַנצע צייט געווען פאַרבונדן מיט וואַיסלאָוויץ און זיי געהערן צו די קדושים פון מיין שטעטל וואַיסלאָוויץ.

## דעם בדחנס גראַמען

עס טרעפט, אַז איך דערזע די בילדער פון מיינע קינדער־יאָרן אין וויאַסלאָוויץ מיט אַזאַ זעלטענער קלאָרקייט. אָט זע איך די תנאים פון מיין ברודער דוד מיט זיין כלה באַזיאַלע. זיכער האָב איך נאָך דעמאָלט נישט פאַרשטאַנען די באַדייטונג פון יענער פייערונג. אָבער דאָס בילד איז געבליבן טיף איינגעקריצט אין מיין געמיט. עס שטייט מיר פאַר די אויגן דאָס שיינע לאַכעדיקע פנים פון דער כלה און דאָס לויטערע אויסגעאיידלט פנים פון איר מוטער, סלאַווע קליינמינץ.

די תנאים זענען פאָרגעקומען אין דער שטוב פון די קליינמינץ. עס זענען געקומען אַ סך געסט, פון ביידע צדדים. די שטימונג אין שטוב איז געווען אַ וואַרעמע. מען האָט געגעסן און געטרונקען. עמיץ פון די מחותנים, וואָס איז געזעסן אויבנאָן, האָט מיך געהאַלטן אויף זיין שויס. איך האָב געזען פאַר זיך דעם גאַנצן טיש, וואָס איז געווען רייך געדעקט און מיר דאַכט זיך, אַז איך פיל נאָך אויף די ליפּן דעם טעם פון די קאָמפּאָטן און איינגעמאַכצן. אין לעבן איז

מיר שוין אויסגעקומען צו עסן פֿאַרשידענע מאכלים און נישט איינמאָל האָב איך געוואָלט אין זיי דערפֿילן דעם טעם פֿון יענע מעדנים, אָבער ביז איצט איז עס מיר נישט געלונגען.

אַט זע איך זיך אויף דער חתונה פֿון מיין קוזינקע חוה גערץ. ווי געוויינלעך האָט דאָס גאַנצע שטעטל אָנטיילגענומען אין דער חתונה. די כלה איז געווען אַ יתומה און אַלע האָבן זיך געפֿילט ווי מחותנים אויף דער שמחה.

איך געדענק זיך אויף די הענט פֿון מיין פֿאָטער, צווישן אַ גרויסע מאַסע מענטשן. מיר האָט זיך געוואָלט שלאָפֿן, אָבער פּלוצלונג האָבן די קלעזמערים אָנגעהויבן צו שפּילן און די גאַנצע מאַסע מענטשן האָט זיך צעוויגט. מען האָט געוויינט און געלאַכט, געשטופּט זיך פֿאָרויס. יעדער האָט געוואָלט זיין נעענטער צו די חתן־כלה. אַ סך האָבן געהאַלטן ליכטלעך אין די הענט און זיי האָבן אין דער טיפֿער פֿינצטערניש פֿון דער קליינשטעטלדיקער נאַכט געפֿינקלט ווי די שטערן. די חופּה האָט מען געשטעלט אויפֿן שול־הויף.

די חתונה האָט זיך פֿאַרצויגן ביז שפּעט נאָך האַלבער נאַכט. נאָכן עסן און טרינקען און פֿאַרשידענע אַנדערע צערעמאָניעס האָט מען אָנגעהויבן אויס־רופֿן דאָס דרשה־געשאַנק. דער בדחן איז אַרויף אויפֿן טיש און הויך אויפֿן קול אויסגערופֿן די מענטשן און די מתנות, וואָס זיי האָבן געשענקט. די גאַנצע צייט האָט די מוזיק צוגעשפּילט צו די גראַמען פֿונעם בדחן. וואָס טייערער עס איז געווען די מתנה אַלץ הילכיקער האָט געדונערט די מוזיק.

אַזויפֿיל יאָרן זענען פֿאַרביי און אויף אַזויפֿיל חתונות בין איך שוין געווען, אָבער די גאַנצע צייט האָב איך נישט אויפֿגעהערט צו טראַכטן וועגן יענער אטמאָס־פֿער פֿון יענער חתונה אין שטעטל, וואָס האָט נישט צו זיך קיין גלייכן. מיר דאַכט זיך, אַז יענע אַלטע טראַדיציעס זענען פֿאַרשוווּנדן צוזאַמען מיטן אומקום פֿון די יידן אין שטעטל.

##ביים טייכל

איך געדענק דאָס טייכל אין וואָיסלאָוויץ. איך האָב קיינמאָל נישט געוווּסט וואָס פֿאַר אַ נאָמען עס האָט. עס האָט זיך זיכער נישט געפֿונען אויף קיין שום מאַפּע, אָבער אין מיין זכרון איז עס געבליבן מיט אַלע פֿריידן, וואָס קינדער קענען געניסן ביי אַ טייכל אין די זומערדיקע טעג. איך האָב יענע טעג מיטגענומען מיט זיך, צוזאַמען מיט אַלע קינדערישע חלומות, וואָס זענען נישט דערחלומט געוואָרן ביזן סוף.

בעת מיין צווייטן באַזוך אין וואָיסלאָוויץ, ווען איך בין אַהינגעקומען

פון דער הכשרה צו דער לוויה פון מיין באבע, האָב איך זיך אַרויסגעכאַפּט פון שטוב און אַוועק צוזאַמען מיט מיינע קוזינקעס, אסתר און דבורה טענענבוים, שפּאַצירן איבערן שטעטל. מיך האָט געצויגן צום טייכל, וואָס האָט אין מיינע קינדערישע אויגן אויסגעזען גרויס און טיף. אין יענעם טאָג האָבן מיר דאָס טייכל געקענט אַריבערשפּרונגען מיט איין שפּרונג. עס איז געווען אויסגעטריקנט און שמאָל. איך האָב זיך געטרייסט, אַז ווען עס רעגנט, צעוואַקסט זיך דאָס שמאָלע וואַסערל אין אַ ברייטן טייך, וואָס פלעגט זיך אַמאָל צעגיסן און צוקומען ביז צום הויז, ווו מיר האָבן געוווינט. עס האָט געטראָפן און עס האָט אויפגעהויבן דאָס בריקל און אַלע פון שטוב זענען אַרויס צוהאַלטן דאָס בריקל, עס זאָל נישט אַוועקשווימען מיטן שטראָם.

דאָס טייכל האָט פאַרנומען אַ גרויס אָרט אין לעבן פון שטעטל. פון דאַנען האָט מען געשעפּט וואַסער פאַר אַלערליי באַדערפענישן און אויך צום וואַשן.

ליב און טייער איז מיר דאָס שטעטל מיט זיינע גרויסע און קליינע הייזער, מיטן געפילדער פון קינדער און אומרואיקן יאָגן זיך פון די דערוואַקסענע נאָך פרנסה. עס איז מיר טייער דאָס אָפּגעשטאַנענע און דאָס מאָדערנע, די אַלטע און די יונגע. זייערע בטלנותדיקע שמועסן און זייערע אידעאַליסטישע שטרעבונגען צו אַ בעסערער צוקונפט.



רחל הובערמאַן־יוגליס מוטער, די אלמנה פון שמחה הובערמאַן, איר שוועסטער עטל מיט איר מאַן, לייבל גערץ („טאבאק").

חנה שאפּעל

# יום-טוב בײַ דער מאָדערנער יוגנט

מיט פרײלינגדיקער פרייד האָבן מיר אויפגענומען די פאַרשידענע ימים־טובים. צו יעדן יום־טוב האָבן מיר צוגעגרייט אונדזערע אייגענע פאַרווײלונגען ווי אַ צוגאָב צו די פאַרשידענע מנהגים און טראַדיציעס, מיט וועלכע אונדזערע עלטערן אין שטעטל האָבן געפּייערט דעם יום־טוב.

מיר, די מאָדערנע יוגנט, האָבן צו יעדן יום־טוב צוגעגרייט אָדער אַ טעאַטער פאָרשטעלונג, אַ פאַנטאַ־לאָטעריע צי אַן אויספלוג.

די אויספלוגן אין די ימים־טובים האָבן שטענדיק געהאַט אַ גרויסן דער־פאָלג. זיי זענען געווען פאַרבונדן מיט צונויפטרעפן מיט דײַר יוגנט פון אַנדערע שטעטלעך. מען האָט געשלאָסן אַלעמאָל נייע באַקאַנטשאַפטן און מען איז באַרייכערט געוואָרן מיט נייע עמאָציעס.

איך געדענק אַ חול־המועד סוכות האָב איך צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע חברים אָרגאַניזירט אַ קינדער־פאָרשטעלונג. די פּיעסע האָט געהייסן „דער ליגנער״. דאָס אָרגאַניזירן אַזאַ פאָרשטעלונג איז נישט אָנגעקומען לייכט. מיר האָבן זיך נישט געקענט דערלויבן איינצולאַדענען אַ פּראָפעסיאָנעלן רעזשיסער פון דער גרויסער שטאָט, ער זאָל אונדז העלפן און אויספירן די פּיעסע. צו דעם האָט מען געדאַרפט האָבן געלט און דאָס האָבן מיר נישט געהאַט. מיר האָבן דערפאַר אויסגענוצט אייגענע כוחות און מיט גרויסע אָנשטרענגונגען האָבן מיר די זאַך דערפירט צום דערפאָלג. מיר האָבן איינגעלאַדן חברים פון די שכנותדיקע שטעטל'עך און אונדזער פרייד איז געווען גרויס ווען מיר האָבן געזען די התלהבות, מיט וועלכער די פאָרשטעלונג איז אויפגענומען געוואָרן. אזא פאָרשטעלונג האָט אויך אַריינגעבראַכט געלט און די הכנסות זענען באַשטימט געוואָרן אויף די נויטיקסטע אויסגאַבן. עס זענען אויך געווען פאַלן, ווען מיר האָבן מיט דעם געלט געשטיצט אָרעמע משפחות, ביי וועלכע עס זענען דערצו נאָך געווען קראַנקע קינדער.

נישט געקוקט דערויף, וואָס שוין פון די פריסטע יוגנט־יאָרן האָבן די זין און טעכטער פון אונ־דזער שטעטל געדאַרפט טראָגן אויף זיך דעם עול און זאָרג פאַר פרנסה, פאַר דער וואָכעדיקער חיונה, האָבן זיי דאָך נישט פאַר־לוירן דעם חוש פאַר בינע און שפיל, האָבן אויסגענוצט יעדע געלעגנהייט פאַר פאָרשטעלן זיך. דאָ זעען מיר די צוויי טרוימערישע מיידלעך פאַרשטעלט פאַר ציגיי־נערישע קאָרטנוואַרפערינס. זיי האָבן עס געטון מיט טאַלאַנט, און קודם־כל מיט בענקשאַפט צו טעאַטער־שפיל.



ריווע מעכלס ראַב־היבשמאַן און שיינדל זיידמאַן, יצחק־אליס טאָכטער.

אַזוי איז יעדער יום־טוב פאַרוואַנדלט געוואָרן אין די אינטערעסאַנטסטע טעג פון יאָר, פריילעכע און מיט אַ סך מאָראַלישער סאַטיספאַקציע.

## אַ „בלימל״

די חתונה איז פאָרגעקומען אין דער שטוב פון דעם חתן אָדער פון דער כלה. עס פלעגט טרעפן אַז מען האָט די חתונה איינגעאָרדנט ביים שכן. מען האָט נישט געדאַרפט האָבן קיין גרויסע זאַלן, ווייל עס איז נישט געקומען קיין גרויסער עולם, כאָטש מיט חדשים צוריק האָבן אַלע אין שטעטל שוין געוווסט, אַז ביי דער אַדער יענעם וועט זיין אַ חתונה. איינגעלאַדן צו דער חתונה האָט מען נאָר די סאַמע נאָענטסטע מענטשן און יענע האָבן זיך וואָכן לאַנג געגרייט צו דער חתונה. מען האָט געדאַרפט באַשטעלן שיך ביים שוסטער, מאַכן זיך אַ קלייד, ווייל קיין גרייטע קליידער האָט מען אין ערגעץ נישט געקריגן צו פאַרקויפן.

די חתונה גופא איז נישט געווען קיין רייכע, אָבער דאָך האָט מען זיך געוויילט אויף אַ פאַרשידנאַרטיקן אופן. גאָר גרויס איז געווען דער רעש און טומל אין שטעטל ווען די כלה איז געווען אַ יתומה. דעמאָלט האָבן אַלע אין שטעטל זיך געפילט ווי מחותנים.

מיר קלינגט נאָך אין די אויערן דאָס געוויין פון די ווייבער, ווען דער בדחן האָט גענומען באַזונגען די כלה און מיט זיינע „מאָראַלישע״ גראַמען צעוויגט

דעם עולם. די מענער האָבן באַקומען ערנסטע פּנימער און די ווייבער האָבן זיך צעכליפּעט, געווישט די אויגן מיט די צוגעגרייטע טיכלעך און אַזוי איז דאָס גאַנצע שטעטל געגאַנגען צו דער חופּה. דאָ האָט מען נישט געמוזט זיין קיין איינגעלאַדענער גאַסט. ביי דער חופּה האָבן זיך אַלע געפילט ווי מחותנים. אין קיין שום שטוב איז מען נישט געגאַנגען שלאָפן איידער מען האָט געפירט די כלה צו דער חופּה.

אויף יעדער חתונה האָט מען אויך אָרגאַניזירט אַ „בלימל״, אויף וועלכן מען האָט געזאַמלט געלט אויף פאַרשידענע וווילטעטיקע צוועקן. און מיר איז אַ סך מאָל אויסגעקומען אָנטיילצונעמען אין די זאַמלונגען פון אַזאַ „בלימל״.

די חתונה האָט געדויערט אַ גאַנצע נאַכט. די געסט האָבן זיך אומגעקערט אַהיים מידע און פאַרמאַטערטע, אָבער מיט צופרידנקייט אין האַרצן, מיטן געפיל פון דער גרויסער איבערלעבונג, וואָס עס גיט אַ יידישע חתונה.



**מסיבת־חתונה**

**די חתונה פון דניאלס טאָכטער, 1938**

האפשר להעריך במלים את כל הטעימות והערבות והנעימות שטעמנו בחגיגיות המשפחתיות?! מה שתואר כאן הוא רק מעט מזעיר מאותו הקסם המיוחד בהווי עיירתנו.

איז דען מעגלעך איבערצוגעבן מיט ווערטער דעם טעם און מתיקות פון יענע משפחה־פייערונגען? אַלץ וואָס ווערט דאָ געשילדערט איז נאָר אַ מינימום פון יענעם באַזונדערן צויבער, וואָס עס האָט פאַרמאָגט דער לעבנס־שטייגער אין אונדזער שטעטל.

יאָרן זענען פאַרביי. דער מוראדיקער חורבן האָט אָפּגעווישט אונדזער שטעטל און עס וועלן זיך שוין קיינמאָל נישט אומקערן יענע איבערלעבענישן, וואָס האָבן זיך אַזוי טיף איינגעקריצט אין אונדזערע הערצער, אָבער מיר וועלן זיי קיינמאָל נישט פאַרגעסן און איבערגעבן זיי די קומענדיקע דורות, און זייערע קינדער און קינדס־קינדער, זיי זאָלן קענען די שיינקייט פון אונדזער שטעטל, די הויכע מאָראַל פון אונדזערע טאַטעס און זיידעס. די ווונדערלעכע טראַדיציעס, אויף וועלכע מיר האָבן זיך דערצויגן און זיי באַגלייטן אונדז דאָס גאַנצע לעבן.

אברהם הענדלער



# וואַיסלאָוויצער מענטשן אין וואַרשע

הגם איך בין נישט קיין וואַיסלאָוויצער, האָב איך דאָך געאָטעמט מיט דער וואַיסלאָוויצער אַטמאָספער און דווקא אין וואַרשע. דאָס איז נישט קיין רעטעניש, נישט קיין פאַנטאַזיע, נאָר אמתעווירקלעכקייט. דאָס איז געווען זינט איך האָב אָנגעהויבן אַריינצוקומען צו דער פאַמיליע רייזבאום אין וואַרשע, אויף פּאַוויע־גאַס 48. דאָרט איז געווען די שטוב פון ר׳ משה־חיים, און אַז מען איז אַריינגעקומען אין דער דאָזיקער שטוב, האָט מען דערפילט וואַיסלאָוויץ מיט אַלע חנען און טעמים פונעם שטעטל.

פאַר די, וואָס האָבן געקענט מיין שווער משה־חיים רייזבאום, דאַרף מען נישט שילדערן זיין געשטאַלט, נאָר עס איז גענוג צו דערמאָנען זיין נאָמען און עס שווימט אויף ווי לעבעדיק די שיינע געשטאַלט פון דאָזיקן וואַרעמען ייד און גוטן מענטש, וועמענס האַרציקייט מען האָט דערפילט גלייך ווי מען איז געקומען מיט אים אין קאָנטאַקט. ער האָט מיט זיך מיטגעבראַכט די גאַנצע וואַרעמקייט פון זיין געבוירן־שטעטל און געמאַכט פון זיין שטוב אין וואַרשע אַ היים פאַר אַלע, וואָס זענען געקומען צו פאָרן פון וואַיסלאָוויץ קיין וואַרשע. אָפטמאָל האָט ער אין מיינע אויגן אויסגעזען ווי ער וואָלט געווען דער טאַטע פון גאַנצן שטעטל.

אַ גאַנצע וואָך האָט אין דאָזיקן קליינעם קעלער־שטיבל גערוישט און געטומלט. עס זענען דאָרט אַריינגעקומען עלטערע און יוגנטלעכע. דאָס ערשטע אָרט האָבן, פאַרשטייט זיך, פאַרנומען די יוגנטלעכע, וועלכע האָבן זיך געזעגנט מיט זייער שטעטל און געקומען קיין וואַרשע זוכן אַרבעט. זיי האָבן נאָך אין דער היים געוווסט, אַז זייער ערשטער „האָטעל" וועט זיין משה־חיימס שטוב. ער האָט זיי אויפגענומען ווי אייגענע. גלייך ווי ער האָט זיי דערזען, האָט ער זיי אויסגעשטרעקט זיין וואַרעמע האַנט מיט אַ ברייטן ברוך הבא. די יוגנטלעכע האָבן גלייך דערפילט זיין פאָטערלעכע וואַרעמקייט און עס איז זיי געוואָרן גרינגער אויפן געמיט.

זיין שמאַלע קעלער־שטוב האָט זיך פון באַגין און פאַרוואַנדלט פון אַ „שלאָף־דעפּאַרטאַמענט" אין אַן „אויפנאַם־צימער" אויף גיך זענען צונויפגעלייגט געוואָרן די פּראָוויזאָרישע בעטלעך און עס איז געוואָרן גרוימער, באַקוועמער. משה־חיימס ווייב, פייגע, האָט אַריינגעשיקט צום „בלינדן", ווי מען האָט גערופן דעם קרעמער פון שפּייז־געוועלבל, און אָנגעברענגט פון דאָרט פון כל־טוב לכבוד די נייע געסט. מען האָט זיך גענומען פּאָרען און צוגרייטן דאָס פרישטיק. ביים עסן באַשיט משה־חיים די געסט מיט פראַגן. ער וויל וויסן וועגן יעדע קלייניקייט, וואָס עס טוט זיך אין שטעטל און באַלד גייט ער איבער צו די פּערזענלעכע פּלענער פון די געסט, וואָס יעדער באַזונדער וויל, לערנען צי אַרבעטן, ביי אַ פאַך אָדער ביי שוואַרצער אַרבעט א. א. וו.

צוהערנדיק זיך אויפמערקזאם צו די ענטפערס זענען אויף משה־חיימס שטערן טיפער געוואָרן די קנייטשן. זיין קאָפּ האָט שוין געאַרבעט איבער די פּלענער ווי אַזוי צו באַזאָרגן די ניי־געקומענע מיט די נויטיקסטע זאַכן. ווי אַזוי צו שאַפן פאַר זיי באַשעפטיקונג. ער איז געווען אינגאַנצן באַהערשט פונעם מיטגעפיל צו די ניי געקומענע און עס האָט אויסגעזען ווי אַלע זיינע אייגענע זאָרגן, די שווערע דאגות פּרנסה האָבן אָפּגעטרעטן אַן אַ זייט און דאָס ערשטע אָרט האָבן פאַרנומען די ניי־געקומענע, פאַר וועלכע אַלץ האָט נאָך אויסגעזען אומהיימלעך, פרעמד און שווער, אָבער משה־חיים האָט געטון אַלץ צו פאַרטרייבן די פרעמדקייט. אויב מען האָט געדאַרפט מיטגיין מיט עמיצן וועגן שאַפן אַרבעט, אויסגעפינען אַ פּראָטעקציע, אַמאָל באַמיען זיך פאַר אַן אָרט אין שפּיטאָל, אויב דער געקומענער איז געווען קראַנק. נישט געווען קיין זאַך, וואָס זאָל פאַר משה־חיימען אויסזען שווער צום רעאַליזירן און אַלץ האָט ער געטון מיט אַ שמייכל, מיט אַ גרינג געמיט, געהאַט פאַר יעדער געלעגנהייט עפּעס אַ וויץ, וואָס זאָל פאַרטרייבן די שווערע זאָרגן, דעם אומרו און מורא פאַר דער אומבאַוווּסטער צוקונפט.

אין אָוונט, ווען חברה פלעגט זיך צונויפקומען אין משה־חיימס „האָטעל", און יעדער האָט געהאַט עפּעס צו דערציילן וועגן די ווונדערלעכע זאַכן, וואָס ער האָט זיך אָנגעזען אין דער גרויסער שטאָט, איז געוואָרן גאָר פריילעך אין דער קעלער־שטוב. משה־חיים אַליין, נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט מיטן היבעל און אַרומלויפן מיט די נייע־געקומענע וואָיסלאָוויצער, האָט איצט אויסגעזען צו שטראַלן פון פרייד. מיט גרויס צופרידנקייט האָט ער זיך צוגעהערט צו יעדן איינעמס געשיכטע און איבערלעבענישן פון פאַרגאַנגענעם טאָג. נישט איינמאָל איז געווען צו לאַכן פון עמעצינס פּראָווינצערישער נאַיווקייט. איינער האָט נישט געקענט פאַרשטיין פאַרוואָס דער קאָנדוקטאָר האָט נישט געוואָלט אָפּשטעלן דעם

טראַמוויי דאָרט ווו ער האָט געדאַרפט אַראָפּגיין. ער האָט דאָך באַצאָלט, האָט ער זיך געכעסט, פאַרוואָסזשע האָט ער זיך נישט אָנגערופן צו אים ווען ער האָט אים געבעטן, ער זאָל אָפּשטעלן דעם טראַמוויי אויף דעם ראָג, ווו ער האָט געדאַרפט אַראָפּגיין? צי איז זיין געלט קיין געלט נישט?...

אַן אַנדערער האָט נאָך נישט געקענט קומען צו זיך פון דער צעטומלטקייט און פאַרלוירנקייט. משה־חיים האָט אים געשאַפן אַרבעט ביי אַ שטובן־מאַלער. דער מייסטער האָט אים מכבד געווען מיטן טראָגן דעם לייטער און געהייסן איס נאָכגיין, אָבער אין דעם גרויסשטאָטישן רעש און טומל האָט ער פאַרלוירן דעם מייסטער פון אויג, פאַרטוישט אים מיט אַן אַנדערן און איז יענעם נאָכגעגאַנגען. יענער האָט זיך אויף אים נישט אומגעקוקט און ביי אים זענען ממש די כוחות אויסגעגאַנגען ביז ער האָט נישט אויסגעהאַלטן און זיך גענומען כעסן אויפן פרעמדן, פאַרוואָס ער נעמט נישט פון אים צו אַביסל דעם לייטער...

מיט אַזעלכע און ענלעכע איבערלעבענישן האָט מען זיך געטיילט אין די אָוונטן אין משה־חיימס שטוב. משה־חיים האָט געהאַט אַ ווונדערבאַרן חוש פאַר הומאָר. האָט פאַר יעדער זאַך געהאַט אַ וויץ און אַ מעשהלע, וואָס האָט פּאַסירט מיט אַנדערע וואָיסלאָוויצער אין די ערשטע טעג פון זייער קומען קיין וואַרשע ער פלעגט עס איבערדערציילן פאַר די נייע־געקומענע און דערמיט זיי צוגעגעבן טרייסט און מוט איבערצוהאַלטן די שווערע איבערלעבענישן פון די ערשטע טעג.

נאָכן אָפּעסן נאַכטמאָל פלעגט משה־חיים אָנהייבן אַרומגיין צו באַקאַנטע זוכן אַ נאַכטלעגער פאַר די ניי־געקומענע, פאַר וועלכע עס איז שוין נישט געווען קיין אָרט אין דער ענגער קעלער־שטוב. עס פלעגט אויך טרעפן, אַז עמיץ איז געבליבן אָן אַ מקום ללון. דערמאָלט איז ווי דורך אַ האָקוס־פּאָקוס אויסגעצויגן געוואָרן די קעלער־שטוב, ווי געוואָרן ברייטער און עס איז גלייך אויסגעבעט געוואָרן אַ געלעגער, אַבי דעם קאָפּ אוועקצולייגן.

די פּשטות און ערלעכקייט איז געקומען פון טיפן האַרצן, איז געווען ממש די צווייטע נאַטור פון דאָזיקן האַרציקן ייד. אַזוי פּשוט און נאַטירלעך האָט פאַר אים אויסגעזען צו טיילן זיך מיטן לעצטן ביסן, מיטן אָרעמען בחור, וואָס איז געקומען פון קליינעם שטעטל און האָט נאָך נישט געפונען זיין אָרט אינעם גרויסן כרך, ווו עס האָט אין יענע קריזיס־יאָרן געווימלט מיט אַרבעטסלאָזע און היימלאָזע.

מיט גרויס עקשנות האָט ער מקיים געווען די מצווה פון הכנסת אורחים, באַזונדערס ווען עס איז אָנגעקומען דער שבת. דעמאָלט האָט אויסגעזען ווי אַלץ אין דער וועלט האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן. אפילו זיין אייגן הויז־געזונט, און ער איז געווען אינגאַנצן פאַרנומען מיט די אורחים, ווען ער האָט גענומען צו זיך און וועמען ער האָט געשאַפן אַן אָרט ביי אַנדערע באַלעבאַטים.

אין די טרויעריקע סעפטעמבער־טעג פון יאָר 1939, ווען אין משה־חיימס שטוב האָט מען אַזוי שטאַרק געפילט די נישט־דערעסנקייט און עס האָט געפעלט אַביסל וואַסער צום טרינקען, איז משה־חיים אַליין געבליבן דער זעלבער האַרציקער און מיטפילנדיקער מענטש, וואָס האָט מער געזאָרגט פאַר אַנדערע ווי פאַר זיך, האָט געדענקט אין יעדן נויטבאַדערפטיקן. עס איז אויך געבליבן ביי אים דער זעלבער חוש פאַר הומאָר, מיט וועלכן ער האָט געזוכט צו ברענגען טרייסט פאַר ליידנדיקע און גרינגער מאַכן שווערע געמיטער. אויך אין יענע שווערע טעג איז זיין שטוב געווען אַ מקום מקלט פאַר אַלע וואַיסלאַוויצער, וואָס האָבן זיך דעמאָלט געפונען אין וואַרשע.

פון דער גאַנצער פאַמיליע איז געבליבן בלויז די טאָכטער רעניא (ראצע), מיין פרוי, וועלכע איז מיט מיר אַוועק צו דער גרענעץ און אונדז איז געלונגען איבערצולעבן די שווערע מלחמה־יאָרן אין ווייטן קאַזאַכסטאַן.

דער אָנדענק פונעם דאָזיקן איבערגעגעבענעם און ערלעכן ייד, די דערינע־רונגען וועגן זיינע גוטע מעשים און גרויסן האַרץ גיבן אונדז מוט און ווייזן אונדז דעם וועג, אויף וועלכן מיר דאַרפן גיין און פירן אויך אונדזערע קינדער.



**אפרים־מעכל, זיין ברודער בערל גערבער און יאָסל ראב**

די יוגנט אין וואַיסלאַוויץ איז אַוועק אויף אַנדערע וועגן, האָט גענומען ליב האָבן פּראָדוקטיווע אַרבעט, און אַנדערע האָבן גענומען אויך חלומען וועגן דערלייזונג פאַר דער גאַנצער מענטשהייט, האָבן דערפילט דעם אָטעם פון דער ברייטער וועלט, האָבן געלייענט און באַרייכערט דאָס וויסן און די קענטעניש, אָבער אין אַלע חלומות האָט זיך אָפּגעשפּיגלט דער גייסט פון זייערע עלטערן, די פריינטשאַפט, חברישקייט און גרייט־קייט צו קעגנזייטיקער הילף, וואָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר וואַיסלאַוויץ און זיי האָבן עס איינ־געזויגן מיט דער מוטערס מילך. דאָס איז געקומען צום אויסדרוק אין טאָג־טעגלעכן לעבן אין אויסנאָם־שעהן און אויך אין דער פרעמד, אויף די וואַנ־דערונגען איבער די גרויסע שטעט און ווייטע לענדער.



רחל גערץ

# די היים פון אונדזער קינדהייט און יוגנט

ואיסלאַוויץ, טייער שטעטל מיינס. ביזט אַרומגערינגלט מיט סאָסנע־וועלדער און הויפישע סעדער מיט הונדערטער פרוכטן־בוימער, וואָס זייער בליעכץ האָט פאַרשמעקט די גאַנצע געגנט. שיין זענען געווען די פאַרנאַכטן אין חודש מאַי ווען מען האָט אויפן שפּאַציר־וועג זיך אָוועקגעזעצט צווישן וואַלד און סאָד. געלאָזט זיך גלעטן פונעם קילן ווינטל און דער ריח פון די סאָסנעס און זאַפטן האָט ממש פאַרשיכורט. עס האָט זיך אויס־געוויזן, אַז די גאַנצע וועלט איז אַזוי שיין און זאָגט צו לאָזן אייך געניסן פון איר שיינקייט און כישוף.

מיר ווייזט זיך אויס, אַז יונג און אַלט האָבן געפילט די שיינקייט פון דער נאַטור אַרום אונדזער שטעטל. איך זע פאַר זיך די עלטערע לייט גיין מיט אַ לאַנגזאַמען טראָט צום דאַווענען אין שול אָדער אין בית־המדרש און זיך מחיה־זיין מיט דער גוטער לופט, מיט די ריחות פון די סעדער און פעלדער. עס פלעגט טרעפן אַז דער טאַטע איז אַהיימגעקומען נאָך מנחה־מעריב, אַן אויפגערעגטער פון די שמועסן, וואָס זענען דאָרט געפירט געוואָרן נאָכן דאַווענען וועגן פּאָליטישע ענינים, וועגן מסחר, וואָס גייט באַרג אַראָפּ, וועגן דער יוגנט, וואָס ווערט אַלץ מער הפקרדיק און צעלאָזט. די עלטערן האָבן גענומען די שולד אויף זיך, דערפאַר וואָס זיי זענען נישט גענוג ענערגיש און לאָזן זייערע זין און טעכטער גיין אין די פּאַרטייען, אין די פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס.

נאָך אַזעלכע שמועסן האָט געטראָפן, אַז דער טאַטע האָט מיר געפּרוווט שטערן גיין אין די אָוונטן אין לאָקאַל פון דער אָרגאַניזאַציע. איך האָב געזען זיין צער און גרויסע זאָרג און האָב זיך נישט איינגעקשנט, נאָכגעגעבן אים, געמאַכט דעם אָנשטעל, אז איך האָב רעזיגנירט פון מיין פאַרבינדונג מיט דער אָרגאַניזאַציע. דאָס האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט, דער טאַטע האָט, ווייזט אויס, אויך איבער־

גענומען זיך מיט מיין צער און באַרעכנט זיך, אַז פאַרוואָס דאַרף איך זיין די איינציקע אין שטעטל, וואָס בלייבט זיצן אין שטוב. נישט איינמאָל האָב איך אויפ־געכאַפּט זיין שטילן מורמל צו דער מאַמען: „פאַרוואָס זאָלן מיינע קינדער זיין ערגער פון אַנדערע? וועל איך דען די וועלט איבעראַנדערשן?"

קליין איז אונדזער שטעטל געווען. אַ סך יידן אין פוילן האָבן אפילו נישט געהערט וועגן דעם דאָזיקן שטעטעלע. אָבער פאַר אונדז איז עס געווען אַ וועלט אַ גאַנצע. ווען איך דערמאָן זיך איצט אין דער פאַרגאַנגענהייט, ווער איך ממש פאַרפלייצט פון זכרונות און אַ שאַרפער ווייטיק נעמט קלעמען מיין האַרץ, אַ בענקשאַפט נאָך יענע קוואַלן פון ליבשאַפט, וואָס האָבן געשטראָמט פון די נאָענטע און טייערע געשטאַלטן.

דאָס זענען געווען די טיפסטע איבערלעבונגען, וועלכע וועלן קיינמאָל נישט אָפּגעווישט ווערן פון מיין זכרון. פון די פריסטע קינדער־יאָרן האָב איך דערפילט די דאָזיקע ליבשאַפט. שוין אָפּגערעדט פון מיינע עלטערן און לייבלעך־נאָענטע קרובים. אויך מיט מיינע חברים און חברטעס אין שול האָט מיך פאַראייניקט אַ האַרציקע פריינטשאַפט.

איך זע זיך אין יענע פרימאָרגנס, ווען איך האָב זיך געאיילט צו גיין אין שול, גיך אָפּגעגעסן דעם פרישטיק און אַרויס פון שטוב. עס איז באַלד נאָך די יום־טובים, ווען די זון גליט שוין נישט אַזוי שטאַרק, די לופט איז אַ קילע. אין דער שטילקייט פון שטעטל הערט מען דעם גערויש פון דער מיל. איך גיי מיר מיט די פּאַטשינעס, נעבן די געוועלבער, גיי פאַרביי די פויערישע כאַטעס, ווו יונג און אַלט זענען שוין אויף די פיס, לויפן אַרום באָרוועס אין די הייף און עס קאָכט די אַרבעט, ווי אויפן דאָרף.

איך קום אַריין אין שול, דערפיל די היימישע לופט, דער לערער פראַנעצקי זאָגט צו מיר: „אַ שאַד, וואָס דו ביסט אַ יידישקע. מיט דיין גוטן קאָפּ וואָלסטו געקאָנט אַ סך דערגרייכן..."

דער טאָן פון זיינע רייד איז געווען אַ גוטמוטיקער און צוגעלאָזטער און דערפאַר האָב איך נישט פאַרשטאַנען די שנאה, מיט וועלכער עס זענען געווען דורכגעדרונגען זיינע ווערטער. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער האָט מיך זייער גערן, אפילו ליב, אָבער ווען איך פלעג מיט דעם רעדן מיט מיינע פוילישע חברטעס, האָבן זיי מיר געזאָגט: „דו ביסט דאָך אַ יידישקע און די יידן, האָבן דערהרגעט אונדזער יעזוס. דער לערער ווייסט עס זייער גוט און איר, יידן, האָט דאָ נישט וואָס צו טון. איר דאַרפט זיך פאַרנעמען קיין פּאַלעסטינע".

אויך זיי האָבן די דאָזיקע רייד אַרויסגעזאָגט רואיק, מיט דער גאַנצער נאַטירלעכקייט און עס זענען אַוועק יאָרן ביז איך האָב באַנומען די גיפטיקע שנאה,

מיט וועלכער עס האָבן געאָטעמט די דאָזיקע רייד פון מיינע פוילישע חברטעס און פון מיין לערער.

פערצן יאָר בין איך אַלט געווען ווען איך האָב געענדיקט די שול. אין יענער צייט האָב איך נאָך שטאַרקער דערפילט מיין צוגעבונדנקייט צום שטעטל. איך בין אַריינגעצויגן געוואָרן אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. די אַקטיוויקייט פון דער יידישער יוגנט אין וואָיסלאָוויץ האָט געשעמט אין דער גאַנצער געגנט. אַלע פאַרטייען און יוגנט־אָרגאַניזאַציעס זענען דאָרט געווען פאַרטרעטן. אין די אָוונטן זענען פאַרגעקומען פאַרלעזונגען און דיסקוסיעס און מען האָט זיך דערפילט פאַרבונדן מיט דער ברייטער וועלט. אין אַלעמענס אויגן האָבן זיך געצונדן פייערלעך. יעדן איינציקן איז געגאַנגען אין לעבן איבערצוצייגן, אַז נאָר זיין אידעע איז אַ גערעכטע און זיין וועג צום רעאַליזירן די דאָזיקע אידעע איז דער סאַמע ריכטיקסטער.

איך האָב פון מיינע יינגסטע יאָרן אָן זיך אָנגעשלאָסן אין די לינקע פועלי־ציון און איך האָב קלאָר געזען, אַז דאָס שטעטל, ווי שטאַרק מיר זאָלן נישט זיין צוגעבונדן צו אים לאָזט אונדז דאָך נישט שלאָגן קיין וואָרצלען. בלייבט אַלץ אונדזער אמתע היים ארץ־ישראל. ערשט דאַן האָב איך אָנגעהויבן דערזען די אומעטיקע זייט פון אונדזער שטעטל, די שווערע פרנסות פון די דאָרפסגייער און פון די קרעמער. זייער ווייניק זענען געווען די, וואָס האָבן געהאַט פרנסה ברווח.



פון לינקס: חוה ראָזנבוים, פערל גארטנקרויט, דבורה ראָזנבוים און די טאָכטער פון ישראל־שלמה מילער.

מערסטנס זענען די קרעמער געזעסן גאַנצע טעג ליידיק און אויסגעקוקט די אויגן אויף אַ קונה, געוואַרט אויפן מיטוואָך, ווען עס איז געווען דער מאַרק־טאָג, פון וועלכן מען האָט געדאַרפט ציען חיונה אויף אַ גאַנצער וואָך. אויפן דאָזיקן טאָג האָבן אויך געוואַרט די בעלי־מלאכות, די שניידער און היטלמאַכער, די שוסטער און בלעכער.

די דאָרפסגייער האָבן מער פון אַנדערע צונויפגעלעבט זיך מיט די פויערים, געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיי אָפגעגענטפערט מיט פריינטשאַפט. געווען אָבער אויך אַזעלכע, וואָס האָבן אין אַלע צייטן אַרויסגעוויזן זייער שנאה צו יידן.

שיין זענען געווען די ימים־טובים אין אונדזער שטעטל. אומפאַרגעסלעך איז דער טאָג פון שמחת־תורה. פון אַלע פענצטער האָבן געפינקלט ליכטער און אַלעמענס פנימער האָבן געשיינט מיט פרייד. ליכטיקער ווי אומעטום איז אין שול און גאָר פריילעך ווערט עס הייבן זיך אָן די הקפות. דעמאָלט איז אויך פאַר די מיידלעך דערלויבט געווען אַריינצוגיין אין שול, צוקוקנדיק זיך צו די טענץ און צוהערן צו די ניגונים. אויך אין די שטובן איז געווען פריילעכער ווי אַלעמאָל. מען האָט פאַרבעטן צו זיך קרובים און געסט. אויך אויף צומאָרגנס האָט מען דעם גאַנצן טאָג געטרונקען, געטאַנצט און געזונגען, געפאַטשט מיט די הענט. די טענץ זענען געווען אין בית־המדרש און אויך אינמיטן גאַס, ווו עס איז גענוג געווען אַ פריילעכער חסיד זאָל אַוועקלאָזן אין אַ ריקוד און באַלד האָבן זיך אין אים אָנגעשלאָסן יונג און אַלט, אָרעם און רייך, סוחר און בעלי־מלאכה. די געזאַנגען זענען דערגאַנגען עד לב השמים, מען האָט פאַרגעסן אין אַלע דאגות און זיך געווונטשן: לשנה הבאה בירושלים.



רחל גערץ

# קינדער־יאָרן

שווער, זייער שווער איז מיר צו שרייבן וועגן מיין שטעטל, ווו איך בין געבוירן און דערצויגן געוואָרן און וואָס איז אַזוי טראַגיש פֿאַר־שניטן און אָפּגעמעקט געוואָרן. עס וויינט דאָס האַרץ און איך קען נישט איינהאַלטן די טרערן, וואָס רינען פֿון מיינע אויגן און פֿאַלן אויפֿן פּאַפּיר. עס שטעלן זיך מיר פֿאַר די אויגן מיינע עלטערן און ברידער, מיינע שוועסטער און די אַלע נאָענטע מענטשן פֿון אונדזער ליב און טייער שטעטל. און עס קלעמט דאָס האַרץ פֿון זייער טראַגישן אומקום.

אין וואָיסלאָוויץ האָבן געלעבט אויך מיין טאַטנס צוויי ברידער, אַלטער און אבא טורבינער. ביים פֿעטער אבא זענען געווען זיבן קינדער, מיט שנורן און איידעמס און אייניקלעך. פֿון זיי אַלע זענען געבליבן לעבן שרה מיט אפֿרים־מעכל. אין אונדזער הויז האָבן אויך געוווינט דעם טאַטנס שוועסטער חיה און איר מאַן דניאל מיט די קינדער, ישׂראל, צביה, איטע, חנהלע און שמואלקע.

מיין ברודער ישׂראל־דוד, אַ טייערער און האַרציקער בחור, איז אַוועק צו די פּאַרטיזאַנער מיט דעם הייסן פֿאַרלאַנג אין האַרצן צו קעמפֿן קעגן די דייטשיש מערדער. ערגעץ נעבן דאָרף ראָזשענטשין האָבן אים די פּויערים דערהרגעט.

מיין שוועסטער מחלה, צו וועלכער איך בין געווען אַזוי צוגעבונדן, האָט פֿאַרמאָגט אַ גרויס האַרץ, וואָס איז געווען דורכגענומען מיט גרויס איבערגעגעבנ־קייט צו דער גאַנצער משפּחה. זי איז געווען אַזאַ גוטמוטיקע און שטענדיק פֿול מיט האָפֿענונג אויף בעסערע צייטן. יאָסל מאַסבוימס שוועסטער, חוה, וואָס איז אויך געווען מאכלעס חברטע, האָט מיר דערציילט, אַז אַ שעה איידער מען האָט דערהרגעט מיינע עלטערן, האָט מאכלע מיט איר גערעדט, דערציילט וועגן איר ברודער און שוועסטער, וואָס זענען אין רוסלאַנד און זי האָפֿט, אַז זיי וועלן בלייבן לעבן. גוטע, טייערע שוועסטער מיינע. אין די מינוטן ווען דער טויט האָט געלויערט פֿון יעדן ווינקל, האָסטו געטראַכט וועגן מיר מיט דער האָפֿענונג, אַז איך וועל איבערלעבן די אַלע גרוילן, און איך בין געווען אַזוי ווייט און אַזוי

מאַכטלאָז, נישט געקענט גאָרנישט טון פאַר אייך. ווי שטאַרק עס איז דאָס מענטש־לעכע האַרץ, אַז עס ווערט נישט צעפּלאַצט פון ווייטיק און יסורים.

חוה האָט מיר דערציילט, אַז דער שמועס מיט מיין שוועסטער איז פאָר־געקומען אין כעלם, אין יאָר 1942. אין דער לופט איז געהאנגען די נייע אַקציע, צו וועלכער מען האָט זיך געגרייט און טאַקע אין דעם זעלבן טאָג איז פאָרגעקומען די מוראדיקע שחיטה, וואָס האָט אַלע אומגעברענגט.

אַלע שטייען זיי מיר פאַר די אויגן: פייגע, אַ קרובה פון מיין טאַטנס צד, וואָס האָט געהאַט אַ שניט געוועלב און געלעבט שטיל מיט איר משפחה, בכבודיק און באשיידן; ברכה, דודל סראיעס, אסתר קריינדלס און נאָך און נאָך קרובים פון טאַטנס און דער מאַמעס צד; די טייערע שכנים, זאנוול מלמד, הערש טורבעצערס קינדער, לאהקע שרהס מיט איר גאַנצער משפחה, מענדעלע יאשעס, מעכל ראַבס גאַנצע משפחה, הערש גראדער, וואָס איז דער מלחמה־צייט געווען גרייט צו גיין אין פייער אַריין פאַר טון אַ טובה פאַר אַ ייד אין שטעטל. איך זע זיי איצט אַלע, די נאָענטע און טייערע געשטאַלטן. ווער פון זיי איז דען נישט געווען נאָענט? דאָס גאַנצע שטעטל מיט יידן איז געווען ווי איין משפחה. אַלע האָבן זיך מיט־געפרייט מיט יעדנס שמחה און טיף דורכגעלעבט יעדנס צרה.

## פורים־שפּילער

לאָמיר אָנהייבן פון יענע יונגע טעג, פון די פריע קינדער־יאָרן, ווען מיין היים און שטעטל איז געווען פול מיט שפּיל און געזאַנגען. אָט איז פּורים־צייט, אַ פראָסטיקע נאַכט מיט אן אויסגעשטערנטן הימל. קיין עלעקטריע איז אין שטעטל נישט געווען, אָבער די לבנה האָט געשיינט און געכישופט ווי אַ מעשהלע. אין אין אַלע פענצטער איז געווען ליכטיק פון די אָנגעצונדענע בליץ־לאָמפּן. אין שטוב איז וואַרעם, אויפן טיש שטייען צוויי זילבערנע לייכטער מיט גרויסע ליכט. עס איז אַרויפגעשטעלט אַ גוטער און שיינער קוכן. אינמיטן טיש ליגן אַ סך גראָשנס. דער טאַטע זיצט אויבנאָן און מיר אַלע, ברידער און שוועסטער זיצן אַרום טיש. אַלע ווילן עפנט זיך די טיר און עס קומען אַריין פאָרלעך צונויפגענומען געלט. מיטאַמאָל דערהערן מיר אַ רעש נעבן דער טיר און מיר זעען אָנקומען אַ מענטש, אָנגעטון ווי אַ סעקוועסטראַטאָר און ער רייט אויף אַ ווייס פערד. דאָס איז געווען מעכל ראַב, וואָס איז געפאָרן צוזאַמען מיט זיין געהילף, איציק טירווע־צערס און עס האָט אים באַגלייט מאיר סאָלטיס.

זיי זענען אַראָפּ פון פערד און אַריין אין שטוב, באַגריסט זיך מיט אַ „גוטן פּורים" און דער „סעקוועסטראַטאָר" האָט דער ערשטער זיך אָנגערופן: „ר' בערל, מיר זענען געקומען אויפמאָנען ביי אייך דעם פאָדאַטעק, וואָס איר קומט".

דער סעקוועסטראַטאָר האָט אויפגעמישט אַ גרויס בוך און אויסגעזוכט דעם סכום, וואָס עס קומט פֿון מיין טאַטן, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן בעטן ביי זיי:

„איך האָב נישט אַזויפיל געלט, כ׳בין אַ פּשוטער דאָרפסגייער, אַ מטופּל מיט קליינע קינדער. פֿון וואַנען זאָל איך נעמען אַזאַ גרויסע סומע?״

דער „סעקוועסטראַטאָר״ איז געווען שטרענג, האָט געטון אַ טופּ מיטן פוס און געשריגן:

„איר וועט באַצאָלן אָדער נישט? איר ווייסט מיט וועמען איר רעדט? מיר זענען די מאַכט״.

ער האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צום „סאָלטיס״ און זיין געהילף און מיט דער גאַנצער ערנסטקייט אַרויסגעטשישעט:

„נעמט זיך צום פאַרפּאַקן דעם זשידס זאַכן... ער וויל אונדז נאָר אָפּנאַרן און מיינט, אַז מיר וועלן זיך לאָזן...״

מיר, די קינדער, וואָס זענען געזעסןביים טיש און זיך צוגעהערט מיט שרעק צו די דאָזיקע רייד, האָבן געמיינט, אַז דאָס איז ווירקלעך אַ סעקוועסטראַטאָר און שוין גרייט נעווען צום וויינען. דאָס האָט אָבער געדויערט נאָר אַ קורצער ווײַלע. באַלד האָבן מיר געזען ווי דער טאַטע הייבט אָן מיט זיי צו פאַרהאַנדלען, נעמט פֿון טיש אַביסל גראָשנס און גיט עס זיי. די ערנסטקייט האָט געפּלאַצט און אַלע האָבן אַרויסגעשאָסן מיט אַ הילכיק געלעכטער. דאַן האָבן מיר ערשט פאַרשטאַנען, אַז דאָס זענען פּורים־שפּילער.

שיינע יידן, אָנגעזעענע באַלעבאַטים זענען אין פּורים אַרויס פֿון זייערע שטובן, פאַרשטעלט זיך פאַר פּורים־שפּילער און געזאַמלט געלט, וואָס איז געווען באַשטימט פאַר אָרעמע־לייט, פאַר קראַנקע און אומגליקלעכע מענטשן, וואָס האָבן נישט געקענט אַריינברענגען דעם פּסח אין שטוב אַריין און קהל האָט געמוזט זאָרגן פאר זיי באַך מיט אַ חודש פריער אוּן אין פּורים האָט זיך אָנגעהויבן דאָס זאַמלען געלט פאַר די נויטבאַדערפטיקע.

פּורים איז שוין געווען אין אַ סך שטובן אַ חזקה צו פאַרבעטן צו דער סעודה עטלעכע מענטשן און צום טיש האָט מען דערלאַנגט ווײַן און בראַנפן. די אריינגעקומענע „פּורים־שפּילער״ האָבן באַוויזן זייערע „אַרטיסטישע קונצן״, געזונגען, געזאָגט ווערטלעך און די גאַנצע שטוב האָט זיך צוגעהערט, געגעסן, געטרונקען און זיך משמח געווען.

ביי מיין פאָטער זענען אַלע פאַרגעניגנס אין דער וועלט געווען גאָרנישט קעגן אַ חסידישער שמחה. זיין גרעסטער תענוג איז געווען ווען ער איז געזעסן מיט די חסידים ביי איין טיש און מען האָט געזונגען די האַרציקע ניגונים.

## ליכטיקע געזאַנגען

די ערשטע וואָך נאָך פּורים האָט זיך אָנגעהויבן די יאָר־יערלעכע דאגות פאַר אַ כשרן פּסח. דאָס ערשטע איז מען צוגעטרעטן צום כשרן די מיל, ווו מען האָט געמאָלן די תבואה אויף מעל פאַר מצות. דערנאָך האָט מען זיך גענומען צו די בעקערייען, וועלכע מען האָט צוגעגרייט צו די פּסחדיקע מצות, מען האָט אָפּגעקראַצט דאָס גאַנצע ליים אַרום דעם אויוון, אויסגעגליט אים אויף רויט און אונטן האָט מען אויסגעגראָבן אַ גרוב, ווו עס זאָל זיין גוט צום שטיין און דער־לאַנגען די טייגן אין אויוון אַריין.

צוויי וואָכן פאַר פּסח האָט מען שוין אָנגעהויבן באַקן מצות. מיידלעך, יונגע און עלטערע פרויען זענען געשטאַנען און געוואַלגערט די טייגלעך פון פינף אַזייגער פאַרטאָגס ביז 10 אַזייגער ביינאַכט. צוויי הריפּט־קנעטערינס האָבן זיך כסדר געטוישט. זיי זענען געווען גרויסע קענערינס אין די דינעם, האָבן געוווּסט די פינקטלעכע מאָס אין גיסן וואַסער פאַר יעדער „מיירע". דערצו איז דער רב אַריינגעקומען עטלעכע מאָל אין טאָג אַ קוק טון צי אַלץ ווערט געטון לויטן דין. די רעדלערס האָבן מיט זייערע מאַשינדלעך גערעדלט די מצות און זיי דערלאַנגט צום אויוון, ווו עס איז געשטאַנען דער שיבער און פלינק געאַרבעט דערביי האָט ער מיט זיין שאַרף אויג אַכטונג געגעבן, אַז די מצות זאָלן זיך נישט צוברענען. יעדער באַלעבאָס אָדער באַלעבאָסטע האָבן געמוזט זיין בשעת מען האָט געבאַקן זייערע מצות. נאָכדעם ווי מען האָט די מצות אַרויסגענומען פון אויוון איז געווען אָנגענומען צו טיילן צוקערלעך צווישן די, וואָס זענען געווען באַשעפטיקט ביים באַקן מצות. די שיבערס האָבן באַקומען ביר געלט ביים אָפּברענגען די פלאַכטעס מצות אין די שטובן.

אויף דער נאַכט פון ערב פּסח האָט יעדער ייד אָוועקגעלייגט ביי די פענצטער שטיקלעך ברויט, עס זאָל זיין צו בדיקת חמץ. אין לעצטן טאָג האָט מען געגליט די אויוונס און פון אַלע שטובן האָט דעמאָלט געשלאָגן אַ היץ, וואָס האָט נאָך פאַרשטאַרקט די פרייד פון אָנקומענדיקן יום־טוב.

ערב פּסח אינדערפרי האָט מען אָפּגעגעסן דעם פרישטיק און דערצו אָפּ־געגרענעצט אַ קליין שטיקל אָרט, כדי עס זאָל אין ערגעץ נישט איבערבלייבן אַ קליין קרישקעלע. נאָכן אָפּעסן האָט זיך דערהערט דאָס קול פון ישראלקע דעם שמש: „פאַרברענען דאָס חמץ!"

ער האָט אָנגעצונדן אַ ליכט און צוגעגאַנגען צו יעדן פענצטער דורכפירן די מצווה פון בדיקת חמץ, געמאַכט אַ ברכה און זיך גענומען צום פאַרברענען דאָס חמץ.

צום מיטאָג האָט מען שוין נישט געגעסן קיין ברויט, נישט קיין מצות. דער מיטאָג איז באַשטאַנען פון קאַרטאָפל און אַ רויטן באָרשט און קאָטלעטן, איז וועלכע מען האָט שוין נישט אַרייַנגעטון, ווי דער שטייגער, קיין ברויט.

נאָכן מיטאָג זענען יידן געגאַנגען אין באָד אַריין, זיך אויסגעשמיסן מיט די בעזעמלעך און אהיימגעקומען אויפגעפרישט, גענומען זיך צום גרייטן די חרוסת און צעגיסן דעם ווייַן פון די בוטלעס אין די פלעשער.

מיר, מיידלעך און ייִנגלעך האָבן זיך שוין נישט געקענט דערוואַרטן צום אנקום פון דער סדר־נאַכט. די טאַטעס זענען איצט געוואָרן אַנדערע פון אַ גאַנץ יאָר, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די זאָרגן פון אַ גאַנצן ווינטער, אָנגעטון די שבתדיקע מלבושים און געגאַנגען צום דאַווענען, ווער אין שול, ווער אין בית־המדרש און ווער אין אַ חסידים־שטיבל, צי סתם אין אַ מנין. איבערן שטעטל האָט זיך צעשפּרייט דער ריח פון די געקאָכטע פיש און אָפּגעבאַקענע לעקעכלעך. קינדער ווינטשן זיך „תתחדש“. יעדער גייט אָנגעטון אַ נייַ מלבוש. די ייִנגלעך גייען צוזאַמען מיט די טאַטעס צום דאַווענען און ווען זיי קומען אַהיים איז דער טיש שוין געגרייט, געדעקט מיט דער שיינער מצה־טאַש און די זילבערנע בעכערס און גלעזערנע כוסות שטייען שוין גרייט. פרומע יידן טוען זיך אָן אין קיטל, אינגאַנצן אין ווייַסן, זעצן זיך אַוועק אָנגעלענט אויף די קישנס, וואַרפן דעם לעצטן בליק, צי אַלץ איז אין אָרדענונג און גרייט צו דער הגדה.

אויף אַלע מיינע וועגן האָט מיך באַגלייט דאָס ליכטיקע געזאַנג פון פסחדיקן טיש, דאָס פרעגן די קשיות און דאָס ענטפערן פון דער הגדה. אויף אַלע מייַנע וואַנדערונגען האָב איך געזען דעם ליכטיקן פסחדיקן טיש אין דער מאַמעס צאַרטע האַנט, וואָס האָט אָפּגעהיטן די יום־טובדיקע ריינקייט, אירע ליכטיקע אויגן, וואָס האָבן זיך געטובלט אין יענעם ליכטיקן צויבער; יענעם ציטערנדיקן דערוואַרט עם אָנקום פון אליהו הנביא, ווען מען האָט געעפנט די טיר צו „שפוך חמתך ג קוקט מיט נייגעריקייט אויף אליהו הנביאס כוס, וואָס איז געשטאַנען אויפן טיש און געווען זיכער, אַז זיין נישט־געזעענע האָט אים אויפגעהויבן און צו דערלאַנגט צום מויל. מיר האָט זיך אַפילו אויסגעוויזן, אַז עס פעלט פון אים — א מן, אַז אליהו הנביא האָט פון אים געטרונקען. די אויגן האָבן זיך געקלעפּט, אָבער מיט אַלע כוחות האָב איך זיך אָנגעשטרענגט נישט איינצושלאָפן, כדי נישט צו פאַרפעלן די גרויסע פרייד פון דער סדר־נאַכט, וואָס האָט זיך געצויגן בי נאָך חצות.

די גאַנצע אַכט טעג יום־טוב איז געווען ששון ושמחה. משפחות, פריינט, שכנים זענען געקומען איינע צו די אַנדערע. אויך מיר, יונגע מיידלעך האָבן

-ניט וויכוחים, אָבער שטענדיק מיט אַ סך לעבנספרייד און האָפענונג אויף שיינע און ליכטיקע טעג.

ענלעך זענען אויך געווען די אַנדערע יום־טובים אין שטעטל, ענלעך מיט זייער לעבנס־פרייד, מיט זייער בענקעניש נאָך אַ שענער און בעסער לעבן, מיט זייערע ליכטיקע געזאַנגען, מיטן חסידישן ענטוזיאזם און מיט דער פשטות פון די גוטע און תמימותדיקע יידן אין אונדזער שטעטל.

## געמיש פון ניגונים

סוכות האָט אין שטעטל געהויבן זיך די שטימונג. עס זענען געקומען טעג און נעכט פון געזאַנג. אין די חסידים־שטיבלעך האָט מען געטאַנצט באַלד נאָכן דאַווענען, אָפּגעכאַפּט אין דער היים די סעודה, איז מען גלייך צוריק אין שטעטל און פון דאָרט איז מען געגאַנגען יעדעס מאָל צו אַן אַנדערן, לויט דער חזקה, וואָס יענער האָט געהאַט שוין פון יאָרן, און עס איז אַוועק אַ טאַנצעריי מיט אַ געזינגעריי. אַזוי ווי אין די שטיבלעך זענען געווען חסידים פון געמישטע רבישע הייף, איז אויך געווען אַ געמיש פון ניגונים, גערער און פולאַווער, ראדזינער און טריסקער.

שמחת־תורה איז שוין געווען איינגעפירט משנים קדמוניות צו גיין איבער די שטובן, אַרויסנעמען פון די אויוונס די עסנס מיט די צימעסן און געבעקסן און ברענגען אין שטיבל אַריין, ווו מען האָט איבערגעקערט אַ וועלט.

כ׳געדענק ווי מען פלעגט אַריינלויפן אין אַ שטוב, אַ וואָרף־טון זיך צו די אויוונס און אַרויסנעמען דאָס עסן. די באַלעבאָסטעס פלעגן נישט לאָזן צונעמען אינגאַנצן, אָבער ווער וועט זיי הערן? האָט מען גענומען וויפל מען האָט געקענט און געלאָפן ווייטער.

מיט דער צייט איז דער מנהג אונטערגעגאַנגען. מען האָט אויפגעהערט צו „רויבן" און מ׳איז געוואָרן מער סטאַטעטשנע.

עטלעכע וואָכן פאַר חנוכה פלעגט שוין נעמען גיין אַ סדרה פון קאָרטן־שפּילן, אָבער דאָס שפּילן איז נישט געווען, ווי היינטיקע צייטן, פאַרביסן, מיט רציחה און סקאַנדאַלן. מען פלעגט זיך צונויפנעמען אין אַ שטוב און שפּילן אויף קאָפּיקעס, אַ שעה אָדער צוויי. אין די חנוכה־נעכט האָט מען געשפּילט אַביסל לענגער. נאָך מער האָט מען געשפּילט אין ניטל, ווען עס איז געווען אַ מנהג נישט צו לערנען און מען האָט געהאַלטן פאַר אַ מצווה צו שפּילן אין קאָרטן.



**משה שטראסבערגער**

# אַ פאַרלוירענער ל״ג בעומר

יך האָב דעמאָלט געלערנט ביי שמואל ארישעס אין חדר. אין ספירה־טעג איז געווען אַביסל אומעטיק. מען האָט זיך נישט געטאָרט שערן און נישט באָדן און טאַטעס האָבן געמוסרט די חדר־ייִנגלעך, אַז מען שפּילט זיך צופיל און מען פאַרגעסט אין דעם טרויער.

מען האָט דערפאַר מיט אומגעדולד געוואַרט אויפן לג־בעומר און מען זאָל קאָנען געניסן פון אַ פרייען טאָג, וואָס האָט אויך באַדייט פּטור צו ווערן פונעם רבינס קאַנטשיק. מיר האָבן שוין דעמאָלט געוווּסט, אַז אין טאָג פון לג־בעומר לערנט מען נאָר באַלד אינדערפרי אַ בלעטל גמרא און מען גייט אַהיים. מען איז פריי, מען קען לויפן אין וואַלד אַריין, אין די דעבּרעס, וואָס האָבן געצויגן און געכישופט. אונדזערע קינדערישע הערצלעך האָבן שנעלער געקלאַפּט פון דער וואַרטונג אויף דער פרייהייט און פרייד פון יענעם טאָג.

ענדלעך איז ער געקומען דער דערוואַרטעטער טאָג ל״ג בעומר. מיר זענען געקומען באַלד אינדערפרי אין חדר אַריין און בלויז מיט איין אויער זיך צוגעהערט צום רבינס לערנען, וואַרטנדיק מיט אומגעדולד, דער רבי, ר׳ שמואל ארעשעס זאָל שוין אַרויסזאָגן די צויבערווערטער: „גייטס אַהיים!” ווי אויך להכעיס מאַכט זיך דער רבי נישט־וויסנדיק, אַז עס איז ל״ג בעומר און קנעלט מיט אונדז ווייטער, ווי עס וואָלט געווען אַ געוויינלעכער טאָג.

אין אונדזערע הערצער איז מיט יעדער מינוט געוואַקסן די אומגעדולדיקייט. אָבער יעדער האָט מורא צו דערמאָנען אים מיט אַ וואָרט, ווייל ווען ער וועט אַריינפאַלן אין כעס, וועט זיין נאָך ערגער און מען קען אַמאָל אויך אַריינכאַפּן עטלעכע קלעפּ. אַזוי גייט פאַרביי אַ שעה און נאָך איינע און דער מלמד מאַכט זיך אַלץ נישט וויסנדיק. די מורא, אַז עס קען פאַרלוירנגיין אַזאַ שיינער טאָג האָט געעגבערט אין מוח און מיר האָבן אָנגעהויבן ברומען איינער צום צווייטן, אונטער־געהעצט איינער דעם אַנדערן צו דערמאָנען דעם רבין ביז עמיץ האָט זיך אָנגענומען מיט דרייסטקייט און שטיל אַרויסגעמורמלט:

„רבי, היינט איז דאָך ל״ג בעומר״.

דער רבי, ווי ער וואָלט נאָר אויף דעם געוואַרט, האָט זיך געגעבן אַ קאָך אויף:

„שאַ, שטיל זאָל זיין, דו שייגעץ איינער... וואָס פאַראַ ל״ג בעומר אויף דיין קאָפּ?״

דער מורמל איז אייגנטלעך געקומען פון אַ סך קינדער, אָבער דער מלמד האָט אויסגעגאָסן זיין צאָרן אויף דעם, וועמענס קול עס האָט זיך געהערט העכער פון אַנדערע. אָבער דער פאַקט, וואָס דער מלמד האָט בלויז געשריגן און נישט געשלאָגן האָט אונדז דערמוטיקט און מיר האָבן אַלע מיטאַמאָל גענומען רעדן:

„רבי, פאַרוואָס איז היינט אַנדערש פון אַלע אַנדערע יאָרן? ל״ג בעומר גייט מען דאָך אַהיים פריער״.

דעם רבינס כעס איז געשטיגן:

„איך וועל אייך דאָ באַלד געבן אַ ל״ג בעומר״.

איך האָב זיך נישט געקענט שענקען, אַז עס וועט פאַרלוירנגיין אַזאַ שיינער טאָג און מיר וועלן בלייבן זיצן אין חדר. כ׳האָב נאָך עפּעס געמורמלט מיט אַ בעטנדיקן קול און דער מלמד האָט איצט געוואָנדן זיין גאַנצן כעס צו מיר:

„כ׳וועל דיר באַלד צעקלאַפּן דעם פּיסק מיט די ביינער דיינע, אויב דו וועסט אים נישט פאַרמאַכן״.

אַ פּחד איז אָנגעפאַלן אויף אלע יינגלעך. אַלע האָבן מורא געהאַט אַז דער רבי קען זיך באַלד נעמען ממיתן און אין חדר איז אַריינגעטרעטן אַ טויטע שטיל־קייט. אַלע זענען מיט הכנעה געבליבן זיצן אויף די ערטער און אין האַרצן באַוויינט דעם פארלוירענעם ל״ג בעומר.

אַזוי איז אַדורך אַ האַלבע שעה און דער מלמד האָט זיך מיטאַמאָל דערמאנט, אַז ער דאַרף אַריינלויפן צום רב. אין ל״ג בעומר האָט מען געפלעגט שרייבן תנאים און עס האָט אַמאָל אויסגעפעלט אַן עדות. דער מלמד האָט דעמאָלט געכאַפּט אַ צוגאָב־פאַרדינסטל. אין זיין כעס אויף אונדז האָט ער שיעור נישט פאַרגעסן אין דעם, ווען ער האָט זיך דערמאנט האָט ער זיך גיך אויפגעריסן פון אָרט און אַ זאָג געטון צו אונדז:

„איר זאָלט מיר בלייבן זיצן אויף די ערטער. טאָמער וועט עמיץ וואַגן אַרויסצוגיין וועל איך אים צעהאַקן דעם קאָפּ״.

נישט געקוקט אויף דער גרויסער געפאַר האָבן מיר זיך אָבער אפילו נישט פאַרטראַכט און אַזוי ווי דער מלמד איז אַרויס האָבן מיר אויפגעהויבן אַ גערודער

און געשלאָגן צווישן זיך. דאָס איז געווען אויסגערעכנט אַרויסצופירן די רביצין פון געדולד און זי זאָל נעמען ביי אונדז בעטן, מיר זאָלן ארויסגיין אַביסל פון חדר אין גאַס אַריין. אַזוי איז טאַקע געווען. אַזוי ווי דער ליאַרם און געפילדער האָט זיך אָנגעהויבן, האָט די רביצין גענומען שרייען, אַז מען זאָל זי לאָזן צו רו און אַרויס אין גאַס. זי האָט זיך אָבער אויסגערעדט מיט אונדז, אַז מיר זאָלן זיך שפּילן אינדרויסן און נישט אַוועקגיין.

מיר האָבן עס איר פייערלעך צוגעזאָגט, אָבער גלייך ווי מיר זענען אַרויס פון חדר, האָבן מיר אָפּגעהאַלטן אַ באַראַטונג ווי אַזוי צו אָרגאַניזירן דאָס אַנטלויפן. די מורא, אַז דער מלמד קען יעדע ווײַלע אָנקומען איז געווען גרויס און מיר האָבן דערפאַר באַשלאָסן, אַז מיר לאָזן זיך גלייך אַרויס אויף דער לאָנקע הינטער דער שטאָט. דאָרט זענען געווען קוסטעס מיט מאַלינעס און מען קען זיך דאָרט באַהאַלטן אין פאַל ווען עס וועט זיך דערנענטערן אַ געפאַר און עמיץ וועט אונדז קומען זוכן.

אַלץ וואָלט צוגעגאַנגען גלאַטיק,ווען עס וואָלט זיך נישט געפונען צווישן אונדז איינער, וואָס האָט מורא געהאַט צו אַנטלויפן. עס האָט נישט געהאָלפן דאָס צורעדן אים, כאָטש האַק און בראָק. ער האַלט זיך ביי זיינעם, אַז ער האָט מורא און וועט נישט אַנטלויפן פון חדר. עמיץ האָט פאָרגעשלאָגן, אַז מען זאָל אים איבערלאָזן און אַנטלויפן אַליין. מען האָט אָבער מורא געהאַט, אַז ער וועט דער־ציילן ווהין מיר זענען געלאָפן און מען איז אַ ווײַלע געבליבן אויפן אָרט, געוואָלט צוטראַכטן עפּעס אַן עצה ווי אַזוי צו זיין באַוואָרנט קעגן דעם „מסור”.

דעם דאָזיקן בזיון האָט שוין דאָס ייִנגל נישט געקענט פאַרטראָגן און ער האָט זיך גענומען שווערן מיט אַלע מיני שבועות וחרמות, ביי זיין לעבן אוןביים לעבן פון זיינע עלטערן, אַז ער וועט נישט מסרן און נישט אויסגעבן דעם סוד, ווהין מיר זענען אַנטלאָפן.

כאָטש מיר זענען נישט געווען אַזוי זיכער אין זיינע שבועות, האָבן מיר זיך אָבער נישט געקענט איינהאַלטן און דעצידירט זיך וואָס שנעלער אָפּצוטראָגן פון חדר. געלאָפן זענען מיר נישט דורכן שטעטל, נאָר הינטערן בית המדרש, לענגאויס דעם טייכל ביז צו די לאָנקעס.

אַזוי ווי מיר זענען נאָר אַרויס פון דעם שטעטל האָט אונדז אַרומגעכאַפּט די פרייד פון פרייע פייגל און ווי די יונגע פריי־געלאָזענע פערדלעך האָבן מיר זיך אַ לאָז געטון איבער דער לאָנקע, צעבריקעוועט און געהירזשעט, פול געמאַכט די לופט מיט פריילעכן טומל און ליאַרם. צו אונדז איז נישט געווען קיין גלייכן אויף גאָטס וועלטל.

אינמיטן צעווילדעוועטן שפּיל האָט עמיץ פון די ייִנגלעך הויך אַ זאָג

געטון: „וואָס וועט זיין, אַז יענער וועט דערציילן דעם רבין און אויסזאָגן ווו מיר זענען?"

זיינע רייד האָבן אויף אונדז געווירקט ווי אַ דונער אינמיטן העלן טאָג. דאָס שפּרינגען און בריקעווען האָט זיך מיטאַמאָל איבערגעריסן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ הייסער וויכוח. אייניקע האָבן געזאָגט, אַז ער וועט נישט וואָגן צו דערציילן, ווייל ער וועט מורא האָבן פֿאַר אונדזערע קלעפּ. אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז ער וועט מער מורא האָבן פֿאַרן רבינס קלעפּ און ער וועט יאָ דערציילן. דער וויכוח וואָלט זיך לאַנג פֿאַרצויגן, ווען עמיץ קומט נישט מיט אַ פֿאָרשלאָג אָוועק־צושטעלן אַ שמירה הינטערן לעצטן גרויסן געדיכטן קוסט ביים וועג און ווי נאָר מען וועט דערזען פֿון דערווייטנס דעם רבין, וועט געגעבן ווערן אַ צייכן און מיר וועלן זיך באַהאַלטן.

ווידער האָט זיך באַנייט דער שפּיל און ווידער האָבן מיר גענומען שפּרינגען און לויפֿן ווי די ווילדע פֿערדלעך, אָבער פּלוצלונג האָט זיך דערהערט דאָס געשריי: „ער גייט!"

ווי די צעשראָקענע מייז זענען מיר בליץ־שנעל זיך צעלאָפֿן צווישן די קוסטעס און איינגעהאַלטן די אָטעמס. אויף דער לאָנקע איז געוואָרן שטיל ווי אין רייוויץ ביינאַכט. אין עטלעכע מינוט אַרום האָט זיך באַוויזן דער מלמד מיט אַ לויפֿנדיקן טראָט און אַ לאַנגן שטעקן אין האַנט. ער האָט געשריגן אין אונדזער זייט:

„וואָרטס, ממזרים, יעדן וועל איך שוין ווייזן. כ'וועל ענק שוין דערציילן די מעשה".

אַזוי שרייענדיק איז ער געלאָפֿן און מיטן שטעקן געפּאַטשט איבער די קוסטעס. עס איז געווען קלאָר, אַז ער זעט אונדז נישט, אָבער אין פּחד האָבן מיר זיך געשאַרט פֿון איין קוסט צו דער אַנדערער, געמיינט, אַז נישט־זעענדיק אונדז וועט דער רבי לויפֿן ווייטער, אָבער ער האָט אויסגעזען נישט צו רעזיגנירן און ווידער געלאָפֿן אַהין און צוריק, גענומען זוכן אין די געדיכטעניש פֿון די קוסטעס. דער פּחד פֿאַר זיין שטעקן האָט אונדז טאַקע אַרויסגעטריבן פֿון אונדזערע באַהעל־טעניש. איינציקווייז זענען מיר אַרויסגעשפּרונגען פֿון די קוסטעס און געמאַכט פּליטה אַהיים.

אַריינקומענדיק אין שטוב האָב איך געזען מיין מאַמען זיצן און שטריקן אַ סוועדער. איך האָב געוואָלט זי אויסמיידן, אָבער זי האָט דערהערט מיין שווער סאָפּען און זי האָט אויסגעשטעלט אויף מיר איר פֿרעגנדיקן בליק: „וואָס איז געשען, משהקע?"

איך בין געבליבן שטיין אַ צעטומלטער און נישט געוווסט וואָס צו טון.

דער מאַמען וואָלט איך אפשר דערציילט דעם גאַנצן אמת, אָבער זי קען דאָך דערציילן דעם טאַטן און דאַן איך מיך נישט מקנא צו זיין. לסוף אָבער האָט גובר געווען דאָס זוכן שוץ ביי דער מאַמען און איך האָב איר דערציילט וועגן אונדזער אַנטלויפן אין וואַלד אַריין. די מאַמע האָט נישט געשלאָגן. אָבער אירע רייד זענען געווען ביטערע: „נו, וואָס וועט איצט זיין, תכשיט מיינער?"

איך בין געשטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און מקבל באהבה געווען די מאַמעס מוסר־רייד, אָבער ווען זי האָט מיך געהייסן צוריקגיין אין חדר אַריין, האָב איך גענומען ציטערן ווי אַ בלעטל אין ווינט:

„כ'האָב מורא... דער רבי וועט מיר הרגנען..."

איך האָב נישט באַוויזן צו ענדיקן מיינע ווערטער, ווי די טיר האָט זיך געעפנט און דער מלמד מיטן קאַנטשיק אין האַנט איז אַריינגעשפרונגען אין צימער און אויסגעשריגן:

„דו לאָבוז איינער, פאַרוואָס ביזטו אַנטלאָפן?"

ווי אַ פייל פון בויגן בין איך אַרויסגעלאָפן און אַרויסגעשפרונגען דורכן צווייטן אַריינגאַנג. דער מלמד האָט מיך נישט געקענט דעריאָגן און איז געבליבן אין שטוב, אַראָפּגערעדט זיך פון האַרצן פאַר דער מאַמען. איך האָב לאַנג נישט געוואַגט אַריינצוגיין אין שטוב און פון מיין באַהעלטעניש אַרויס געשיקט אַ יינגל זען צי דער רבי איז נאָך דאָ. ערשט ווען ער האָט מיר געבראַנגט די בשורה, אַז דער רבי איז אַוועק בין איך צוריק אַהיימגעגאַנגען. די מאַמע איז געווען אין כעס, ווייל דער מלמד האָט איר געזאָגט, אַז איך בין געווען דער אָנפירער פונעם אנטלויפן און אַז איך בין אַ חוצפהניק, טו אים אָן געברענטע צרות און מאַך קאַליע די אַנדערע קינדער.

די מאַמע האָט מיר געדראָט, אַז דער רבי וועט דאָס מיר נישט שענקען. ווען איך האָב אָנגעהויבן צו וויינען איז די מאַמע געוואָרן ווייכער און האָט איינגעשטימט אַז איך זאָל דעם טאָג נישט צוריקגיין מער אין חדר אַריין. זי האָט גענומען אין אַכט די גרויסע געפאַר, אַז דער רבי וועט אויסלאָזן צו מיר זיין גאַנצן כעס.

איך האָב זיך גיך באַרואיקט און בין אַרויסגעלאָפן אין גאַס צו מיינע חברים. יעדער האָט געהאַט וואָס צו דערציילן ווי אַזוי ער איז אַנטלאָפן און ניצל געוואָרן פון רבינס בייטש. מיר זענען אַוועק צום טייכל, וואָס האָט זיך געצויגן איבער דער לאָנקע און אַריינגעשפרונגען אינעם קאַלטן וואַסער, פאַרגעסן אין די דורכ־געמאַכטע געפאַרן און די סכנות, וואָס וואַרטן אויף אתדז אין מאָרגנדיקן טאָג. מיר האָבן אַרומגעפּלעסקעט לאַנגע שעהן אין וואַסער און ערשט שפּעט נאָכמיטאָג, ווען עס האָט אָנגעהויבן ציען ביים האַרצן זענען מיר אַוועק אַהיים כאַפּן עפּעס

צום עסן און זיך אָנגעשמועסט צו טרעפן פֿאַרנאַכט ביים רוסישן קלויסטער. דאָרט האָבן מיר זיך אַריינגעכאַפּט אין גאָרטן, נעבן דעם קלויז נאָענט פון לייבישעס שטוב. לייביש איז געווען דער וועקער צו סליחות און מיר האָבן געמוזט אָכטונג געבן, ער זאָל נישט זען ווי מיר רייסן זיך אַריין אין גאָרטן.

די נאַכט פון מוצאי ל״ג בעומר בין איך גאָר ווייניק געשלאָפן. אין מוח האָט געעקבערט די זאָרג, וואָס וועט זיין מאָרגן. דער פחד פאַרן רבינס בייטש האָט געפייניקט און צוגענומען דעם שלאָף פון די אויגן.

אויפצומאָרגנס האָט מיך די מאַמע אויפגעוועקט פריער ווי אַלעמאָל און מיך אונטערגעיאָגט, איך זאָל שוין גיין אין חדר אַריין. אָבער איך האָב זיך איינגעשפּאַרט, אַז כ׳האָב מורא צו גיין אַליין, ווייל דער רבי וועט מיך שלאָגן. די מאַמע האָט מיט מיר לאַנג איינגעטענהט און צוגעזאָגט, אַז זי וועט מיט מיר מיטגיין און בעטן דעם רבין ער זאָל מיך נישט שלאָגן.

בלית ברירה בין איך איר נאָכגעגאַנגען און געהאַט דאָס געפיל פון איינעם, וואָס גייט אויף קידוש השם. ווי נאָר מיר זענען אַריינגעקומען אין חדר האָט דער רבי אַ זאָג געטון: „ער איז דאָך דאָ, דער תכשיט כ׳האָב שוין געוואָלט שיקן אַ שליח נאָך דיר״.

אַ דערציטערטער בין איך געשטאַנען און געטוליעט זיך צו דער מאַמען. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אָט אָט הויבט דער רבי אויף זיין קאַנטשיק און נעמט מיך שמייסן איבער דער פּלייצע. די מאַמע האָט געזען מיין שרעק און האָט געבעטן דעם רבין ער זאָל מיט איר אַרויסגיין אינדרויסן. איך בין געבליבן אין חדר און געהאַט דאָס געפיל ווי די מאַמע, מיין איינציקע שוץ, וואָלט מיך פאַרלאָזט אין אַ וויסטן מדבר און יעדע רגע קען זיך באַווייזן דער טייוול. פּאַוואָלע האָב איך זיך צוגעשאַרט צו דער לעצטער באַנק, כ׳זאָל זיין וואָס ווייטער פון רבינס הענט. קיין סך האָט עס מיר נישט געהאָלפן. וואָס ווייטער עס איז געשען איז נישט כדאי צו דערציילן. יעדנפאַלס איז מיך נישט געווען מקנא צו זיין, דער בעסטער באַווייז, אז נאָך איצט, נאָך פערציק יאָר, איז מיר יענער ל״ג בעומר געבליבן איינגעקריצט אין זכרון.

## ה. פייבל

# הניגון העצוב

זוכרני את החדרים שלמדנו, אצל ר׳ מרדכי הוברמן ז״ל. היה יהודי טוב, זקן, השתדל לתת לתלמידיו בהתאם ליכלתו והסביר את שעוריו יפה. אינני זוכר אף אחד מהתלמידים. כ״כ למדתי אצל המלמד ר׳ שמואל אורישיס, שם היה לגמרי אחרת. הנ״ל היה עני ואביון, וקשה היה לו להתקיים משכר לימוד שהאבות שלמו לו, והיה מוכרח לחפש מהצד. אז השאיר את התלמידים לבד בבית והוא כתת רגליו לכפרים ובערב הביא טרף לביתו.

אולם בדרך כלל הלימודים התחילו בשעות הבוקר המוקדמות ונמשכו, עם הפסקות קצרות, עד שעה מאוחרת בערב. הרבי לא ידע תמיד לקשור ולשמור על יחסים תקינים עם תלמידיו, ובעת ובעונה אחת לקיים משמעות ברזל. אולם הקפיד לבל יהיו איחורים, וכל מי שהעיז להפר את הסדר בא מיד על עונשו ובלי חקירות ודרישות היה מפעיל את הרצועה ה„קאנטשיק״ שהיה מונח תמיד לצידו, כדי להרתיע חוטאים ועבריינים, מפירי חוק ומשמעות ב„חדר״. וראה זה פלא, אף־על־פי שהמלמד מגלה תקיפות ויד חזקה, אין תלמידיו שומרים לו איבה וטינה. אדרבה ואדרבה, הם רוחשים לו חיבה והערצה וזאת בשל נאמנותו לחנך אותנו ברוח התורה והיהדות, להחדיר בלבנו אמונה עמוקה ועזה.

חורף. שעה מוקדמת. נער, שזה מקרוב מלאו לו שמונה שנים, משרך לו דרכו, הגמרא תחת בית שחיו, הפיאות מאחורי אזניו, ופניו ל„חדר״, לשיעור בקידושין, בבבא קמא עם רש״י ותוספות, בנדרים עם הר״ן.

העיירה נמה את שנתה החורפית, אולם יש והיא כבר התעוררה ל„יריד״, ולב הנער נמשך לרעש ולהמולה, אך אסור להרהר בדברי חולין, להיות ממבלי עולם בדברי־הבל. כל זאת הוא כבר ידע למרות גילו הרך. הרבי וסתם יהודים טובים כבר הזינו אותו בדברי מוסר.

בחדר קר. מנורת נפט דולקת. התלמידים מתכנסים לשיעור. על הספסלים מסביב לשולחן משננים את הסוגיא ומתנועעים בקצב אחיד, בניגון בן־דורות.

יש והרבי מטיף לנו מוסר בשקט ובניגון עצוב, וישנן שעות שאנו חופשים מעינו הפקוחה של הרבי, רצים כצפורי־דרור ליער, לנהר, לטפס על עצים, לשיר, לרקוד ולחבוק עולמות, משפעת הלב, מרננת הדם.

אכן, כוחות גדולים היו חבויים בחובו של נעורינו בעיירה.

# הווי ודמויות



# געשטאלטן און שטייגער

# הווי ודמויות



ל סקירה ורשימה במדור הזה נכתבה בידי אנשים שפעלו בוויסלביצה, ונתנו למחברים חופש גמור לספר את זכרונותיהם מבחינתם הם. הקורא והחוקר ימצאו בודאי מה מאַחד את דרכי האנשים האלה במגמתן אל דרך המלך של האוכלוסיה היהודית בעיירה בלבטיה ובשאיפותיה, במאבקיה, הפנימיים והחיצוניים, בחילוקי הדעות על דרכי האדם, דרכי היהודי בבית וברחוב; וימצא גם את המאַחד, את הסינתיזה בחיים ובמאבק, שהיא דרך עלייתו וירידתו של העם, העם שעלה בלהבות.

אנשי וויסלביצה, הצעירים והזקנים, הרגישו עצמם חלק מן העם היהודי הגדול, ההולך לקראת תחייתו וגאולתו, ואינו מוכן לוותר על ייחודו ותקומתו. חייהם היו תוססים וסוערים, במאבקים בין שאיפות ואמונות ודעות חדשות, שבאו לדחוק ולהחיש את הקיימות. מי ידע וישכיל לתאר את האוצרות של אידיאליזם, אשר האנשים הללו, שרידי העיירה הקטנה, השקיעו בעבודתם, שאין מזכירים אותה בשום דינים־וחשבונות? כולם אש־התלהבות, ברוכי־מעש, הביאו להווי העיירה ממיטב לשדם ודמם וברצון רב נטלו על עצמם את עול החיים ופרנסת בני־ביתם, עול צדקה ומעשים טובים ובכל אשר דברו ועשו נשמע הצליל הזך של זהב טהור, אשר מבלי משים נגע עד לב כל איש ואיש וכצליל שיר מקהלת הקודש ישאוהו תמיד על שפתיהם.

אשרי הדור מלא־צלילים כאלה!

אוי לו לדור ביגונו על אבדן הצלילים שנאלמו דום.

שמעון

**הודית איינעס**

# צער און שמייכל<br>אין מיין שטעטל



אַר מיינע אויגן שטייען שטענדיק די געשטאַלטן פון מיין שטעטל. טאָג און נאַכט טראַכט איך וועגן די אַלע, וואָס האָבן מיך אַרומגערינגלט; סיי דער עלטערער דור און סיי די ייִנגלעך און מיידלעך פון מיין עלטער, מיט וועלכע מיר האָבן זיך יאָרנלאנג געחברט, פאַרבראַכט צוזאַמען, געגאַנגען צוזאַמען אין דער פאָלקס־שול, געוועבט צוזאַמען אונדזערע יוגנט חלומות, רייף געוואָרן אויף אַלע געביטן. צי קען מען פאַרגעסן אין אַ מאַמען, פון וועמענס בריסטן מען האָט זיך דערנערט, אין וועמענס שויס



פון לינקס: חסיה כץ, שרה שור, שרה זאיאַנץ און רחל אלעראַאנד



פון לינקס : **שיינדל געווערץ, אסתר צימערמאַן האַנדלסמאַן און אהרן־בער טענענבוימס ייִנגערע טאָכטער.**

מען האָט זיך דערצויגן, אויף וועמענס הענט מען האָט די ערשטע זון־שטראַלן דערזען און מיט וועמענס ליפּן מען איז מיט הייסע קושן באַדעקט געוואָרן? אַזוי קען מען נישט פֿאַרגעסן דאָס שטעטל, אויף וועלכנס ערד מען האָט די ערשטע טריט געשטעלט, פֿון וועלכנס פֿעלדער און גערטנער מען האָט זיך אָנגעטרונקען מיט די שמעקעדיקסטע פֿרילינגס־ריחות, אין וועלכנס וועלדער מען האָט זיך איינגעהילט אין שאָטן, ווען די זון איז געשטאַנען אַ צעגליטע אינמיטן הימל; ביי וועלכנס שטראַמיקן טייכל מען האָט געחלומט וועגן אַ בעסערער וועלט.

וואַיסלאַוויץ איז געווען אַ קליין, אָרעם שטעטעלע, אָבער די נאַטור אַרום איז געווען באַשאַנקען מיט פֿיל שיינקייט, מיט טויזנטער חנען, ברייטע רחבֿותדיקע פֿעלדער און טיף־ווייטע וועלדער. אויף יעדן פֿעלד וואַקסן אַנדערע בלומען און אין וואַלד וואַקסן הויכע שלאַנקע סאָסנעס און ברייט־צעצווייגטע דעמבעס, טאָפּאָלן און בעריאָזעס. וויפֿל זיסע טרוימען, ביז היינט נאָך נישט דערגרייכטע, זענען אויסגעטרוימט געוואָרן אויף אונדזערע שפּאַצירן אין יענעם וואַלד! וויפֿל זיסע דערינערונגען טראָגן אין זיך די על־פּי־נס לעבנגעבליבענע וואַיסלאָוויצער פֿון יענע צייטן, ווען יידיש לעבן האָט פּולסירט אין יעדן ווינקל, יידישקייט האָט אַרויסגעשיינט פֿון יעדער שטוב, יידיש וואָרט און יידיש געזאַנג האָבן יעדן פֿון אונדז באַגלייט פֿון וויג ביז די שפּעטע יוגנט־יאָרן.

הייליק און טייער זענען פאַר אונדז די אַלע געשטאַלטן און טיפּן, וואָס מיר דערמאָנען אין אונדזער יזכור־בוך, אפילו די, וועגן וועלכע מיר שרייבן מיט אַ שמייכל דערמאָנענדיק זייער אייגנאַרטיקייט, זייער באַזונדערקייט, וואָס האָט זיי אויסגעטיילט פונעם אַרום און דאָך געבליבן אייגן, היימיש און נאָענט און אַזוי איז זייער אָנדענק געבליבן איינגעקריצט אויף אייביק אין אונדזערע הערצער.

## זומערדיקע אידיליעס

אויף דער פּאַטשינע נעבן זישע משהלעס פלעגן זיך צונויפקלייבן די שטעטישע יידן און שמועסן איבער דער וועלט־פּאָליטיק. אין די פאַרנאַכטן פון די לאַנגע זומערדיקע טעג האָט שיע פון מילעכל, שיע לאנג, גענומען ביי יאנקעלע שטראָס־בערגער, זישעס איידעם, דעם „היינט" און געלייענט אויפן קול די נייעסן, די אַרטיקלען. ער האָט נישט דורכגעלאָזט קיין איין אות.

עס פלעגט טרעפן און עס איז געשען אַ מכשול, וואָס האָט אים איבער־געריסן אינמיטן לייענען. אַמאָל האָט דאָס געקענט זיין שחנא שוחטס, שיעס ווייב, אַ הויכע דאַרע יידענע מיט אַ רויטער פּאַטשיילע אויפן קאָפּ, וואָס האָט זי פּלוצלונג אַרומגעזען, אז דער מאַן שטייט נישט אין געוועלב, אין דער לעדער־קראָם, וואָס זיי האָבן געהאַט און זי איז צוגעלאָפן מיט קולות, ער זאָל גיך אַריינקומען אין געוועלב.

אַן אַנדערמאָל האָט עס געקענט זיין אַ פויעריש פורל, וואָס איז אַריינגעפאָרן אינמיטן מאַרק און אַלע אַרומשטייענדיקע יידן, וואָס האָבן זיך צוגעהערט צו שיעס לייענען, זענען זיך צעלאָפן, צוגעלאָפן צום פורל, אַ קוק טון צי דער פויער האָט געבראַנגט עפּעס צו פאַרקויפן, אַרויסגעצויגן אַ שטרוי פון אונטער דעם פויערס געזעס, גענומען דאָס שטרויעלע אין מויל, צווישן באָרד און וואָנסעס, געטאַפּט מיט די הענט, געקוקט אים אין די אויגן, געוואָלט אַרויסקריגן פון אים אַ וואָרט. אָבער מערסטנס איז ער געווען סתם אַ פויער, וואָס איז געקומען עפּעס דער־ליידיקן אין דער גמינע, אָדער איינקויפן פאַר זיך עפּעס אַ קלייניקייט. אַנטוישטע זענען דאַן די יידן צוריקגעקומען צום אָרט, ווו שיע איז נאָך געשטאַנען און געדולדיק געוואַרט אויף זיינע צוהערער און ווידער האָבן זיי זיך איינגעהערט צו זיין לייענען אַרטיקל נאָך אַרטיקל, ידיעה נאָך ידיעה.

נאָכן דורכלייענען די גאַנצע צייטונג האָבן זיך אָנגעהויבן די וויכוחים. יעדער האָט זיך באַמיט צו קומען צום וואָרט, אַרויסזאָגן זיין מיינונג וועגן די נייעסן אין דער וועלט־פּאָליטיק. מען האָט דאָרט שטענדיק געקענט טרעפן לייבטשע שטיין, וועלכן מען האָט גערופן לייבטשע מענדעלעס אָן דער האַנט, זיין איידעם.

וואָס האָט געוווינט אין דעם קליינעם אוליטשקעלע, ווו מען איז געפאָרן קיין כעלם; שמעון לייבל וואָלף זעלנערס (ברוך), דער קליינער נחמנלע (נחמן שטיין, איז געשטאָרבן שוין דאָ אין ישראל).

צווישן די שטענדיקע רעדל־שטייערס אויף דער פאַטשינע איז אויך געווען מאָטי ייד. (פאַקטיש האָט מען אים גערופן מאָטי גוי, אָבער די וואָס האָבן אים נישט געוואָלט באַליידיקן האָבן אים גערופן ייד)... דאָרט האָט מען אויך געזען שמעון בוציאַן און דובטשע נאַטעס און אַ סך אַנדערע, וועמענס נעמען איך געדענק שוין היינט נישט.

דער יאַריד־טאָג איז אויסגעפאַלן מיטוואָך און איז געווען דער וויכטיקסטער טאָג אין דער וואָך, ווייל ער האָט געברענגט די פּרנסה אויף דער גאַנצער וואָך אַרויס. דעמאָלט זענען כמעט אַלע איינוווינער געווען פאַרנומען. עס זענען זיך צונויפגעפאָרן די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער און געברענגט זייערע פּראָדוקטן צום פאַרקויפן און שפּעטער פאַרן געלט איינגעקויפט די נויטיקע זאַכן אין די קראָמען און געוועלבן.

אויפן דאָזיקן יאַריד־טאָג האָבן געוואָרט אַלע יידישע איינוווינער פון שטעטל. די וואָס האָבן געהאַט גרעסערע און קלענערע געוועלבער, הענדלער וואָס האָבן פאַרקויפט פון האַנט צו האַנט, בעלי מלאכות וואָס האָבן אָנגענומען באַשטעלונגען און אויך אַזעלכע וואָס האָבן פאַרקויפט פּאַרטיקע אויסאַרבעטונגען. אין אַלע איבעריקע טעג זענען זיי דערפאַר אַרומגעגאַנגען פריי, נישט געהאַט קיין לייזעכטס, געהאַט אַ סך פרייע צייט אויף צו הערן לייענען שיען פון מילעכל די צייטונג פון אָנהויב ביזן סוף און שפּעטער דיסקוטירן, שמועסן און קאָכן זיך איבער די פאַרשידענע פּראָבלעמען פון דער וועלט־פּאָליטיק, פון דברים העומדים ברומו של עולם.

## אומרואיקע טעג

ביים עק פון דער גראַבאָוויצער אוליצע האָט געוווינט אַ פּויערים־משפּחה. געווען איז דאָרט אין דער משפּחה אַ שייגעצל פון אַ יאָר צען און ער פלעגט גיין אין שול, וואָס האָט זיך געפונען אין פּריצישן הויף. אויפן וועג האָט ער געמוזט דורכגיין דעם מאַרק, ווו עס האָבן געוווינט די יידן.

צווישן שטעטל און הויף האָט זיך געצויגן אַ טייך, וועלכן מען האָט טאַקע גערופן דער הויפישער טייך, אויף וועמענס ברעגן האָבן געוואַקסן הויכע טאָפּאָלן־ביימער. איינמאָל האָט זיך דעם שייגעצל פאַרגליסט אַרויפצוקריכן אויף אַ בוים,

אויף וועלכן עס זענען צווישן די צווייגן געווען נעסטן פון פייגל און ער האָט פון דאָרט געוואָלט אַרויסנעמען די אייעלעך, וואָס די פייגל האָבן געלייגט.

ער איז שוין געווען גענוג הויך, ווען דער קאָפּ האָט זיך אים פאַרדרייט און ער איז אַראָפּגעפאַלן, זיך שטאַרק צעקלאַפּט און קוים זיך דערשלעפּט אַהיים. מוראדיק דערציילן דעם אמת די עלטערן, האָט ער געזאָגט, אַז דורכגייענדיק דאָס שטעטל האָבן אים די זשידעס אַריינגעשלעפּט אין אַ קעלער פון יהודה־וואָלפס הויז און אים שטאַרק צעשלאָגן, קוים ער האָט זיך פון זיי אַרויסגעריסן.

דאָס שייגעצל האָט, ווייזט אויס, געהאַט פיל פאַנטאַזיע און כדי צו פאַרשטאַרקן דעם איינדרוק פון זיינע רייד האָט ער צוגעגעבן, אַז די יידישקע, וואָס גייט שטענדיק דורך פאַרביי זייער כאַטע, אויפן וועג צום נייעם מיידאַן און ער וואַרפט איר נאָך שטיינער, האָט זי איינמאָל צו אים געשריגן, אַז ווען ער וועט קומען אין שטאָט, וועט זי אים שוין באַצאָלן. ער האָט גענוי געשילדערט וועלכע יידענע ער מיינט, דאָס איז געווען חנה זאַנענשטיין, וואָס פלעגט גיין האַנדלען אויפן נייעם מיידאַן.

עס האָט זיך גלייך אָפּגעפונען אַ פעטער פונעם שייגעצל, וואָס האָט צעבלאָזן די דאָזיקע געשיכטע און געמאָלן פאַר די פּויערים ווי אַזוי יידן נאַרן אַריין קריסט־לעכע קינדער און צאַפּן זייער בלוט. די געמיטער ביי די פּויערים האָבן זיך צעקאָכט און זיי האָבן אָנגעהויבן זיך גרייטן צו נעמען נקמה אין די זשידעס.

עס איז געווען זומער און אין שטעטל האָט מען געוואַרט אויפן אָטפּוסט, וואָס פלעגן פאָרקומען יעדעס יאָר. די פּויערים פון דער גאַנצער געגנט פלעגן זיך דעמאָלט צונויפפאָרן אין שטעטל, ווו די וואָיסלאָוויצער יידן און אויך פון די אַרומיקע שטעטלעך האָבן אויפגעשטעלט זייערע סטראַגאַנעס מיט קאָלירטע צוקערלעך, געפאַרבטע קיכלעך און כל־מיני געבעקסן, קינדער־שפּילצייג, פאַרביקע פּאַציארקעס און פאַרשידנערליי סטענגעס. עס פלעגט אויך אָנקומען אַ קאַרוזעלע און אין שטעטל איז געוואָרן לוסטיק און לעבעדיק. יידן האָבן געהאַט פּרנסה און די קינדער האָבן וווּנדערלעך פאַרברענגט.

אַזוי האָט עס אויסגעזען יעדעס יאָר אין נאָרמאַלע צייטן, אָבער דאָסמאָל זענען יידישע הערצער געווען פול מיט שרעק, מיט פּחד און ציטערניש, עס זענען דערגאַנגען צו אונדז די ביטערע בשורות, אַז די פּויערים האָבן בפירוש געזאָגט, אַז דאָס וועט זיין דער טאָג פון זייער חשבון מיט די יידן.

דאָס איז געווען אין יאָר 1937, נאָכן פּאָגראָם אין פּשיטיק, ווען די געמיטער אין די שטעטלעך און דערפער זענען געווען צערייצט, געהעצט דורך די ענדעקישע סטודנטן און פאַרשידענע אַגיטאַטאָרן, וואָס האָבן זיך אַרומגעדרייט איבער די

דערפער און שטעטלעך און זיי האָבן פאַר זיך געזען אַ גינסטיקע געלעגנהייט אַרויסצורופן מהומות קעגן יידן. אין שטעטל האָט געהויערט די שרעק.

די באַאומרואיקטע יידן אין וואָיסלאָוויץ, דערשלאָגענע, פאַרלוירענע, האָבן זיך געוואָנדן צום פּאָליציי־קאָמענדאַנט, איבערגעגעבן אים די ידיעות, אַז די פויערים גרייטן זיך צו אַ פּאָגראָם אינעם טאָג פון אטפּוסט.

דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט איז נישט געווען קיין גרויסער יידן־פריינט, אָבער ער פלעגט זאָגן, אַז ער שעצט מענטשן וואָס פירן אַ מסחר, אָדער בעלי־מלאכות וואָס פירן וואַרשטאַטן, אַבי זיי זענען באַשעפטיקט און לעבן נישט פון ווינט. אויסהערנדיק די יידישע דעלעגאַציע איז ער אַוועק צו דער משפחה פונס צעקלאָפּטן שייגעצל, געהייסן אַלעמען אַרויסגיין פון שטוב און אַליין זיך אַוועק־געזעצט נעבן דעם קראַנקן יינגל, וואָס איז געלעגן אין בעט און גענומען אים אויספרעגן גענוי ווי אַזוי דאָס איז געשען. ער האָט אים געוואָרנט אַז ער זאָל דערציילן דעם גאַנצן אמת ווייל מען וועט אים גאָרנישט טון. דאָס שייגעצל האָט איז אָנהויב געפּרווווט אונטערהאַלטן די ערשטע ווערסיע, אָבער נאָך די וואָרענונגען פונעם קאָמענדאַנט, וואָס האָט אים גלייכצייטיק פאַרזיכערט, אַז עס וועט אים גאָרנישט געשען ווען ער וועט זאָגן דעם אמת. האָט ער אַלץ דערציילט דעם אמת ווי ער איז אַרויפגעקראָכן אויפן בוים און איז פון דאָרט אַראָפּגעפאַלן.

אָן איבערצייגטער אין דעם אמת אין דעם יינגלס רייד האָט דער קאָמענדאַנט גלייך זיך געוואָנדן אין פּאָוויאַט, מען זאָל אים שיקן פאַרשטאַרקונגען צום טאָג פון אַטפּוסט. די פּאָליציי־פאַרשטאַרקונגען זענען אָנגעקומען אַ טאָג פאַרן אטפּוסט, גלייכצייטיק האָט גענומען פּלייצן אַ שטאַרקער רעגן, וואָס האָט זיך פאַרצויגן אויך אויף דעם צווייטן טאָג. עס האָט געגאָסן אָן אויפהער און די פּאָליציי־פּאַטרולן אָנגעטון אין די גראַנאַטענע רעגן־מאַנטלען מיט קאַפּישאָנען האָבן זיך די גאַנצע צייט געדרייט אין גאַס.

דער רעגן האָט צעשטערט די וועגן און די פויערים האָבן נישט געקענט אַרויספאָרן פון זייערע דערפער. צו זיי איז אויך דערגאַנגען די ידיעה וועגן די פאַרשטאַרקטע פּאָליציי־פּאַטרולן און קיינער פון זיי האָט זיך נישט באַוויזן אין שטעטל.

יידן אין שטעטל האָבן טאַקע היזק געהאַט דעם פדיון פון דעם היי־יאָריקן אטפּוסט, אָבער קיינער האָט זיך נישט איבערגענומען דערמיט, אַלע האָבן זיך געפרייט וואָס דער טאָג איז אַדורך בשלום. מען האָט נאָך צונויפגענומען אַביסל געלט און געמאַכט אַ סעודה פאַר די פּאָליציאַנטן, געשטעלט בראַנפן און די יידן האָבן פרייער אָפּגעאָטעמט, געדאַנקט און געלויבט גאָט פאַר דעם נס וואָס איז אויסגעמיטן געוואָרן אַ פּאָגראָם.

## די מומע אסתרל

אַזוי קליין און אָרעם ווי עס איז געווען אונדזער שטעטעלע אַזוי גרויס איז געווען דער קוואַל פון צדקה. עס זענען דאָרטן געווען פאַרשידענע חברות, הכנסת כלה און לינת הצדק, ביקור חולים און תלמוד תורה. אַרום יעדער חברה האָבן זיך גרופּירט מענטשן, וואָס האָבן געהאָלפן אויפהאַלטן די אינסטיטוציע. אינעם גרעסטן טייל זענען עס געווען עלטערע פרויען, וועלכע האָבן אויך באַמיט זיך אַריינצוציען די ייִנגערע פרויען. אַן אָפּטע דערשיינונג איז געווען דאָס אַרומגיין איבערן שטעטל קלייבן נדבות. די פאָרלעך, מיטגלידערינס פון הכנסת כלה, האָבן עס נישט געטון חלילה פאַר זיך, נאָר פאַר דער אינסטיטוציע, וועלכער זיי זענען געווען איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן.

אויך מיר איז אָפּטמאָל אויסגעקומען צו גיין מיט אַ חברטע קלויבן נדבות. קיינמאָל האָבן מיר נישט געוווּסט פאַר וועמען דאָס געלט גייט. פאַר אונדז איז גענוג געווען צו וויסן, אז דאָס איז פאַר אַ נויט־באַדערפטיקן, פאַר אַ פאַרבאָרגענעם אָרעמאַן. מיר האָבן געהאַט דעם פולסטן צוטרוי צו די עלטערע פרויען, וועלכע האָבן אונדז אַרויסגעשיקט. און די אַלע, צו וועלכע מיר זענען געקומען, האָבן געהאַט דעם זעלבן צוטרוי און אונדז קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט, יעדער האָט געגעבן לויט זיינע מעגלעכקייטן.

צווישן די אַקטיווסטע כלל־טוערינס, וואָס איך געדענק איז געווען אסתרל פערלס—ברונעס. מיין זיידנס זישע משהלעס אַ שוועסטער. זי איז שוין דעמאָלט געווען אַן עלטערע פרוי, פון אַ יאָר פינף און זעכציק, אַ נידעריקע, אַ דיקלעכע מיט אַ קיילעכיק גוטמוטיק פּנים און קלוגע שמייכלענדיקע אויגן.

דער מומעס משפחה איז באַשטאַנען פון אַ מאַן און צוויי זין, וועלכע זענען שוין דעמאָלט געווען נאָך דער חתונה. איינער האָט געוווינט אין זאַמאָשטש און דער צווייטער אין פּאַריז. ווייזט אויס, אַז זיי זענען נישט געווען קיין גבירים און זענען נישט אומשטאַנד געווען צו העלפן דער מוטער, ווייל די גאַנצע צייט, וואָס איך געדענק, איז זי געווען די פּרנסה געבערין, פלעגט נעמען אין די מאַנופאַקטור־געשעפטן שניט־סחורה און גיין דערמיט איבער די דערפער, פאַרקויפן צווישן די פּויערים, אין קעלט, אין רעגן, נישט איינמאָל אויסגעווייקט און דורכגעפרוירן געוואָרן ביזן סאַמע געביין.

דער מומעס מאַן, דער פעטער משהל, וועלכן מען האָט אין שטעטל גערופן משהל לובלינער, איז אויך געווען פון נידעריקן וווּקס, שטענדיק אויסגעפוצט, אַ ווייכער, אַן אויסגעאיידלטער, נישט געטון קיין האַנט אין קאַלטן וואַסער, נאָר גאַנצע טעג געזעסן אין בית המדרש און געלערנט אָדער געפאָרן צום רבין.

זיי האָבן געוווינט אין אַ גרויס צימער, אויפֿן ערשטן שטאָק. שטענדיק איז דאָרט געווען ריין און ציכטיק, געבלענדט פֿון ווייסקייט. אפֿילו אַלס קינד האָט עס אַרויסגערופֿן מיין פֿאַרווונדערונג און איך האָב באַוווּנדערט די אַלטע מענטשן, וואָס האַלטן אַזוי ריין זייער איינציק צימער, אַז עס בלאַנקט און שמעקט פֿון ריינקייט.

נישט געקוקט דערויף, וואָס די מומע אסתרל האָט אַזוי שווער געהאָרעוועט אויף דער פּרנסה און שפּעטער ביים ריינהאַלטן די שטוב, האָט זי נאָך שטענדיק געפֿונען צייט צו פֿאַרנעמען זיך מיט צדקה, אַרויסשיקן פֿאַרלעך צו קלייבן נדבות, זיצן ביי אַ קראַנקן לאַנגע שעהן אין דער נאַכט, העלפֿן די קרובים, וואָס זענען געווען באַוואָרפֿן מיט קליינע קינדער. באַזונדערס פֿיל אַרבעט האָט זי געהאַט ווינטערצייט ווען דאָס קליינוואַרג איז פֿאַרשלאָפֿט געוואָרן, פֿלעגט זיך פֿאַרקילן, אונטערקרענקען, באַקומען היץ און די מאַמעס האָבן זיך נישט געקענט קיין עצה געבן מיט זיי. די מומע אסתרל פֿלעגט דאַן דערשיינען ווי אַ מלאך פֿון הימל און זיך גלייך גענומען אַרומפֿאָרען ביי די קינדער, איינעם צוגעבונדן דעם האַלדז מיט אַ וואָלענעם איינגעזייפֿטן זאָק, אַ צווייטן געגעבן אַ לעפֿעלע טיי אין מויל אַריין אָדער איינגעגעבן ריצינאייל. דאָס איז געווען די ערשטע דרינגענדיקע הילף, ווען אַ קינד האָט באַקומען פֿיבער. דעם דאָקטאָר האָט מען זייער זעלטן גערופֿן, ערשטנס צוליב דעם וואָס נישט שטענדיק האָט זיך אין שטעטל געפֿונען אַ דאָקטאָר. אויב ער איז שוין יאָ געווען, זענען זייער זעלטן געווען די עטלעכע זלאָטעס אים צו באַצאָלן.

גאָר באַזונדערס האָט די מומע אסתרל אָפּגעהיטן איר אויפֿגאַבע צו גיין יעדן פֿרייטיק פֿאַרנאַכט, נאָך ליכט־בענטשן, פֿון שטוב צו שטוב און יעדע באַלעבאָסטע האָט איר געגעבן אַ ברויט, אָדער אַ חלה, וואָס מען פֿלעגט אַליין באַקן. בכלל האָט מען אין שטעטל נישט געוווּסט וואָס דאָס הייסט קויפֿן ברויט. יעדע באַלעבאָסטע האָט פֿרייטיק אָפּגעבאַקן ברויט און חלה, אויף אַ גאַנצע וואָך.

די דאָזיקע אויפֿגאַבע האָט די מומע אויסגעפֿירט מיט גרויס מסירת נפֿש אין אַלע צייטן פֿון יאָר, האָט זיך נישט גערעכנט מיט קיין שלעכט וועטער, אין רעגן און אין שניי, אין האָגל און אין פֿראָסט, קיין שום זאַך האָט זי נישט געקענט אָפּהאַלטן פֿון אַרויסגיין צונויפֿזאַמלען דאָס ברויט, וואָס זי האָט אַריינגעלייגט אין ספּעציעלע ריינע זעק, וועלכע זי האָט שפּעטער אָנגעהאַנגען יעדן פֿון דער יונגער חברה, וואָס זי האָט אָנגעטראָפֿן אויפֿן וועג. די יונגע האָבן עס אַוועק־געטראָגן צו איר אין שטוב. ווען זי איז פֿאַרטיק געוואָרן מיטן צונויפֿקלייבן דאָס ברויט איז זי אַהיימגעגאַנגען און גענומען עס פֿונאַנדערטראָגן צווישן די נויט־באַדערפֿטיקע.

געווען אויך אַזעלכע, וואָס זענען געקומען צו איר אַהיים, נאָך דעם ברויט. אָבער מערסטנס האָט די מומע געדאַרפט עס אַליין פונאַנדערטראָגן, ווייל דאָס זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך שטאַרק געשעמט מיט זייער אָרעמקייט, יורדים וואָס זענען אַמאָל געווען איינגעאָרדנט, פאַרמעגלעכע באַלעבאַטים און מיטאַמאָל פאַרלוירן זייער גאַנץ פאַרמעגן, נישט געהאַט צו געבן צו עסן זייערע קינדער, אָבער געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג, אַרויפגעשטעלט אַ טעפּל וואַסער אויף דער קיך, שכנים זאָלן מיינען, אַז עס קאָכט זיך עסן. אין דעראמתן זענען זיי געווען אָן אַ ביסן ברויט אין מויל.

אומדערמידלעך האָט די מומע אסתרל ביזן טיפן עלטער געטון די דאָזיקע אַרבעט מיט אַן אויסערגעוויינלעכע איבערגעגעבנקייט און גרויסער פּשטות, ווי דאָס וואָלט געווען איר פליכט, וואָס אַ העכערער כוח האָט אויף איר אַרויפגעלייגט.

ביזן לעצטן טאָג פון איר לעבן האָט איר האַרץ געקלאַפּט מיט אומגעהויערער ליבשאַפט און גוטסקייט צו מענטשן, ביז די היטלעריסטישע מערדער האָבן זי אומגעבראַכט צוזאַמען מיט אַלע יידן פון שטעטל.

## דוד קופּפער

טיפע אינטעליגענץ, ברויזנדיקע ענערגיע, שטאַרקער ווילן און גרויסער אידעאַליזם — דאָס זענען געווען די הויפּט־שטריכן פון זיין כאַראַקטער. ער האָט אָן אויפהער געשטרעבט צו גיין פאָרויס, אַלץ ווייטער און העכער. דאָס האָט ער אויך געפאָדערט פון אונדז און געשטרעבט אונדז צו העלפן מיט זיין גאַנצן טאַלאַנט, מיט אַלע זיינע כוחות און פעיקייטן. עס איז דעריבער אַזוי שווער צו שרייבן וועגן אים, ווי וועגן אַ טויטן. פונקט ווי ער אַליין איז דער אָנדענק וועגן אים געבליבן באַליבט און פאַרערט.

דוד קופּפער אָדער ווי מען האָט אים גערופן דודטשע משהס, איז געווען אַ בחור, מיט וועלכן מען האָט זיך אין שטעטל געבענטשט צוליב זיינע גרויסע מעלות.

ער איז געווען אַ זון פון דרדקי־מלמד, משה רבי, איז ער געזעסן יומם ולילה און געלערנט תורה, איז געווען פרום און עניוותדיק, קיינמאָל נישט געקוקט אין דער זייט פון אַ מיידל, און אַלע זענען געווען זיכער, אַז פון אים וועט אויסוואַקסן אַ רב, אַ גאון.

עס האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט און דודטשע האָט אָנגעהויבן לייענען ביכער, יידישע און העברעאישע, און מיט דער צייט האָט ער די ביכער אָפּגעגעבן

מער שעהן ווי דעם לערנען תורה. אין אָנהויב האָט ער געלייענט אין געהיים, אָבער נאָך אַ געוויסער צייט האָט מען אין שטעטל זיך דערוווּסט וועגן דעם און מען האָט אָנגעהויבן קוקן אויף אים ווי אויף איינעם, וואָס איז אַראָפּ פון גלייכן וועג, איז אַרויס לתרבות רעה.

צווישן דער אויפגעקלערטער יוגנט האָט מען זיך געפרייט מיט דודטשען ווי מיט אַ גרויסן כוח, וואָס איז צוגעקומען אין שטעטל. ער האָט אַלץ מער און מער געשלונגען די ביכער און האָט אויך אָנגעהויבן צו שרייבן. פאַרמאַכט זיך אויף גאַנצע טעג און געשריבן. גלייכצייטיק האָט ער זיך אויך אָנגעהויבן אינטערעסירן מיטן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין שטעטל, האָט אַקטיוו אָנטיילגענומען אין דער קולטור־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

אין די יאָרן 1930—1931 האָט ער בראש פון אַ גרופּע יונגע בחורים געגרינדעט דעם „החלוץ”. ער האָט אַליין אויף געהאַלטן פאַרלעזונגען און אָנגעפירט מיט שמועסן אויף פאַרשידענע טעמעס.

די דאָזיקע אַקטיווקייט האָט אָנגעהאַלטן אינגאַנצן אַן אָנדערטהאַלבן יאָר. שפּעטער איז דודטשע אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע. נאָך עטלעכע חדשים איז אָנגעקומען אין שטעטל דער נומער „אַרבעטער צייטונג”, דער פּאַרטיי־אָרגאַן פון די לינקע פּועלי־ציון, אין וועלכן מיר האָבן געלייענט מעלדונגען, אַז דוד קופּפער פאָרט אַרום איבער פאַרשידענע שטעטלעך מיט פאַרלעזונגען אויף ליטעראַרישע טעמעס. דעמאָלט האָבן מיר זיך אויך דערוווּסט, אַז דודטשע איז אַ מיטגליד אין לינקע פּועלי־ציון. פאַר די וואָיסלאָוויצער מיטגלידער פון לינקע פּועלי־ציון איז דאָס געווען אַ געוואַלדיקע איבעראַשונג און פרייד. די ידיעה האָט אין גאַנצן שטעטל געמאַכט אַ שטאַרקן רושם. אין די קרייזן פון יוגנטלעכע און דערוואַקסענע האָט מען אויף פאַרשידענע אופנים אויסגעטייטשט דעם דאָזיקן פאַקט און געמאַכט דערפון די פּאָליטישע אויספירן.

עס איז פאַרביי אַ יאָר נאָך דעם ווי מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז דודטשע איז אַריינגעטראָטן אין לינקע פּועלי־ציון, האָט ער זיך מיטאַמאָל באַוויזן אין שטעטל. גלייך ווי ער איז אַהיימגעקומען האָט ער זיך פאַרבונדן מיטן אַקטיוו פון דער וואָיסלאָוויצער אָפּטיילונג האָט זיך געטיילט מיט זיינע איינדרוקן און אָנגעהויבן אַקטיוו אָנטיילנעמען אין פּאַרטייאישן לעבן. ער האָט דערביי אַרויסגעוויזן אַ סך טעמפּעראַמענט און איבערגעגעבנקייט, נישט געקאַרגט קיין צייט, מי און כוח פאַר העלפן אָרגאַניזירן צוזאַמענטרעפן, רעפעראַטן און שמועסן צווישן דער „יוגנט” און „יונגבאר”. זיין אינטערעס מיט אַלע דערשיינונגען און פּאַסירונגען אינעם פּאַרטייאישן לעבן, האָט אונדז מיטגעריסן. ער איז געוואָרן אַ נישט־פּאַרטרעטבאַרער מיטגליד אין אונדזער אָרגאַניזאַציע.

צוזאַמען מיט דער פּאַרטייאישער אַרבעט האָבן מיר געהאַט די געלעגנהייט צו באַקענען אים נעענטער, דערפילן זיין פּערזענלעכקייט אויך אין פּריוואַטן לעבן. איך דערמאַן זיך ווי אַמאָל, בעת אַן אינטערעסאַנטן שמועס איבער פאַרשידענע ענינים, האָט ער מיר אויך דערציילט ווי אַזוי ער האָט דורכגעמאַכט דעם וועג צו די לינקע פּועלי־ציון. דאָס איז געווען אַ וועג פון אַ זעלבשטענדיק־דענקנדיקן בחור, וואָס האָט דורכגעמאַכט אידעאָלאָגישע ראַנגלענישן ביז ער איז געקומען צום אויספיר, אַז זיין אָרט איז צווישן די, וואָס קעמפן פאַר אַ סאָציאַליסטיש ארץ־ישראל.

די וווינונג פון דודטשעס עלטערן האָט זיך געגרענעצט מיט דעם שכנות־דיקן הויז, ווו עס האָט זיך געפונען דער לאָקאַל פון די לינקע פּועלי־ציון. דודטשע האָט אַזוי אַרום שטענדיק געקענט זיך צוהערן צו אַלעם, וואָס קומט פאָר אין פּאַרטיי לאָקאַל, אפילו ווען ער איז געזעסן ביי זיך אין שטוב. ער האָט געלעבט מיט די אַלע פראַגן און פּראָבלעמען פון דער פּאַרטיי, וואָס זענען אַרויסגעברענגט געוואָרן אין אונדזער לאָקאַל, ווו מיר זענען זיך צונויפגעקומען כמעט יעדן אָוונט, אָבער אַמערסטן אין די פרייטיק־צונאַכטסן און שבתים, ווען עס זענען פאָרגעקומען פאַרלעזונגען און דיסקוסיעס, קעסטל־אָוונטן און שמועסן איבער פאַרשידנערליי טעמעס, קולטור־געזעלשאַפטלעכע, ליטעראַרישע און פּאָליטישע.



**דודטשע קופּפער און זיין פאָטער משה מלמד.**

צוויי דורות, אַזוי ווייט אַוועק איינער פון אַנדערן און דאָך האָבן זיי געהאַט אין זיך אַזויפיל ענלעכס. דודטשעס פאָטער, משה מלמד האָט געלערנט די יינגלעך עברי און עס איז כמעט נישט געווען קיין יינגל אין שטעטל, וואָס איז נישט דורך זיין חדר ווו ער האָט זיי מחנך־געווען על טהרת תורת ישראל, טיף און ערלעך געשטאַלטיקט די יונגע נשמות פון די קינדער, וועלכע האָבן דעם דרך־ארץ פאַר אים אנגעהאַלטן ביז אין די שפּעטע יאָרן. פּונקט אַזוי האָבן אלע געזען אין זיין זון דודטשע אַ מורה־דרך, וואָס האָט מיט זיין באַלערנטקייט, אינטעליגענץ און ערלעכקייט עמאנירט אויף אַלע, וואָס זענען געקומען מיט אים אין באַרירונג, גענאָסן פון זיין וועלט־באַנעם, דערפאַרונג און אַנגע־שטעקט געוואָרן מיט זיין איבערגעגעבנקייט צו הויכע אידעאַלן.

דודטשע איז שטענדיק געווען די נשמה פון דער דאָזיקער טעטיקייט. אפילו ווען ער איז אַליין נישט אַרויסגעטרעטן, האָט ער זיך צוגעהערט צו דעם, וואָס די אַנדערע יוגנטלעכע האָבן גערעדט. אַלץ איז פאַר אים געווען שטאָף צום פאַרטראַכטן זיך און בויען דערויף זיינע אויפקלערונגען און די געביטן פאַר זיין ווייטערדיקער אַקטיוויקייט.

## די פיאַסקאָזשעס

דאָס איז געווען אַ משפחה, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ פּאָרפאָלק מיט צוויי דערוואַקסענע זין. דער פאָטער, אַ נידעריקער און שטילער, מיט אַ געל בערדל. די מוטער פריידע, אַ קליין געוויקסיקע און קיילעכדיקע, מיט אַ שטענדיקן שמייכל אויפן פּנים. זיי האָבן געהאַנדלט מיט תבואה. אין שטעטל האָט מען גערעדט, אַז זיי שיטן צו זאַמד צו די זעק תבואה און דערפאַר האָט מען זיי צוגעקלעפּט דעם נאָמען פיאַסקאָזשעס, פון דעם פּוילישן וואָרט פיאַסעק, וואָס באַדייט זאַמד.

די מוטער האָט געבאַקן ברויט צום פאַרקויפן. זי איז געווען זייער אַ ציכטיקע און אַ קלוגע. עס איז געווען אַ מחייה אַריינצוגיין קויפן ברויט צו פריידען. עס האָט דאָרט געשמעקט מיט פריש געבעקס. די ערד איז געווען אויס־געלייגט מיט געלן ליים, ווייל קיין פּאָדלאָגע איז נישט געווען.

אין שטעטל האָט מען דערציילט, אַז נאָך בעת דער צאַרישער אָקופּאַציע איז דאָס פּאָרפאָלק פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר פאַר אומלעגאַלן האַנדל מיט בראַנפן. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען זיי צוריקגעקומען. מענטשן האָבן גערעדט, אַז זיי האָבן פון דאָרט געבראַכט אַ זאַק מיט גאָלדענע רענדלעך. זיי אַליין האָבן דערציילט, אַז זיי זענען געווען פאַרשיקט אין אַ געגנט, וווּ די באַפעלקערונג איז באַשטאַנען פון האַלב ווילדע מענטשן. ווען די שכנים אין וויטן סיביר האָבן אַמאָל געזען ווי דער ייד שטייט איינגעוויקלט אין טלית און דאַוונט, האָט מען אים געמאַכט אַ שם פון אַ הייליקן און מען האָט אָנגעהויבן ברענגען צו אים קראַנקע, ער זאָל זיי היילן. דערפאַר האָט מען אים באַשאַנקען מיט מתנות.

ווי עס זאָל נישט האָבן געווען האָט מען זיי אין שטעטל געהאַלטן פאַר גבירים, אָבער זיי האָבן דאָס נישט אַרויסגעוויזן, האָבן זעלטן ווען געגעבן אַ נדבה פאַר אַ גוטן צוועק. ווען עס איז שוין אַמאָל געלונגען פון זיי עפּעס אַרויס־צוקריגן איז דאָס געווען גאָר אַ קליינע נדבה.

אַמאָל האָט פּאַסירט, אַז עס איז געווען אַ דרינגנדיקער פאַל, ווען מען האָט געדאַרפט העלפן אַ ייד און דערצו האָט זיך גענויטיקט אַ גרעסערע סומע

געלט. עס האָבן זיך צונויפגענומען עטלעכע באַלעבאַטים, אָנגעזעענע יידן מיטן רב בראש און זיי זענען געגאַנגען צו די פּאַרמעגלעכע יידישע איינוווינער. יעדער האָט געגעבן לויט זיינע מעגלעכקייטן און געווען אַזעלכע, וואָס האָבן אפילו געגעבן מער ווי זיי האָבן זיך געקענט דערלויבן, ווייל עס איז פאַר יעדן געווען קלאָר, אַז אויב אַזעלכע יידן לאָזן זיך אַרויס צונויפנעמען נדבות, מוז עס זיין אַ גאָר דרינגנדיקער פאַל.

די יידן זענען אַריינגעקומען צו די פּיאַסקאָזשעס, האָבן דאָרט געטראָפן דעם עלטערן זון נוטעלע, האָט ער אַרויסגענומען פון קעשענע עטלעכע גראָשנס און געוואָלט זיי געבן. די יידן זענען געבליבן שטיין דערשטוינטע. זיי האָבן אויסגערעכנט צו באַקומען פון אים מינדעסטנס פינף זלאָטעס. צווישן די דאָזיקע אָנגעזעענע יידן האָט זיך געפונען מיין זיידע זישע און ער האָט אַ רוף געטון מיט כעס: „קומט, לאָמיר אַוועקגיין פון דאַנען. ער וועט שוין פאַר דער נדבה באַצאָלן אַ צווייטמאָל".

עס זענען פאַרביי עטלעכע יאָר. דער אַלטער פּיאַסקאָזש איז געשטאָרבן. מיין זיידע איז דעמאָלט געווען דער ראש פון דער חברה קדישא און ווען די זין פונעם בר־מינן זענען געקומען דערליידיקן די קבורה, האָט זיי דער זיידע געזאָגט, אַז דאָס דאַרף קאָסטן אַ קיילעכדיקן טויזנטער. פאַרשטייט זיך, אַז די זין האָבן זיך אָנגעכאַפּט ביי די קעפּ. זיי זענען שוין געווען גרייט צו געבן צוויי הונדערט זלאָטעס. אָבער דער זיידע האָט דערפון נישט געוואָלט הערן.

אין שטעטל האָט זיך גענומען קאָכן. די זין האָבן כסדר אונטערגעשיקט מענטשן, זיי זאָלן אונטערהאַנדלען מיטן זיידן. אָבער דער זיידע איז געווען איינגעשפּאַרט. ער האָט געטענהט אַז די פּיאַסקאָזשעס דאַרפן באַצאָלן פאַר אַ פּאַרקן אויפן בית־עולם; אַז זיי דאַרפן שפּענדן פאַרן אויפפרישן דעם בית־כנסת, וואָס מען האָט שוין לאַנג נישט רעמאָנטירט.

לסוף איז מען דורכגעקומען מיט זיי אויף זיבן הונדערט זלאָטעס. ערשט דאַן איז פאַרגעקומען די לוויה.

## זכריה רופ

ער איז געווען אַ זון פון אַן אָרעמער משפּחה. זיין פאָטער איז געווען אַ שטובן־מאַלער. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה ווען דאָס שטעטל האָט זיך גענומען צו ביסלעך אויפבויען נאָך די שריפות, האָט ער נאָך געהאַט אַ ביסל אַרבעט ביים אויפשטעלן די אויוונס צום וואַרעמען און צום באַקן. די הייזער

זענען געווען געבויט פון האָלץ. שפּעטער, אין יאָרן אַרום, האָט שוין זעלטן ווער געדאַרפֿט אַ מיליער. עס פֿלעגט אויך טרעפֿן, אַז עמעץ האָט געדאַרפֿט אין ווינטער פֿאַריכטן זיין אויוון אָבער דערפֿון האָט ער נישט געקענט האָבן קיין פּרנסה און ער איז אוועקגעפֿאָרן קיין לאָדזש זוכן אַרבעט.

כ'דערמאָן זיך נישט, און אפֿשר האָב איך עס קיינמאָל נישט געוווּסט, ביי וואָס ער איז דאָרט געווען באַשעפֿטיקט. איך ווייס נאָר, אַז ער פֿלעגט אַמאָל אויף אַ יום־טוב אַהיימשיקן אַ פּאָר זלאָטעס און איינמאָל אין עטלעכע יאָר קומען אַהיים אויף פּסח.

אין שטוב איז געווען אַ גרויס אָרעמקייט. די דריי קינדער האָבן אָפּט געהונגערט. די עלטסטע טאָכטער בלומע איז אַרומגעגאַנגען אַ בלאַסע און דאַרע. זכריה איז געווען דער מיטלסטער. די ייִנגסטע האָט געהייסן ברכה. די פּאַקטישע פּרנסה־געבערין איז געווען די מוטער, וועלכע איז געגאַנגען אין דאָרף האַנדלען. קיין גרויסע זיבן זאַכן האָט זי נישט געקענט אויפֿטון. זי פֿלעגט קויפֿן ביי די פּויערים אַ הינדל, אַ פּאָר אייער, אַ טעפּל האָניק, אַביסל ציבל און אַנדערע פּראָדוקטן פֿון דאָרף.

ווען זכריה איז אונטערגעוואַקסן איז ער אַוועק לערנען זיך שניידעריי. נישט געקוקט אויף דער שטענדיקער נויט אין שטוב, איז ער דווקא געווען אַ גוטמוטיקער און באַהערשטער בחור. ער האָט אַ געוויסע צייט געלערנט אין חדר. די פּוילישע שול האָט ער וואַרשיינלעך, זייער ווייניק באַזוכט. ער האָט נישט געקענט רעדן קיין פּויליש און צוליב דעם טאַקע פֿלעגן פֿאָרקומען קוריאָזן, וואָס האָבן געגעבן דעם שטעטל שטאָף צום לאַכן אַ לאַנגע צייט.

ווען ער איז אַלט געוואָרן אַ יאָר זיבעצן האָט ער זיך אויסגעלערנט פֿאָרן אויף אַ ראָווער. פֿאַרשטייט זיך, אַז קיין אייגענעם ראָווער האָט ער נישט פֿאַרמאָגט. אין גאַנצן שטעטל זענען געווען קוים דריי בחורים, וואָס האָבן פֿאַרמאָגט אייגענע ראָווערן. דאָס האָט אָבער נישט געשטערט, אַז אויך די אָרעמע ייִנגלעך זאָלן זיך לערנען פֿאָרן. קומט אַמאָל זכריה ארויס אין גאַס, אין זומערדיקן טאָג, דער מאַרק איז געווען ליידיק און נעבן אַ געשעפֿט איז זיך געשטאַנען אַ שפּוגל־נייער ראָווער. דער יצר־הרע האָט אים, ווי די שלאַנג אין גן־עדן, גענומען אַריינ־פֿליסטערן און צורעדן, ער האָט נישט געקענט גובר זיין דעם יצר־הרע און גענומען ארומפֿאָרן אויפֿן ראָווער איבערן מאַרק.

דער שייגעץ, צו וועלכן עס האָט געהערט דער ראָווער, איז אַרויס פֿון געשעפֿט און דערזען, אַז עפּעס אַן אומבאַקאַנטער ייִדיש ייִנגל פֿאָרט זיך אַרום אויף זיין ראָווער. ער איז צוגעגאַנגען צו זכריהן און גענומען אים זידלען אויפֿן גאַנצן קול:

„דו פאַרשיווער ייד, איך וועל דיך אָנלערנען. וואָס האָסטו עפּעס גענומען מיין ראַוווער?"

זכריה איז געשטאַנען אַ רואיקער און געענטפערט:

„נאָ, טאַ צאַ?"

אויף פּראָסט יידיש הייסט דאָס: נו, איז וואָס? אָבער דער שייגעץ האָט זיך נישט געקענט באַרואיקן און זיך געקאָכט, געשריגן מיט ווילדער רציחה: „איך וועל דיר די ציין אויסהאַקן", אָבער זכריה האָט אים ווידער געענטפערט מיט די זעלבע ווערטער. ער האָט פּשוט נישט געקענט מער קיין פּוילישע ווערטער און דערמיט געמיינט, אַז ער פאַרענטפערט זיך פאַרן שייגעץ.

נאָכן אויסלערנען זיך דאָס פאַך האָט ער אָבער נישט באַקומען קיין אַרבעט און איז אַוועק קיין לאָדזש, וווּ ער האָט זיך לאַנג אַרומגעדרייט און נישט געקענט זיך איינאָרדענען. ער איז דערנאָך אַוועק קיין וואַרשע, אָבער דאָס אינטערעסאַנטע דערביי איז, וואָס פון לאָדזש קיין וואַרשע איז ער געגאַנגען צופוס, ווייל ער האָט נישט געהאַט קיין געלט אויף רייזע־הוצאות. ער איז געגאַנגען לענגאויס דער באַן־ליניע טראָגנדיק מיט זיך אַ פּעקעלע, וואָס איז באַשטאַנען פון צוויי געלאַטעטע העמדער און אַ פּאָר תּפילין.

אויפן וועג האָבן אים באַגעגנט צוויי שקצים, וועלכע האָבן געפאָדערט פון אים געלט. ער האָט אָבער נישט געהאַט קיין גראָשן ביי דער נשמה. האָבן זיי אים שטאַרק צעשלאָגן און צוגענומען ביי אים דאָס פּעקעלע.

אַזוי איז ער אָנגעקומען קיין וואַרשע אָן די העמדער און אָן די תּפילין. דאָרט איז אים דווקא געלונגען צו באַקומען אַרבעט און ער האָט אָנגעהויבן קומען צווישן אָרגאַניזירטע אַרבעטער, געגעסן מיטאָגן אין דער אַרבעטער־קיך און אַריינגעטרעטן אין דער לינקער פּועלי־ציון.

ווען ער איז נאָך אַ געוויסער צייט אהיימגעקומען קיין וואָיסלאָוויץ איז ער געוואָרן אַן אַקטיווער חבר אין דער פּאַרטיי. נישט געקוקט דערויף, וואָס אין שטוב איז געווען אַ גרויס אָרעמקייט, פלעגט ער דאָך ברענגען עטלעכע שטיקלעך האָלץ איינצוהייצן דעם פּאַרטיי־לאָקאַל אין די קאַלטע ווינטער־אָוונטן. ווען מיר האָבן אָפּגעגעבן די ביטע צו לעגאַליזירן די „גזועלשאַפּט אָוונט־קורסן" האָט זיין נאָמען פיגורירט צווישן די ערשטע.

פּאַסירט אַמאָל, אַז די יוגנט קומט זיך צונויף אויף אַ שמועס אין וואַלד און עס קומט אָן פּאָליציי און צעטרייבט די פאַרזאַמלטע. זכריה איז געוואָרן אין כעס, איז אַוועקגעלאָפן אויף דער פּאָליציי־סטאַציע, געטראָפן דאָרט דעם פּאָליצ־יאַנט שאַיעווסקי, וואָס איז געווען באַקאַנט ווי אַ שונא ישראל. זכריה האָט זיך צעשריגן אויף אים: „טי בענדזשע זאַציפּיאַל מאַיאַ יוגנט?" געמיינט האָט ער

צו זאָגן: דו ווערסט פאַרטשעפּען מיין יוגנט? אָבער אַרויסגעקומען איז עפּעס אַזעלכעס, וואָס דער פּאַליציאַנט האָט בשום אופן נישט פאַרשטאַנען.

דאָס ווערטל איז דערנאָך לאַנג אַרומגעגאַנגען איבערן שטעטל און מען האָט געהאַט פון וואָס צו לאַכן.

בעת אַן 1־טער מאַי־אַקאַדעמיע, צו וועלכער מען האָט געדאַרפט האָבן אַן אָפיציעלע לעגאַליזאַציע און עס זענען געקומען, ווי אָפיציעלע פאַרשטייער פון דער מאַכט, אַ פּאַליציאַנט צוזאַמען מיט נאָך אַ פּאַליאַק, וואָס האָט געקענט גוט יידיש. פאַרשטענדלעך אַז די רעדנער האָבן זיך געדאַרפט רעכענען מיט די ווערטער. ווען זכריה האָט גענומען אַ וואָרט, האָט ער געוואָנדן זיין בליק אין דער ריכטונג פון די מאַכט־פאַרשטייער און געזאָגט:

„ווי אַזוי קען מען רעדן, אַז מען האָט אונדז אויפגעהאנגען אַ שלאָס אויפן מויל?"

## יאָסל פּעטיאַך (קופּער)

ער איז געווען אַ הויכער, דאַרער ייד, מיט אַ געל בערדל, האָט שטענדיק אויסגעזען ווי ער וואָלט זיך געקליבן אין מרחקים. די פּאָלעס פון זיין כאַלאַטל זענען ביי אים געווען צעפלויגן, באָרד און פּיאות צעפּלאַשעט און די אויגן האָבן געקוקט ערגעץ ווייט.

זיין ווייב אויך אַזאַ הויכע און דאַרע, אָנגעטון אין אַ פאַטשיילע אויפן קאָפּ, פאַרבונדן פון הינטן. אין שטוב זענען געווען אַ סך קינדער, איינס קלענער פון אַנדערן.

זיין חיונה האָט ער געצויגן פון גיין אויפן דאָרף האַנדלען. זעלטן ווער עס האָט געוווּסט זיין פאַמיליע־נאָמען. אַלע האָבן אים געקענט אונטערן צונאָמען פּעטיאַך. ער פלעגט זיך אַוועק שטעלן אין דער פרייער צייט רעדן מיט עטלעכע יידן און תמיד האָט ער גערעדט וועגן דער צייט ווען משיח וועט קומען. ער פלעגט זאָגן:

„אוי, יידן, איר שטעלט אייך פאָר ווי אַזוי דאָס וועט אויסזען ווען משיח וועט קומען? אויף די פעלדער וועלן וואַקסן פאַרטיקע חלות. איר זעט די אַלע ראַוון ביי די וועגן? אומעטום וועלן פליסן מילך מיט סמעטענע".

יידן האָבן גערן צוגעהערט זיך צו זיינע רייד און ער איז נישט מיד געוואָרן פון שילדערן די גאָלדענע צייט פון משיחס קומען:

„...און יאָסל וועט זיך אַהיימגיין פונעם דאָרף טראַשטשינקע, ס'וועט זיין אַ זומערדיקער פאַרנאַכט... אמת, מ'וועט זיין מיד פון שלעפּן דאָס פּעקל אויף

די פלייצעס און מסתמא אויך הונגעריק, ווייל כ׳האָב דאָך אַ גאַנצן טאָג נישט געגעסן, וועל איך זיך אַוועקלייגן דאָס פּעקל אויף דער ערד און זיך אַרויסרייסן אַ פרישן קוילעטש פון פעלד, איינטינקען אים אינעם ראָוו מיט סמעטינע און עס וועט זיין מחיה נפשות״.

אַרום אים האָט מען געקייכט פון געלעכטער און ער האָט זיך ס׳זייניקע גערעדט:

„איי, יידן, געוואַלט, ווען וועט ער שוין קומען דער משיח, ווען?״

## מענדעלע יאשעס

ר׳ מענדעלע יאשעס, אַ נידעריק געוויקסיקער, שטיל ווי אַ טויב, און זייער פרום. זיין גאַנץ לעבן האָט ער געקענט בלויז דעם וועג פון שטוב צום בית המדרש און צו דער מקווה. טאָג און נאַכט איז ער געזעסן און געלערנט. ער האָט זיך נישט געקענט פאָרשטעלן וויאַזוי אַ ייד קען טון אַן עבירה. ווען מען האָט אין בית המדרש אַמאָל דערציילט וועגן אַ בחור, וואָס מען האָט אים געזען גיין אין וואַלד אַן אַ היטל, אָדער רויכערן אַ פּאַפּיראָס אום שבת, האָט ער געזאָגט, אַז דאָס קען נישט זיין אמת, ווייל עס איז נישט מעגלעך, אַז אַ יידישער בחור זאָל טון אַזעלכע זאַכן. געווען אַ פאַל, אַז מען האָט אים איבערצייגט און אויפגעוויזן, אַז אַ בחור האָט געטון אַזעלכעס, איז ער געווען זיכער, אַז יענער איי רחמנא ליצלן משוגע געוואָרן, ווייל אַנדערש וואָלט ער אַזעלכעס נישט געטון.

ערשט ווען עס איז געשען דאָס אומגליק און זיין יתגעדער זון האָט נאָך אַ שווערער קראַנקהייט באַקומען נערוון אנפאַלן, האָט ער מער נישט געזאָגט אויף אַ מחלל שבתניק, אַז ער איז אַ משוגענער, נאָר מסכים געווען, אַז ער איז לא עלינו אַ גוי...

זיין ווייב פייגע איז געווען אַ הויכע יידענע, אַ פולע, אָבער אויך זייער אַ שטילע, האָט זיך אויסגעטיילט פון אַנדערע ווייבער מיט איר באַשיידנקייט, נישט גערעדט קיין סך אפילו מיט די נאָענטסטע שכנטעס.

זיי האָבן זיך מפרנס געווען פון פאַרקויפן הייוון צום באַקן. אַלע ווייבער אין שטעטל האָבן ביי פייגע מענדל יאשעס געקויפט דעם הייוון. דאָס געלט אויף צו קויפן דעם הייוון האָט איר שטענדיק אויסגעפעלט און זי פלעגט יעדע וואָך לייען ביי עמעצן אַ גמילות חסד. די לעצטע יאָרן האָט זי געפלעגט באָרגן ביי זלאַטע איינעס. און דאַנערשטיק, נאָכן פאַרקויפן די הייוון, האָט זי צוריק אָפּגעבערענגט דעם חוב.

פאַרשטייט זיך, אַז זיי האָבן געלעבט שטאַרק בצמצום, האָבן זיך זעלטן פאַרגינען אַ שטיקל פלייש.

זיי האָבן געהאַט צוויי זין, ישראל־דוד און שמחה, וואָס זענען אויך געווען אַזעלכע שטילע און פרומע ווי זייערע עלטערן.

זיי האָבן זיך קיינמאָל נישט באַקלאָגט אויף זייער גורל, כאָטש ער האָט זיי אַזוי שווער געטראָפן, באַזונדערס נאָכדעם ווי דער יינגערער זון האָט אַדורכגעמאַכט אַ שווערע קראַנקהייט און פלעגט קריגן אָנפאַלן פון משוגעת. כ׳ווייס נישט ווי אַזוי מען האָט זיך דערוווּסט אין שטעטל, אַז ער האָט בשעת אַזאַ אָנפאַל צעשלאָגן די מוטער. אָבער דאָס האָט אָפּגעהילכט איבערן שטעטל ווי אַ שרעקלעכער דונער און עס איז געשען, אַז ווען ער איז נאָכדעם געקומען אין בית־המדרש, האָט עמעץ פון זיינע חברים נישט געקענט זיך איינהאַלטן און פאַרגעוואָרפן אים, ווי אַזוי האָט ער געוואַגט צו טון אַזעלכעס. ער האָט געמיינט, אַז מיט די ווערטער וועט ער אויף אים ווירקן, ער זאָל זיך אָפּגעבן אַ חשבון וועגן דעם גרויסן פאַרברעכן, וואָס ער האָט געטון און אַזוי אַרום קומען צו זיך און געזונט ווערן.

דער אומגליקלעכער בחור האָט ווירקלעך אויסגעזען צו זיין אויפגעטרייסלט פון זיין אייגענעם אָנפאַל און האָט געפּרוּווט זיך פאַרענטפערן:

„כ׳בין דאָך קראַנק... כ׳האָב דאָך חס וחלילה קיינעם נישט געטון קיין שלעכטס. די מאַמע איז דאָך אייגן בלוט און פלייש... זי פאַרשטייט, אַז כ׳האָב נישט געמיינט זי צו שלאָגן״.

## בער בערגער

בער בערגער, אַ פאַרמעגלעכער ייד, האָט געהאַט צוויי געשעפטן, אַ מאַנאַפאַקטור אויף בראַנפן און אַ לעדער געשעפט. ער האָט געהאַט אַ שם פון אַ גרויסן גביר און אַמאָל, אין אַ פּרייטיק־צו־נאַכטס זענען אַריין צו אים אין הויז באַנדיטן און האָבן געזוכט געלט, האָבן איבערגעדרייט די גאַנצע שטוב, אָבער, לויט ווי מען האָט דערציילט, האָבן זיי דאָרט גאָרנישט געפינען. זיי האָבן דערפאַר שווער פאַרוווּנדעט דעם יינגסטן זון, פייוולען.

מען האָט נאָכדערציילט זיינס אַ ווערטל, וואָס ער האָט געזאָגט ווען מען האָט אים געטראָפן אין דער אכסניה אין כעלם ביים טרינקען אַ גלעזל טיי, האָט ער געזאָגט: „זעט ווי אַ ווייב קען מאַכן אַ מענטש פאַר אַ גביר. צוואַנציק גראָשן דאַרף מען באַצאָלן אין דער אכסניה פאַר אַ גלעזל טיי און אינדערהיים האָט מען עס אומזיסט״.

האַרבסט און ווינטער איז געווען זייער שווער דאָס אַרויספאָרן פון שטעטל. מען איז געפאָרן מיט פערד און וואָגן אָדער שליטן. מען האָט זיך געמוטשט וואָרעם

אַנטון. די סוחרים, וואָס האָבן געדאַרפט אָפט פאָרן איינקויפן די סחורות, האָבן געהאַט גרויסע מאַנטלען, וואָס מען האָט אָנגעטון אויף אַ סך וואַרעמע מלבושים. דעם דאָזיקן בגד האָט מען גערופן אַ בורקע. נישט יעדער האָט זיך געקענט פאַרגינען אַזאַ בורקע. ווען עס האָט געטראָפן, אַז אַ געוויינלעכער באַלעבאָס, וואָס איז נישט אָפט געפאָרן אין שטאָט אַריין, האָט אַמאָל געדאַרפט דווקא אין ווינטער פאָרן וועגן אַ שידוך, און ווילנדיק אויסזען ווי אַ פאַרמעגלעכער באַלעבאָס, איז ער געגאַנגען צו בער בערגער באָרגן ביי אים די בורקע. נישט יעדן איינעם איז ער אַקעגנגעקומען, און ווען ער האָט עמיצן אָפגעזאָגט, האָט ער דערביי צוגעגעבן:

„פאַרשטייסט, טייערער פריינט, דיר וואָלט איך געבאָרגט אַפילו מיין ווייב. אָבער די בורקע קען איך דיר נישט באָרגן".

## דודטשע חוהס „אפשר פאַרקערט"

דודטשע חוהס, אַ פרומער און שטאַרק אָפּגעהיטענער ייד, זייער אַ קלוגער, האָט זיך מפרנס געווען פון גיין אויפן דאָרף האַנדלען מיט די פויערים. יעדן פרימאָרגן, באַלד נאָכן דאַווענען, האָט ער גענומען דאָס זעקל אויף די פלייצעס און אַוועק אויפן דאָרף.

וויפל די דאָרפישע שקאָצימלעך זענען נישט געווען צוגעוווינט צו די יידן פון שטעטל, האָבן זיי דאָך ביים דערזען גיין אַ ייד מיט אַ באָרד און פיאות, גענומען אים נאָכלויפן מיט געשרייען און זידלערייען. דאָס איז זיי קיינמאָל נישט נמאס געוואָרן. דודטשען האָט עס אָבער נישט אָפּגעשראָקן. ער פלעגט זיך טיילמאָל אָפּשטעלן, צוגערופן זיי און געזאָגט:

„כ'גיב אייך יעדן איינעם אַ גראָשן, נאָר איר זאָלט מיר אַזוי נאָכלויפן אַ גאַנצן טאָג און שרייען פאַרשיווער ייד".

די שקצים האָבן זיך גענומען האַנדלען מיט אים, אַז אַ גראָשן איז צו ווייניק. זיי האָבן געפאָדערט צו פינף גראָשן. אַנדערש וועלן זיי אים נישט צוליב טון.

דודטשע האָט געמאַכט אַ פאַרצווייפלטע מינע, אַז אַזויפיל געלט האָט ער נישט, האָבן זיי געזאָגט, אַז ער איז אַ כיטרער ייד און וועלן דערפאַר נישט נאָכלויפן אים מיט זייערע זידלערייען. אַזוי אַרום איז ער פון זיי לסוף פטור געוואָרן.

מערסטנס האָט ער זיך גיך אָפּגעפּאַרטיקט אין דאָרף און צו מנחה־מעריב איז ער שוין געווען צוריק אין בית המדרש, צוגעהערט זיך צו די וויכוחים, וואָס יידן האָבן געפירט איבער די פּאָליטישע נייעסן. יעדער האָט זיי אויסגעטייטשט

אויף זיין אופן. בלויז דודטשע חוהס האָט נאָכן אויסהערן אַלעמענס השערות אַ זאָג געטון:

„מיט וואָס ביזטו אַזוי זיכער, אַז עס איז אַזוי ווי דו זאָגסט. אפשר איז עס גאָר פאַרקערט?"

דאָס דאַזיקע ווערטל „אפשר פאַרקערט" איז געוואָרן פּאָפּולער אויך צווישן דער יוגנט און ווען מען האָט אין די דיסקוסיעס זיך אָנגעשטראָפּן אויף אַן עקשן, וואָס האָט נישט געוואָלט אָננעמען אַ לאָגישע אויפקלערונג, האָט מען אים געפרעגט „אפשר פאַרקערט".

## פייוול חיהטשע לאהקעס

די דאָזיקע משפחה איז אין שטעטל אָנגעגאַנגען פאַר אַ פאַרמעגלעכע. געהאַט אַ מאַנופאַקטור־געשעפט, וואָס איז איבערגעגאַנגען בירושה פון דורי דורות. די פרנסה־געבעריגס זענען געווען די ווייבער. דאַקעגן די מענער זענען געזעסן און געלערנט. די ווייבער זענען ווירקלעך געווען גרויסע בריהס און געהאַט די דעה נישט נאָר אין פרנסה־פראַגן, נאָר אויך אין אַנדערע משפחה־ענינים, ווי שידוכים א.ד.ג. דעם טאַטן איז געבליבן בלויז די אויפגאַבע צו פאַרהערן דעם חתן, זען ווי ווייט ער האַלט אין לערנען.

שידוכים האָט מען אין דער משפחה געזוכט צו טון פון גרויסן יחוס. דער חתן האָט געדאַרפט זיין אַ למדן און אַ יחסן. מען האָט דערציילט, אַז ווען חיהטשע לאהקעס האָט געדאַרפט חתונה האָבן און מען האָט איר גערעדט אַ שידוך מיטן יארטשעוועער רבס זון, איז מען אין שטוב געווען זייער צופרידן. דער חתן איז אַלעמען געפעלן און ווען עס איז געקומען דער טאָג פון דער חתונה זענען די מחותנים אָקעגנגעפאָרן דעם חתן, אָבער אויפן וועג האָבן זיי זיך אויסגעמיטן. עס האָט געשאָטן אַ געדיכטער שניי און דער חתן מיט די מחותנים האָבן פאַר־בלאָנדזשעט. די מחותנים פון דער כלהס צד זענען צוריקגעקומען אין שטעטל מיט דער שלעכטער בשורה, אַז מען האָט דעם חתן נישט באַגעגנט, איז געוואָרן אַ רעש און אַ בהלה אין שטאָט, ווו די כלה איז שוין געזעסן אַן אויסגעפּוצטע אין ווייסן קלייד און ווייסן שלייער. אַ מרה שחורה האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויך איבער די געסט, וועלכע האָבן זיך שוין געהאַט צונויפגעקומען און אומזיסט געוואַרט אויפן חתן. דער כלהס פאָטער איז דעמאָלט אַריינגעפאַלן אין אַ כעס און גענומען צארנען:

„זעט, אַ גאַנץ שטעטל מיט יידן איז זיך משדך מיט זאַמאָשטש, מיט כעלם

און מיט כרוביעשאָוו, נאָך דווקא מיין ווייב האָט זיך פאַרגלוסט יארטשעוו, איז נאָדיר אַ יארטשעוו...״

ענדלעך זענען דאָך אָנגעקומען די מחותנים מיטן חתן, מיט אַ גרויסער פאַרשפעטיקונג און אנשטאט אַכט אַזייגער אין אָוונט איז די חופה פאָרגעקומען נאָך האַלבער נאַכט. דער פאַרשפעטיקטער חתן איז עס געווען טאַקע אונדזער פייוול חיהטשע לאהקעס.

ער איז געווען פון נידעריקן וווקס, אַ בלאָנדער, מיט אַן איידל פנים, ער איז ווירקלעך געווען אַ גרויסער למדן און זייער אַ קלוגער. דאָס פאָרפאָלק האָט אָבער געהאַט אַ מזל נאָר צו טעכטער. ווען חיהטשע האָט צום דריטן מאָל געדאַרפט געבוירן און פייוול איז געקומען אין בית המדרש צו מנחה־מעריב, האָבן אים די יונגעלייט אַרומגערינגלט און געפרעגט:

„פייוול, וואָס פאַראַ מזל־טוב דאַרפן מיר דיר אָפּגעבן?״

פייוול האָט געענטפערט:

„גיט מיר אָפּ אַ מזל־טוב מיטן פינפטן ווייב״.

אַלע האָבן גלייך פאַרשטאַנען דעם מיין, ווייל אויך זיין שוויגער האָט דעמאָלט נאָך געלעבט און צוזאַמען מיט דער ניי־געבוירענער טאָכטער האָט ער געהאַט פינף ווייבער, דעה זאָגערינס.

ווען דאָס דריטע טעכטערל איז שוין אַלט געווען פינף אָדער זעקס יאָר, האָט מען וועגן איר דערציילט, אַז ווען די באבע, וועלכע האָט געפירט די ווירט־שאַפט אין שטוב, זאָגט איר אָפּ צו געבן עטלעכע גראָשנס אויף אַ נאַשעריי, האָט די קליינע איר געדראָט: „אויב דו וועסט מיר נישט געבן קיין געלט, וועל איך דערציילן דעם סעקוועסטראַטאָר, וווּ עס ליגט די באַהאַלטענע סחורה״.

## חיים ברוך אבעס

חיים ברוך אבעס, אַ הויכער און ברייטפלייציקער ייד, מיט אַ געזונט פאַרויטלט פנים און אַ ברייטער באָרד, האָט געהאַנדלט אויפן דאָרף, ווו די פויערים האָבן אויך געהאַט פאַר אים דרך־ארץ, ווייל ער האָט געקענט אַ נעם טון אויף דער פלייצע אַ זאַק מיט תבואה, אַ גאַנץ קעלבל און עס אַזוי אַוועקטראָגן ביז אין שטאָט אַריין. דערביי איז ער געווען פרום און אָפּגעהיטן, האָט נישט פאַרפעלט קיין איין מנחה־מעריב אין בית המדרש.

עס האָט זיך אַמאָל געמאַכט אין אַ זומערדיקן פאַרנאַכט און אין שטעטל האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ באַטאַליאָן פוילישע קאַוואַלעריע אויף פערד. זיי זענען

געפֿאָרן פֿון מאַנעוורעס און אָפּגעשטעלט זיך אין געסל נעבן חיים וואַרמאַנס הויז. דורך ווערלכן די יידן זענען געגאַנגען אין בית המדרש אַריין. אַרום די רייטער אויף די פֿערד האָבן זיך פֿאַרזאַמלט די קינדער פֿון שטעטל. עס איז געווען אַן אַטראַקציע אויף פּאָר יוגנטלעכע און די עלטערע יידן, וואָס זענען געגאַנגען צו מנחה־מעריב, באַלד האָט מען זיך געכאַפּט, אַז צווישן די קאַוואַלעריסטן זענען פֿאַראַן אויך יידישע זעלנער און אַרום זיי האָבן זיך געשאַפֿן רעדלעך יידן, געשמועסט און אויסגעפֿרעגט פֿון וואַנען און וווּהין. צווישן זיי איז אויך געווען חיים ברוך אבעס, וועלכער האָט אַלעמען דערציילט, ווי אַזוי ער האָט געדינט אין דער צאַרישער קאַוואַלעריע, ווי אַזוי מען האָט דאָרטן געמאַכט מאַנעוורעס. ער האָט זיך אַזוי צעוואָרעמט מיט זיינע באַרימערייען אַז ער האָט געגעבן אַ זאָג: „אָט וועל איך אייך באַלד ווייזן ווי אַזוי איך בין אַמאָל געריטן אויף אַ פֿערד". ער האָט טאַקע גלייך פֿאַרלייגט די צוויי פּאָלעס פֿון זיין כאַלאַט אונטערן גאַרטל, אַ נעם געטון די לייצן פֿון זעלנערס הענט, פֿאַרוואָרפֿן אַ פֿוס און אַ שפּרינג געטון אויפֿן פֿערד און שוין איז ער געווען אויבן, אַ דרוק געטון דעם פֿערדס בויך, ערשט דאָס פֿערד האָט זיך געגעבן אַ שטעל אויף צוויי פֿיס, אָבער חיים ברוך אבאס האָט זיך נישט דערשראָקן און האָט זיך אָנגעהויבן דרייען מיטן פֿערד אין אַלע זייטן. מאַכנדיק פֿאַרשידענע קונצן און אַרויסגערופֿן די התפּעלות פֿון אַלע אַרומשטייענ־דיקע. מען האָט פֿאַרגעסן, אַז דאָס איז אַ באַיאַרטער ייד און האָט מיט זיינע באָרד און פּיאות אויסגעזען ווי אַן אויסגעאיבטער און פֿלינקער קאָזאַק.

יענעם אָוונט האָט מען לאַנג געדענקט אין שטעטל און אַלע האָבן גערעדט מיט גרויס אנערקענונג וועגן חיים ברוך אבעס כוח און פֿעאיקייטן פֿון אַ קאַוואַלעריסט.

עס איז אַוועק אַ געוויסע צייט און אַ קצב פֿון שטעטל האָט געקויפֿט אויפֿן דאָרף אַן אָקס, האָט באַשטעלט ביי חיים ברוך אבאס ער זאָל אים ברענגען צו פֿירן. עס איז נישט געווען דאָס ערשטע מאָל. ער פֿלעגט דערביי נישט שלעכט פֿאַרדינען און איז אויך דאָסמאָל געגאַנגען מיט דער בהמה דורך די פֿעלדער רואיק און זיכער, נישט זעענדיק אין דעם קיין שום אויסערגעוויינלעכס. אָבער אין אַ געוויסן מאָמענט האָט זיך דער אָקס אַרויסגעריסן מיט דער קייט פֿון זיינע הענט, צוגעלאָפֿן צו חיים ברוך אבאס און אים אומגעוואָרפֿן אויף דער ערד און גענומען מיט די הערנער אים שטויסן און אים שטאַרק צעמיטשט.

אַ שווער פֿאַרווונדעטן האָט מען אים אַהיימגעבראַכט. ער איז אָפּגעלעגן אַ קורצע צייט קראַנק און איז געשטאָרבן.

ער האָט איבערגעלאָזט אַ פֿרוי מיט פֿיר קינדער און אויפֿן גאַנצן שטעטל האָט זיך דעמאָלט אַראָפּגעלאָזט אַ שווערער טרויער.

## דער שוואַרצער מאיר

דער שוואַרצער מאיר איז פון פאַך געווען אַ שוסטער און האָט צוזאַמען מיט זיין פרוי און קינדער געוווינט אין פיצי־פּאַלאַץ. ער איז געווען אַ לינק געשטימטער, האָט אָנטיילגענומען אין דער רעוואָלוציע פון 1905 און געהאַט וועגן איר אַ סך צו דערציילן. אויך אין וואָיסלאָוויץ איז ער געווען טעטיק אין האנטווערקער־פאַראיין.

אַ געוואַלטיקן האַס האָט ער געהאַט צו די פרומע און צו די חסידים. ער פלעגט טענהן, אַז אַלע אומגליקן נעמען זיך פון די פרומאַקעס און מען דאַרף זיי אויסוואָרצלען. אָבער אים אַליין האָט עס נישט געשטערט צו גיין יעדן טאָג דאַווענען, כאָטש מען האָט געשמועסט, אַז ער איז נישט קיין גרויסער קענער אין די קליינע אותיות. אין גוטן מוט פלעגט ער טאַקע זאָגן:

„זעט, יידן, מיט דער תורה וואָלט מען יאקאש געקענט אַדורכקומען. ערגער איז מיט די דראָבנינקע אותיותלעך".

## מאיר קראַפט (געלוואַסער)

אַ פּשוטער ייד, מיט אַ שטענדיקן שמייכל אויפן פּנים, אַ דאַרער מיט לאַנגע, דינע פינגער, וואָס האָבן געהאַט אַ געוואַלטיקן כּוח און צוליב דעם האָט ער געקריגן דעם צונאָמען קראַפט.

נישט איינער פון די יונגע ווייסע חברהניקעס האָט אויף זיין לייב געפילט דעם כּוח פון זיינע הענט. דאָס איז געשען מערסטנס אין די שבתות און ימים־טובים, ווען די ווייסע חברהניקעס מאַכן זיך פריילעך אין קלויז און שטערן דאָס דאַווענען. מאיר פלעגט זיך דאַן צוריקן שטילערהייט צו זיי און כאַפּן איינעם, געבן אים אַ קניפּ אין הינטן, אַז עס פלעגט דעם יינגל פינצטער ווערן אין די אויגן.

ער האָט געהאַט אַ פרוי מיט צוויי זין און האָט געהערט צו די געציילטע יידן אין שטעטל, וואָס האָבן געהאַט פעלדער און זיך מיט זיי פאַרנומען ווי אַן אמתער פויער. ער האָט אויך געהאַט פערד און בהמות, ביי וועלכע ער איז אומ־געגאַנגען מיט אַ סך ליבשאַפט און קענטעניש.

עס איז שווער צו וויסן פונוואַנען עס האָט זיך גענומען אין שטעטל דאָס מעשהלע, אַז ערב פּסח פירט מען אָפּ אַלע „פאַרכעס" קיין מצרים, ווייל פון דאָרט נעמען זיך אַלע אָנגעשטעקטע מיט דער דאָזיקער קראַנקהייט זינט יענער צייט ווען די מצרים זענען געשלאָגן געוואָרן מיט דער מכּת שחין. אויף מאיר קראַפטן האָט מען געזאָגט, אַז ער פירט זיי אָפּ מיט זיין פערד־און־וועגעלע און האָלט עס פאַר אַ גרויסע מצווה.

ווען אַ קינד האָט זיך נישט געלאָזט אָפּצוואגן דעם קאָפּ ערב שבת, פלעגט די מאַמע דראָען: ווילסט זיך נישט צוואגן, וועסטו קריגן אַ פּאַרך... אָט, גיי איך שוין צו מאיר קראַפּט באַשטעלן אויף ערב פסח אַ פּלאַץ אין זיין וועגעלע קיין מצרים.

זיין ווייב איז געווען אַן איינגעשרומפּענע ייִדענע, אַ קרענקלעכע און האָט נישט געקענט אַ סך צוהעלפן אין דער ווירטשאַפט און עס איז דערפאַר ביי זיי אין שטוב שטענדיק געווען אַ דינסט, אַ געזונטע קריסטין אין די מיטעלע יאָרן. בייזע צינגער האָבן געשמועסט, אַז זי העלפט אים נישט בלויז אין דער ווירט־שאַפט...

מאיר האָט קיינמאָל נישט געוווסט ווען עס פאַלט אויס די יאָרצייט נאָך זיינע עלטערן. אין זכרון איז ביי אים געבליבן, אַז זיינע עלטערן זענען געשטאָרבן אין אַ טאָג ווען עס איז געפאַלן דער ערשטער שניי. אַזוי איז עס טאַקע געבליבן ביי אים דער איינציקער סימן און אַלע אין שטעטל, אפילו קינדער, האָבן געוווסט אַז ווען עס פאַלט דער ערשטער שניי האָט מאיר קראַפּט יאָרצייט. אים איז נישט אָנגעגאַנגען צי עס איז געווען אַ יאָר מיט אַ פריעם ווינטער, אָדער אַ שפּעטן. פאַר אים איז גענוג געווען צו זען דעם ערשטן שניי און ער איז אַוועק אין בית המדרש זאָגן קדיש.

צו זיינע שוואַכקייטן האָט געהערט דאָס זוכן צו טון מצוות. איינע אַזאַ באַליבטע מצווה איז געווען דאָס נייען תכריכים. אויב עס איז ווער געשטאָרבן אין שטעטל האָט מאיר פאַר אים גענייט תכריכים. מען האָט געזאָגט, אַז ער האָט זיך געגעבן אַ נדר אויפצונייען תכריכים פאַר יעדן בר־מינן. ווען ער איז עלטער געוואָרן און האָט שוין אַליין נישט געקענט נייען, פלעגט ער אַוועקזעצן אַ שניידער יינגל, וואָס זאָל נייען די תכריכים פאַר יעדן געשטאָרבענעם. ער האָט זיך געפלעגט וויצלען איבער זיין אייגענער שוואַכקייט און געזאָגט:

„ס'איז דאָך אַ מצווה צו באַגראָבן אַ ייד... אַז מען נייט תכריכים האָט מען אַ חלק אין דער מצווה".

## די באבע פעסעלע

זי איז געווען אַ נידעריקע און אַ קיילעכדיקע ייִדענע מיט גוטע און קלוגע אויגן, איז געווען באַליבט ביי דער גאַנצער משפּחה, אָנהויבנדיק פון אירע דריי טעכטער, זון, איידעמס, שנור און אייניקלעך. אַלע האָבן מיט איר שטאָלצירט און איר חכמה און גוטסקייט האָבן געהאַט אַ שם אין גאַנצן שטעטל.

אין גאַנצן אַן אַנדערער איז געווען דער זיידע זושע, אַ מיטלוווקסיקער און

אַ שווייגנדיקער. ער איז געווען שטרענג צו אייגענע און צו פרעמדע, אָבער זייער אַן ערלעכער און אַ פרומער.

ער איז געווען אַן עקשן און ווען ער האָט זיך אין עפּעס איינגעשפּאַרט איז ער נישט געגאַנגען אויף קיין שום פשרות.

כ׳געדענק אַ פאַל פון מיינע פריע קינדעריאָרן. מיין פאָטער איז מיטאַמאָל קראַנק געוואָרן און געלעגן לאַנגע וואָכן צו בעט. אין שטוב זענען שוין דעמאָלט געווען פינף קינדער. קרובים און באַקאַנטע זענען אָפט געקומען מבקר חולה זיין מיין פאָטער, נאָר דער זיידע האָט בשום אופן נישט געוואָלט אַריינקומען, ווייל ער האָט געוווּסט, אַז מיין פאָטער איז געלעגן אין בעט אָן אַ יאַרמולקע. עס האָבן נישט געהאָלפן די תחנונים פון דער באָבען און נישט דאָס, וואָס מיין מוטער איז געווען זיין עלטסטע טאָכטער. דער זיידע איז געבליבן איינגעעקשנט.

דערפאַר איז אָבער די באָבע געווען גוט און צוגעלאָזן צו יעדן איינציקן און אַלע זענען טאַקע געקומען צו איר אַראָפּרעדן זיך פון האַרצן אין אַן עת־צרה. זי האָט פאַר יעדן געהאַט אַ גוט וואָרט און אַ מילדן שמייכל. ביזן טיפן עלטער איז די באָבע געווען די פּאַקטישע פרנסה־געבערין און האָט געפירט דעם רעסטאָ־ראַן מיט גרויס בריהשאַפט. זי איז געווען אַ גרויסע בריה אין קאָכן, אין באַקן. אירע געפילטע פיש, געבראָטענע גענדזלעך, מאָן־קיכלעך און אַ סך אַנדערע מאכלים זענען געווען אַ שם־דבר אין שטעטל, באַרימט צווישן יידן און קריסטן. יעדן פרייטיק פלעגן די קריסטן פון שטעטל קומען אין איר רעסטאָראַן עסן פיש. אַ סך פּאָליאַקן האָבן ביי איר באַשטעלט פאָרציעס פיש, זי זאָל זיי אַהיימשיקן.

אין דער באָבעס רעסטאָראַן פלעגן זיך אויך אָפּשטעלן וואַלד־סוחרים פון אַנדערע שטעט, וועלכע זענען געקומען אין אונדזער סביבה קויפן וועלדער און זיי האָבן קיינמאָל נישט פאַרפעלט אָפּצוטרעטן אין דער באָבעס רעסטאָראַן און אַ הנאָה האָבן פון אירע געשמאַקע מאכלים.

אַרום אונדזער שטעטל האָבן זיך געצויגן געדיכטע וועלדער אויף לאַנגע קילאָמעטערס. די וועלדער האָבן געהערט צו די אַרומיקע פריצים, וועלכע האָבן געהאַנדלט מיט יידן. די סוחרים, וואָס האָבן מיט זיי געפירט געשעפטן, פלעגן אָפט קומען צו זיי אויף עטלעכע טעג, און ווען זיי האָבן געדאַרפט איבערנעכ־טיקן איז טאַקע ביי דער באָבען געווען דער איינציקער האָטעל אין שטעטל, וועלכן זי האָט אויך געפירט מיט אַ סך געשמאַק, עס איז דאָרט שטענדיק געווען ריין, ציכטיק און אַלע זענען פון האָטעל געווען צופרידן פונקט ווי פון רעסטאָראַן.

דער זיידע האָט צו ביסלעך צוגעהאָלפן דער באָבען, געהאַט זיינע שטענדיקע אויפגאַבן. אינדערפרי פלעגט ער אויפשטעלן אַ גרויסן סאַמאָוואַר, וואָס האָט שוין אַ גאַנצן טאָג געקאָכט. צו אים האָט אויך געהערט דאָס צוגרייטן די נאָפט־

לאָמפּן, אויספּוצן די גלעזלעך א.א.וו. ער פלעגט אויך איינמאַרינירן די הערינג, איינלייגן פעסער אוגערקעס אויף ווינטער, אויפבעטן און צובעטן דאָס געלעגער פאַרן גאַסט. פאַרשטייט זיך, אַז נאָר אין פאַל , אויב דער גאַסט איז געווען אַ מאַנספּאַרשוין.

אויף די מיטוואָכדיקע יאַרידן, ווי אויך אין די זונטיקס און אַנדערע קריסטלעכע חגאות, זענען פויערים געקומען עסן אין דער באבעס רעסטאָראַן אַ מאַרינירט הערינגל, אַ זעמעלע און פאַרטרינקען מיט אַ הייס גלאָז טיי. עס רעדט זיך נאָר אַ זעמעלע. נישט איינמאָל בין איך געבליבן פאַרגאַפט פון פאַרוווּנדערונג צוקוקנדיק ווי אַ פויער טרינקט אויס אַ זיבן גלעזער טיי און פאַרבייסט מיט אַ צען זעמל. אָנגעהויבן האָט עס זיך טאַקע פון איין גלאָז טיי מיט אַ זעמל און עס האָט זיך געקענט אויסווייזן, אַז ער טראַכט אפילו נישט פון מער, אָבער ביי יעדן מאָל ענדיקן די זעמל איז אים געבליבן פון דער טיי. ווען ער האָט געענדיקט די טיי זענען אים נאָך אַלץ געבליבן זעמל. דערפאַר פלעגט ער ביי יעדן מאָל באַשטעלן איינס פון די צוויי, אַ זעמל, אָדער אַ גלאָז טיי.

אין מיין באבעס רעסטאָראַן האָט מען געקענט באַקומען אויך אַ גלעזל בראַנפן, נישט געקוקט דערויף, וואָס דאָס איז געווען שטרענג פאַרבאָטן פון דער רעגירונג. קויפן בראַנפן האָט מען געקענט נאָר אין געשעפט, וואָס האָט געהאַט אַ ספּעציעלע דערלויבעניש פונעם מאָנאָפּאָל. די פלעשלעך האָבן געמוזט זיין פלאָמבירט. יידן האָבן זיך אָבער געגעבן אַן עצה און אין דער באבעס רעסטאָראַן האָט מען בגנבה פאַרקויפט אַ גלעזל בראַנפן, אָבער געהייסן האָט עס, אַז דער פויער קומט טרינקען אַ גלאָז טיי. האָט דען ביים פויער געהאַט אַ טעם דאָס שטיקל מאַרינירטע הערינג אָן אַ גלעזל בראַנפן?

די באבע איז דערפאַר געגאַנגען תמיד אָנגעטאָן אין אַ ברייטער ספּודניצע מיט אַן אַריינגענייטער קעשענע, אין וועלכער זי האָט געהאַלטן דאָס פלעשל מיטן בראַנפן און געווען גרייט אויף יעדער באַשטעלונג. אַמאָל איז געשען, אַז עס האָט ווער פאַרמסרט די באבען, אַז זי פאַרקויפט בראַנפן. עס איז דעמאָלט געקומען אַן אַקציזניק, וואָס האָט געהאַט דאָס רעכט צו מאַכן אַ רעוויזיע און ער האָט טאַקע גלייך געפונען דאָס פלעשל. פאַר אַזאַ זאַך האָט געדראָט אַ גרויסע שטראָף און די באבע מיטן זיידן האָבן זיך טאַקע שטאַרק דערשראָקן.

דער אַקציזניק האָט זיך אַוועקגעזעצט שרייבן דעם פּראָטאָקאָל און אוועקגעשטעלט נעבן זיך אויפן טיש דאָס פלעשל, מיט דער כוונה מיטצונעמען עס אַלס אַ זאַכלעכן באַווייז. ווען ער האָט געענדיקט דאָס שרייבן האָט ער צוגערופן די באַלעבאַטים, די באבע מיט זיידן, זיי זאָלן זיך אונטערשרייבן, אָבער אַנשטאָט זיי איז צוגעגאַנגען די מומע הענע, מיין מאַמעס אַ יונגערע שוועסטער. זי האָט

אים געזאָגט, אַז די אַלטע־לייט קענען זיך נישט אונטערשרייבן, אָבער דערביי, צוויקנדיק צו זיך דאָס פּאַפּיר האָט זי מכלומרשט אומגערן אַראָפּגעוואָרפן דאָס פּלעשל מיטן בראַנפן אויף דער ערד. די פלאַש איז צעקלאַפּט געוואָרן אויף פיצלעך און דער בראַנפן האָט זיך אויסגעגאָסן איבער דער ערד. דער אַקציזניק איז אַיינגעפאַלן אין אַ שרעקלעכער רציחה, אָבער ביסלעכווייז האָט ער זיך געלאָזט איינגעמען מיט גוטע רייד און מיט נאָך אַ בעסער מאַלצייט. און עס איז אויס־געמיטן געוואָרן אַ צרה. עס פלעגן טרעפן טעג, ווען אין רעסטאָראַן זענען געווען אַ סך געסט און די באָבע אַליין האָט זיך נישט געקענט אַן עצה געבן, האָבן דעמאָלט די עלטערע אייניקלעך צוגעהאָלפן, אָבער צום מערסטן האָט געהאָלפן די מומע דינהטשע, דעם פעטער גרשונס ווייב. זי איז געווען וויניקער פאַרנומען אין איר שטוב מיטן באַלעבאַטישקייט. ווינטער האָט די באָבע געבראָטן גענדז פאַר די געסט, פלעגן דעמאָלט קומען אָרעמע ווייבער אייַנגעהילט אין שאַלן, הינטער וועלכע זיי האָבן געטראָגן אַ קיישל, אָדער אַ טעפל און די באָבע האָט יעדער אַרייַנגעגאָסן אַביסל בראָט־יויך.

אין רעסטאָראַן זענען אויך אָפּט פאָרגעקומען חתונות, ווייל עס איז דאָרט געווען אַ גרויסער זאַל, וועלכן דער זיידע האָט אַוועקגעגעבן פאַר דער מצווה פון הכנסת כלה, און פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט דערפאַר נישט גענומען באַצאָלט.

פּורים אויפדערנאַכט, באַלד נאָך אסתר תענית, זענען ביי באָבע־זיידע צונויפגעקומען זיך אַלע קינדער מיט די אייניקלעך. עס זענען אויך אַרייַנ־געקומען די שכנים פון געסל. מיין עלטערער ברודער שלמה האָט געלייענט די מגילה. ווען שלמה איז אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע לערנען אין „תחכמוני", האָט די מגילה געלייענט דער מומע הענעס מאַן, מאָטעלע.

צום זיידנס אויפגאַבן האָט אויך געהערט דאָס איינלייגן די ראָזשינקעס אויף ווייַן לכבוד פסח. דער וויין איז געווען פאַר דער גאַנצער משפּחה. ערב פסח, ווען אין קיך איז שוין אַלץ געווען געכשרט און געגליט, האָט דער זיידע זיך אַוועקגעשטעלט אויסקוועטשן די ראָזשינקעס, אַרום אים האָבן זיך אַרומגעשטעלט די אייניקלעך און צוגעקוקט זיך צו דער אַרבעט. עס האָט זיך געוואָלט פאַרזוכן עפּעס פון די אויסגעקוועטשטע ראָזשינקעס, אָבער דער זיידע האָט די ראָזשינקעס אַזוי שטאַרק אויסגעקוועטשט אַז עס איז פון זיי נישט געבליבן קיין שום טעם. כ'פלעג זיך ביי אים בעטן: „זיידע, קוועטש נישט אויס אַזוי שטאַרק, לאָז איבער אַביסל וויין אין זיי". אָבער דער זיידע איז געווען שטרענג און האָט ווייטער געקוועטשט ביז צום לעצטן טראָפּן".

# פאלקס־ווערטלעך
# אין
# אונדזער שטעטל

געזאַמלט דורך **יהודית איינעס**

**א** יידער גאָטס גאָב זאָל קאָליע ווערן, זאָל בעסער דער בויך פּלאַצן.
אַז מען קען נישט אַריבער מוז מען אַרונטער.
אַז דער בויך איז פול, איז דער קאָפּ דול.
צוליב פאַלשע טרערן, קענען די אמתדיקע נישט דערהערט ווערן.
מיט וואָס דאָס טעפּעלע ווערט אָנגעזאַפּט, מיט דעם ווערט עס צעבראָכן.
ווי צו זיבן, אַזוי צו זיבעציק.
מען לערנט ביז זיבעציק און מען שטאַרבט אַ נאַר.
זיך אַרויסנעמען צוויי אויגן, אַבי יענעם איינס.
שיין ווי די וועלט, מיאוס ווי דער טויט.
וויי צום גערעכטן.
כאָטש גיי שריי: חי וקים.
ווער עס האָט קינדער אין די וויגן, דאַרף לאָזן לייטן צופרידן.
דער זאַטער גלייבט נישט דעם הונגעריקן.
אַ געשלאָגענעם הונט טאָר מען קיין שטעקן נישט ווייזן.
אין דער משפחה פון אַ געהאָנגענעם זאָגט מען נישט הענג אויף דעם מאַנטל.
זי האָט שוין פון לאַנג געמעגט הערן קלעזמער שפּילן.
פאַר נויט עסט מען וייצן־ברויט.
נישטאָ קיין מיידלעך טאַנצט מען מיט שיקסעס.
צווישן צוויי אמען גייט דאָס קינד איין.
די ווינטערדיקע זון וואַרעמט ווי אַ שטיף־מאַמע.

צו ברויט געפינט מען שוין אַ מעסער. צו באַרשטש דאַרף מען נישט
קיין ציין.

פאַר גוטס באַצאָלט מען מיט שטיינער.

אין אַן ענגער שטייג געראָטן די גענדז.

ווו צוויי קריגן זיך, דאַרף זיך דער דריטער נישט אַריינמישן.

ווו צוויי קריגן זיך, געניסט דער דריטער.

אַ האַרץ פילט אַ פליִיצע.

מען זעט נישט דעם אייגענעם האָרב, נאָר דעם פרעמדן הויקער.

פרעמדע צרות טראָגט מען לייכט באַרג אַרויף, אָבער אייגענע זענען
אפילו באַרג אַראָפּ צו שווער.

שטיל ווי אַ טויב.

אָדער גיי אָדער פּגר.

פון איילן זיך קומט קיין גוטס נישט אַרויס.

ער קען אפילו אַ קאַץ דעם ווידל נישט צובינדן.

האָט מורא פאַר דער ליכטיקער שיין.

ווען אַ נאַר וואַרפט אַ שטיין אין גאָרטן, קענען אים צען קלוגע נישט
אַרויסנעמען.

גלייכער אַן אָפטער גראָשן איידער אַ זעלטן קערבל.

אַ קנאַפּער עסער — וויפל ער עסט איז אים קנאַפּ.

אַ גאַסט אויף אַ וויַל זעט אויף אַ מייל.

בעסער מיט אַ קלוגן פאַרלירן, איידער מיט אַ נאַר געווינען.

ס'טוט דיר ווי דער קאָפּ — בינד דיר צו די קני.

ווען כ'בין אַזוי קלוג פריער ווי מיין וויַב שפּעטער, וואָלט איך געגאַנגען
אין גאָלד.

די קליינע שפּייען וואָס די גרויסע קייען.

וואָס אַ ניכטערן אויף דער לונג, איז אַ שיכורן אויף דער צונג.

וואָס טויג מיר די חכמה, אַז די נאַרישקייט גילט.

ווער ס'איז שיין — איך בין קלוג.

בעסער אַ לעבעדיקער הונט, איידער אַ טויטער לייב.

הינטערן קייסערס מאַנטל, מעג מען וויַזן אַ פייג.

ס'האָט זיך געטראָפן שקר מיט שלימזל.

דאָ איז דער הונט באַגראָבן.

דאָס איז דער פויער פון די קאַרטאָפלעס.

מען הערט אים ווי המן דעם גרעגער.

מען האָט פאַר אים מורא ווי פאַרן פּאַראַיאַריקן שניי.
דער וואָרעם קריכט אַריין אין כריין, און מיינט, אַז ס'איז קיין זיסערס נישטאָ.
אַ מענטש, וואָס האָט ליב זיך אַליין, וועט מיט זיך אַליין מוזן שטענדיק גיין.
אַ נאַר ווייזט מען נישט קיין האַלבע אַרבעט.
אַ געפאַלענעם העלפט גאָט.
ערגער זיך נישט — האַף; צו אַלעם קומט אַ סוף.
וואָס טויג מיר לויב אין הימל אַריין, אַז כ'וועל דערביי נישט זיין.
כ'וואָלט מיין לעבן אַוועקגעגעבן, אַז מען זאָל מיך לויבן ביים לעבן.
אַז דאָס נאַרישקייט געלונגט, איז עס אַ חכמה.
צוזאָגן און ליב האָבן, קאָסט נישט קיין געלט.
ראָטשילד איז קעגן אים אַ פּאַרך.
איינרעדעניש איז ערגער ווי אַ קרענק.
שטיל ווי אויף אַ דאָרפישן בית־עולם.
ווען נישט מיינע צרות וואָלט איך זיין פּנים נישט געוואָלט אָנקוקן.
מ'קען אים גלייבן ווי אַ הונט.
געלט איז אַזאַ זאַך, וועגן וואָס דער אָרעמאַן טראַכט און דער גביר מאַכט.
אַן אָרעמאַן האָט אפילו גאָט אַליין נישט ליב.
אַ קבצן אין אַכצן פּאָלעס.
אַזאַ יאָר אויף די גבירים, וואָס פאַראַ שידוכים אָרעמעלייט טוען.
ער ליגט ניין איילן אין דר'ערד.
אַ קאַץ שיקט מען נישט נאָך קיין סמעטענע.
גיי, מאָל אויס אַ בלינדן וואָס רויט איז.
גיי דערצייל אַ הונט, וואָס פּורים איז.
זאָל זיין פון אַ קאַזאַק אבי צום לעבן.
אַ פּאַטש פאַרגייט, אַ וואָרט באַשטייט.
דאָס מויל רעדט, וואָס דאָס האַרץ בעט.
דער אָקס האָט אַ לאַנגע צונג, אָבער קען קיין שופר נישט בלאָזן.
בעסער שפּעטער איידער קיינמאָל.
מ'קויפט נישט קיין קאַץ אין זאַק.
ווער עס לעבט אָן חשבון, שטאַרבט אָן ווידוי.
אַ מענטש, וואָס קען זיך אַליין נישט געפינען, איז אַ פאַרלוירענער.

זי האָט שיטערע פינגער.
אַ מאַן האָט ליב אַ געזונט ווייב און אַ רייכע שוויגער.
געבוירן אַ קבצן.
פון אלטאָך־וואַלטאָך קען מען קיין קוגל נישט מאַכן.
דער שקר האָט נישט קיין פיס — טראָגט מען אים אויף די הענט.
ביי א שווערן וואָגן איז גרינג צופוס צו גיין.
דער מענטש טראַכט און גאָט לאַכט.
גאָט זיצט אויבן און פּאָרט אונטן.
געשאָסן די ווראָנע און געטראָפן דעם מלמד.
טאָכטער, דיר זאָג איך און די שנור מיין איך.
ס'איז נישט הפקר פּיעטרישקע.
אַז צוויי זאָגן שיכור, גיי שלאָפן.
אַזוי ווי די מתים עסן, אַזאַ פּנים האָבן זיי.
אַז מען האָט נישט אין קאָפּ, האָט מען אין די פיס.
ער האָט שוין מער אין קאָפּ ווי איך אין פלעשל.
דער הימל איז נאָך נישט ביי דער ערד.
דאָס קריגל טראָגט אַזוי לאַנג וואַסער, ביז דאָס אויערל רייסט זיך אָפּ.
זאָג נישט האָפּ ביז דו שפּרינגסט נישט אַריבער.
קיינער ווייסט נישט וועמען דער שוך קוועטשט.
יעדן דאַכט זיך, אַז ביי יענעם לאַכט זיך.
אַז מען האָט נישט קיין ברירה טוט מען אַן עבירה.
געבליבן ביי פאַרפוילטע פיש און פאַרשטונקענע הערינג.
פאַרפוילטע פיש געגעסן און פון שטאָט אַרויסגעטריבן.
זאָל ער קומען אויף אנדערע הענט.
ווען מען ווייסט ווו מ'וועט פאַלן, וואָלט מען זיך אונטערגעשפּרייט אַ קישן.
אַז מען עסט נישט קיין קנאָבל שפּירט מען נישט פון מויל.
אַזוי ווי ער ווייסט נישט, אַזוי וועט אים נישט שאַדטן.
בעסער אַן אייגן ווינקעלע איידער אַ פרעמדער פּאַלאַץ.
גיי, מאַך, אַז עס מאַכט זיך נישט, און גיי, לאַך, אַז עס לאַכט זיך נישט.
אַז מען בעט אַ פאַרך צום מנין, שטייט ער אינגרויסן.
וויז אַ חזיר אַ פינגער, וויל ער די גאַנצע האַנט.
צווישן אונדז זאָל עס בלייבן; צווישן לייטן זאָל עס זיך נישט צעגיין.
דער אָקס האָט פאַרגעסן ווי ער איז אַ קליין קעלבל געווען.

אַזוי ווי צו גאָט, אַזוי צו לייט.
מען זאָגט נישט אוי, אויב עס טוט נישט וויי.
אומעטום איז גוט, נאָר אין דער היים איז נאָך בעסער.
אויב מען האָט נישט וואָס מען האָט ליב, האָט מען ליב וואָס מען האָט.
נישט אַלץ וואָס גלאַנצט איז גאָלד.
שיין איז, וואָס ס'געפעלט.
ווען אַ חזיר וואָלט געהאַט הערנער, וואָלט ער איבערגעדרייט די וועלט.
בלאָזט פון זיך ווי אַ פּאַווע.
איז אָנגעדראָדלט ווי אַן אינדיק.
נישט אַראָפּצושלינגען און נישט אויסצושפּייען.
ס'שטייט מיר ווי אַ ביין אין האַלדז.
אַז דער רב איז זיך משדך מיטן בעדער, ווערט דער בעדער רב, און דער רב — בעדער.
אַז מען וואַלגערט זיך אין בלאָטע, וויל די בלאָטע אויך נישט צונעמען.
קינדער און געלט — אַ גאָלדענע וועלט.
צען שונאים קענען נישט אָפּטון, וואָס מען טוט זיך אַליין.
רעדן איז זילבער, שווייגן איז גאָלד. חכמה איז שתיקה.
ער האָט צוויי לינקע הענט.
ווער עס האָט די מאה האָט די דעה.
געלאָפן און געטראָפן.
געשאָסן און געטראָפן.
אַז אַ קאַרגער ווערט מילד, קאַכט ער אַ גריץ מיט אַ באַרשטש.
אַ גוט וואָרט מאַכט אַן אָרט.
אויפן בוידעם אַ יאַריד.
אַלע שוסטערס גייען באָרוועס און אַלע שניידער נאַקעט.
הונגעריק ווי דעם מילנערס הונט.
אַ שיין פּנים מיט אַ מיאוס האַרץ.
דאָס עפּעלע פאַלט נישט ווייט פון ביימעלע.
דערלייגט דער באָבעס ירושה.
אַ נאַר לאַכט דריימאָל: ווען ער הערט, ווען ער דערמאָנט זיך און ווען ער דערציילט די מעשה.
וואָס ערגער מען רעכט זיך, אַלץ בעסער איז.
פרעג דעם חולה, נישט דעם רופא.
אָפּגעחשבונט זיך איז האַלב באַצאָלט.

אַ שיין מיידל איז אַ האַלבער נדן.
דער הוט פּאַסט איר ווי אַ חזיר אַ שטריימל.
כשר, ווי אַ חזיר־פּיסל.
געוואָרן אויס קאַפּעליושמאַכער.
היט מיך גאָט פאַר מיינע גוטע פריינט, פאַר די שונאים וועל איך זיך אַליין היטן.
אַז מען דאַרף דעם גנב, שניידט מען אים אָפּ פון דער תליה.
גלייכער בעטן אויף זיך גוטס, איידער אויף יענעם שלעכטס.
אַז מען זאָגט משוגע — גלייב.
געלייגט זיך ווי אַ לעמעלע און אויפגעשטאַנען ווי אַ לייב.
ווען רעדן איז אַ פּאַך, וואָלט זי געגאַנגען אין גאָלד.
קוק אים אָן און לאַך נישט.
גלייכער צו גלייבן איידער אויסצוווייזן.
ביז ס'וועט קומען די נחמה, וועט אַרויס די נשמה.
ווו אַ שלימזל איז מיין קרוב.
נאָך אַ שריפה ווערט מען רייך.
ווען פרייט זיך אַן אָרעמאַן? ווען ער פאַרלירט און געפינט.
ווען פרייט זיך אַ קאַליקע ווען ער זעט אַ גרעסערע קאַליקע פון זיך.
גיי, מאַך פון שניי גאמולקעס.
אויף אַ געפּגרט פערד שטעלן זיך אַלע פליגן.
אויפן גנב ברענט דאָס היטל.
שווייגן הייסט גערעדט.
אדם אַ מענטש, קאַטשקעלע דריי זיך.
אַן אָרעמאַן איז געגליכן צו אַ מת.
קלענער דער עולם, שענער די שמחה.
פון אַ קרומען קוימען גייט אויך אַמאָל אַרויס אַ גלייכער רויך.
ענלעך ווי צוויי טראָפּנס וואַסער.
זי איז ביי אים דאָס אויבערשטע פון שטייסל.
זאָלסט מיר האָבן אַ גרינגן שליטוועגס.
אַז מען רעדט אַ סך, רעדט מען פון זיך.
וועסט וויינען און צאָלן; וועסט באַצאָלן ווי אַ טאַטע.
מען שלאָגט און מען לאָזט נישט וויינען.
אין אַ ליידיקער כלי קומט נישט אַריין די ברכה.
עסט און טרינקט און לאָזט זיך וווילגיין.

זי איז ווערט דאָס געלט, לויט דער וואָג.
ביליקער ווי באָרשטש.
געבענטשט זאָלן זיין די הענט, וואָס נעמען זיך אַליין.
עס האָט אים געהאָלפן, ווי אַ טויטן באַנקעס.
ער פרייט זיך וואָס די מאַמע האָט אים געהאַט און נישט קיין פרעמדע
ידענע.
האָט זיך צעשפרייט ווי ביים טאַטן אין ווייַן־גאָרטן.
וואַרפט זיך ווי מיט אַ פאַרפוילט עפּעלע.
ווען עס איז באַשערט, קומט עס אין שטוב אַריין.
ס'גייט אים מיט דער פוטער אַראָפּ.
מ'האָט אים אויפגעמאַכט דאָס אויער.
שפּילט דעם חתן אַ ווייַנענדיקס און ער האָט זיך זיינס אין זינען.
אַ נייער בעזעם קערט גוט.
נישט אַלע צייטן גייען אַוועק מיט איין צייט.
צוויי קבצנים גייען טאַנצן אָן אַ גראָשן געלט.
ער האָט אַן עין הרע אויף נעכטן.
פון דיין מויל אין גאָטס אויערן.
רעד צום לאָמפּ.
ביידע האָבן זיך צוגעקליבן ווי אין אַ זאַק מאן.
מען גיט אַ קלאַפּ אין טיש, רופט זיך אָן די שער.
מיט פרעמדע הענט איז גוט פייער צו שאַרן.
ווען עס טרעפט, דעם טוט ווי; ווי איז דעם וואָס עס טרעפט.
גאָט שיקט די קעלט נאָך די קליידער.
יעדער בעל דרשן דרשנט פאַר זיך.
אַז מען קען קיין פולווער נישט שמעקן, גייט מען נישט אין קיין מלחמה.
אַז מען געפעלט נישט אין שמוץ, געפעלט מען אויך נישט אין פוץ.
גוט פון אַ חזיר אַ האָר אַרויסצורייסן.
ר'איז געפאַלן אויפן שכל.
אַ געשענקטן פערד קוקט מען נישט אין די ציין.
אויפן הימל אַ יאַריד!
איין פייגעלע קען קיין פרילינג נישט מאַכן.
אַ פערד האָט פיר פיס און ער גליטשט זיך אויך אַמאָל אויס.
ער האָט ברייטע פלייצעס.
אַ געהיטענעם היט גאָט.

קאַרג באַדינגען און ערלעך באַצאָלט.
אַז מען שיקט אַ נאַר אויפֿן מאַרק פֿרייען זיך די קרעמער.
אַ נאַר ווייזט מען נישט קיין האַלבע אַרבעט.
חכמה קריגט מען נישט פֿאַר קיין געלט.
איידער דער טאַטע ווערט געבוירן איז שוין דער זון אויפֿן דאַך.
דער שׂכל איז אַ קריכער, ער קומט נאָך די יאָרן.
ווען מען האָט געטיילט שׂכל איז ער אין דער היים נישט געווען.
דער מענטש איז שטאַרקער פֿון אייזן, און שוואַכער פֿון אַ פֿליג.
אַזוי ווי מען בעט זיך, אַזוי שלאָפֿט מען.
גאָטעניו, הייב מיך נישט אויף און לאָז מיך נישט אַרונטער.
מיט וואָס פֿאַר אַן אויגן מ׳קוקט אויף יענעם, אַזאַ פּנים האָט ער.
זעט אויס ווי אַ מלאך — נאַר פֿונדערווייטנס.
אַ ווייב און אַ וועקסל גייט נישט פֿאַרלוירן.
ערגער ווי שלעכט קען נישט זיין.
אַז מ׳קלינגט איז חגא.



**דוד אײנהאָרן**

# יאַרידן, גנבים און יידישע גבורים

מיטוואָך איז געווען דער מאַרק־טאָג אין שטעטל. און צום דאָזיקן טאָג פלעגן יידן זיך גרייטן אַ גאַנצע וואָך. די פּויערים פלעגן זיך צונויפפאָרן פון דער גאַנצער סביבה און יעדער פון זיי האָט געברענגט עפּעס צום פאַרקויפן און פאַרן אפּגעלייזטן געלט איינגעקויפט ביי די יידן זאַכן, וואָס ער האָט געדאַרפט.

שוין זינט יאָרן איז געווען איינגעפירט דער דאָזיקער יאַריד. מערסטנס פלעגן די פּויערים קומען מיט פערד־און־וואָגן, געברענגט זעק תבואה. עס האָט געטראָפן אַז אַ פּויער האָט שוין נישט געהאַט קיין תבואה פון פריערדיקן שניט האָט ער געברענגט אַ פּאָר קערצלעך ווייץ פון קומענדיקן פאַרזיי. אַלטע און יונגע פּויערים און פּויערטעס האָבן אין געפלאָכטענע קוישן און אין טאָרבעס און אין בלעכענע קאַנען געטראָגן אייער, בינטלעך ציבעלעס. אויף די פורן האָבן זיי געפירט זעק קאַרטאָפל, הינדלעך און כלערליי פּרוכטן. אויף אַלע וועגן האָט מען זיי פון באַגין אָן געזען פאָרן און גיין צופוס. מען האָט נישט געזען קיין איין פּויער און קיין איין פּויערטע, וואָס זאָל גיין מיט ליידיקע הענט, אָדער פאָרן מיט אַ ליידיקע פור. יעדער האָט עפּעס געפירט. יעדער האָט עפּעס געטראָגן צום פאַרקויפן.

די „טאַרגאָוויצע”, ווו דער יאַריד איז פאָרגעקומען, איז געווען אַ גרויסער פּלאַץ האַרט ביים שטעטל. דאָרט איז פאָרגעקומען דער האַנדל מיט פערד, בהמות און חזרים. דאָרט איז דער טומל געגאַנגען עד לב השמיים. פערד האָבן געהירזשעט. בהמות האָבן געמעקעט, אָקסן האָבן גערעוועט און די געבונדענע קעלבער, וואָס זענען געלעגן אויף די פורן מיט היי, האָבן געמרוקעט און געקוויטשעט. דער האַנדל איז דאָ אָנגעגאַנגען מיטן גאַנצן ברען. געווען יידן אין שטעטל, וואָס האָבן געקויפט פאַר זיך. אַנדערע האָבן געקויפט אויף האַנדל, אויף צו פאַרקויפן.



**אַלטער רופֿ, זכריה'ס פֿאַטער און בונים שמואלקעלעס**

נאָך די דורכגעמאַכטע בלוטיקע יאָרן קומען אָפּט צו חלום די דאַזיקע געשטאַלטן, אָפּענע, קלאָרע און ליכטיקע, וואָס מיר האָבן יעדן טאָג באַגעגנט, געקענט זייער ערלעך לעבן פֿון פּראַצע און האָרעוואַניע און האָבן אין יאָריד־טעג אָבער קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן צו דאַוונען אַלע דריי מאָל אין טאָג.

עס האָבן אויפֿן מיטוואָכדיקן יאַריד אַרויסגעקוקט חיטשע לאהקעס, די שניט־קרעמערין, העניע זושע משהלעס, וואָס פֿלעגן אין דעם טאָג אָפּלייזן עטלעכע מעטער שטאָף. עס האָבן אויף יאַריד אַרויסגעקוקט אויך די שפּייז־קרעמער: יחיאל־שלמה איטשע הערשס, ליבעטשקע — פֿישל דעם שוחטס, ישראל איינהאָרן, וואָס האָבן פֿון אַ גאַנצע וואָך לייזן ביי די יידן פֿון שטעטל נישט געקענט ציען קיין חיונה און ערשט פֿונעם יאַריד־טאָג געהאָפּט אָפּצולייזן אַביסל געלט פֿאַרן צוקער, נאַפֿט און אַנדערע אַרטיקלען, וואָס די פּויערים האָבן געהאַלטן פֿאַר נויטיק אין זייער ווירטשאַפֿט.

עס האָבן געוואַרט אויפֿן יאַריד די שניידערס אברהם שפּילער, לייביש קנאָבל, מאַטיס יהודה־לייבס און אַנדערע. אויך די שוסטערס, דער שוואַרצער מאיר, פּייפּקע־איטשע רײזעס, איציק נאבל. אויך די סטאָלערס: אברהם ראב, בעריש סטאָלער, די ברידער גלעזער א. א. אויך אשר פּאַרקע בעקערס מיט זיינע פֿרישע זעמעלעך האָט געוואַרט אויף די פּויערים, וואָס האָבן זיך אין יענעם מאַרק־טאָג פֿאַרגינען צו עסן פֿריש־ווייס געבעקס. אָבער אַמבעסטן האָבן פּראָספּע־רירט די געשעפֿטן מיט די שאַרפֿע געטראַנקען, וואָרעם דער רוב פֿון די פּויערים,

וואָס זענען געקומען אויפֿן יאַריד, צי זיי האָבן יאָ עפּעס איינגעהאַנדלט אָדער ניט, האָבן שטענדיק געמחט מאַכן אַ כּוסה.

דער מיטוואָכדיקער יאַריד איז געווען אַ גוטע געלעגנהייט צו טרעפֿן זיך מיט באַקאַנטע, מיט קרובים פֿון אַן אַנדער דאָרף. איז מען אַוועק אין שענק פֿייערן די באַגעגעניש און אין אַ סך פֿאַלן מיט אַ געשלעג ביז בלוט. אַזעלכע געשלעגן זענען געווען אַן אָפּטע דערשיינונג אויף די יאַרידן. עס פֿלעגט טרעפֿן, אַז צוליב אַ ירושה־סכסוך אָדער צוליב אַ גרענעץ אויפֿן פֿעלד, וואָס מען האָט געמיינט צו דערליידיקן אין אַ דורכשמועסן זיך ביים גלעזל, אָבער געענדיקט האָט עס זיך מיט קלעפּ. ניט איינמאָל האָט געטראָפֿן אַז אַזאַ געשלעג איז אויס־געבראָכן צוליב אַ שיקסע, איבער וועלכער עס האָבן צווישן זיך קאָנקורירט צוויי יונגע פּויערים.

אָבער די וויכטיקסטע ראָל פֿונעם יאַריד איז געווען אַן עקאָנאָמישע, ניט בלויז פֿאַר די וואָיִסלאָוויצער איינוווינער, נאָר אויך פֿאַר די פֿון די שכנותדיקע שטעטלעך, וואָס פֿלעגן קומען אויפֿן יאַריד פֿאַרקויפֿן זייערע סחורות. עס פֿלעגט טרעפֿן און עס האָט גענומען פֿלייצן אַ שטאַרקער רעגן אָדער אַ שניי־זאַווערוכע אין די ווינטערס און דאָס האָט אָפּגעהאַלטן דעם יאַריד. די וועגן זענען געווען פֿאַרגאָסן אָדער פֿאַרשיט מיט בערג שניי, די פּויערים האָבן ניט געקענט קומען אין שטעטל. דעמאָלט האָט דער ניט־צושטאַנדגעקומענער יאַריד זיך שווער געלייגט אויף די אָרעמע יידישע קרעמער און בעלי־מלאכות. ווי אין טויזנט שפּיגלען האָט מען דעמאָלט געקענט זען די גאַנצע ביטערע דאָליע פֿון די יידן אין שטעטל. עס זענען געווען געשעפֿטן, אין וועלכע מען האָט געקויפֿט „וויפּראַוועס״ פֿאַר כּלות, געשעפֿטן ווו מען האָט נאָר געקויפֿט אַ צוויי מעטער ביליקן צייג אויף אַ פּאָר הויזן. עס זענען געווען שפּייז־געשעפֿטן, וועמענס קונים זענען באַשטאַנען פֿון באַאַמטע, לערער און רייכע פּויערים; געווען קרעמלעך ווו מען האָט געקויפֿט פֿאַר צוויי גראָשן פֿעפֿער און זאַלץ אָדער אַ הערינג פֿאַר פֿופֿצן גראָשן. אויך שניידער און שוסטער זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געניייט רייכע חתונה וויפּראַוועס, נייע שטיוול און שיך אויף באַשטעלונג; און אַזעלכע, וואָס האָבן ניט מער ווי איבערגעניצעוועט אַן אַלט מלבוש אָדער פֿאַרלאַטעט אַלטע אָפּ־געטראָגענע שיך.

עס דערמאַנט זיך מיר, ווי מען פֿלעגט אויסשטעלן די געשטעלן אינמיטן מאַרק, ווער מיט פֿאַרטיקע מלבושים, ווער מיט שיך, היטלען, מלבושים פֿאַר פֿרויען און קינדער. די ענגשאַפֿט איז געווען זייער גרויס עס איז אָנגעגאַנגען אַ ביטערע קאָנקורענץ צווישן קרעמער און בעלי־מלאכות, וואָס האָבן זיך אויסגעקוקט די אויגן אויפֿן פּדיון און אויף די פֿאַרדינסטן, וואָס וועלן קומען פֿון דאָרף. גאָר

באַזונדערס גרויס איז געווען דאָס שטופעניש און דער טומל פאַר די קריסטלעכע חגאות. דעמאָלט האָט מען געדאַרפט זיין פאָרזיכטיק פאַר גנבים. מען האָט געמוזט אַכטונג געבן אויף די פויערים און פויערטעס, מען האָט געגנבעט אונטער די הענט.

וואָיסלאָוויצער יידן פלעגן אויך פאָרן אויף די יאַרידן, וואָס זענען פאָר־געקומען אין די שכנותדיקע שטעטלעך, קיין קראַסנאַטשין, קראַסנאָסטאַוו, גראַבאָ־וויץ און אוכאַן. איך מיט מיין ברודער שבתאי פלעגן פאָרן פאַרקויפן פאַרטיקע מלבושים, וואָס מיר האָבן אַליין אויסגעאַרבעט. דאָס איז געווען אין האַרבסט 1934, ווען מיר זענען צוריקגעקומען פונעם יאַריד אין גראַבאָוויץ, מיר האָבן אָנגעהויבן פונאַנדערפאַקן די סחורות און באַמערקט אַז עס פעלט אונדז פונעם וואָגן געוויסע סחורות. מיר האָבן גלייך פאַרשטאַנען, אַז דאָס האָט פּאַסירט אויפן וועג. נאָכטראַכטנדיק האָבן מיר זיך דערמאָנט, אַז אויפן גאַנצן וועג איז אונדז נאָכגעפאָרן אַ וואָגן, געשפּאַנט אין אַ שוואַרץ פערד, וואָס האָט געהערט צו אַ וואָיסלאָוויצער איינוווינער, וואָס האָט געוווינט ביים וואַלד, נאָך דער כעלמער אוליצע. זיי זענען געווען עטלעכע און האָבן זיך אין אַן געוויסן מאָמענט געדרייט נעבן אונדזער וואָגן אויפן יאַריד, געוואָלט קויפן אַ קורטקע און נישט געקענט דורכקומען מיטן פּרייז... מיר זענען גלייך אַוועק אויפן פּאָליציי־פּאָסטערונעק מעלדן וועגן דער גנבה.

דער דיזשורירנדיקער פּאָליציאַנט האָט אויסגעהערט אונדזערע אויפקלע־רונגען און גלייך פאַרשטאַנען ווער עס איז דער אייגנטימער פונעם שוואַרצן פערד. דאָס איז געווען אַ פּאָרפאָלק מיט צוויי דערוואַקסענע זין. זיי האָבן געהייסן מייקוטשעוויטש און פיגורירט אויף דער רשימה אין דער פּאָליציי אַלס באַוווסטע גנבים. מיר זענען געווען דערשטוינט, ווייל מיר האָבן זיי געהאַלטן פאַר אָרנטלעכע מענטשן.

צוזאַמען מיטן פּאָליציאַנט זענען מיר אַוועק אַהין און גלייך ווי מיר זענען אַריינגעקומען אין שטוב האָבן מיר דערזען ליגן אויפן קופערט די מלבושים, וואָס האָבן אונדז געפעלט.

ערשט שפּעטער, ווען מען האָט אין שטעטל זיך דערוווּסט ווי אַזוי מיר האָבן אָפּגעפונען די געגנבעטע סחורה ביי די מייקוטשעוויטשעס, האָט עמיץ פון די שטאָטישע יידן דערציילט אַז ער האָט אַמאָל געהערט ווי די מוטער פון די זין האָט זיי געוועקט מיט אָט די ווערטער: „שטייט אויף, קינדער, צו דער אַרבעט‘... ס‘איז אַן עבירה צו פאַרשלאָפן אַזאַ לבנה־נאַכט...״

אויף אַזעלכע יאַרידן פלעגט אָפט פּאַסירן, אַז עס זענען געקומען באַאַמטע פון שטייער־אַמט קאָנטראָלירן צי די אַלע, וואָס האַנדלען אויפן מאַרק, האָבן

„פּאַטענטן״, וואָס דערלויבן זיי צו האַנדלען. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט צאָלן שטייערן. עס זענען געווען אָרעמע ווייבער, וואָס האָבן אַליין אויפגעצייגט אַביסל קינדער־קליידלעך, אָדער ספּודניצעס פאַר פּויערטעס. זיי האָבן זיך נישט געקענט פאַרגינען אויסצוקויפן פּאַטענטן און צאָלן שטייערן. אויב דער סעקוועסטראַטאָר האָט געכאַפּט אַזעלכע קרעמער אָן אַ דערלויבעניש צו האַנדלען, האָט ער ביי זיי צוגענומען די סחורה און דערצו האָט מען נאָך געדאַרפט באַצאָלן שטראָף.

דאָס באַווייזן זיך פונעם סעקוועסטראַטאָר אויפן יאַריד האָט געווירקט ווי אַ געשפּענסט. אויב מען האָט אים באַמערקט צו דער צייט, האָבן די קרעמער באַהאַלטן זייערע סחורות, אָבער נישט אַלע און נישט תמיד האָבן זיי באַוויזן דאָס צו טון.

כ׳געדענק, איינמאָל אויף אַ יאַריד איז געשטאַנען מיט איר קרעמל אַ יידענע פון גראַבאָוויץ מיטן נאָמען הינדע. זי האָט געהאַט צו פאַרקויפן קינדער־קליידלעך און שירצן. ווען זי האָט דערהערט, אַז דער סעקוועסטראַטאָר גייט, האָט זי פאַר שרעק אנשטאט איינצופּאַקן די סחורה, אַליין אַנטלאָפן, זיך באַהאַלטן און געלאָזט דאָס טישל מיט דער סחורה שטיין אויפן מאַרק. דער סעקוועסטראַטאָר איז צוגעקומען, געוואַרט אויפן באַווייזן זיך פון דער קרעמערקע, אָבער נישט קענענדיק זיך דערוואַרטן האָט ער זיך געוואָנדן צו די אַרום־שטייענדיקע פּויערים, געפרעגט, ווער עס וויל צוטראָגן די סחורה אין דער פּאָליציי, וועט ער דערפאַר באַקומען צוויי זלאָטעס פאַרן וועג. גלייך האָט זיך געמאָלדן אַ פּויער, איינגעפּאַקט די סחורה און אַוועק מיטן סעקוועסטראַטאָר אויפן פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט. די יידן אויפן מאַרק זענען געבליבן שטיין און געשמועסט מיט די פּויערים וועגן דער געשעעניש. אין דעם מאָמענט איז צוגעקומען הערש מייל און האָט זיך ערנסט פאַראינטערעסירט ווער עס איז געווען דער פּויער, וואָס האָט געוואָלט אַזוי לייכט פאַרדינען צוויי זלאָטעס. ביי הערשן האָט עס געהייסן, אַז ווען דער פּויער זאָל זיך נישט אונטערנעמען אַוועקטראָגן די סחורה, וואָלט דעם סעקוועסטראַטאָר נמאס געוואָרן דאָס שטיין אין וואַרטן און וואָלט אַוועק.

איך בין מיט אים מיטגעגאַנגען אויפן וועג צו דער פּאָליציי אויף דער אוכאַנער אוליצע. דאָרט האָבן מיר באַגעגנט דעם פּויער שוין אַ צוריקגייענדיקן פון דער פּאָליציי. כ׳האָב הערשן אָנגעוויזן אויף אים און ער איז גלייך צוגעגאַנגען און אים געפרעגט, צי ער האָט שוין באַקומען באַצאָלט פאַרן אָפּטראָגן די סחורה. דער פּויער האָט געענטפערט, אַז מען האָט אים נאָר פאַרשריבן, אָבער נישט באַצאָלט. דאַן האָט הערש אים געזאָגט:

„אויב זיי האָבן דיר נישט באַצאָלט, וועל איך דיר דערפאַר באַצאָלן״.

הערש האָט אויפגעהויבן די האַנט און דערלאַנגט דעם פּויער מיטן גאַנצן כוח אַ זעץ אין פּנים, וואָס איז גלייך אויפגעשוואָלן געוואָרן. דער פּויער האָט זיך אָנגעכאַפּט ביים קאָפּ און מיט אַ געוואַלט גענומען צוריק לויפן צו דער פּאָליציי.

הערש מייל האָט זיך רואיק אויסגעדרייט און צוריק אַוועק אין שטעטל.

עס האָבן זיך ביי אונדז אין וואָיסלאָוויץ געפונען נאָך אַזעלכע יידן־גיבורים, וואָס האָבן געקענט געבן אַ קלאַפּ, און ווען עס איז נאָר אַמאָל אויף אַ יאַריד אויסגעבראָכן אַ געשלעג צווישן אַ יידישן קרעמער און אַ גוישן קונה, אַ פּויער, וואָס האָט געמיינט, אַז צו יידן מעג מען זיך טשעפּען און טון וואָס מען וויל, האָט זיך שטענדיק געפונען אַזעלכער, וואָס האָט זיך איינגעשטעלט פאַר די שוואַכע. זיי האָבן קיינמאָל נישט דערלאָזט דערצו אַז אין וואָיסלאָוויץ זאָל אַ גוי זיך איינרעדן, אַז מען מעג שלאָגן אַ ייד און נישט כאַפּן דערפאַר קיין קלעפּ. אַזאַ כוואַט איז אויך געווען הערש מייל, וואָס האָט קיין עוולות נישט געקענט פאַרליידן, האָט געקענט דערלאַנגען אַ קלאַפּ. אַזעלכע זענען אויך געווען: אהרן בודנער, לייבוש קנאַבל, אברהם וויניאַזש א. א. מיר זענען אָט די יידישע גיבורים פון אונדזער שטעטל געווען זייער נאָענט צום האַרצן.

## ביי דער בלויער קרעניצע

די יידישע געגנט פון אונדזער שטעטל איז באַשטאַנען פון אַ מאַרק און עטלעכע זייטיקע געסלעך. די הייזער זענען געווען געבויט ענג, איין הייזל אויפן אַנדערן, אָן אַ גרעזל, אָן אַ ביימל, אָן טראָטואַרן, די גאַסן זענען געווען נישט ברוקירט. אין די זומערדיקע טעג האָט אַ באָרוועס קינד, וואָס איז דורגעלאָפן איבער דער גאַס, אויפגעהויבן אַ געדיכטן שטויב. ווער שמועסט נאָך, אַז עס איז דורכגעפאָרן אַ וואָגן איינגעשפּאַנט אין פערד, האָבן זיך אויפגעהויבן גאַנצע וואָלקנס שטויב. נאָך ערגער איז געווען, ווען וואַלוויש דער שטאָט־קערער האָט זיך גענומען קערן די גאַסן מיט זיין גרויסן בעזעם.

דערפאַר אָבער איז אינגאַנצן אַנדערש געווען די לופט, ווען מען איז נאָר אַרויס עטלעכע צענדליק מעטער פונ שטעטל. די געגנט איז געווען גרין, מיט אַ סך ביימער. האָט מען זיך טאַקע אין די זומערדיקע טעג קוים געקענט דערוואַרטן אויף פאַרנאַכט, און אַרויסגיין אויף אַ שפּאַציר הינטערן שטעטל. דער טרעף־פּונקט פון דער יוגנט איז געווען ד.א.ג. „וועגל". אַרויסגייענדיק פון שטעטל האָט זיך אויף רעכטס, אַנטקעגן דער קאַטוילישער קירך זיך געצויגן אַ וועג פון אַ הונדערט מעטער, אויף וועלכן מיר פלעגן שפּאַצירן. פון איין זייט האָט זיך געפונען אַ קריסטלעך הויז, וואָס איז געשטאַנען אין סאָד, אַרומגעצוימט

**מיט אַ פּלויט. פון דער צווייטער זייט זענען געווען גערטנער מיט גרינס, וואָס האָבן אויך געהערט צו דעם מעכאַניקער קוויאַטקאָווסקי און זענען אויך געווען אַרומגעצוימט מיט אַ פּלויט.**



**הענע קופּפער, אסתר זאַנשיין און ברכה, שמואל קאָרנפעלדס שוועסטער.**

אין די שעהן צווישן טאָג און נאַכט, ווען דאָס שטעטל האָט אָפּגערוט פון דעם שווערן געיעג נאָך פּרנסה, איז דער שפּאַציר הינטערן שטעטל געווען ווי אין אַן אַנדערער וועלט, דער בליק איז געוואָרן לויטערער, קלאָרער, כאָטש אין האַרצן האָבן זיך גענומען וועקן חלומות, אָבער דאָס זענען גע־ווען חלומות פון הויכע אידעאַלן און פון גרויסער ליבע, וואָס האָט אויס־געזען צו שטראַלן פון די שטאַלצע פּנימער פון די באַוגעגנטע מיידלעך.

**אַרויסקומענדיק אויפן „וועגל" האָבן זיך גלייך אָקעגנגעטראָגן גאָר אַנדער־ע ריחות. די לופט איז געווען ריין, לויטער מיטן אַראָמאַט פון פרוכטן און בלומען עס האָט זיך פריי געאָטעמט. אין דער נאָז האָבן געקיצלט די ריחות פון מאַציעיקאַ, קליינע גאָרטן־בלומען, וואָס עפענען זיך אין אָוונט און גיבן אַרויס אַ שטאַרקן אַראָמאַט. פון די לאָנקעס האָט זיך געטראָגן דער ריח פון פריש געקאָסעט גראָז. עס האָט זיך געהערט דאָס קוואַקען פון די זשאַבעס, וואָס האָט זיך אויסגעמישט מיטן צווויטשען פון די פייגל און זשומען פון די אינזעקטן. אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן דער וועג צום גן־עדן פון דער יוגנט. נאָכן דאָזיקן „וועגל" האָט זיך געצויגן אַ ריזיקע לאָנקע, אויף וועלכער עס איז געווען אַ קוואַל, די „בלויע קריניצע". עטוואָס אויף לינקס פון דער לאָנקע האָט געפירט אַ שטעגל צום הויפּישן סאָד. לענגאויס דעם וועג נעבן דאָזיקן סאָד זענען געוואַקסן הויכע קאַשטאַן־ביימער, וואָס האָבן געוואָרפן אַ אַ געדיכטן שאָטן, אפילו בייטאָג אין די גרעסטע היצן איז דאָרט**

געווען שאַטנדיק און קיל. עטוואס ווייטער פונעם סאַד האָט זיך געצויגן די „דעברע״. דאָס איז געווען אַ גרויסער טאָל, באַוואַקסן מיט געדיכטע קוסטעס. אין דער דאָזיקער „דעברע״ פלעגט מען זיך טרעפן אויף „מאיוווקעס״. אין חודש מאַי האָבן די אַרבעטסלאָזע יוגנטלעכע אַרויסגעלאָזט זיך אַהין אויף אַ שפּאַציר, מיטנעמענדיק אַ בוך און אַוועקגעלייגט זיך אויפן גראָז לייענען, געניסן פון דער נאַטור, פון דער שיינער לאַנדשאַפט. אַ סך פלעגן אויפשטיין אין באַגין, ווען אַלע זענען נאָך געשלאָפן און אַוועקגיין אין דער „דעברע״ מיטן בוך אין האַנט. עס פלעגט טרעפן און אַזאַ „מאיוווקע״ האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ צוזאַמענטרעף מיט חברים, וואָס האָבן אַרומגערעדט הויכע ענינים, געפרווט לייזן וועלט־פּראָבּלעמען. דאָרט איז אויך געווען אַן אָרט פון ראַנדעוווען פאַר פאַרליבטע פּאָרלעך. ווייטער פון דער „דעברע״ האָט זיך געצויגן צום סאָסנע־וואַלד, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ באַרג, וועלכן מען האָט גערופן „מאמטשינא גורא״.

שטייענדיק אויפן דאָזיקן באַרג האָט מען געזען פאַר זיך דאָס גאַנצע שטעטל מיט די זייטיקע קריסטלעכע גאַסן, דעם קאָשטשאָל, די צערקווע און אויך די אַרומיקע פעלדער און לאַנקעס. אַהער פלעגט קומען די יוגנט פאַרברענגען. די לינקע אָרגאַניזאַציעס האָבן דאָרט אָפּגעהאַלטן פּאָליטישע מאַסוווקעס, אָרגאַניזירט קולטור־אימפּרעזעס, פּאָליטישע שמועסן. דאָס פלעגט פאָרקומען צוליב צוויי סיבות. ערשטנס, איז אין די זומערדיקע טעג נישט געווען מעגלעך אַוועקציזעצן זיך אין אַן ענגן פּאַרטיי־לאָקאַל. צווייטנס, האָט מען אויף יעדן צוזאַמענטרעף געמוזט האָבן אַ דערלויבעניש פון דער פּאָליציי און דאָס האָט מען נישט אַלעמאָל באַקומען. גאָר באַזונדערס פלעגט דעם וואַלד אויסנוצן די יוגנט פון דער לינקער פּועלי־ציון.ביים איינאָרדענען מאַסוווקעס, האָט מען פון אַלע זייטן וואַלד אַוועקגעשטעלט וואַכן, וואָס האָבן געהיטן די פאַרזאַמלטע פאַר אַ פרעמד אויג. נישט איינמאָל האָט פּאַסירט, אַז די פּאָליציי וועלכע האָט זיך דערוווּסט וועגן אַזאַ צונויפטרעף, איז געקומען זען וואָס די חברה טוט אינעם וואַלד.

צוריקגייענדיק פון וואַלד האָט מען זיך באַמיט צו גיין מיט אַ צווייטן וועג, וואָס זאָל אויסקומען נעבן דער בלויער קרעניצע. ביים קוואַל האָט מען זיך אייפסניי אַוועקגעזעצט טרינקען דאָס קרישטאַל־לויטערע וואַסער, וואָס האָט געשמעקט ווי די בעסטע געטראַנקען.

אַרום דער בלויער קרעניצע זענען אַרומגעגאַנגען לעגענדעס. מען האָט דערציילט, אַז אַ פויערטע איז אַמאָל אין אַ זומערדיקן טאָג פאַרבייגעגאַנגען דעם קוואַל און ווען זי האָט זיך אָנגעבויגן צו טרינקען פון איר האָט זי אין וואַסער דערזען די הייליקע מוטער. די פויערטע איז גלייך אַוועק צום גלח און אים דערציילט וועגן דעם גרויסן נס. זי האָט עס אויך צעטראָגן איבער דער גאַנצער

געגנט און פון אומעטום האָט מען זיך אָנגעהויבן צונויפקומען, זען מיט די אייגענע אויגן דאָס בילד פון דער הייליקער מוטער. ווי געוויינלעך אין אַזעלכע פאַלן האָבן כמעט אַלע געזען אינעם וואַסער די הייליקע מוטער און עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז עס זענען אַראָפּגעקומען גלחים פון די נאָענטע שטעטלעך און דערפער מיט דעם ציל צו באַשליסן אויפצובויען אויף דעם אָרט אַ קאַפּליצע.

אין דער דאָזיקער קאָכעניש האָבן די קריסטן אָנגעהויבן אויך צו דערמאָנען זיך, אַז די יידן האָבן געקרייציקט יעזוסן. די דאָזיקע שמועסן זענען מיט יעדן טאָג געוואָרן אַלץ היציקער און דראָענדיקער. און אויף די יידן האָט גענומען ציטערן די הויט. ווער ווייסט וואָס פאַראַ צרות עס וואָלטן דערפון אַרויסגעקומען, ווען נישט דער פאַל, וואָס אַ פאַרשטענדלעכער קריסט האָט זיך אָנגעהויבן נעענטער צו פאַראינטערעסירן מיט יענעם גרויסן נס און האָט זיך געוואָלט איבערצייגן צי עס איז טאַקע אמת. ער האָט זיך אַראָפּגעבויגן צום וואַסער און געוואָלט מיט דער האַנט דערלאַנגען צו דער הייליקער מוטער. דער סוף איז געווען, אַז ער האָט פונעם וואַסער אַרויסגעצויגן אַ קעראַמיק־טעפּעלע מיטן פאַרביקן בילד פון אַ מיידעלע. גלייך נאָכדעם איז פאַרשוווּנדן פונעם וואַסער דאָס בילד פון דער הייליקער מוטער.

אַ קורצע צייט האָט מען נאָך וועגן דעם גערעדט צווישן די קריסטן אין שטעטל און אין דער אַרומיקער געגנט, ביז עס איז לסוף שטיל געוואָרן און מען האָט פאַרגעסן פון דער הייליקער מוטער. די געמיטער ביי די יידן האָבן זיך באַרואיקט.

## אויסגעמיטן אַ פּאגראם

זומער 1929 האָבן זיך אין וואָיסלאָוויץ אָנגעהויבן איבערחזרן אָפטע גניבות. עס איז נישט געווען מעגלעך צו פאַרהיטן, קוים האָט מען אַרויסגעשטעלט אויף דער גאַס די מינדעסטע זאַך, איז עס באַלד נעלם געוואָרן; אַ באַליע, אַ זאלביק, אַ דעק, וואָס מען האָט אַרויסגעהאַנגען אויסצולופטערן; וועש פון די ביידעמער, אויב מען האָט פאַרגעסן עס אריינצונעמען אויף דער נאַכט אין שטוב אַריין, זענען זיי אויפן צווייטן טאָג נישט געווען.

עדעלמאַן, דער פּאָליציאַנט, וואָס איז געווען אַ בריה אויף צו כאַפּן גנבים, האָט געפּלעגט אין די פינצטערע נעכט אַוועקזעצן זיך הינטער קלעצער און אַנדערע באַהעלטענישן און לויערן אויף די גנבים, אָבער עס איז דערפון גאָרנישט אַרויסגעקומען. די גנבות זענען ווייטער אָנגעגאַנגען. נישט איינמאָל איז דער פּאָליציאַנט געוואָרן אָפּגעגאָסן מיט אַ פּאמעניצע שמוציק וואַסער. אין וואָיסלאָוויץ

איז נישט געווען קיין קאנאליזאַציע, קיין וואַסער־לייטונג און יעדער האָט די שמוציקע וואַסערן פּשוט אויסגעגאָסן פאַר דער טיר. אָבער דאָס האָט מען געטון נאָר ביינאַכט, כדי דער פּאָליציאַנט זאָל נישט דערזען און מאַכן אַ פּראָטאָקאָל, פאַר וועלכן מען האָט געדאַרפט באַצאָלן שטראָף. אין יענע נעכט איז ער אַליין געווען אַ קרבן פון די דאָזיקע וואַסערן. ער האָט פאַר יעדן פּרייז געוואָלט כאַפּן דעם גנב און האָט מקבל באהבה געווען די פּאָמיעס.

דער זומער איז פאַרביי. עס האָבן זיך אָנגעהויבן די יום־טובים, אָט איז שוין סוכות. און ביי רבקה פּייוולס איז מען אין אָוונט געזעסן, ווי ביי אַלע יידן, אין דער סוכה און געגעסן די יום־טובדיקע סעודה. פּלוצלינג איז אַריינגעפאַלן אין סוכה אַ שטיין. עס איז געוואָרן אַ בהלה, מענטשן האָבן גענומען שרייען, אַרויסלויפן פון דער סוכה און מען האָט אָנגעהויבן נאָכיאָגן דעם שייגעץ, וואָס האָט אַריינגעוואָרפן דעם שטיין.



**שמואל לאקסמאַן און שמחה זיסמאַן**

ווי פון ווייטע צייטן, פאַרנעפּלט, גייט אויף פאַר אונדז די וואַרעמקייט פון יענע בחורים, וואָס האָבן אין זייערע הערצער געטראָגן אַזויפיל הייסע שטרעבונגען און שיינע חלומות, און ווי אָפן זענען געווען זייערע הערצער, ווייל אַלע האָבן מיר זיך געפילט אַזוי נאָענט און אייגן און נישט איינמאָל האָבן מיר געהאַט דאָס געפיל, אַז מיר שלעפּן צוזאַמען דאָס עול־וועגעלע פון לעבן און עס איז אונדז געוואָרן גרינגער אויפן געמיט. אין אונדזער שטעטל האָבן מיר זיך נישט געפילט איינזאַם אפילו אין דער שווערסטער אומבאהאָלפנקייט. מיר זענען תמיד געווען צוזאַמען, געוואַקסן צוזאַמען, געפרייט זיך און געטרוימט שטענדיק צוזאַמען.

אינצווישן האָט עמיץ געוואָרפן אַ וואָרט, אַז דאָס איז מסתמא דער גנב. ווען מען האָט ענדלעך געכאַפּט דעם שייגעץ, האָט מען אים נאָכן אָנקלאַפּן די ביינער, אַוועקגעפירט אין פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט, מיט דער זיכערקייט, אַז מען האָט געכאַפּט דעם אַזוי געזוכטן גנב.

אין פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט איז גיך אויפגעקלערט געוואָרן, אַז ער האָט לגמרי נישט קיין שייכות מיט די גנבות, נאָר איז סתם אַ שלימזלדיקער שייגעץ, אָן עלטערן, האַלט זיך אויף ביי פרעמדע מענטשן, ביי וועלכע ער אַרבעט. דערווייל האָט די מעשה זיך פונאנדערגעשפרייט צווישן דער קריסטלעכער באַפעלקערונג און מען האָט אָנגעהויבן קריגן מיטלייד צו אים, אַ יתום נעבעך, און די זשידעס האָבן אים אַזוי צעשלאָגן.

די פאלגן האָבן נישט געלאָזט אויף זיך לאַנג וואַרטן. אין שטעטל איז אַנטשטאַנען אַ מהומה, שקאָצים האָבן אָנגעהויבן האַקן שויבן אין יידישע הייזער און מען האָט שוין אין אָוונט נישט געקענט אַרויסגיין אין גאַס.

## דריי דורות קדושים



פון רעכטס: **דודטשע חווהס, זיינע זין: אשר און משה און אייניקל מעכל היבשמאן.**
2־טע ריי: **טאַכטער הינדע (ראב), זון יאנקל היבשמאַן מיט זיין פרוי ריווע.**

די פּאָליציי האָט זיך נישט אַריינגעמישט, נאָר ערשט ווען די יידישע יוגנט האָט זיך אָרגאַניזירט און אָנגעהויבן צוריקגעבן קלעפּ און צוריק וואַרפן שטיינער. דאַן ערשט האָט זיך די פּאָליציי אָפּגערופן, צונויפגעשטעלט פּראָטאָקאָלן און אָפּגעשיקט זיי קיין כעלם צום סטאַראָסטע. געוויינלעך פלעגט די ספּעציעלע אָפּטיילונג אין פּאָוויאַט משפטן אַזעלכע פאַלן און באַשטראָפן מיט קליינע געלט־סומעס, אָדער עטלעכע טעג אַרעסט. אין דעם פאַל איז מען, ווייזט אויס, געווען אַביסל באַאומרואיקט און עס זענען אַראָפּגעקומען קיין וואָיסלאָוויץ ספּעציעלע פּאַרשטייער, וועלכע האָבן אַרויסגערופן אין דער גמינע ביידע צעקריגטע צדדים, קריסטלעכע און יידישע יוגנטלעכע, האָבן אויסגעהערט יעדן פון זיי און לסוף אַרויסגעטראָגן דעם פּסק־דין, לויט וועלכן עס זענען באַשטראָפט געוואָרן מיט געלט־סומעס סיי די קריסטלעכע און סיי די יידישע יוגנטלעכע.

נאָכן דאָזיקן משפט איז צוריק רואיק געוואָרן אין שטעטל. די געמיטער האָבן זיך אָפּגעקילט און עס האָט זיך ווידער אָנגעהויבן דאָס פרידלעכע צוזאַמענלעבן און דאָס אַריינטראַכטן אין דעם רעטעניש ווער עס קען דאָס זיין דער גנב.

דוד איינעס





יצחק ראב

# לויטערע געשטאלטן

אברהם־אבא ראב — איז געווען זיין פולער נאָמען, אָבער אין שטעטל האָט מען אים גערופן ר׳ אבטשע און אונטערן דאָזיקן נאָמען איז ער געווען זייער פּאָפּולער ביי קליין און גרויס אין וואָיסלאָוויץ און אין די אַרומיקע שטעטלעך. עס האָט פון אים אַרויסגעשטראַלט האַרציקע גוטסקייט און גרייטקייט צו העלפן יעדן נויטבאַדערפטיקן. אונדזער שטוב איז געווען אָפן פאַר יעדן איינעם, פאַר וואָיסלאָוויצער און פרעמדע. צווישן וואָיסלאָוויצער האָט מען געזאָגט: „ווער עס האָט געהאַט גאָט אין האַרצן, האָט געקענט אַרייַנקומען צו ר׳ אבטשען און זיך פילן דאָרט ווי ביי זיך אין שטוב״.

אין די שבת־צו־נאכטסן, נאָך הבדלה פלעגן זיך צונויפקומען אין אונדזער שטאָט יידן פון פאַרשידענע שיכטן אין שטעטל. אַלע גלייך זענען זיי געזעסן ביים טיש, צו וועלכן מען האָט דערלאַנגט הייסע גלעזער טיי און פאַרביסן מיט אַ קיכל. עס זענען דאָרט געזעסן חסידים פון פאַרשידענע רבישע הייף, ווי אויך פשוטע יידן פון אַ גאַנץ יאָר. מען האָט גערעדט דברי תורה און וועגן וועלט־לעכע ענינים. מען האָט אַרומגערעדט פּראָבלעמען, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צום גאַנצן שטעטל און מען האָט זיך אויך אַראָפּגערעדט פון האַרצן וועגן אייגענע צרות, וועגן דאגות פרנסה און משפחה־ענינים.

אַזעלכע מסיבות פלעגן אויך פאָרקומען אין אַ געוויינלעכן וואָכן־טאָג. יידן זענען געקומען צו מיין פאָטער אַראָפּרעדן זיך פון האַרצן, פרעגן אַן עצה. יעדער האָט געוווּסט, אַז עס גייט נישט בלויז אין קלוגן ענטפער, וועלכן מען האָט דערוואַרט פון אים צוליב זיין רייכער לעבנס־דערפאַרונג און לעבנס־חכמה. די מענטשן זענען געווען איבערצייגט, אַז מיין פאָטער וועט טון אַלץ, וואָס ער איז ביכולת פאַרן פאַרמינערן זייערע צרות און פאַרגרינגערן זיי דאָס לעבן.

מיין פאָטער האָט געהערט צו די מענטשן, וואָס ווילן נישט אָפּקומען מיט העלפן אַ ייד בלויז מיט די עטלעכע זלאָטעס, אַ הלוואה אָדער אַ גמילות חסד. עס

איז נישט געווען קיין איין געביט, אויף וועלכן מיין פאָטער זאָל נישט אַנטקעגנ־קומען מיט זיין הילף. ער פלעגט העלפן אַ ייד ביים דינגען אַ סאָד אָדער אַ לאָנקע, וואָס מען האָט געמוזט אָנקומען צום פריץ פון הויף. ער האָט זיך איינגעשטעלט פאַרן ייד ביים סעקוועסטראַטאָר פון שטייער־אַמט, ווען ער איז געקומען קאָנפיסקירן די לעצטע בעבעכעס פאַר נישט באַצאָלטע שטייערן. אויפן דאָזיקן געביט האָט מיין פאָטער געהאַט אַ שטאַרקן איינפלוס, ווייל ער איז געווען דער גרעסטער שטייער־צאָלער אין שטעטל און ער האָט אויסגענוצט זיין גאַנצע השפעה און אויטאָריטעט ביי די נאַטשאַלניקעס פון „אוזשאָנד סקאַרבאָווי", זיי זאָלן פאַרקלענערן די שטייערן און נישט אויספירן די סעקוועסטראַציעס ביי אָרעמע יידישע קרעמער און סוחרים.

אין אונדזער שטוב זענען אויך באַהאַנדלט און רעגולירט געוואָרן די פאַרשידנערליי פּראָבלעמען פון שטעטל: אַ סכסוך צווישן רב און די ש. חטים, צווישן דאָזאָרעס און שול־גבאים, וועגן אויפשטעלן אַ נייעם פלויט אַרום בית־עולם, וועגן איינקויפן נייע מעדיצינישע מכשירים און רפואות פאַרן לינת הצדק, ווי אויך פאַרשידענע אַנדערע פּראָבלעמען פון וואָילטעטיקע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן געפירט זייער טעטיקייט אין וואָיסלאָוויץ.

מיין פאָטער האָט קיינמאָל נישט געוואָלט פאַרנעמען קיין אָפיציעלן אַמט אין דער קהילה, האָט זיך אויך נישט געלאָזט אויסוויילן אַלס דאָזאָר אָדער אַלס גבאי אין שיל צי אין בית המדרש. חוץ דעם וואָס ער איז געווען זייער באַשעפטיקט אין זיינע מסחרים, איז אָבער די הויפּט־סיבה געווען, וואָס ער האָט צוגעזאָגט זיין משפחה און גאָר באַזונדערס זיין מוטער, אַז ער וועט קיינמאָל נישט פאַר־נעמען קיין שום קהילישן אַמט. די דאָזיקע פייערלעכע הבטחה האָט פון אים געפאָדערט זיין אַלטע מוטער, די באָבע קריינדל, וואָס האָט אַלע אירע יאָרן באַוויינט דעם עלטערן זון מיכאל, וועלכער איז יונגערהייט געשטאָרבן.

## דער פעטער מעכל — אַ שיינדל פון שטעטל

דער פעטער מעכל איז געווען אַ הויך־געוויקסיקער ייד, אַ הדרת פנים, וואָס כבוד הבריות איז פאַר אים געווען איינע פון די וויכטיקסטע עיקרים. אפילו אַ פּראָסטן בעל־עגלה האָט ער אָפּגעגעבן כבוד און איז שטענדיק געווען גרייט צו טון אַ טובה יעדן איינציקן ייד. ווען עס האָט זיך ווער געפונען אין אַ צרה, האָט ער זיך שטילערהייט אַריינגעשלייכט אין פעטער מעכלס שטוב און אין אָנהויב געבליבן שטיין שעמעוודיק, מיט אַ פּנים פול געבעט און תחנונים, אָבער באַלד איז דער פעטער אים אַנטקעגנגעלאָפן מיט אַ פריינטלעכן שמייכל

און גלייך איז דער ייד געוואָרן דרייסטער, דערפילט דעם פּעטערס גרייטקייט צו העלפן אים און עס איז אים גרינגער געוואָרן אויפן האַרצן.

מיין פּעטער פלעגט זאָגן, אַז אַ ייד איז מען מחויב צו העלפן סיי לויטן דין און סיי לויט פּשוטער מענטשלעכקייט און ער האָט טאַקע געהאָלפן מיט אַלעם מיט וואָס ער האָט נאָר געקענט.

דער פּעטער מעכל האָט זיך געחברט מיט די גרעסטע לומדים אין שטעטל, מיט קלמן־אהרון־וואָלפס, מיט איטשע שוחט, מיט שיע־חוהס און אַנדערע שיינע יידן, וואָס זענען געווען די שיינדלעך פון שטעטל.

זייענדיק זייער באַליבט אין שטעטל האָט דער פּעטער מעכל כסדר פאַר־נומען דעם אויבנאָן אין אַלע קהלשע אינסטיטוציעס. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז דאָס בית המדרש לאַנג געשטאַנען חרוב און וויסט, ביז ער האָט זיך גענומען צום צוריק־אויפבויען דאָס בית המדרש. אויך דאָס אויפשטעלן די מקווה און מרחץ איז געווען זיין איניציאַטיוו. ער האָט געזאָרגט פאַר די באַדערפענישן פון די כלי־קודש און זיין השפעה האָט זיך געפילט אינעם גאַנצן זאַפטיקן רעליגיעזן לעבן אין שטעטל.

מיין פאָטער האָט זיין עלטערן ברודער מעכל אַרויסגעוויזן שטענדיק גרויס דרך־ארץ. זיינע מידות און התנהגות זענען פאַר אים געווען אַ ביישפּיל און ער האָט זיך באַמיט צו גיין אין זיינע דרכים.

דער פּעטער מעכל איז געווען אַ הייסער בעלזער חסיד. ער פלעגט פאַרשווונדן פון שטעטל אויף לאַנגע וואָכן, וועלכע ער האָט פאַרבראַנגט ביים רבין אין בעלז, ווו ער איז געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע חסידים, סיי צוליב זיין חסידישער התלהבות און סיי צוליב זיין ברייטער האַנט, וועלכע האָט זיך אָנגעזען אין דעם רבינס הויף.

דאָס איז געווען פאַר ראש השנה 1927, ווען דער פּעטער מעכל איז אַוועק־געפאָרן צום רבין קיין בעלז, האָט דאָרט פאַרבראַכט די ימים־נוראים און אויך דעם גאַנצן יום־טוב סוכות. עס זענען אַוועק עטלעכע טעג נאָך סוכות און אַלע חסידים זענען שוין צוריקגעקומען, אפילו פאַליק סופר, וואָס איז אָפט געווען צומלענגסטן ביים רבין, האָט זיך שוין אויך באַוויזן אין שטעטל, בלויז דער פּעטער מיכאל איז נאָך אַלץ נישט צוריקגעקומען. דעמאָלט האָט עמיץ אַרויס־געלאָזט אין שטעטל אַ קלאַנג, אַז מעכל איז געשטאָרבן. דאָס זענען געווען מוראדיקע טעג, אָבער אַזוי פלוצלונג ווי ער איז אַוועקגעפאָרן איז ער אויך צוריקגעקומען און ער האָט דערציילט, אַז דער רבי האָט אים געהייסן פאַרבלייבן נאָך צוויי וואָכן אין בעלז.

דער דאָזיקער פאַל האָט אַרויסגערופן אַ סך קאָמענטאַרן צווישן חסידים,

וועלכע האָבן געזאָגט, אַז דאָס איז מן השמיים, אַז עפּעס אַ גרויסער זכות איז בייגעשטאַנען מיכאלן און דער צדיק האָט אים אָפּגעראַטעוועט דערמיט, וואָס ער האָט אים געהייסן בלייבן, כדי ער זאָל נישט נכשל ווערן אין אַ נעץ פונעם שטן.

עס איז פאַרביי אַ קורצע צייט און דער פעטער מעכל איז קראַנק געוואָרן, איז געפאַלן צום בעט און האָט זיך מער נישט אויפגעהויבן.

זיין טויט האָט געמאַכט אַ שווערן רושם אין שטעטל. יידן פון אַלע שיכטן האָבן באַוויינט זיין טויט. אויך די גויים האָבן מיטגעטרויערט. צו דער לוויה איז געקומען דאָס גאַנצע שטעטל, גרויס און קליין. די קינדער זענען אין יענעם טאָג געוואָרן פריי געלאָזט פון די חדרים. דאָס גאַנצע שטעטל איז געווען פאַרזונקען אין טרויער.

דער טרויער האָט אָנגעהאַלטן לאַנגע וואָכן און חדשים. קיינער אין שטעטל האָט זיך נישט געקענט צוגעוווינען צום געדאַנק, אַז מיכאל, דער גביר און שיינער ייד לעבט נישט מער. אויף די פּאַטשעגעס האָבן יידענעס נישט אויפגעהערט צו זיפצן אין טיפן טרויער און דערציילט זיך פאַרשידענע מעשיות וועגן דער גוטסקייט און פרומקייט פון מעכל ראַב. אַ סך האָבן געהאַלטן, אַז ער איז געשטאָרבן פון אַן עין הרע, אָדער פון אַ בייזער קללה. מיין באָבע קריינדל האָט געגלויבט, אַז דאָס האָט אים שרה די אלמנה פון הערש טערוויצער, אַ מומ׳ע פון מיין מוטערס צד, אויף אים געשראָגן אַ בייז האָרץ פאַר זיין קעגנערשאַפט צו איר איידעם שייע שוחט.

שייע שוחט איז געווען אַ תלמיד חכם, אַ שוחט רגיל, וואָס האָט געוואָלט קויפן אַ חזקה און זיין שטאָטישער שוחט. ער איז אָבער באַקעמפט געוואָרן פון זיין קאָנקורענט איטשע שוחט. דערפון האָט זיך געשאַפן אין שטעטל אַ מחלוקת. עס האָבן זיך געבילדעט צוויי צדדים און מיכאל האָט זיך געשטעלט אויפן צד פון איטשע שוחט. שייע שוחט איז טאַקע דורכגעפאַלן און ער האָט זיך געמוזט זוכן אַ שטעלע אין מאַנטשין נעבן זאַמאָשטש. זיין שוויגער, שרה די אלמנה האָט עס שווער איבערגעלעבט און געטראָגן דערפאַר אויף מעכלען אַ בייז האָרץ.

די באָבע קריינדל האָט דערפאַר געפּאַדערט פון איר יונגערן זון, ער זאָל זיך נישט פאַרנעמען מיט קיין קהלישע ענינים.

זיין עלטערער ברודער מעכל איז אָבער פאַר מיין פאָטער געבליבן אַ מוסטער אויף זיין גאַנצן לעבן. נאָך זיין טויט האָט מיין פאָטער זיך נאָך שטאַרקער באַהאַפטן מיטן בעלזער הויף. נישט געקוקט דערויף, וואָס ער איז געווען אַ וועלטלעכער מענטש, האָט געהאַט אַ סך צו טון מיט פּוילישע פּריצים, מיט באַנק־דירעקטאָרן און פאַרשידענע נאַטשאַלניקעס, האָט ער שטענדיק געפונען

צייט צו פֿאָרן צום רבין און פֿאַרנעמען זיך מיט חסידישע ענינים, ער איז געווען אַ געטרייען אָנהענגער פֿון בעלזער רבין און האָט געגלויבט אין זיין גרויסן כוח. ביי יעדער וויכטיקער אונטערנעמונג האָט ער געזוכט די הסכמה פֿון רבין און האָט געגלויבט, אַז טאַקע דערפֿאַר האָט ער מצליח געווען אין זיינע געשעפֿטן.

## ביים רבינס טיש

ווען די ברידער פֿון בעלזער רבי פֿלעגן קומען צו פֿאָרן האָט זיי מיין פֿאָטער אויפֿגענומען מיטן גרעסטן כבוד. אין שטעטל האָט דאַן גענומען הערשן חסידישע חדווה, אַן אומבאַשרייבלעכע פֿריילעכקייט האָט אַלעמען אַרומגענומען. מיין פֿאָטער איז אַקעגנגעפֿאָרן דעם רבין אין אַ קאָטש מיט פֿיר פֿערד נאַ־שפּיץ אויפֿגעסטראָיעט מיט גלעקלעך. אין פֿריצישע בריטשקעס זענען געפֿאָרן די אָנגעזעענסטע חסידים פֿון שטעטל. די יידישע בעלי־עגלות האָבן זיך אויס־געפּוצט ווי קאָזאַקן, מיט רויטע סטענגעס און פֿעדערן אין די קאַשקעטן. און האָבן רייטנדיק אויף זייערע פֿערד באַגלייט די קאָטשן, בריטשקעס און פֿורן געפּאַקטע מיט חסידים. די גויים האָבן פֿאַרגאַפֿטע געקוקט אויף דעם פֿאַר־כאַפּנדיקן בילד און אין גרויס באַוווּנדערונג גערופֿן: „ביסקופּ זשידאָווסקי יעדזשיע — דער יידישער ביסקופּ פֿאָרט".

הונדערטער חסידים, ישיבה בחורים און סתם יידן פֿון אַ גאַנץ יאָר, פֿון כעלם און כרוביעשאָוו, פֿון אוכאַן, גראַבאָוויץ און אַנדערע שטעטלעך האָבן געשטראָמט קיין וואָיסלאָוויץ, צום רבין. דאָס גאַנצע שטעטל האָט זיך געגרייט צום גרויסן עונג שבת, צו זען דעם רבין און הערן זיין תורה זאָגן.

דעם שבתדיקן טיש האָט דער רבי געפּראַוועט אין בית המדרש, ווו די טישן זענען געווען געגרייט מיט כל־טוב, מיט פֿעטע מאכלים און שאַרפֿע משקאות. וואָס האָבן דערקוויקט די הערצער, אַ גדולה, אַ פֿרייד, דער רבי זאָגט תורה. זיין קול צעקלינגט זיך, הויך און מיט פֿייערדיקער התעוררות. דער שטורעם און געפּילדער שטילט זיך איין. אַלע הערן זיך איין אין רבינס ווערטער, אין די משלים. מען איז פֿאַרחידושט, צעחושט פֿון זיינע חריפֿותדיקע רייד.

אין אונדזער שטוב איז דעם רבינס קומען אין שטעטל געווען אַ גרויס געשעעניש. וואָכן־לאַנג האָט זיך מיין מוטער צו דעם געגרייט, געקאָכט און געבאַקן. גאָרנישט איז געווען שווער פֿאַר איר אין אַלעם וואָס זי האָט געטון אין געטריי־קייט צו איר מאַן אין באַגייסטערונג פֿאַר דער גרויסקייט פֿון רבין. מיט אַ פֿאַרכאַפּטן אָטעם האָט זי געוואַרט אויף דעם מאָמענט פֿון רבינס באַווייזן זיך אין אויף זיין ברכה, וועמענס עכאָ האָט אָפּגעהילכט אין שטעטל אויף לאַנגע יאָרן.



**מעכל ראבס זון ישראל און זיין פרוי טעמע.**

אַזאַ אומגעווײנלעכע צוגעבונדנקייט צום רבין האָט מען זעלטן געזען. מיין פאָטער איז ביי זיין גאַנצער לעבנס־חכמה געווען גלייכצייטיק כולו פשטות, האָט געגלויבט אין יעדן וואָרט, וואָס דער רבי האָט אַרויסגעלאָזט פון מויל און האָט זיך צוגעאייגנט די גרויסע מידה פון חסד — ווייל די וועלט איז געבויט פון חסד און דער מענטש דאַרף דערפאַר טיילן זיין גוטס מיטן צווייטן, נישט פוגע בכבוד זיין אַן אַנדערן, היטן יענעמס כבוד ווי זיין אייגענעם

מיין מוטער איז געווען אַ יושבת־אהל און איר גאַנץ לעבן געווידמעט איר מאַן און קינדער. אונדזערע נאָענטע שכנים האָבן זי גערופן: בראַנטשע די צדיקת זיי האָבן געהאַלטן, אַז אין איר זכות איז עס געקומען די הצלחה פון מיין פאָטער אין זיינע געשעפטן.

אונדזער שטוב איז געווען אָפן פאַר יעדן אָרעמאַן. מיין מוטער איז שטענדיק אַקעגנגעקומען די בויטבאַדערפטיקע מיט אַ מאָלצייט, מיט אַ ריין העמד, מיט אַ וואַרעם מלבוש. יעדע מאָלצייט האָט מיין מאַמע צוגעגרייט עס זאָל זיין גענוג נישט בלויז פאַר דער משפחה נאָר אויך פאַר אַן אָרעמען אורח. וואָיסלאָוויץ איז געווען געבענטשט מיט אַ סך אָרעמע אורחים, פאַר וועלכע דאָס שטעטל איז געווען אַ דורכגאַנג צו די אַנדערע אַרומיקע שטעטלעך. גרשון שמש, וואָס האָט געהאַט די אויפגאַבע צו באַזאָרגן די אורחים מיט עסן און שלאָפן, האָט אַדאַנק אונדזער הויז נישט געהאַט קיין גרויסע דאגות ווען עס איז פאַרבליבן נאָך אַן אָרעמער אָן אַ וויעטשערע. ער האָט שטענדיק געקענט אים אָנווייזן אויף אונדזער הויז, זאָגנדיק: „איר וועט שוין פון דאָרט קיין הונגעריקער נישט אַרויסגיין”.

ווען מיין מאַמע האָט באַמערקט שטיין ביי דער טיר אַן אָרעמאַן, האָט זי אים מיטן גרעסטן כבוד פאַרבעטן אין שטוב אַריין, אוועקגעזעצט ביים טיש און גלייך דערלאַנגט אים דאָס וואַרעמע מאַלצייט.

נישט איינמאָל האָט געטראָפן, אַז זי האָט דעם אָרעמאַן אַוועקגעגעבן די לעצטע פּאָרציע, וואָס איז געבליבן פאַר איר. זי האָט אין אַזאַ פאַל זיך באַגנוגנט מיט עפּעס טרוקנס, בלויז צו דערהאַלטן די נשמה.

דאָס אַלץ האָט זי געטון מיט אַ פריינטלעכן שמייכל, באהבה, מיט דאַנק־באַרקייט צום רבונו של עולם פאַר די מעגלעכקייטן צו פירן אַזאַ פיינע שטוב, פאַר איר גוטן מאַן און גראָטענע קינדער, וועלכע זי האָט געלערנט צו זיין גוטע יידן און גוטע מענטשן.

יצחק ראב



דעם מחברס פאטער און ברודער: אבטשע און משה ראַב



צביה לעבער־צעלענטשוק

# די ערשטע חלוצה

אין יאָר 1932 בין איך אַוועקגעפאָרן פון וואָיסלאָוויץ אויף הכשרה. און געווען די ערשטע חלוצה אין וואָיסלאָוויץ, וואָס איז געפאָרן אין קיבוץ. און די חברים האָבן איינגעאָרדנט פאַר מיר אַ געזעגענונגס־אָוונט און דערנאָך באַגלייט אויפן וועג קיין כעלם. זיי האָבן מיך באַגלייט ביזן האַלבן וועג. מען האָט געזונגען לידער, פריילעכע און פאַרבענקטע, דורכגענומענע מיט דער האָפענונג פון עליה און גאולה. מיין זיידע שלום קעלנער האָט געוויינט ווי אַ קליין קינד, איז מיט־געגאַנגען מיט מיינע יוגנטלעכע חברים.

מיר האָבן געאַרבעט אין אַ טאַרטאַק. איך בין געווען באַשעפטיקט ביים צונעמען די ברעטער פון דער מאַשין. מיר האָבן דורכגעמאַכט קאַלטס און וואַרעמס עס זענען געווען טעג, ווען מיר האָבן נישט געהאַט וואָס צו עסן, געאַרבעט אינ־דרויסן אין שווערע קעלטן, שניי־זאַווערוכעס, דערצו זענען אַ סך פון אונדז קראַנק געוואָרן, געליטן אויפן מאָגן צוליב די שלעכטע עסנס. שפּעטער איז מיר אויך אויסגעקומען צו אַרבעטן אויפן שאָסיי, אין דער אַדמיניסטראַציע פון פּריצישן גוט.

אין קיבוץ בין איך געווען צוויי־און־צוואַנציק חדשים, ביז איך בין באַשטע־טיקט געוואָרן צו באַקומען אַ סערטיפיקאַט און און עולה זיין קיין ישראל.

ווידער בין איך צוויי וואָכן געווען אין וואָיסלאָוויץ. ווען איך האָב באַקומען די פּאַפּירן בין איך אַרויסגעפאָרן קיין וואַרשע, וווּ איך בין געפאָרן צוזאַמען מיט נאָך דריי הונדערט חלוצים קיין טריעסט. אָנקומענדיק אין לאַנד האָט מען מיך געשיקט אין קיבוץ גבת, אין עמק־יזרעאל.



מיין פאָטער אברהם לעבער, מיין ברודער יידל און שוועסטער רבקה

## לייב פראם

# דער דאָקטאָר
# און היימישע רפואות



אָכן פאַרענדיקן זיין מעדיצינישן שטודיום אין וואַרשעווער אוניווערזיטעט האָט מען מיין ברודער געשיקט אויף פּראַקטיק קיין וואַיסלאָוויץ, ווו ער איז געווען קנאַפּע צוויי יאָר, געהיילט דאָרט די יידישע און קריסטלעכע באַפעלקערונג, די פויערים פון די אַרומיקע דערפער.

דאָס איז געווען אין די ערשטע דרייסיקער יאָרן. ווען ער איז שפּעטער צוריקגעקומען קיין וואַרשע, פלעגט ער אָפט דערציילן וועגן זיינע איבערלעבונגען אין פאַרוואָרפענעם שטעטל, וועגן דער אָרעמקייט און גוטסקייט פון די אָרטיקע יידן, וועגן דער התלהבות פון דער אידעאַליסטישער יוגנט און וועגן דער פרומקייט פון אַלטן דור. כ׳געדענק, אַז ער האָט דערציילט ווי עמעצנס אַן אַלטע מאַמע האָט געחלשט ווען זי האָט געזען, אַז איר זון טראָגט מיט זיך געלט אום שבת. דער זון, אַ יונגער בחור האָט איר געפּרוּווט אויפקלערן, אַז דאָס וואָס מען טאָר נישט האַלטן שבת קיין געלט, איז צוליב דעם, אַז מ׳זאָל רוען, נישט אַרבעטן אים שבת, אָבער ער האָט געהאַלטן דאָס געלט צוליב פאַרגעניגן. דאָס איז פאַר דער מאַמען געווען אַ קנאַפּער טרייסט. און ווען מיין ברודער האָט דער פאַרחלשטער מאַמען אָנגעשריבן אַ רעצעפּט, האָט זי אים געפרעגט, צי ס׳איז נישט פאַראַן אַ מיטל, וואָס זאָל מחזיר למוטב זיין איר זון...

די יידן אין וואָיסלאָוויץ האָבן געהאַט פאַרשידענע פאָלקס־רפואות, מיט וועלכע זיי האָבן זיך אַליין געהיילט אין די צייטן, ווען אין שטעטל איז נישט געווען קיין דאָקטאָר. עס פלעגט טרעפן, אַז ווען ער איז געקומען צו אַ קראַנקן, איז שוין פאַר אים געווען דאָרט אַ יידענע, וואָס האָט אויפן בלויזן קוק געגעבן איר קראַנקן די תרופה, וואָס זי האָט איבערגענומען פון איר באָבען, וועלכע האָט עס אַליין געהערט פונעם בעלזער רבין: צו טרינקען סערוועטקע, נאָכן אויסקאָכן דעם קעז; וואַשן דעם שטערן מיט קאַלט וואַסער פון איין אויער צום אנדערן און אים נישט אָפּווישן מיט קיין האַנטוך.

מיט הומאָר פלעגט מיין ברודער דערציילן וועגן די פאַרשידענע תרופות

צו אַלערליי ווייטאגן: אַריינשטעלן די פיס אין אַ וואַננע פון קאַלט וואַסער, געמישט מיט זאַלץ און אַש, און דער קראַנקער דאַרף עטלעכע נעכט פאַרן שלאָפן אַריינשטעלן די פיס אין דער געדיכטעניש ביז צום דיקן פלייש און אַזוי האַלטן זיי אַ האַלבע שעה.

אויף קאָפּ־ווייטאג איז געווען אַ רפואה איינצורייבן די שלייפן און דעם שפּיץ־קאָפּ מיט כריין־טראָפּנס אָדער נעמען אין אַפּטייק פעפער־מינץ־אייל און דערמיט איינרייבן דעם קאָפּ.

ווען מען האָט געהאַט אַ קאַטער איז מען נישט געגאַנגען צו קיין דאָקטאָר. מערסטנס האָט מען זיך געמאַכט נישט־וויסנדיק. אויב ער האָט גאָר שטאַרק דערקוטשעט, האָט מען באַקומען פון ערגעץ אַ מארמאר־שטיין, אויסגעגליט אים אין פייער, אַרויפגעגאָסן עסיק און איינגעאָטעמט די פאַרע דורך דער נאָז. דערביי האָט מען געדאַרפט באַוועגן מיטן קאָפּ אין אַלע זייטן.

מערסטנס האָבן די יידן און וואָיסלאָוויץ זיך פאַרופן אויף גרויסע רביים, וואָס האָבן פאַרשריבן די תרופות צו די פאַרשידענע מחלות, מיט וועלכע די חסידים האָבן זיך צו זיי געוואָנדן. אָבער די תרופות האָבן זיך איבער־געטראָגן אויך צו די פויערים אויף די דערפער, וועלכע האָבן פונקט ווי די יידן געגלויבט אין כוח פון רבין. אויב עס זענען ביי אַ פויער געשוואָלן געוואָרן די פיס, האָט ער זיך געמאַכט אַ באָד פון ליים און זאַלץ און עס אַריינגעגאָסן אינעם וואַסער פון דער גרויסער באַליע, וואָס האָט אים געדינט פאַר אַ וואַננע. דאָס וואַסער האָט נישט געטאָרט זיין צו־קאַלט און נישט צו־הייס, נאָר לעבלעך. אין באָד האָט מען געדאַרפט זיצן אַנדערהאַלבן שעה.

נישט אַלע פויערים האָבן מודה געווען, אַז זיי האָבן די תרופות באַקומען פון די יידן אין שטעטל. געווען אין די דערפער אויך אייגענע מכשפות. געווען אויך פאַלן, ווען יידן האָבן די תרופות איבערגענומען פון די פויערים. זיי האָבן געהאָדעוועט פאַרשידענע קרייטעכצער, וועלכע זיי האָבן אויסגעקאָכט אין וויין, אין בראַנפן אָדער אין בלוט פון אַ יונג הענדל. דעם וויין האָט מען געדאַרפט אויסטרינקען און די קרייטעכצער צולייגן צום אָרט, וואָס האָט וויי־געטון.

געווען אויך אויסטערלישע תרופות, וועגן וועלכע מיין ברודער האָט גערעדט מיט זאָרג און פאַרביטערונג, ווייל זיי האָבן דערמאַנט אין מיטלאַלטער. דאַקעגן איז ער געווען גערירט פון תהילים־זאָגן ביי אַ געפערלעך־קראַנקן, נישט דערפאַר ווייל ער איז געווען אַ גלויביקער, נאָר ווייל ער האָט אין דעם געזען דאָס שטאַרקע מיטגעפיל פון די אַרומיקע. ווען עמעץ איז געווען געפערלעך קראַנק, האָט דאָס גאַנצע שטעטל מיטגעלעבט די זאָרג פון דער משפּחה. אַלע יידן אין וואָיסלאָוויץ — פלעגט מיין ברודער זאָגן — זענען ווי איין משפּחה. דאָס געוויין פון תהילים

**אין בית־המדרש האָט געשפּאָלטן הימלען און צעריסן דאָס האַרץ אפילו פון די שוואַך־גלויביקע און אַפּיקורסים.**

**וועגן אַ ריי תרופות וואָס ער האָט אָבסערווירט אין וואַיסלאָוויץ האָט מיין ברודער דערציילט זיינע קאָלעגן, יידישע און פּוילישע דאָקטוירים, און עס זענען געווען צווישן זיי אַזעלכע, וואָס האָבן זיך באַצויגן צו די דאָזיקע פאָלקס־רפואות מיטן גאַנצן ערנסט, געזען אין זיי עפּעס אַ מעדיציניש ווערט.**





געקניפּט און געבונדן זענען די וואַיסלאָוויצער יידן גע־ווען צווישן זיך: פעטערס און קוזינען, שוואָגערס און פּלימיעניקעס, געקנעטן פון אייגענעם בלוט און פון שווייס, אין יסורים און אין פריידן; יעדער אין זיין יאַך פון פּרנסה און דאַך ווי איין גרויסע משפּחה ביז עס איז געקומען דער ביטערער גזר און דער זעלבער טראַגישער גורל הנט זיי אַלע פאַרשניטן פון דער וועלט.

אויפן בילד: **מענדל אברהם־לאַזערס וויינבלאַט און זיינע שוועסטערס, זיין קוזין משה (דער רוסישער מרימס) וויינבלאַט.** אונטן: **מענדלס שוואָגער אהרן גערץ (אין מונדיר) און זיין ברודער יאנקלס צוויי זין.**

**ישראל קעלנער** (דרום-אפריקע)

# ברידערלעכקייט נוסח וואַיסלאָוויץ

300 יידישע משפחות האָבן געלעבט אין וואַיסלאָוויץ, וואָס געפינט זיך צוואַנציק קילאָמעטער פון כעלם. אָרעם איז געווען דאָס יידישע לעבן אין שטעטל, אָבער זייער פרום. עס איז געווען אַ בית המדרש, אַ שול און חסידישע שטיבלעך. יעדע חסידים־גרופּע האָט געהאַט איר שטיבל. עס זענען געווען גערער־חסידים, טריסקער, ראַדזינער, בעלזער, וולאַדאַווקער און קאָצקער חסידים.

געהאַט האָט וואַיסלאָוויץ אַ רב, וואָס האָט געצויגן זיין פרנסה פון פאַר־קויפן הייוון. דער רב האָט זיך אויך דערנערט פון שחיטה, הגם דאָס שטעטל האָט געהאַט דריי שוחטים, וואָס זענען געווען לומדים און גלייכצייטיק אויך בעלי־תפילות.

די יידישע פרנסות זענען געווען, ווי אין אַלע שטעטלעך פון פּוילן: עס זענען געווען קרעמער, סוחרים און בעלי־מלאכות. עס זענען אויך געווען אין שטעטל סאַדאָווניקעס, וואָס פלעגן דינגען סעדער און פאַרקויפן די פרוכט אין דער אַרומיקער געגנט.

שטיל און אידיליש איז געווען דאָס לעבן אין שטעטל נאָכן ערשטן וועלט־קריג. אין צייט פון קריג האָבן וואַיסלאָוויצער יידן זיך עוואַקואירט קיין בערדי־טשעוו. אין יאָר 1918 האָט זיך דאָס לעבן ממשותדיק געביטן. עס האָבן גענומען בלאָזן נייע ווינטן. די יוגנט האָט זיך אָנגעהויבן אינטערעסירן מיט וועלט־פּראָבלעמען און איז געוואָרן ציוניסטיש געשטימט. עס האָבן זיך אָנגעהויבן גרינדן אָרגאַניזאַציעס און פּאַרטייען, וואָס זענען געווען אין פאַרבינדונג מיט כעלם, לובלין און וואַרשע.

---

* די דאָזיקע דערמאָנונג וועגן וואַיסלאָוויץ ווערט געברענגט אין כעלמער יזכור־בוך, נישט אָנגעבנדיק די תקופה, וועגן וועלכער עס איז געשריבן געוואָרן. מיר דרוקן עס איבער ווי אַ באַווייז פון דער צוגעבונדנקייט און וואַרעמע געפילן פון די כעלמער יידן צו די וואַיסלאָוויצער.

וואַיסלאָוויץ האָט זיך אויסגעצייכנט מיט די האַרציקע און גוטע יידן, וואָס האָבן זיך געפילט צוגעבונדן איינע צו די אַנדערע און האָבן איינער דעם אַנדערן געהאָלפן אין אַ נויט. אַ גאַנץ יאָר זענען די יידן אין וואַיסלאָוויץ געווען פאַריאָגט און פאַרהאָרעוועט, געזאָרגט צו ברענגען חיונה פאַר זייערע משפחות. אויף האָבן צו באַצאָלן פאַר שכר לימוד. אָבער שטענדיק ווען אין שטעטל האָט זיך באַוויזן אַן אורח, אַ מגיד, משולח, איז ער אין שטעטל אויפגענומען געוואָרן מיט דער גאַנצער האַרציקייט.

זאָל דאָ פאַרצייכנט ווערן איינער אַזאַ גרויסער מכניס אורח, שלום קעלנער מיט זיין פרוי טייבע, וועמענס שטוב איז געווען אָפן פאַר אַלע הייזער־גייער און משולחים. מען האָט זיי אויפגענומען מיט דער גאַנצער גאַסטפריינטלעכקייט, מען האָט זיי געגעבן אַן אָרט צום שלאָפן און אויך אָפצועסן.



**ר׳ שלום קעלנער, דער פאָטער פונעם מחבר**

די צוגעבונדנקייט און ליבשאפט צום שטעטל מיינט די שטארק־אַנגעוואקסענע געפילן צו די מענטשן, צו אונדערע עלטערן און אור־עלטערן און צו זייערע שיינע מעשים, צו אונדזערע אמאָליקע היימען, וואָס האָבן צונויפגעבונדן דורות אין א גייסטיקן געוועב, געשאפן און פארוואָרצלט יידישע טראדיציעס, ווערכן וואָס דער גאנג פון יידישן לעבן האָט ארויסגעברענגט און פארפעסטיקט.

אַזעלכע גוטע און האַרציקע יידן זענען געווען אַ סך אין מיין שטעטל. און תמיד ביים דערמאַנען זיי שעפטשען אונדזערע ליפּן: יזכור השם, געדענק רחום וחנון די ריינע, די הייליקע נשמות פון די דאָזיקע גוטע יידן, וואָס זענען אומגעקומען על קידוש השם.

**ישראל קעלנער**

שמעון קאַנץ

# וואַיסלאַוויצער געמיט און גייסט

אין וואַיסלאַוויץ איז מיין ערשטער טאָג געווען אַ הייסער. נאָך די עטלעכע שעה פאָרן מיט דער פור פון כעלם, בין איך מיד און פאַרמאַטערט אָנגעקומען אינמיטן מאַרק. די קליינע נידריקע הייזלעך מיט די געוועלבער האָבן אויסגעזען ווי זיי וואָלטן געדרימלט מיד און פאַרחלשט פון דער היץ. פון די קלייטלעך האָבן זיך באַוויזן נייגעריקע פנימער. עמעץ פון די פּאַסאַזשירן, וואָס זענען געפאָרן צוזאַמען מיט מיר פון כעלם, האָט שוין באַוויזן צו דערציילן:

„זאַנוול אסטראָווערס אייניקל איז געקומען".

דאָס איז געווען מיין ערשטע באַגעגעניש מיטן קליינעם שטעטל, וואָס איך האָב ביז דעמאָלט געקענט נאָר פון דער ליטעראַטור, בעיקר פון די השכלה־שרייבער און פון די יידישע קלאַסיקער, וואָס האָבן געשילדערט די האָפענונגסלאָזיקייט פון יידישן שטעטל, געחוזקט פון אַלטן יידישן לעבנס־שטייגער. אין מיין דמיון, דער דמיון פון אַ דרייצניאָריק יינגל, האָב איך אזיך וואַיסלאַוויץ געזען ווי אַן אָפּשפּיגלונג פון קאַבצאַנסק און קאַסרילעווקע און געריכט זיך אָנצוטרעפן דאָ אויף יעדע מיני באַשעפענישן, וועלכע דער רבונו של עולם האָט אויף אַ ווײַלע אַוועקגעלייגט פון דער האַנט, נאָך נישט פאַרטיק געמאַכט זיי איינגאַנצן, האָט זיי געשווינד געכאַפּט דער שוואַרץ יאָר, אין איילעניש, אין כאַפּעניש, אַריינגעלייגט אינעווייניק אין זיי אַ שטיין אנשטאָט אַ האַרץ, אַ נשמה פון אַ הונט אנשטאָט אַ מענטשלעכע און אַזוי אַרויסגעלאָזט זיי אויף צרות אין דער וועלט.

אַזוי האָב איך געקוקט אויף מיין אייגענעם זיידן און באָבע, וועלכע איך האָב פריער כמעט ווי נישט געקענט. די גאַנצע צייט, וואָס מיינע עלטערן האָבן געוווינט אין קראָקע, האָב איך בלויז איין מאָל געזען מיין באָבע חוה. כ'בין

נאָך דעמאָלט געווען אַ קינד פון זיבן אָדער אַכט יאָר און צום ערשטן מאָל געזען מיין באבען אָנקומען אַ פאַרזווינסטע, מיט אַ תהילימל, וואָס איז געווען דורכ־געווייקט פון אירע טרערן. דאָס איז געווען דעמאָלט, ווען זי האָט זיך דערוווּסט, אַז דער טאַטע, איר זון, איז קראַנק. דעם זעלבן טאָג, ווען זי האָט באַקומען די ידיעה, איז זי אַרויסגעפאָרן פון וואָיסלאַוויץ קיין כעלם און פון דאָרט קיין לובלין, ווו זי האָט נאָך באַוויזן צו כאַפּן דעם צוג קיין קראָקע. אַ גאַנצע נאַכט האָט זי געזאָגט תהילים און דאָס תהילימל האָט זי נישט אַרויסגעלאָזט פון דער האַנט די אַלע וואָכן, וואָס זי איז געזעסן ביים טאַטנס בעט, ביז ער איז געקומען צו זיך און שוין געקענט ארומגיין. דעמאָלט האָט זי גלייך געכאַפּט און אָפּגעפאָרן מיט אים אין דאָרף, ווו זי האָט אים אין משך פון די צוויי זומערדיקע חדשים נישט אָפּגעלאָזט, געקעכלט און געפּאַשעט אים מיט פּוטער און מילך, מיט האָניק און הינדלעך.

דער טאַטע האָט שפּעטער דערציילט, אַז די גאַנצע צייט האָט ער זיך ווידער דערפילט ווי ער וואָלט געווען אַ קליין קינד. די דאָזיקע גרענעצלאָזע ליבשאַפט פון די עלטערן צו זייערע קינדער איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר דער גאַנצער משפחה, פאַרן גאַנצן שטעטל.

## דער זיידע און דער יונגער רב

אין פּאַליש, ביי מנחה ומעריב, האָט מיך דער זיידע צוגעפירט צום רב, אָפּגעבן שלום און אַ שמועס־טון אין לערנען. ווען דער רב האָט דערהערט, אַז איך לערן אין דער לובלינער ישיבה, איז ער געוואָרן זייער אויפמערקזאַם, האָט מיך איינגעלאַדן צו זיך אין שטוב, אויפגענומען מיך גאָר פריינדלעך און גענומען מיט מיר רעדן, ווי מיט אַ דערוואַקסענעם, אויסגעפרעגט וועגן דעם שטייגער און שיטות אין לערנען, דערציילט וועגן זיין באַקאַנטשאַפט מיטן לובלינער רב, דער ראש הישיבה הרב שפּירא, מיט וועלכן ער איז געווען צוזאַמען אין איין עקזאַמינירן־קאָמיסיע.

דער רב איז נאָך געווען אַ יונגער מענטש, האָט געהאַט אַ פעך־שוואַרצע באָרד און פון הינטער די ברילן האָבן אַרויסגעקוקט אַ פּאָר קלוגע שוואַרצע אויגן. עס האָט זיך געפילט דער קעגנזייטיקער דרך־ארץ צווישן זיידן און דעם רב. ביידע זענען געווען בקיאים אין ראשונים און אחרונים און האָבן זיך לייכט געלאָזט מיטרייסן אינעם שמועס. דאַקעגן איך בין דווקא אָפּגעשטאַנען. די מידקייט האָט מיך אַלץ מער און מער באַהערשט. כ׳האָב זיך געראַנגלט מיטן שלאָף, וואָס האָט מיר צוגעקלעפּט די אויגן, אָבער אין דעם מאָמענט האָט זיך געעפנט די טיר

און די רביצן האָט געפרעגט, צי דער רב וועט אויפנעמען איצט דעם בעל־עגלה. ער איז נאָרוואָס געקומען צו פאָרן פון כעלם און וויל רעדן נאָר עטלעכע ווערטער.

כ׳האָב געזען די פאַרווונדערונג, וואָס האָט זיך געמאָלן אויפן רב׳ס פּנים. ווייזט אויס, אַז די רביצן האָט עס אויך באַמערקט און זי האָט גיך צוגעגעבן, אַז עס האַנדלט זיך נישט וועגן קיין געלט, נאָר עפּעס אַ האַרץ־זאַך.

דער זיידע און איך זענען מיר אַרויסגעגאַנגען. כ׳וואָלט דעם עפּיזאָד נישט געדענקט, ווען נישט דאָס, וואָס דער רב אַליין האָט מיר אין עטלעכע טעג אַרום אַליין דערציילט וועגן דעם בעל־עגלה׳ס האַרץ־זאַך, מיט וועלכער ער איז אין יענעם אָוונט געקומען צו אים. אַ פּראָסטער בעל־עגלה, נאָר אַן ערלעכער ייד און האָט דרך־ארץ פאַר תורה. ווען ער קומט צופאָרן, פאַיעט אַן דאָס פערד, שיט צו האָבער אין שטאַל, זעצט ער זיך אַליין אָוועק ביים געגרייטן טיש, וואַשט זיך, בענטשט און נעמט זאָגן תהילים. יענעם אָוונט איז ער געקומען זיך באַקלאָגן, אַז באַלד נאָכן עסן, כאַפּט אים אָן אַ שלאָף און ער באַווייזט נישט אָפּצובענטשן, פאַלט ער גלייך אַוועק אויפן געלעגער.

## אַ פּרק משניות

דער רב האָט געוואָרט, אַז איך זאָל אים פרעגן, וואָס ער האָט אים געענט־פערט, אָבער מיין יינגלעריש האַרץ איז דעמלט באַהערשט געוואָרן מיט מיטגעפיל צו יענעם בעל־עגלה, וואָס האַרעוועט שווער אַ גאַנצן טאָג און איך וואָלט אים זיכער געעצהט, ער זאָל זיך נישט פאַרדרייען דעם קאָפּ מיט קיין תהילים־זאָגן, נאָר לייגן זיך שלאָפן. מיר איז געווען דערווידער דעם רבס פרומקייט. אויס־טערליש האָבן דערביי געקלונגען אין מיינע אויערן די רייד פונעם רב, וואָס האָט זיך נישט געקענט דערוואַרטן אויף מיין פראַגע און אַליין ממשיך געווען:

„לא איברי לילה אלא לגירסא — די נאַכט איז באַשאַפן צום לערנען — האָב איך אים געזאָגט און געהייסן, ער זאָל יעדע נאַכט לערנען אַ פּרק משניות״...

מיר האָט זיך געוואָלט לאַכן. דער רב האָט דאָך אַליין געזאָגט, אַז יענער איז אַן עם־הארץ. ווי־זשע וועט ער אַליין לערנען משניות? ערשט דער רב האָט מיר אויפגעקלערט, אַז ער באַשטימט איינעם פון די בחורים, וואָס האָבן נאָך אין יענער צייט געלערנט אין בית־המדרש, ער זאָל צוויי מאָל אין דער וואָך לערנען מיטן בעל־עגלה אַ פּרק משניות. ער האָט צוגעגעבן: „אַז מ׳איז מיד און מ׳עסט ווי אַ חיה, ווערט מען אַנטשלאָפן, און דאָס איז גלייך ווי מ׳וואָלט אַנטלאָפן פון יידישקייט, פון דער תורה הקדושה״.

כ׳האָב שפּעטער באַקענט דעם בחור, וואָס האָט גענומען אויף זיך צו

לערנען מיטן בעל־עגלה אַ פּרק משניות און ער האָט מיר פֿאַרזיכערט, אַז דער בעל־עגלה ווערט קיין איין מאָל נישט אַנטשלאָפֿן ביים לערנען. ער איז געפֿאַלן אויף אַ שכל נישט אַנצורעסן זיך צופֿיל, נאָר איז טועם צוביסלעך און ערשט נאָכן לערנען דערעסט ער די רעשט. אין די אָוונטן, ווען דער בחור קומט נישט, חזרט ער אַליין איבער דאָס וואָס ער האָט אַן אָוונט פֿריער מיט אים געלערנט.

## דאגות

ביסלעכווייז האָט זיך פֿאַר מיר גענומען אויסקלאָרן דאָס בילד פֿון שטעטל, אינגאַנצן אַנדערש ווי כ׳האָב עס געקענט פֿון דער ליטעראַטור. כ׳האָב געזען די האַרציקע נאָענטקייט פֿון מענטש צו מענטש, וואָס כ׳האָב כמעט נישט באַגעגנט אין דער גרעסערער שטאָט.

אַ גאַנצע וואָך איז דאָס שטעטל געווען פֿאַרטאָן אין טאָג־טעגלעכע דאגות. קרעמער, סוחרים זענען פֿון פֿרי אָן ביז פֿאַרנאַכט געשטאַנען אין די קראָמען און געפֿרייט זיך מיט יעדן קונה, וואָס איז אַריינגעקומען. בעלי־מלאכות האָבן געאַרבעט, בעלי־עגלות זענען איבער שליאַכן געפֿאָרן און געפֿירט פֿאַרשוינען קיין כעלם, קיין הרוביעשאָוו, גראַבאָוויצע און געבראַנגט פֿון דאָרט סחורות. דאָרפֿס־גייער האָבן זיך געשלעפּט טעג און וואָכן איבער די דערפֿער. דאָס שטעטל איז געווען כּאַרנומען מיט אויסהאָרעווען חיונה פֿאַרן גאַנצן טאָג און פֿאַר דער וואָך.

מיין בליק איז נאָך נישט געווען גענוג שאַרף אויפֿצוכאַפּן די באַזונדערע ניואַנסן אין דער שווערער פֿאַרהאָרעוועטקייט פֿון די דערוואַקסענע. דאַקעגן האָב איך גיריק אָבסערווירט די יוגנטלעכע. וואָיסלאָוויץ האָט געהאַט אַ שיינע שטאָלצע יוגנט. נישט געווען קיין קינד, וואָס זאָל נישט גיין אין חדר אָדער אין שול. אָבער ווען זיי זענען אונטערגעוואַקסן זענען אייניצלנע געבליבן ביים לערנען. דער רוב האָט געהאָלפֿן דער שטוב אין פּרנסה. אין די אָוונטן איז מען זיך צונויפֿגעקומען אין ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס. מען האָט דיסקוטירט, געהערט רעפֿעראַטן, געזונגען לידער. די לינקע פּועלי־ציון האָט געהאַט אַ ביבליאָטעק. אין מיר האָט געברענט דער חשק אַריינצוגיין אין דער ביבליאָטעק און זיך צוכאַפּן צו די ביכער, אָבער כ׳האָב זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון וואָס פֿאַר אַ סקאַנדאַל עס וועט אַרויסרופֿן אין שטעטל ווען די פֿרומע יידן וועלן זיך דערוויסן, אַז ר׳ זאַנוולס אייניקל, דער ישיבֿה־בחור, גייט גאָר צו די אַפּיקורסים און לייענט זייערע טריפֿה־פּסולע ביכער. כ׳האָב דערפֿאַר געזוכט עמעצן, וועמען כ׳זאָל קענען אַנפֿאַרטרויען מיין דורשט נאָך אַ בוך און זאָל זיין זיכער, אַז ער וועט מיך נישט אויסגעבן, נישט אויס־פּלאַפּלען פֿאַר זיינע חברים און אַזוי אַרום זאָל עס, חלילה, דערגיין צום זיידן און צו דער באָבע, וועלכע וואָלטן פּשוט נישט אויסגעהאַלטן די בושה.

## בצלאל טענענבוים

שטילערהייט האָב איך אָבסערווירט די יונגע בחורים, וואָס האָבן זיך אין די פֿאַרנאַכטן געדרייט אַרום דעם פּאַליש. מיט אייניקע האָב איך געפּרוּווט פֿאַרפֿירן אַ שמועס. עס איז נישט געווען שווער אַרויסצופֿילן ביי זיי די בענקשאַפֿט נאָך דער גרויסער וועלט. יעדער פֿון זיי האָט געלייענט ביכער, צייטונגען און איז גרייט געווען צו רעדן וועגן דעם. אָבער איך האָב זיך נאָך אַלץ געהיטן נישט אויסצוגעבן מיין באַהאַוונטקייט אין ספרים חיצוניים, ביז איך האָב זיך אָנגעטראָפֿן אויף אַ בחור, וואָס האָט געוווינען מיין פּולסטן צוטרוי. כ׳האָב אין אים דערקענט אַ שטאַרקן כאַראַקטער און אַ טיף געפֿיל פֿאַר חברישקייט און פֿריינטשאַפֿט. נישט געקוקט דערויף, וואָס ער איז געווען עלטער פֿון מיר מיט עטלעכע יאָר און האָט שוין דעמאָלט פֿאַרשטאַנען אַ סך מער פֿון מיר, האָט ער דאָך אַרויסגעוויזן אַן אַ שיעור טאַקט און עס איז געגאַנגען פֿון אים אַן אויסגעוויינלעכע וואַרעמקייט און איך האָב דערפֿילט דעם קוואַל פֿון פֿאַרשטאַנד און געפֿיל, וואָס האָט געשטראָמט פֿון זיין האַרצן.

דאָס איז געווען בצלאל טענענבוים.

ער האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין איבעראַשטקייט ווען כ׳האָב אים אויסגעגעבן דעם סוד, אַז כ׳בין ווייט נישט דער פֿרומער ישיבה־בחור ווי כ׳זע אויס. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז דעם טאַטנס ברודער, חיים־ישראל, וואָס איז געווען זיין חבר און אַליין אויך אַ שטיקל משכיל, האָט אים געוויזן די העברעישע בריוו, וואָס כ׳פֿלעג פֿון צייט צו צייט שרייבן צו אים. ווען בצלאל האָט מיך געזען דאָס ערשטע מאָל האָט ער זיך, אמת, דערמאָנט אין יענע בריוו, האָט אָבער נישט געקענט זיך פֿאָרשטעלן, אַז אַזאַ בחורל מיט לאַנגע פּאות און חסידישן אויסזען זאָל שרייבן אַזעלכע בריוו.

## התלהבות און סקעפּטיציזם

איצט, ווען עס איז פֿאַר אים שוין אַלץ געווען קלאָר, איז ער גרייט געווען מיר צו העלפֿן באַקומען די ביכער. די שווערקייטן זענען באַשטאַנען אין איבערגעבן זיי מיר אומבאַמערקט פֿון פֿרעמדע אויגן. מען האָט זיך געדאַרפֿט היטן אַפֿילו פֿאַר זיינע אייגענע חברים. מיר איז שפּעטער נישט איינמאָל אויסגעקומען צו באַוווּנדערן בצלאלס באַהערשטקייט. אין אַ סך יאָרן שפּעטער, ווען כ׳בין שוין געווען ווייט פֿון וואָיסלאַוויץ, האָט זיך מיר אָפֿט געשטעלט פֿאַר די אויגן די שלווה און חכמה, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פֿון בצלאלס העלן בליק. נישט געקוקט אויפֿן אומרו פֿון זיין טעמפּעראַמענט, האָט ער פֿאַרמאָגט אַ רואיקייט אין געמיט. איך

הער נאָך היינט אין זיך זיינע געמאָסטענע רייד, מיט וועלכע ער האָט אַמאָל אפּגעקילט מיין עקזאַלטאַציע פאַר מאָדערנעם וויסן:

„וויסנשאַפט — האָט בצלאל זיך אויסגעדריקט — ווייסט שוין היינט זייער אַ סך און ווערט מיט יעדן טאָג אַלץ רייכער, אָבער דווקא דאָס, וואָס מיר, בידנע מענטשן, דאַרפן וויסן, ווייסט זי אויך נישט".

„דער מענטשלעכער שכל וועט זיך צו אַלעם דערגרונטעוועון" — האָב איך געפּרוווט אָפּפרעגן זיין סקעפּטישקייט, אָבער ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אין דער ברייט:

„ס'גלייבט זיך מיר נישט . . אייגנטלעך איז עס גאָרנישט איר אויפגאַבע יענע זאַכן צו וויסן".

בצלאל האָט צוגעגעבן:

„אין גרונט קען מען די וויסנשאַפט פאַרגלייכן צו אַ געאָגראַפישער מאַפּע. וואָס איז אַ מאַפּע? אויב דו האָסט אַ באַשטימט אָרט, וווהין דו ווילסט דערגרייכן, קען די מאַפּע דיר געבן אַ גוטע עצה, וועלכער וועג צו יענעם אָרט איז קירצער אָדער באַקוועמער. די מאַפּע וועט דיר אָבער קיינמאָל נישט זאָגן, וועלכעס אָרט דו דאַרפסט וועלן דערגרייכן. איר איז אַלץ איינס, צי דו ווילסט זיך לאָזן קיין ארץ ישראל צי צום נאָרד־פּאָל. אויב דו ביזט בטבע אַ פוילער און האָסט נישט קיין חשק זיך צו רירן פון אָרט, וועט די מאַפּע נישט אונטערנעמען זיך אַרויס־צורופן אין דיר אַזאַ חשק".

איך האָב אים פאַרגעוואָרפן, אַז ער האַלט די וויסנשאַפט פאַר מער שמש ווי גבאי. אין יאָרן אַרום, ווען כ'האָב זיך באַקענט מיט בערגסאָנס פילאָזאָפיע, האָב איך דערזען, אַז ער האָט דעם אָ טעזיס געמאַכט כמעט פאַרן פונדאַמענט פון זיין גאַנצער פילאָזאָפיע. אויף אַן ענלעכער הנחה איז, אין לעצטן חשבון, אויפ־געבויט אויך פרוידס שיטה אין דער פסיכאָלאָגיע. דער געדאַנק איז דערפאַר נישט קיין נייער, אָבער בצלאל האָט פון זיין אייגענעם פאַרשטאַנד געפונען אַזאַ פשוטע, בילדלעכע פאָרם פאַרן דאָזיקן געדאַנק.

## בענקשאפט צו גרויסע מעשים

פערציק יאָר זענען פאַרביי זינט מיין באַגעגעניש מיט יענעם וואָיסלאָוויצער בחור און ער איז מיר געבליבן איינגעקריצט אין זכרון און אין געמיט. ער האָט מיר געהאָלפן עפענען די אויגן אויף די אוצרות, וואָס ליגן באַהאַלטן אינעם שטעטל: אוצרות פון מענטשלעכער גוטסקייט, פון קעגנזייטיקער צוגעבונדקייט און פון בענקשאַפט צו גרויסע מעשים.

די עטלעכע יאָר, מיט וועלכע ער איז געווען עלטער פון מיר, האָבן אים

געגעבן אַן ערנסטן איבערגעוויכט איבער מיר. ביי מיר זענען נאָך די רעיונות געווען האַלב־פֿאַרלוירן, געפּלאָנטערט און אַריינגעריסן זיך איינע אין די אַנדערע און אָפּט געוואָרן אומבאַוועגלעך שווער ווי בליי און אַראָפּגעפֿאַלן אינעם אָפּגרונט פֿון דער נשמה. כ׳האָב נישט געקענט תופֿס זיין די אונטערשיידן צווישן די יוגנט־לעכע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זענען דעמאָלט געווען אַקטיוו אין וואָיסלאָ־וויץ. אין מיר האָט זיך אַלץ געבונטעוועט קעגן דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג און געחלומט פֿון ענדערן מעשׂי־בראשית און איבערשאַפֿן די וועלט פֿונסניי. דאַקעגן; בצלאל איז מיט אַלע זיינע רמ״ח אברים געווען אַ ציוניסט און איז אינגאַנצן געווען איינגעשטעלט אויף ענדערן די יידישע ווירקלעכקייט, אויפֿצובויען אַ נאַציאָ־נאַלע היים, יידן זאָלן ווערן אַ זעלבשטענדיק פֿאָלק, וואָס זאָל אַליין פֿאָרמירן זיין היסטאָרישן גורל אין זיין אייגענער פֿרייער מדינה.

אין יענע טעג האָב איך אָנגעהויבן אַנדערש קוקן אויף די יידישע נאַציאָ־נאַלע פּראָבלעמען. צייט אויף צו טראַכטן האָב איך געהאַט גענוג. בצלאל איז גאַנצע טעג געווען פֿאַרנומען מיטן העלפֿן די עלטערן, געגאַנגען אויפֿן דאָרף מיט סחורה, צוריקגעקומען ערשט אין אָוונט, האָט קוים זיך אָפּגעוואַשן און איז גלייך געקומען זיך טרעפֿן מיט מיר אויפֿן אָפּגעשטימטן אָרט, אויפֿן אוכאַנער וועג, נאָענט צו דער פֿאָסט. ער האָט גענומען ביי מיר דאָס דורכגעלייענטע ביכל און געבראַנגט מיר פֿון ביבליאָטעק אַ נייעס, געשמועסט מיט מיר איבערן דורכגע־לייענטן. ערשט אין יאָרן אַרום האָב איך פֿאַרשטאַנען מיט וויפֿל איך בין געווען אים הינטערשטעליק און דאָך האָט ער מיר נישט אַרויסגעוויזן זיין העכערקייט, באַמיט זיך אַרויספֿירן מיך פֿון מיין נאַיוויטעט און געטון האָט ער עס מיט אויסער־געוויינלעכן טאַקט און קולטור.

דורשטיק האָב איך געשלונגען די ביכער, וואָס בצלאל האָט מיר צוגעשטעלט, אָבער גאָר גיך האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די וואָיסלאָוויצער ביבליאָטעק איז צו־אָרעם אויף צו שטילן מיין וואַקסנדיקן הונגער. בצלאל האָט מיך דעמאָלט באַקאַנט מיט דודן (זיין פֿאַמיליע נאָמען איז מיר אַרויס פֿון זכרון). ער האָט געהאַט דעם קאָנטאַקט מיט דער גראַבאָוויצער יוגנט, וועמענס ביבליאָטעק איז געווען פֿיל רייכער און ער האָט פֿון דאָרט געבראַנגט פֿאַר מיר אַ גאַנץ פּעקל מיט ביכער, געהאַלטן זיי ביי זיך און איינציקווייז זיי מיר צוגעשטעלט.

## למד־וואָווניקעס

מאָדנע האָבן מיר אויסגעזען די וואָיסלאָוויצער יידן אין יענע פֿאַרנאַכטן, ווען זיי זענען געקומען פֿון דאָרף מיט גרויסע בלאָטיקע שטיוול, ליינענע העמדער און אויך זייערע בערד האָבן אויסגעזען דאָרפֿיש. סמוטנע און מנחהדיק האָבן זיי

זיך אַריינגעשאַרט אין פאליש. מיט פרומקייט אין די פנימער, אין די הענט, אין גאַנצן גוף האָבן זיי זיך אַוועקגעשטעלט דאַווענען. זיי האָבן זיך געהאַלטן ביי די ווינקלען, געשוויגן מיט די אויגן צו דער מזרח־וואַנט און אין שיין פון די אָנגעצונדענע נאַפט־לעמפּ האָבן זיך געמיניעט די קאָלירן פון זייערע בערד, אָט ווי בראָנז, אָט ווי ליים אָדער גאָר שאַרלאַך־רויט. מיטאַמאָל האָב איך פאַרגעסן אין מיין גאַנצער אַפּיקורסות און זיי האָבן זיך מיר גענומען אויסווייזן ווי געשטאַלטן פון למד־וואָווניקעס, וואָס שפּרייטן מעשים־טובים פאַרבאָרגענערהייט און אַליין זענען זיי תמיד אויס הונגעריק, בלאַס און מיד.

עס איז מיר שווער געוואָרן אויפן האַרצן אָפּצונאַרן די אַלע יידן, וואָס קוקן אויף מיר מיט אַזעלכע פרומע אויגן און האַלטן מיך פאַר אַ זייעריקן, פאַר אַ חסידישן בחור. זיי האָבן נישט באַמערקט ווי איך האָב זיך שטילערהייט אַרויסגעשאַרט פון קלויז און אַוועק אויפן אוכאַנער וועג טרעפן זיך מיט מיינע עלטערע חברים, וואָס האָבן געטראָגן פאַר מיר די ביכער מיט דער זעלבער פרומקייט פון זייערע טאַטעס, די משניות, און גמרא־יידן מיט גרויסע הערצער, וואָס גאַרן נאָך מעשים־טובים.

## חלוצים

ווי עס ציט אַ פיש צו וואַסער, האָט עס געצויגן די יוגנט פון וואָיסלאָוויץ צו גרויסע שטעט, צו לאָדזש און וואַרשע. נישט כדי צו לעבן ווי עס האָט זיך געשריבן אין די ראָמאַנען, נאָר צו קריגן אַרבעט און דערשלאָגן זיך צו אַ תכלית. מען האָט מקנא געווען די, וואָס האָבן זיך שוין אַרויסגעריסן, כאָטש די גרויסן, וואָס מען האָט אָפּגענומען פון זיי, זענען מערסטנס געווען אומעטיקע. מען האָט זיך דערציילט וועגן אַרבעטסלאָזע וואָכן און חדשים, אָבער עס איז גענוג געווען אַ ידיעה, אַז איינער האָט זיך איינגעאָרדנט, אַרבעט און פאַרדינט, און אין אַלעמענס אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן פייערלעך פון האָפענונג: פאָרט אַ גרויסע שטאָט, וווּ יעדער קען געפינען זיין אָרט. ס׳איז נישט עק וועלט.

ביי אַנדערע איז אַריין אין די בלוטן אַרץ־ישראל און יינגלעך און מיידלעך זענען געלאָפן ווערן חלוצים, זיך אַוועקגעלאָזט אויף הכשרה, געלערנט זיך אַרבעטן אויף ערד, האַקן האָלץ און אויסשטיין אַלץ, צו וואָס עס דאַרף זיך צוגעוווינען אַ חלוץ.

ליגנדיק פאַרשטעקט אין וואַלד, ווו כ׳האָב געפלעגט לייענען דאָס ביי־באַקומענע בוך, האָב איך אַמאָל געזען אויפן מיידאַנקער וועג צוויי מיידלעך גייען מיט געפּאַקטע רוקזעק. עס האָבן זיי באַגלייט עטלעכע יינגלעך און מיידלעך און געזונגען. עס איז געווען אַ געוויינלעכער וואָכעדיקער טאָג און זייער גיין האָט

נישט אויסגעזען ווי אַ שפּאַציר. אויך די שפּאַצירן פּלעגן רייצן מיין נייגעריקייט, אָבער אין יענעם הייסן זומער־טאָג האָט עס אויסגעזען אינגאַנצן אַנדערש. עפּעס אַ מאָדנע פייערלעכקייט איז געווען אין זייער שפּאַנען, אַ פלאַטערדיקע פרייד און די „התקווה" אויף זייערע ליפּן האָט געזונגען און געברענט. כ'האָב גלייך דער־פילט, אַז דאָס באַגלייט מען די מיידלעך אויף אַ ווייטן וועג אין דער פרעמד. דוד האָט עס מיר שפּעטער באַשטעטיקט, אַז די מיידלעך זענען אַוועק אויף הכשרה. כ'האָב זיך געוווּנדערט פאַרוואָס זיי זענען געגאַנגען צופוס און נישט געפאָרן מיט אַ פור. ער האָט מיר געענטפערט, אַז דאָס פאַרהאַרטעוועט זיי זיך, לערנען זיך דורכ־מאַכן שווערע וועגן, ווייל אין ארץ־ישראל דאַרף מען זיין צוגעגרייט צו אַ האַרט און שווער לעבן.

## בריוו

די פרומע טאַטעס און מאַמעס אין וואָיסלאָוויץ זענען געבליבן קאַלט צו די הייסע גאַרענישן פון זייערע זין און טעכטער. „מילא, צו וואָס אַפּיקורסות קען זיך דערטראַכטן — האָב איך געהערט אַמאָל אַ שמועס צווישן חסידישע יידן אין פּאַליש — דאָס יונגוואַרג איז פּשוט אַראָפּ פון זינען. מ'האָט אויפגעהערט גלויבן אין משיחן. לשון־קודש רופט מען העברעיש און מיט בלויזע קעפּ פאָרט מען אין לאַנד פון די אבות".

ס'איז געווען ביטער און שווער צו פאַרשטיין ווי אַזוי קינדער קענען איבער־לאָזן טאַטע־מאַמע אַליין. מיר פלעגט אויסקומען צו זען ווי אַזאַ פרומע מאַמע גייט יעדן טאָג אויף דעם אוכאַנער וועג צו דער פּאָסט באַקומען אַ בריוו, אַ לעבנס־צייכן פון איר קינד. אַמאָל האָט מיך אַ יידענע שעמעוודיק געבעטן, כ'זאָל איר דורכלייענען דעם בריוו פון איר זון. יעדעס וואָרט, וואָס איך האָב געלייענט, האָט זי נאָכגעמורמלט, ווי תהילים, מיט פאַרחלשטע ליפּן: „הערצלעכע עלטערן, איר דאַרפט זיך נישט זאָרגן. כ'לערן זיך ערד־אַרבעט און בין ב"ה געזונט. זייניש־טער, מאַמע. ס'איז מיר אויסגעגאַנגען דאָס געלט און די שיך האָבן זיך מיר צעריסן. דעריבער, מאַמעשי זיסע, בעט איך דיך מיר באַלד צושיקן אַ פּאַקעט מיט עפּעס געלט. אָבער דער עיקר בעט איך דעם טאַטן, ער זאָל מיר שרייבן, ווייל דאָ קוקט מען אויס צו הערן אַ וואָרט פון דער היים. כ'וואַרט שוין צו זען דיין כתב אויפן פּאַפּיר..."

די יידענע האָט אָנגעהויבן צו העשען און מיך האָבן געשטיקט די טרערן. מיר האָט זיך אין יענע מינוטן אויסגעוויזן, אַז אַלע מאַמעס אין שטעטל ווערן פאַרצערט פון בענקשאַפט צו זייערע קינדער.

## סודות

שטיל זענען געפלאָסן די טעג פון מיין זיין אין וואָיסלאָוויץ. ווייזט אויס, אַז עס איז געווען בלויז אַן איינרעדעניש, אַז אין שטעטל זענען ביי קיינעם נישט געווען קיין סודות. אמת, טאָמער האָט עפּעס געטראָפן ביי עמעצן אין שטוב, גוטס אָדער שלעכטס, האָט דאָס באַלד יעדער איינציקער געוווּסט און מען האָט וועגן דעם גערעדט אַזוי לאַנג, ביז די זאַך האָט זיך איינגעשטילט אָדער ביז עפּעס האָט געטראָפן ביי אַ צווייטן ייד און מען האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן דער נייער פּאַסירונג. דאָס הייסט אָבער נישט, אַז עס זענען נישט געווען קיין סודות, וואָס מענטשן האָבן אָפּגעהיטן און זיי קיינעם נישט דערציילט. אַזוי איז אויך געווען מיטן סוד פון מיין לייענען ביכער און מיין גאַנצן אַפּיקורסות, וואָס בצלאל, דוד און זיין ברודער האָבן אָפּגעהיטן און זיך מיט קיינעם נישט געטיילט. פאַר די יידן און אפילו פאַר דער פרייער יוגנט אין שטעטל בין איך ווייטער אָנגעגאַנגען פאַר אַ חסידישן בחור אַ תלמיד פון דער לובלינער ישיבה. אויך דער רב האָט זיך צו מיר באַצויגן ווי צו אַן עילוי און אַ ירא־שמים. קיין סך אַרבעט האָט ער אין שטעטל נישט געהאַט און האָט מיך דערפאַר אָפּט איינגעלאַדן צו זיך, געשמועסט מיט מיר אין לערנען. אַמאָל האָט ער זיך אַפילו געכאַפּט, אַז מיינע מחשבות דרייען זיך אויך אַרום וועלטלעכע ענינים. דאָס האָט אים דווקא הנאה־געטון. ער האָט עס אויסגעטייטשט אויף זיין שטייגער. ער האָט געזאָגט, אַז דער מענטש דאַרף נישט טאָג און נאַכט שטעקן אין די הימלען. תורה מיינט אייגנטלעך אויך: עסן, שלאָפן, האַנדלען, אַרבעטן. אויף יעדן פיצל לעבן קען מען אַרויפלייגן דעם חותם פון גוטסקייט. תורה נעמט אַרום דאָס אַלטעגלעכע לעבן און העלפט פאַרטיפן דאָס מענטשלעכע אינעם הימלישן. מדרך הטבע טראַכט דער וואָס האָט דורכגעאַקערט אַלע וועגן פון ש״ס און פוסקים, אַז ער איז שוין צוגעקומען צו דער לעצטער גרענעץ. ווייסט ער שוין טאַקע אַלץ? אויב אַזוי, וואָס וועט ער לערנען אין די ווייטערדיקע יאָרן? אָבער שטענדיק זענען פאַראַן פאַרבאָרגענע טיפקייטן, אין וועלכע מען איז נאָך נישט אַריינגעדרינגען; שטחים פון לעבן, וועלכע מען האָט נאָך נישט אָרומגענומען.

## מידות

הגם מיין קאָפּ איז דעמאָלט שוין געלעגן אין די ביכער, האָב איך מיט אינטערעס צוגעהערט זיך צום רבס קלוגע רייד. ער, דער חריף ובקי, וואָס האָט זיך כמעט נישט אַרויסגערירט פונעם תורה־געצעלט, האָט עפּעס אַרויסגעפילט אין מיר, וואָס ער האָט אָנגענומען פאַר ספקות און ער האָט דערפאַר זיך באַמיט

צו פֿאַרענטפֿערן אומגעפֿרעגט. כ'האָב געזען, אַז ער איז מיך חושד, האָב איך געוואָלט עס פֿאַרווישן מיטן אַרויסווייזן מיין בקיאות אין זוהר, אָבער דאָס האָט אים נאָך מער באומרואיקט און ער האָט מיר געוואָלט אויפֿווייזן, אַז אין דער יוגנט דאַרף מען זיך נישט פֿאַרנעמען מיט נ ס ת ר, ווייל די תורה פֿון נ ג ל ה האָט קיין ברעג נישט. יעדער דין, מימרא אָדער מנהג האָט אַ טיפֿערן מיין. אין יעדן אות קען מען געפֿינען חידושים, וואָס קיינער האָט זיי ביז איצט נישט באַמערקט.

לאַנג זענען מיר נאָכגעגאַנגען די ווערטער פֿונעם וואָיסלאָוויצער רב: „די עכסטע מאָס טריישאַפֿט צום באַשעפֿער איז דאָס מתדבק זיין זיך אין זיינע מידות". עס זענען יאָרן פֿאַרביי ביז איך האָב פֿאַרשטאַנען דעם טיפֿערן זין פֿון די דאָזיקע ווערטער, וואָס ענדערן דעם איבערפֿלעכלעכן זין פֿון פֿרומקייט און לייגן אַלע דינים אויף עטישע וואָגשאָלן. אָבער שוין דעמאָלט האָבן דעם רבס ווערטער אָפּגעהילכט מיט אויסערגעוויינלעכן חידוש.

כ'זע נאָך פֿאַר זיך דעם גרויסן עולם צוהערער אין אַ שבת־תשובה, ווען דער רב האָט געהאַלטן די דרשה און די פּנימער פֿון די זיפֿצנדיקע יידן, זענען געוואָרן פֿאַרוויטלט פֿון התעוררות און ביי טייל זענען די אויגן געוואָרן אָנגעפֿילט מיט טרערן פֿון השתפּכות הנפֿש. דעם רבס רייד האָבן אַלעמען אָנגעלאָדן מיט תשובה־געדאַנקען. דער רב האָט גערעדט מיט אַ שטאַרק און קלינגנדיק קול:

„...אַלע ציטערן מיר פֿאַרן אָנקומענדיקן יום־הדין ווי די פֿיש אין וואַסער. מענטשן זענען געגליכן צו פֿיש, שלינגען איינע די אַנדערע, ווי דער תנא אין פּרק זאָגט „איש את רעהו חיים בלעו". גרויסע פֿיש שלינגען איין די קלענערע, נישט קוקנדיק דערויף, וואָס פֿיש זענען שוועסטער און ברידער, געבוירן אין זעלבן ים, אויסגעהאָדעוועט אין זעלבן וואַסער. דערפֿאַר, רבותי, ציטערן עס די פֿיש צוגלייך מיט אונדז מענטשן פֿאַרן יום־הדין. אָבער ביי מענטשן דאַרף דער פּחד פֿאַרן יום־הדין זיין פֿיל גרעסער, ווייל די פֿיש זינדיקן אויס נויט, שלינגען איינע די אַנדערע נישט אויס שנאה, נאָר אויס הונגער, אָבער מענטשן זינדיקן אויס שלעכטקייט, אויס שנאה און רשעות. דערפֿאַר זענען מיר מתפּלל און קלאַפּן זיך אין האַרצן „על חטא שחטאנו לפניך בשנאת חנם".

פֿאַר אַלע איז געוואָרן קלאָר, אַז דאָס מיינט דער רב די מחלוקת, וואָס האָט געפֿלאַקערט פֿאַר זיין אָננעמען דעם כסא הרבנות אין וואָיסלאָוויץ, אָבער חוץ דעם האָט דער רב געוווּסט אַ סך זאַכן, וואָס זענען פֿאָרגעקומען אין שטעטל אָפֿן און בחדרי־חדרים און ער האָט מיט אַ כוונה אין די פֿאַרכטיקע טעג געוועקט די יידן, זיי זאָלן פֿאַריכטן זייערע מעשים און גרייטן זיך צום יום־הדין.

די יידן האָבן פֿאַרשטאַנען זיין כוונה און אין די פֿאַרכטיקע טעג האָט יעדער

אין האַרצן זיך פאַרזיכערט תשובה צו טון אויף זיינע זינד בין אדם לחברו און בין אדם למקום.

ווען כ׳בין שוין געהאַט לאַנג אַוועק פון שטעטל, אַריין אין אַ וועלט, ווייט פון תורה, זענען פון צייט צו צייט אויפגעשווומען די חידושים, וואָס כ׳האָב מיט זיך מיטגענומען פון וואָיסלאָוויץ, די הימלישע און ערדישע, די טיפקייט פון די חלומות, פון פשוטע פאַקטן און רייד, די „איבערגעשטעלטע מעבל״ אין יונגע הערצער, די בענקשאַפט נאָך גרויסע מעשים און די גוטסקייט פון אַ גאַנץ יאָר, די בטלנות און ערלעכקייט, די לעבנס־פילאָזאָפיעס און די באבסקע רפואות צו אַלע מחלות אין דער וועלט, אָבער איבער אַלעם דעם כוח צו ראַנגלען זיך פאַרן קיום, וואָס איז געווען אַזוי שווער ווי קריעת ים־סוף.

צייטן זענען אַנגעלאָפן, אַנגעטראָגן ווינט און שטיינער. גזירות זענען געחתמעט געוואָרן מיט רשעות, בלוט און שגעון, אָפּגעשווענקט דאָס שטעטל און אַלץ, וואָס עס האָט פאַרמאָגט יענע תקופה. מיר, די איבערגעבליבענע קומען אין דער נייער תקופה מיט דער גאַנצער ירושה פון שטעטל. אַלץ, וואָס מיר פאַרמאָגן, איז אויפגעטאָן געוואָרן מיטן אימפּעט פון שטעטל.

## די נשמה פון שטעטל

די עטלעכע חדשים פון מיין זיין אין וואָיסלאָוויץ האָבן פולשטענדיק געענדערט מיין בליק אויפן שטעטל, האָבן מיר אויך געגעבן אַ סך ברען־שטאָף און סטימולן אין מיין ווייטערדיק לעבן. אמת, וואָיסלאָוויץ האָט אין זיך געהאַט עפּעס אייגנאַרטיקס, וואָס האָט עס אונטערשיידט פון אַנדערע, האָט דערנעענטערט און צוגעבונדן צו זיך אפילו די, וואָס זענען דאָרט נישט געבוירן געוואָרן, אָבער גלייכצייטיק האָט עס מיר אויך געהאָלפן באַנעמען די נשמה פון יעדן אַנדערן יידישן שטעטל.

ניין! דאָס שטעטל איז פאַר אונדז נישט קיין סתם מאַטעריאַל פון אַנטראָ־פּאָלאָגישער אַרכעאָלאָגיע; נישט קיין אינהאַלט פאַר אָביעקטיווער פאָרשונג פון דעם וואָס איז געווען אַמאָל און מער שוין נישטאָ. ניין, דאָס חרובע שטעטל לעבט נאָך אין אונדז, אין אונדזער געמיט און גייסט, אין אונדזער אימפּעט און ענערגיע, אין אונדזערע אימפּולסן, געפילן און געדאַנקען, אין אַלע אונדזערע שאַפונגען, אין די מחשבות און מעשים.

ווען איך האָב אין אונדזער נייער אייגענער מדינה באַגעגנט זיך מיט די מענטשן פון וואָיסלאָוויץ, האָבן ווידער אויפגעלעבט פאַר מיינע אויגן די שיינע געשטאַלטן פון די בצלאלס און דודס, זייער טיפע מענטשלעכקייט, טאַקט און לעבנס־חכמה. כ׳האָב שפּעטער באַקענט אַסך יידישע יוגנטלעכע פון די גרויסע

שטעט אין פוילן און ביי מיר איז געבליבן דער איינדרוק, אז די שטילע יוגנטלעכע אינעם פאַרוואָרפענעם וואָיסלאָוויץ זענען געווען אינערלעך די שוימיקסטע, די קאָכיקסטע און האָבן זיך צומשטאַרקסטן גענומען צום האַרצן דעם גורל פון יידישן פוילן און פון דער יידישער קולטור, פון יידישן שטייגער. זיי האָבן זיך מיט אַלע פיבערן געריסן אין דער וועלט אַריין, אין דער גרויסער שטאָט, אָבער אומעטום האָבן זיי מיטגעטראָגן מיט זיך וואָיסלאָוויץ, דאָס געמיט און די אַטמאָס־פער פון זייער שטעטל, די קעגנזייטיקע גרייטקייט צו העלפן, די אמונה אין בעסערע צייטן.

עס איז אונטערגעגאַנגען אונדזער שטעטל און נישטאָ מער, און עס וועט מער שוין נישט זיין. עס איז אַוועק די גאַנצע תקופה פון שטעטל, אָבער אַלץ, וואָס מיר האָבן אייגנס, פון געמיט, פון כאַראַקטער, פון שטייגער, פון קולטור, וואָס איז אַריין אין בלוט — אַלץ האָבן מיר פון שטעטל. דאָס קליינע וואָיסלאָוויץ, ביי זיין גאַנצער מאַטעריעלער אָרעמקייט, האָט פאַרזייט אַזאַ רייך געמיט און דאָס לעבט נאָך אין אונדז. כ׳לייען עס אַרויס פון די בלעטלעך, וואָס עס שרייבן די לעבנגעבליבענע, פון זייער גאַנצער התנהגות, דאָס שטעטל לעבט אין אונדזערע מחשבות און מעשים. און די זכרונות און איינדרוקן פון די פשוטע יידן נאָך אַזויפיל יאָרן ווייט־זיין פונעם שטעטל זעט מען ווי שטאַרק עס איז געווען די צוגעבונדנקייט און דער גייסט, וואָס לעבט נאָך אין אַלע און סטימולירט זייער ווייטערדיק לעבן.

**שמעון קאנץ**



**אַ גרופּע יוגנטלעכע**
ערשטע ריי (זיצן): אברהם וויניאזש (היינט אין אמעריקע), נחום ווארמאַן (חיפה), בצלאל טענענבוים. (האַלב־זיצנדיק): דוד איידלמאן (פוילן), שלמה שטערן.
שטייען: בונים סאמקאַוויטש, חיים אייזן, הערש שאר.

**פייבל הוכלרר**



# העיירה בה גדלתי


קודה זערערת על המפה בקושי תאתרנה, ועם זאת היא נקודת מוצא, ואף כי כמעט נשכחה מן הלב הרי ציון שמה בלבד מעלה גלים של זכרונות כמעט בלתי נדלים, מעין מיקרוקוסמוס.

הבה ונעלה קצת זכרונות מעיירתנו וויסלביצה, העיירה בה גדלתי, בה ראיתי חיים יהודיים יפים, שורשיים ומסורתיים, חיים של שפע ושל עוני, כלכלי ורוחני. נספר זכרונות על עיירתנו ויושביה — וכל המרבה לספר הרי זה משובח.

אנשי עיירתנו הצטיינו באחווה בין איש לרעהו. עיירה קטנה והתקיימו בה מוסדות לעזרה ולצדקה, ובשעת הדחק ידעו להושיט יד לנצרך, בפרט לאיש שירד מנכסיו, והעזרה ניתנה בלב שלם.

פעם בא מגיד (בעל דרשן) לווסלביץ ודרש על גודל האיסור שנשים נשואות לא מכסות את שער ראשן. בתוך קהל השומעים היו כאלה שהתנגדו בכלל לדרשה. אחד מהם היה חתנו של חיים ורמן, חיים מרדר. זכור לי טוב שהוא ועוד כמה מאנשיו התחילו להפריע למגיד, ע"י דפיקות בריצפה וע"י שריקות. בבית הכנסת קמה מהומה גדולה, ובסוף השתלטו על המפריעים והם הסתלקו והמגיד המשיך בדרשתו. אותו מגיד נגש למחרת לצעיר וקרע מהמעיל שלו כפתור מאחד הכיסים שבחולצתו למעלה. לדעתו, אסור שני כפתורים. וכפתור שסוגר החולצה הלא זה שתי וערב. כה חזקים היו מנהגי הדת בעיירה.

פעם התאספו הצעירים והחליטו להציג מחזה תיאטרון. הדבר נודע לאנשי העיר, ובשבת עלה ר' משה ליבלינר ור' פאליק סופר והכריזו על הבמה בביהכ"נ כי ההורים לא יתנו לבניהם ולבנותיהם להשתתף בתיאטרון. מובן שהצעירים היו בתפילה בביהכ"נ כי מי לא הלך להתפלל בביהכ"נ. ואז קמה מהומה. הצעירים דרשו שמיד יעלו חזרה על הבמה ויבטלו ההכרזה הקודמת, וכמובן, הללו סרבו, היה רעש. נדמה לי שעד למכות הגיעו, וזה נמשך עד שהמשטרה התערבה

והשליטה סדר. בסוף התקיימה ההצגה. כשחזרו החברה מההצגה, סקלו את ביתו של ר׳ פאליק סופר ז״ל, נפצו השמשות ונגרם נזק לביתו.

אצל ר׳ פאליק הנ״ל היה מקום תפילה של חסידי בלז (שטיבל) כל חסידי בלז מהעיירה התפללו שם. אגב ר׳ פאליק היה סופר סת״ם ירא שמים מדקדק בקלה כבחמורה, בתפילין שלי נמצאים עד היום הפרשיות שר׳ פאליק כתב. הסופרים מכאן שבדקו התפילין, מתפלאים מאוד על הכתב היפה והברור. העליתי על הכתב ענין הפרשיות לזכר פאליק שעבד לשמה, בכל דבר דקדק במצוות והסתפק במועט.

נהוג היה בעיירה כי כל ערב שבת ק׳ יצא ר׳ ישראליק השמש ז״ל בקצווי העיר והכריז בקולי קולות (אין שול אַריין) ללכת לבית הכנסת. אז ברכו הנשים על הנרות והתחילו לנהור לבתי הכנסת, כ״א למקומו הקבוע לביהמ״ד, לבהכ״נ, לפוליש, לבית טריסק ולבית בלז. בתי התפילה התמלאו מתפללים. היה מוכר על פניו של כל יהודי התענוג הרוחני. בהגיע שבת קודש, התנער מכל העינינים של השבוע ונכנס לעולם אחר, עולם רוחני, למרות שכל השבוע גם כן היה זהיר בכל המצוות מקימה ועד שכיבה, בכל זאת שבת מה שהוא אחר, הנשמה יתירה הגיעה.

כ״כ היה נהוג שר׳ שרולקי הנ״ל בהגיע ימים נוראים, ימי סליחות, היה מסתובב יום יום לפנות בוקר עם מקל קטן, נתן דפיקה על דלת או בחלון לקום לסליחות. ומי לא הזדרז לקום וללכת לומר סליחות, לשמוע את החזן ר׳ פאליק. ר׳ פאליק היה חזן העיירה והנעים בקולו ללב המתפללים. התפרנס מזה, שבכל עש״ק הסתובב מבית לבית וקבל מכל אחד כמה גרושין ומזה התפרנס. גם בחג החנוכה ופורים הלך מבית לבית לקבל דמי חנוכה ודמי פורים. היה שבע רצון ולא היו לו דרישות. עניו, צנוע והילוכו חרישי. אח״כ קם עוד חזן מביהמ״ד, יהודי כשר, שמו היה ר׳ זונדול, היה גר לא רחוק מאתנו, וגם הוא התפרנס ממשכורת כמו החזן ר׳ פאליק.

כל ערב ישבו ולמדו בפוליש, מי גמרא, מי משנה, מי חוק לישראל, איש איש כפי יכלתו. אבי ז״ל הלך אתי כמה פעמים לבחון אותי חומש אצל ר׳ יצחק קריגר שו״ב. הוא קבל אותנו בסבר פנים יפות. אחר המבחן קבלתי ממנו עוגה והזמין אותי לבוא אליו מדי פעם. ר׳ יצחק הנ״ל היה תלמיד חכם וירא שמים. בכלל, בעירנו היו יהודים תלמידי חכמים יראים ולצערי אינני זוכר אותם. כמו שכתבתי לעיל עזבתי את העיירה בהיותי צעיר. אבל זכור לי שהיו יהודים יקרים, לומדי תורה לשמה והסתפקו במועט. היו שמחים בחלקם. היה יהודי בשם ר׳ איטשי יעקל, היה בעל תפילה בפוליש, שעסק בסנדלרות, אבל התפלל יפה, בנועם.

## אפיית מצות

ההכנות לחג הפסח התחילו זמן רב לפני בוא החג. עוד בקיץ, בעונת הפירות, היו מתקינים ריבות ומשקאות. בחנוכה היו שוחטים את האווזים שנתפטמו במשך החורף והיו ממיסים את השומן בכוונה מיוחדת „שומן לכבוד חג הפסח". מיד לאחר ט"ו בשבט החלו לדאוג להכשרת טחנת הקמח ולהכנת הכלים לאפיית מצות לפסח. כיום ישנם בתי־חרושת למצות אך בימים ההם היהודים בעיירות הקטנות היו מקפידים שלא לאכול אלא מן המצות שנאפו במאפייה שהוכשרה במיוחד לפסח, וכך נהגו גם בעיירתנו, ווישלביצה.

קודם היה צריך להכין את המים המסוננים מבעוד יום, שכן בשביל המצות נחוצים מים „שלנו" בבית כל הלילה. לכן דאגו לספק מים מן הבאר יום קודם. אני הייתי השליח הראשון במלאכת האפייה וגם מודד הקמח. היה גם ממונה על מילוי כלי־הקמח במידה הנכונה וברגע שהממונה על לישת הבצק היה נותן לו את האות, היה יוצק את הקמח לתוך הקערה. מיד עמד על משמרתו יוצק המים במשורה ומלאכת הלישה החלה. טיפה מים אפשר היה להוסיף אל הבצק, אך חס־וחלילה שיעיזו להוסיף קמצוץ קמח אל הבצק, מיד היה הכל נתחמץ. משנגמרה הלישה היה הלש מכריז „קחו את הבצק". מיד היתה נגשת אחת המגלגלות, נוטלת את העיסה, מחלקת אותה לחלקים לפי מספר המגלגלות שעמדו מוכנות לכך משך כל היום ומלאכת הגלגול החלה.

היכן גלגלו? היו מתקינים שני קרשים רחבים ועבים, היו מקציעים אותם ומשייפים אותם עד שהיו נקיים להפליא. זוג קרשים כאלה היו משעינים על כנים פרימיטיביים והיה מתקבל שולחן. ליד „שולחן" זה משני צדדיו עמדו כחמש עשרה נשים ומגלגלות את הבצק. היו נשים שעשו מלאכתם מעשי ידי אמן והיו מוציאות מתחת ידיהן מצה עגולה כאילו נחתכה באמצעות מחוגה.

המצה המגולגלת הוגשה אל שולחן ה„מנקב", דער רעדלער, שהיה עובר על המצה בגלגל משונן של שעון ומנקב אותה לעשותה חורים־חורים שלא תתנפח בתנור כמו פיתה.

המנקב היה מעביר את המצה אל הרודה אל התנור. בתנור היתה יוקדת באחת הפינות אש תמיד לא תכבה. מרדה מיוחד גדול ועגול שימש להכנת המצה לתנור, ומרדה אחר, קל יותר, צר יותר, שימש להוצאת המצות האפויות. איש מיוחד היה ממונה לעמוד ליד התנור כדי למיין את המצות שיצאו מן התנור, לערום אותן לערימות ולאכסן אותן בתוך סל קלוע מקש, טיפוסי ומיוחד למטרה זו.

מסורת של אפיית המצות היתה בעיירה שלנו אצל כמה בעלי־בתים שהכשירו את תנוריהם. אחד מהם היה משה דער רבי, מלמד דרדקי דבי־רב. הוא היה יהודי בר־אוריין, חסיד גדול ונזהר בקלה כבחמורה.

בעיר היו מספר מקומות לאפית מצות. גם אצלנו בבית אפו מספר שנים מצות. קודם הכשירו את טחנת הקמח (די וואַסער מיל) הלכו הרב, השו"ב ועוד בעלי־בתים תלמידי חכמים. כל אחד הביא קצת חטה כשרה. אח"כ הביא הקמח (ללאט) והיה נוכח בעצמו באפיה, וכמובן שהשתדלו שיהיה כשר. שם היה באמת כשר, כי כל יהודי ידע מה זה כשר והיה מקפיד על כך. העבודה במאפיה התנהלה בתכלית הכשרות. התחילו לאפות שבועיים לפני פסח ובתקופה זו באו הרב והשו"ב לבדוק הכשרות פעמיים או שלוש. וכשהם נכנסו נפלה אימה, בעיקר על הנשים המגלגלות המצות. גרדו מיד הקרשים, שפשפו את מגלגל הבצק. השתדלו שהכל יהיה כשר ולשמה. כללו של דבר עד כמה שזכור לי בהיותי צעיר שהייתי בעיירה ראיתי שאנשי העיר היו דבוקים בקיום המצוות כמה שיכלו. בוסלוביץ לא היו צריכים לחפש עשירי למנין, לא בבוקר ולא בערב. כל יהודי הזדרז בבוקר ובערב לבוא לביהכ"נ להתפלל וגם ללמוד.

לפני פסח הביאו מים לאפית המצות מהבאר בדרך לקראסניסטב, כל אחד הביא משם מים גם לבית. וכשהתקרב החג כמה ימים, אז הופיע „שקץ" נוצרי חורק לבאר לחם וע"י זה הפריע ליהודים את התענוג משאיבת מי באר לכבוד חג. ואז המסכן יוסילי וואַסערטרעגער היה צריך לסחוב הדליים מהמעיין שהיה רחוק וגם אחרים הלכו למעיין והביאו מים טהורים לכבוד פסח.

כמו כן היה נהוג שלפני פסח בהפשרת השלגים, יצאו הנשים בהמונים לשפת הנהר, עם כלי החמץ, על מנת לרחוץ אותם היטב במי הנהר. כמה סיפוק ותענוג היה להם בעובדן במלאכה, לא הרגישו בכלל שקשה להן מחמת התענוג מהמצווה שעושות לכבוד פסח. הן השקיעו הרבה עמל ומרץ והתמדה שלא לעבור חס וחלילה על משהו חמץ. לפני פסח, בערך שבועיים קנה לו כל יהודי צמוקים יפים וכשרים ועשה לעצמו יין לכבוד פסח בזהירות ובטהרה. אור הרוחני האיר על כל יהודי מאנשי עיר וסלוביץ.

## התזמורת והרב

והיה מקרה, צריך היה להיות חתונה בעיר, והיו צריכים להזמין תזמורת, והיה נהוג שקבלו מאנשי התזמורת איזה ערבון שיופיעו בזמן. ואז יהודי צעיר אחד, מהעיירה, מקצועו היה קצב, מוכר בשר, העיז והלך מחוץ לעיר בשבת קודש לכפר מסוים ששם היו המנגנים והביא מהם חפץ, ערבון, כתנאי שיבואו בזמן לחתונה כפי שהתנו איתם. להרב דמתא נודע הדבר שהנ"ל חלל ח"ו ש"ק יצא חוץ לתחום והביא מחוץ לתחום חפץ שהיה מוקצה להחזיק בשבת. ואז הרב דמתא נתן עונש, הכריזו בביהכ"נ שזה שיצא חוץ לתחום בעצם ש"ק והביא החפץ, נדמה לי שזה היה חצוצרה. ומאחר ועבר העבירה הזו ובכן אסור לו למכור בשר חודש

ימים. ודווקא זכור לי היטב, שאיש זה, כלומר הקצב לא מכר בשר חודש ימים.

מדי פעם בא רבי לעיר: טריסקער, קוזמירער, קוזניצער. אני זוכר כמה נדחקנו אנו הילדים לזכות לתת שלום לרבי ובפרט — לחטוף חלה מה־י״ב חלות. קבלו מכות, דחיפות. אבל העיקר הרי היה לזכות בחלה מה־י״ב. כל שנה בא איזה רבי מכעלם בשבת חנוכה, ביום ראשון יצאו שני זוגות, הסתובבו בעיר ואספו עבור הרבי ואנשי העיר נתנו למבקרים ביד רחבה. לא היה משנה למי, לא בדקו מי הוא המבקש, אורחים לשבת תמיד היו בעיירה ואת כולם סדרו במאכל ובמשתה ובלינה ואפילו בבגדים ובכסף.





**משפחת הוכלרר**

למעלה: זלטה — אמו של פיבל הוכלרר (באמצע).
מימין: בתה צביה עם בעלה נטע הנדלסמן וילדיהם.
משמאל: הבן משה ואשתו זלדה הוכלרר וילדיהם.
למטה בשורה הראשונה: לייבל ושמחה הוכלרר. בשורה השניה: ר׳ ישראל הוכלרר עם המשפחה.

**דוד (נחס) קופּפער** (פּאַריז)

# מיין וועג פון וואַיסלאַוויץ ביז פּאַריז

די גאַנצע צייט, וואָס איך האָב געלעבט אין וואַיסלאָוויץ, איז מיר קיינמאָל נישט איינגעפאַלן אַריינצוטראַכטן ווי אַלט עס איז אונדזער שטעטל. מען האָט גערעדט, צווישן קינדער אין חדר, וואָס האָבן זיך צוגעהערט צו דערוואַקסענע, וועגן פראַנקיסטן און משומדים מיט הונדערטער יאָרן צוריק. נישט געווען אָבער קיין צייט און קיין באַדינגונגען אַריינצוטראַכטן ווי אַזוי און ווען דאָס איז פאָרגעקומען. דאָך האָבן מיר, חדר־ייִנגלעך, געלעבט מיטן געפיל, אַז אַ סך פאַר אונדז האָבן אין שטעטל שוין דורות און דורות אויסגעפּורעמט וועגן, שטעגן, סטעזשקעס, קרעניצעס, סעדער און גערטנער. אויך די הייזער, אין וועלכע מיר האָבן געוווינט, האָבן זיך אונדז אויסגעוויזן, ווי זיי וואָלטן איבערגעגאַנגען בירושה פון גאָר אַלטע צייטן, כאָטש עס איז געווען באַוווּסט, אַז מערסטנס פון זיי זענען אויפגעשטעלט געוואָרן נאָך דער גרויסער שריפה און אַ סך פריערדיקע שריפות. געווען אין וואַיסלאָוויץ קוויטיקע געסלעך, הייזלעך מיט קרומע, אויפגעבלאָזענע ווענט, האָרבאַטע, אָפּגעריסענע, וואָס האָבן אויסגעזען ווי זיי וואָלטן קיינמאָל נישט געוווּסט פון קיין יוגנט, זענען קיינמאָל נישט געווען ניי.

דערפאַר אָבער האָט די נאַטור אויסערן שטעטל ממש געכישופט מיט איר שיינקייט. די פעלדער און וועלדער האָבן ווי שיינע וווּנדער־מעשהלעך געפאַנגען אונדזערע הערצער, געצויגן און געמאַכט אומרואיק, אָבער מיר האָבן קיין סך דערפון נישט געקענט געניסן, געמוזט גאַנצע טעג זיצן אין פאַרטוכלעטן חדר און לאָזן זיך אונטערטרייבן פון רבין, רק לערנען וואָס מער און מער, כאָטש די קעפ האָבן אַזוי ווייניק פאַרנומען, נישט געווען דערביי. עס האָט געצויגן צו דער פרייקייט פון דער גאַס, צום טייכל, צום וואַלד.

איינער פון די מלמדים, וואָס האָט זיך צומשטאַרקסטן איינגעקריצט אין מיין זכרון, איז געווען מיין אייגענער פעטער, ר׳ משה מלמד. ער האָט נישט געקענט פאַרשטיין, פאַרוואָס מיר ווילן נישט לערנען, אין דער צייט, ווען דאָס לערנען איז אַזאַ גרויס פאַרגעניגן און יעדעס וואָרט פון דער תורה איז אַ דערקוויקעניש.

עטלעכע יאָר, פון די פריסטע קינדער־יאָרן, האָב איך געלערנט ביי ר׳ משה מלמד און כ׳בין זיך מודה, אַז קיין דערקוויקעניש האָב איך נישט געפילט ביים לערנען. דאָך האָב איך זיך אויסגעלערנט ביי אים דאַווענען און לערנען.

כ׳געדענק נישט, אַז ר׳ משה מלמד זאָל אַמאָל האָבן געשלאָגן אַ יינגל. דאָך האָבן מיר געהאַט פאַר אים גרויס דרך־ארץ און מיר ווייזט זיך אויס, אַז ער איז געווען אַ שטרענגער, ווייל עס איז געגנוג, ער זאָל זיך באַווייזן אינמיטן אונדזער אַרומרודערן און זיין בלויזער בליק האָט אונדז באַלד איינגעשטילט. כ׳האָב אָבער נישט געקענט ליידן די פינצטערע שטוב, די ריחות פון שימל מיט באָרשט, וואָס איז געגאַנגען פון דער קיך.

קינדער אין חדר האָבן זיך דערציילט, אַז דער רבי ריכט אָפּ חצות. כ׳האָב נישט געוויסט וואָס דאָס איז אַזוינס און איך האָב איבערגעפרעגט דעם טאַטן. ער האָט מיר געענטפערט, אַז אַ ייד טאָר נישט פאַרגעסן דעם חורבן בית המקדש. מ׳דאַרף מתפלל־זיין, אַז מ׳וועט ווערט זיין, וועט קומען משיח און ס׳וועט נעמען אַ סוף צו יידישע צרות.

אמת, כ׳האָב שטאַרק געוואָלט, אַז משיח זאָל קומען און ביים דאַווענען האָב איך טיף אין האַרצן מתפלל־געווען, ער זאָל זיך באַווייזן אויפן ווייסן פערדל און אויסלייזן דאָס יידישע פאָלק. כ׳האָב געטראַכט, אַז ווען כ׳וועל עלטער ווערן, וועל איך אויך אָפּריכטן חצות. עס איז אָבער נישט געקומען דערצו. כ׳בין קוים צוועלף יאָר אַלט געווען, ווען דער טאַטע האָט מיך אַרויסגענומען פון חדר, כ׳זאָל צוהעלפן צו דער פרנסה. אין שטוב זענען געווען זעקס קינדער און מען האָט געדאַרפט פאַר זיי שיכלעך, הייזלעך, קליידער און דאָ איז שווער געווען אפילו אָנצוקאָרמענען די הונגעריקע מיילער. עס האָט געהערשט דחקות און נויט. דער טאַטע האָט זיך נישט געקענט קיין עצה־געבן מיט דער אַרבעט פון באַשלאָגן די דעכער. די כוחות האָבן זיך אויסגעלאָזט. מיין עלטערער ברודער, שלמה, האָט אים געהאָלפן, אָבער מיר איז די אַרבעט נישט געווען צום האַרצן און מ׳האָט מיך דערפאַר געשיקט צו מאַטעס ראַזענבוים, ער זאָל מיך אויסלערנען דאָס שניידער־פאַך.

נישט געקוקט דערויף, וואָס מאַטעס ראַזענבוים איז געווען מיין פעטער, האָט ער אָבער נישט געטראַכט פון נעמען מיך גיך לערנען דאָס פאַך. עס איז שוין געווען אנגענומען, אַז אַ לערן־יינגל דאַרף פריער דורכמאַכן אַלע גלגולים פון העלפן אין שטוב, גיין אַ וועג און טון אַלע שוואַרצע אַרבעטן. אין אָנהויב פעניטשן. מ׳דאַרף נישט קיין פאַרמיטלער, וואָס נעמען אַראָפּ די סמעטענע פאַר זיך.

מיינע נאָענטסטע חברים זענען געווען לייביש (מאיר) משה אַרישעס און וועלוול איטשע רויזשעס. מיר האָבן געגומען ביכער אין דער ביבליאָטעק, געלייענט

האָב איך אויך אָנגענומען באהבה די אַלע מאַטערנישן, אָבער ווען כ׳האָב געזען, אַז עס נעמט נישט קיין סוף, האָב איך אין אַ שיינעם העלן טאָג באַשלאָסן אַוועקצוגיין צו אַן אַנדערן שניידער, אברהם שפּילער, געזאָגט אים, אַז כ׳האָב נישט בדעה אָפּצופּינצטערן די יאָרן און נישט דערגיין צו אַ תכלית. כ׳וויל זיך אויסלערנען דאָס פאַך און אָנהויבן פאַרדינען. ער האָט אויף מיר אָנגעשטעלט זיינע מילדע אויגן און געשאָקלט מיטן קאָפּ: „דו געפעלסט מיר... זעץ זיך אַוועק און אַרבעט".

ביי אים האָב איך ווירקלעך אָנגעהויבן פאַרדינען און צושטייער געגעבן אין שטוב צו דער פּרנסה. ביסלעכווייז בין איך געוואָרן זעלבשטענדיק, געוואָרן אַ מיטגליד אין נאָדל־פאַריין, וואָס האָט דעמאָלט געציילט עטלעכע־און־צוואַנציק מיטגלידער. מיטן פאַריין האָט אָנגעפירט דער „בונד", אָבער אין דער שטיל האָט מען גענומען פירן אַ געהיימע קאָמוניסטישע אַרבעט, מיט וועלכער איך בין אויך ביסלעכווייז אָנגעשטעקט געוואָרן. אונדזער סעקרעטאַר איז געווען שיעלע קורץ, אַ געוועזענער בית־המדרש־בחור, אַ גוטער לערנער, האָט אָנגעהויבן לייענען אַפּיקורסישע ביכער, איז געוואָרן אויפגעקלערט און די פריערדיקע פרומקייט איבערגעטראָגן אויפן נייעם אידעאַל, וואָס האָט אים פאַרכישופט.



דער מחבר דוד קופּפער (ערשטער לינקס) און זיינע צוויי חברים: לייבוש שמואל אַרישעס און וועלוול איטשע רויזעס.
אַ כישוף פאַרמאָגן אַזעלכע בילדער. ווען מען קוקט אויף זיי, פאַרטראָגט עס צוריק אין שטעטל, צו יענער ערלעכער חברישקייט און ליבשאַפט, מיט וועלכע מען איז אַליין געווען איבערפילט און עס האָט זיך אויסגעוויזן אַז עס איז פול דערמיט די וועלט.

ער איז געוואָרן אַ קאָמוניסט, האָט אַריינגעצויגן אויך אַנדערע, אָפּגעהאַלטן געהיימע זיצונגען, גערעדט וועגן קאַמף, וואָס גייט אָן צווישן די אויסנוצערס און די אויסגענוצטע; געשילדערט ווי גוט עס וועט זיין דעם אַרבעטער און אַ סאָציאַליסטישער אָרדענונג, מען וועט פאַרטיילן די פּראָדוקטן יעדן לויט זיינע באַדער־

אויך אומלעגאַלע ליטעראַטור, וואָס שׂיעלע האָט אונדז געפּלעגט אונטערדריקן. אונדז האָט זיך אויסגעוויזן, אַז עס עפענען זיך ביי אונדז די אויגן און מיר דערזעען נייע וועלטן. די זעונגען זענען נאָך אונטערגעהיצט געוואָרן פון שׂיעלעס דרשות, וואָס ער האָט פאַר אונדז געהאַלטן און אויפגעוויזן, אַז דעם אַנטיסעמיטיזם האָבן געשאַפן די קאַפּיטאַליסטן אַפּצווועגדן דעם צאָרן פון די מאַסן קעגן רעזשים... די ציוניסטן ווילן לויפן קיין פּאַלעסטינע צו דער מאַמע רחלס קבר, אָבער ס'איז אַלץ פוסטע פאַנטאַזיעס. מיר, יידן, מוזן קעמפן צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע אונטערדריקטע פאַר אַ בעסערן מאָרגן...

ווי נאַיוו מיר זענען דעמאָלט געווען, אָבער דעמאָלט איז גוט געווען צו טראַכטן, אַז מיר, יידישע בחורים אין וואָיסלאָוויץ, זענען אַ טייל פון אַ מעכטיקן כוח, וואָס אָט־אָט צעבונטעוועט ער זיך און וואַרפט אַראָפּ די הערשאַפט פון טיראַנען. אַזוי שאַרף האָב איך געפילט אין זיך דעם כוח פון אייגענעם רעוואָלוציאָנערן אויפגלי, ווייל עפּעס אַן אויסוועג האָט דאָך געמוזט קומען פון דער נויט, וואָס האָט געהערשט אין שטעטל און דעם קריזיס, וואָס האָט אויסגעזען אַרומצונעמען די גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע וועלט.

אין וואָיסלאָוויץ איז דעמאָלט מיט יעדן טאָג דאָס לעבן געוואָרן שווערער. יונגע בחורים האָבן זיך אַרומגעדרייט ליידיק, און די וואָס האָבן יאָ באַקומען אַביסל אַרבעט, האָבן געמוזט צושטימען צו פּיינלעכע שניטן אין שכירות. נאָך אַ צייט אַרומדרייען זיך ליידיק האָט איך זיך אויפגעהויבן און אַריינגעפאָרן קיין גראַבאָוויץ, ווו איך האָב ווירקלעך געקרוגן אַביסל אַרבעט.

עטלעכע מאָל איז מיר אויסגעקומען אַזוי צו וואַנדערן פון וואָיסלאָוויץ קיין גראַבאָוויץ, קיין אוכאַן, ביז דאָרט האָט אויך אָנגעהויבן צו ווערן ערגער און כ'האָב נישט געזען פאַר זיך קיין אַנדערן אויסוועג ווי צו פאָרן אין דער גרויסער שטאָט און דאָרט זוכן מזל. כ'בין געפאָרן קיין לאָדזש.

קיין לאָדזש בין איך אָנגעקומען צום סעזאָן און כ'האָב לייכט באַקומען אַרבעט. אָבער אָפּאַרבעטנדיק עטלעכע חדשים האָט זיך אויסגעלאָזט דער סעזאָן און כ'האָב ווידער אַרומגעדרייט זיך אַן אַרבעטסלאָזער, געזען, אַז די פאַר אָפּגעשפּאָרטע זלאָטעס וועלן זיך באַלד ענדיקן, האָב איך איינגעזען, אַז עס וועט זיין בעסער צוריקצופאָרן קיין וואָיסלאָוויץ און דאָרט איבערוואַרטן דעם טויטן סעזאָן. דאָס אויסהאַלטן זיך איז אין שטעטל געווען אומפאַרגלייכלעך בילקער ווי אין לאָדזש.

אין משך פון די פינף יאָר, וואָס איך בין געווען אין לאָדזש, האָב איך יעדעס יאָר נאָכן סעזאָן זיך אומגעקערט קיין וואָיסלאָוויץ, ווו איך האָב אָפּגעוואַרט די עטלעכע חדשים ביז צום קומענדיקן סעזאָן.

דאָס שטעטל האָט מיר אין יענע חדשים אויסגעזען נאָך שטילער און פּוסטער ווי פריער. אין מאַרק האָבן די שפּייז־הענדלער און מאַנופאַקטור־סוחרים זיך אויס־געקוקט די אויגן אויף אַ קונה. עמעץ האָט פון כעלם געברענגט אַן אייערנעכטיקע צייטונג און געלייענט בקול רם וועגן קראַך אויף די בערזעס, אַקציעס פאַלן און מענטשן פאַלן ווי די פליגן, ס'איז עק וועלט. ייִדן האָבן געהאַלטן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ, געהאָרכט און געשוויגן.

יונגע בחורים, וואָס האָבן זיך אַרומגעדרייט אָן אַרבעט, פלעגן קומען צו מיר, אויספרעגן וואָס עס הערט זיך אין דער גרויסער שטאָט, ווי עס זעען אויס די אויסזיכטן צו באַקומען אַרבעט. פון זייערע פּנימער האָב איך אַראָפּגעלייענט דעם הונגער אַרויסצולאָזן זיך אין דער וועלט, געפינען עפּעס אַ באַשעפטיקונג.

פאַר זיי האָט לאָדזש אויסגעזען צו זיין אַן אויסגעבענקטער ציל, אָבער מיר האָט לאָדזש שוין אָנגעהויבן נמאס ווערן. כ'האָב נישט געזען פאַר זיך קיין צוקונפט, און טראַכטן וועגן אַ תכלית האָט מען געדאַרפט. דאָס מיידל, וואָס איך האָב באַקענט, האָט מסכים־געווען מיט מיר, אַז אין לאָדזש האָבן מיר נישט קיין אויסזיכטן צו בויען זיך אַהיים און אָנהויבן פירן אַ משפּחה־לעבן. זי האָט געהאַט אַ שוועסטער אין פּאַריז און מיר האָבן דערפאַר באַשלאָסן צו געזעגענען זיך מיט פוילן.

צום ערשט איז זי געפאָרן. איר איז עס געווען גרינגער, ווייל זי האָט דאָרט געהאַט אַ שוועסטער. נאָך אַ קורצער צייט האָב איך געדאַרפט נאָכפאָרן. עס רעדט זיך אַזוי, פאָרן. פון אַ פּאַספּאָרט מיט אַ פראַנצויזישער וויזע האָט נישט געקענט זיין קיין רייד. דער איינציקער וועג איז געווען שמוקלען די גרענעץ.

דאָס שמוגלען די גרענעצן, פּוילישע, טשעכישע און דייטשע, איז געווען איינע פון די שטורמישסטע קאַפּיטלעך אין מיין לעבן. דאָס איז געווען אַ שווערע אונטערנעמונג, פול מיט געפאַרן. אַלץ האָט געמוזט ווערן צוגעגרייט אין דער שטרענגסטער געהיימניש. כ'האָב זיך מיט קיינעם נישט געזעגנט. די רייזע, וואָס האָט נאָרמאַל געדאַרפט דויערן צען, צוועלף שעה, האָט ביי מיר געדויערט עטלעכע וואָכן.

דער שמוגלער האָט מיך צוזאַמען מיט נאָך אַ פּאָרפאָלק אַריבערגעפירט אויף דער טשעכישער זייט, אָבער ווען מיר זענען שוין געווען אין בראַטיסלאַווא, וואָס האָט זיך געפונען האַרט ביי דער גרענעץ, איז דעמאָלט אינמיטן נאַכט אינדז באַפאַלן די פּאָליציי און צוריקגעפירט צו דער פּוילישער גרענעץ. אַ פּאַר־מאַטערטער און צעבראָכענער האָב איך שוין געוואָלט רעזיגנירן, אָבער דאָ, ווען מיר זענען שוין געווען אין כאָזשוו, איז אונטערגעקומען אַן אַנדערער שמוגלער, וואָס האָט זיך אונטערגענומען צו פירן אונדז דורך דייטשלאַנד. מיר זענען ווירקלעך

דורכגעפאָרן מיט אים גאַנץ דײַטשלאַנד ביז מיר זענען צוגעקומען צו דער פראַנ־צויזישער גרענעץ. אונדז איז געלונגען דורכצוגיין די גרענעץ, אָבער אויף דער גרענעץ־סטאַציע האָט אונדז די פראַנצויזישע פּאָליציי אַרעסטירט און געגרייט צוריקצופירן אונדז אויף דער דײַטשער זײַט און איבערגעבן אונדז דער דײַטשער גרענעץ־וואַך.

דאָס וואָלט געווען דער סוף. אין אַזאַ מאָמענט דערגייט די פאַרצווייפלונג ביזן העכסטן גראַד, אָבער דער נס, וואָס איז מיט אונדז דאַן געשען, האָט מיך געלערנט, אַז דער מענטש טאָר נישט רעזיגנירן אפילו ווען ער געפינט זיך אין דער שווערסטער סיטואַציע, וואָס ווײַזט זיך אים אויס צו זײַן אָן אַן אויסוועג.

אין לעצטן מאָמענט, ווען אונדזער גורל האָט אויסגעזען צו זײַן אַ פאַר־לאָרענער, האָבן מיר באַמערקט, אַז די זשאַנדאַרן האָבן אָפּגעשוואַכט זייער פאַר־שאַרפטע שמירה איבער אונדז. ס׳איז געווען שפּעט נאָך האַלבער נאַכט. אויפן וואָקזאַל איז געווען טונקל. מיר האָבן באַמערקט ווי אונדזער שמוגלער שטייט פונדערווייטנס און ווינקט צו אונדז, מיר זאָלן זיך דערנעענטערן צו אים. פּאַוואָליע האָבן מיר זיך גענומען שאַרן אין יענער ריכטונג, וווּ עס איז אין יענער מינוט אָנגעקומען דער צוג, וואָס דאַרף אָפּגיין קיין מעץ, און איידער די זשאַנדאַרן האָבן זיך געכאַפּט, אַז מיר זענען פאַרשוווּנדן זענען מיר שוין געווען אין אָפּפאָרנדיקן צוג.

אַ סך וואַסערן זענען אָפּגעפלאָסן און אַ סך ביטערנישן האָב איך זיך אָנגעגעסן ביז איך מיט מײַן פרוי האָבן באַוויזן זיך צו שטעלן אויף די פיס. בײדע האָבן מיר שווער און ביטער געהאָרעוועט און ווען עס איז אונדז קוים געלונגען זיך אײַנצואָרדענען, איז אויסגעבראָכן די מלחמה.

כ׳בין מאָביליזירט געוואָרן אין דער פראַנצויזישער אַרמיי. ווען די דײַטשן האָבן דורכגעריסן דעם פראָנט בין איך אַרײַנגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט און דורכגעמאַכט אַ שווערע צײַט, וועלכע איז אָבער געווען אַ קינדער־שפּיל קעגן דעם, וואָס מיר האָבן געמוזט דורכמאַכן בעת דער דײַטשער אָקופּאַציע.

אין יענער פינצטערער צײַט האָב איך זיך אויך אָנגעטראָפן אויף גוטע און איידעלע פראַנצויזן. דאָ וויל איך דערמאָנען די הערלעכע געשטאַלט פון מײַן פראַנצויזישן שכן, דאַניס, וועלכער האָט געהאַט אַ שיך־פאַבריק און האָט מיר אָפּגעגעבן צו אונדזער דיספּאָזיציע זײַן הייזל, וואָס ער האָט געהאַט הינטער דער שטאָט, אין די בערג. דאָרט האָט ער מיט זײַן משפחה געפלעגט פאַרברענגען די זונטיק־טעג.

אין יענע שווידערלעכע טעג פון יאָר 1943, האָט מײַן פרוי געבוירן אַ צווילינג. אין קליניק האָט קיינער נישט געטאָרט וויסן, אַז זי איז אַ יידישע, אָבער ווען עס האָט זיך דערנעענטערט דער טאָג פון ברית־מילה, האָב איך זיך פאַרטרויט פאַרן

**הויפּט־דאָקטאָר, אַז מיר זענען יידן. כ׳האָב געמיינט צו בעטן ביי אים אַן עצה ווי אַזוי צו געפינען אַ כירורג, וואָס זאָל דורכפירן די אָפּעראַציע. אָבער יענער דאָקטאָר האָט מיך נישט געוואָלט אפילו אויסהערן ביזן סוף, נאָר האָט גלייך באַפוילן, די פרוי זאָל זיך אָפּטראָגן פון שפּיטאָל צוזאַמען מיט די קינדער.**

**ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט האָב איך אָנגעהויבן זוכן אַ פאַרבינדונג מיט יידן פון וואָיסלאָוויץ און געוואָלט פאַר יעדן פּרייז דערוויסן זיך, צי עס איז עמעץ פון מיין משפחה געבליבן לעבן. דעמאָלט האָב איך ווידער דערפילט ווי קליין אונדזער שטעטל איז געווען. עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז קיינעם איז נישט געלונגען זיך אָפּצוראַטעווען פונעם גרויזאַמען אומקום, אָבער ווידער האָט אַ בליק־געטון אַ שטראַל. מיין קוזין יהודה־לייב ראָזנבוים האָט זיך אָפּגערופן אויף אַן אַנאָנס אין אַ יידישער צייטונג און מיר געשריבן, אַז מיין שוועסטער טעמע האָט זיך אָפּגעראַטעוועט אין רוסלאַנד און געפינט זיך איצט אין אַ יידישן לאַגער אין דייטשלאַנד.**

**אַזוי האָב איך אָפּגעפונען מיין איינציקע לעבנגעבליבענע שוועסטער, די איינציקע פון מיין גרויסער און טייערער משפחה אין וואָיסלאָוויץ.**

**זאָלן די ווערטער זיין אַן אָנדענק נאָך מיינע עלטערן, נאָך די אַלע אַנדערע טייערע שוועסטער און ברידער, וואָס זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס, נאָך די אַלע פאַרפייניקטע אין די צייטן פון היטלעריסטישע גרוילקייטן. נישטאָ קיין קברים, אויף וועלכע צו שטעלן מצבות. זאָלן די ווערטער דינען ווי אַ מצבה, פון וועלכער אונדזערע קינדער זאָלן אַרויסלייענען די גוטסקייט און ערלעכקייט פון די פריערדיקע דורות, פּשוטע יידן, וואָס האָבן געלעבט אין אונדזער שטעטל וואָיסלאָוויץ.**

**דוד קופּפער**



גרוניה טננבוים־זבילבסקי



# עיירתנו היקרה

עמוקה מני ים החויה, כאשר אני מתיחדת עם ימי הילדות בעיירתנו. יש ואנו מתעוררים בלילות מנדודי שינה, נתהפך מצד אל צד, ומחשבותינו מובילות אותנו בתחנות השונות של חיינו לעבר העבר הרחוק והקרוב. כמתוך ערפל צפות ועולות לפנינו דמויות בהירות ומטושטשות, הן נעלמות וחוזרות. ברגעים אלה אני שומע גם את הקולות, אלה שמלאו את חלל העיירה, את רחובותיה ובתיה. היתכן שהקולות האלה אינם עוד, ועם העלמה של העיירה נאלמו גם הקולות ונעלמו?

עד היום הם חיים בקרבי.

היו אלה יהודים תמימים שלפני העבודה השכימו קום כדי לומר פרקי תהילים, להתפלל תפילה בציבור, ולאחר עבודה מפרכת של יום ארוך רצו לבית



**החברה של המחברת**
חיה קלייד ובעלה בצלאל טענענבוים עם ילדתם

הכנסת לתפילת מנחה ומעריב. לאחר מעריב הקשיבו לשיעור בעין יעקב, מדרש או פרשת השבוע.

דורות רבים ישבו אבותינו לארץ בלילות, ולאור נרות דלים דועכים התיפחו על גלות השכינה, בכו כל הלילה ובכיים רחץ לבם עדי יזך.



**ילדי אחותי שיינדל הוברמן: יוסף עם אשתו פרל־ביילה (לומיט), סימה ובת־אחי, חנה'לה.**

צילום על פיסת ניר — שריד אחרון ממשפחה גדולה וענפה שהושמדה בידי זדים. על־כן יהיו־נא דברי המע־טים גלעד להם, קרובי היקרים. בעינים יבשות מדמעה אני מבכה את מותם האכזרי ומבקש במלים לקרוע קרעים מלבי, שהעמיק יותר את ה־כאב. אני חשה את המוות שלהם בתוכי, בלבי, בנשמתי, בדמי, שרק מחשבה אחת מנקרת בהם: זכור ואַל תשכח!

החיים לא פינקו אותם מילדותם, ועם התבגרותם עמלו, טרחו ויגעו, למדו ועבדו, חלמו ולחמו, התקשרו בקשרי־אהבה וידידות עמוקה. הופ־עתם בין אנשים היתה מאופקת וצנו־עה ועוררה כבוד בעיני כל מכיריהם ומוקיריהם וכמה גאוה ואושר מלאו לבבות הוריהם.

במשך דורות נשמעו הקולות מלאי־צלילי נגן ונועם כקולה של אמי ב„טייטש חומש". כל עוד אחיה שומה עלי להאזין לקולות אלה מימים רחוקים. על גבי שק יחד אתם אשבה ואקשיבה דברי אבות ואמהות, ארבה בכות עם ניגונם של עקדת יצחק, אקונן ואבכה אותם.

ספרות משונה ומזעזעת נוספה בשנים האחרונות לעם ישראל, עם הספר ועתיר־הרוח, ספרות עטופת־יגון, המספרת על קהילות קדושות שנעקרו ונשמדו. השואה האיומה לא פסחה גם על קהילת וויסלביצה, עיירתנו הקטנה, אשר יהודיה חיו את חייהם הצנועים במשך דורות רבים.

יהודי וויסלביצה, הישרים והתמימים, למה נשפך דמם בראש חוצות? ילדי וויסלביצה הזכים, למה הופקרו והובלו כצאן לטבח בידי פראים אוכלי־אדם?

אֵיכה קהילת ווישלביצה? איכם יהודים יקרים, חסידי בלז, גור וטריסק, שהייתם נוהגים לנסוע לרבי לשפוך ולתנות לפניו כל הצרות המעיקות על הלב, כגון צער גידול בנים, שידוך בנות שהגיעו לפרקן, עניני פרנסה וכו׳?

חשכה גדולה נפלה על זה עולם התוהו, נטע ישראל וזרעו עלו באש, נשים וטף, נערים גם זקנים.

יהיו דברי ארשת הוקרה וכבוד לנפשות הקדושות והטהורות של עיירתנו, ואות קלון וחרפה לעם המרצחים.

נזכור לעד את הורינו, אחינו ואחיותינו וכל אלה שנפלו בידי צר ואויב בשואה האיומה.

**גרוניה טננבוים**



**צעירים קדושים וטהורים שלא נשאר מהם לא אות ולא זכר.**
למעלה מימין: דוד פייארשטיין, משה שילד (בנו של איטשה רויזס), יצחק גזשבין.
למטה: פרל טוכמן (קרובתו של גרשון שמש), הרש קופפר, דודל רוזנבלט.

# אימי השואה

## חורבן און אומקום






# אימי השואה

אין זו עבודה ספרותית, אין לכותבי הרשימות מתהום האבדון טאיפות בתחום זה.

הם, שרידי השואה, משתוקקים אמנם לתאר קורותיהם, קורות ימיהם האחרונים בגיהנום הנאצי, ואם כי אינם מתיימרים לכתוב היסטוריה, נוכל על נקלה מבעד למנסרת קורותיהם לתאר לעצמנו את כל אשר עבר על כל יהודי וויסלביצה.

הלא הם האנשים היקרים לנו שנרצחו בעולם מלא חמס ודם.

אי־שם, על גבול היסורים אשר לנשמות הכואבות, אנו נפגשים אתם, הדמויות היקרות, הקדושים והטהורים, צלליעבר וצליליו, ולבנו יכאב, יכאב.

מה חוללה בהם היד האכזרית של האויב!

ומן עיירתנו וויסלביצה, כמו מכל ערי־פולין, נשמעה הקינה החרישית:

„איכה ישבה בדד העיר...
בכו תבכה בלילה ודמעתה על לחיה,
אין לה מנחם...
על אלה אני בוכיה,
עיני, עיני יורדה מים..."

וויסלביצה עיירתנו, עליך נשא קינה ונהי, על יהודיך כי אינם, אותם לעד נזכור, ולזכרם הקדוש את זכרונותינו נקדיש.

אין חקר לכאב ואין גבול ליגון.

שמעון

ק. שמעון

# דער אומקום פון דער יידישער באפעלקערונג אין וואיסלאוויץ

וואַיסלאָוויץ האָט דורכגעמאַכט אַן ענלעכן גורל פון אַלע אַנדערע שטעטלעך אין לובלינער וואָיעוואָדשאַפט. די יידישע הייזער זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ געטאָ און האָט אין פרינציפּ נישט אונטערשיידט זיך פון דער וועגעטאַציע אין אַלע אַנדערע געטאָס אין דאָזיקן ראַיאָן, וואָס איז אַ קורצע צייט געווען אויך אונטער סאָוויעטישער הערשאַפט. גלייך מיטן אַריינמאַרש פון די דייטשן האָבן זיך אָנגעהויבן די גזירות און נגישות.

מען האָט אָנגעהויבן כאַפּן יידן אויף אַרבעט, אַרעסטירט און געפּייניקט, פאַרשיקט אין די לאַגערן. עס איז געווען אַ סדרה הפקרדיקע ראַבירונגען, שניידן בערד, דערשיסן מענטשן אין די גאַסן, באַזונדערס אין די טעג, ווען די היטלעריסטישע שטורמיסטן מיט צייכנס פון שוואַרצע טויטן־קעפּ זענען דורכגעפאָרן וואַיסלאָוויץ.

נישט געקוקט דערויף, וואָס דאָס געטאָ איז נישט געווען אַרומגעצוימט, איז עס אָבער לויט דער פאַראָרדענונג גלייך פון אָנהויב געווען פאַרמאַכט. די איינוווינער האָבן זיך נישט געקענט פריי באַוועגן, גיין אין די דערפער איינשאַפן זיך שפּייז. דער הונגער איז אָבער געווען גרויס, איז מען אַ געוויסע צייט געגאַנגען מיט סכנות נפשות. עס זענען טאַקע געווען פאַלן פון דערשיסן יידן אויף די וועגן.

עס ווייזט אויס, אַז צוליב נישט־פאַרויסגעזעענע סיבות האָט דאָס געטאָ אין וואַיסלאָוויץ עקזיסטירט לענגער ווי די היטלעריסטן האָבן אויסגערעכנט. געשען איז עס וואַרשיינלעך צוליב דער פאַרוואָרפנקייט פונעם שטעטל.

אין די פֿאַרשידענע געטאָס אין פּוילן איז געווען אַן אָפּטע דער־שיינונג דאָס איבערזידלען יידן פֿון איין געטאָ אינעם אַנדערן. די היטלע־ריסטן האָבן זיך באַנוצט מיט דער דאָזיקער פּאָליטיק ווי מיט איינעם פֿון די אינסטרומענטן צו פֿאַרניכטן די יידישע באַפֿעלקערונג, דערפֿירן זי צו אַ צושטאַנד פֿון אַפּאַטיע און פּאַסיווקייט.

דאָס זעלבע האָבן זיי געטון אויך אין וואַיסלאָוויץ, פֿונוואַנען זיי האָבן אַרויסגעפֿירט די יידן קיין כעלם. גלייכצייטיק האָבן זיי אַוועק־געקוקט און זיך געמאַכט נישט זעענדיק די איינגעוואַנדערטע יידן, וואָס זענען געקומען פֿון אַנדערע שטעטלעך קיין וואַיסלאָוויץ, עס זענען געקומען נישט בלויז משפּחות פֿון די איינוווינער, נאָר אויך פֿרעמדע, וואָס האָבן אויף זייער וואַנדער־וועג אָפּגעשטעלט זיך אין וואַיסלאָוויץ, ווייל מען האָט זיי דאָ אויפֿגענומען מיט דער גאַנצער יידישער וואַרעמ־קייט און גרייטקייט צו העלפֿן. די דאָזיקע האַרציקע וואַרעמקייט און הילפֿסגרייטקייט איז געווען כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דער יידישער עדה אין וואַיסלאָוויץ.

עס זענען אָבער געווען יידן, וועלכע זענען נאָך פֿאַר דער מלחמה אַוועק פֿון וואַיסלאָוויץ זוכן פּרנסה אין אַנדערע שטעט און זענען דאָרט אומגעקומען.

נישט געקוקט אויף דער געוואַלטיקער נויט, האָבן די יידן אין וואַיסלאָוויץ נישט דורכגעמאַכט די טיפֿוס־און־דיזענטעריע־עפּידעמיעס לפּחות נישט אין אַזעלכע שרעקלעכע פֿאָרמען און מאַסשטאַבן אַזוי ווי זיי האָבן געבושעוועט אין אַנדערע שטעט. דאָס ווייזט אַן אויף אַ געוויסער פֿיזישער און מאָראַלישער שטאַנדהאַפֿטקייט, מיט וועלכער די וואַיסלאָוויצער יידן האָבן זיך אויסגעצייכנט.

פֿון די פּראָטאָקאָלן אויף דער קאָנפֿערענץ פֿון געזעלשאַפֿטלעכער זעלבסטהילף אין די געטאָס, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין כעלם דעם 25־טן און 26־טן יאַנואַר 1942, אויף קאָפּערניק גאַס 8, זענען געווען די דעלעגאַטן פֿון וואַיסלאָוויץ: יצחק קרוגער און בונים סייקעוויטש, וועלכע האָבן זיך פֿאַרנומען מיט דער געזעלשאַפֿטלעכער זעלבסטהילף אין זייער שטעטל.

פֿון זייער טעטיקייטס־באַריכט איז צו זען, אַז אין וואַיסלאָוויץ זענען אין יענער צייט געווען 1,377 יידן. די צאָל נויטבאַדערפֿטיקע איז געווען 813. אָבער פֿון דער ספּעציעלער קיך, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין שטעטל, האָבן גענאָסן נישט מער ווי 340 פּערזאָן.

נעמענדיק אין אַכט די גרויסע צאָל איינגעוואַנדערטע דאַרף מען זיך משער זיין, אַז זיי זענען עס געווען די איינציקע, וואָס האָבן געגעסן פון דער קיך, און דאָס אויך נישט אַלע. דאָס באַשטעטיקט סיי די איינגעבוירענע ווירדע פון די וואָיסלאָוויצער יידן און סיי די הילפס־גרייטקייט און מיטגעפיל צו דער נויט פון פרעמדע.

אין משך פונעם באַריכט־יאָר האָט די קיך אין וואָיסלאָוויץ אַרויסגעגעבן 2,600 מיטאָגן, חוץ דעם האָט די זעלבסטהילף פונאַנדער־געטיילט אויף מלבושים און שיך פאַר מענער, פרויען און קינדער, ווי אויך געלט־שטיצע.

פון באַזונדערער באַדייטונג איז די ציפער פון 4,933,60 זל., מיט וועלכע די יידן אין וואָיסלאָוויץ האָבן זיך באַשטייערט פאַר דער זעלבסט־הילף. צו דעם קומט נאָך צו די סומע פון 3,792,47, וואָס האָט זיך צונויפגענומען פון די אָפּצאָלן פון די אונטערשטיצטע. די פאַרשידענע אַנדערע הכנסות האָבן אַריינגעברענגט 6,067,39. דערביי איז פאַראַן אַ סובסידיע פונעם שעף פון דיסטריקט לובלין אין דער הויך פון 400 זל.

ווען מען פאַרגלייכט די סומע פון די אָרטיקע באַשטייערונגען און נדבות מיט די אַנדערע שטעטלעך איז שווער נישט צו רעדן מיט התפעלות וועגן דער ווירדיקער האַלטונג פון די וואָיסלאָוויצער יידן. עס איז גענוג צו נעמען אַזאַ שטאָט ווי וולאָדאַווע, וועמענס יידישע באַפעלקערונג איז געווען פינף־פאַכיק גרעסער פון וואָיסלאָוויץ אָבער די סומע פון די אָרטיקע באַשטייערונגען האָט באַטראָפן נישט מער ווי 1,165,50. די צאָל נויטבאַדערפטיקע איז געווען דריי־פאַכיק גרעסער ווי אין וואָיסלאָ־וויץ. אויך די סובסידיעס פון דער ייד. גינז. זעלבסטהילף זענען פאַר וולאָדאַווע געווען דריי־פאַכיק גרעסערע.

אינעם באַריכט, וואָס יצחק קרזגער האָט אָפּגעגעבן אויף דער דערמאָנטער קאָנפערענץ, לייענען מיר צוו. אַנד.: „...מיר אַרבעטן אויס־שליסלעך מיט אייגענע כוחות. פון יידן־ראַט באַקומען מיר נישט קיין שום סובסידיע... מיר ווילן געפינען אַ וועג פאַר צוזאַמענאַרבעט און מיטלען, באַזונדערס אויפן סאַניטאַר־היגיענישן געביט. אין דער פאָלקס־קיך גיבן מיר צו צום מיטאָג, וואָס באַשטייט פון אַ ליטער זופּ, טעגלעך צו עטלעכע דעקאַגראַם ברויט, פרייטיק צו 20 דעקאַגראַם פאַר יעדן. מיר בעטן אויסגלייכן די אַלע פּראָדוקטן און באַזונדערס קאַרטאָפל לויט די קאָנטינגענטן־פּרייזן, ווייל אויב נישט, וועט די פאָלקס־קיך אויפהערן צו עקזיסטירן. גלייכצייטיק זענען זייער נויטיק צוקער און האָלץ. אַדאַנק

דעם וואָס די „פּאַרטיילונגס־שטעלע" גיט אונדז אַרויס קאָנטיגענטן, עקזיסטירט די קיך עד היום, און וואָס נאָך מער, צוליב דער זעלבער סיבה האָט די ייד. געז. זעלבסטהילף הכנסות פון קאָנטיגענט".

ווייזט אויס, אַז אויף דער קאָנפערענץ איז צוגעקומען נאָך אַ דריטער פאָרשטייער פון די וואָסלאָוויצער יידן, פייוול בערגער, וועלכער האָט זיך פאַראייניקט מיט די אויספירן פון יצחק קרוגער, געבעטן הילף און מעדיצינען, אונטערגעשטראָכן דאָס נויטיקן זיך אין קאָנטיגענטן־מעל און קודם־כל קאַרטאָפל פאַר דער פאַלקס־קיך. ער האָט דער־ציילט, אַז דאָס שטאָטישע אַפּטייק־געשעפט רעכנט שרעקלעך־הויכע פרייזן פאַר די איינפאַכע רפואות. די פרייזן זענען צען און פופצן מאָל העכער ווי פאַר די זעלבע מעדיקאַמענטן אין די אַפּטייקן אין כעלם.

די עסקנים אין וואָסלאָוויץ האָבן געאַרבעט מיט ברען, ענערגיע און געוויסן. זיי האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז מיט זייער אַרבעט העלפן זיי נישט בלויז די יידן אין וואָסלאָוויץ, נאָר אויך אין די שכנות־דיקע שטעטלעך. צוזאַמען מיט זייערע פאָדערונגען נאָך הילף האָבן זיי אויך גערופן צו צוזאַמענאַרבעט, צום געמיינזאַמען געפינען די נויטיקע מיטלען צו העלפן די נויטבאַדערפטיקע.

צום 5־טן פונקט פון דער טאָג־אָרדענונג וועגן ענין פון קינדער־פאַרזאָרגונג, נאָכן רעפעראַט פון פרוי חיה־ראָזע אָקס, האָט אויך גענומען אַ וואָרט פייוול בערגער פון וואָסלאָוויץ. ער האָט אַלאַרמירט, אַז עס זענען נישטאָ קיין דירות, עס איז אַ מאַנגל אין דערנערונגס־קאָנטינגענט, אין קליידער, שיך, געלט. ביים בעטן אויסטיילן די אַלע זאַכן האָט ער באַזונדערס אַקצענטירט צוקער, וואָס איז אַזוי וויכטיק פאַר קינדער.

לויט די גבית־עדותן פון די אָפּגעראַטעוועטע איז צו זען, אַז די שטערבלעכקייט איז ביי די קינדער אין וואָסלאָוויץ פאַרהעלטנסמעסיק נישט געווען קיין גרויסע. זיכער איז דאָס צו פאַרדאַנקען דער איבער־געגעבענער אַרבעט פון דער זעלבסטהילף. זיי האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבעס זייערע איז די זאָרג פאַרן קינד, וועלכעס איז דער ערשטער קרבן פון שלעכטע סאַניטאַר־היגיענישע באַדינגונגען, פון דער אונטער־דערנערונג און הונגער. ווי עס איז צו זען פונעם אַפּעלירן פון די וואָסלאָוויצער פאָרשטייער אויף דער קאָנפערענץ אין כעלם, האָבן זיי זיך אין זייער אַרבעט אָנגעטראָפן אויף גרויסע שוועריקייטן, אויפן מאַנגל אין די נויטיקסטע פּראָדוקטן, אויפן

ערשטן אַרט צוקער, און אויך אויפֿן מאַנגל אין האָלץ אויף צו דערוואַ־רעמען די שטובן, ווו עס האָבן זיך געפֿונען די געפֿרוירענע עופֿעלעך.

עס דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן דער מאָראַלישער ניוואָ פֿון די מיטגלידער אין וואָיסלאָוויצער יודנראַט, וועלכע איז געווען העכער ווי אין אַ סך אַנדערע שטעט, די מיטארבעט מיט די דייטשן איז געווען אַ שוואַכע. ווען שרה גערבערס ברודער, משה־וואָלף איז געכאַפּט געוואָרן דורך דייטשע זעלנער ביים ברענגען פֿון דאָרף אַ הינדל מיט אַביסל אייער און ער האָט אין געסטאַפּאָ געטענהט, אַז דאָס האָט אים געשיקט איינקויפֿן דער יודנראַט, האָבן די דייטשן געקלונגען אַהין און דער יודנראַט האָט גענומען אויף זיך די געפֿאַר צו באַשטעטיקן, אַז זיי האָבן אים ווירקלעך געשיקט איינקויפֿן, ווייל זיי דאַרפֿן האָבן די פּראָ־דוקטן אויפֿצונעמען אַ דייטשן גאַסט.

דער דאָזיקער פֿאַקט באַשטעטיקט, אַז די מיטגלידער פֿון יודנראַט האָבן אויסגענוצט זייער פּאָזיציע אויף צו העלפֿן ראַטעווען די יידישע באַפֿעלקערונג. גרויס מסירות־נפש האָבן זיי אַרויסגעוויזן ביים באַזאָרגן מיט שפּייז־פּעקלעך די פֿאַרשיקטע אין די לאַגערן. עטלעכע פֿון זיי האָבן דערפֿאַר באַצאָלט מיטן לעבן.

אין יענע באַדינגונגען איז ממש אַ העלדישקייט געווען יעדע הילפֿס־טעטיקייט, וואָס די יידן האָבן געפֿירט. עס האָט ביי די יידן אין וואָיסלאָ־וויץ געלעבט אַ געוואַלטיקער ווילן צו ראַטעווען זיך קעגנזייטיק. עס זענען נישט פֿאַרצייכנט קיין מסירות פֿון אינעווייניק. ווען די גערבערס באַהאַלטן ביי זיך דעם יידישן זעלנער, וואָס איז אַנטלאָפֿן פֿון דייטשער געפֿאַנגענשאַפֿט, זענען אין דעם פֿאַרטרויט עטלעכע מענטשן. די מורא פֿאַר אַ פֿרעמד אויג איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זיי האָבן זיך אָפּ־געגעבן אַ חשבון, אַז דאָס איז אַ געפֿאַר פֿאַר דער גאַנצער יידישער באַפֿעלקערונג אין מאָמענט ווען די דייטשן וועלן זיך וועגן דעם דערוויסן. אַזוי האָלט אויך דער רב אין שטעטל און די שטעלונג פֿון יידנראַט נישט צו לאָזן בלייבן אין שטעטל דעם אַנטלאָפֿענעם פּלעניק פֿליסט אַרויס פֿון דער אחריות, וואָס זיי פֿילן אויף זיך פֿאַרן לעבן פֿון דער יידישער עדה.

די פּויערים פֿון די דערפֿער אַרום וואָיסלאָוויץ, וועלכע האָבן ביז צו דער מלחמה נישט שלעכט געלעבט מיט דער יידישער באַפֿעלקערונג, זענען בעת דער אָקופּאַציע ווי איבערגעדרייט געוואָרן. בלויז איינציקע האָבן אַרויסגעוויזן די גרייטקייט צו העלפֿן, אויסצובאַהאַלטן די יידן, וואָס

זענען אַנטלאָפן פון שטעטל. פון די צענדליקער יידן, וואָס האָבן געבלאָנדזשעט איבער די דערפער און וועלדער, איז כמעט קיינער נישט געבליבן לעבן. אַפילו די פויערים, וואָס האָבן זיך נישט געיאָגט נאָך זיי אויף צו דערהרגענען אָדער איבערגעבן די דייטשן, האָבן זיך אָבער אָפּגעזאָגט אַריינצולאָזן זיי אין שטוב אַריין. אַזוי האָבן געהאַנדלט אויך די פויערים, וואָס די יידישע שכנים האָבן זיי באַשאָנקען מיט צוטרוי און איבערגעלאָזט ביי זיי דאָס גאַנצע פאַרמעגן. שפּעטער האָבן די זעלבע פויערים נישט געלאָזט זיי איבער דער שוועל, געטריבן זיי און נישט געוואָלט שענקען אפילו אַ שטיקל ברויט פאַרן פאַרמעגן, וואָס איז ביי זיי פאַרבליבן.

קיין אָרגאַניזירטער ווידערשטאַנד קעגן די דייטשן איז אין וואָיסלאָוויץ נישט פאָרגעקומען. בלויז געציילטע יוגנטלעכע איז געלונגען צו דערשלאָגן זיך אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער און האָבן צוזאַמען מיט זיי געקעמפט, געבליבן לעבן איז בלויז מאטל קאַלמאַנאָוויטש, וועמענס גבית־עדות באַשטעטיקט, אַז דאָרט ווו די וואָיסלאָוויצער יוגנטלעכע האָבן געהאַט די געלעגנהייט צו קעמפן מיט געווער אין האַנט, האָבן זיי זיך אויסגעצייכנט מיט גבורה און העראָאיזם.



**חיה איידלמאַן־בלאַט**

# אין טאָל פון פּיין און טויט



גלייך ווי די דייטשן האָבן אַריינמאַרשירט אין אונדזער שטעטל האָט אַלע אַרומגענומען אַ שרעק און אַ שוידער. די יידן האָבן זיך באַהאַלטן און מורא געהאַט זיך צו ווייזן אין דער גאַס. יידיש האָב און גוטס איז געוואָרן הפקר. באַלד זענען אין שטאָט אַריינגעקומען באַנדעס פון די אַרומיקע דערפער און האָבן זיך גענומען צום ראַבעווען יידישע געשעפטן. די דייטשן אַליין האָבן אויפגעריסן די יידישע געוועלבער און אַרויסגעוואָרפן די סחורות אויף דער גאַס, צוגעקוקט זיך מיט לוסטיקער פרייד ווי די פּאָליאַקן וואַרפן זיך אויף די יידישע זאַכן.

אַזוי האָט אויסגעזען דער אָנהויב. שפּעטער איז דאָס אָנטון יידן צרות דורכגעפירט געוואָרן מער סיסטעמאַטיש. יעדן טאָג האָבן די דייטשן אַרויסגעגעבן נייע גיזרות.

דער שטאַב פון דער געסטאַפּאָ האָט זיך געפונען אין כעלם. אין וואָיסלאָוויץ איז געווען נאָר אַן אָפּטיילונג ס.ס.־לייט, וועלכע האָבן זיך איינקוואַרטירט אין פּריצישן הויף. יעדע וואָך זענען אַראָפּגעקומען ס.ס.־לייט אויך פון כעלם און האָבן מיט זיך געבראַנגט נייע גזירות. עס איז אַרויס אַ באַפעל צו שאַפן אַ יידנראַט, וועלכער זאָל באַקומען זיינע באַפעלן פון דער געסטאַפּאָ. פאַר נישט פּינקטלעכן אויספירן אַ באַפעל האָט געדראָט מיט דערשאָסן ווערן.

דער ערשטער באַפעל איז געווען יידן זאָלן אָנטון שאַנד־בענדער. דאָס איז געווען אַ ווייס שטיקל לייוונט פון צען סענטימעטער די ברייט מיט אַ בלויען מגן־דוד, וואָס מען דאַרף אָנטון אויפן רעכטן אָרעם. אָן דאָזיקן שאַנד־באַנד איז געווען פאַרבאָטן אַרויסצוגיין אין גאַס. ווען אַ דייטש האָט באַגעגנט אַ ייד אָן דאָזיקן באַנד, האָט ער אים גלייך דערשאָסן.

באַלד איז ארויס דער באַפעל, אַז יידן מוזן אָפּגעבן זייערע פּיטערס. אַ ייד האָט נישט געטאָרט אַרויסגיין אָנגעטאָן אין אַ מאַנטל. די אַלע פּיטער־זאַכן

**האָט מען צונויפגעבּרענגט אין ביורא פון יודנראַט און די כעלמער ס.ס.־לייט זענען געקומען מיט מאַשינען און עס צוגענומען.**

**ביי יעדן מאָל, וואָס זיי האָבּן זיך באַוויזן אין שטעטל, האָבּן זיי איבער־געלאָזט קרבנות. אַ ייד האָט נישט געטאָרט זיין אין גאַס ווען די רוצחים האָבּן זיך באַוויזן. ווּעמען זיי האָבּן נישט דערשאָסן האָבּן זיי געשלאָגן מכות רצח. פון די ערשטע קרבנות זענען געווען: דודל משה גרשונס, דער שוסטער, רעכל מעמיס איידעם, אַפּשטאַמיקע פון גראַבאָוויץ, איטשע יאַנקלס איידעם, ישראל דער קאַמאַשנשטעפּער, געשטאַמט פון גראַבאָוויץ, פייוול מיטלמאַן, דער קליינער נחמן מיט זיין ווייב פּראדל. זיי זענען געגאַנגען אין דאָרף אַריין עפּעס ברענגען פאַר זייערע קינדער צום עסן. זיי האָבּן געהאַט צוויי יינגלעך. אויפן וועג האָבּן זיי באַגעגנט דייטשן און יענע האָבּן זיי דערשאָסן אויפן אָרט.**

**יאָסעלע שאפער, דער שינדל־באשלעגער, האָט געאַרבּעט ביי אַ פּויער אויף אַ דאַך, ווען אין דאָרף זענען אָנגעקומען דייטשן און כדי צו פאַרווײלן זיך האָבּן זיי אים גענומען אויפן ציל און אים אַראָפּגעשאָסן פון דאַך. ער איז געפאַלן מיט צעשפּרייטע הענט ווי אַ פויגל און די דייטשן האָבּן דערביי הילכיק געלאַכט.**



**יאָסעלעס טאָכטער — דבורה שאפער־רופּ מיט איר טעכטערל אויפן שפּאַציר.**

דער שוידערלעכער טויט פון יאָסעלע שאפער האָט אין שטעטל אַרויסגערופן אַ שווערן טרויער. אַלע זענען אופגעטרייסלט געוואָרן מען האָט געזען באַשיינפּערלעך אויף וואָס מען איז אויסגעשטעלט, דער פחד פאַרן טויט האָט זיך איינגעגעסן אין אַלעמענס געמיטער, אָבער דאָך האָט מען זיך נישט געוואָלט אונ־טערגעבן. מען האט זיך איינער דעם אַנדערן געמונטערט, צוגעבן מוט איבערצוהאַלטן, אי־טערגעבן. מען האָט זיך איינער דעם אַנדערן דייטשן איז מיט יעדן טאָג געוואָרן אַלץ גרויזאַמער און אומדערטרעגלעכער.

**אברהם הערש, יענטע דער שניידערקעס מאַן איז אויך דעמאָלט געהרגעט געוואָרן. פון ראקאליב האָט מען אויף אַ פּויערישע פור געברענגט צו פירן די**

טויטע קערפערס פון דער פאַמיליע פערסיק, עלף אויסגעהרגעטע מענטשן, על־פי־נס איז איין טאָכטער געבליבן לעבן. די אַלע קדושים האָבן נאָך געהאַט די זכיה צו קומען צו קבר ישראל אויפן יידישן בית־עלמין אין וואָיסלאָוויץ.

מיט יעדן טאָג איז געוואָרן אַלץ שווערער און גרויליקער. מען האָט אָנגע־געבן נעמען אין די לאַגערן אויף אַרבעט. צום הונגער איז צוגעקומען די עפידעמיע פון פלעקן־טיפוס, וואָס האָט געהערשט אין אַלע געטאָס. קיין וואָיסלאָוויץ זענען אָנגעקומען אויך יידן, וואָס זענען אַנטלאָפן פון וואַרשעווער געטאָ, עלטערע מענטשן און יונגע בחורים, אַרבעטער און סטודענטן. זיי זענען אַנטלאָפן פון שרעק פאַר די לאַגערן און פון הונגער. זיי האָבן געמיינט, אַז אין קליינעם שטעטל וועלן זיי זיין זיכערער. אין אונדזער שטעטל איז ווירקלעך דער הונגער נישט געווען אַזוי שרעקלעך ווי אין דער גרויסער שטאָט. קיין וואָיסלאָוויץ זענען אויך געקומען עטלעכע הונדערט יידן פון לאָדזער געטאָ. עס איז דעמאָלט געווען אַ פראָסטיקער ווינטער און די דאָזיקע יידן מיט קליינע קינדער און פעקלעך אויף די פלייצעס האָבן זיך געשלעפט צופוס אין דער שניי־זאַווייערוכע. וואָיסלאָוויצער יידן האָבן דעמאָלט אַרויסגעוויזן אַ סך האַרץ און אויפגענומען די יידן מיט דער גרעסער וואַרעמקייט. דעם זעלבן אָוונט זענען אַרויס עטלעכע באַלעבאַטים מיטן רב בראש און אַרומגעגאַנגען איבער די שטובן איינאָרדענען די היימלאָזע יידן. דער גרעסטער טייל פון די דאָזיקע היימלאָזע האָט נישט געטראַכט צו בלייבן, נאָר האָבן געוואָלט ווייטער פאָרן קיין רוסלאַנד. מען האָט אויך צוזאַמען גענומען צווישן יידן אין שטעטל געלט, כדי צו העלפן די היימלאָזע יידן. יעדער האָט געגעבן וויפל ער האָט געקענט.

אין אונדזער שטוב האָט מען אַריינגעזעצט צוויי משפחות, אַ יונג פאָר־פאָלק מיט צוויי קליינע קינדער, אַ יינגעלע פון אַ יאָר, שמואליק, און אַ מיידעלע פון דריי יאָר, לאה. מיר האָבן זיך נישט געקענט אָפּווונדערן פון דער שיינקייט פון די דאָזיקע קינדער און עס האָט געשניטן ביים האַרץ צוקוקנדיק צו זייערע פיין און יסורים.

די צווייטע משפחה איז געווען לייזער רייז מיט זיין פרוי און צוויי יינגלעך. אַלע האָבן זיי געפונען אַן אָרט אין אונדזער שטוב און מיר האָבן זיך באַמיט צו מילדערן זייערע יסורים, צוגעבן זיי מוט און האָפענונג אויף בעסערע צייטן.

אין אונדזער שטעטל זענען אויך אָנגעקומען לייבל רייזס שוועסטערס הינדע און אסתר מיט זייערע משפחות, וועלכע האָבן לעצטנס געוווינט אין לאָדז. הינדע איז קראַנק געוואָרן אויף טיפוס און איז געשטאָרבן.

עס איז אויך געקומען זיינוול טענענבוים מיט זיין משפחה. זיי זענען געווען

אונדזערע קרובים און האָבן זיך אַריינגעצויגן אין דער דירה פון מיין קוזין איסר בערגער, וועלכער איז אַוועקגעפאָרן קיין לודמיר.

מיט יעדן טאָג איז די לאַגע געוואָרן ערגער. עס איז אויסגעבראָכן דער טיפוס און מען האָט געמוזט אויסבאַהאַלטן די קראַנקע, כדי די דייטשן זאָלן זיי נישט גלייך דערשיסן. הערש גראדער, וועלכער האָט געהאַט אַן אַנונג אין מעדיצין איז אַרומגעגאַנגען צווישן די קראַנקע, געשטעלט באַנקעס, געמאַכט מאַסאַזשן



**הערש גראדער מיט זיין שוועסטער מאַניע**

אין די טעג פון גרויל און אומקום האָט הערש גראדער אַרויסגעוויזן גרויס מסירות נפש ביים העלפן די יידן אין וואָיסלאָוויץ.

און געהאָלפן מיט וואָס ער האָט געקאָנט. דאָס איז געווען אַ מענטש מיט אַ גרויסער נשמה און האָט זיך באמיט צו ברענגען טרייסט און הילף אין יעדער שטוב.

שוסטערס און שניידערס האָבן נאָך געאַרבעט. מען איז נאָך געגאַנגען איבער די דערפער עפּעס איינהאַנדלען, כדי צו ראַטעווען די משפחות פון הונגער. די וואָס מען האָט געכאַפּט האָט מען געשאָסן, אָבער דאָס האָט נישט אָפּגעשראָקן די אַנדערע, ווייל זיצן אין שטעטל האָט געדראָט מיט אויסגיין פון הונגער.

אין די דאָזיקע גרויליקע טעג זענען אויך פאָרגעקומען חתונות אין אונדזער שטעטל. די בחורים, וואָס זענען געקומען פון וואַרשע, האָבן נישט געהאַט ווו זיך אַהינצוטון.זיי האָבן געהונגערט און אָפטמאָל געפאַלן אין חלשות. אַזוי האָט לייבל שאר, מיין מאַמעס ברודער, אַרויסגייענדיק אַמאָל פאַרטאָגס פון שטוב, געטראָפן ליגן הינטער זיין וואַנט אַ פאַרחלשטן בחור. ער איז שוין געווען איינ־



**רייזל האָכלערער**

די חתונה פון רייזעלען מיטן סטודענט האָט, פונקט ווי די ענלעכע חתונות אין יענער צייט, געהאַט אירע רירנדיקע מאָמענטן. זיי זענען געווען ווי ליכטיקע שטראַלן אין דער פינצטערניש פון פיין און שוידער, פון ממש אוממענטשלעכע באַדינגונגען׳ מענטשן האָבן זיך נאָך שטאַרקער דערנענטערט און צוגעבונדן צו זיך, באַמיט זיך צו גלויבן אין בעסערע צייטן, און דער עיקר, איבער־לעבן, איבערלעבן און דערלעבן דעם סוף פון דער אוממענטשלעכער אכזריות.



**שאולקע ערליכס זון יאנקל־יוסף,** וועמענס פאָטער, האָט אין דער צייט פון היטלעריסטישן הערשן נישט געוווסט פון קיין פחד, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אין ברענגען הילף די געפייניקטע וואָסלאָוויצער יידן. ער האָט דערפאַר באַצאָלט מיט זיין לעבן. דער זעלבער גורל האָט אויך נישט אויסגעמיטן זיין זון יאנקל, וועלכן מיר געדענקען מיט אַזעלכע הייסע געפילן.

גאַנצן געשוואָלן פון הונגער. מען האָט אים אַריינגענומען אין שטוב און אָפּגעראַטעוועט. ער האָט זיך אַרויסגעוויזן אַן איידעלער און אינטעליגענטער בחור און האָט ארויסגערופן צו זיך גרויס סימפּאַטיע. ער האָט חתונה געהאַט מיט זיין קוזינקע, גיטל סייקיעוויטש. ענלעכע פּאַסירונגען זענען אויך פאָרגעקומען אין אַנדערע שטובן. רייזל האכלערער האָט חתונה געהאַט מיט אַ סטודענט, וואָס האָט נישט באַוויזן צו ענדיקן דעם פּאָליטעכניקום אַלס אינזשיניער. אויך חנה זיינוולס האָט חתונה געהאַט מיט אַ יונגן פּליט, זייער אַן איידעלער און געלערנטער בחור.

עס איז אָנגעקומען דאָס יאָר 1941 און מען האָט אָנגעהויבן אַלץ מער צו כאַפּן יידן און אַוועקשיקן זיי אין די לאַגערן. אין כעלמער געגנט האָט מען געשאַפן אַ לאַגער און די ערשטע זענען אַהין פאַרשיקט געוואָרן יונגע מענטשן, די בעסטע פון אונדזער יוגנט.

דבורה, פישל בעל־עגלהס ווייב האָט געהאַט צוויי יינגלעך אין עלטער פון זעכצן און אַכצן יאָר. די יינגלעך האָבן געלערנט ביים רב. דבורה האָט געאַרבעט אַלס שניידערין. ווען מען איז געקומען נאָך די יינגלעך, האָט זי געזאָגט, אַז זי וויל גיין אויף זייער אָרט. זי האָט אַרומגענומען אירע קינדער און נישט געלאָזט זיי צונעמען. זי האָט געקאָפּעט מיט די פיס, געביסן מיט די ציין, ווי אַ ווילדע חיה, גרייט צו פאַרטיידיקן אירע קינדער ביזן לעצטן. זי איז געוואָרן מערדערלעך צעשלאָגן ביז בלוט און די קינדער האָט מען אַוועקגענומען.

פון וואָיסלאָוויץ האָט מען אויך אַרויסגעפירט אין בעלזשעצער לאַגער. אין לאַגער איז דער מצב געווען אַ ביטערער. יידן זענען געטריבן געוואָרן צ דער אַרבעט, באַוואַכט דורך 18־יאָריקע אוקראַינער שקצים. זיי האָבן געשלאָגן און געפייניקט די יידן, וואָס האָבן געאַרבעט ביים קאָפּען גריבער, ביים לייגן שוועלן

פאַר די באַן־רעלסן און נאָך אַנדערע שווערע אַרבעטן אין קעלט און אין הונגער. אַ סך זענען דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט.

דער יודנראַט אין וואָיסלאָוויץ האָט באַקומען אַ דערלויבעניש פון דער געסטאַפּאָ צוצופירן אין לאַגער פּעקלעך איינמאָל אין חודש. די פּעקלעך זענען צונויפגענומען געוואָרן ביי די משפחות און צונויפגעזאַמלט זיי אין יודנראַט. פון דאָרט האָט מען זיי אויפגעלאָדעוועט אויף אַ פור פון אַ פּוילישן בעל־עגלה וועלכער האָט זיך געהייסן דערפאַר גוט באַצאָלן. אָפט איז געפאָרן יוליק כאַוורײַ, אַן אוקראַאינער. עס איז אויך מיטגעפאָרן איינער פון יודנראַט, מאיר טענענבוים וועלכן מען האָט גערופן מאיר סאָלטיס. דאָס איז געווען אַ טייערער ייד, האָט ממש איינגעשטעלט זיין לעבן פאַר העלפן די יידן פון שטעטל. ער האָט זיך מפקיר געווען, איבערגעלאָזט זיינע קינדער אין שטוב אַליין און געפאָרן אין לאַגער פונאַנדערטיילן די פּעקלעך. דאָס האָט געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג פאַר די פאַרפּייניקטע יידן. אין יעדן פּעקל איז געווען אַביסל פּראָדוקטן און אַ פּאָר ריינע וועש. דאָס האָט זיך געפירט אַזוי אַ לענגערע צייט ביז עס איז געשען, אַז מאיר טענענבוים איז איינמאָל צוריקגעקומען מיט די פּעקלעך. ער האָט דערציילט, אַז דער לאַגער איז באַוואַכט פון אַן אַ שיעור דייטשן און מען קען שוין מער אַהין נישט אַריינפאָרן.

אין עטלעכע טעג אַרום איז אַרויסגעפאָרן שאולקע ערליך, וועלכער איז אויך געווען אַ מיטגליד אין יודנראַט. מיט אים איז מיטגעפאָרן אַ דייטש, וועלכער האָט אים געדאַרפט העלפן אָפּפירן די פּעקלעך. שאול ערליך האָט איינגעלייגט וועלטן אַז מען זאָל קענען אָפּפירן די פּעקלעך פאַר די יידן אין לאַגער. ער האָט ממש געשריגן: „מיר טאָרן נישט פאַרגעסן אונדזערע געפּלאָגטע ברידער, מיר מוזן זיי העלפן". ער האָט איבערגעלאָזט אַ שטוב מיט קליינע קינדער און איז אַוועק־געפאָרן, אָבער ער איז שוין מער נישט צוריקגעקומען. די פּעקלעך האָט ער נאָך באַוויזן פונאַנדערצוטיילן, אָבער אויף צוריקוועגנס האָבן זיי זיך אָנגעטראָפן אויף שיכורע ס.ס.־לייט. עס האָט נישט געהאָלפן דאָס אינטערווענירן פון דעם דייטש, וועלכער איז מיט אים מיטגעפאָרן. די ס.ס.־לייט האָבן אים אַראָפּגעשלעפּט פון וואָגן, מערדערלעך צעשלאָגן און דערנאָך דערשאָסן. זיין טויטן קערפּער האָבן זיי אַריינגעוואָרפן איז אַ באַרג שניי. וועגן דעם האָט שפּעטער דערציילט דער אוקראַאינישער בעל־עגלה, וואָס האָט מיט אים אָפּגעפירט די פּעקלעך.

אַזוי האָט פאַרענדיקט זיין לעבן אויף קידוש השם דער ערלעכער ייד און האַרציקער מענטש, דער לעדער־קרעמער שאולקע ערליך.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט דער יודנראַט אַרויסגעשיקט אַ פור מיט אַ פּוילישן בעל־עגלה וואָס האָט אָפּגעפונען שאולקע ערליכס טויטן קערפּער און

געבריענגט אים צו פירן אין שטעטל, ווו ער איז געבראַכט געוואָרן צו קבר ישראל אויפן וואָיסלאָוויצער בית־עלמין.



יאַנקל שטראַסבערגער מיט זיין פרוי שרהלע זישעס, זייערע טעכטער פערל און רחלע מיט זייער פעטער משה בראנעס (משהל לובלינער).

גרויסע צרות האָבן געדאַרפט אויסשטיין די פאַרשטייער פון וואָיסלאָוויצער יודנראַט, יעקב שטראַסבערגער און ישראל איינהאָרן. זיי זענען שטענדיק געווען אַנגעוויזן אויפן חסד פון גורל, האָבן יעדן טאָג ריזיקירט מיט זייער לעבן. יעדער וויזיט פון געסטאַפּאָ האָט געדראָט מיט טויט. זיי האָבן קיינמאָל נישט געוווּסט מיט וואָס אַזאַ וויזיט וועט זיך ענדיקן. נישט איינמאָל זענען זיי מערדערלעך צעשלאָגן געוואָרן פאַר נישט פּינקטלעך אויספירן דעם באַפעל פון די דייטשן.



**ישראל איינהארן, זיין פרוי אסתר מיט איר שוועסטער, די פרוי פון אברהם אַפּעל.**

ישראל איינהארן, אַזוי ווי יעקב שטראַסבערגער, און אַנדערע מיטגלידער פון יידן־ראַט, האבן זיך אַפּגעגעבן אַ חשבון פון דער גרויסער געפאַר. זיי האָבן אָבער געפילט די גרויסע אחריות, וואָס עס ליגט אויף זיי. די אויגן פונעם גאַנצן שטעטל יידן זענען געווען געוואַנדן צו זיי. צו זיי איז מען געקומען מיט די שווערסטע ווייטאגן פון יענער צייט. זיי האָבן גענאָסן פון דער פארערונג און ליבשאַפט פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג אָן אויסנאָם.

יעקב שטראַסבערגער האָט געהאַט אַ סך באַקאַנטע קריסטן, וואָס זענען גרייט געווען אים אויסצובאַהאלטן, אָבער ער האָט עס נישט געטון. ביז דער לעצטער מינוט האָט ער זיך פאַרנומען מיט העלפן יידן און איז צחאַמען מיט זיין משפחה און מיט אַלע יידן פון שטעטל געגאַנגען דעם לעצטן וועג צום אומקום.

טראַגיש איז אויך אומגעקומען אין יענער צייט זיינוול טענענבוים. ער האָט געהאַט אַ מאַשינדל אויף אויסצואַרבעטן אייל. ער פלעגט אַרבעטן אין גאָרטן פון דער גאַרבאַרניע, איז געווען גוט פאַרמאַסקירט. אָבער איינמאָל זענען די געסטאַפּאָ־לייט געקומען אין דער גאַרבעריי נאָך לעדער און האָבן אים געכאַפּט ביי דער אַרבעט. זיי האָבן צוגענומען דאָס מאַשינדל און אים אַזוי צעשלאָגן, אַז אין צוויי טעג אַרום איז ער געשטאָרבן. זיין טאָכטער שפרינצע האָט מען אַוועקגענומען אין לאַגער נאָך מיט אַ צייט פריער און זי איז דאָרט אומגעקומען אויף אַ שוידערלעכן אופן.

חיים אלערהאנט איז געכאַפּט געוואָרן אין גאַס, ווו ער איז געגאַנגען אָן דעם שאַנד־באַנד. ער האָט געפרוווט זאָגן, אַז ער איז אַ קריסט. מען האָט אים אַוועקגעפירט קיין כעלם, ווו די געסטאַפּאָ האָט דורכגעפירט איבער אים די קאָנטראָל. די רוצחים האָבן אים שרעקלעך געפייניקט און דערנאָך אויפגעהאַנגען.

מיטן אויסברוך פון דער דייטשער־רוסישער מלחמה האָט די היטלעריסטישע מאָרד־מאַשין פאַרשנעלערט איר טעמפּאָ. די מערדער האָבן אָנגעהויבן קאָנצענטרירן די יידן אין קאָמפּאַקטע מאַסן. מען האָט אַרויסגעטריבן די יידן פון די דערפער אין שטעטלעך. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שוידערלעכע פּאַניק. עס איז נישט דורך קיין איין וואָך עס זאָל נישט אָנקומען אַ באַנדע ס.ס.־לייט מיט לאַסט־

אויטאָס, אויף וועלכע זיי האָבן פאַרלאַדעוועט זייערע קרבנות. עס איז נישט געווען ווו זיך צו באַהאַלטן. דאָס שטעטל איז טאָג און נאַכט געווען באַוואַכט. די באַהעל־טענישן, וואָס יידן האָבן זיך געמאַכט אין די קעלערס, אויף די ביידעמער, אין דאָפּלטע ווענט, האָבן נישט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען. די מערדער האָבן אויס־געפינען אַלע באַהעלטענישן. אָפטמאָל האָט דאָס וויינען פון די קליינע קינדער, וועלכע האָבן געהונגערט, אויסגעגעבן די באַהעלטענישן.

די גאַנצע צייט האָבן יידן זיך געשפּייזט מיט דער האָפענונג, אַז סוף־כל־סוף וועט די וועלט זיך אָפּרופן און נישט דערלאָזן צו אַזעלכע שוידערלעכע מער־דערייען, אָבער די וועלט האָט געשוויגן.

די רוצחים האָבן צום ערשט אַרויסגעפירט די אַלטע, קראַנקע און קינדער, אַלע וועלכע זענען נישט געווען אָפּיציעל באַשעפטיקט. דעמאָלט האָט מען אויך געכאַפּט דבורה־לאה אלבוים. ווען מען האָט זי אַרויפגעלאָדעוועט אויפן אויטאָ, האָט זי אויסגעטון אירע שטיוול, אַראָפּגעוואָרפן זיי אויף דער ערד און אויס־געשריגן: „יידן, איר זאָלט געבן די שטיוול מיינע קינדער, אפשר וועט זיך דאָך עמיץ פון זיי ראַטעווען. זיי וועלן דאַרפן לויפן... גיט עס זיי אַוועק, איך דאַרף זיי שוין נישט!”

איר שטים האָט אָפּגעקלונגען איבערן גאַנצן שטעטל. דאָס איז געווען אַ שוידערלעכער ווייגעשריי, פון אַ רעזיגנירטער פרוי, וואָס האָט זיך נאָך געקלאַמערט אין אַ האָפענונג, אַז עמיץ פון אירע קינדער וועט בלייבן לעבן.

די פּאַראַליזירטע רחל מאנדעל איז געווען באַהאַלטן אין אַ קעלער ווען די רוצחים האָבן זי געפונען. האָבן זיי זי געשלעפּט איבער דער גאַס און אַרויפ־געוואָרפן אויפן אויטאָ ווי עפּעס אַ טויטע זאַך. די פאַמיליע, וואָס האָט געוווינט ביי מיין מאַמען מיט די צוויי קליינע קינדער, האָט די גאַנצע צייט געלעבט אין טויט־שרעק. די פרוי האָט געקענט נייען און פלעגט גיין איבער די קריסטלעכע שטובן אויף די אוליצעס, האָט פאַר זיי גענייט, פאַראַכטן די מלבושים און זיי האָבן איר דערפאַר געגעבן עפּעס צום עסן. זי האָט שווער געאַרבעט, כדי אויס־צוהאַלטן איר משפחה און נישט דאַרפן אָנקומען צו קיינעם. דער מאַן איז געבליבן אין שטוב מיט די קינדער. ער איז געווען אַ טריקאָטאַזש־אַרבעטער, אָבער ער האָט אין שטעטל גאָרנישט געקענט פאַרדינען. די היטלעריסטישע מערדער זענען אַריינ־געקומען אין שטוב, געכאַפּט דעם מאַן מיט די צוויי קליינע קינדער און אַרויפ־געוואָרפן זיי אויפן זעלבן אויטאָ, ווו מען האָט מיט עטלעכע מינוט פריער אַרויפ־געוואָרפן דבורה־לאה. צוויי גרויסע לאַסט־אויטאָס זענען אין יענעם טאָג אָנגע־פּאַקט געוואָרן מיט יידן פון שטעטל און מען האָט זיי אַוועקגעפירט אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג. ערשט אויפן צווייטן טאָג זענען געקומען גויים, וואָס

זענען דורכגעפאָרן און זיי האָבן דערציילט, אַז די אַלע יידן פון די אויטאָס זענען אויסגעשאָסן געוואָרן אין סטרופינער וואַלד. ווען די פרוי איז אין אָוונט אַהיימ־געקומען האָט זי שוין נישט געטראָפן דעם מאַן מיט די קינדער. זי איז אַריינ־געפאַלן אין אַ שרעקלעכער פאַרצווייפלונג און איז אַראָפּ פון זינען. זי איז גאַנצע



**די משפחות בערגער־קליינמינץ**

פון רעכטס: ר׳ בער בערגער זיין מחותנתטע סלאָווע קליינ־מינץ — די קאַזשיאַנע רביצן און איר זון חיים, איר טאָכטער סימע מיטן מאַן איסר בערגער און זייער טעכטערל שרהלע.

2־טע ריי: פייגל — פייוול בערגערס פרוי, באשע קליינמינץ מיט איר מאַן דוד הובערמאַן און קינדערלעך.

טעג אַרומגעגאַנגען באָרוועס און געריפן: „שמולעק, לעא, וווּ זענט איר? קינדער מיינע, די מאַמע האָט געבראַנגט עסן, קומט, קינדער מיינע, כ׳האָב פאַר אייך מילך״. אַזוי איז זי אַרומגעגאַנגען טאָג און נאַכט און געריפן. זי פלעגט אויך אָוועקשטעלן זיך הינטער מיין טיר און נישט אויפהערן צו רופן אירע קינדער. איר קול האָט געקלונגען יאָמערלעך און זיך טיף איינגעשניטן אין האַרצן. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און די רוצחים האָבן אויך זי באַפרייט פון אירע ליידן.

ביים סוף פון 1942 איז עטוואָס שטילער געוואָרן מיטן כאַפּן אין די לאַגערן. יידן אין שטעטל האָבן זיך געפּרווט איינרעדן, אַז עס וועט ווערן בעסער, אָבער פּלוצלונג איז געקומען דער שרעקלעכער באַפעל, אַז דער יודנראַט מוז פאַרלאָזן דאָס שטעטל אין משך פון אַכט־און־פערציק שעה. צוזאַמען מיטן יודנראַט דאַרפן אויך פאַרלאָזן דאָס שטעטל אַלע יידן. זיי דאַרפן גיין אויף כעלם. צו דער דאָזיקער אַקציע זענען שוין נישט געקומען קיין ס.ס.־לייט. זיי האָבן שוין נישט געוואָרפן די מענטשן אויף די אויטאָס. די יידן זענען אַליין געגאַנגען בראש מיטן רב און יודנראַט אויף זייער לעצטן וועג. די רוצחים האָבן אפילו דערלויבט צו דינגען פורן און מיטנעמען אַלץ וואָס מען האָט. זיי האָבן צוזאַמען מיט די לעבנס געוואָלט די יידן זאָלן מיט זיך מיטפירן דאָס לעצטע פאַרמעגן, וואָס מען האָט ביי זיי

צוגערויבט אין די מינוטן פון טויט. זיי האָבן שוין נישט געפאָדערט די יידן זאָלן גיין אין רייען און ווען די יידן זענען אָנגעקומען קיין כעלם זענען זיי גלייך אַרומגערינגלט געוואָרן דורך באַוואָפנטע ס.ס.־לייט און מען האָט זיי אָוועקגעפירט קיין וולאָדאווע, ווו זיי זענען אומגעקומען ביי די וואַסערן פון בוג.

די אַקציע אין אונדזער שטעטל איז געווען פון די לעצטע פון דער גאַנצער געגנט. אַ קליינע צאָל יידן איז געלונגען צו אַנטלויפן, אָבער זיי זענען שפּעטער אויך אויסגעהרגעט געוואָרן. די דייטשן האָבן אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז ווער עס וועט אויסבאַהאַלטן אַ ייד, וועט דערשאָסן ווערן מיט זיין גאַנצער פאַמיליע. עס זענען געווען צווישן די פּאָליאַקן פאַרברעכער, וואָס האָבן געהאָלפן די דייטשן הרגענען יידן און זיי האָבן דערפאַר באַקומען צוויי קילאָ צוקער פאַר אַ קאָפּ. ביי אונדז אין וואָיסלאַוויץ איז געווען אַ מערדער, קאָוואַלסקי, דער אוקראַיִנישער גאַיאווע, וועלכער האָט באַקומען פון די דייטשן אַ שפּור־הונט, אַ מאַשין־געווער און גראַנאַטן און איז אַרומגעגאַנגען איבער די וועלדער און ווו ער האָט אָנגעטראָפן אַ ייד האָט ער אים דערהרגעט.

גרשון טאַכמאַן מיט דבורה שאר, מיין קוזינקע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין הויפּישן סאָד און דאָרט האָט מען זיי געכאַפּט און דערשאָסן. זיי ליגן באַגראָבן אין דעם זעלבן סאָד אונטער אַ בוים.

האדל גראָדער מיט איר טאָכטער חיה, אַן אַכצן־יאָריקע שיינהייט, זענען אַנטלאָפן פון וולאָדאַווע און זיך באַהאַלטן אין הויפּישן סאָד. אויך זיי האָט מען געכאַפּט און דערשאָסן.

צוויי גרויסע קברים זענען דאָ אויף דער לאָנקע, הינטער דער רוסישער צערקווע. דאָרט האָבן די מערדער צונויפגעפירט אַ גרופּע יידן, זיי דערשאָסן און באַגראָבן אויפן אָרט. אין איין קבר ליגט די גאַנצע משפחה פון שמעון לאַנג, זיינע עלטערן מיט די קינדער. דאָרט ליגט אויך מיין יאָסל. אין צווייטן קבר ליגט די גאַנצע משפחה פון גרשון פיש. ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין העלדישקייט און גוטסקייט. דער לעצטער קרבן איז געווען פייוול מאנדל. אַ לאַנגע צייט האָט ער זיך אַרומגעבלאָנדזשעט איבער די דערפער. אין אָנהויב זענען געווען אַזעלכע פויערים, וואָס האָבן אים געהאָלפן. שפּעטער האָט אים שוין קיינער נישט אַריינגעלאָזט אין שטוב. ער איז אַרומגעגאַנגען געוויקלט אין שמאַטעס. זיין קערפּער איז געווען באַדעקט מיט וווּנדן און ער פלעגט צוגנבענען פון די הינטישע בודעס דאָ סעסן, וואָס מען האָט געגעבן פאַר די הינט. עס האָט אויסגעזען ווי די הינט וואָלטן אים אַרויסגעוויזן דאָס מיטגעפיל, וואָס ער האָט נישט געקענט געפינען ביי די מענטשן. ער פלעגט זיך באַהאַלטן אין פערד־שטאַלן, אין סטויגעס היי. צוויי חדשים פאַר דער באַפרייאונג האָבן אים די פויערים אַליין דערהרגעט.

אַזוי שטייען זיי פֿאַר מײַנע אויגן, די אײדעלע לויטערע געשטאַלטן, וועלכע זענען מיט אַזאַ גרויזאַמקייט אומגעבראַכט געוואָרן. כ׳זע פֿאַר זיך דעם פֿעטער בער, איינער פֿון די רייכסטע און אָנגעזעענסטע באַלעבאַטים פֿון שטעטל, געפֿירט גרויסע מסחרים און זיך קונה־שם געווען מיט זיין ערלעכקייט סיי בײַ יידן סיי בײַ קריסטן. ער איז געווען אַ שטאַלצער ייד און האָט אימפּאָנירט אויך מיט זיין אויסערלעכן אויסזען. נישטקוקנדיק אויף זיינע איין־און־זיבעציק יאָר איז זיין הויכגעוואַקסיקע פֿיגור נישט געווען געבויגן. פֿון אונטער זיין הויכן לומדישן שטערן האָבן אַרויסגעקוקט קלוגע שוואַרצע אויגן און זיין לענגלעך פּנים איז געווען אַרומגעראַמט מיט דער לאַנגער גרויליכער באָרד. ער איז געווען אַ גרויסער בעל־צדקה און יעדער נויטבאַדערפֿטיקער האָט בײַ אים געקענט באַקומען אַ גמילות חסד. אויך די מומע צביה איז געווען אַזאַ גוטע נשמה און זייער הויז איז געווען אָפֿן פֿאַר אָרעם און רײַך. איר שיין פּנים האָט שטענדיק געשמייכלט, האָט זיך קיינמאָל נישט געברוגזט. אין זייערע וועגן זענען אויך געגאַנגען זייערע דריי זין: איסר, לייזער און פּייוול מיט זייערע פֿרויען און קינדער. די שיינע ליכטיקע סימעלע, איסר בערגערס פֿרוי, איז דאָך געווען די גוטסקייט אַליין. פֿרויען מיט צעבראָכענע הערצער פֿלעגן קומען צו איר זיך אויסרעדן און זי האָט פֿאַר אַלע געהאַט אַ גוט וואָרט, אַ טרייסט און אויך ממשותדיקע הילף, האָט געשריבן בריוו פֿאַר די, וואָס האָבן געהאַט קרובים אין אַמעריקע און האָבן אַליין נישט געקאָנט שרייבן. מען האָט איר נישט געדאַרפֿט זאָגן וואָס צו שרייבן, זי האָט געקענט אויסנווייניק יעדנס געמיט, יעדנס נויט.

צוזאַמען מיט איר מאַן און איינציקע טאָכטער שרהלע, אַן 18־יאָריקע שיינ־הייט, אַ סטודענטין אויפֿן אוניווערסיטעט, זענען זיי טראַגיש אומגעקומען אין לודמיר, וווּהין זיי זענען געלאָפֿן זיך ראַטעווען.

טראַגיש איז אויך אומגעקומען מיין קוזין בערגער און זיין פֿרוי לאהקע מיט זייערע דריי טעכטערלעך. זיי זענען אַוועק קיין לוצק צו לאהקעס עלטערן, ווו זיי האָבן געמיינט זיך צו ראַטעווען פֿון אומקום און האָבן דאָרט געטיילט דעם גורל פֿון די לוצקער יידן.

דער יונגסטער זון פֿון די בערגערס, פּייוול, איז געבליבן אין וואָיסלאָוויץ, האָט מיטגעמאַכט דאָרט אַלע עטאַפּן פֿון פּיין און יסורים ביז עס איז געקומען דער אכזריותדיקער טויט.

די פֿאָלקסדויטשן, וועלכע האָבן דורכגעפֿירט די ערשטע רעוויזיעס אין די פֿאַרמעגלעכע הייזער, זענען אַריינגעקומען אין פּייוול בערגערס שטוב, דורכ־געפֿירט דאָרט די רעוויזיע מיט דער גרעסטער ברוטאַלקייט. דערנאָך געהייסן פּייוולס ווייב פֿייגעלע, זאָל זיך אויסטאָן נאַקעט, אָבער זי איז געשטאַנען אַ פֿאַר־

גליווערטע און זיך נישט גערירט פון אָרט. די רוצחים האָבן זיך אין גרויס כעס געוואָרפן אויף איר, מערדערלעך געשלאָגן און אַראָפּגעריסן פון איר די קליידער.

די קליינע ברכהלע האָט שרעקלעך געיאָמערט, געבעטן זיך ביי דער מוטער:

„מאַמע, זיי ווילן דיך דאָך דערהרגענען".

די מוטער האָט איר געענטפערט:

„דער כבוד פון מענטש דאַרף אַמאָל זיין טייערער ווי דאָס אייגענע לעבן".

אין אָוונט בין איך אַריינגעקומען צו זיי אין שטוב. פייגעשע איז געלעגן אויפן בעט, שוין עטוואָס באַרואיקט. די מומע צביה, איר שוויגער, האָט איר געלייגט נאַסע קאָמפּרעסן אויף איר פאַרוווּנדעטע לייב. איר אַלטער טאַטע, דודל ישראלס איז געזעסן און געזאָגט תהילים. ער איז געווען אַ ייד אַ בן־תורה מיט איידעלע מידות.

איך האָב געפרעגט פייגעשען ווי זי פילט זיך. אויף איר פּנים האָט זיך באַוויזן אַ טרויעריקער שמייכל. זי האָט געזאָגט:

„דאָס איז נאָך נישט אַלץ. עס הייבט זיך ערשט אָן".

מיט יעדן טאָג איז די לאַגע פון די יידן אין שטעטל געוואָרן ערגער. עס זענען אַראָפּגעקומען די ס.ס.־לייט, זענען גלייך אַריין אין דער גאַרבעריי, קאָנ־פיסקירט דאָרט די גאַנצע לעדער און אַרויסגעהאַנגען אויפן דאָך די דייטשע פאָן מיטן האָקנקרייץ. דאָס האָט געהייסן, אַז די דייטשן זענען שוין די אויסשליסלעכע באַלעבאַטים פון דער גאַרבעריי.

ווער עס האָט געקענט איז געלאָפן זיך באַהאַלטן צו באַקאַנטע גויים אויף די אוליצעס.

די שותפים אין דער גאַרבעריי זענען געווען וואָלוויש הובערמאַן, אפרים גערבער, משה גאָלדשטיין און מיין מאַן יאָסל שלאַק. ווען דער בירגערמייסטער פון שטעטל, אַ פאָלקס־דויטש מיטן נאָמען גרינקע, האָט איבערגענומען די גאַר־בעריי איז ער געקומען צו אונדז, גערעדט גוטע רייד, אַז ער וועט גאַראַנטירן, עס זאָל די גאַרבערס נישט געשען קיין שלעכטס און זיי זאָלן זיך שטעלן אַרבעטן, דאַן וועט מען זיי נישט שיקן אין די אַרבעטס־לאַגער. די שותפים פון דער גאַרבעריי האָבן זיך צוגעשטעלט צו דער אַרבעט.

אין ביאַלע־פּאָלע, אַ דאָרף נישט ווייט פון כעלם, האָט געוווינט מיין עלטערע שוועסטער רחל מיט איר מאַן פנחס און זייער 5־יאָריק יינגעלע ישראליקל. זיי האָבן געהאַט אַ וואַסער־מיל בשותפות מיט זיין ברודער יאָסל. דאָס איז געווען אַ ירושה פון זייערע עלטערן. אַזוי ווי די דייטשן זענען אַריין האָבן זיי קאָנפיסקירט די מיל פאַר דער געמיינדע און מיין שוואָגער פנחס איז דאָרט געבליבן אַרבעטן.

אין אַ ווינטערדיקן טאָג האָב איך זיך אַרויסגעלאָזט פאָרן צו מיין שוועסטער.

איך בין געווען איבערגעטון ווי אַ פּויערטע און מיר איז געלונגען אָנצוקומען קיין ביאַלע־פּאַלע. ווען מיין שוועסטער האָט מיך דערזען איז זי אַרויפגעפאַלן אויף מיר מיט אַ גרויס געוויין. עס איז דאָרט געווען אַ משפּחה פון וואַרשע, צוויי מענער און אַן עלטערע פרוי. זיי זענען געווען פרעמדע, אָבער מיין שוואָגער פּנחס האָט געזאָגט, אַז איין ייד מוז העלפן דעם אַנדערן מיט וואָס ער קען און האָט זיי אַריינגענומען צו זיך אין שטוב. די עלטערע פרוי האָט צו מיר געזאָגט: „איר דאַרפט זיין שטאָלץ מיט אַזאַ שוועסטער, זי איז אַ צדיקת".

אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן די רוצחים זיי אַלע אַרויסגעפירט אין אַ לאַגער, פון וואַנען זיי האָבן זיך שוין מער נישט אומגעקערט. דעם זעלבן גורל האָט אויך געהאַט מיין ברודער שלמה.

פאַר די, וואָס האָבן געאַרבעט אין דער גאַרבעריי האָבן די דייטשן אַרויסגעגעבן ספּעציעלע אויסוייז־שיינען, וועלכע האָבן דערלויבט צו פאָרן קיין כעלם צו ברענגען מאַטעריאַלן צום אויסאַרבעטן דאָס לעדער. געפאָרן זענען מיינסטנס גויים. פון צייט צו צייט איז אויך געפאָרן אַ יידישער בעל־עגלה, גרשון פּיש. ער האָט געוווינט נעבן דער גאַרבעריי. איינמאָל ווען גרשון איז צוריקגעפאָרן פון כעלם שפּעט ביינאַכט האָבן אויפן וועג די פערד מיטאַמאָל זיך אָפּגעשטעלט און נישט געוואָלט ווייטער גיין. גרשון איז אַראָפּ פון וואָגן. ער האָט געמיינט, אַז עס ליגט אַ טויטער אויפן וועג, ווארום אין יענער צייט האָבן זיך געוואַלגערט אויף די וועגן געפרוירענע יידן, וואָס זענען אַנטלאָפן פון די שטעט. ער האָט קיינעם נישט געזען, אָבער מיטאַמאָל האָט זיין אויער אויפגעכאַפּט דאָס קרעכצן פון אַ מענטש, וואָס איז געקומען פון אונטערן שניי.

גרשון האָט גיך גענומען אַוועקשאַרן דעם שניי און פאַר אים האָבן זיך אַנטפּלעקט די קערפּערס פון צוויי מענטשן. זיי האָבן נאָך געלעבט. דאָס זענען געווען רוסישע יידן, וואָס זענען אַנטלאָפן פון דייטשן געפאַנגען־לאַגער. גרשון האָט אַרויפגענומען די צוויי יידן אויפן וואָגן, אויסגעטון פון זיך די בורקע און איינגעהילט מיט איר די צוויי יידן.

ווען ער איז אָנגעקומען אין דער גאַרבעריי איז שוין געווען שפּעט נאָך האַלבער נאַכט. מיין יאָסל, אפרים־מעכל און משה גאָלדשטיין האָבן שוין אויף אים געוואַרט. זיי האָבן אַראָפּגענומען דאָס מאַטעריאַל, אויפגעוועקט די פרויען, וועלכע האָבן זיך גלייך גענומען מאַכן עפּעס עסן פאַר די אַנטלאָפענע יידן פון דייטשער געפאַנגענשאַפט. זייערע מיליטערישע מונדירן האָבן זיי אַרויסגעטראָגן אויף דער לאָנקע, באַגאָסן מיט נאַפט און פאַרברענט, און מיר האָבן זיי איבערגעטון אין ציווילע מלבושים און מען האָט זיי באַהאַלטן אין קעלער פון דער גאַרבעריי. העריש גראַדער איז געקומען יעדע נאַכט היילן זייערע אָפּגעפרוירענע פיס.

אַזוי זענען זיי געווען ביי אונדז אַ גאַנצן ווינטער. ווען עס איז אָנגעקומען דער זומער 1942 האָט זיך די לאַגע שטאַרק פאַרערגערט. מען האָט געזען, אַז עס דערנענטערט זיך דער סוף. אין די אַרומיקע שטעטלעך און דערפער זענען שוין קיין יידן נישט געווען און ביי אונדז אין שטעטל האָט מען זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, וואָס עס דערוואַרט אונדז. מען האָט מתפלל געווען אויף אַ נס, אָבער דער נס איז נישט געקומען.

מיטן זומער איז אָנגעקומען דער פינצטערער באַפעל, אַז די יידן דאַרפן פאַרלאָזן דאָס שטעטל און גיין אויף כּעלם. פון דאָרט האָבן די רוצחים זיי אָוועקגעפירט קיין וולאָדאווע. אַ סך זענען אומגעקומען אין די וואַסערן פון בוג. הערש שאַר, מיין מאַמעס ברודערס אַ זון, איז אַוועק מיט זיין פרוי און קינד זיך באַהאַלטן ביי אַ באַקאַנטן גוי, באַיקאָ, פון דער אוקראַנער אוליצע, וועלכן ער האָט גוט באַצאָלט פאַר אַ באַהעלטעניש אין שטאַל אונטער די פערד. אַ חודש צייט זענען זיי דאָרט געווען באַהאַלטן, אָבער איינמאָל האָבן די שכנים געהערט דאָס וויינען פון זייער יינגעלע, וואָס איז אַלט געווען אַ יאָר. און זיי זענען אָוועק איבערגעבן דאָס די דייטשן, וועלכע האָבן אויפגעדעקט דאָס באַהעלטעניש, אַרויסגעשלעפּט הערשן מיט זיין פרוי חיה, זייער קינד, חיהס שוועסטער קיילע. צוזאַמען מיט דעם גוי באַיקאָ, האָבן זיי אַלע אָוועקגעפירט קיין כעלם, ווו די געסטאַפּאָ האָט זיי אַלע אויסגעשאָסן.

טראַגיש איז אומגעקומען מיין חברטע פרײדע קלייד מיט איר מאַן בצלאל טענענבוים און זייערע צוויי זין פון פינף און פון דריי יאָר. בצלאל האָט געהאַנדלט מיט וואַלד און זיינס אַן אַרבעטער, פון מיידאַן, האָט אים צוגעזאָגט צו מאַכן אַ גוט באַהעלטעניש פאַר דער גאַנצער משפּחה, ווו ער וועט אים באַזאָרגן מיט אַלעמען. בצלאל האָט אים אָוועקגעגעבן אַלץ וואָס ער האָט פאַרמאָגט, געלט און ווערט־זאַכן און אַלץ וואָס ער האָט געהאַט אין שטוב. צוויי חדשים זענען זיי ווירקלעך געווען באַהאַלטן ביי דעם גוי, וועלכער האָט זיי אין אַ פינצטערער נאַכט אָוועקגעפירט אין וואַלד און זיי אויפגעהאַנגען.

עס איז שווער. ממש אוממעגלעך צו באַשרייבן די אַלע פאַלן פון רויב און מאָרד. געציילטע זענען די, וואָס האָבן אויף אַן אמת געהאָלפן יידן.

פיין און יסורים האָבן זיך אויך אָנגעליטן פייגע לודען מיט איר מאַן און קינדער, דינה שטיין מיט איר מאַן גרשון, מיין טייערע מומע צביה מיט איר פריינדין פייגע רייז, וועלכע מען האָט גערופן פייגע דעם מילכיקערס. זיי האָבן נישט געוואָלט מיטגיין מיט זייערע קינדער דעם לעצטן וועג, געזאָגט, אַז זיי זענען צו אַלט און שוואַך און ווילן נישט, אַז זייערע גופות זאָלן זיך וואַלגערן אויף די וועגן, ווילן בעסער שטאַרבן אויפן אָרט. זיי זענען געבליבן אַליין אינעם

פֿאַרלאָזטן וויסטן שטעטל, זענען געלעגן אין די בעטן און געוואַרט אויפֿן טויט. צוויי טעג זענען זיי אַזוי געלעגן. פֿאַרנאַכט האָט זיך אַריינגעריסן אין זייער שטוב דער אוקראַינער מיטקא פֿון דער גראַבאָוויצער אוליצע. האָט זיי שרעקלעך צעשלאָגן און אַוועקגעפֿירט צו די דייטשן, וועלכע האָבן זיי דערשאָסן.

דאָס אַלץ האָט מיר דערציילט גרושקאָווסקי.

אויך מיר זענען געגאַנגען זיך באַהאַלטן צו מיינס אַ באַקאַנטן קריסט, וואָס האָט געוווינט צוויי קילאָמעטער פֿון שטעטל, אַן ערלעכער און פֿרומער 65־יאָריקער מאַן. מיר, איך מיט מיין מאַן און קינד, זיין שוועסטער חוה מיטן ברודער אבא, זענען אָנגעקומען צו אים שפּעט ביינאַכט. ער האָט אונדז אַריינגעפֿירט אין שייער און באַהאַלטן אונדז אונטער די סנאָפּעס תבואה.

דריי טעג זענען מיר דאָרטן געזעסן. זיין פֿרוי, אַ גוטע און פֿרומע קריסטין האָט אונדז געברענגט עסן און טרינקען, אָבער אויפֿן דריטן טאָג ביינאַכט איז דער גוי אַריינגעקומען צו אונדז, געזאָגט, אַז מיר קענען דאָ לענגער נישט בלייבן און געראָטן, אַז מיר זאָלן זיך מאַכן אַ בונקער אין וואַלד. דאָרט איז דאָס איינציקע אָרט, וווּ עס איז נאָך דאָ אַ האָפֿענונג זיך אָפּצוראַטעווען.

דער טראַשטשינקער וואַלד איז געווען נישט ווייט. דער גוי צוזאַמען מיט זיין זון איז מיט אונדז מיטגעגאַנגען אַהין און ביים שיין פֿון דער לבנה האָבן מיר זיך גענומען גראָבן דעם בונקער צווישן געדיכטעביימער און שטעכיקע גראָזן, וואָס האָבן פֿאַרמאַסקירט די עפֿענונג און עס האָט ווירקלעך אויסגעזען צו זיין אַ זיכער אָרט.

נאָך צוויי וואָכן ליגן אין דעם בונקער האָבן מיר דערפֿילט דעם מאַנגל אין שפּייז און אין איינער אַ נאַכט איז יאָסל אַרויסגעקראָכן פֿון בונקער, אַוועק צו אונדזערס אַ באַקאַנטן גוי, כמיעל, וועלכער האָט געוווינט אין דער דירה פֿון מיין קוזין איסר בערגער. יאָסל האָט אים געגעבן געלט, ער זאָל איינקויפֿן אַביסל עסנוואַרג. כמיעל האָט אים צוגעזאָגט, אַז די צווייטע נאַכט, ווען ער וועט קומען, וועט אַלץ זיין גרייט. ווען ער איז געקומען, האָט שוין אויף אים געוואַרט אַן ס.ס.־מאַן און אים אַוועקגעפֿירט צום אומקום.

דאָס איז געווען די נאַכט פֿונעם 28־טן נאָוועמבער 1942.

מיר זענען געבליבן אין בונקער קנאַפּע צוויי יאָר. די איבערלעבונגען אין משך פֿון די צוויי יאָר איז ממש אוממעגלעך צו באַשרייבן. דאָס קלינגט אומ־גלויבלעך. מיר אַליין האָבן נישט געגלויבט, אַז מיר וועלן דאָס אַלץ איבערלעבן.

האַרבסט 1944 איז די געגנט פֿאַרנומען געוואָרן דורך די רוסן און מיר זענען אַרויס פֿון בונקער. איך מיט מיין טאָכטער שרהלע, מיין מאַנס שוועסטער חוה און זיין ברודער אבא שלאק.

אין דער דאָזיקער פינצטערער צייט האָט ווי אַ ליכטיקער שטראַל געלויכטן די גוטסקייט פונעם איידעלן קריסט, וואָס האָט אונדז געהאָלפן איבערלעבן די דאָזיקע גרויזאַמע צייט. ער האָט פאַר אונדז געגראָבן דעם בונקער און געזאָרגט פאַר אונדז אויך שפּעטער. מיר וועלן אים קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

צוליב פאַרשטענדלעכע סיבות טאָרן מיר נישט פאַרעפנטלעכן זיין נאָמען, אָבער אין אונדזערע הערצער איז ער איינגעקריצט אויף אייביק..

אַזוי איז פאַרשניטן געוואָרן אונדזער שטעטעלע וואַיסלאַוויץ.

טייערע, אומפאַרגעסלעכע קדושים וטהורים, איך בויג פאַר אייך מיין קאָפּ מיט אַ טיפן ווייטיק אין האַרצן!

יתגדל ויתקדש שמי רבא. **חיה איידלמאַן־בלאַט**



**אויבן פון לינקס:** יאסל קאַלמאַנאָוויטש און זיין פרוי צירל צייטלס (היינט אין חיפה), ברכה בוים בענדערס (מילער) און האדל מארער (לייבישל וואַסערפירערס טאָכטער).
**2־טע שורה:** דודל מלמדס קינדער: אברהם און שיינדל וועלטשער, חסינה מיטלמאַן און חנה אבישעס (קירשנהאלץ).
**3־טע שורה:** שיע קורץ (לוק), יאסל לענטשינסקי, אברהם־שיע האז און יאסל מאסטבוים.

**מענדל בארעק**

# דער
# אנהויב פונעם סוף

אין יאָר 1939 בין איך געווען אין לאָדז און נאָכן היטלעריסטישן איבער־פאַל, ווען עס זענען שוין געווען איבערגעריסן די קאָמוניקאַציע־וועגן האָב איך צוזאַמען מיט מיין פרוי זיך אַוועקגעלאָזט צופוס אין דער ריכטונג פון וואָיסלאָוויץ. ווען מיר זענען אָנגעקומען אין שטעטל זשיראַדאָוו, האָבן מיך די דייטשן פאַר־האַלטן און אַוועקגעשיקט צוזאַמען מיט נאָך הונדערטער יידן קיין דייטשלאַנד, וווּ איך בין צוויי חדשים געווען אין אַ לאַגער, דורכגעמאַכט פיין און יסורים.

ענדלעך איז מיר געלונגען צו אַנטלויפן און אָנקומען צוריק קיין לאָדז, פון וואַנען איך האָב זיך נאָך עטלעכע טעג ווידער געלאָזט אין וועג אַריין.

אָנקומענדיק קיין לובלין האָב איך דאָרט געטראָפן גרשון מענדעלעס פיש און צוזאַמען מיט אים אַהיימגעפאָרן. ער האָט מיר דערציילט, אַז ביז איצט איז



דרייזקע לאַנג, שיע פון מילעכלס טאָכטער. ביי אים האָבן די דייטשן צוגענומען דאָס פעקל לעדער פאַר וועלכן ער האָט געמיינט צו דערנערן זיין בני־בית אין יענער פינצטערער צייט.



דניאלס קינדער : ישראלק, איטע און חנה.

אין שטעטל געווען רואיק. אַנקומענדיק קיין כעלעם און אַרויספאָרנדיק פון שטאָט האָבן מיר דערזען פאָרן הינטער אונדז אַ פור מיט געסטאַפּאָווצעס. מיר האָבן גלייך פאַרשטאַנען אַז די מערדער פאָרן קיין וואָיסלאָוויץ. זיי האָבן אָפּגעשטעלט אונדזער פור און אַ פרעג געטון: „יודע?"

גרשון האָט געמאַכט דעם אַנשטעל, אַז ער איז אַ פּאָלאַק און פאַרשטייט נישט וואָס זיי פרעגן. מיר האָבן זיך נישט אָנגערופן מיט קיין וואָרט. ביי דער רעוויזיע, וואָס זיי האָבן דורכגעפירט האָבן זיי צוגענומען אַ פּעקל לעדער, וואָס האָט געהערט צו שיען פונעם מילעכל, וועלכער איז געפאָרן צוזאַמען מיט אונדז. מיט אונדז זענען אויך געפאָרן דניאל וואָס האָט געוווינט נעבן די ברושיכע; הערש טערוועצער. ביים אַוועקגיין האָבן די דייטשן אונדז געדראָט: „מיר וועלן אייך אויסלערנען האַנדלען..."

אַנקומענדיק אין שטעטל האָבן מיר גלייך דערפילט די דייטשן. פאַרנאַכט ביי מנחה מעריב זענען זיי באַפאַלן דעם פּאָליש צוזאַמען מיט אַ חברה לאָבוזעס פון די אוליצעס און האָבן מערדעריש צעשלאָגן די יידן וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען. אַ גרויסע שרעק האָט אַרומגענומען דאָס גאַנצע שטעטל. מען האָט פאַרהעמערט טיר און פענצטער, פאַרלאָשן דאָס ליכט און קיין ייד האָט נישט געוואַגט אַרויסצוגיין אין גאַס.

אויפן צווייטן טאָג, אַזייגער עלף האָבן זיך באַוויזן די זעלבע חברה לאָבוזעס, האָבן זיך דורכשפּאַצירט דעם צענטער און אַוועק צו דער שול, אָבער זיי האָבן דאָרט קיינעם נישט געטראָפן.

אין יענעם טאָג איז געווען אַ קריסטלעכע חגא און אַ סך פּאָליאַקן האָבן זיך גענומען זאַמלען אַרום דער שול. די דייטשן זענען אַריין אינעווייניק, געזוכט און געוואָרפן וואָס עס איז זיי געקומען אונטער דער האַנט. אינעם קעמערל, וואָס איז געווען ביי די טרעפּ פון דער ווייבער־שול, האָט סרולקע שמש געהאַט ליגן



**שמואלקע וואַרשעווערס טאָכ־טער פייגע טאַשער און מענדל־יאשעס זון, שמחה גוטערמאַן.**

פונקט ווי זייערע טאַטעס האָבן זיי, נאָר אויף אַנדערע וועגן, געמיינט, אַז די גערעכ־טיקייט וועט זיגן; געגלייבט, אַז עוד לא כלו כל הקצין און אַז דער מענטש וועט פאָרט בלייבן די קרוין פון דער יצירה. די גרויזאַמע ווירקלעכקייט האָט אַ סוף געמאַכט צו אַלע זייערע חלומות.

אַביסל אויבס. די לאָבוזעס האָבן עס אַלץ אַרויסגעוואָרפן אויף דער גאַס און געטרעטן מיט די פיס. ווער עס האָט געוואָלט האָט זיך גענומען אַ זעקל אויבס. סרולקע שמש מיטן ווייב פעשע האָבן דערזען דאָס אומגליק און ריזיקירנדיק מיטן לעבן זענען זיי אַרויס אין גאַס, אָנגעהויבן וויינען און בעטן די דייטשן, מען זאָל זיי נישט רואינירן, אָבער יענע האָבן פון זיי געחוזקט און אויסגעלאַכט, האָבן סרולקען שטאַרק צעשלאָגן און ער איז געבליבן אויף דער ערד אָן באַוווסט־זיין. דאָס אַלץ האָב איך צוגעזען מיט מיינע אויגן.

## חסידי אומות העולם

איך בין שוין געווען געווינט צו אַזעלכע בילדער, וואָס איך האָב צוגעזען אין אַנדערע שטעטלעך. איך האַלט פאַר מיין חוב אונטערצושטרייכן די מענטש־לעכע באַציאונג פון דער פרוי קריסטיאַנטשיק, וואָס האָט געווינט נעבן שאָסטאַ־קיעוויטשן. זי האָט צוגעזען די דאָזיקע סצענע און מיט אַ הויכער שטים, וואָס האָט זיך געשטיקט פון טרערן, האָט זי זיך געוואָנדן צו די פּאָליאַקן:

„טשעפּעט נישט די יידן, רירט זיך נישט צו צו זייערע הייליקייטן, פאַר־שוועכט זיי נישט... די יידן וווינען שוין מיט אונדז הונדערטער יאָרן און דאָס אַלץ האָבן זיי דערגרייכט מיט שווערער מי און מאַטערניש... פון אינדערפרי ביז נאַכט דינען זיי אין דער דאָזיקער שול צו גאָט, בעטן צו אים און טשעפּען נישט קיינעם, טוען קיינעם נישט קיין שלעכטס...”

די דייטשן, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען זענען צוגעגאַנגען צו איר און געפרעגט צי זי איז אַ יידישע. זי האָט געקוקט אויף זיי מיט פאראכטונג און געשוויגן. די פּאָליאַקן האָבן געענטפערט, אז זי איז אַ קריסטין. דעמאָלט האָבן די דייטשן באַפוילן איר, אַז זי זאָל זיך שנעל אָפּטראָגן פון דאַנען, אַנדערש וועלן זיי זי אַרעסטירן.

זי האָט געהערט צו די געציילטע, פון די חסידי אומות העולם, וואָס זענען אָבער נישט אימשטאַנד געווען צו פאַרטרייבן די פינצטערניש און אָפּראַטעווען דאָס לעבן פון די הונדערטער יידן, מיט וועלכע זיי האָבן געלעבט אַזויפיל יאָרן אין שטעטל, געשלאָגן וואָרצלען און אַריינגעבּרענגט לעבן.

נישטאָ מער די יידן, וואָס זענען ביז שפּעט אין די נעכט געזעסן אין פאליש און געלערנט. נישטאָ מער מענדל יאָשעס, לייבעלע יויזשעס, שמואלקע וואַרשעווער שיע חווהס, פייוועלע לאהקעס און אַ סך, אַ סך אנדערע, וואָס האָבן געוואַרעמט די נשמה מיט די גמרא־ניגונים, נישט געטשעפּעט קיין פליג אויף דער וואַנט און נאָר געטראַכט פון עבודת הבורא.

נישטאָ מער קיין יידן אין וואָיסלאָוויץ. אַ טויטע שטילקייט שרעקט און וואָרנט. אַ שטומער גרויל האָט אַלץ פארצויגן.



**שרה גערבער (טורבינער)**

# פחד, הונגער און טויט

דער גורל האָט געוואָלט, אַז מיר זאָלן בלייבן ביי די דייטשן. אפרים האָט געאַרבעט אין דער פאַבריק. די ערשטע טעג זענען אַדורך רואיק, אָבער די פּוסטקייט און מרה שחורה, די שרעק און דער פּחד האָט אויסגעפילט די גאַנצע לופט אַרום. אין שטוב און גאַס שטעלט אָפּ איינער דעם צווייטן און פון אַלעמענס אויגן און פּנימער שרייט אַראָפּ די פראַגע: וואָס טוט מען? איז טאָקע נישטאָ קיין רעטונג פאַר אונדז? נישטאָ ווו צו אַנטלויפן. מען מוז זיך פאַרלאָזן אויף נסים. אין דער גאַרבעריי האָט מען באַשעפטיקט אַ סך מענטשן, כאָטש עס איז נישט געווען פאַר אַלע קיין אַרבעט, אָבער עס האָט געהייסן פאַר די דייטשן, אַז זיי אַרבעטן און מען האָט געמיינט, אַז דאָס וועט העלפן מען זאָל זיי נישט אַוועקשיקן.

די לאַגע איז אָבער מיט יעדן טאָג געוואָרן אַלץ שווערער און ביטערער. מענטשן האָבן זיך געפּרוווט העלפן קעגנזייטיק. אויך מיר האָבן געהאָלפן מיט אַ ביסל עסן און מיט געלט פאַר נויטבאַדערפטיקע, ריזיקירנדיק דערביי מיט אונדזער אייגן לעבן.

אין אַ געווויסן טאָג איז אפרים געקומען אַהיים פון דער פאַבריק. אינדרויסן איז געווען אַ פראָסט. זיינע ערשטע ווערטער זענען געווען פליסטערנדיקע: „שרה, עס איז אַנטלאָפן פון געפאַנגענשאַפט אַ רוסישער סאָלדאַט, אַ ייד. ער איז געקומען פון כעלם און איז באַהאַלטן ביי משה ארישעס. מען דאַרף אים אַהינטראָגן אַביסל עסן".

מיר זענען זיך צונויפגעקומען מיט פישל גאָלדשטיין, יאָסל מאסטבוים און וואלוויש הובערמאַן. מיר האָבן באַשלאָסן מיט בשותפותדיקע כוחות אים אויסצוהאַלטן מיט עסן און מיט אַלעם וואָס ער וועט זיך נויטיקן. יעדע וואָך האָט אַן אַנדערער גענומען די אויסהאַלטונג אויף זיך. אינגיכן איז דער ייד געוואָרן מיט אונדז זייער היימיש און צוגעבונדן צו אונדז. אַמאָל אין אַ שבת האָט אפרים באַשלאָסן

צו נעמען דעם ייד צו זיך אַהיים, ער זאָל זיצן ביי אַ שבתדיקן טיש ווי אַמאָל אין זיין פריערדיקער היים.

ביים טיש האָבן מיר זיך באַמיט צו האָבן פריילעכע מינעס, מיר האָבן געטרונקען לחיים און איך האָב דערלאַנגט פיש. פלוצלונג האָט מיין פאָטער דערזען דורכן פענצטער, אַז עס דערנענטערט זיך צו אונדזער הויז אַ פּאָליציאַנט. באַלד האָט ער טאַקע אַנגעקלאַפּט אין טיר. אַלע זענען מיר געבליבן ווי פאַרשטיינערטע. עס איז שוין געווען שפּעט צו באַהאַלטן דעם ייד. בלית ברירה האָט אפרים געעפנט די טיר און אָפּגעגעבן דעם פּאָליציאַנט אַ ברייטן דזיען דאָברי, פאַרבעטן אים צום טיש און אַנגעגאָסן אַ כוסה. אַלע אין שטוב באַמיען זיך צו רעדן מיטן פּאָליציאַנט וועגן פאַרשידענע זאַכן און פאַרהאַקן אים דעם קאָפּ, ער זאָל נישט באַמערקן דעם פרעמדן ייד, וואָס האָט די גאַנצע צייט נישט געקענט זיך אָנרופן מיט קיין איין וואָרט, ווייל ער האָט נישט געקענט קיין פויליש.

צום גליק איז עס אונדז געלונגען און דעם פּאָליציאַנט איז נישט איינגעפאַלן צו פרעגן זיך ווער עס איז דער פרעמדער ייד. נאָכן אויסטרינקען עטלעכע כוסות איז ער אַוועק, אָבער אין שטוב איז געבליבן אַ שווערער אומרו. דער טאַטע האָט זיך ביי אונדז געבעטן, מיר זאָלן בעסער האַלטן דעם ייד אין אַ באַהעלטעניש און נישט אַריינעמען אים אין שטוב, ווייל עס קען חלילה קומען צו אַ גרויס אומגליק.

מיט דער צייט פלעגט דער ייד זיך אַריינגנבענען אין דער פאַבריק אין די אָוונטן און גערעדט מיט אונדז וועגן דער לאַגע, געזאָגט, אַז מען דאַרף עפּעס טון און נישט לאָזן זיך אומברענגען פון די דייטשן, נישט לאָזן זיך אויסשעכטן ווי די שעפּסן. מען דאַרף אַוועק אין וואַלד, איינשאַפן זיך געווער און קעמפן.

מיר האָבן זיך צוגעהערט צו זיינע רייד און מורא געהאַט ערנסט צו פאַרטראַכטן זיך איבער זיי. די שרעק פאַרן טויט האָט אַלעמען באַהערשט. נאָך אַ געוויסער צייט איז עס דערגאַנגען צום יודנראַט, אַז מיר באַהאַלטן אויס אַ רוסישן געפאַנגענעם, אַ ייד. מען איז געקומען אין דער גאַרבערייי און געפאָדערט, אַז מיר זאָלן דעם ייד אַוועקשיקן. אַנדערש וועט עס דערגיין צו די דייטשן און אַלע וועלן מיר זיין אומגליקלעך.

מיר האָבן געפּרוווט אָפּלייקענען, געטענהט, אַז מיר ווייסן גאָרנישט און באַהאַלטן נישט קיינעם. אָבער שפּעטער איז אַריין צו אונדז דער רב און גענומען זיך ביי אונדז בעטן, אַז מיר זאָלן זיך דערבאַרעמען איבערן שטעטל און נישט טון אַ זאַך, פאַר וועלכער עס קען לײדן דער כלל. מיר קענען, חלילה אומברענגען דאָס גאַנצע שטעטל מיט דעם פרעמדן ייד אינאיינעם.

נישט האָבנדיק קיין ברירה האָבן מיר אין אָוונט צעזעגנט דעם ייד,

ווי אַזוי עס זעט אויס די לאַגע און אַז צופיל מענטשן ווייסן שוין וועגן אים. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ער טאָר לענגער נישט בלייבן. מיר האָבן אים געגעבן מלבושים און געלט און ער האָט זיך גענומען גרייטן צום אַוועקגיין.

ביים געזעגענען האָט דער ייד מיטאַמאָל זיך צוזאַמענגעבראָכן און נישט געקענט איינהאַלטן די טרערן. מיט אַ פאַרשטיקט קול האָט ער גערעדט:

„איך פיל, אַז איך וועל לאַנג נישט אויסהאַלטן, אָבער מיר גייט אין אייך, געדענקט וואָס איך האָב מיט אייך גערעדט. די רוצחים ווילן אַלע יידן אומ־ברענגען. נעמט זיך אין די הענט אַריין און ראַטעוועט זיך, קעמפט, שווייגט זיי נישט די רוצחים".

ער איז אַוועק און אין עטלעכע טעג אַרום האָבן אונדז די גויים דערציילט, אַז אויפן וועג קיין אוכאַן האָט מען געפונען אַ דערהרגעטן ייד. לויט די שילדערונג איז דאָס געווען דער רוסישער ייד, וועלכן מיר האָבן אין משך פון אַזויפיל חדשים באַהאַלטן און לסוף אים אויסגעגעבן דעם טויט.

דער הימל איבערן שטעטל איז געוואָרן אַלץ מער פאַרכמורעט עס האָבן זיך אָנגערוקט אַלץ שווערערע צייטן. די דייטשן האָבן אַרויסגעגעבן אַלץ מער נייע און נייע גזירות, געפאָדערט קאָנטריבוציעס, וואָס דער יודנראַט האָט געדאַרפט צושטעלן. אין אַ געוויסן טאָג איז מען אַריין צו אונדז אין שטוב און פאַרנומען מיין ברודער, יחיאלן. מען האָט דעמאָלט פאַרנומען אַ סך יידן פון שטעטל, מכלה טורבינער, טובהלע מאסקאל, שיע לאנג און נאָך אַ סך אנדערע, וועלכע מען האָט אַוועקגעשיקט קיין סאָביבאָר אויף שווערע אַרבעט.

מכלה מיט טובהלע האָבן זיך שפּעטער אומגעקערט. מכלה האָט אונדז איבערגעגעבן אַז יחיאלן האָט מען אַוועקגעשטעלט ביי גאָר שווערער אַרבעט און דערביי שטאַרק געשלאָגן, ביז ער איז קראַנק געוואָרן און באַקומען פיבער. קיינער איז צו אים נישט צוגעגאַנגען ווייל מען האָט מורא געהאַט פאַר אָנשטעקן זיך, נאָר מכלה איז געווען מיט אים ביז זיינע לעצטע שעהן. פאַרן טויט האָט ער געבעטן מכלהן זי זאָל אים געבן אַביסל וואַסער. ווען זי האָט אים דערלאַנגט דאָס וואַסער האָט ער צו איר געזאָגט: „מכלה, איך שטאַרב. באַלד וועט מיר זיין גוט. איך וועל שוין גאָרנישט פילן. אַז דו וועסט אַהיימקומען, גיב איבער אַלע מיין לעצטן גרוס". ער האָט פאַרמאַכט די אויגן און האָט זיי שוין מער נישט געעפנט.

ווען מכלה האָט דאָס אונדז דערציילט, האָבן מיר געהאַט דאָס געפיל, אַז די וועלט גייט אונטער. מיין מוטער איז אַוועקגעפאַלן שווער קראַנק. דער טאַטע האָט שטיל געמירמלט: „רבונו של עולם, אפשר וועט שוין זיין גענוג דער קרבן? נעם שוין מער נישט צו ביי מיר".

די פרנסות אין שטעטל האָבן זיך געענדיקט און עס איז נישט געווען צו

קריגן קיין עסן. יידן פרווון נאָך לויפן איבער די דערפער, אָבער אַ סך קומען מער נישט צוריק. מען דערהרגעט זיי אויף די וועגן. אויך מיין ברודער, משה־וואָלף איז אַוועק אין דאָרף אַריין שאַפן פאַר אונדז עפּעס צו עסן. אים איז געלונגען זיך אומצוקערן, אָבער ווען ער איז שוין געווען נאָענט צום שטוב האָבן מיר דערזען ווי דייטשע זעלנער האָבן אים אָפּגעשטעלט, אים באַזוכט און גענומען אים שטאַרק שלאָגן. ער האָט געהאַט מיט זיך אַ הינדל מיט אַ ביסל אייער. מען האָט דאָס אַלץ ביי אים צוגענומען און אַוועקגעפירט אין דער געסטאַפּאָ. דאָרט האָט ער געטענהט, אַז דער יודנראַט האָט אים געשיקט אין דאָרף איינקויפן אַ ביסל עסן. די דייטשן האָבן געקלינגען אין יודנראַט און פון דאָרט האָט מען באַשטעטיקט, אַז זיי האָבן אים ווירקלעך געשיקט, ווייל זיי דאַרפן האָבן דאָס עסן אויפצונעמען אַ דייטשן גאַסט. דאָס האָט געהאָלפן און מען האָט אים באַפרייט.

אין שטאָט האָבן אָנגעהויבן בושעווען עפּידעמיעס, טיפוס און פאַרשידענע אַנדערע קראַנקהייטן. מענטשן זענען געפאַלן ווי די פליגן. די וואָס זענען געבליבן לעבן, האָבן געבעטן אויף זיך דעם טויט. עס איז שוין געווען נישט מעגלעך אויסצוהאַלטן און מיר האָבן באַשלאָסן צו אַנטלויפן קיין כעלם.

אויך אין כעלם איז די לאַגע געווען אַ ביטערע און פינצטערע. מיר האָבן זיך אויסבאַהאַלטן נעבן דער כעלמער טאַרגאָוויצע, אין אַ פינצטערן קאַמער. אין די נעכט פלעגן מיר זיך איינציקווייז אַריינכאַפּן אין די אויסגעליידיקטע יידישע דירות און זוכן עפּעס צו עסן, אַ ביסל וואַסער. אָבער נאָך עטלעכע טעג איז פאַר אונדז קלאָר געוואָרן, אַז מיר וועלן שוין אין די דירות גאָרנישט געפינען, אפילו נישט אין די מיסט־קאַסטנס. מיר זענען געווען שרעקלעך פאַרמאַטערט. אין אונדזער קאַמער איז נישט געווען מיט וואָס צו אָטעמען. ווען אפרים איז אַמאָל אַרויס פאַר דער טיר אַריינאָטעמען אַ ביסל פרישע לופט, איז ווי פון אונטער דער ערד אויסגעוואַקסן נעבן אים אַ דייטש און אים אַוועקגעפירט מיט זיך.

אפרים האָט זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז דאָס איז דער סוף און ער האָט געזאָגט צום דייטש, אַז ער וויל שטאַרבן צוזאַמען מיט זיין פרוי און געבעטן אים, ער זאָל אים אָפּלאָזן אויף אַ מינוט. עס איז געשען דער גרויסער נס: דער דייטש האָט זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן, צי קיינער זעט נישט און האָט שטיל אַ זאָג געטון צו אים: „באַהאַלט זיך וואָס שנעלער. געדענק, אַז אויב עס וועט דיך כאַפּן אַן אַנדערער איז דיין לעבן גאָרנישט ווערט. היט זיך!"

דער דאָזיקער דייטש איז געווען איינער פון אַ מיליאָן, וואָס האָט נאָך פאַרמאָגט אין זיך אַ מענטשלעך געוויסן.

ווידער זענען געקומען און אַוועק טעג אין פּחד און אין הונגער און דורשט. מיר האָבן געפילט ווי עס גייען אונדז אויס די לעצטע כוחות. מיין שוועסטער

מאטל האָט איינמאָל געזאָגט: „איך קען שוין מער נישט אויסהאַלטן. היינט איז אַ מאַרק־טאָג. איך וועל אַרויסגיין אויפן מאַרק קויפן עפּעס צו עסן. אַנדערש וועלן מיר סיי־ווי־סיי שטאַרבן".

צוזאַמען מיט נאָך אַ כעלמער מיידל, וואָס איז געווען באַהאַלטן צוזאַמען מיט אונדז, האָבן זיי זיך אָנגעטון אין פּויערישע פּאַטשיילעס און זענען אַרויס. זיי האָבן גלייך פאַרקערעוועט צום פּלומפּ, נעמען זיך אַביסל וואַסער צום טרינקען. זיי האָבן נישט באַמערקט ווי זיי זענען אָבסערווירט געוואָרן דורך אַ גוי, אַ קוימענקערער, וואָס האָט, ווייזט אויס, געקענט דאָס כעלמער מיידל און ער איז זיי נאָכגעגאַנגען. אויפן וועג האָט ער צו וויסן געטון די דייטשן און מען האָט זיי ביידע אַרעסטירט, אָוועקגעפירט הינטער דער שטאָט, אויסגעטון זיי נאַקעט און אָוועגגעשטעלט זיי צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע געכאַפּטע יידן. אַ פּאָליאַק האָט געהיטן, אַז זיי זאָלן נישט אַנטלויפן ביז מען וועט זיי אָוועקפירן צום שיסן.

דער פּאָליאַק איז צוגעגאַנגען צום מיידל און איר שטיל געזאָגט: „ביינאַכט וועל איך דיך ראַטעווען. פאַרליך זיך נישט".

ער איז ווירקלעך געקומען ביינאַכט מיט אַ וואָגן, אויף וועלכן ער האָט אַרויפגענומען דאָס מיידל, איינגעוויקלט זי אין אַ קאָץ און געבראַכט זי צו פירן צוריק צו דער קאַמער, ווו מיר זענען געווען באַהאַלטן.

מיין שוועסטער מאטל האָט זיך שוין מער פון דאָרטן נישט אומגעקערט. מיר האָבן איינגעזען, אַז מיר קענען מער נישט זיין אין אונדזער באַהעלטעניש און באַשלאָסן צוריק צו גיין קיין וואָיסלאָוויץ, ווו מיר זענען אָוועק צום טאַרטאַק, צו אַ קריסט, וועלכער האָט אונדז אַריינגענומען.

דער קריסט האָט אונדז דערציילט ווי אַזוי עס זענען אומגעקומען די וואָיסלאָוויצער יידן. מיר זענען געווען באַהאַלטן ביי אים אין אַ גרוב, וואָס ער האָט פאַר אונדז אויסגעגראָבן אין קיך אונטערן אויוון. דער גרוב איז געווען אַזוי קליין, אַז מיר האָבן געמוזט שטיין צוגעטוליעט איינער צום צווייטן, אָנגעשפּאַרט אין דער וואַנט. פון אַוועקזעצן זיך אָדער אָוועקלייגן איז נישט געווען קיין רייד. עסן האָבן מיר געהאַט גענוג. דעם באַלעבאָס טאָכטער פלעגט אונדז אַראָפּגעבן גאַנצע שיסלען געקעכץ און ברויט צו דער זעט. די ערשטע צייט האָבן מיר זייער פיל געגעסן. געוואָלט שטילן דעם הונגער פאַר לאַנגע חדשים. אָבער שפּעטער האָבן מיר שוין נישט געקענט עסן. עס האָט אונדז געפעלט לופט און ליכט.

אַזוי זענען אָוועק חדשים און מיר האָבן ביסלעכווייז גענומען צוגעוווינען זיך צו די צרות. אויף דער נאַכט זענען מיר אַרויסגעקראָכן פון גרוב, אויסגלייכן זיך די ביינער. אָבער נישט אַרויס פון קיך. די קינדער פונעם באַלעבאָס,

קאַרפּיק, זענען אַרומגעגאַנגען אין דרויסן פאַר דער שטוב און אַכטונג געגעבן. עס זאָל קיינער נישט אָנקומען. מיר האָבן געהאַט אַן אָפּגערעדטן צייכן, אַז טאָמער וועט זיך עמיץ באַווייזן, דאַרפן זיי געבן אַ קראַץ אין דער שויב פון פענצטער. דאַן האָבן מיר זיך גלייך אַראָפּגעשאַרט אין גרוב אַריין.

ביי קאַרפּיקן אין שטוב זענען געווען צוויי קינדער. דאָס יינגערע יינגעלע פון אַ יאָר פיר, פלעגט זיך ווען שפּילן און האָט נישט פאַרשטאַנען אונדזער פחד, איז ער צו צום פענצטער גלאַט אַזוי און געטון אַ קראַץ מיט די פינגערלעך אין שויב. מיר זענען גלייך אַריינגעשפּרונגען אין גרוב און ער האָט זיך צעלאַכט. געזאָגט שפּעטער, אַז ער האָט דאָס געטון ספּעציעל, כדי אונדז איבערצושרעקן.

נישט געקוקט אויף אַלע פאַרזיכטס־מיטלען, איז אָבער ריכטיק דאָס ווערטל, אַז די ווענט האָבן אויערן און די גאַסן — אויגן. מיט דער צייט האָבן די שכנים דערשנאַפּט, אַז אונדזער באַלעבאָס באַהאַלט אויס יידן און מען האָט אים געמסרט. די דייטשן זענען געקומען, געמאַכט רעוויזיעס, געזוכט אין אַלע לעכער. מיר אין גרוב האָבן געהערט ווי זיי לויפן איבער אונדזערע קעפּ און שרייען, ער זאָל אויסגעבן די יידן. זיי האָבן געזוכט אין דער גאַנצער וווינונג, אין דער סטאָדאָלע, אין שטאַל. דאָס האָט זיך איבערגעחזרט עטלעכע מאָל און נישט איינמאָל האָבן מיר געמיינט, אַז אָט אָט געפינען זיי אונדז.

נאָך זייער אַוועקגיין האָט דער אַלטער באַלעבאָס זיך אַראָפּגעשאַרט צו אונדז אין גרוב און אונדז באַרואיקט, אַז מיר זאָלן נישט האָבן קיין מורא, ווייל אַזוי לאַנג ווי ער לעבט וועט אונדז גאָרנישט געשען. ער האָט אונדז געטרייסט און געמוטיקט, אַז מיר וועלן איבערלעבן די מלחמה, געבראַנגט אונדז פריילעכע ידיעות פון פראָנט, אַז די רוסן גייען פאָרויס.

אַזוי זענען אַוועק אַנדערטהאַלבן יאָר אין אונדזער פינצטערן באַהעלטעניש. ווידער זענען די דייטשן אַריינגעפאַלן אין שטוב, געזוכט, גענישטערט, ווי די הונגעריקע וועלף. זיי האָבן גאָרנישט געפונען און האָבן פאַרנומען אונדזער באַלעבאָס אין געסטאַפּאָ. אפרים האָט דעמאָלט געזאָגט, אַז מיר מוזן אַוועק פון דאַנען, ווייל אויב אַפילו דער באַלעבאָס וועט אויסהאַלטן די פייניקונגען, וועלן אים די דייטשן נישט אַרויסלאָזן און וועלן אים דערהרגענען, דעמאָלט זענען מיר סיי־ווי־סיי פאַרלוירן.

עס איז געווען ווינטער און ווען מיר זענען אַרויסגעקראָכן פון גרוב, צו וועלכן מיר זענען שוין געווען ווי צוגעוואַקסן, האָט אונדז אַרומגענומען אַ מורא־דיקע קעלט. מיר האָבן נישט געהאַט וווּ צו גיין, אָבער דאָס לעבן האָט אין זיך אַ שטאַרקע קראַפט און מיר האָבן זיך נישט געוואָלט אונטערגעבן. עטלעכע טעג און נעכט זענען מיר אַרומגעקראָכן אויף די פעלדער כמעט אָן עסן. אין עטלעכע

טעג אַרום האָבן מיר געהערט, אַז מען האָט דעם קריסט באַפרייט. אפרים האָט באַשלאָסן צוצוגיין צו אים און דערוויסן זיך ווי עס זעט אויס די לאַגע. דאָס איז געווען אינמיטן דער נאַכט. עס האָט געשיט אַ שניי און איך האָב זיך אַוועקגעזעצט אין פוסטן פעלד וואַרטן אויף אפרימען. אין אָנהויב האָט די קעלט זיך איינגעגעסן אין די ביינער, אָבער ביסלעכווייז האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז עס ווערט מיר וואַרעמער און לייכטער, ווי איך וואָלט געלעגן אין אַ וואַרעם בעט און אַזוי בין איך איינגעשלאָפן.

כ׳ווייס נישט ווי לאַנג איך בין אַזוי געשלאָפן ביז אפרים איז צוריקגעקומען און האָט מיך אויפגעוועקט. ער האָט מיר דערציילט, אַז ווען דער באַלעבאָס האָט אים דערזען האָט ער זיך שטאַרק דערפרייט, ממש געוויינט פון פרייד. אפרים האָט אים נישט געזאָגט, אַז ער האָט נישט וווּ צו זיין, געזאָגט אים, אַז מיר זענען אין אַ צווייטן דאָרף און עס איז אונדז דאָרט גוט. דער קריסט האָט גענומען בעטן אפרימען: „די ערגסטע צייט האָב איך אייך אויסגעהאַלטן. איצט, ווען די באַפרייאונג איז שוין אַזוי נאָענט ווילט איר מיך פאַרלאָזן... כ׳האָב דאָך אַזויפיל געליטן צוליב אייך. אין געסטאַפּאָ האָט מען מיך געשלאָגן און געמאַטערט מיט אַלערליי עינויים״. ער האָט גענומען זיך בעטן ביי אפרימען, ער זאָל אַהינגיין אין דאָרף און ברענגען מיך צו אים.

איך האָב זיך געפונען אין אַ שרעקלעכן צושטאַנד. בין געוואָרן אַפּאַטיש און עס איז מיר נמאס געוואָרן דאָס ווייטערדיקע לעבן. איך האָב געזאָגט צו אפרימען ער זאָל מיך דאָ איבערלאָזן און אַליין גיין אַהין אין דעם גרוב. איך בין געווען דעצידירט איינצושלאָפן דאָ אויף שטענדיק און מער נישט ליידן. עס האָט מיך אָפּגעלאָזט דער ווילן צום לעבן.


אפרים טורבינער

מיין אויסגעמאַטערטער גוף האָט געבענקט נאָך רו, וואָס עס האָט מיר אין יענע מינוטן געקענט געבן נאָר דער טויט. דאָס לעבן האָט אויסגעזען נישט צו האָבן קיין שום ציל, קיין שום ווערט. מיין טייערער אפרים האָט מיך אָבער נישט אָפּגעלאָזט, גערעדט צו מיר, געמונטערט און געוועקט, געזאָגט, אַז מיר מוזן איבערלעבן די שווערע צייט.

ווען כ׳דערמאָן זיך איצט אין יענע מאָמענטן לעב איך ווידער איבער דעם גאַנצן שוידער פון אונדזער לאַגע און בין פול מיט באַוווּנדערונג פאַר אפרימס אויסדויער און שטאַרקן לעבנס־ווילן, וועלכן ער האָט מיט די לעצטע כוחות אָנגעשטרענגט זיך אַריינצואָטעמען אויך אין מיר.

אפרים האָט מיך כמעט מיט געוואַלט אַרויסגעשלעפּט פונעם שניי, וואָס

האָט מיך פאַרשיט און איינגעהילט ווי אין אַ בעטגעוואַנט. אָן ווילן בין איך אים אַכגעגאַנגען צוריק צו אונדזער רעטער, וווּ מיר זענען שוין געווען ביז צו דער באַפרייאונג.

איבער 22 חדשים זענען מיר געלעגן באַהאַלטן אין דאָזיקן גרוב. מיר וועלן אונדזער קריסטלעכן רעטער קיינמאָל נישט פאַרגעסן. דאָס וואָס ער האָט פאַר אונדז געטאָן שטייגט איבער יעדער פאָרשטעלונג. מער האָט אפילו אַ פאָטער נישט געקענט טון פאַר זיין אייגן קינד.

נאָך דער באַפרייאונג זענען מיר אַוועק קיין וואָיסלאָוויץ. באַלד ביים אַריינקומען אין שטעטל האָט אונדז אַרומגעכאַפּט אַ פּחד פאַר דער פּוסטקייט, וואָס האָט דאָרט געהערשט. נישט געווען קיין שפּור פון די יידן, פונעם יידישן לעבן, וואָס האָט דאָ אַזוי וואַרעם פּולסירט. אין אַלע יידישע שטובן האָבן געוווינט גויים. איך בין צוגעגאַנגען צו אונדזער שטוב. זי איז געווען פאַרנומען. איך האָב געפּרוווט עפענען די טיר אין דער וווינונג פון מיינע עלטערן, האָב איך פון אינעווייניק געהערט אַ געשריי: „פאַרנעם זיך וואָס שנעלער פון דאַנען, אויב דאָס לעבן איז דיר נאָך טייער״.

ווייזט אויס, אַז זיי האָבן מיך דערקענט און פאַר אונדז איז געווען קלאָר, אַז מיר טאָרן דאָרט נישט בלייבן אויף קיין איין מינוט. פון אַלע לעכער האָט געלויערט די געפאַר געהרגעט צו ווערן.

ווידער זענען מיר צוריק אַוועק קיין כעלם און פון דאָרט אַריינגעפאָרן קיין לובלין. מער האָבן מיר נישט געטראַכט אַריינצופאָרן קיין וואָיסלאָוויץ.

דער קריסט, ביי וועלכן מיר זענען געווען באַהאַלטן, פלעגט צו אונדז קומען צוזאַמען מיט זיינע קינדער. אונדז האָט פאַרבונדן אַ גרויסע און אייביקע פריינטשאַפט.

מיט יעדן טאָג האָט די ערד אונטער די פיס אַלץ מער גענומען ברענען. עס האָבן אונדז פאַרפאָלגט די קולות פון אונדזערע נאָענטע, וועלכע זענען אַזוי שוידערלעך אומגעקומען. אונדז האָט זיך אויסגעוויזן צו הערן זייער רוף: „אַנטלויפט פון דאַנען וואָס גיכער, פאַרלאָזט די פאַרשאָלטענע פוילישע ערד!״

נאָכן אויסברוך פון קעלצער פאָגראָם האָבן מיר אַלץ איבערגעלאָזט און אַוועק קיין דייטשלאַנד און אַ קורצער צייט שפּעטער זענען מיר אַוועק קיין שוועדן, פון וואַנען מיר זענען אָפּגעפאָרן קיין ארץ־ישראל.

**שרה גערבער־יורבינער**

אסתר טענענבוים־פרומער



# פון
# איין פייער אין אנדערן

## וואיסלאוויץ — לאָדזש — אוישוויץ

איך בין נאָך געווען זייער יונג ווען איך בין אַוועק פון וואָיסלאָוויץ, אָבער דאָך האָב איך זיך שטענדיק געפילט פאַרבונדן מיט אונדזער שטעטל מיט אומצעררייסבאַרע פעדעם. איך האָב שטענדיק געזען פאַר מיינע אויגן די שיינע געשטאַלטן פון מיינע עלטערן, קרובים פון מיינע יונגע חברים און חברטעס.

די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה האָבן מיר געוווינט אין לאָדז, אָבער אין 1938־טן יאָר בין איך געווען אויף אַ באַזוך אין וואָיסלאָוויץ און דאָס לעצטע מאָל האָב איך געזען דאָרט מיינע נאָענטע קרובים, פריינט און חברים. דער זיידע יהושע, וועלכן מען האָט גערופן יהושע חוהס, האָט נאָך דעמאָלט געלעבט. און פונקט ווי די גאַנצע משפחה האָט ער זיך מיט מיר געפרייט. כ'האָב נאָך זוכה געווען צו זען ביילעס זון, וואָס זי האָט געבוירן פערצן יאָר נאָך דער חתונה. די דערינערונגען זענען אומפאַרגעסלעכע. מער האָב איך זיי נישט געזען. עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה און מען האָט געשאַפן דאָס לאָדזער געטאָ, אין וועלכן עס זענען אין אָנהויב געווען אַן ערך 170 טויזנט יידן. עס איז דאָרט געווען מיין גאַנצע משפחה, דער טאַטע און די מאַמע, רייזל, צאלע, חנה, שפרינצע, חוה. אַ סך פון די נאָענטסטע זענען צוריקגעפאָרן קיין וואָיסלאָוויץ. איך בין געבליבן אין געטאָ און דאָרט איבערגעלעבט די אַלע יסורים, די אויסזידלונגען אין די טויטלאַגערן, קיין כעלמנא און אוישוויץ.

אין אָנהויב 1944 בין איך געווען אויף דער רשימה צום אויסזידלען. איך האָב דעמאָלט געאַרבעט אין שניידער־וואַרשטאַט, ווו די אָנפירונג האָט באַשטימט, אַז איך זאָל זיין צווישן די אויסגעזידלטע. דורך אַ צופאַל האָט מיר דער לייטער

פון אונדזער וואַרשטאַט געהאָלפן און מיך אויסגעמעקט פון דער נאָרמע מיטן תירוץ אַז זי איז שוין פול.

דאָס געטאָ איז געוואָרן אַלץ קלענער און איינגעשרומפּענער, כאָטש עס זענען כסדר צוגעקומען יידן פון די ליקווידירטע געטאָס אין די קלענערע שטעטלעך אָבער די מאַסן ־אויסזידלונגען זענען שטענדיק געווען אומפאַרגלייכלעך גרעסער גרעסער פון דער צאָל צוגעקומענע.



**זאנוועלעס משפחה**

אינמיטן פון אויבן — מיין ברודער, בצלאל טענענבוים, וואָס האָט געהערט צו די, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער הויכער קולטור, מענטשלעכן טאַקט און מסירות־נפשדיקער גרייטקייט צו ברענגען הילף פאַר יעדן, וואָס האָט זיך אין איר גענויטיקט. אַזוי איז געווען אין די רואיקע צייטן און אַזעלכער איז ער געבליבן אין די סאַמע ביטערסטע טעג. תמיד די זעלבע גוטסקייט, חברישקייט און טיף־מענטשלעכע איבער־געגעבנקייט סיי צו דער משפחה, סיי צו אַלע, וואָס זענען געקומען מיט אים אין קאָנטאַקט. אויפן בילד זעען מיר אויך אונדזער שוועסטער שפרינצע און די מאַמעס שוועסטער, ברכה שיע־חוהס. אין דער 2־טער שורה, פון לינקס: פייגעלע בצלאלס פרוי און מענדלס פרוי, לאה מיט אירע קינדער.

ס'איז געווען דער טאָג פון דער לעצטער אויסזידלונג און איך בין געבליבן צווישן די לעצטע זיבעציק טויזנט יידן, וואָס מען האָט אַרויסגעשיקט. בלויז אַכט הונדערט יידן האָט מען איבערגעלאָזט, זיי זאָלן אָפּרייניקן דאָס געטאָ.

אין די לעצטע וואָכן איז שוין דאָס לעבן אין געטאָ געווען כמעט אינגאַנצן

הפקר. די דייטשן האָבן געוווּסט, אַז עס דערנענטערט זיך זייער סוף און זיי האָבן אָנגעהויבן ליקווידירן דאָס געטאָ. מען האָט אויפגעהערט צו אַרבעטן, מען האָט אויפגעהערט טיילן עסן און גאַנצע טעג האָט מען נאָר געכאַפּט יידן צום אַרויסשיקן.

דעם לעצטן טאָג, סוף אויגוסט 1944, האָב איך זיך באַהאַלטן אויף אַ בוידעם. פּלוצלינג איז אַרויפגעקומען אַן ס.ס.־מאַן מיט אַ מאַשין־געווער און פּראָזשעקטאָר וואָס האָט באַלויכטן יעדעס ווינקל. איך בין געלעגן איבערגעדעקט מיט שמאַטעס און געהערט דאָס שרייען פון ס.ס.־מאַן, אַז אַלע זאָלן גלייך אַראָפּ־גיין, אויב נישט וועט ער נעמען שיסן. אויף יענעם בוידעם זענען געווען באַהאַלטן פערצן מענטשן, דרייצן האָבן נישט אויסגעהאַלטן די שרעק און זענען אַראָפּ מיטן ס.ס.־מאַן. איך בין געווען די איינציקע, וואָס איז געבליבן אויפן בוידעם. צומאָרגנס איז צו מיר געקומען אַ באַקאַנטע חברטע, מיט וועלכער איך האָב געוווינט צוזאַמען אין געטאָ (היינט געפינט זי זיך אין אמעריקע) און זי האָט מיך אַראָפּגענומען פון בוידעם. עטלעכע טעג האָב איך זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ זייטיק צימער צוזאַמען מיט מיין חברטע און איר פאַמיליע. איך בין שוין דעמאָלט געווען זייער אָפּ־געשוואַכט פון הונגער און מאַטערניש און נישט געקענט אַראָפּ פון בעט. עס איז אַריינגעקומען אַן ס.ס.־מאַן, וואָס האָט זיך באַמיט צו רעדן העפלעך. ער האָט געזאָגט: „מיינע קאַמעראַדן שיסן גלייך ווען זיי געפינען אין די שטובן. איך וויל דיך נישט שיסן. גיי, שטעל זיך אויפן זאַמל־פּונקט, פון וואַנען עס גייט אָפּ דער טראַנספּאָרט קיין אוישוויץ... באַלד וועט מען אויפרייסן דאָס גאַנצע געטאָ״.

זיינע רייד האָבן אויף מיר געווירקט און איך האָב גענומען דאָס פּעקל אין וועלכן איך האָב נאָך איינגעפּאַקט אַ שטיקל שטאָף, קליידלעך, נאָדל מיט פאָדעם. אין יענע מינוטן האָב איך זיך נאָך מיט אַלע כוחות געקלאַמערט אין דער האָפענונג, אַז אפשר וועל איך בלייבן לעבן און דאַרפן אַרבעטן ערגעץ און פאַרדינען אויף ברויט.

אויפן זאַמל־פּונקט זענען געווען פאַרזאַמלט טויזנטער מענטשן, וועלכע מען האָט אויפגעלאַדעוועט אויף די וואַגאָנען פאַר בהמות. אין יעדן וואַגאָן האָט מען אַריינגעשטופּט זעכציק מענטשן, מענער און פרויען.

דריי מעת־לעת זענען מיר געפאָרן אין די וואַגאָנען. קיין עסן האָט מען נישט געגעבן. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן מיט זיך געהאַט פּראָדוקטן, ווייל אין די לעצטע טעג זענען די מאַגאַזינען אין געטאָ געווען אָפן און ווען עס איז געלונגען זיך אַרויסצוגנבענען פון די באַהעלטענישן, האָט געכאַפּט וואָס עס האָט זיך געלאָזט.

אָנגעקומען קיין אוישוויץ איז דער צוג געבליבן שטיין ביי דער ראַמפּע. די טירן פון די וואַגאָנען האָבן זיך אויפגעפּראַלט און די ס.ס.־זעלנער מיט די

ראפּניקעס אין די הענט האָבן געשריגן, אַרויסגעטריבן אונדז. עס זענען צוגעקומען די „קאַנאַדער״ (אַזוי האָט מען גערופן די יידן, וואָס האָבן אויסגעלאַדעוועט די וואַגאָנען) און זיי האָבן אויך געשריגן אויף אונדז: „וואָס שלעפּט איר די פּעקלעך? סיי־ווי וועט מען אייך באַלד שיקן דאָרטן ווו מען האָט געשיקט רומקאָווסקין״.

עמיץ איז צוגעקומען צו מיר און האָט מיר געזאָגט, איך זאָל זיך האַלטן נעבן די יונגע מיידלעך, ווייל איך זע אויס זייער שלעכט. די וואָס האָבן אויסגעזען שלעכט און קראַנק זענען געגאַנגען די ערשטע אין די גאַז־קאַמערן.

פּלוצלינג האָב איך באַמערקט לאהס טאָכטער, שרה. זי איז געווען מיט אַ גרופּע פון פינף־און־פערציק מיידלעך. איך האָב זיך גלייך צוגעטשעפּעט צו איר, פּשוט דערפאַר, וואָס איך האָב געוואָלט זיין מיט איר צוזאַמען, אָבער אירע חברטעס האָבן מיך נישט געלאָזט פאַרבלייבן מיט זיי. דאָס איז געווען אַ געשלאָסענע גרופּע. ערשט שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז זיי זענען געווען קאָמוניסטן, האָבן זיך אָרגאַניזירט צו האַלטן צוזאַמען. נישט געקוקט אויף זייער קעגנערשאַפט בין איך צוזאַמען מיט זיי אַוועק אין לאַגער. מען האָט אונדז אַריינגעפירט אין אַ גרויסן זאַל, ווו עס איז פאָרגעקומען אַ שטרענגע סעלעקציע. אַלע האָבן זיך געמוזט אויסטון אינגאַנצן נאַקעט און ס.ס.־דאָקטוירים האָבן איינגעטיילט די פרויען אין גרופּן. שלעכט־אויסזעענדיקע, שוואַכע און קראַנקע, האָט מען גלייך געשיקט אין אויוון אַריין. די אַנדערע, די געזונטערע האָט מען אַריינגעשיקט אין אַ צווייטן זאַל. מיין גורל איז געווען צווישן די געזונטע.

אין דעם זאַל האָט מען אונדז אַלע אָפּגעשוירן און אָפּגעגאָלט די קעפּ, געגעבן עפּעס אַ שמאַטע צו פאַרדעקן דעם קערפּער, אַלע אונדזערע מלבושים האָבן מיר איבערגעלאָזט אין פריערדיקן זאַל. מען האָט אונדז אַרויסגעפירט אין דרויסן און געלאָזט דאָרט זיצן אַ גאַנצן טאָג קניענדיקע אונטער דער ברענענדיקער זון.

אָוונט־צו זענען געקומען בלאָק־פירערינס און אונדז פונאַנדערגעטיילט צו די בלאָקן, ווו פערצן און פופצן פרויען זענען געלעגן אויף איין פּריטשע, וועלכע האָט קוים געקאָנט אַרויפנעמען זעקס מענטשן.

דריי אַזייגער ביינאַכט האָט מען אונדז אַרויסגעטריבן אינדרויסן צו אַ „צייל־אַפּעל״.

צומאָרגנס איז ווידער פאָרגעקומען אַ סעלעקציע. די יינגסטע און שענסטע מיידלעך האָט מען אַוועקגעשיקט. צווישן זיי איז אויך געווען מיין שרה, לאהס טאָכטער מיך האָט מען אַוועקגעשיקט מיט אַ גרופּע קיין בירקענאו, ווו עס איז געווען אַ קוואַראַנטאַנע, אין וועלכער עס האָבן זיך געפונען צען טויזנט פרויען.

ווידער איז מען אַ גאַנצן טאָג געזעסן אָן עסן און טרינקען און מען האָט

געוואַרט. פאַרנאַכט האָט מיך אונטערזוכט אַ יידישע דאָקטאָרין פון טשעכאָ־סלאָוואַקיי. ווייזט אויס, אז איך האָב ביי איר נושא חן געווען און זי האָט מיך אָפּגעראַטעוועט, נישט געשיקט מיט די, וואָס זענען געגאַנגען אין אויוון אַריין.

צוויי וואָכן זענען מיר אַזוי אַרומגעגאַנגען אין אומבאַוווּסטקייט, אָן דער מינדעסטער אַנונג, וואָס מיט אונדז וועט געשען, אָן אַ שום אויסזיכט אויף אַ ישועה. אין די נעכט האָט מען אַרויסגענומען מענטשן פון קראַנקן־לאַגער און מען האָט זיי געשיקט אין אויוון אַריין. קיינער איז נישט געווען זיכער, צי זי וועט אין דער קומענדיקער נאַכט נישט זיין צווישן די קאַנדידאַטינס אין אויוון אַריין. רוסישע געפאַנגענע, וואָס זענען פאַרבייגעגאַנגען אונדזער לאַגער, האָבן דערציילט, אַז די דייטשן גרייטן זיך דורכצופירן אַ גרויסע אַקציע צו שיקן אין קרעמאַטאָריע.

ראש השנה אינדערפרי האָט מען גערופן אַ צייל־באַפעל, אויף וועלכן עס זענען אויסגעשטעלט געוואָרן אָן ערך צען טויזנט פרויען און ווידער האָט זיך אָנגעהויבן די סעלעקציע. דייטשע דאָקטוירים און ס.ס.־לייט האָבן אויסגעקליבן די שיינע און יונגע מיידלעך און זיי אָוועקגעשטעלט באַזונדער. צווישן זיי איז אויך געווען די יידישע דאָקטאָרין פון טשעכאָסלאָוואַקיי. איך האָב באַמערקט ווי זי קוקט אויף מיר און פאַרשטאַנען, אַז זי וויל עפּעס טון פאַר מיר איך זאָל אַריבערגיין אויף דער זייט פון די יונגע, ווו זי איז געשטאַנען. מיר איז געלונגען צוצושאַרן זיך אין יענער זייט צו דער גרופּע פרויען, וואָס מען האָט געשיקט קיין אוישוויץ, צום צענטער. דאָרט האָט מען אונדז רעגיסטרירט, פאַרשריבן די נעמען און דעם עלטער, געגעבן קליידער און אָוועקגעפירט קיין בערגען־בעלזען.

דאָס איז געווען אַ נסיעה פון שוידערלעכע פיין און יסורים. צו אַכציק פרויען אין אַ וואַגאָן, אָן עסן, אָן וואַסער, אָן לופט צו אָטעמען. מען איז דורכגעפאָרן פעלדער און סעדער. אויך ביי די זייטן פון די באַן־רעלסן האָבן מיר געזען פרוכט־ביימער, אָבער ווי קען מען דערגרייכן צו זיי?

עטלעכע חדשים זענען מיר געווען אין בערגען־בעלזען. עס איז געווען האַרבסט און עס איז געקומען דער ווינטער און מיר זענען נאָך אַלץ געווען אין לייוונטענע געצעלטן. אין איינער אַ נאַכט איז אויסגעבראָכן אַ הוראַגאַן, וואָס האָט צעטראָגן די געצעלטן און מיר זענען געבליבן אונטערן פרייעם הימל. דאַן האָט מען אונדז איבערגעפירט אין הילצערנע באַראַקן.

אינמיטן ווינטער זענען געקומען „סוחרים” פון בערלין און זיך אויסגעקליבן מענטשן צו דער אַרבעט אין אמוניציע־פאַבריקן. ווידער איז מיין גורל געווען צווישן די צוויי הונדערט פרויען, וואָס מען האָט אויסגעוויילט צו דער אַרבעט אין דער אמוניציע פאַבריק. מען האָט אונדז סעפּערירט פון אַלע אַנדערע און אַריינגעפירט אין אַ גרויסן לייוונטן געצעלט ווו דער קאַלטער ווינט האָט אונדז דורכ־

גענומען. די קליידער אויפן קערפּער זענען פאַרפרוירן געוואָרן. גאַנצע זעקס וואָכן האָבן מיר אין דאָזיקן געצעלט געוואַרט אויף די „סוחרים״, וואָס האָבן געדאַרפט קומען אונדז אָפּנעמען.

אין איינעם אַ פרימאָרגן האָבן זיי זיך באַוויזן, געהייסן אונדז אויסטון זיך און אַ גאַנצן טאָג האָבן מיר געמוזט שטיין נאַקעטע און באָרוועסע. ערשט אין אָוונט האָט מען אונדז געגעבן פרישע מלבושים און ביינאַכט זענען מיר אָפּ־געפאָרן אין לאַגער פלוסענבורג.

דער לאַגער פלוסענבורג איז געווען באַרימט אַלס איינער פון די סאַמע גרויזאַמסטע לאַגערן. מיר זענען נישט געווען אין לאַגער גופא, נאָר אין אַ מיליטער־רישער פאַבריק אין מילטוער, וווּ מען האָט געאַרבעט אין צוויי שיכטן, צו צוועלף שעה אין מעת־לעת. די אַרבעט איז געווען אַ שווערע און דאָס עסן, וואָס מען האָט באַקומען איז געווען נישט אויף צו לעבן און נישט אויף צו שטאַרבן. באַזונדערס שווער איז געווען די אַרבעט אויף דער נאַכט־שיכט, ווען אַלע פענצטער און טירן זענען געווען הערמעטיש פאַרמאַכט און פאַרהאנגען צוליב מורא פאַר באַמבאַרדירן. אַ סך האָבן נישט אויסגעהאַלטן די שטיקעניש און געפאַלן אין חלשות.

נאָך עטלעכע חדשים, סוף מערץ 1945 איז אָפּגעשטעלט געוואָרן די אַרבעט אין דער פאַבריק, ווייל עס איז באַשעדיקט געוואָרן דער עלעקטרישער שטראָם. דעמאָלט האָט מען אונדז יעדן טאָג געפירט צו דער אַרבעט ביים פאַריכטן די צעשטערטע באַן־רעלסן. קיין עסן האָט מען שוין דעמאָלט נישט געגעבן. בעת דער אַרבעט זענען אָפט אַנגעפלויגן עראָפּלאַנען און אונדז באָמבאַרדירט. דעמאָלט האָט מען געדאַרפט איבערלאָזן די אַרבעט און לויפן גיך אויסבאַהאַלטן זיך אין נאָענטן וואַלד, ביז די עראָפּלאַנען זענען אַוועק.

אַזוי האָט עס געדויערט ביזן 10־טן אַפּריל. אין יענער לעצטער נאַכט איז געווען אַ שווערע באָבאַרדירונג. אונדזערע אויפזעער, די ס.ס.־לייט האָבן זיך באַהאַלטן אין די בונקערס און אונדז האָט מען פאַרשלאָסן אין די באַראַקן. צום הונגער און דער פאַרמאַטערטקייט איז נאָך צוגעקומען די שרעק, וואָס איז אין דער צייט פון דער באָמבאַרדירונג געווען אַזוי גרויס, אַז מענטשן האָבן געחלשט. די פאַרצווייפלטע געשרייען און יאָמערן האָבן זיך געהערט אויף קילאָמעטערס ווייט. אַלץ אַרום האָט געברענט.

אונדזער לאַגער האָט זיך אַזוי געהאַלטן ביזן 16־טן אַפּריל. צו קיין אַרבעט האָט מען אונדז שוין נישט געשיקט. אַרום אונדז זענען געווען גרויסע מיליטער־לאַגערן און די עראָפּלאַנען פון אַליאַנטן האָבן זיי נישט אויפגעהערט צו באָמבאַר־דירן. מיר, די פרויען אין די באַראַקן זענען געווען זיכער, אַז דאָ איז אונדזער סוף. עס איז געווען ווייטיקלעך צו טראַכטן, אַז נאָך אַזויפיל יאָרן דורכלעבן די אַלע

צרות און יסורים, זאָלן מיר דאַרפן אומקומען דווקא פון ענגלישע און אַמעריקאַנער באָמבעס.

דעם 16־טן זענען אַריין די אַמעריקאַנער. עס איז געקומען די באַפרייאונג.

ווי אַזוי האָבן מיר דאָס אַלץ דורכגעלעבט? כ'האָב נישט קיין תשובה דערויף. כ'ווייס נאָר איינס: יעדן טאָג און יעדע נאַכט האָב איך צו זיך געזאָגט, אַז איך מוז דאָס אַלץ איבערלעבן, אַז איך מוז זיין שטאַרקער פון אייזן, כדי אויסצוהאַלטן די אַלע צרות, איבערלעבן די שונאים און שפּעטער דערציילן מיינע ברידער און שוועסטער, אַלע מיינע ליבע און טייערע, דאָס אַלץ, וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט.

ערשט נאָך דער באַפרייאונג האָב איך דערזען דאָס גרויסע אומגליק. קיינער פון מיינע נאָענטסטע און טייערע, פון מיין גאַנצער פאַרצווייגטער משפחה, איז נישט געבליבן.

אויפגענומען דורך **שלמה אופיר**



**ארבעה דורות לבית מוסקל**

הסבתא פאנע וליזה בתה, דבורה (וקרוביהם מחוץ לעיר). עומדים: דוד (בת־ים), לאהטשע עם בעלה יצחק טרוויצר וילדיהם; אטל עם בעלה וילדיהם, שרהטשע וטובהלע.

**פיר דורות פון דער משפחה מאָסקאָל**

די באָבע פאנע און איר טאָכטער ליזע, דבורה און זייערע קרובים פון אַנדערע שטעט. עס שטייען דוד (בת־ים), לאהטשע מיט איר מאַן, יצחק טערוויצער און זייערע קינדער; עטל מיט איר מאַן און קינדער, שרהטשע און טויבעלע.

**רחל גערץ־טורבינער** (בלפוריה)

# וויסטע טעג און נעכט

עס איז געקומען דאָס יאָר 1939, דער אויסברוך פון דער מלחמה, וואָס האָט צעשטערט אויך אונדזער אָרעם און קליין שטעטעלע וואָיסלאָוויץ, פאַרניכטעט הונדערטער לעבנס. נאָך איידער די דייטשן האָבן אַריינמאַרשירט איז שוין די לופט אין אונדזער שטעטל פול געווען מיט פחד. די יוגנט האָט גענומען זוכן אַ וועג ווי אַזוי זיך צו ראַטעווען און האָט געצויגן אויף מזרח, אָבער די עלטערע האָט זיך אויסגעוויזן, אַז פאַר זיי איז נישטאָ קיין שום אַנדער אָרט אין דער וועלט. איך האָב געפּרוווט ענדערן די מיינונג פון מיינע עלטערן און געבעטן זיך ביי זיי צו פאַרלאָזן וואָיסלאָוויץ און מיר זאָלן צוזאַמען פאָרן קיין רוסלאַנד. מיין פאָטער האָט מיר געענטפערט:

„די דייטשן וועלן נישט אויסהרגענען אַלע יידן. גאָט איז פאַראַן אומעטום... קיין רוסלאַנד וועל איך נישט פאָרן...”

עס דויערט נאָך דאָס יאָר 1939. די מלחמה האָט מיט זיך געברענגט בהלה און גרויל. פאַר די געוועלבער האָבן זיך געצויגן לאַנגע רייען, עס האָט אויסגעפעלט זאַלץ, נאַפט און אַנדערע פּראָדוקטן אָן וועלכע מען האָט זיך נישט געקענט באַגיין. גלייך ביים אָנהויב האָט מען שוין אין אונדזער שטעטל דערפילט די צערודערטקייט פון דער מאַכט און פון מיליטער. די יידן זענען אַרומגעגאַנגען פאַרזאָרגט און אין די הערצער האָט געיאָגט דער פחד פאַר די היטלעריסטישע מערדער. די מפּלה פון דער פּוילישער אַרמיי איז געקומען גאָר שנעל און אונדזער שטעטל איז עטלעכע טעג געבליבן אָן אַ מאַכט, איז נישט געוואָרן פאַרנומען נישט דורך די דייטשן און נישט דורך די רוסן. מיטאַמאָל האָט אַלעמען באַהערשט אַ גרויסע פרייד. די רוסן זענען אַריין. עס גייען אַרום קלאַנגען, אַז די רוסן פאַרנעמען די גאַנצע געגנט ביזן טייך וויעפּש.

נישט לאַנג האָט אָבער אָנגעהאַלטן די דאָזיקע פרייד. נאָך עטלעכע טעג

האָט מען דערזען ווי די רוסן הויבן זיך אָן צוריקציען. פריער האָט עס אויסגעזען געטון צו ווערן אין דער שטיל, בסודי־סודות. אָבער באַלד האָבן די רוסן אַליין געזאָגט, אַז זיי ציען זיך צוריק ביזן בוג און דאָרט וועט זיין די גרענעץ.

אין שטעטל האָט מען גענומען אַרומגיין ווי אָן קעפּ. מען האָט דערפילט, אַז עס רוקט זיך אָן אַ מוראדיקע צייט און איינער האָט דעם צווייטן געפרעגט: וואָס טוט מען? געווען רוסישע זעלנער, וואָס האָבן צוגערעדט, אַז מען זאָל מיט זיי מיטפאָרן, אָבער אַ סך מענטשן האָבן זיך געשראָקן צו פאַרלירן דעם דאַך איבערן קאָפּ און אויסגיין ערגעץ אין דער פרעמד פון הונגער. איך האָב דעמאָלט גענומען בעטן מיינע עלטערן, מיר זאָלן צוזאַמען פאַרלאָזן וואָיסלאָוויץ און אַוועק אויף דער רוסישער זייט. אָבער מיין פאָטער האָט מיר געענטפערט, אַז גאָט איז אומעטום און אַז די דייטשן וועלן נישט אַלע אויסהרגענען. ווען עס איז באַשערט צו שטאַרבן, וועט ער זיך נישט אויסבאַהאַלטן פאַרן טויט.

אין יענע געשפּאַנטע טעג האָב איך זיך באַגעגנט מיט אַ סאָוויעטישן קאָמאַנדיר, אַ ייד. ווען איך האָב אָנגעהויבן רעדן מיט אים האָב איך נישט געקענט איינהאַלטן אין זיך דאָס געוויין, וואָס האָט זיך געריסן פון מיר ביים געזעגענען זיך מיט מיין מאַן און מיט מיין ברודער משה, וועלכע איך האָב באַגלייט צום אַרויספאָרן. מיר איז שווער געווען צו פאַרלאָזן מיינע עלטערן. דער קאָמאַנדיר האָט מיך געפרעגט, פאַרוואָס איך וויין. איך האָב אים דערציילט וואָס עס טוט זיך אָפּ אין אונדזער שטוב. ער האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט און ענדלעך זיך אָפּגערופן:

„ווי אַ ייד ראַט איך אייך, איר זאָלט נעמען אייער קינד און די גאַנצע פאַמיליע און אַוועק צו אונדז קיין רוסלאַנד. דאָס איז די לעצטע געלעגנהייט פאַר אייך צו ראַטעווען זיך. די דייטשן וועלן קיין שום ייד נישט שוינען”.

אַהיימקומענדיק האָב איך מיינע עלטערן איבערגעגעבן די רייד פון דעם יידישן קאָמאַנדיר. אָבער דאָס האָט אויף זיי נישט געווירקט. זיי האָבן בשום אופן נישט געוואָלט אַוועק אין דער אומבאַוווּסטקייט, אָנהויבן דאָס לעבן פונדאָסניי אין באַדינגונגען, וועלכע האָבן זיך זיי אויסגעוויזן נישט צום איבערטראָגן.

באַלד איז מיין מאַן נאָך מיר געקומען און געפאָדערט איך זאָל מיט אים מיטגיין. איך האָב זיך געזעגנט מיט מיינע עלטערן און מיט מיין גאַנצער משפחה. דאָס איז געווען זייער אַ שווערער מאָמענט, אָבער ביי מיין גאַנצער זאָרג האָב איך זיך נישט פאָרגעשטעלט, אַז מיר געזעגענען זיך אויף שטענדיק און אַז איך וועל זיי שוין קיינמאָל מער נישט זען. מיין פאָטער האָט געוויינט אויף זיין גורל, אויף דער איינזאַמקייט. ער איז געבליבן אַליין. איין זון, שאול, איז געווען אויפן פראָנט און מען האָט נישט געוווּסט צי ער לעבט.

מיר זענען אַוועק קיין ניסטילע, אַ שטעטל אויף דער אַנדערער זייט בוג, ווו מיר זענען אָפּגעווען דריי חודשים און פון דאָרט זענען מיר אָפּגעפאָרן מיט אַ טראַנספּאָרט קיין רוסלאַנד.

סוף יאַנואַר 1940, אין אַ שטאַרקן פראָסט, זענען מיר אָנגעקומען אין אַ שטעטל נישט ווייט פון מאָסקווע, פורמאַנאָוו. מען האָט אונדז דאָרט אויפגענומען זייער וואַרעם. הונדערטער רוסן זענען געקומען קוקן אויף אונדז, ווי אויף עפּעס אַ וווּנדער. ביז דעמאָלט האָבן זיי נישט געהאַט געזען קיין יעווריען, וואָס קומען אַרבעטן אין טעקסטיל־פאַבריקן. אין משך פון די ערשטע צוויי וואָכן האָט מען זיך מיט אונדז באַנומען ווי מיט קעסט־קינדער, געגעבן אונדז עסן און טרינקען פונעם שענסטן און בעסטן. נאָך די צוויי וואָכן בין איך אַריין אַרבעטן אין אַ פאַבריק. אין אָנהויב האָבן זיך מיר די באַדינגונגען אויסגעזען צו זיין זייער שווערע. איך בין נישט געוווינט צו אַזעלכע שטאַרקע פ, יסט, נישט געקענט די שפּראַך, נישט געקענט די אַרבעט און געפילט זיך ווי אַ ~רעמדע צווישן די נייע מענטשן.

צוביסלעך האָב איך זיך אָנגעהויבן צוגעוווינען צום דאָרטיקן לעבן. די ערשטע צייט האָב איך נאָך באַקומען בר׳וו פון וואָיסלאָוויץ. מיין ברודער ישראל־דוד איז אַהיימגעקומען פון דייטשער געפאַנגענשאַפט, אין וועלכער מען האָט אים געהאַלטן אַ גאַנץ יאָר. זיינע בריוו זענען געווען פול מיט געבעט, אַז איך זאָל זיי אַרויסראַטעווען פונעם גהינום און נעמען צו זיך. איך האָב באַלד גענומען דערליידיקן די פאָרמאַליטעטן פון אַרויספאָדערן זיי, אָבער לײדער איז מיין מי געווען אַן אומזיסטע. די רוצחים האָבן זיך נישט אָפּגערופן אויף דער אַרויס־פאָדערונג זיי האָבן געדאַרפט האָבן וואָס מער יידישע קרבנות.

אין יאָר 1941, ווען די היטלעריסטישע אַרמיי, האָט זיך געלאָזט אויף רוסלאַנד, האָבן זיך אָנגעהויבן פאַר מיר שווערע טעג. מיין מאַן איז גלייך מאָביליזירט געוואָרן אויך מיין ברודער משה איז אַוועק אין דער אַרמיי. איך בין געבליבן אַליין מיט אַ קינד. איך האָב געמוזט אָויפגעבן מיין אַרבעט אין דער פאַבריק און בין אַריבער אַרבעטן אין אַ קינדער־היים. דאָרט האָב איך געהאַט צו עסן צו דער זעט, אָבער די אַרבעט איז געווען אומגעהויער שווער. מיר זענען דאָרט געווען בלויז פרויען. די מענער זענען אַלע געווען אויפן פראָנט. און מיר האָבן געמוזט אויספירן די שווערסטע אַרבעטן.

עס זענען געפאַלן געדיכטע שנייען און די פרעסט האָבן פאַרכאַפּט דעם אָטעם. אין אַזעלכע פרעסט איז מיר אויסגעקומען צו גיין אין וואַלד זעגן ביימער און צוגרייטן האָלץ צום הייצן. גאַנצע טעג זיינען מיר געווען פאַרנומען ביי דער דאָזיקער אַרבעט. די פיס האָבן געטאָפּטשעט אין טיפן שניי. מיר האָבן אויך

געמוזט אַרבעטן אויף די פעלדער, אַראָפּנעמען די תבואות און שלעפּן די זעק עסנוואַרג פאַר די קינדער.

איך האָב דאָס אַלץ אָנגענומען פאַר ליב. אין די פאַרנאַכטן, ווען מיר פלעגן זיך אָפּרוען פון דער שווערער האַראָוואַניע, האָב איך זיך פאַרטראַכט איבער מיין היים, פון וועלכער איך בין אַרויסגעריסן געוואָרן. מיך פלעגט אַרומנעמען אַ געוואַלדיקע בענקשאַפט און דאָס האַרץ האָט זיך מיר געקורטשעט פון ווייטיק ביים געדאַנק, אַז די דייטשן פייניקן דאָרט אונדזערע נאָענטע און טייערע. איך האָב געחלומט אַהיימצוקומען צוריק אין אונדזער שטעטל טרעפן עמיצן פון די נאָענטסטע. דאָס האָט זיך מיר אויסגעזען צו זיין דאָס גרעסטע גליק אין מיין לעבן. טאָג און נאַכט האָב איך געהאַט פאַר די אויגן די בילדער.

ווען עס האָבן זיך אונדזערע וועגן צעשיידט. איך, מיין מאַן און קינד, ווי אויך מיין ברודער משה האָבן זיך גענומען גרייטן אין וועג אַריין, געזעגנט זיך מיטן שטעטל, מיט אונדזערע נאָענטע און טייערע. דאַן איז אונדז נישט איינגעפאַלן, אַז מיר זעען זיך צום לעצטן מאָל, אַז איך וועל שוין קיינמאָל מער נישט זען די דאָזיקע גוטע, נאָענטע און טרייע מענטשן. איך האָב זיך איינגערעדט, אַז עס וועט דורכגיין די שווערע צייט און מיר וועלן צוריקקומען, ווידער זיך טרעפן מיט די מענטשן, וואָס זענען אונדז געווען אַזוי ליב און טייער.

איצט זעט דאָס אַלץ אויס ווי אַ חלום, אַ שווערער קאשמאַר. מיר זענען אַוועק און די אַלע גוטע מענטשן איבערגעלאָזט אויף פּיין, יסורים און טויט. די גאַנצע צייט פון דער מלחמה, וועלכע איך האָב איבערגעלעבט אין סאָוויעטיש־רוסלאַנד, וואָס איז געווען אַזוי רייך אין פאַרשידנאַרטיקע איבערלעבענישן, האָב איך געטראַכט וועגן די יידן אין וואָיסלאָוויץ, וועגן די לייבלעך־אייגענע מענטשן. נאָך וועלכע איך האָב נישט אויפגעהערט צו בענקען. איך האָב זיך פאָרגעשטעלט ווי איך וועל זיך ווידער טרעפן מיט זיי און איך וועל זיי דערציילן וועגן אַלעם, וואָס איך האָב דורכגעמאַכט, וועגן די נייע און אינטערעסאַנטע זאַכן און מענטשן, וועגן וועלכע איך וועל האָבן צו באַשרייבן אַ בוך, אַ מגילה אַ גאַנצע פון פּיין און ליידן, אָבער הערנדיק שפּעטער פון די ניצול געוואָרענע יידן אין אָקופּירטן פּוילן, וואָס זיי האָבן אַלץ דורכגעמאַכט, איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן, אַז דאָס אַלץ, וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט אין רוסלאַנד איז נישט מער ווי אַ טראָפּן אין ים פון יענע פּיין און יסורים, וואָס עס האָבן געליטן מיינע נאָענטע און טייערע, וועלכע איך האָב איבערגעלאָזט אין וואָיסלאָוויץ.

טאָג און נאַכט זענען מיר נאָכגעגאַנגען די דערינערונגען פון מיין היים־שטעטל. באַזונדערס שווער פלעגט מיך באַהערשן די בענקשאַפט אין די פאַרנאַכטן ביים זון אונטערגאַנג, ווען איך האָב געקוקט אויפן הימל און געזען די פייגעלעך

פליען ערגעץ אויף מערב. איך האָב זיי מקנא געווען, וואָס זיי קענען פליען. עס האָט זיך אַזוי שטאַרק געוואָלט האָבן פליגל צו קענען אַ שווער טון אַוועק אין די ווייטענישן און זען, וואָס עס טוט זיך אין אונדזער שטעטל.

די גאַנצע צייט האָב איך געלעבט מיט דעם געדאַנק און פאַרשטעלונג פון טרעפן זיך מיט זיי. ווען די מלחמה האָט שוין געהאַלטן ביים פאַרענדיקט ווערן, כעלם און וואָיסלאַוויץ זענען שוין געווען באַפרייט און עס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען שוידערלעכע ידיעות וועגן דער פאַרניכטונג פון מיליאָנען יידן, האָב איך נאָך אַלץ נישט געוואָלט צולאָזן צו זיך דעם געדאַנק, אַז קיינער פון מיינע נאָענטע אין וואָיסלאַוויץ זענען נישט געבליבן לעבן. איך האָב געשריבן צו זיי בריוו, וואָס זענען געבליבן אָן ענטפער. כ'האָב אַריינגעשריבן אַ פוילישן בריוו אין דער וואָיסלאַוויצער גמינע און געבעטן זיי זאָלן מיר שרייבן, וואָס עס איז געשען מיט מיינע נאָענטע. די גמינע האָט מיין בריוו איבערגעשיקט קיין כעלם, ווו עס האָט זיך שוין געהאַט געשאַפן אַ יידישער קאָמיטעט און פון דאָרט האָב איך באַקומען אַ קאַרטל: „שטעלט אייך פאָר, אַז פון דער גאַנצער יידישער באַפעל־קערונג אין כעלם און סביבה זענען געבליבן נישט מער ווי זיבן מענטשן...”

דאָס איז געווען די ערשטע ידיעה, וואָס איך האָב באַקומען פון מיין חרוב־געוואָרענער היים.

סוף־סוף האָט זיך די מלחמה פאַרענדיקט און עס איז געקומען דער טאָג פון מיין צוריקפאָרן קיין פוילן. אויפן וועג האָב איך זיך באַגעגנט מיט מענדל שאַפירס קינדער, מיט משה־שמואל עניס. זיי האָבן מיר איבערגעגעבן, אַז מיין קוזינקע, שרה טורבינער מיט איר מאַן אפרים גערבער, זענען געבליבן לעבן. מיך האָט אַרומגעכאַפּט אַ שטאַרקער באגער צו באַגעגענען זיך מיט זיי וואָס גיכער, רעדן, אַרומנעמען.



**מענדל שאפערס פרוי, פערל (אינמיטן) מיט אירע צוויי זין: שלום (רעכטס) און שמואל.**

מיר זענען אָנגעקומען קיין נידערשלעזיע און זיך איינגעאָרדנט אין וואַלבזשיך. טאָג און נאַכט האָב איך געזוכט וועמען, וואָס זאָל מיר קענען אָפּגעבן אַ גרוס פון מיין היים, וועלכע איז שוין מער נישטאָ. איך האָב זיך באַגעגנט מיט חיה מאַסטבוים און איר שוועגערין חוה, וועלכע האָבן דעמאָלט געוווינט אין וואַלבזשיך. זיי האָבן דורכגעמאַכט דאָס דייטשע גהינום. ווען חוהלע האָט מיר אָנגעהויבן דערציילן וועגן מיינע עלטערן און שוועסטער, וועלכע איז געווען איר חברטע, האָט חיה נישט געלאָזט זי רעדן, געזאָגט, אַז מען דאַרף נישט אויפלעבן די ווונדן און פאַרשאַפן אומזיסטע צרות. חוהלע איז געווען איינגעשפאַרט. זי האָט געזאָגט אַז אַ טאָכטער דאַרף וויסן וואָס אירע עלטערן האָבן איבערגעלעבט און געדענקען עס אויף שטענדיק. זי פלעגט זיך טרעפן מיט מיין שוועסטער און געזען אויך מיין פאָטער, וועלכן עס איז שוין אין די ערשטע חדשים געווען נישט צו דערקענען. די דייטשן האָבן ביי אים אַרויסגעריסן אַ האַלבע באָרד צוזאַמען מיט שטיקער פלייש. ער איז דערפאַר אַרומגעגאַנגען מיט אַ פאַרבינדן פנים. אַלע זענען פאַר דער צייט געוואָרן גרוי. ווען מען האָט אַרויסגעטריבן די יידן פון שטעטל זענען מיינע עלטערן אַנטלאָפן אויף דער פאָדסטאַוויע, ווו זיי האָבן זיך באַהאַלטן אין אַ סטויג היי. אַכט טעג זענען זיי דאָרט געלעבן אָן ברויט און אָן וואַסער. ערשט ווען מיין טאַטנס שוועסטער חיה איז צופעליק דאָרט דורכגעגאַנגען האָט זי דעם טאַטן געגעבן אַ שטיקל ברויט, וואָס זי האָט ביי זיך געהאַט.

אַ לאַנגע צייט האָבן זיי געוואָגלט איבער די דערפער און דערנאָך זענען זיי אַוועק קיין כעלם, וווהין עס איז אָנגעקומען אויך מיין ברודער ישראל־דוד. ער האָט געבעטן מכלהן, זי זאָל מיט אים מיטגיין אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער. מכלה האָט נישט געוואָלט גיין מיט אים אין וואַלד, געזאָגט, אַז זי קען נישט איבערלאָזן די עלטערן אַליין אין אַזאַ שווערער צייט. ישראל־דוד איז אַוועק צוריק אַליין. אין אַ צייט שפּעטער איז ער דערהרגעט געוואָרן ביי ראָזשענטשין.

חוהלע האָט מיר דערציילט, אַז מיין שוועסטער האָט כסדר מיך און משהן דערמאָנט און אין טאָג פון זייער אומקום האָט זי צו איר געזאָגט: „איך האָב אַ ברודער און אַ שוועסטער אין רוסלאַנד און בין זיכער, אַז זיי וועלן די מלחמה איבערלעבן”.

אַ סך האָבן זיי אין יענע לעצטע שעהן, ערב זייער אומקום גערעדט צווישן זיך, דערמאָנט נאָענטע מענטשן, קרובים און פריינט. די לאַגע איז געווען אַ מוראדיקע. יענעם טאָג האָט מען זיך אין שטעטל געריכט אויף אַן אַבלאַווע און מכלה האָט געזאָגט חוהלען, אַז זיי האָבן אַ גוט באַהעלטעניש. חוהלע האָט אָבער מורא געהאַט, אַז מען וועט זיי געפינען, ווייל דאָס באַהעלטעניש האָט זיך איר נישט אויסגעוויזן צו זיין זיכער.

דאָס איז געווען זייער לעצטער שמועס. די שרעק איז פון מינוט צו מינוט געוואָרן געדיכטער און זיי זענען געלאָפן באַהאַלטן זיך. באַלד האָט זיך טאַקע אָנגעהויבן די אַבלאַווע און ווען עס איז געוואָרן שטיל, עטלעכע שעה נאָך דער אַבלאַווע איז חוהלע אַרויס פון איר באַהעלטעניש און דאָס וואָס זי האָט דערזען האָט איר פאַרגליווערט דאָס בלוט אין די אָדערן. אויף די וועגן זענען געלעגן צעשאָסענע און צעפייניקטע קערפּערס פון באַקאַנטע, וועלכע האָבן ערשט מיט עטלעכע שעה צוריק געלעבט. איצט זענען זיי געלעגן אין קאַלוזשעס בלוט. צווישן די הרוגים זענען אויך געווען מיינע עלטערן און מיין טייער שוועסטערל מכלה. אַזוי האָט זיך געענדיקט זייער טראַגיש לעבן.

אַ דערשלאָגענע און צעבראָכענע בין איך אַוועק פון איר און האָב זיך לאַנגע טעג און וואָכן נישט געקענט קיין אָרט געפינען. עס איז מיר נמאס געוואָרן דאָס אייגענע לעבן. מיך האָט געפייניקט אַ געפיל, אַז איך בין שולדיק אינעם טויט פון מיינע עלטערן. איך האָב זיי נישט געטאָרט איבערלאָזן, געדאַרפט מיט כוח מיטנעמען זיי מיט זיך, אָדער בלייבן און אומקומען צוזאַמען מיט זיי. דאָס דאָזיקע שולד־געפיל באַגלייט מיך דאָס גאַנצע לעבן.

אין יענע טעג האָב איך דערפילט מיט דער גאַנצער שאַרפקייט ווי פרעמד און ווי פיינטלעך עס איז צו אונדז די פוילישע ערד. ווי פיינט עס האָבן אונדז די פּאָליאַקן און איך האָב באַשלאָסן, אַז מיר מוזן אַנטלויפן פון דאָרט.

אין איינעם פון יענע אומעטיקע טעג אין פוילן האָב איך זיך געטראָפן מיט עטלעכע וואָיסלאָוויצער. פון זיי האָב איך זיך דערוווסט, אַז שרה און אפרים מעכל זענען געבליבן לעבן און וווינען אין לובלין.

שווער צו שילדערן די פרייד, וואָס האָט מיך אַרומגענומען ביים באַקומען די דאָזיקע ידיעה.

גלייך ווען מען האָט אונדז אַראָפּגעלאָזט אין נידערשלעזיע, בין איך געפאָרן צו זיי קיין לובלין, ווו איך האָב זיך מיט זיי באַגעגנט און בין גלייך געפאָרן קיין כעלם מיט דער דעה צו פאָרן קיין וואָיסלאָוויץ, אָבער אויפן וועג האָבן מיך מענטשן אָפּגערעדט, ווייל עס איז געווען פאַרבונדן מיט גרויסע געפאַרן. אין יענער צייט האָבן די פּאָליאַקן אין די קליינע שטעטלעך דערהרגעט יעדן באַגעגנטן ייד.

ווי אין אַ קאָשמאַר בין איך אַרומגעגאַנגען איבער די געוועזענע יידישע גאַסן פון כעלם. אַריינגעקוקט אין די הייזער און געשעפטן. עס האָט געגרוילט. אַלץ איז געווען פאַרנומען פון פּאָליאַקן, אין ערגעץ האָט מען נישט געזען קיין ייד. פאַר מיר איז געווען קלאָר, אַז מיר טאָרן נישט פאַרבלייבן אויף דער דאָזיקער ערד, וואָס איז אָנגעזאַפּט מיט אומשולדיק יידיש בלוט.

איך בין צוריק אַוועק קיין נידערשלעזיע, פּעסט אַנטשלאָסן אַרויסצופאָרן פון פּוילן. איך האָב געוואָלט, אַז דאָס זאָל געשען וואָס גיכער. אָבער עס טוט זיך נישט אַזוי שנעל ווי מען מיינט. איך האָב געמוזט אָנהייבן אַרבעטן, כדי צו פאַרדינען אויפן שטיקל ברויט. מיין מאַן איז נאָך דעמאָלט געווען אין דער רוסישער אַרמיי און איך האָב געמוזט וואַרטן אויף אים.

קיין וואַיסלאָוויץ בין איך מער נישט געפאָרן. די קוזינקע מיט איר מאַן מיט וועלכע איך האָב זיך געטראָפן, האָבן מיך בשום אופן נישט געלאָזט פאָרן אַהין. באַלד איז אויסגעבראָכן דער קעלצער פּאָגראָם און אַ קורצע צייט שפּעטער איז מיין מאַן געקומען פון רוסלאַנד.

יעדער טאָג, וואָס איך האָב געטראָטן אויף דער פּוילישער ערד, וואָס איז געווען דורכגעזאַפּט מיט יידיש בלוט, האָט מיר ווייַ געטון. איך האָב נישט געקענט קוקן אויף די מערדערישע פּנימער פון די פּאָליאַקן, וועלכע זענען זיך אָנגעלאָפן פון פאַרשידענע ערטער. איך האָב געוווּסט אַז זייערע הענט זענען איינגעטונקען אין יידיש בלוט.

אינצווישן האָבן אָנגעהויבן אָנקוקומען די טראַנספּאָרטן פון רוסלאַנד. צווישן זיי זענען אויך געווען וואַיסלאָוויצער. זיי האָבן זיך דערוווּסט מיין אַדרעס און זענען געקומען מיך באַזוכן. יעדער אַזאַ באַזוך האָט אַרויסגערופן אין מיר אַ פריידיקן ציטער. יעדער באַגעגנטער וואַיסלאָוויצער איז געווען פאַר מיר פּונקט ווי איך וואָלט זיך געטראָפן מיט מיינס אַ ברודער, אַ שוועסטער.

ווען עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די יידישע מדינה, האָב איך זיך צוזאַמען מיט מיין מאַן מאָביליזירט צו פאָרן קיין ישראל אין דער הגנה, אָבער מען האָט אונדז אָפּגעוואָרפן, ווייל מיר זענען געווען מיט אַ קליין קינד.

אָנהויב יאָר 1950 האָבן מיר געהערט צו די גליקלעכע, וואָס האָבן באַקומען די מעגלעכקייט אַרויסצופאָרן קיין ישראל.

אין יאָר 1950 זענען מיר ענדלעך אָנגעקומען צו די ברעגעס פון חיפהער פּאָרט. די פרייד איז געווען אין לשער.

**רחל גערץ־טורבינער**



חיים אבני

# אויף די אימהדיקע וועגן פון וואיסלאוויץ ביז חיפה



ין יאָר 1939 בין איך געווען אין קיבוץ און עס איז דעמאָלט געקומען מיין ריי עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. אויף מיין ארבעטס־פּלאַץ האָט מען שוין אַוועקגעשטעלט אַ צווייטן חבר, פּייוול בארנשטיין. איך האָב אים געלערנט, ער זאָל מיך קענען פאַרטרעטן און האָב זיך פיבערהאַפטיק געגרייט צו דער עליה. מיין באַגאַזש איז שוין געווען אין קיבוץ. געוואַרט האָב איך נאָר אויפן פאַספּאָרט. פאַר מיר איז געווען באַשטימט צו



מיינע עלטערן גרשון ודינה שטיין

פאָרן אַלס טוריסט. איך האָב שוין אפילו געהאַט די באַן־בילעטן קיין רומעניע, ביזן פּאָרט קאָנסטאַנצע. פון דאָרט האָב איך געדאַרפט אָפּפאָרן מיט אַ שיף קיין ארץ־ישראל.

דער אויסברוך פון דער מלחמה האָט צעשטערט אַלע אונדזערע פּלענער. מיר זענען אַרומגעגאַנגען ווי צעחושט. דעמאָלט זענען פון דער צענטראַלע אַראָפּגעקומען אין קיבוץ די חברים צביה לובעטקין, אַנטעק צוקערמאַן, אברהם געוועלבער א. א. מען האָט גערופן אַן אסיפה און געמאָלדן, אַז ווער עס וויל אַהיימפאָרן קען באַקומען אויף הוצאות. די וואָס ווילן נישט אַהיימפאָרן קענען בלייבן אין קיבוץ.

פון אַלע איז געבליבן אַן ערך צוואַנציק פּראָצענט און צווישן זיי אויך איך. מיר האָבן געשאַפן אַ זעלבשוץ, גרייט צו פאַרטיידיקן זיך קעגן אָנפאַלער.

מיטן דערנענטערן זיך פון די דייטשן האָט אַלץ שטאַרקער אָנגעהויבן צו עקבערן די פראַגע, וואָס מיר זאָלן ווייטער טון? צי עס האָט אַ זין אונדזער ווייטערדיק זיצן אויפן אָרט און וואַרטן אויפן אָנקום פון די דייטשן?

אויף אַ ספּעציעל־גערופענער זיצונג איז באַשטימט געוואָרן, אַז מיר דאַרפן זיך לאָזן קיין ווילנע און דאָרטן אויפסנייַ גרינדן אונדזער גראָכוווער קיבוץ.

אַן ערנסט פּראָבלעם זענען געווען די ניין קראַנקע חברים, וואָס זענען דעמאָלט געלעגן אין אונדזער קראַנקן־צימער. איך האָב אויף זיך גענומען די אחריות פאַרן איבערפירן די קראַנקע מיטן באַדינג, אַז דער דאָקטאָר זאָל זיי פריער באַטראַכטן, צי זיי וועלן קענען אויסהאַלטן דעם וועג. ערשט ווען דער דאָקטאָר דאָקטאָראָוויטש האָט פעסטגעשטעלט, אַז די קראַנקע זענען אומשטאַנד דורכצומאַכן דעם וועג האָבן מיר אָנגעלאָדן אַ וואָגן מיט שפּייז, געשאָכטן די קרוליקעס און די בהמות האָבן מיר אָפּגעלאָזט פריי אויפן פעלד.

אויפן צווייטן וואָגן האָבן מיר אַרויפגעלייגט די קראַנקע און אויך אַביסל זאַכן. מיר האָבן זיך צעטיילט אין צוויי גרופּן. די ערשטע איז אַוועק די גרופּע מיט שפּייז. אויפן צווייטן טאָג האָב איך ארויפגעלאַדעוועט די קראַנקע אויפן וואָגן. מיר זענען געפאָרן ביינאַכט. אויפן גאַנצן וועג זענען מיר געגאַנגען נאָכן וואָגן צופוס. בייטאָג זענען די וועגן געוואָרן באָמבאַרדירט און מיר האָבן זיך געמוזט באַהאַלטן אין די וועלדער.

אַנקומענדיק אינעם שטעטל שעדלעץ זענען די פערד שוין געווען מיד און מיר האָבן דערפאַר באַשלאָסן אַראָפּצונעמען אַלע זאַכן פון וואָגן און מיר האָבן זיי אַוועקגעלייגט אין אַן אָפּגעדונגענעם קעלער. אויף דער נאַכט זענען מיר אַרויסגעפאָרן פון שטעטל. אָפּפאָרנדיק אַ שטיקל וועג איז צעבראָכן געוואָרן אַ ראָד און מיר זענען געבליבן שטיין אומבאַהאָלפענע אינמיטן וועג. עס איז נישט געווען קיין ברירה און איך האָב זיך געמוזט אומקערן אין שטעטל, אויסגעזוכט אַ קוזשניע און אַרויסגענומען פון דאָרט צוויי רעדער, און זיי אַוועקגעקוילערט.

אַנקומענדיק קיין לובלין האָט צביה מיר געזאָגט, אַז איך דאַרף אַריינפאָרן

אין שטעטל און ווייזן זיך פאַר די עלטערן, וואָס זענען זיכער שטאַרק באַזאָרגט וועגן מיר. זי האָט מיר געגעבן געלט אויף צו קויפן אַ ראָווער און איך בין אַהיים־געפאָרן. מיר האָבן זיך אָפּגעשמועסט, אַז מיר וועלן זיך טרעפן אין קאָוועל.

די נסיעה אַהיים איז געווען אַ שווערע און מאַטערנדיקע. פאָרן האָט מען געקענט נאָר ביינאַכט און דעם גרעסטן טייל וועג געמוזט נאָכשלעפּן דעם ראָווער אויף די אַקסלען.

אָנקומענדיק אויף דער כעלמער גאַס, וואָס האָט שוין געהערט צו וואָיסלאָוויץ, בין איך געווען אַזוי פאַרמאַטערט, אַז איך האָב שוין נישט געהאַט קיין כוח צוצופאָרן ביזן שטעטל אין די יידישע געסלעך. איך בין אַריין אויפן קריסטלעכן בית הקברות און זיך אַוועקגעלייגט צווישן די קברים. דעם ראָווער האָב איך צוגעבונדן צו די פיס, מען זאָל מיר אים נישט צונעמען און בין געבליבן אַזוי ליגן ביז עס האָט אָנגעהויבן טאָגן און בין אַביסל געקומען צו די כוחות.



**חיים אבני אין דער יוגנט מיט זיין קוזינקע רחלע אדאמאשקער, טאָכטער פון הענע זושעס, אומגעקומען צוזאַמען מיט אירע עלטערן צוזאַמען מיט אַלע וואָיסלאָוויצער.**

אין יענע טעג איז מיר טאָפּלט נאָענט און טייער געווען יעדער מיטגליד אין אונזדער משפחה, יעדעס קינד, וואָס איך האָב באַגעגנט. ווען איך קוק איצט אויף דעם דאָזיקן בילד פון מיין קליינער קוזינקע טויכן אויף פאַר מיר די בילדער פון יענער צייט און מיר איז שווער איינ־צוהאַלטן די טרערן אין מיינע אויגן, דאָס געשריי פון מיין צעווייטיקט האַרץ.

די פרייד ביי די עלטערן און ביי דער גאַנצער משפחה איז געווען אין לשער. די עלטערן האָבן געזאָגט, אַז איצט וועלן זיי מיך שוין נישט אָפּלאָזן, נאָך איך מוז בלייבן צוזאַמען מיט אַלע. מיר איז געוואָרן שווער אויפן האַרצן. כ'האָב זיי נישט געקענט זאָגן, אַז איך דאַרף זיך טרעפן מיט די חברים פון קיבוץ אין קאָוועל. עס האָט געשניטן ביים האַרץ, אָבער איך בין געווען פעסט אַנטשלאָסן צו פאָרן. איך האָב געזאָגט, אַז איך וועל נאָר צופאָרן מיט ראָווער קיין לודמיר, זען ווי אַזוי עס זעט דאָרט אויס דער מצב. אפשר וועלן מיר אַהינפאָרן. דעמאָלט זענען אַ סך אַנדערע געפאָרן קיין לודמיר. מען איז געווען זיכער, אַז לודמיר

געהערט צו די רוסן, און מען וועט דאָרט נישט דאַרפן מורא האָבן פאַרן אַנקום פון די דייטשן.

מיינע עלטערן האָבן בלית ברירה געמוזט מסכים זיין, אַז כ'זאָל פאָרן אַ קוק טון. מיט מיר אויפן ראָווער איז מיטגעפאָרן מיין קוזינקע פערל שטראסבערגער.ביידע, האָט עס געהייסן, האָבן מיר געדאַרפט פעסטשטעלן ווי אַזוי עס זעט אויס אין לודמיר. אַנקומענדיק אויפן אָרט האָב איך פערלען דערציילט דעם אמת, אַז איך מוז אַוועקפאָרן קיין קאָוועל, ווו די חברים וואַרטן אויף מיר. איך האָב איר געזאָגט, אַז זי זאָל אַליין צוריקפאָרן. זי האָט זיך צעוויינט און געבעטן, אַז איך זאָל נישט אַוועקפאָרן און נישט לאָזן די עלטערן אַליין, אָבער איך האָב זיך מיט איר געזעגנט און אַנקומענדיק קיין קאָוועל, ווו די חברה האָט שוין געוואַרט אויף מיר, זענען מיר אַוועק קיין ווילנע. איך מיט אַ חבר זענען מיר געבליבן מיט די פערד און וואָגן וואַרטן אויף אַ ידיעה, ווען מיר זאָלן אָפּפאָרן קיין ווילנע.

ענדלעך איז אָנגעקומען די ידיעה און מיר זענען אָפּגעפאָרן קיין לידע, ווו ביי דער גרענעץ האָט אונדז אַ פויער געוויזן דעם וועג, ווו מיר קענען דורכפאָרן דאָס וואַסער. ווען מיר זענען צוגעקומען אויף דעם פּלאַץ האָבן אונדז באַגעגנט רוסישע זעלנער פון דער גרענעץ־וואַך, צוגענומען ביי אונדז פערד און וואָגן און דערביי גוט צעשלאָגן.

מיר האָבן אָפּגעוואַרט ביז די זעלנער האָבן זיך אַביסל דערווייטערט און מיר זענען אַריבערגעלאָפן די גרענעץ.

אין ווילנע האָב איך געטראָפן די גאַנצע חברה פון גראָכוו. צוזאַמען מיט אַנדערע האָב איך זיך גלייך גענומען צו דערליידיקן די פאָרמאַליטעטן אויף עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל.



**נחמן שטיין, לייזער נאדלס אייניקל**

ער איז געווען איינער פון די, וואָס איך האָב באַגעגנט אויף מיין וואַנדער וועג און עס האָט אויף מיר אַן אַטעם־געטון מיט דער האַרציקער וואַרעמקייט פון מיין וואַיסלאָוויצער היים, וואָס ערשט ווייט פון איר, אין דער פרעמד, ווייסט מען ווי עס אָפּצושאַצן און טייער האַלטן.

אין ווילנע האָב איך באַגעגנט עטלעכע וואַיסלאָוויצער בחורים: שמואל קאָרענפעלד, משה ראב, נחמנלע שטיין, לייזער נאדלס אייניקל. זיי האָבן געלעבט פון דזשאָינט און האָבן באַקומען בריוו פון די עלטערן אין וואַיסלאָוויץ. איך האָב

אויך פון דאָרטן געשריבן אַ בריוו צו די עלטערן און אָנגעגעבן די אַדרעסן פון די דריי שטעטישע בחורים. עס איז פאַרביי אַ קורצע צייט און איך האָב באַקומען אַ קאַרטל פון דער היים, באַלד נאָך אַ קאַרטל. איןביידע האָבן די עלטערן זיך געבעטן, איך זאָל וואָס גיכער אַהיימקומען.

אין דער וווינונג פון מולקע באַראַנטשוקס ברודער האָבן מיר, די חברים פון גראַכאָווער קיבוץ, אָפּגעהאַלטן געהיימע זיצונגען. אויף איינער פון די זיצונגען איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצושיקן מיך אין שליחות קיין לעמבערג. פאַר מיר האָט מען אַרויסגעשיקט דעם סעקרעטאַר פון קיבוץ, צבי מיעלניצער, איז ער אַריינגעפאַלן צו די רוסן אין תפיסה. נאָך אים איז געגאַנגען נחמיה גרוז, וועלכער איז אויך אַריינגעפאַלן ביים דורכגיין די גרענעץ.

איך האָב דערפאַר געפילט די גרויסע אחריות, וואָס איז אויף מיר אַרויפ־געלייגט געוואָרן. בסוד האָב איך וועגן דעם דערציילט שמואל קאָרנפעלד. ער האָט זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון וועגן דער גרויסער געפאַר, וואָס דראָט מיר און האָט מיך געפרוווט איבערצייגן, אַז איך זאָל זיך פאַרטראַכטן, צי איך דאַרף אויף זיך נעמען אַזאַ גרויסע ריזיקע. ער האָט מיר דערציילט ווי שטאַרק מענטשן רייסן זיך צו קומען פון יענער זייט קיין ווילנע, וויפל געפאַרן מען מאַכט דורך און וויפל געלט דאָס קאָסט אָפּ און מען איז קיינמאָל נישט זיכער, צי עס וועט געלונגען דאָס אַריבערגיין די גרענעץ. שמואל האָט אָבער געזען, אַז איך בין פעסט דעצידירט אויסצופירן מיין שליחות, האָט ער מיר געווונטשן הצלחה.

צוויי טעג האָב איך זיך ארומגעדרייט אויף דער גרענעץ, געוווינט ביי אַ חברטע פון קיבוץ, וועלכע האָט מיך אַרומגעפירט איבער די ערטער, ווו עס איז לייכטער אַדורכצוגיין די גרענעץ קיין לידע. עס זענען דעמאָלט געווען גרויסע שניי־זאַווערוכעס און איך בין געגאַנגען, געטאָפּטשעט אין די טיפע שנייען ביז איך בין ענלעך אָנגעקומען אויפן באַשטימטן טרעף־פונקט, וועלכער איז געווען ביי סאָלאָווייטשיקן אין שטוב. דאָרט האָב איך אויך געטראָפן מיינעם אַ קוזין.

דער וועג איז שוין איצט געווען פיל לייכטער, אָבער איז אויך געווען פאַר־בונדן מיט געפאַרן. איך בין געפאָרן קיין לעמבערג, אויסגעפירט מיין שליחות מיטן גאַנצן דערפאָלג, אָבער איך האָב אויך געפילט, אַז איך דאַרף עפּעס טון פאַר מיינע וואָיסלאָוויצער, געוואָלט זיי צוהעלפן אַרויסקריגן זיך פונעם גהינום און אַוועק קיין ווילנע. איך בין צוליב דעם געפאָרן קיין לודמיר, האָב זיך דאָרט געטראָפן מיט שרהלע בערגער און מיט מיין קוזין חיים האָראָוויץ פון סקריטשין זיי האָבן צוזאַמען פאַר דער מלחמה געלערנט אין גימנאַזיע. זיי האָבן אָבער נישט געוואָלט הערן פון אַרויספאָרן פון דער סאָוויעטישער זייט. עס זענען פאַרביי עטלעכע טעג האָט מיר דער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר דער קאָנספּיראַטיווער

אַרבעט אין לעמבערג געגעבן אַן אויפגאַבע אַריבערצוגיין די גרענעץ קיין וואַרשע און איבערגעבן פאַראָרדענונגען פאַר די איבערגעבליבענע חלוצים. נישט געקוקט אויף אַלע געפאַרן האָב איך אויף זיך גענומען די אויפגאַבע, כ׳בין אַריבער די גרענעץ אָבער אויפן באַשטימטן אָרט האָב איך שוין קיינעם נישט געטראָפן. צוריקוועגנס, ביים אריבערגיין די רוסישע גרענעץ האָבן מיך דערשמעקט די הינט פון דער גרענעץ־וואַך און איך בין אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די רוסישע סאָלדאַטן. צוזאַמען מיט אַנדערע האָט מען מיך פאַרשפאַרט אין אַ קלויסטער אין זאַרעמבא קאַשטשעלנא. דאָרט זענען געווען אַ סך אַרעסטירטע פאָליאַקן, הויכע אָפיצערן און גלחים. קיין עסן האָבן אונדז די רוסן נישט געגעבן, אָבער די אַרומיקע פויערים האָבן זיך דערוווּסט, אַז אין קלויסטער זענען אַרעסטירט פאָליאַקן און זיי האָבן דורך לעכער אַריינגעוואָרפן פעקלעך שפּייז. בעיקר איז זיי געגאַנגען אין די גלחים, אָבער יענע האָבן דאָס עסן פאַרטיילט צווישן אַלע אַרעסטירטע.

עס זענען פאַרביי אַכט טעג ביז מען האָט מיך אַריבערגעפירט אין דער בריסקער תפיסה, ווו מען האָט מיך געפאָרשט גאַנצע נעכט, געשלאָגן און געפייניקט, אַז איך זאָל זיך מודה זיין אין שפּיאָנאַזש פאַר די דייטשן. די אויספאָרשער האָבן מיט מיר גערעדט רוסיש, פויליש און יידיש.

אין די תפיסה־קאַמערן איז געווען שרעקלעך ענג און שמוציק. אין משך פון דער קורצער צייט בין איך געוואָרן אַזוי פאַרפייניקט, אַז איך האָב שוין מיט צופרידנקייט אויפגענומען דעם אורטייל פון אַכט יאָר פאַרשיקן אויף סיביר.

נאָך לאַנגע מאַטערנישן בין איך אָנגעקומען אין די נאַפט־גרובנס, ווו איך בין אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַרבעטן ביי די מאַשינען, וואָס האָבן באַדינט די גרובנס. אין פאַרגלייך מיט דער בריסקער תפיסה איז דאָ געווען אַ גן עדן, אָבער נאָך אַ קורצער צייט איז אין די גרובנס פאָרגעקומען אַ קאַטאַסטראָפע און עס זענען פאַרשיט געוואָרן זיבן הינדערט מענטשן. די אַרבעטן זענען פולשטענדיק איבערגעריסן געוואָרן און אַלע לעבנגעבליבענע האָט מען איבערגעפירט אין אַ צווייטן לאַגער, ווו איך האָב געאַרבעט אַלס שלאָסער.

נאָכן אַמנעסטירן די פוילישע בירגער האָט מען מיך צוזאַמען מיט נאָך צען יינגלעך געשיקט אויף אַ פינף־חדשימדיקן קורס, נאָך וועלכן איך האָב אָנגעהויבן אַרבעטן אין אַ פאַבריק. די באַדינגונגען זענען געווען שווערע. מיר זענען אַרומגעגאַנגען הונגעריקע. איינער פון מיינע חברים איז געפאַלן אויף אַ המצאה צו ווערן אַ קאַרטן־וואַרפער. מיין ראָל איז באַשטאַנען אין אויסקוקן אַ משפחה, דערוויסן זיך ביי די שכנים פרטים פון זייער לעבן און דערנאָך צורעדן זיי צו דערוויסן זיך ביים קאַרטן־וואַרפער וועגן זייער גורל. איך האָב די אַלע פרטים איבערגעגעבן מיין חבר און ווען די פרוי איז געקומען צו אים האָט ער באַוויזן וווּנדער

מיטן וויסן די פּרטים פון איר פאַרגאַנגענהייט, פון איר מאַן און קינדער. דערפאַר האָבן מיר באַקומען פּראָדוקטן, וואָס האָבן געשטילט אונדזער הונגער.

עס האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט און די נ.ק.וו.ד. האָט זיך דערוווּסט וועגן דעם, האָבן אונדז פאַרהאַלטן און פונאַנדערגעשיקט אין דער געגנט אויף פאַרשידענע אַרבעטן. מיך האָבן זיי געשיקט אין אַ דערנעבנדיק דאָרף, ווו איך האָב געאַרבעט ביים אַרויסשלעפּן קלעצער פון וואַסער. מיינע חברים האָב איך שוין מער נישט געזען. אין עטלעכע וואָכן אַרום האָט מען מיך אַוועקגעשיקט אַרבעטן אין אַן עלעקטראָ־סטאַציע, ווו איך בין געוואָרן דער געהילף פון מאַשיניסט. ווען ער איז אַוועק אויפן פראָנט האָב איך פאַרנומען זיין אָרט. די עלעקטראָ־סטאַציע האָט באַדינט אַ טאַרטאַק און אַ מיל. אָבער נישט געקוקט דערויף, וואָס איך בין געווען אַזוי נאָענט צו דער מיל, האָב איך נישט געהאַט וואָס צו עסן און בין אַרומגעגאַנגען הונגעריק.

אין אַ שמועס מיטן מילנער האָט ער מיר איינמאָל דערציילט, אַז ער כאַפּט מייז, וואָס געפינען זיך אין דער מיל אין אַ גרויסער צאָל און די פעלעכלעך פאַרקויפט ער אַ מלוכה־מאַגאַזין, וואָס באַצאָלט אים מיט פּראָדוקטן. איך האָב מיר קאָנסטרואירט פינף פולאַפּקעס אויף מייז און זיי אויפגעשטעלט יעדע נאַכט. מיר האָט אַפּגעגליקט צו כאַפּן אין אַ נאַכט אַן ערך צען מייז. איך האָב זיי געדאַרפט עפענען, אַרויסנעמען די אינגעווייד און די פעלעכלעך אויסציען אויף ברעטלעך, צופעסטיקן און אויסטריקענען. פאַר אַ פעלעכל האָב איך באַקומען אַ האַלבן קילאָ צוקער, צוויי קילאָ מעל און קאָנפיטורן, אָדער אַ פלאַש בראַנפן.

פון די צען מייז, וואָס פלעגן אַריינפאַלן אין מיינע פולאַפּקעס אין משך פון דער נאַכט, זענען נאָר צוויי אָדער דריי געווען גוט צום פאַרקויפן, ווייל דאָס פעלעכל האָט געדאַרפט זיין גאַנץ און נישט באַשעדיקט. די מינדעסטע באַשע־דיקטע טייל, ווי אַ פיסל, אַ שווענצל, אָדער דאָס קעפל, האָט דאָס גאַנצע פעלעכל פאַרלוירן זיין ווערט.

עס איז מיר נישט גרינג אָנגעקומען צוגעוויינען זיך צו דער דאָזיקער אַרבעט, צו באַזיגן דעם עקל צו די מייז, אָבער געזיגט האָט דער הונגער. ערשט דאַן האָב איך אָנגעהויבן עסן צו דער זעט. דעמאָלט האָב איך געטראַכט וועגן מיינע עלטערן, וועגן די וואָיסלאָוויצער יידן. מיך האָט אַרומגענומען אַ שטאַרקע בענקשאַפט צו אונדזער שטעטל.

אין יענער צייט האָב איך זיך באַקענט מיט אַ רוסישן מלחמה־אינוואַליד, וועלכער האָט געשפּילט אויף אַ באַלאַלייקע, איך האָב געקענט אַביסל שפּילן אויף אַ מאַנדאָלין. איינע פון די יונגע אַרבעטערינס האָט געשפּילט אויף אַ גיטאַרע און אין דרייען האָבן מיר געשאַפן אַ טרופּע, געשפּילט אין „קראַסני אגולאָק״. די

אַרבעטער האָבן געהאַט אַ הנאה פון אונדזער שפּילן און אונדזער שם איז זיך צעגאַנגען איבער דער גאַנצער סביבה. מען פלעגט אונדז איינלאַדן אויף חתונות, אויף וועלכע מען האָט געקענט אָפּעסן אַ זאַטן אָוונט־ברויט. דאָס איז געווען פאַר מיר אַ צייט פון שפע, אַזוי ווייט, אַז איך האָב שוין געקענט העלפן אַנדערע.

אין זכרון איז מיר געבליבן אַ שווידערלעך בילד: ווען מען האָט אין טאַרטאַק געברענגט פינישע קריגס־געפאַנגענע, צווישן וועלכע עס זענען געווען סטודענטן, יונגע, שלאַנקע בחורים, אָבער שטאַרק אויסגעמאָגערט. דורכן פענצטער פון מיין שטיבל האָב איך געזען ווי זיי נעמען צונויף דאָס פלייש פון די מייז, וואָס איך האָב אַוועקגעוואָרפן ביים רייניקן די פעלעכלע, מאַכן אַ פייער און קאָכן דאָס אין פאַרזשאַווערטע קאָנסערוון־פּושקעס. זיי האָבן דאָס אָפּגעקאָכט, אויפגעגעסן, אָבער האָבן עס נישט געקענט פאַרדייען...

מיין וווינונג איז באַשטאַנען פון אַ בעטל נעבן די מאַשינען, ווו עס איז נישט געווען קיין אָרט צום אָפּוואַשן זיך און איבערטוען. ווען איך האָב אָנגעהויבן פאַרדינען ביי מיינע זייטיקע געשעפטן האָב איך זיך אָפּגעזוכט אַ קוואַרטיר ביי אַ משפחה, ווו איך האָב זיך געקענט אָפּוואַשן. געגאַנגען אַהין בין איך נאָר ביינאַכט. ווינטער איז דאָרט דער שניי געווען ביי דריי מעטער די הויך. די אַרבעטער פון מיל האָבן זיך געמאַכט אַ שמאָלע סטעזשקע, וואָס איז געווען דער איינציקער וועג צום יישוב. גייענדיק איינמאָל אין אַ פינצטערער נאַכט בין איך אַריינגעפאַלן אין דעם שניי און נישט געקענט זיך פון דאָרט אַרויסקריגן, בין געזונקען וואָס אַמאָל טיפער, ביז עס האָבן זיך מיר אויסגעלאָזט די כוחות און בין געבליבן ליגן דאָרט אַזוי עטלעכע שעה. עס האָט מיר געדראָט פאַרפרוירן צו ווערן. אַרום איז געווען וויסט און פינצטער. קיינער האָט נישט געהערט מיינע קולות. אין געדאַנק האָב איך זיך שוין געזעגנט מיטן לעבן, מיט מיינע עלטערן, און אַלע מיינע נאָענטע אין וואָיסלאָוויץ. איך בין געווען זיכער, אַז איך וועל שוין פון דעם שניי נישט אַרויס קיין לעבעדיקער.

ס'ווייזט אויס, אַז אין מענטש זענען פאַראַן פאַרבאָרגענע כוחות, וואָס העלפן אים אין אַן עת צרה איבערהאַלטן די שווערסטע יסורים, וואָס זעען אויס צו זיין איבער די מענטשלעכע כוחות. אַזוי האָב איך זיך אויך דערוואַרט דעם סוף פון דער פינצטערער נאַכט, ווען עס האָט אָנגעהויבן שאַריען אויף טאָג האָב איך זיך ווידער גענומען מיט די לעצטע כוחות אַרויסקריגן פון דעם שניי. קוים אַ לעבעדיקער האָב איך זיך צוריקגעקערט צו די מאַשינען. דעמאָלט האָב איך באַשלאָסן צו רעזיגנירן פון וואַשן זיך, ווייל דאָס פאַרגעניגן קען מיך טייער קאָסטן.

ווען די באַלעבאָסטע פון דער קוואַרטיר, ביי וועלכער איך האָב געוווינט האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט, האָט זי מיר געקויפט אַ הינטעלע, וועלכן איך

האָב געהאַלטן אויף אַ שטריקל און ער האָט מיר געדינט ווי אַ וועגווייזער צו דער קוואַרטיר.

די איינזאַמקייט און די בענקשאַפט נאָך דער היים האָט מיך שווער געמאַטערט. איך בין דאָרט געווען דער איינציקער ייד און אין יענע טעג און נעכט האָב איך נישט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן מיין היים, וועגן די אַלע נאָענטע מענטשן אין שטעטל. איך האָב דערפאַר באַשלאָסן צו מאָביליזירן זיך אין דער אַרמיי. ערגעץ אַנדערש וואָלט מען מיך נישט געוואָלט אָננעמען, ווייל איך בין געווען אַ פרעמדער בירגער אויף פאַרשיקונג, אָבער אין דער געגנט ווו איך האָב זיך געפונען האָט מען אָנגענומען יעדן פרייוויליקן. מען האָט מיך געשיקט אין „קראַסנאָדאַרסקי קריי”, ווו איך האָב דורכגעמאַכט די מיליטערישע איבונגען און אַ קורס אַלס טאַנקיסט. דערנאָך האָט מען מיך געשיקט אויפן פראָנט.

אין אַ פאַרביסענער שלאַכט איז מיין טאַנק אויפגעריסן געוואָרן און איך בין געוואָרן שווער פאַרוווּנדעט אין דער לינקער האַנט. מען האָט מיך אָפּגעפירט אין אַ פראָוויזאָרישן שפיטאָל אין אונגאַרן. די האַנט האָט מיר אָנגעהויבן אָפּדאַרן און די דאָקטוירים האָבן געהאַלטן, אַז מען דאַרף זי אמפּוטירן ביז צום אָרעם. עס איז דאָרט געווען אַ יידישע דאָקטאָרין פון קרים. ווען מען האָט מיך אַריינגעפירט אין אָפּעראַציע־זאַל, האָב איך זיך אין גרויס פאַרצווייפלונג געוואָנדן צו איר, אַז איידער צו בלייבן אַן אינוואַליד אויפן גאַנצן לעבן, וויל איך בעסער שטאַרבן. איך האָב איר דערציילט, אַז איך בין געבליבן איינער אַליין און האָב נישט ווער עס זאָל זיך מיט מיר פאַרנעמען און איך וואָלט געווען איר דאַנקבאַר, ווען זי גיט מיר אַן איינשפריצונג, כ׳זאָל איינשלאָפן אויף אייביק.

די דאָקטאָרין האָט זיך איינגעקוקט אין מיר און גלייך פאַראָרדנט מען זאָל מיך אַרויסנעמען פון אָפּעראַציע־זאַל. באַלד דערנאָך האָט זי מיך מיט נאָך אַנדערע פאַרוווּנדעטע אָפּגעשיקט אין קראַסנאָדאַרסקי קראַי, אין אַן ערשטראַנגיקן שפיטאָל, ווו מען האָט מיר דריימאָל אָפּערירט די האַנט, אָבער זי נישט אַראָפּ־גענומען.

זייענדיק אין שפיטאָל האָט מען מיר אַריינגעשיקט צוויי מעדאַלן פאַרן מוטיקן קעמפן אויפן פראָנט. ווען איך בין אַרויס פון שפיטאָל איז די מלחמה שוין געווען געענדיקט און איך האָב אָנגעהויבן אַרבעטן אַלס פערזענלעכער שאָפער פונעם דירעקטאָר פון די נאַפט־גרובן. די דירעקציע איז געווען צופרידן פון מיין אַרבעט און ווען עס האָט זיך געמאַכט אַ געלעגנהייט צו פאָרן קיין מאָסקווע, ווו די אונטערנעמונג האָט געדאַרפט קריגן מאַשינען, האָט מען מיך געשיקט צוזאַמען מיט נאָך צוויי רוסן.

ביים אַרויספאָרן האָט מיר דער דירעקטאָר געעצהט, אַז איך זאָל מיטנעמען

מיט מיר אַ וואַליזקע מיט הערינג, וועלכע האָבן ביי אונדז געקאָסט ביליק און אין מאָסקווע האָט מען געקענט באַקומען פאַר זיי אַ גוטן פּרייז. איך האָב אַזוי געטון און ווען כ׳בין אָנגעקומען קיין מאָסקווע, האָב איך צו מיין גרויסער איבעראַשונג באַקומען אויפן מאַרק הונדערט רובל פאַר אַ הערינג. איך בין מיט איינמאָל געוואָרן רייך.

עטלעכע טעג בין איך אַרומגעפאָרן איבער מאָסקווע, באַזוכט די מוזייען און קונסט־גאַלעריעס. צום סוף האָט מען ביי מיר אַרויסגעגנבעט דאָס גאַנצע געלט צוזאַמען מיט די דאָקומענטן און איך בין געבליבן אָן איין קאָפּיקע. אַ נס איז געווען, וואָס מיר האָבן געהאַט צוגעטיילט אַ האָטעל, אין וועלכן מיר האָבן געקענט וווינען ביזן באַקומען די מאַשינען.

כ׳האָב געמאָלדן וועגן דער גנבה אויף דער מיליץ און צו מיין גרויסער פרייד האָט מען מיך אין עטלעכע טעג אַרום אַרויסגערופן און מיר אָפּגעגעבן אַלע דאָקומענטן. די ערלעכע גנבים האָבן זיך צוגענומען דאָס געלט און די דאָקומענטן אונטערגעוואָרפן ערגעץ אין אַ פרעמדער דירה, זיי זאָלן נישט גיין פאַרלוירן. די באַלעבאָסטע פון דער וווינונג האָט זיי גלייך אָפּגעטראָגן אין דער מיליץ. נאָך צוויי חדשים פאַרברענגען אין מאָסקווע האָב איך זיך צוריקגעקערט אויפן אַלטן פּלאַץ צו מיין אַרבעט.

זייענדיק פאַרנומען מיט מיין אַרבעט, ווייט פון יידן, האָב איך נישט געוווּסט אַז עס קומט פאָר אַ רעפּאַטריאַציע. ווען איך האָב זיך עס דערוווּסט, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איך האָב פאַרשפּעטיקט דאָס דערליידיקן אַ ריי פאָרמאַליטעטן, וועלכע זענען נויטיק געווען צום אַרויספאָרן קיין פּוילן. דאָ איז מיר געקומען צו הילף מיין דירעקטאָר וועלכער האָט זיך פערזענלעך באַמיט צו דערליידיקן מיינע ענינים אין דער נ.ק.וו.ד.. כאָטש ער אַליין האָט די גאַנצע צייט מיך צוגערעדט, אַז איך זאָל נישט צוריקפאָרן קיין פּוילן, נאָר בלייבן אַרבעטן אין זיין אונטער־נעמונג.

ענדלעך האָב איך שוין דורכגעמאַכט די רעפּאַטריאַציע און בין אָנגעקומען קיין וואַלבזשיך און באַקומען צוגעטיילט אַ דירה. איך האָב זיך אַרויסגעלאָזט זוכן וואָיסלאָוויצער יידן. גייענדיק אַמאָל אין גאַס האָב איך באַגעגנט רחל טורבינער, וועלכע האָט זיך מיט מיר שטאַרק דערפרייט און אַריינגענומען מיך אין איר דירה ווו איך בין געווען די גאַנצע צייט ביז צו מיין עליה קיין ארץ ישראל.

איך האָב זיך דערוווּסט, אַז אין פאָרשטאָט אין וואַלבזשיך האָט זיך געגריג־דעט אַ קיבוץ א.נ. „גראָכאָוו״ און איך בין גלייך אַוועק אַהין, געאַרבעט דאָרט עטלעכע טעג. דאָרט האָב איך באַגעגנט דעם געוועזענעם גזבר פון אַמאָליקן

גראָכאָווער קיבוץ, צבי מיעלניצער און ער האָט מיך גלייך מיטגענומען קיין לאָדז, ווו מען האָט מיך געשיקט אַרבעטן אין דער „בריחה״.

מערסטנס בין איך געווען באַשעפטיקט אין ביטאָם. די אַרבעט איז געווען אַ פאַראַנטוואָרטלעכע און פול מיט סכנות. דאָס איבערגיין די גרענעץ פלעגט פאָרקומען אין באַשטימטע שעהן. דער וועג איז געווען אַ שווערער. ווען איך האָב איינמאָל איבערגעפירט אַ גרופּע ייִדן קיין טשעכן איז צווישן זיי געווען אַ מיידל מיט אַן אַלטער מוטער, וועלכער עס איז געווען שווער צו גיין. איך האָב אָבער געוווסט, אַז מיר מוזן זיך איילן, ווייל אויב מיר פאַרשפּעטיקן די באַשטימטע שעה, וואָס איז אָפּגערעדט מיט דער גרענעץ־וואַך, קען דער גאַנצער ענין דורכ־פאַלן. דאָס מיידל האָט מיך געזידלט מיט די ערגסטע ווערטער, אַז איך בין אַ מערדער, אָן אַ פונק פון רחמנות צו אַן אַלטער פרוי, וועלכע גייט מיט די לעצטע כוחות. איך האָב געוווסט אַז זי איז גערעכט אין דער זאָרג וועגן איר מוטער. כ׳האָב זי פאַרשטאַנען, אָבער וואָס האָב איך זיך געקענט העלפן, ווען איך האָב געטראָגן די אחריות פאַר דער גאַנצער גרופּע. אַזעלכע מאָמענטן זענען געווען די שווערסטע אין מיין לעבן.

ווען עס האָט אָנגעהויבן ברענען דער באָדן אונטער מיינע פיס, ווייל איך בין געוואָרן אַרומגעזוכט דורך דער פּוילישער מיליץ, האָב איך באַקומען אַ פאַר־אָרדענונג אַריבערצוגיין די גרענעץ. אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט מיין טעטיקייט אין דער בריחה, וואָס איז געווען פול מיט געפאַרן, אָבער אויך מיט אַ סך אינטע־רעסאַנטע פּאַסירונגען, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר אַ באַזונדער רייך קאַפּיטל.

מיין וועג האָט געפירט דורך פּראַג, מאַרסעל, פראַנקרייך ביז אויף דער שיף „המעפיל האלמוני״, וואָס האָט אונדז געדאַרפט ברענגען קיין ישראל, אָבער ווען מיר זענען אָנגעקומען אין יפוער פאָרט האָבן אונדז אַרומגערינגלט די ענגלישע קריגס־שיפן און דורך הילכערס געמאָלדן, אַז מיר זאָלן אַריבערגיין אויף זייערע שיפן, אויף וועלכע מיר וועלן איבערגעפירט ווערן אין אַ באַשטימט אָרט.

אויף אונדזער שיף זענען געווען נישט מער ווי אַ הונדערט דערוואַקסענע און פינף הונדערט קינדער. דאָך האָבן מיר קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט זיך אַריבער־צוגיין אויף די ענגלישע שיפן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פאַרביסענע שלאַכט. די ענגלענדער האָבן אויף אונדז געגאָסן מיט שטראָמען וואַסער פון גומענע רערן און מיר האָבן אויף זיי געוואָרפן פלעשער און קאָנסערוון־פּושקעס. דערביי האָבן מיר נישט אויפגעהערט צו זינגען ציוניסטישע לידער. די ענגלענדער האָבן זיך דערנענטערט צו אונדזער שיף און אָנגעהויבן וואַרפן אויף אונדז שטינק־באָמבעס. די באָמבעס, וואָס האָבן נישט אויפגעריסן האָבן מיר צוריקגעוואָרפן אויף די זעלנער. באַלד האָבן פון די ענגלישע קריגס־שיפן גענומען שפּרינגען אויף אונדזער

שיף איין זעלנער נאָכן אַנדערן. זיי האָבן געפּרוּווט אונדז אַרומרינגלען, אָבער מיר האָבן זיי צוריקגעשטופּט אין וואַסער. באַלד האָבן זיי אָנגעהויבן אונדז באַשפּריצן מיט טרערן־גאַז, וואָס האָט געברענט אין די אויגן און אונדז געמאַכט אומפעאיק צום ווייטערדיקן קאַמף.

די ענגלענדער האָבן צוגעשלעפּט אונדזער שיף ביזן חיפהער פּאָרט. ווען יידן אין חיפה האָבן זיך דערוווּסט, אַז אין פּאָרט שטייט אַ שיף מיט עולים, וועלכע מען לאָזט נישט אַראָפּ אויפן ברעג, האָבן זיי געשלאָסן די געשעפטן, פאַרלאָזט די אַרבעט און מאַסנווייז געשטראָמט צום פּאָרט, וווּ זיי האָבן הויך אויסגעדריקט זייער פּראָטעסט קעגן די ענגלענדער.

צווישן אַ שפּאַלער פון אַראַבישע און ענגלישע פּאָליציאַנטן האָט מען אונדז איבערגעפירט אויף אַן ענגלישער לאַסט־שיף. מיר האָבן דערקלערט אַ הונגער־שטרייק. קיינער פון די דערוואַקסענע האָט זיך נישט צוגערירט צום עסן, אָבער די קינדער האָבן מיר צוגערעדט, זיי זאָלן עסן, אָבער אַלע ווי איין מענטש האָבן זיך אָפּגעזאָגט פונעם עסן. די קינדער האָבן אויך נישט געוואָלט נעמען ביי אונדז די ביסקוויטן, וועלכע מיר האָבן נאָך געהאַט מיט זיך אין רעזערוו. צוויי מעת־לעת האָבן די קינדער סאָלידאַריזירט זיך מיט די דערוואַקסענע און נישט גענומען קיין ביסל עסן אין מויל אַריין, אָבער די גאַנצע צייט האָט מען אויף דער שיף געטאַנצט און געזונגען, ביז מיר זענען אָנגעקומען צו די ברעגן פון ציפּערן, וווּ מיר זענען פאַרבליבן ביז צו דער עליה קיין ישראל.



**צירל שמאראק־לעבער**



# וואלענישן

יענעם טאָג, ווען מיר זענען אַנטלאָפן פון וואָיסלאָוויץ פון פחד פאַר די דייטשן, האָב איך זיך נישט פאָרגעשטעלט, אַז איך וועל שוין מער אונדזער שטוב נישט זען. מיר זענען אָנגעקומען קיין לודמיר און אַנגעטראָפן זיך אויף צוויי איידעלע רוסישע זעלנער, וועלכע האָבן אונדז צוגעפירט צו דער בורסע, ווו מיר האָבן געטראָפן אַ סך מענטשן פון אונדזער שטעטל. דער מצב איז געווען אַ טרויעריקער. פרויען האָבן געוויינט אויף זייער ביטערן גורל. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז מיר איז ערגער ווי אַלע אַנדערע. מיין מאַן האָט זיך איינגעבראָכן און געוואָלט צוריק אין שטעטל. איך האָב געקעמפט מיט אַלע כוחות איבערצוצייגן אים אין דעם אומזין צוריקצוגיין צו די דייטשן.

ביסלעכווייז איז ער געקומען צו זיך און פאַרשטאַנען, אַז איך בין גערעכט. מיר האָבן ענדלעך געקרוגן אַ צימער אין דער בורסע, וואָס איז, אגב, געווען אויסמעבלירט שענער ווי אונדזער דירה אין שטעטל. געהאָלפן באַקומען די דירה האָבן אונדז די רוסישע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר יידן. זיי האָבן זיך איבערגענומען מיט אונדזער לאַגע און געהאָלפן פאַרנעמען אַ מעבלירט צימער.

מיר האָבן אַרומגעבלאנקעט איבער דער שטאָט פאַרשעמטע און דערשלאָ־גענע נע־ונדניקעס אין דער פרעמד און מיר האָבן געלעבט פון דעם וואָס מיר האָבן פאַרקויפט אונדזערע זאַכן, אָבער אויך דאָס האָט לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. מען האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן אַרויסשיקן אין טיף רוסלאנד. מיר האָבן זיך רעגיסטרירט קיין אַדעס, ווייל איך האָב דאָרט געהאַט אַ ברודער. געשען איז אָבער אַנדערש. די, וואָס האָבן אונדז פאַרעגיסטרירט האָבן פשוט געחוזקט פון אונדז. זיי האָבן געוווּסט, אַז מען וועט אונדז פירן אין גאָר אַן אַנדער ריכטונג.

אין דעם עשאַלאָן, מיט וועלכן מיר זענען געפאָרן, זענען געווען ביי אַ דרייסיק משפחות פון אונדזער שטעטל, צעוואָרפן איבער פאַרשידענע וואַגאָנען. דער עשאַלאָן האָט זיך געשלעפט לאַנגע וואָכן, אין פראָסט, אין הונגער, אין שמוץ, ביז מיר זענען אָנגעקומען ערגעץ אין אַ קליין שטעטל.

אָנקומענדיק אין שטעטל האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַ סך וואַגאָנען האָט מען שוין געהאַט פריער אָפּגעטשעפּעט און צווישן די אָנגעקומענע זענען געבליבן בלויז עטלעכע באַקאַנטע משפחות, נאָענטע פריינט: לייביש ווייספּאָטער, בענטשע גערץ, חיים האַמער, חיים־משה ארעשעס און מלכה עזריאלס. אונדז מיט נאָך עטלעכע משפחות פון זאַמאָשטש האָט מען באַזעצט אין אַ וואַלד, צען קילאָמעטער פון שטעטל. עטלעכע טעג האָט מען אונדז געלאָזט אָפּרוען און באַלד האָט זיך אָנגעהויבן דאָס ביטערע לעבן, דאָס יאָגן זיך נאָך „נאָרמעס" אין דער טעקסטיל־פאַבריק, ווו איך און מיין מאַן האָבן אָנגעהויבן אַרבעטן פאַר אַ הונגער־לוין. מיין מאַן האָט נאָך דערצו געליטן דערפון, וואָס ער האָט נישט געהאַט קיין מנין צום דאַווענען. מיר האָבן זיך געפונען ווייט פון עם ישוב, ווו די אַנדערע יידישע משפחות זענען געבליבן.

אין יענער שווערער צייט זענען אויך געווען פריידיקע טעג. דאָס איז געווען, ווען מיר האָבן באַקומען אַ נייע דירה, נעענטער צו דער שטאָט. נאָך גרעסער איז געווען די פרייד, ווען מיר האָבן באַקומען עטלעכע קילאָ מעל, וואָס האָבן געדאַרפט שטילן דעם הונגער. אָבער אַזוי ווי דאָס איז געווען נאָענט צו פסח האָבן מיר באַשלאָסן נישט צו ניצן דאָס מעל, נאָר באַקן דערפון מצות.

אין יענעם מאָמענט, ווען מיין מאַן האָט אַזוי פייערלעך דערקלערט, אַז מיר באַקן מצות, האָבן מיר זיך נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון ווו און ווי אַזוי מיר וועלן דאָס טון. ערשט שפּעטער האָבן מיר זיך אָנגעהויבן אַרומקוקן ווי אַזוי דאָס דורכצופירן.

אין דער שטוב, ווו מיר האָבן געוווינט ביי אַ רוסישער פרוי, איז געווען אַ באַק־אויוון, וועלכן מיר האָבן נישט באַניצט. אויפן ערגסטן פאַל וואָלט מען דאָרט געקענט אָפּבאַקן די מצות, אָבער מיר האָבן נישט געוווּסט, ווי אַזוי דורכצופירן די כשרות און ווי אַזוי מען דאַרף זיין אָפּגעהיטן און פירן זיך ביים באַקן די מצות.

אין אַ געוויסן טאָג זענען מיר אַריינגעפאָרן אין נאָענטסטן שטעטל, ווו עס האָט זיך געפונען עמיץ פון דער משפחה הויכלערער. עס איז געווען מנחה־צייט, ווינטער, מיר האָבן זיך געדרייט איבער די גאַסן, געזוכט אַ יידיש פּנים. באַלד איז צוגעפאַלן די נאַכט און מיר האָבן נאָך אַלץ נישט געטראָפן קיין ייד, מיט וועלכן מיר זאָלן זיך קענען באַראַטן וועגן די מצות.

עס איז געוואָרן שפּעט און רעזיגנירטע זענען מיר צוריק צום וואָקזאַל. ביים אַריינגאַנג פון וואָקזאַל האָבן מיר באַגעגנט אַ פּאָרפאָלק. זיי האָבן גערעדט צווישן זיך רוסיש. אָבער ווען זיי האָבן געהערט ווי מיר רעדן צווישן זיך יידיש, האָבן זיי זיך מיט אונדז באַגריסט און דער מאַן האָט אויך גענומען רעדן מיט אונדז יידיש. ער האָט אונדז איינגעלאַדן צו זיך אין שטוב, נישט ווייט פון וואָקזאַל. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיין זון איז אַ קאָמיסאַר אין דער מיליץ. ער האָט געהאַט נאָך צוויי טעכטער, פון צוועלף און פון פופצן יאָר. אַלע האָבן זיך מיט אונדז געפרייט. אין שמועס האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז ער איז אַ זון פון אַ פרומען ייד, וואָס איז אַמאָל געווען אַ ראש ישיבה און ער האָט אונדז טאַקע געהאָלפן דורכפירן דאָס באַקן מצות אויף פסח.

באַלד נאָך פסח האָט מיין מאַן געלייענט אין אַ צייטונג, אַז מען קען צוריקפאָרן קיין פּוילן און עס האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן ביי אונדז אין שטוב אַמפּערייען. ער האָט נישט געוואָלט זיך צוהערן צו מיין אויפקלערן אים, אַז אומקערן זיך הייסט אַריינלאָזן זיך אין אַן אומגליק. ער האָט זיך באַפרייט פון דער אַרבעט און באַלד דערויף האָט מען אונדז אַרויסגעטריבן פון דער דירה. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ יאָגן זיך נאָך בילעטן קיין מאָסקווע. אין מאָסקווע האָבן מיר באַגעגנט טויזנטער מענטשן, וואָס זענען געקומען פון פאַרשידענע געגנטן מיט דער שטרעבונג צוריקצופאָרן.

צוויי וואָכן זענען מיר אָפּגעזעסן אויפן קיעווער וואָקזאַל אין מאָסקווע, ביז מיר האָבן באַקומען אַ בילעט און אָנגעקומען קיין לודמיר, ווו איך בין דערווייל אַוועק אַרבעטן צו אַ בעקער. נאָך אַ גאַנצן טאָג אַרבעט האָב איך זיך פאַרנומען מיט פאַרקויפן ברויט. אָבער נאָך אַ קורצער צייט האָט מען אונדז אַרעסטירט מיטן ציל אַוועקצושיקן טיפער אין רוסלאַנד.

עס האָבן זיך גענומען שיטן אויף אונדז צרות. ווידער האָט מען זיך רעגיסטרירט, אָבער שוין נישט קיין דייטשלאַנד, נאָר אויף צוריק אין טיף רוסלאַנד, אין די וואַרעמע לענדער. דער וועג אַהין האָט זיך אויך געצויגן לאַנגע וואָכן.

מיר זענען אָנגעקומען קיין טאַשקענט און פון דאָרט זענען מיר געפאָרן קיין בוכאַראַ, אָבער אויפן דריטן טאָג איז געקומען פּאָליציי און אונדז ווידער אַוועקגעפירט צו דער באַן־סטאַציע. ווידער זענען מיר דאָרט אָפּגעלעגן עטלעכע טעג ביז עס איז געקומען אַן עשאַלאָן און אונדז אַוועקגעפירט ווייטער.

איבערן גאַנצן וועג האָבן מיר געהונגערט. ווען דער צוג איז געבליבן שטיין האָבן מיר זיך געלאָזט איבער די פעלדער, געריסן בוראקעס, און דאָס האָט אונדז דערהאַלטן ביים לעבן, אָבער דערפון איז מיין זון אהרון קראַנק געוואָרן. מיין מאַן האָט אויך געליטן פון מאָגן.

ענדלעך זענען מיר אָנגעקומען אין אַ קליין שטעטל, קאַמישקע, ווו מען האָט מיין מאַן געגומען אין שפּיטאָל אַריין. איך מיט די קינדער צוזאַמען מיט נאָך צוויי הונדערט משפחות זענען געבליבן נעכטיקן אין קאָלכאָז. אויפצומאָרגנס האָט מען אונדז אויפגעלאָדן אויף וועגענער און מען האָט אונדז אוועקגעפירט ווייט אין פעלד, און געוואָלט אונדז אַראָפּלאָזן נעבן אַ קיביטקע, אַ הייזל פון ליים און שטרוי אָן פענצטער און אָן טירן. איך האָב דערזען פאַר זיך די געפאַר פון אונטערגיין און האָב בשום אופן נישט געוואָלט אַריינגיין אין דער קיביטקע און נישט געלאָזט די קינדער אַראָפּגיין פונעם וואַגאָן און נאָך אַ סך גלגולים זענען מיר צוריק אין דעם קאָלכאָז.

קומענדיק אין שפּיטאָל באַזוכן מיין מאַן האָב איך זיך דערוווּסט, אַז די דאָקטוירים האָבן פעסטגעשטעלט ביי אים אַ שווערע דיזענטעריע. ער האָט זיך געבעטן, אַז כ׳זאָל אים אַהיימנעמען. קיין מעדיקאַמענטן זענען אין שפּיטאָל נישט געווען און דאָס עסן איז באַשטאַנען פון אַן אָרעמען קאַפּושניאַק. איך האָב אים געוואָלט אַהיימנעמען, אָבער עס איז נישט געווען מיט וואָס צו פאָרן און ער האָט נישט געקענט גיין, דאַן בין איך אַוועק צום פּרעסידאַטעל פון קאָלכאָז און אונטערן אויסרייד, אַז מיין קינד איז קראַנק און מען דאַרף עס אָפּפירן אין שפּיטאָל, האָט ער מיר געגעבן אַ וועגעלע און מיר זענען צוגעפאָרן אין שפּיטאָל, פון וואַנען כ׳האָב אַרויסגעפירט מיין מאַן, געבערענגט אים אין שטוב.

אין דאָרף איז געווען אַ יידישער דאָקטאָר און ער האָט אַלץ געטון, כדי צו ראַטעווען מיין מאַן, אָבער אַלע באַמיאונגען זענען געווען אומזיסט. אין אַ קורצער צייט אַרום איז ער אויסגעגאַנגען.

די יידן אין דאָרף האָבן אָפּגעצוימט אַ שטיקל פעלד פאַר אַ יידישן בית־עלמין. מיין מאַן איז שוין געווען דער צוועלפטער ייד, וואָס איז געשטאָרבן אין דאָזיקן קאָלכאָז. מען האָט אים קובר געווען לויטן יידישן דין. די קינדער האָבן געזאָגט קדיש, ביים קבר און אַ גאַנץ יאָר.

עס איז דעמאָלט געווען דער שווערער ווינטער פון יאָר 1942. עס זענען געווען שטאַרקע פרעסט און שניי־זאַוויערוכעס. מיר האָבן נישט געהאָט וואָס אָנצוטאָן און גאַנצע טעג זענען מיר געלעגן מיט געשוואָלענע פיס. ערשט ווען עס האָט אויפגעשיינט די זון און דער שניי האָט אָנגעהויבן צו צעגיין, בין איך אַ קראַנקע און צעבראָכענע אַרויס אין גאַס. כ׳האָב געוואָלט פאַרשרייבן מיינע קינדער אין דער קיך פאַר יתומים, אָבער זיי האָבן נישט געוואָלט אַהינגיין עסן און איך האָב זיי געמוזט ברענגען דאָס ביסל וואַסערדיקע זופּ.

70 קילאָמעטער פון אונדזער דאָרף איז געווען די גרעסערע שטאָט דזשאַ־לאַלעבאַט, ווו עס האָבן געלעבט אַ סך יידן. נישט האָבנדיק קיין געלט אויף צו

פאַרן אַהין האָב איך זיך געלאָזט צופוס צוזאַמען מיט די קינדער און מיר זענען געגאַנגען דריי מעת־לעת. אַנגעקומען זענען מיר מידע און צעבראָכענע, מיט געשוואָלענע פיס. דערפאַר אָבער איז מיר געלונגען אַריינצוגעבן אַלע דריי קינדער אין אַ קינדער־היים. איך האָב דאָרט זיך אַנגעטראָפן אויף זייער גוטע מענטשן, וואָס האָבן מיך אַריינגענומען צו זיך אין שטוב און זיך געטיילט מיט מיר מיטן לעצטן שטיקל ברויט.

נאָך אַ קורצער צייט האָב איך זיך געדונגען אַ קיביטקע, וואָס האָט זיך געפונען נישט ווייט פונעם אַמט פון פוילישן פאַטריאָטן־פאַרבאַנד. דעמאָלט האָב איך צוריק אַהיימגענומען מיינע קינדער און דאָס לעבן איז געוואָרן עטוואָס גרינגער.


מיין מאַמע, צייטל שמאראק

און איך האָב זיך צום וויפלסטן מאָל איבערצייגט, אַז מען טאָר זיך אין לעבן נישט מייאש־זיין, אפילו ווען די שאַרפע שווערד ליגט שוין אויפן האַלדז. נאָך די שווערע איבערלעבונגען, וואָס האָבן אָפט זיך אויס־געוויזן נישט צום איבערהאַלטן, האָב איך זיך ווידער דערפילט געשטאַרקט, מיט נייע כוחות צום קעמפן פאַרן קיום, פאַרן לעבן פון מיינע קינדער, מיט אַ פונק פון האָפענונג, מיטן מוט פון אונדזערע מאַמעס, וואָס האָבן אין די שווערסטע צייטן נישט פאַרלוירן דעם גלויבן אין בעסערע צייטן.

דאָס איז נאָר אַ קורץ קאַפּיטל פון דעם שווערן יסורים־וועג, וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט אין די מלחמה־יאָרן, ביז מיר זענען באַפרייט געוואָרן און ווידער געבומען וואַנדערן ביז מיר זענען אַנגעקומען קיין ישראל, ווו איך בין צוזאַמען מיט מיינע ביידע זין, בלויז מיין טאָכטער געפינט זיך אין אַמעריקע.

**צירל שמאראק־לעבער**

מרדכי קאלמאנאוויטש



# שטאַרקער פון אייזן

אַלע פון אונדז האָבן ליב געהאַט די היים אין קליינעם שטעטל. נישט געקוקט אויף אַלע שוועריקייטן, אויף דער גרויסער אָרעמקייט, וואָס האָט דאָרט געהערשט האָט זיך נישט איינמאָל אויסגעוויזן, אַז עפּעס שענערס און ליבערס פון אונדזער שטעטל איז גאָר אויף דער וועלט נישטאָ. אין די לעצטע יאָרן איז אויסגעוואַקסן אַ שיינע יוגנט און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען אַ קולטור־לעבן, עס האָט זיך געשאַפן אַ נאָענטקייט צווישן מענטש און מענטש, אַ גרייטקייט צו העלפן זיך קעגנזייטיק. דאָס אַלץ איז שווער צו פאַרגעסן, פּונקט ווי עס איז אוממעגלעך צו פאַרגעסן אונדזערע מאַמעס און טאַטעס, שוועסטער, ברידער, חברים און פריינט.

ווען די דייטשן זענען אַריין אין שטעטל זענען אַלע יידן באַהערשט געוואָרן פון פּחד און שרעק, אָבער די שפּאַנונג האָט זיך אָנגעהויבן נאָך אַ סך פריער. איך דערמאָן זיך דעם טרויעריקן ערשטן סעפּטעמבער 1939, ווען עס איז געקומען די ידיעה, אַז די דייטשן זענען איבערפאַלן פּוילן... עס איז דערקלערט געוואָרן אַן אַלגעמיינע מאָביליזאַציע פון אַלע מיליטער־פּעאיקע מענער. באַלד זענען אויסגעקלעפּט געוואָרן באַקאַנטמאַכונגען וועגן דעם. אַ פאַרצווייפלונג האָט אַלעמען אַרומגעכאַפּט.

אין יענער צייט האָב איך געהאָלפן מיינע עלטערן אין געשעפט. אין דער לעצטער צייט פאַר דער מלחמה האָב איך געפלעגט מיטפאָרן מיט מיין פאָטער קיין כעלם, קיין לובלין, קיין הרוביעשאָוו, לודמיר. אין שטעטל האָט מען אונדז געהאַלטן פאַר פאַרמעגלעכע מענטשן. עס האָט ווירקלעך גאָרנישט געפעלט אין אונדזער שטוב. ביי מיין טאַטן האָט מען באַקומען אַ שיינע נדבה אויף אַ צדקה־צוועק און אויף יעדן שבת איז ביי אונדז געווען אַן אורח צום טיש. חוץ דעם, פלעגט מען מיך שיקן מיט אַ פּעקל שבתדיקע מאכלים צו שמואלקען, וואָס איז געווען אַ גרויסער אָרעמאַן. צו אַנדערע נויטבאַדערפטיקע, פאַרבאָרגענע אָרעמע־לייט, וועלכע מן האָט געהאָלפן אין געהיים, כדי זיי נישט צו פאַרשעמען.

מיין טאַטע האָט געדאַוונט אין ראַדזינער שטיבל און די חסידים האָבן שויז געוווּסט, אַז שבת נאָכן דאַווענען גייען אַלע אויף קידוש צו אונדז. בער בערגער האָט געפּלעגט צו שטעלן אַ פלעשל יי״ש. סעודות פלעגט מען אָפּט פּראַווען ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן, אַ יום־טוב, אַ שבת ר״ח, אַ יאָרצייט נאָכן רבין. איך בין אַלעמאָל מיטגעגאַנגען מיטן טאַטן. אונדזערע פרומע יידן זענען געווען אמתע יראי שמים און זענען שטענדיק געווען פריילעך, געזאָגט: „גם זו לטובה". און ווען איך דערמאָן זיך אין דעם אַלעם, זענען זיי מיר פּילפּאַכיק ליב און טייער. פּשוטע, כשר־ערלעכע יידן זענען געווען אין וואָיסלאָוויץ און מיר, איבערגעבליבענע, אָפּגעראַטעוועטע, וועלן זיי קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

ווען די רוסן זענען אַריין אין שטעטל האָבן אַ סך יידישע יוגנטלעכע אין וואָיסלאָוויץ זיך גענומען צום געווער, געהיטן די אָרדענונג, געפילט אויף זיך די אחריות פאַרן לעבן פון דער באַפעלקערונג.

יידישע יוגנטלעכע האָבן ערלעך געגלייבט אין דער ישועה, וואָס די רוסן ברענגען מיט זיך און האָבן זיי דערפאַר געהאָלפן איינשטעלן די אָרדענונג. ווען די רוסן זענען אַרויס האָבן זיי צוגעשטעלט פורן און אויטאָס און פאָרגעשלאָגן מיטצונעמען אַלע, וואָס ווילן מיט זיי מיטפאָרן קיין רוסלאַנד.

געווען אַ טייל משפחות, וואָס זענען מיטגעפאָרן. אויך איך האָב שוין געהאַט איינגעפּאַקט מיין וואַליזקע און זיך געגרייט מיטצופאָרן מיטן רוסישן מיליטער. איך בין שוין געווען אויפן אויטאָ, ווען עס איז אָנגעקומען מיין ברודער יאָסל און מיר געזאָגט, אַז די מאַמע הערט נישט אויף צו וויינען און קלאָגן אויף מיין אַוועק־פאָרן. איך בין צוריק אַראָפּ פון אויטאָ.

דאָס שטעטל האָט אויסגעזען ווי אויסגעליידיקט. אינצווישן האָט זיך געהערט אַן אויפרייס, וואָס איז געקומען פון אַ גראַנאַט, וואָס די פּאָליאַקן האָבן אַריינ־געוואָרפן אין שולקעס הויז. אויפן שטעטל איז אָנגעפאַלן אַ פּחד.

אויף צומאָרגנס אינדערפרי איז דער רב צוזאַמען מיט נאָך צוויי יידן אַוועק צום גלח און געבעטן אים, ער זאָל ווירקן אויף די פּאָליאַקן, זיי זאָלן נישט אָנפאַלן אויף די יידן.

אַזוי ווי די דייטשן זענען אַריין אין שטעטל האָבן זיי אָנגעהויבן כאַפּן אויף אַרבעט און שערן די בערד ביי יידן.

עס האָט זיך געשאַפן אַ יודנראַט, וואָס האָט אָפיציעל באַקומען די מאַכט, האָבן געשיקט יידן צו דער אַרבעט לויט אַ רשימה. אַ טייל מענטשן האָבן געאַרבעט ביים פאַריכטן און אויסברייטערן די שאָסייען, אויסגלייכן די וועגן הינטער דער שטאָט, אַריינזעצן סלופּעס פאַר טעלעפאָן־און עלעקטרישע דראָטן. טייל האָבן

געאַרבעט אין די וועלדער ביים האַקן האָלץ, אַנדערע ביים אויפשטעלן באַראַקן פאַרן מיליטער, ביים רייניקן די פערד־שטאַלן. די דייטשן האָבן פונעם בית המדרש געמאַכט אַ שטאַל פאַר פערד און פון דער שיל — אַ מאַגאַזין פאַר היי און תבואה.

פון צייט צו צייט זענען אַראָפּגעקומען אין שטעטל ס.ס.־לייט, געכאַפּט אויף אַרבעט און דערביי מערדערלעך געשלאָגן די יידן.

אַזוי האָט מען די גאַנצע צייט געלעבט אין שרעק. דאָך האָט מען צו ביסלעך געהאַנדלט און געצויגן חיונה, אָבער מיט יעדן טאָג איז געוואָרן אַלץ ערגער.

איינמאָל זענען געקומען ס.ס.־לייט מיט הינט, אַרויסגענומען פון שטוב די ספרי־תורהס, אויסגעשפרייט די יריעות פון איליכאָווסקין ביז שולקין, איבער די בלאָטיקע גאַסן און זיי האָבן געכאַפּט פאַרבייגייער, געהייסן זיי טרעטן און קריכן איבער די יריעות און דערביי האָבן זיי אָנגערייצט די הינט, וועלכע זענען באַפאַלן די יידן און זיי געביסן. עס איז געווען אַ מראַדיקער טאָג. די ס.ס.־לייט האָבן געכאַפּט יעדן פאַרבייגייענדיקן ייד און נישט גענוג וואָס זיי האָבן זיי שרעקלעך געשלאָגן, האָבן די הינט נישט אויפגעהערט דערביי צו בייסן די פיס און לייבער פון די געשלאָגענע יידן.

עס האָט פאַסירט אַמאָל, אַז אַ גרופּע ס.ס.־לייט איז דורכגעפאָרן דעם שאָסיי לעשניטשוווקע, וווּ עס האָבן געאַרבעט אַן ערך דרייסיק יידן. די דייטשן האָבן גענומען שיסן אין די יידן און דערביי דערשאָסן דעם בלינדן איטשע. עס האָט נישט געהאָלפן די פאַרפליכטונג פון יודנראַט צוצושטעלן דער ס.ס. אַלץ וואָס זיי וועלן פאָדערן, אַבי זיי זאָלן נישט שיסן און נישט כאַפּן קיין יידן אין די גאַסן. דער יודנראַט האָט טאַקע צוגעשטעלט יעדן טאָג צענדליקער יידן צו דער אַרבעט, אָבער די ס.ס.־לייט האָבן ווייטער געווילדעוועט. איינמאָל האָט מען געכאַפּט אַן ערך פופציק יידן און מען האָט זיי אָנועקגעשיקט קיין זעמיט, וווּ זיי האָבן געגראָבן גריבער. איך בין אויך דאָרט געווען צוויי חדשים, אָבער עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן דאָרט געאַרבעט קנאַפּע צוויי יאָר. דאָרט האָט זיך אויך געפונען מיין ברודער בצלאל. פון יודנראַט האָט מען צווייטאָל אין דער וואָך אַהינגעפירט עסן און בריוו פון די משפחות.

דער רעזשים איז דאָרט געווען אַ שוידערלעכער. די דייטשע אויפזעער האָבן געשלאָגן און געהרגעט. דערביי האָבן זיי געפּאָדערט צו זינגען ביים גיין צו דער אַרבעט און פון דער אַרבעט.

ווידער האָט מען אַרומגערינגלט דאָס שטעטל און אַרויסגעשלעפּט יידן פון די שטובן און אַוועקגעשיקט זיי קיין בעלזעץ. מען האָט נישט באַוויזן צו קומען

צו זיך און באַלד האָט מען ווידער געפּאָדערט פון יודנראַט צוצושטעלן צוויי הונדערט מענטשן, וועלכע מען האָט אַרויסגעשיקט קיין גריכאוו, נעבן סאווין, ווּ עס איז געווען אַן אַרבעטס־לאַגער. צווישן די אַוועקגעשיקטע איז אויך געווען מיין יונגער ברודער נטע און מיין שוועסטערביילע. מיר האָבן זיך געטרייסט, אַז זיי וועלן אינגיכן באַפרייט ווערן דערפאַר, וואָס זיי זענען נאָך אַזוי יונג. עס האָט אָבער געדויערט צוויי חדשים ביז זיי זענען ענדלעך אַהיימגעקומען קראַנקע און צעבראָכענע. זיי האָבן דערציילט, אַז אַ סך יידן זענען דאָרטן אויסגעשטאָרבן, אַנדערע זענען דערשאָסן געוואָרן. פון דאָזיקן לאַגער זענען דעמאָלט אַהיים־געקומען נישט מער ווי 40 פּראָצענט פון דער צאָל אַרויסגעשיקטע. שאולקע, וועלכער האָט געפירט דאָס עסן פאַר די מענטשן פון לאַגער, איז דאָרט דערשאָסן געוואָרן. משה־יאָסל, וואָס האָט געהאַט די מיל האָט מען פאַרמסרט, אַז ער איז אַ קאָמוניסט און מען האָט אים אַזוי לאַנג געשלאָגן מיט שטעקנס, ביז ער איז געבליבן ליגן טויט אויפן אָרט.

עס איז געווען אַ ספּעציעלע גרופּע ס.ס.־לייט, וועלכע האָבן אויסגעשאָסן גאַנצע משפחות. זיי זענען געפאָרן איבער די דערפער קומעט, ראַקולופּע, פלוסקי א. א. האָבן אַרויסגעשלעפּט פון דאָרטן באַהאַלטענע יידן און זיי דערשאָסן. יעדן טאָג האָבן די ס.ס.־לייט געשטעלט נייע פאָדערונגען. אין אַ געוויסן טאָג האָבן זיי אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אַלטע יידן מוזן זיך צושטעלן אין שטאָטישן גאָרטן פון וואַנען מען וועט זיי אַפּשיקן קיין וולאדאווע. דאָס איז געווען זייער לעצטער וועג. באַלד דערנאָך איז געקומען אַ טעלעפאָנישער באַפעל פון כעלם, אַז אַלע יידן מוזן פאַרלאָזן זייערע היימען און זיך צושטעלן קיין וולאדאווע. דער באַפעל האָט אָנגעזאָגט דעם סוף. אין שטעטל זענען אויסגעבראָכן יללות און די געוויינען זענען געגאַנגען עד לב השמים. דער באַפעל האָט נישט געמאַכט קיין שום אויס־נאַמען. עס האָבן זיך געמוזט צושטעלן אויך די, וואָס זענען געווען באַשעפטיקט ביי די דייטשן.

צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע חברים האָב איך באַשלאָסן נישט צוצושטעלן זיך און מיר זענען אַוועק צו ראגאווסקיס דעבערעס זוכן אַן אָרט, ווּ זיך צו באַהאַלטן. אין יענער נאַכט האָט שטאַרק גערעגנט, זענען מיר אַריין אין אַ סטאָדאָלע, ווּ מיר זענען דורכגעשלאָפן די נאַכט. אָבער אויף צומאָרגנס האָבן אונדז ווייַ געטון אַלע אברים און מיר האָבן פּשוט קיין כוח נישט געהאַט צו רירן זיך. קוים מיר האָבן זיך צוריקגעשלעפּט אין שטעטל אַריין, גרייטע אויף אַלעם ערגסטן, אָבער דאָ האָבן מיר דערהערט, אַז די גזירה איז אָפּגערופן געוואָרן. עס איז שווער צו שילדערן די פרייד, וואָס האָט אַרומגענומען אַלע יידן, מען האָט געטרונקען לחיים, אָבער די פרייד האָט לאַנג נשט געדויערט. עס האָט זיך זיך אַרויסגעוויזן, אַז די

גזירה איז נישט אָפּגערופֿן געוואָרן און אַלע יידן האָבן אונטער דער דראָאונג פֿון טויט־שטראָף געמוזט זיך צושטעלן אויפֿן זאַמל־פּונקט.

די בהלה איז געווען אין לשער ווער עס האָט געקענט, האָט אַוועקגעפֿירט דאָס לעצטע ביסל פֿאַרמעגן, סחורות און זאַכן צו באַקאַנטע קריסטן. אין יעדן האָט נאָך געטליעט אַ פֿונק פֿון אַ האָפֿענונג, אַז אפֿשר וועט אים פֿאָרט געלונגען זיך אָפּצוראַטעווען און בלייבן לעבן. דער זאַמל־פּונקט איז געווען אויפֿן פּלאַץ נעבן משה הודלס. עס איז געווען אַ שוידערלעך בילד. די געוואַלדן זענען געגאַנגען ביזן זיבעטן הימל. בראש פֿון אלע איז געגאַנגען דער רב מיט די קינדער, די מיטגלידער פֿון יודנראַט. אַלע האָבן געטראָגן רוקזעק אויף די פּלייצעס, די הייזער זענען געבליבן אָפֿן מיט צעפּראַלטע טירן. מערסטנס האָבן די יידן אַלץ איבער־געלאָזט אין די שטובן אויף הפקר.

אין אויסגעליידיקטן שטעטל זענען יעדן טאָג געקומען די גויים מיט זעק, ראַבעווען אין די פֿאַרלאָזטע יידישע שטובן. אַ סך גויים האָבן זיך באַזעצט אין די יידישע הייזער.

צען טעג נאָכן אַרויסטרייבן די יידן פֿון שטעטל איז געקומען אַ באַפֿעל אויסצוגעבן יעדן באַהאַלטענעם ייד, מיט דער דראָאונג, אַז ווער עס וועט באַהאַלטן אַ ייד, וועט ווערן דערשאָסן.

מיין גאַנצע משפּחה איז געווען אויסבאַהאַלטן ביי אַ באַקאַנטן קריסט, וועלכער איז אָבער נאָך דעם באַפֿעל אַריינגעפֿאַלן אין אַ פּחד און מיר האָבן געמוזט פֿאַרלאָזן דאָס באַהעלטעניש.

עס איז צו אונדז דערגאַנגען, אַז אין כעלם זענען נאָך געבליבן יידן און מיר האָבן זיך געלאָזט גיין קיין כעלם. דאָרט זענען נאָך ווירקלעך געווען אַ סך יידן. מיר האָבן דאָרט געטראָפֿן עטלעכע וואָיסלאָוויצער פֿאַמיליעס, סערקע געליס מיט דער משפּחה, ראַב מיט דער פֿאַמיליע, איטשע־מאיר יאָסלס, שיע פֿון מילעכל און נאָך אַנדערע. דאָרט האָט מען אויך יעדן טאָג געכאַפּט אויף אַרבעט און מען האָט נישט געקענט אַרויסגיין פֿון שטוב די דייטשן זענען געגאַנגען איבער די גאַסן, געשלאָגן און געהרגעט. פֿאַר אונדז איז געווען קלאָר, אַז גאָר אינגיכן וועט דאָ פֿאַרקומען דאָס זעלבע, וואָס עס איז געשען אין וואָיסלאָוויץ. מען האָט נישט געהאַט ווו זיך אַהינצוטון. יעדן טאָג האָב איך זיך באַגעגנט מיט חברים און באַקאַנטע. די איינציקע טעמע פֿון אונדזערע שמועסן איז געווען צו טרעפֿן ווען מען וועט אונדז אַרויספֿירן. דער חלום איז געווען אויסצוגעפֿינען אַ גוט באַהעל־טעניש און שפּייזן זיך מיט דער האָפֿענונג צו בלייבן לעבן.

אַזוי אַרום בין איך אָנגעקומען אין וואַלד, ווו איך האָב זיך אָנגעשלאָסן אין די פּאַרטיזאַנער, און אָנטיילגענומען אין אַלע קאַמפּן קעגן די דייטשן.

# גבית־עדות פון מרדכי קאַלמאַנאָוויטש אין יד־ושם

איך הייס חיים מרדכי קאַלמאַנאָוויטש, געבוירן אין וואַיסלאָוויץ, מיין פאָטער האָט געהייסן פישל און מיין מוטער האָט געהייסן ליבע. איך בין געבוירן אין יאָר 1924. איך האָב געהאַט דריי ברידער און צוויי שוועסטער. די ברידער האָבן געהייסן צאַלעל, יוסף און נטע. מיינע שוועסטער האָבן געהייסן מינדל און ביילע. ליידער איז פון זיי אַלע קיינער נישט געבליבן. אַלע זיינען אומגעקומען.

אין 1939, ווען די דייטשן זיינען אַריינגעקומען, האָבן זיי גלייך אָנגעהויבן נעמען אויף אַרבעט. איך האָב געאַרבעט ביי די דייטשן, איך האָב געפּוצט זייערע שטיוול, זייערע מונדירן. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום איז געקומען צו אונדז די געסטאַפּאָ און זיי האָבן געכאַפּט אַרום 150 מאַן קיין זשמודזש, אַ ישוב 15 קילאָמעטער פון אונדזער שטעטל. זיי האָבן דאָרט געאַרבעט ביי מעליאָראַציע פון די לאַנקעס, די וואַסערן זאָלן קענען אַפּשווימען. זיי האָבן דאָרט געאַרבעט אַ יאָר צייט און געוווינט דאָרט אין אַ לאַגער. אין אַ יאָר אַרום, ווען זיי האָבן געענדיקט די אַרבעט, זיינען אַ טייל פון זיי צוריקגעקומען אַהיים. אַ סך זיינען דאָרט געשטאָרבן, און די וועלכע זיינען געקומען, זיינען אויך געווען קראַנק. אין משך פון דעם יאָר האָט מען געכאַפּט אין וואַיסלאָוויץ מענטשן און אַוועקגעשיקט זיי קיין בעלזשעץ. בערך 80 מאַן. זייער ווייניק פון זיי זיינען צוריקגעקומען.

די יידן, וועלכע זיינען געבליבן אין שטעטל, האָבן אויך די גאַנצע צייט געאַרבעט. מען האָט געאַרבעט ביי שאָסייען, ביי ציען עלעקטרישע ליניעס פון מיל צו די וווינונגען פון די דייטשן, ווייל ביי אונדז אין שטעטל איז קיין עלעקטריש ליכט נישט געווען. די יידן האָבן געשטעלט די סלופּעס און געצויגן די דראָטן.

די שול און דעם בית־מדרש האָבן זיי ביי אונדז צוגענומען. זיי האָבן דאָרט געהאַלטן פערד און די תבואות צום עסן פאַר די פערד.

זייער אָפט פלעגן אַראָפּקומען געסטאַפּאָ־דייטשן פון כעלם, ס.ס.־לייט און פאַרבייפאָרנדיק, פלעגן זיי שיסן אויף די יידן, וועלכע האָבן געאַרבעט אויפן שאָסיי. עטלעכע האָבן זיי דערהרגעט אויף טויט.

אין אונדזער שטעטל זיינען געווען בערך 300 יידישע משפחות, דאָס הייסט אַרום 1200 מאַן.

עס איז געשאַפן געוואָרן אַ יודן־ראַט, וועלכער האָט געזאָגט די דייטשן, אַז זיי זאָלן אַליין גאָרנישט נעמען. אַלץ וואָס זיי וועלן פאַרלאַנגען, וועט זיי דער יודן־ראַט צושטעלן, מענטשן צו דער אַרבעט און אויך געלט. זיי פלעגן קומען און באַשטעלן פאַרשידענע סחורות, לעדער, שטיוול — אַלץ האָט מען זיי געגעבן, אַבי זיי זאָלן נישט טשעפּען און נישט שיסן.

פּרעזעס פון יודן־ראַט האָט געהייסן ישראל איינהאָרן, און די איבעריקע מיטגלידער זיינען געווען: מאיר טענענבוים, משה ווייסטאָפּ, שאול׳קע ערלעך און יעקב שטראַסבערג. דער יודן־ראַט האָט נישט געטאָן קיין שלעכטס, פאַרקערט, זיי האָבן געזאָרגט צו שיקן ברויט און פּעקלעך פאַר די יידן, וועלכע זיינען געווען אין די לאַגערן, נישט ווייט פון אונדזער שטעטל. איין מאָל האָבן צוויי מיטגלידער פון יודן־ראַט געפירט עסן פאַר די יידן אין לאַגער. פּונקט איז דאָרט געווען אַן אַבלאַווע פון געסטאַפּאָ און זיי האָבן געשאָסן איינעם פון די צוויי — שאול׳קע ערליך.

איינמאָל, אין 1941, איז אָנגעקומען אַ באַפעל פון כעלמער געסטאַפּאָ, אַז מען דאַרף צושטעלן אַלע עלטערע מענטשן קיין וולאָדאַווע. אין דאָרטיקן געטאָ. מען האָט צוזאַמענגענומען אַלע עלטערע מענטשן, פרויען און מענער, אין אַ גאָרטן, זיי זיינען געווען אַרום 50—60 מאַן, און מען האָט זיי אַוועקגעשיקט קיין וולאָדאַווע. מען האָט געוווּסט, אַז זיי וועלן שוין נישט צוריקקומען, כאָטש מיר האָבן נאָך נישט געוווּסט, אַז מען ברענט אַלעמען אין דער קרעמאַטאָריע, ווייל סאָביבאָר האָט זיך געפונען נישט ווייט פון דאָרט. שפּעטער האָבן מיר זיך וועגן דעם דערוווּסט.

שפּעטער איז געקומען אַ באַפעל, אַז אַלע יידן, וואָס געפינען זיך אין שטעטל, זאָלן זיך צושטעלן אין געטאָ וולאָדאַווע. דאָס איז געווען סוף 1942. מען האָט געהייסן מיטוואָך זיך פאַרזאַמלען אין גאַס, מען האָט געגעבן פורן, וואָגנס, און ווער עס האָט נישט געהאַט קיין וואָגן האָט געדאַרפט גיין קיין וולאָדאַווע צופוס. פּלוצלונג איז געקומען אַ טעלעפאָן, אַז מען דאַרף זיך שוין נישט צושטעלן אין געטאָ. די פרייד איז געוואָרן זייער גרויס, ווייל מען האָט פאַרשטאַנען אַז דאָס אַרויסגיין פון שטעטל הייסט, אַז דאָס לעבן איז שוין גאָרנישט ווערט. צוערשט זיינען געווען געוויינען מיט געוואַלדן, און דערנאָך האָט מען זיך שוין געפרייט,

וואָס די גזירה איז אָפּגערופן געוואָרן. אָבער אין צוויי טעג אַרום פרייטיק, איז אָנגעקומען אַ באַפעל, אַז מען דאַרף זיך יאָ צושטעלן.

אַ סך מענטשן, וועלכע האָבן געהאַט באַקאַנטע גויים, זיינען געגאַנגען צו די גויים. די וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין באַקאַנטע גויים — האָבן זיך צוגע־שטעלט. מענטשן, וואָס האָבן געהאַט געשעפטן, האָבן ביינאַכט אַרויסגעפירט סחורות צו די גויים. די פּאָליציי האָט געכאַפּט אייניקע וואָגנס מיט סחורה און צוגענומען. ווען עס איז געלונגען — האָט באַהאַלטן די זאַכן ביי די גויים.

אין דער פרי זיינען אַלע אַרויס אויפן מאַרק, אויך דער רב מיט זיין פרוי און קינדער. דער רב און אויך דער יודן־ראַט האָבן געזאָגט, אַז מען דאַרף זיך צושטעלן אויפן פּלאַץ, מען קען גאָרנישט מאַכן. אַ טייל איז געפאָרן אויף פורן, — די איבעריקע (ארום 200 מאַן), זיינען געגאַנגען צופוס.

איך מיט מיין משפחה זיינען אַוועק צו גויים. די ערשטע צייט זיינען מיר געווען ביי אַ גוי, 3—4 קילאָמעטער פון אונדזער שטעטל. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָבן די גויים, ביי וועלכע מיר זיינען געווען, געהערט, אַז די דייטשן האָבן אַרויס־געגעבן אַ באַפעל, אַז ווער עס האַלט יידן, וועט ווערן דערשאָסן. זיי האָבן אונדז נאָך אַביסל געהאַלטן, ווייל מיר האָבן זיי געגעבן געלט און זאַכן, שפּעטער האָבן זיי אונדז געהייסן גיין. מיר האָבן נישט געהאַט וווהין צו גיין, זיינען מיר אַוועק קיין כעלם, אין געטאָ. אונדזער גאַנצע משפּחה איז דאַן געווען אין כעלם. מיר האָבן געוווינט אין געטאָ, נישט ווייט פון אַ צמענטאַזש.

אַלע אין דער פרי האָט מען געכאַפּט יידן צו דער אַרבעט. דערביי געשלאָגן און געהרגעט. מיר האָבן געוווסט, אַז אויך דאָ וועט מען לאַנג נישט זיין, אַז מען וועט פון דאַנען אויך אַרויסשיקן די יידן. ווען מען פלעגט כאַפּן, פלעגן מיר זיך באַהאַלטן אין קעלערס. בייטאָג פלעגן מיר אַרויסגיין. איך האָב געהאַט חברים, פלעג איך אַריינגיין מיט זיי אין אַ קאַפע און גערעדט וועגן דעם, וואָס מען קען מאַכן. נישטאָ ווו צו גיין. גויים האָבן מורא אונדז צו האַלטן.

איין דאָנערשטיק האָט מען געמאַכט אַ פּראָבע, ווי מען וועט אויסזידלען די יידן פון כעלם. מען האָט געזאָגט, אַז אַלע יידן דאַרפן זיך צושטעלן אויפן פּלאַץ. דערנאָך האָט מען דאָס אָפּגערופן, אָבער יידן האָבן זיך באַהאַלטן אין קעלערס און אַנדערע באַהעלטענישן. מען האָט דערציילט, אַז די דייטשן האָבן אַריינ־געוואָרפן אַ גראַנאַט אין איין קעלער און עטלעכע מענטשן זיינען דערהרגעט געוואָרן. דערנאָך איז געוואָרן צוריק שטיל.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מען געמאָלדן, אַז אַלע דאַרפן זיך ווידער צושטעלן אויפן פּלאַץ. דאָס איז געווען סוף 1942, אָדער אָנהויב 1943. ווער עס האָט געהאַט עפּעס אַ באַהעלטעניש, האָט זיך באַהאַלטן. מען האָט צוגעשטעלט

שענק, כדי מען זאָל נישט באַמערקן די אַריינגעגנג אין די קעלערס. מיין פאָטער, מיין מוטער און מיינע שוועסטער האָבן זיך באַהאַלטן באַזונדער און איך בין אַוועק מיט מיינע חברים. איך האָב זיך געזעגנט מיט מיין משפחה, מיין מוטער האָט געזאָגט, אַז אפשר וועל איך בלייבן לעבן, זאָל איך גיין זיך באַהאַלטן אויף אַן אַנדער פּלאַץ. זיי זיינען אַראָפּ אין דעם קעלער, וווּ מיר האָבן געוווינט, און איך בין אַוועק מיט די חברים אין אַן אַנדער קעלער, נישט ווייט פון זיי אפשר 200 מעטער. ווען מיר זיינען אַראָפּ אין דעם קעלער, זיינען שוין דאָרט געווען אפשר אַ 30—40 מאַן, פרויען, מענער, קינדער.

פאַרטאָג האָבן מיר דערהערט שיסערייען און געשרייען פון די דייטשן: „יודע, יודע!״ מיר זיינען געזעסן שטיל אַ גאַנצן טאָג. ביינאַכט איז מען אַרויס כאַפּן אַביסל לופט, ווייל אין קעלער איז געווען זייער דושנע. איך האָב געגראָבן די ערד און צוגעלייגט צום פּנים, כדי צו כאַפּן דעם אָטעם.

מיר זיינען דאָרט געזעסן דריי טעג. מיר האָבן געהאַט מיט זיך אַביסל טרוקן עסן, און ביינאַכט פלעגן מיר אַרויסגיין כאַפּן לופט, ווייל ביינאַכט האָבן די דייטשן נישט געזוכט.

פּלוצלונג האָט אַ ייד אויפגעמאַכט דאָס טירל פון אונדזער קעלער און האָט געזאָגט, אַז מען זאָל אים געבן 10 טויזנט זלאָטעס. אויב נישט, וועט ער אונדז איבערגעבן צו די דייטשן. יעדער האָט אַרויסגענומען, וויפל ער האָט געהאַט, און מען האָט אים געגעבן דאָס געלט. איך האָב געטראַכט, אַז ער קען נעמען דאָס געלט און ער קען אונדז דאָך איבערגעבן צו די דייטשן. האָב איך אַנגערעדט נאָך דריי מענטשן זיי זאָלן מיט מיר אַרויסגיין פון דעם קעלער. אַליין האָב איך מורא געהאַט אַרויסצוגיין, ווייל איך האָב נישט געקענט די וועגן. 12 ביינאַכט זיינען מיר אַרויס. יעדער פון אונדז האָט גענומען אַ רוקזאַק מיט זאַכן, וואָס ער האָט געהאַט, און מיר זיינען געגאַנגען.

מיר זיינען אַרויס דורך דעם צמענטאַזש אין דער ריכטונג צו די דערפער. איך האָב זיי געזאָגט, זיי זאָלן גיין מיט מיר אין אונדזער געגנט, ווייל איך האָב דאָרט באַקאַנטע גוים. האָבן זיי געזאָגט, אַז זיי ווילן גיין אין זייער געגנט, ווייל זיי האָבן דאָרט אויך באַקאַנטע גוים. בין איך געבליבן אַליין און זיי זיינען אַוועק. זיי האָבן מיר געוויזן דעם וועג, וווּ איך דאַרף גיין צו מיין געגנט. איך בין געגאַנגען פאַרביי אַ וועלדל, האָבן גוים אָנגעהויבן מיך נאָכצויאָגן. זיי האָבן מיך נישט געכאַפּט און איך בין אַריין אין וואַלד. עס האָט שוין אָנגעהויבן צו טאָגן. איך האָב געטראָפן גוים, וואָס האָבן געהאַקט האָלץ אין וואַלד. איך האָב זיי געפרעגט, צי זיי האָבן דאָ געזען יידן. האָבן זיי מיר געענטפערט: „יאָ, גיי ווייטער, אַ פּאָר קילאָמעטער, וועסטו טרעפן יידן״. איך בין געגאַנגען און איך

האָב טאַקע דערזען אַ גרופּע יידן. עס איז געווען קאַלט, ס'האָט גערעגנט, איך האָב זיי געפרעגט, פון וואַנען זיי זיינען, האָבן זיי מיר געזאָגט, אַז זיי שטאַמען פון לאָדזש און פון וואַרשע, ווען מען האָט געמאַכט די געטאָס, זיינען זיי גלייך אַוועק אין די דערפער. איך האָב זיי געפרעגט, פון וואַנען זיי נעמען עסן. דערציילן זיי, אַז זיי האָבן געלט, און ביינאַכט גייען זיי אין די דערפער און קויפן עסן ביי די גוים. בין איך אויך אַוועק צו אַ גוי און געקויפט זיך עסן, און איך בין אַריין צוריק אין וואַלד.

איך בין געזעסן מיט זיי צוזאַמען ביי אַ פייער אין וואַלד, פּלוצלונג גייען פאַרביי דריי גוים און זיי קוקן אויף אונדז. זאָג איך צו די יידן: „די גוים געפעלן מיר נישט, זיי ווילן ווייזט אויס, עפּעס מאַכן מיט אונדז. מיר דאַרפן אַוועקגיין פון דאַנען". עס האָט זיך אונדז נישט שטאַרק געגלוסט אַוועקצוגיין, ווייל מיר זיינען געזעסן ביי אַ פייער און ס'איז אונדז געווען אַנגענעם. אין דרויסן איז געווען זייער קאַלט. און ווי מיר זיצן אַזוי און טראַכטן, וואָס צו טאָן, קומען די גוים צוריק מיט שטעקנס און מיט העק און זיי ווילן אונדז כאַפּן. מיר זיינען זיך אַלע צעלאָפן, אָבער מיך האָבן די גוים געכאַפּט. זיי האָבן ביי מיר צוגענומען אַלע זאַכן, וואָס איך האָב געהאַט. זיי האָבן געפרעגט, צי איך האָב געלט, האָב איך געזאָגט, אַז קיין געלט האָב איך נישט. זיי האָבן געוואָלט צונעמען מיינע שטיוול, האָב איך געזאָגט, אַז די שטיוול גיב איך נישט. זיי האָבן געזאָגט, אַז זיי גייען מיך פירן צו די דייטשן. זאָג איך צו זיי: „וועט איר גאָרנישט האָבן, און איך וועל אויסזאָגן, אַז איר האָט אַלץ ביי מיר צוגענומען". האָבן זיי מיר געגעבן מיט אַ שטעקן איבערן קאָפּ און געהייסן מיר אַנטלויפן. איך בין געקומען אויפן זעלבן אָרט, ווו איך בין פריער געווען. איך האָב דאָרט געטראָפן אַ פרוי, וועלכע האָט מיר דערציילט, אַז מען האָט געכאַפּט איינעם פון די יידן, אַ וואַרשעווער, און מען האָט אים איבערגעגעבן צו די דייטשן. איך האָב דאָרט געטראָפן עטלעכע יידן פון שטעטל, וועלכע זיינען בייטאָג געלעגן אין וואַלד און ביינאַכט געגאַנגען צו די גוים. איינער פון זיי האָט דערציילט, אַז ער האָט זיין גאַנצע משפחה ביי אַ גוי, וועלכן ער האָט באַצאָלט אַ סך געלט פאַר אויסבאַהאַלטן זיי, אין אַ סטאָדאָלע מיט די בהמות. דערנאָך האָב איך געהערט, אַז די גוים האָבן אָט די משפחה דערהרגעט. דער וואַלד האָט געהייסן עליזאָוו. דאָרט האָב איך געטראָפן נאָך יידן וואָס זיינען געווען באַהאַלטן אין וואַלד, נאָר דעם גרעסטן טייל פון זיי האָט מען געכאַפּט. אויך די פּאַרטיזאַנער פון א. ק. פלעגן הרגענען יידן, וועלכע זיי פלעגן געפינען אין וואַלד.

איך האָב זיך דערוווּסט, אַז מיין משפחה, וואָס איז געבליבן אין כעלם, אין קעלער, איז אומגעקומען. איך האָב געהערט, אַז מיין ברודער איז געזעסן זעקס

מאַנאַטן אין אַ קעלער, צוזאַמען מיט זיין פרוי און צוויי קינדער און מיט נאָך ייִדן. פון וואַנען זיי האָבן דאָרט גענומען עסן, ווייס איך נישט. דערנאָך האָט מען זיי געפונען און אַלעמען דערהרגעט. אויך דעם קעלער, וואָס איך בין געזעסן, האָט מען געפונען און מען האָט אַלעמען דערהרגעט. מיין פאָטער האָט מען געשאָסן אין קעלער און מיין מוטער האָט מען אַרויסגענומען פון קעלער און אַוועקגעשיקט זי קיין טרעבלינקע, אין לאַגער. וועגן מיין שוועסטער האָב איך געהערט, אַז זי איז אַנטלאָפן אין אַ דאָרף צוזאַמען מיט אַ חברטע, אין דאָרף טוטשאפּי, האַרט לעבן גראַבאָוויעץ. דאָרט האָט געוווינט אַ דייטש פון געסטאַפּאָ. ער איז געפאָרן מיט אַ בריטשקע מיט צוויי פערד, און ער האָט געכאַפּט מיין שוועסטער מיטן צווייטן מיידל און אַוועקגעפירט זיי קיין גראַבאָוויעץ. דאָרט איז געווען אַ באַרג אויף וועלכן ער פלעגט שיסן אַלע ייִדן, וואָס ער האָט געכאַפּט. אויך מיין שוועסטער האָט ער דאָרט געשאָסן. דאָס האָבן מיר איבערגעגעבן די גויים פון יענער סביבה נאָך דער מלחמה, און אויך אין דער מלחמה.

איך האָב געטראָפן אין וואַלד איינעם פון מיין שטעטל. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער וויל פאָרן אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד, ווייל ער זעט אויס אַזוי ווי אַ שייגעץ. אפשר וועט ער אויף אַזאַ אופן בלייבן לעבן. האָב איך אים געזאָגט: „אָבער דו ווייסט דאָך מוזן גיין צו אַ דאָקטאָר, מען וועט דיר הייסן זיך אויסטאָן, וועט מען זען, אַז דו ביסט אַ ייִד". זאָגט ער: „יאָ, דו ביסט גערעכט". איך האָב אים פאָרגעלייגט, מיר זאָלן זיך ביידע צוזאַמען באַהאַלטן אין וואַלד אין אַ גרוב. דער פאָרשלאַג איז אים געפעלן. ער האָט זיך דערמאַנט, אַז זיין משפחה האָט אַמאָל צוגעגרייט זיך אַזאַ גרוב אין וואַלד, דאָרט איז אפילו פאַראַן אַ קיכל צו קאָכן עסן. מיר זיינען אַוועק אַהין. ביינאַכט פלעגן מיר גיין צו די גויים נאָך עסן אין די טעפּלעך, וועלכע זיינען דאָרט געווען צוגעגרייט. מיר האָבן אָבער נישט געוווסט, אַז מען זעט דעם רויך פון אונדזער קיך. די גויים האָבן דערזען דעם רויך פון צווישן די ביימער, האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז דאָ זיצן ייִדן. זיי האָבן אונטערגעשיקט צוויי אוקראַינער, גאַיאָווע, מיט נאָך אַ שייגעץ, אַ וואַיטס אַ זון, מיט וועלכן איך האָב זיך צוזאַמען געלערנט אין שול. זיי האָבן געהאַט דובעל־טוווקעס און זיי האָבן געזאָגט, אַז זיי וועלן שיסן, אויב מען וועט נישט אַרויס־גיין פון דעם לאָך. ער איז אַרויסגעגאַנגען דער ערשטער. מען האָט אים געפרעגט, צי איז נאָך דאָרט דאָ עמיצער. זאָגט ער: „יאָ". מען האָט מיר געהייסן אַרויסגיין, אויב נישט, שיסן זיי. איך האָב דערהערט „שיסן", בין איך אַרויסגעגאַנגען. זיי האָבן אונדז געבונדן און צוגעפירט אונדז צו די דייטשן, צו דער פּאָליציי אין וואַיסלאָוויץ. די דריי גויים, וועלכע האָבן אונדז געפירט, האָבן געזאָגט, מיר זאָלן נישט מורא האָבן, מען וועט אונדז נישט שיסן, מען וועט אונדז געבן אַרבעט. האָב

איך געזאָגט צו דעם צווייטן ייד: „מיר מוזן זען צו אַנטלויפן, קיין אַרבעט וועט מען אונדז נישט געבן, מען וועט אונדז שיסן".

מען האָט אונדז אַריינגעפירט אין אַ דאָרף, די גוים זיינען אַריינגעגאַנגען אין אַ שטוב טרינקען. איך האָב געזאָגט צו איינעם פון זיי, אַז איך דאַרף אַרויסגיין עפּעס דערליידיקן. איך האָב געמיינט אַז אויב ער וועט מיך לאָזן אַרויסגיין, וועל איך קענען אַנטלויפן. אָבער זיי זיינען געשטאַנען און האָבן מיך געהיטן און איך האָב נישט געקאָנט אַנטלויפן. דערווייל איז דורכגעפאָרן פּאָליציי, אוקראַינישע און פּוילישע, האָט מען אונדז איבערגעגעבן צו דער פּאָליציי, וועלכע האָט אונדז געבראַכט קיין וואָיסלאָוויץ, אין אַרעסט. אין אַרעסט זיינען שוין געווען ביי 15 יידן, וועלכע מען האָט געכאַפּט. איינער פון זיי האָט געהייסן יאָסל מאַסטבוים. אים האָט מען געכאַפּט און זיין פרוי איז געווען ביי גוים מיטן קינד. זי איז געבליבן לעבן און זי וווינט היינט אין חיפה. אין דער זעלבער תפיסה זיינען געזעסן אויך פּאָלאַקן — פּויערים, וועלכע מען האָט אַרעסטירט פאַר נישט צושטעלן דעם קאָנטיגענט־תבואות פאַר די דייטשן. איך האָב געפרעגט יאָסל מאַסטבוים, ווי לאַנג, מיינט ער, וועט מען אונדז דאָ האַלטן. האָט ער געענטפערט: „מיר קענען דאָ זיצן נאָך אַ פּאָר טעג, און איך האָב אַ האָפענונג, אַז מען וועט מיך אַרויסלאָזן". ער איז געווען גוט באַקאַנט מיט דער פּאָליציי, האָט ער געמיינט, אַז מען וועט אים אַרויסלאָזן. ער האָט זיי איבערגעגעבן, וווּ ער האָט געהאַט באַהאַלטן סחורה און זאַכן, און דערפאַר, האָט ער געמיינט, וועט מען אים באַפרייען.

דאָרט, וווּ מיר זיינען געזעסן, זיינען געווען צוויי צימערן מיט פאַרקראַטעוועטע פענצטער. אָבער אין ערשטן צימער האָט קיינער נישט געטאָרט זיין. אַזוי ווי מיט אונדז צוזאַמען זיינען געזעסן גוים, און מען האָט זיי געבראַכט עסן, האָב איך געזאָגט יאָסלען, אַז מיר דאַרפן געבן אַ גוי אַ פּאָר הונדערט זלאָטעס, ער זאָל אונדז ברענגען אַ זעגל, איבערצוזעגן די קראַטן. איך בין אַריין אין ערשטן צימער און באַטראַכט, ווי אַזוי מען קען דאָ אַנטלויפן.

אָבער נאָך פאַר דעם האָב איך געזאָגט דער פּאָליציי, אַז איך האָב אויך באַהאַלטענע זאַכן. זיי האָבן געוווּסט, אַז מיר האָבן געהאַט אַ געשעפט פון אייזן, פון לעדער, — האָבן זיי מיר געגלויבט. איך האָב אָבער געוווּסט, אַז איך האָב שוין גאָרנישט, איך האָב אָבער געהאָפט, אַז ווען זיי וועלן מיך פירן, וועל איך קענען אַנטלויפן. אויפן דאַך פון אונדזער שטוב איז געווען אַ באַהעלטעניש, האָב איך געמיינט, אַז אויב איך וועל קענען אַרויפגיין אויפן דאַך, וועלן זיי שוין מיך נישט כאַפּן.

זיי האָבן באַשטעלט אַ וואָגן מיט פערד, ווייל די גמינע איז געווען ווייט פון אונדזער שטוב, אַרום 15—10 מינוט צו פאָרן. מיר זיינען צוגעפאָרן צו אונדזער

געשעפט. מיר האָבן אַמאָל געהאַט זייער פיל סחורה אין געשעפט, אָבער די גויים האָבן שוין אַלץ צוגענומען, איך האָב וועגן דעם געוווּסט. האָב איך געזאָגט צו דער פּאָליציי: „איר זעט, דאָ איז געווען סחורה, אָבער ס'איז אַדיסגעגראָבן און מען האָט שוין צוגענומען, אָבער אויפן בוידעם דאַרף נאָך זיין סחורה. מען האָט צוגעשטעלט אַ לייטער און איך בין אַרויף אויפן בוידעם. איך האָב אַריינ־געקוקט דאָרט אין דעם לאָך און איך האָב זיי געזאָגט: „ס'איז גאָרנישט דאָ". ווי זיי האָבן דאָס דערהערט, האָבן זיי אָנגעהויבן מיך צו שלאָגן. „אָבער איך ווייס, אַז דאָ איז געווען סחורה, מען האָט ווייזט אויס צוגענומען" — האָב איך זיך פאַרטיידיקט. איך בין אַראָפּ און מען האָט מיך צוריק אַריינגעפירט אין דעם אַרעסט.

איך בין דאָרט געזעסן און איך האָב נאָר געזוכט אַ וועג, ווי אַזוי צו אַנטלויפן. איך בין אַריין אין צווייטן צימער און האָב געקוקט, ווי מען קען דאָרט דורכברעכן די קראַטן, אַרויסנעמען אַ ציגל, איבעררהאַקן דעם שלאָס, — אויב איך וועל נאָר דעם קאָפּ אַרויסרוקן, וועל איך שוין קענען אַרויסגיין. איך האָב קיין געלט נישט געהאַט, אָבער יאָסל האָט געהאַט געלט באַהאַלטן אין די שטיוול. ער האָט אויפ־געשניטן אַ שטיוול און האָט אַרויסגענומען 800 זלאָטעס. ווען די גויים זיינען געקומען ברענגען עסן, האָט ער זיי געגעבן געלט, זיי זאָלן ברענגען אַ זעגל. יאָסל האָט מורא געהאַט, אַז ער וועט נישט קענען אַנטלויפן, ווייל ער איז געווען פאַר־וווּנדעט אין פוס (ביים כאַפּן אים, האָט מען אים נאָכגעשאָסן), אָבער איך האָב אים פאַרזיכערט, אַז מען וועט אים נעמען אויף די פּלייצעס און מיר וועלן זיך אַלע ראַטעווען. אין דעם זעלבן הויז האָט געוווינט מיינע אַ געוועזענע לערערין, פּאַדקיעוואָוואַ — איר מאַן איז געווען אַ שרייבער (אַ באַאַמטער אין גמינע). ווען זי האָט זיך דערוווּסט, אַז איך זיץ אין דער תּפיסה, האָט זי מיר אַראָפּגעשיקט מיט דער דינסט אַ גלאָז מילך מיט אַ שטיקל ברויט.

איין טאָג בין איך געשטאַנען אין דעם ערשטן צימער, (אין וועלכן מען האָט נישט געטאָרט זיין) און איך האָב פּלוצלונג דערהערט, ווי מען עפנט די טיר. איך האָב זיך באַהאַלטן הינטערן אויוון. די פּאָליציאַנטן זיינען אַריין, זיי האָבן מיך נישט באַמערקט, ווייל זיי זיינען גלייך געגאַנגען אין צווייטן צימער, וווּ מיר זיינען געזעסן. זיי האָבן גערופן יאָסלען און גערעדט מיט אים וועגן זיינע באַהאַל־טענע זאַכן. איך האָב זיך דערווייל צוגעשאַרט צו דער אַרויסגאַנג־טיר, אויף די שפּיץ־פינגער, 6—5 טריט. איך האָב נישט געקענט עפענען די טיר. צום סוף איז מיר געלונגען צו עפענען די טיר און איך בין אַרויס אין אַ פאָדער־צימער. די טיר פון דרויסן איז געווען פאַרשלאָסן, אָבער דער שליסל איז געזעסן אין שלאָס. איך האָב געגעבן אַ שליס אָפּ די טיר, און איך בין אַרויסגעשפּרונגען אין דרויסן. איך האָב אָנגעהויבן צו לויפן. דאָס איז געווען אַזייגער 4 פאַרנאַכט, און גויים

האָבן געקוקט, ווי איך לויף. איך בין געלאָפן דורכן הייליקן אָרט, דורך לאַנקעס און פעלדער. איך בין אַריינגעקומען צו אַ גוי. איך האָב אים נישט געקאַנט, אָבער ער האָט געוווּסט, ווער איך בין. איך האָב אים געזאָגט, אַז די פּאָליציי האָט מיך אַרויסגעלאָזט און איך האָב געבעטן ביי אים אַ ברויט און דערלויבעניש איבער־צונעכטיקן ביי אים. אַ ברויט האָט ער מיר געגעבן, אָבער נעכטיקן האָט ער מיר נישט דערלויבט. „אָבער איך בין געזעסן אין אַרעסט, און די פּאָליציי האָט מיך באַפרייט" — האָב איך אים גײַוואַלט איבערצייגן. ער האָט אָבער מורא געהאַט מיך צו באַהאַלטן. בין איך אַליין אַריין אין שייער און איך האָב זיך געלייגט שלאָפן. דער גוי האָט מיך געפונען. איך האָב אים געזאָגט, אַז ביינאַכט וועל איך אַוועקגיין.

איך בין ווידער געגאַנגען דורך די לאַנקעס. איך בין אַריין אין שטעטל, אין אונדזער הויז, און איך בין אַרויפגעקראָכן אויפן בוידעם. איך האָב זיך דאָרט געלייגט שלאָפן. צוויי טעג בין איך געלעגן אויף דעם בוידעם.

פּלוצלונג האָב איך דערזען דורך די שפּאַלטן גויים לויפן און שרייען, אַז מען פירט זשידעס. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס פירט מען די אַרעסטירטע יידן אויסצישיסן. מען האָט אויך אַרויסגענומען באַהאַלטענע יידן פון אַ געוועזענעם שיך־געשעפט. צוזאַמען זיינען געווען ביי 30 מאַן. מען האָט זיי אַלעמען געשאָסן לעבן דער צערקווע. פון בוידעם האָב איך געהערט די שיסערייען פון מאַשין־געווער. געשאָסן האָבן זיי דייטשן, וועלכע זיינען געקומען פון כעלם.

איך בין אַראָפּ פון בוידעם און איך בין געגאַנגען דורך אַ לאַנקע. אויף דער לאַנקע האָב איך געזען צווישן דעם גראָז פרישע ערד. דאָרט זיינען זיי אַלע געלעגן. דאָרט האָט מען זיי באַגראָבן און פאַרשאָטן.

וווהין גייט מען איצט? איך בין אַוועק אין אַ דאָרף. וואָס האָט געהייסן סאַרניאַק. אינגאַנצן פיר קילאָמעטער פון אונדזער שטעטל. איך בין אַריין צו אַ פויער און איך האָב געבעטן עסן. די גויע האָט מיך אויפגענומען זייער פיין. זי האָט מיר געגעבן עסן און דערנאָך האָט זי מיר געהייסן אַרויפגיין אויפן אויוון, ווייל עס איז געווען זייער קאַלט. איך בין געווען ביי זיי אַ פּאָר טעג. איך האָב געזען, אַז זיי האַלטן מיך, האָב איך געמוזט זיי עפּעס געבן. מיר האָבן געהאַט באַהאַלטן ביי גויים אַ סך זאַכן. בין איך אַוועק צו איינעם פון זיי און איך האָב אָפּגענומען אַביסל ליילעכער, קליידלעך, און איך האָב דאָס זיי געבראַכט. איך האָב איר געזאָגט, אַז איך האָב באַהאַלטן און באַגראָבן זייער אַ סך זאַכן, און אַז איך וועל איבערלעבן דעם קריג, וועל איך איר דאָס אַלץ אַוועקגעבן. אָבער זי האָט נאָר געוואָלט, איך זאָל גיין מיט איר זון ביינאַכט אַרויסנעמען די סחורה. איך האָב דאָך געוווּסט, אַז קיין סחורה איז נישטאָ, בין איך נישט געגאַנגען מיט אים.

איך בין ווידער אַוועק צו גויים אָפּנעמען זאַכן, אָבער די גויע האָט געמאַכט אַ געוואַלד, אַז עס זיינען געקומען באַנדיטן. איך בין אַנטלאָפן.

איך האָב געטראָפן אין וואַלד אַ באַקאַנטן בחור פון אונדזער שטעטל, וועלכער האָט זיך אויך אַזוי אַרומגעוואַלגערט, ווי איך. איך האָב אים דערציילט, אַז איך האָב אַ גויע, וועלכע איז גרייט מיך צו האַלטן, אָבער מען דאַרף איר עפּעס ברענ־גען, ווייל זי איז אַן אָרעמע און זי האָט נישט פון וואַנען צו געבן מיר צו עסן. זאָגט ער אַז ער האָט אַ סך זאַכן ביי אַ גוי, און מיר וועלן עס אָפּנעמען. מיר זיינען אַוועק צו דעם גוי, ביי וועלכן ער האָט געהאַט די זאַכן. דער גוי האָט אונדז דערזען, האָט ער אָנגעהויבן צו שרייען: „איר האָט געגנוג אונדזער בלוט געצאַפּט, אַרויס פון דאַנען, אויב נישט, וועל איך אייך שוין דערהרגענען!‟ מיר האָבן זיך דערשראָקן און מיר זיינען אַנטלאָפן. ער האָט אָבער געוווּסט אַז דער גוי האָט די זאַכן באַהאַלטן אויף אַ בוידעם, זיינען מיר דעם צווייטן טאָג געגאַנגען אַליין אַרויסנעמען זיי. ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט שטיין אונטן, און איך זאָל אַרויפ־גיין אין דער הויף. איך האָב זיך צוגעלויכטן מיט אַ לעמפּל און איך האָב דערזען אויפן בוידעם אַלע זאַכן. איך האָב אָנגעהויבן אַריינצולייגן די זאַכן אין אַ זעקל. פּלוצלונג האָב איך דערזען — איינער זיצט דאָרט. דאָס איז געווען דער איידעם פון דעם בעל־הבית. ער איז געשלאָפן אויפן בוידעם, כדי צו היטן די זאַכן. ער האָט מורא געהאַט פאַר מיר און איך האָב מורא געהאַט פאַר אים. איך בין געשטאַנען און געהאַלטן דאָס לעמפּל און ער האָט געקוקט און געלאַכט. איך האָב געכאַפּט דעם זאַק און בין אַראָפּגעשפּרונגען פון בוידעם.

מיר זיינען געקומען צוריק צו מיין גויע און מיר האָבן געבראַכט איר די זאַכן. זי האָט נישט געהאַט קיין מאַן, נאָר אַ זון מיט דריי טעכטער. מיין חבר האָט געוואָלט האָבן אַ ביקס. ער האָט געהאַט ביי זיך געלט און ער האָט צוגעזאָגט דעם זון פון דער גויע, אַז ער וועט אים געבן געלט פאַר אַ ביקס. דער שייגעץ איז געגאַנגען צו זיין משפחה זוכן אַ ביקס. אָבער ער האָט נישט געקראָגן. דער חבר מיינער האָט באַשלאָסן אַליין צו שאַפן זיך אַ ביקס. ער איז אַוועק אין אַ דאָרף און האָט געקראָגן דאָרט אַ רעוואָלווער. מען האָט אים אָבער געכאַפּט. (די א. ק. האָבן אים געכאַפּט), און מען האָט אים געשאָסן.

איך בין ווידער געבליבן ביי דער גויע אין סאַרנאַקי. אַביסל שפּעטער האָט זי געזאָגט, אַז זי האָט מורא מיך צו האַלטן, דאָס דאַרף רעדט שוין, אַז זי באַהאַלט, ווייזט אויס, אַ ייד, ווייל מען האָט זי געזען יעדן מאָל אַנגעטאָן אין אַ ניי קלייד. מען האָט פאַרשטאַנען, אַז זי האָט עס פון יידן. זי האָט דערציילט, אַז אין וואַלד דרייט זיך אַרום אַ גרופּע פּוילישע פּאַרטיזאַנער. איך בין אַוועק אין וואַלד.

# מגילת הגבורה

## אין דער פּאַרטיזאַנער אַרמיי

איך בין אַריין אין וואַלד. איך האָב דערזען אַ גרופּע פון זעקס מאַן. איך האָב נישט געוווּסט, צי זאָל איך צוגיין צו זיי נאָענט, צי נישט. איך האָב באַשלאָסן צוצוגיין צו זיי. ווי זיי האָבן מיך דערזען, האָבן זיי מיר געהייסן אויפהויבן די הענט אין דער הויך. איך האָב אויפגעהויבן די הענט און זיי האָבן מיך באַזוכט, צי איך האָב עפּעס אין די טאַשן. זיי האָבן מיך געפרעגט, ווער איך בין. איך האָב זיי געזאָגט, אַז איך בין פון דאָרף. איך בין אַנטלאָפן פון די דייטשן, וועלכע זיינען געקומען אין דאָרף כאַפּן אויף אַרבעט. „וואָס ווילסטו מאַכן?" — האָבן זיי געפרעגט. „איך קען מיטגיין מיט אייך", — האָב איך געענטפערט. „איצט וועסטו שוין פליען אין הימל, מיר וועלן דיך שיסן" — האָט זיך אָפּגערופן איינער פון דער באַנדע. דאָ האָט זיך אַריינגעמישט דער קאָמענדאַנט: (איך האָב נישט געוווּסט, אַז דאָס איז דער קאָמענדאַנט, נאָר איך האָב פאַרשטאַנען, ווייל ער האָט געהאַט צוויי גראַנאַטן מיט אַ רעוואָלווער און אַ ספּעציעלן גורט) שרעקט אים נישט, ווייל ער איז שוין אַזוי אויך דערשראָקן.

זיי האָבן מיך מיטגענומען. מיר זיינען אָפּגעגאַנגען אַרום 5 קילאָמעטער. מיר זיינען אַריין אין אַ שייער, נישט ווייט פון אַ וואַלד, און זיי האָבן מיר געגעבן עסן. דאַן האָבן זיי מיך אויסגעפרעגט, ווו איך בין געווען די גאַנצע צייט. זיי האָבן שוין פאַרשטאַנען, אַז איך בין אַ ייד. איינער פון זיי האָט מיך דערקענט, ווייל איך בין מיט אים געגאַנגען אין שול. איך האָב זיי דערציילט, אַז איך בין די גאַנצע צייט געווען אין וואַלד, און עסן פלעג איך גיין גנבענען. „דו האָסט זיך אויפגעפירט גוט און האָסט קיינעם נישט אויסגעגעבן, וועלן מיר דיך צונעמען צו אונדז" — האָבן זיי געזאָגט.

די גרופּע האָט געהערט צו די פּאַרטיזאַנער פון א. ל. אַרמיאַ לודאָוואַ

זייערע פֿאַרבינדלער האָבן געהאַט קאָנטאַקטן מיט פֿאַרשידענע מענטשן אין די דערפֿער, זיי פֿלעגן זיך אָפֿט טרעפֿן מיט זיי און פֿלעגן רעדן וועגן פּאַרטיי־זאַכן. וועגן וואָס זיי פֿלעגן רעדן, האָב איך גענוי נישט פֿאַרשטאַנען, איך האָב אָבער געוווּסט, אַז זיי געהערן צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

איך בין מיטגעגאַנגען מיט זיי פֿון איין דאָרף צום צווייטן. זיי האָבן אָבער נישט געהאַט קיין געווער פֿאַר מיר. איך האָב זיי פֿאָרגעלייגט, מיר זאָלן צופֿאָרן צו דעם בירגערמייסטער פֿון אונדזער שטעטל און צונעמען ביי אים געווער, און אויך יידישע זאַכן. זיי האָבן איינגעשפּאַנט צוויי בריטשקעס מיט פֿערד און מיר זיינען צוגעפֿאָרן צו דעם בירגערמייסטער. ער איז געווען אַ פּאָלאַק, אָבער ער האָט מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן. ער איז געווען נישט קיין שלעכטער גוי.

זעקס אַזייגער פֿאַרנאַכט זיינען מיר צוגעפֿאָרן צום בירגערמייסטערס הויז. מיר האָבן איבערגעשניטן די טעלעפֿאָן־דראָטן, ער זאָל נישט קענען טעלעפֿאָנירן צו די דייטשן. מיר האָבן אַרומגערינגלט זיין הויז. איך האָב אָנגעקלאַפּט אין טיר. מען האָט געפֿרעגט ווער דאָס איז, איך האָב געענטפֿערט, אַז איך בין פּישלס זון. ער האָט געפֿרעגט, וואָס איך וויל, איך האָב געענטפֿערט, אַז איך וויל ברויט. ווי ער האָט נאָר אויפֿגעעפֿנט די טיר, האָט מען צו אים אויסגעשריען: „די הענט אין דער הויך!". ער האָט אויפֿגעהויבן די הענט. מיר האָבן צוגענומען ביי אים דעם רעוואָלווער, אַ ביקס, אַביסל זאַכן און עסנוואַרג, און מיר זיינען אַוועק־געפֿאָרן.

זיי האָבן געזען, אַז איך האָב זיי געפֿירט אויף אַזאַ פּלאַץ, ווו עס איז געלונגען, האָבן זיי מיך שוין געהאַלטן די גאַנצע צייט. דערנאָך האָבן זיי מיך געלערנט שיסן. צוערשט האָב איך זיך געלערנט שיסן צו אַ בוים, שפּעטער צו אַ פֿלעשל, איך האָב אויסגעשאָסן 30 קוילן און עס איז מיר געלונגען. די שקצים האָבן אַביסל חוזק געמאַכט, ווי אַזוי אַ ייד שיסט: אַ ייד שיסט אויס און וואַרפֿט אַוועק די ביקס. איך האָב זיך אָבער אויסגעלערנט.

איין טאָג האָבן מיר באַקומען אַ באַפֿעל פֿון דער פּאַרטיי, אַז מיר דאַרפֿן גיין אַנטוואָפֿענען אַ פּאָליציי־סטאַציע. דאָרט זיינען געזעסן אַרעסטירט אַ רוס מיט צוויי פּאָלאַקן, מיר האָבן געדאַרפֿט זיי באַפֿרייען. דאָס איז געווען אין אַ דאָרף צווישן כעלם און וואָיסלאָוויץ. די פּאַרטיי האָט אונדז געגעבן נאָך מענטשן, ווייל מיר זיינען געווען אינגאַנצן 6 מאַן, די צוגאָב־מענטשן פֿלעגן זיצן אין דער היים, און ווען מען האָט געדאַרפֿט, פֿלעגט מען זיי נעמען צו הילף. איצט זיינען מיר געווען צוזאַמען 18 מענטשן. דאָס איז געווען ווינטער־צייט. מיר האָבן געהאַט נאָר ביקסן מיט איין מאַשין־געווער. ביינאַכט זיינען מיר צוגעגאַנגען צו דער פּאָליציי־סטאַציע. דאָרט זיינען אויך געווען 18 אוקראַינער. קיין דייטשן זיינען

דאָרט נישט געווען. מיר האָבן געזאָגט זייער וואַך, אַז אויב זיי וועלן זיך נישט אונטערגעבן, וועלן מיר אויפרייסן דאָס הויז, און זיי אַלעמען דערהרגענען. מיר זיינען געווען אַנגעטאָן אין ווייסע ליילעכער, אַזוי אַז זיי האָבן נישט געקענט וויסן. וויפל מיר זיינען. אויבן האָט געוווינט דער שרייבער פון דאָרף מיט זיין משפחה. זיי האָבן דערהערט, אַז מען וועט אויפרייסן דאָס הויז, האָבן זיי געמאַכט אַ געוואַלד, אַז מען זאָל זיך אונטערגעבן. ווען מיר זיינען אַריין אינעווייניק, זיינען שוין אַלע געשטאַנען מיט די הענט אין דער הויך, און די ביקסן זיינען געלעגן אויפן טיש. זייער קאָמענדאַנט האָבן מיר גלייך געשאָסן. מיר האָבן זיי אַלע אויסגעטון די שטיוול, צוגענומען זייערע ביקסן, אָבער זיי אַליין האָבן מיר נישט געטשעפּעט. זיי האָבן געשריען, די אוקראַינער, אַז זיי ווילן גיין מיט אונדז, אָבער מיר האָבן זיי נישט געוואָלט נעמען. דעם שרייבער מיט זיין משפחה האָבן מיר געהייסן איינפּאַקן די זאַכן, ווייל מיר גייען אונטערצינדן דאָס הויז. מיר האָבן אַרויסגענומען די צוויי אַרעסטירטע פּאָלאַקן, אָבער דעם רוס האָבן מיר שוין נישט געפונען. מען האָט אים געהאַט אָוועקגעפירט קיין כעלם צו די געסטאַפּאָ. פאַרן אָוועקפירן האָבן אים די אוקראַינער אָפּגעהאַקט די פינגער. מיר האָבן אונטערגעצונדן דאָס הויז און מיר זיינען אַוועקגעפאָרן.

ווען מיר זיינען אַוועקגעפאָרן, האָבן די גוים אָנגעהויבן צו לעשן דעם פייער. מיר האָבן נישט געוווּסט, אַז אין דער זעלבער צייט איז דאָרט געזעסן אַרעסטירט איינער פון א. ק. מיר האָבן פּלוצלונג דערהערט אַ שיסעריי און מיר האָבן נישט געוווּסט, ווער דאָס שיסט. שפּעטער האָבן אונדז איבערגעגעבן די פּאַרטיי־מענטשן, וועלכע האָבן מיט אונדז מיטגעאַרבעט, אַז דאָס איז געקומען אַ גרופּע פון א. ק. אַרויסנעמען זייער אַרעסטירטן פירער. זיי האָבן געשאָסן אויף די גוים, וועלכע האָבן געלאָשן די פּאָליציי־סטאַציע.

איינמאָל האָבן מיר געהאַט אַ קאַמף מיט די א. ק. אין קראַסניסטאַוו אין דאָזיקן שלאַכט זיינען געפאַלן דריי מאַן פון אונדז. דאָס איז געווען אַזוי: מיר זיינען אַריין אין אַ וואַלד. מיר האָבן דאָן נישט געהאַט קיין וואַסער. האָבן מיר אַרויסגעשיקט צוויי מאַן נאָך וואַסער. עס זיינען פאַרביי 3—2 שעה און זיי זיינען נישט געקומען צוריק, האָבן מיר נישט געוווּסט וואָס מיט זיי איז געשען. מען האָט אַרויסגעשיקט מיך און נאָך איינעם, מיר זאָלן גיין זען, וואָס מיט יענע איז געשען. ווי נאָר מיר זיינען אַרויס פון וואַלד, מאַכט מען צו אונדז מיט די הענט, מיר זאָלן צוקומען. פּלוצלונג האָבן מיר דערזען אונדזערע צוויי חברים ליגן דערהרגעטע. מיר האָבן זיך שנעל צוריקגעצויגן און דערציילט אונדזער גרופּע, אַז די צוויי לעבן שוין נישט, און אַז מיר האָבן געזען אונדזערע קעגנער. אונדזער גרופּע האָט שוין דאָן געציילט 18 מאַן. מיר האָבן פאַרנומען פּאָזיציעס און מיר

האָבן אָנגעהויבן צו שיסן אויף זיי, און זיי אויף אונדז. נאָך צוויי פון אונדז זיינען געפאַלן. איינער פון די געפאַלענע איז געווען אַ 16־יאָריקער שייגעץ. דער קאָמענדאַנט האָט געשריען צו מיר, איך זאָל צונעמען די ביקס פון דעם טויטן. זיין קערפּער האָבן מיר דאָרט באַגראָבן. מיר זיינען אַרויס פון דעם וואַלד און געגאַנגען אין אַנדערע וועלדער.

אונדזער קאָמענדאַנט איז געווען אַ פּאָליאַק און האָט געהייסן מאַסטעלאַזש. ער האָט געשטאַמט פון אַ דאָרף לעבן זאַמאָשטש, ער איז אַלט געווען אַרום 50 יאָר. ער איז געווען זייער גוט אויסגעשולט. ער איז געווען אַ פירער פון דער קאָמוניס־טישער פּאַרטיי. זיין משפחה האָבן די דייטשן אומגעבראַכט. איינמאָל, ווען ער איז נישט געווען אין דער היים, האָבן די דייטשן אונטערגעצונדן זיין הויז און אומגעבראַכט זיין פרוי מיט קינדער. ער איז געבליבן מיט איין זון. דער זון האָט פונקט דאַן געלערנט אין דער שול אין כעלם, אַזוי איז ער געבליבן לעבן. ער אַליין האָט אָרגאַניזירט אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער, און ער איז געווען אונדזער קאָמענדאַנט.

שפּעטער האָבן מיר געדאַרפט באַפאַלן אַ דאָרף ביי זאַמאָשטש, צוזאַמען מיט נאָך אַ גרופּע, וועלכע האָט געהייסן „פּשעפּיורקאַ". צוזאַמען מיט זיי האָבן מיר געדאַרפט באַפאַלן די דייטשן אין דעם דאָרף און צונעמען ביי זיי דאָס געווער. די גרופּע „פּשעפּיורקאַ" איז געווען אין די וועלדער אַרום לובלין—זאַמאָשטש. זיי האָבן געוווּסט, אַז מיר דאַרפן קומען צו זיי, האָבן זיי אָנגעצונדן פייערן, מיר זאָלן זיי קענען באַמערקן. די אַקציע איז אונדז אָבער נישט געלונגען, ווייל מיר האָבן געמוזט דורכגיין אַ בריק, וועלכן מען האָט געהיט. ס'איז געוואָרן אַ שיסעריי און מיר האָבן געמוזט אָפּטרעטן. אין דער צווייטער גרופּע זיינען געווען יידן. אַ סך פון זיי זיינען דאַן געפאַלן.

דערנאָך האָבן מיר געדאַרפט גיין אין אַ דאָרף באַראַוויצאַ, אויך ביי זאַמאָשטש. דאָרט האָבן געוווינט געסטאַפּאָווצעס. ס'איז דאָרט געווען נאָך אַ דאָרף פּאַנסקאַ דאָלינאַ, די דריי געסטאַפּאָווצעס האָבן דאָרט געוווינט מיט משפחות. מיר האָבן באַשלאָסן פריער גיין צו איינעם פון זיי, צונעמען ביי אים דאָס געווער, אפשר וועלן זיך דאַן די איבעריקע אונטערגעבן אָן אַ קאַמף. מען האָט מיך געשיקט, איך זאָל אַנקלאַפּן אין פענצטער, ווייל איך האָב געקענט רעדן דייטש. איך האָב אָנגעקלאַפּט. אַ פרוי האָט געעפנט און האָט געפרעגט, וואָס איך וויל. איך האָב געזאָגט, אַז מיר זיינען פּאַרטיזאַנער און מיר ווילן פּראָוויאַנט און געווער. זי האָט זיך אָנגעהויבן צו בעטן, אַז זי שוואַנגערט און זי האָט מורא. האָב איך איר געזאָגט, אַז זי זאָל אונדז אַריינלאָזן, מיר וועלן בלויז נעמען, וואָס מיר דאַרפן און מיר וועלן זי נישט טשעפּען. מיר זיינען אַריין. דער מאַן איז געשטאַנען

אין צווייטן צימער מיט צווי גראַנאַטן אין די הענט. מיר האָבן נישט געשאָסן, מיר האָבן אים באַפוילן אַוועקצולייגן די גראַנאַטן אויפן טיש. ער האָט געזען, אַז מיר שיסן נישט, האָט ער פאַרשריפּט צוריק די גראַנאַטן און אַוועקגעלייגט זיי אויפן טיש. מיר האָבן צגענומען עטלעכע מונדירן, שפּייז און געווער, און מיר זיינען אַוועק פון דאָרט.

דעם צווייטן טאָג זיינען מיר געגאַנגען צו אַן אַנדערן געסטאַפּאָוויעץ. מיר האָבן באַקומען נאָך 5 מענטשן, מיר זיינען שוין געווען 23 מאַן. די אוקראַאינער, וועלכע האָבן געהיט, האָבן געהערט, אַז מיר קומען אָן. זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס זיינען פּאַרטיזאַנער, און זיי זיינען אַנטלאָפן. די טעלעפאָן־דראָטן האָבן מיר איבערגעשניטן, זיי זאָלן נישט קענען רופן קיין הילף פון שטאָט. מיר זיינען צוערשט אַריין צום שאָפער, וועלכער האָט געוווינט אונטן. דער דייטש האָט געוווינט אויפן צווייטן שטאָק. מיר האָב אים געזאָגט, אַז ער זאָל איבערגעבן דעם דייטש, אַז עס זיינען דאָ געקומען 100 פּאַרטיזאַנער, וועלכע פאָדערן זאַכן און געווער. מיר האָבן געזען דורכן פענצטער, ווי ער דרייט דעם טעלעפאָן, וועלכער האָט שוין נישט געאַרבעט. צום סוף זענען די דייטשן אַרויס און האָבן זיך אונדז אונטערגעגעבן. ביי איינעם פון זיי האָב איך צוגענומען אַ פּאָר לעדערנע הויזן. אַ צווייטן האָבן מיר געשאָסן. מיר האָבן צוגענומען אַלץ, וואָס איז געווען אין שטוב און מיר זיינען אַוועקגעפאָרן. ביים אַרויספאָרן האָט מען אונדז באַשאָסן, אָבער קיינער פון אונדז איז נישט געפאַלן און מיר זיינען צוריקגעקומען אין וואַלד.

מיר פלעגן אָפּט קומען צו מיין באַקאַנטער גויע, יאַנאַק, אין דאָרף סאַרנאַקי. מיר פלעגן איר ברענגען עסנוואַרג און זאַכן, און זי פלעגט אונדז דערלויבן צו טרעפן זיך ביי איר, אָפּעסן און אַמאָל אויך איבערנעכטיקן. די גויים אין דאָרף האָבן אָנגעהויבן רעדן, אַז זי האָט קאָנטאַקטן מיט די פּאַרטיזאַנער. זי האָט מורא געהאַט דאָרט צו בלייבן, האָט זי די קליינע טאָכטער אַוועקגעשיקט צו איר משפחה, און זי, מיטן זון, מיט דער גרויסער טאָכטער, זיינען אַוועק מיט אונדז אין וואַלד.

דערנאָך איז געקומען צו אונדז אַ ייד, אייזיק. ער האָט געהאַט אַ ביקס און מיר האָבן אים צוגענומען צו אונדז. שפּעטער זיינען געקומען צו אונדז נאָך צוויי יידן, וועלכע זיינען אַנטלאָפן פון מיידאַנעק. זיי האָבן אויסגעגראָבן אַ גרוב, דורך וועלכן עס זיינען אַנטלאָפן 30 מאַן. מיר זיינען שוין געווען פיר יידן אין אונדזער גרופּע. די א.ק. האָט זיך דערוווּסט, אַז אין אונדזער גרופּע זיינען שוין פאַראַן עטלעכע יידן, האָבן זיי אַריינגעשיקט אַ בריוו צו אונדזער קאָמענדאַנט, אַז אויב ער וועט נישט דערשיסן די יידן, וועלן זיי צעקלאַפּן אונדזער גרופּע. דער קאָמענדאַנט האָט זיך באַראַטן מיט די פּאַרטיי־אָנפירער, וועלכע זיינען געזעסן אין די דערפער, און מען האָט באַשלאָסן אונדז צו געבן בריוו, מיר זאָלן גיין אין אַ

גרעסערער גרופע, ווו עס זענען שוין פאַראַן מער יידן. מיר האָבן גענומען פערד און וואָגנס, געזעגנט זיך, און אַפּגעפאָרן. מיר זיינען געקומען אין אַ דאָרף, האָב איך געזאָגט, אַז איך וויל נישט פאָרן ווייטער. איך וויל בלייבן דאָ. געוועער האָב איך, וואָס עס וועט זיין, וועט זיין, איך וויל בלייבן דאָ. צום סוף זיינען צוויי פון אונדז אַוועקגעפאָרן און איך מיט נאָך איינעם זיינען געבליבן אין דאָרף.

איין טאָג זיינען אָנגעקומען זייער אַ סך רוסישע פּאַרטיזאַנער. איך בין אַרויס צו זיי און איך האָב געבעטן, זיי זאָלן מיך צונעמען צו זיי. איך האָב געזאָגט, אַז איך בין אַ ייד און איך האָב געוועער. מען האָט מיך געשיקט אין אַ צווייטן דאָרף, אין שטאַב. איך האָב אָנגעטאָן דעם דייטשן מונדיר, וועלכן איך האָב געהאַט, מיט אַ מאַנטל, כ'האָב גענומען די ביקס און איך בין אַוועק אין שטאַב. דאָס דאָרף ווו דער שטאַב איז געווען, האָט געהייסן עליזאווו. אין שטאַב האָב מען מיך אויפגענומען זייער שיין און מען האָט מיך פאַרשריבן אין אַטריאַד „וואַסילענקא". איך האָב דאָרט געטראָפן יידן, וועלכע האָבן מיר דערציילט, אַז אין וואַסילענקא אטריאַד האָט מען נישט ליב קיין יידן, איך האָב זיך בעסער געדאַרפט פאַרשרייבן אין „קיראָווסקי" אטריאַד, אָדער „סטאַלינגראַד" אַטריאַד.

איך בין איצט געווען אין אַ גרופע פון 800 מאַן. מיר זיינען אָנגעקומען אין אַ דאָרף קוקאַווקאַ, ווו איך האָב זיך געטראָפן מיט מיין פריערדיקער גרופע פון א. ל. די דייטשן האָבן געוווּסט, אַז דאָ געפינען זיך אַ סך פּאַרטיזאַנער, און זיי האָבן אָנגעהויבן אונדז צו זוכן מיט אַעראָפּלאַנען. איין אעראָפּלאַן איז געווען זייער נידעריק, און די רוסן האָבן אָנגעהויבן צו שיסן אויף אים. איז ער אַוועק.

מיר זיינען אַוועק ווייטער. מיר זיינען אָנגעקומען איז אַ דאָרף לעבן זאַמאָשטש. קיין דייטשן זיינען דאָרט נישט געווען. בכלל האָבן די דייטשן פאַרלאָזן די דערפער און די קליינע שטעטלעך. זיי האָבן זיך קאָנצענטרירט נאָר אין די שטעט. דאָרט האָט מען אונדז אָנגעהויבן צו באָמבאַרדירן. ווייזט אויס, אַ שפּיאָן האָט איבערגעגעבן, אַז אין דעם דאָרף געפינען זיך פּאַרטיזאַנער. אַ סך פון אונדז זיינען דאַן דערהרגעט געוואָרן, דאָס דאָרף איז געוואָרן פאַרברענט, און מיר זיינען אַריין אין וואַלד. מיר האָבן שוין נישט געקענט אַרויסגיין פון וואַלד, וייל מען האָט אונדז אַרומגערינגלט. די קאָמאַנדירן האָבן באַשלאָסן, אַז ביינאַכט מוזן מיר זיך דורכרייסן פון דאַנען אין אַ גרעסערן וואַלד, וייל אויב מיר וועלן דאָ בלייבן נאָך אַ טאָג, וועט מען אונדז דערהרגענען. מיר האָבן געדאַרפט דורכגיין אַ בריק מיט אַ שאָסיי. מען האָט אונדז באַשאָסן פון אַלע זייטן, אָבער מיר האָבן זיך דורכגעריסן און אַריין אין די גרויסע וועלדער. עטלעכע פון אונדז זיינען געפאַלן, מיר האָבן אָבער אויך דערשאָסן אַ סך דייטשן. מיר זיינען געווען ביי יאַנאָוו־

לובעלסקי. אויך אין דעם גרויסן וואַלד האָט מען אונדז באַשאָסן פון אַעראָפּלאַנען, אָבער זיי האָבן נישט געטראָפן.

אין דעם וואַלד זיינען מיר געווען איבער 6 וואָכן. מיר האָבן באַקומען פון רוסלאַנד זייער אַ סך געווער, ביקסן און גראַנאַטן. מען האָט באַשטימט אַ גרופּע פון 60 מאַן, וועלכע וועט אַריבערגיין די ווייסלע. איך בין געווען איין ייִד אין דער גרופּע. דער קאָמענדאַנט האָט געהאַלטן פאַר אונדז אַ רעדע. ער האָט געזאָגט, אַז מיר זיינען 60 מאַן, אָבער מיר זיינען אַזוי באַוואָפנט, אַז מיר קענען זיך קעגנשטעלן זעקס טויזנט מאַן, מיר זאָלן נישט מורא האָבן. מען האָט אָפּגעזונגען דעם רוסישן הימן און מיר זיינען אַרויס אין וועג אַריין.

מיר זיינען צוגעקומען צו אַ שטעטל אַנאָפּאָל, מיר האָבן גענומען שיפלעך און מיר זיינען אַריבערגעשווומען צו 15 מאַן אָדער 20 מאַן אויף אַ שיפל. פּאָלאַקן האָבן אונדז אַריבערגעפירט די ווייסלע. מיר זיינען אָנגעקומען אין די וועלדער אַרום סקאַרזשיסקאַ, סטאַראַכאָוויצע. פון אונדזער פּאַרטיי האָט מען אונדז איבערגעגעבן, אַז די א. ק. האָבן זיך דערוווסט וועגן אונדזער אָנקומען אַהער, און זיי האָבן אונדז דערוואַרט, כדי אונדז כאַפּן און אויסשיסן. ווייל מיר האָבן געהערט צו די קאָמוניסטן, און זיי האָבן פיינט געהאַט קאָמוניסטן. מיר האָבן זיך נישט געוואָלט שלאָגן מיט זיי, דערפאַר האָבן מיר זיך באַמיט זיי אויסמיידן, און מיר זיינען אַריין אין אַן אַנדער וואַלד. פון דאַנען האָט מען מיך מיט נאָך צוויי אַרויסגעשיקט אויף אויסשפּיר אין אַ דאָרף, כדי זיך צו דערוויסן, ווו עס געפינען זיך דייטשן און די פּאָליציי. גייענדיק צוריק האָבן מיר געטראָפן אין וואַלד דריי שקצים. מיר האָבן געהייסן זיי אויפהויבן די הענט, מיר האָבן צוגענומען ביי זיי די רעוואָלווערן און גראַנאַטן, וועלכע זיי האָבן געהאַט. דערנאָך האָבן מיר זיי געבונדן די הענט און געפירט זיי צו אונדזער קאָמענדאַנט. זיי האָבן דערציילט, אַז זיי זיינען פון די א. ק. און זייער קאָמענדאַנט הייסט שאַרי. פּונקט מיך האָט מען אַוועקגעשטעלט, איך זאָל זיי היטן. איך האָב זיי געגעבן צו רויכערן און דערביי האָב איך צו זיי געזאָגט: „איר זעט, איך בין אַ ייִד, און איך גיב אייך נאָך צו פאַררויכערן, און איר, אַז איר כאַפּט אַ ייִד, שיסט איר אים גלייך". האָבן זיי געזאָגט: מיר שיסן נישט אַליין, אַז מען הייסט אונדז, שיסן מיר". מיר האָבן אָבער באַקומען אַ באַפעל פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אַז מען זאָל זיי יאָ שיסן. אונדזער קאָמענדאַנט האָט אָבער נישט געוואָלט זיי שיסן. ער האָט אָפּגעלאָזט איינעם פון זיי און געהייסן אים פאַרבינדן אונדז מיט זייער קאָמענדאַנט. „אָבער אויב עס וועט פאַלן איין שאָס, וועלן דיינע צוויי חברים דערשאָסן ווערן" — האָט אים דער קאָמענדאַנט געזאָגט.

אין אַ קורצער צייט אַרום איז געקומען צו אונדז אַ דעלעגאַציע פון זייערע

30 אָפיצירן. איך האָב אונטערגעהערט, וואָס אונדזער קאָמענדאַנט האָט גערעדט מיט זיי. זייער קאָמענדאַנט, שארי האָט געזאָגט, אַז ביי זיי געפינט זיך אַ רוסישער פילאָט, וועלכער איז אַראָפּגעפאַלן פון אַן אַעראָפּלאַן און זיי האַלטן אים. אונדזער קאָמענדאַנט האָט אים געזאָגט: „מיר זיינען נישט געקומען אַהער זיך שלאָגן מיט אייך. מיר זיינען געקומען אַרויסטרייבן דעם דייטש. גיט איר אונדז דעם רוס, וועלן מיר אייך געבן די צוויי פּאָלאַקן”. אַזוי איז געווען. זיי האָבן אונדז איבערגעגעבן דעם פילאָט און מיר האָבן צוריקגעקערט די צוויי פּאָלאַקן. מען האָט באַשטימט אַ פּאַראָל און מען האָט אָפּגערעדט נישט צו שיסן איינע אויף די צווייטע, ווען מען וועט זיך טרעפן.

איינמאָל זיינען מיר געגאַנגען אויפרייסן אַ צוג אין זאַגנאַנסק, אין סטראַ־כאָוויצער געגנט. דאָרט האָבן מיר געטראָפן די א.ק. זיי האָבן געפרעגט, ווער מיר זיינען. האָבן מיר געזאָגט, אַז מיר זיינען רוסישע פּאַרטיזאַנער. זיי האָבן מיך געפרעגט, פון וואַנען איך קען פּויליש. האָב איך זיי געזאָגט, אַז איך בין טאַקע פון פּוילן, אָבער איך בין געווען אין רוסלאַנד, און מען האָט מיך אַראָפּגעלאָזט מיט אַ פּאַראַשוט. (איך האָב נישט געוואָלט זיי דערציילן, אַז איך בין דאָ די גאַנצע צייט). זיי האָבן געבעטן, מיר זאָלן זיי געבן אַ טייל פון אונדזער אַמוניציע, אָבער מיר האָבן געזאָגט, אַז מיר האָבן אַלץ אָפּגעציילט און מיר קענען זיי נישט געבן. זיי האָבן אונדז דורכגעלאָזן. איך האָב אָבער געזאָגט צו די צוויי רוסן, מיט וועלכע איך בין געגאַנגען צו דער אויפגאַבע, אַז אויב מען פאַרהאַלט אונדז, וועל איך זיך פרייוויליק נישט אונטערגעבן.

מיר האָבן אויפגעריסן אַ ציג, וועלכער האָט געפירט אַעראָפּלאַנען־טיילן. שפּעטער זיינען געקומען די דייטשן און האָבן פאַרברענט דאָס דאָרף, לעבן וועלכן דער צוג איז אויפגעריסן געוואָרן.

שפּעטער האָבן מיר אויפגעריסן נאָך אַ צוג. מיר האָבן געמיינט, אַז דאָס איז געווען צוקער. דאָס גאַנצע דאָרף איז דאַן געלאָפן כאַפּן דעם צעשאָטענעם צוקער.

מיר האָבן אין יענער געגנט אויפגעריסן אַ סך בריקן. מיר האָבן איבער־געשניטן די טעלעפאָן־דראָטן. מיר פלעגן אויך אַרויסגיין פון וואַלד און באַשיסן פאַרבייפאָרנדיקע מאַשינען מיט דייטשן.

אין אַ געוויסער צייט אַרום האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז די פּוילישע פּאַרטי־זאַנער פון נ.ס.ז. מיט זייער קאָמענדאַנט זשביק זוכן אונדז און זיי ווילן אונדז ליקווידירן. פון דאַן אָן פלעגן מיר בלייבן אויף איין פּלאַץ נישט לענגער ווי אַ האַלבע שעה. זיי האָבן געכאַפּט אַ גרופּע פון פּ.פּ.ס., וועלכע איז געגאַנגען זיך

באַדן ביי אַ טייך. זיי האָבן געמיינט, אַז דאָס איז אונדזער גרופּע און זיי האָבן אויסגעשאָסן אַלע 30 מאַן, וועלכע זיינען דאָרט געווען.

איינמאָל האָבן מיר געכאַפּט צוויי דייטשן, וועלכע זיינען אַנטלאָפן פון פראָנט און זיינען געגאַנגען אַהיים. מיר האָבן זיי פאַרגעלייגט, זיי זאָלן בלייבן מיט אונדז. זיי האָבן אָבער נישט געוואָלט. „מיר ווילן נישט שלאָגן אונדזערע ברידער, מיר ווילן גיין אַהיים" — האָבן זיי געענטפערט. מיר האָבן געפרעגט אונדזער פּאַרטיי, וואָס צו טאָן מיט זיי און מיר האָבן באַקומען אַ באַפעל זיי צו דערשיסן. דאָס איז געווען ביי טשענסטאָכאָוו.

אָנקומענדיק קיין סקאַרזשיסקאָ, האָבן מיר געפרעגט ביי אַ גוי, צי עס זיינען דאָרט פאַראַן לאַגערן מיט רוסן. ער האָט אונדז געזאָגט, אַז עס איז דאָ אַ לאַגער מיט יידן. איינער פון אונדזערע קאָמאַנדירן, אַ רוס ריבאַלקאָ האָט געזאָגט: „אויב דאָס איז אַ יידישער לאַגער, זאָלן זיי דאָרט זיצן". דאָס האָב איך אַליין געהערט. דער ריבאַלקאָ האָט נישט ליב געהאַט יידן זאָלן קעמפן מיט אים צוזאַמען.

איך בין אַוועק אַליין אַביסל ווייטער און איך האָב געפרעגט ביי אַ גוי, אפשר ווייסט ער, ווו געפינען זיך יידן. ער האָט מיר געזאָגט, אַז אין דעם וואַלד, אַביסל ווייטער, זיצט אַ גרופּע יידן. איך האָב טאַקע געפונען אין וואַלד עטלעכע יידן. זיי האָבן זיך מיט מיר דערפרייט און זיי האָבן געפרעגט, אפשר קענען זיי מיטגיין מיט מיר. איך האָב זיי געזאָגט, אַז ביי אונדז נעמט מען נישט אָן קיין יידן, אָבער די צייט, וואָס איך וועל דאָ זיין, וועל איך זיי קענען העלפן מיט עסן. איך פלעג זיי טאַקע ברענגען די טיילן פון די קי, וועלכע מיר האָבן נישט גענוצט, ווי קעפּ און פיס. איך פלעג דאָס איינפּאַקן אין אַ פּעקל און אַוועקלייגן אויף אַ באַשטימטן פּלאַץ. איך האָב נישט געוואָלט, אַז אין מיין גרופּע זאָל מען וויסן, אַז איך העלף דאָ יידן. שפּעטער האָט מען אין אונדזער גרופּע יאָ צוגענומען עטלעכע יידן, אָבער קיין געווער האָט מען זיי נישט געגעבן. זיי האָבן בלויז געאַרבעט ביי היילפס־אַרבעטן: געקאָכט, געזאַמלט האָלץ צום פייער. אַ שוסטער האָט פאַריכט די שטיוול, אַ שניידער האָט פאַריכט די זאַכן.

פון לאַגער סקאַרזשיסקאָ זיינען נישט אַנטלאָפן קיין סך יידן. ווי מען האָט מיר שפּעטער דערציילט, האָבן זיך געקענט ראַטעווען אַ סך מער, זיי האָבן אָבער מורא געהאַט, אַז די גויים וועלן זיי געפינען און איבערגעבן צו די דייטשן.

נאָך דער מלחמה האָב איך זיך געטראָפן מיט אייניקע פון זיי, צווישן אַנדערע איינע אַ פרוי רעגינאַ לענטשנער, ביי וועלכע איך בין געווען אין לאָדזש נאָכן קריג.

איינמאָל, ביינאַכט, בין איך געגאַנגען צו אַ גוי נעמען אַ קו אָדער אַ חזיר, צום עסן. מיר זיינען געווען דריי מאַן. מיר זיינען אַריינגעקומען צו דעם גוי אויז מיר האָבן דאָרט געטראָפן פּאַרטיזאַנער, רוסישע מיט פּוילישע צוזאַמען. ביי דעם

זעלבן גוי בין איך שוין אַמאָל געווען, אָבער ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער אין אַן אָרעמער, ער האָט בלויז צוויי קי און ער האָט מיר געהייסן גיין צו אַ צווייטן, אַ רייכערן גוי. ער האָט מיר בלויז געגעבן צוויי פלעשער בראַנפן. איין פלאַש האָב איך מיט אים אויסגעטרונקען און די איבעריקע צוויי האָב איך געבראַכט אין וואַלד און מיר האָבן געטרונקען צוזאַמען מיטן קאָמענדאַנט. ס'איז געווען ווינטער. איצט, ווען איך בין ווידער צו אים געקומען, האָב איך שוין דאָרט געפונען רוסישע און פוילישע אָפיצירן. דער גוי האָט עפּעס געזאָגט צו די אָפיצירן און זיי האָבן מיר גלייך געהייסן אויפהויבן די הענט. די צוויי מאַן, וועלכע זיינען געווען מיט מיר, האָבן זיי געהייסן אַרויסגיין אין דרויסן. זיי האָבן מיר געהייסן אָפּגעבן דאָס געווער, אויב נישט, וועלן זיי מיך שיסן. איך האָב אָפּגעגעבן דאָס געווער און געבעטן רופן מיין קאָמענדאַנט. זיי האָבן מיך אַריינגעזעצט אין אַ שייער און די צוויי מענטשן זיינען געגאַנגען ברענגען דעם קאָמענדאַנט. איך האָב אים דערציילט, אַז מען האָט ביי מיר צוגענומען דאָס געווער און אַרעסטירט מיך, און איך ווייס נישט פאַרוואָס. דער קאָמענדאַנט האָט געפאָרשט די זאַך און ער האָט מיך געפרעגט: „דו האָסט געמאַכט דאָ אַ געשעפט? האָסט צוגענומען אַ קו? האָסט פאַרקויפט? האָסט גענומען געלט?" זאָג איך: „איך האָב נישט געמאַכט קיינע געשעפטן, זאָל מען מיך אַריינרופן, וועל איך אַלץ דערציילן".

איך בין אַריין און איך האָב דערמאַנט דעם גוי, אַז איך בין געווען ביי אים מיט אַ פּאָר טעג צוריק, און ער האָט מיך געשיקט צו אַ רייכערן, וועלכער האָט מער קי. בין איך טאַקע אַהין געגאַנגען און איך האָב גענומען. אָבער צוערשט האָב איך אים געפרעגט, צי ער האָט בראַנפן. איך האָב אים דערמאַנט, אַז מיר האָבן צוזאַמען געטרונקען, און נאָך צוויי ליטער האָב איך געבראַכט אין וואַלד, ווו מיר האָבן געטרונקען אַלע צוזאַמען מיטן קאָמענדאַנט. די אָפיצירן האָבן מיך אויסגעהערט און זיי האָבן געזאָגט: „ער איז גערעכט, זיי זיצן דאָך אין וואַלד. ס'איז קאַלט, דאַרפן זיי דאָך טרינקען". צום סוף האָבן זיי מיר צוריקגעגעבן דאָס געווער און זיי האָבן מיר געהייסן גיין. איך האָב געהאַט גליק, ווייל דאַן איז געווען אַזאַ צייט, אַז אויב אַ ייד איז אַריין בעטן ברויט, האָבן זיי געמסרט, אַז ער גייט ראַבירן און מען פלעגט אים שיסן. אין דעם זעלבן דאָרף האָט מען אויף אַזאַ אופן געשאָסן צוויי יידן.

אין 1945, ווען דער פראָנט איז געשטאַנען ביי וואַרשע, זיינען מיר איבערגעגאַנגען דעם פראָנט. מיר האָבן באַקומען אַזאַ באַפעל. מיר זיינען אַרויס דריי מאַן אויף אויסשפּיר, צי מען זעט נאָך די דייטשן, און פּונקט האָבן מיר שוין געזען נישט ווייט די אָקאָפּעס. די דייטשן האָבן אונדז געזען און זיי האָבן נישט געוווסט, ווער מיר זיינען. איך האָב דאַן באַקומען אַ קויל אין האַנט. איך האָב אַרויס־

געלאָזט די ביקס און מיר זיינען געלאָפן. ווען מיר זיינען אַריבערגעגאַנגען דעם פראָנט, האָבן אויך די רוסן נישט געוווּסט, ווער מיר זיינען, און זיי האָבן אויך געשאָסן צו אונדז. דאַן איז געפאַלן איינער פון אונדזערע קאָמענדאַנטן. אַרום 15 מאַן פון אונדז זיינען דאַן געפאַלן. צוזאַמען מיט אונדז זיינען אַריבער אויך עטלעכע יידן, וועגן וועלכע איך האָב בכלל נישט געוווּסט, אַז זיי געפינען זיך ביי אונדז. מיר זיינען אַריין אין די רוסישע אָקאָפּעס און שפּעטער האָט מען אונדז אַריבערגעפירט אין שטאָט אַריין — אין סאַנדאָמיעזש. דאָרט האָט מען מיר פאַרבאַנדאַזשירט מיין פאַרוווּנדעטע האַנט.

פון דאָרט זיינען מיר געפאָרן קיין לובלין. איך בין אַוועקגעפאָרן קיין כעלם. דאָרט האָב איך געטראָפן אַ ייד, אפרים גערבער, וועלכער האָט זיך באַהאַלטן ביי אַ גוי. ער האָט מיר דערציילט, אַז פון וואָיסלאָוויצער יידן זיינען געבליבן לעבן 6 פּערזאָן, צווישן זיי אַן 8־יאָריק מיידעלע פון משפחה האכלערער. אירע עלטערן זיינען אומגעקומען. היינט איז זי אַ לערערין אין באר־שבע.

קומענדיק שפּעטער קיין לובלין האָב איך זיך דערוווּסט, אַז די א.ק.־פירער זוכן מיך. איך האָב גלייך פאַרלאָזט פוילן.

איך וויל זיך צוריקקערן און דערציילן זאַכן, וועלכע איך האָב פאַרגעסן איבערצוגעבן.

וועגן דעם אפרים גערבער האָב איך געוווּסט, אַז ער זיצט ביי אַ גוי. איך האָב גערעדט מיט מיין קאָמענדאַנט פון די פוילישע פאַרטיזאַנער, און דערציילט אים, אַז גערבער איז אַ יונגער און אַ פעיקער מאַן, אַ געוועזענער מיליטער־מאַן און איך וויל מען זאָל אים נעמען צו די פאַרטיזאַנער. דער קאָמענדאַנט איז מסכים געווען אים צו נעמען. בין איך אַוועק אין דעם דאָרף אַריין, מיט געווער, און איך האָב געפרעגט צי דער גוי האָט בראַנפן צו פאַרקויפן. איך האָב געוווּסט, אַז דער ייד זיצט אויפן אויוון און הערט מיך רעדן. איך האָב געזאָגט דעם גוי, אַז איך קען העלפן דעם יידן, ווען איך וואָלט געוווּסט, ווו ער געפינט זיך. איך האָב געוואַרט דער ייד זאָל אַראָפּגיין צו מיר. ער האָט זיך אָבער נישט אָפּגערופן, האָב איך באַצאָלט פאַרן בראַנפן און איך בין אַוועק. נאָך דער מלחמה האָב איך זיך מיט אים געטראָפן און איך האָב אים דערמאָנט דעם פאַל. ער האָט געוואָלט דאַן גיין מיט מיר, ער האָט אָבער נישט געקענט איבערלאָזן זיין ווייב. זיי האָבן ביידע איבערגעלעבט און זיי געפינען זיך היינט אין אַמעריקע.

שוין זייענדיק אין ישראל האָב איך געוואָלט אָנבינדן אַ קאָנטאַקט מיט דער גויע, וועלכע האָט מיך באַהאַלטן אין סארנאקי, וואָס אין אַ גרויסער מאָס אַדאַנק איר בין איך געבליבן לעבן. איך האָב נישט געדענקט איר נאָמען און נישט געהאַט דעם אַדרעס. האָב איך אָנגעשריבן אַ בריוו צום סאָלטיס פון דעם דאָרף

און געפרעגט אים, ווו וווינט די גויע, וועלכע האָט געהאַט אַ הויז לעבן וואַלד, אַ קו מיט אַ פערד, און אַ זון מיט צוויי טעכטער. איך האָב באַקומען אַן ענטפער, אַז זי געפינט זיך שוין נישט דאָרט, ווייל די דייטשן האָבן פאַרברענט איר הויז. זי וווינט אין די נייע מערב־געביטן און איר זון וווינט אין כעלם. איך האָב באַדאַנקט דעם סאָלטיס און אַריינגעשיקט אים אַ קעסטל מאַראַנצן. און צו דער גויע האָב איך אָנגעשריבן אויף איר נייעם אַדרעס. זי האָט געמיינט, אַז דאָס איז דער צווייטער, וועלכער איז געווען ביי איר באַהאַלטן. ווען מיר האָט זי געמיינט, אַז איך בין דערהרגעט געוואָרן אין קאַמף ביי זאַמאָשטש. איך האָב איר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דאָס בין איך און דאַן האָט זי מיר אָנגעשריבן אַ האַרציקן בריוו. זי האָט געשריבן, אַז זי דאַרף גאָרנישט. פונדעסטוועגן האָב איך איר געשיקט אַ קעסטל מאַראַנצן און עטלעכע דאָלאַר און נאָך זאַכן. איך האָב פון איר באַקומען דעם אַדרעס פון מאסטאלאזשן, מיין געוועזענעם קאָמענדאַנט פון א. ל. איך האָב אים געוואָלט שרייבן, נאָר צוליב דער איצטיקער לאַגע מוז איך זיך אָפּהאַלטן.

פון פוילן בין איך אַוועקגעפאָרן קיין שוועדן אין 1945. דאָרט בין איך געווען 4 יאָר און אין 1949 בין איך געקומען קיין ישראל.

איך וויל זיך ווידער צוריקקערן צום אָנהויב פון דער מלחמה, ווען מען האָט אַרויסגעפירט 1500 יידן פון כעלם.

מיר האָבן געהאַט אַ געשעפט און איך פלעג אויך צוהעלפן אין געשעפט. איין פרייטיק בין איך אַריינגעפאָרן אין כעלם קויפן סחורה. אויפן וועג האָב איך געטראָפן יידן אַנטלויפן. זיי האָבן דערציילט, אַז די דייטשן האָבן אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע יידן פון 16 יאָר ביז 60 דאַרפן זיך צושטעלן אויפן פלאַץ. איך האָב נישט געוואָלט פאָרן צוריק און איך בין אַריינגעפאָרן קיין כעלם אין אַן אַריינפאָר־הויז אויף לובעלסקי־גאַס. איך האָב נאָך באַוויזן עפּעס איינצוקויפן און איך בין צוגעקומען צו מיין וואָגן. איך האָב געזען, ווי יידן הייבן זיך שוין אָן צו פאַרזאַמלען אויפן פלאַץ, און דייטשן לויפן אַרום מיט הינט און זוכן. זיי זיינען אויך צוגעקומען צו מיר, און געפרעגט: יודע? איך האָב זיך נישט אָפּגערופן, ווי כ'וואָלט נישט פאַרשטאַנען. כ'האָב אָנגעטאָן אַ לאַנגע בורקע און בין געזעסן אויפן וואָגן. זיי האָבן מיך געהאַלטן פאַר אַ גוי, ווייל דאָרט זיינען געווען נאָך גויים. דעם בעל־הבית פון דעם אַריינפאָר־הויז האָבן זיי געשאָסן אויפן אָרט.

דורך אַ שפּאַרע אין טויער האָב איך געזען אויפן פלאַץ עטלעכע הונדערט יידן. זיי האָבן אָנגעהויבן אַרויסצולייגן זייגערס און ווערט־זאַכן. דערנאָך האָט מען זיי אַרויסגעפירט פון שטאָט. מיר זיינען אויך אַרויסגעפאָרן פון שטאָט, מיט דעם זעלבן וועג, וואָס מען האָט געפירט די יידן. הינטער דער שטאָט, ביים מיליטערישן שפּיטאָל, לעבן אַ וועלדל, האָבן מיר געמוזט בלייבן שטיין. פרויען

זיינען נאָכגעלאָפן די אַרויסגעפירטע מענער, ס׳איז געוואָרן אַ שיסעריי. לעבן אונדז האָט די געסטאַפּאָ דערשאָסן 15 עלטערע יידן. זיי האָבן אַראָפּגענומען גויים פון די וואַגנס צו באַגראָבן די דערהרגעטע. איך האָב געציטערט, מען זאָל מיך נישט נעמען. אויף אונדזער וואָגן זיינען געווען 5 יידן, 4 מענער און אַ פרוי. צו אונדזער גליק האָט מען אַראָפּגענומען די גויים, וועלכע זיינען געפאָרן הינטער אונדז. זיי האָבן גענומען לאָפּאַטעס און זיי האָבן באַגראָבן די דערהרגעטע יידן דאָרט אויפן פּלאַץ. דערנאָך האָט מען אונדז דערלויבט צו פאָרן ווייטער און מיר זיינען אָנגעקומען קיין וואָיסלאַוויץ.

שפּעטער האָב איך געהערט, אַז מען האָט די יידן אַריינגעפירט קיין הרוביעשאָוו און צוזאַמען מיט פיל הרוביעשאָווער יידן האָט מען זיי צוגעטריבן ביז צום טייך בוג. מען האָט זיי געוואָלט אַריבערטרייבן אויף דער רוסישער זייט. די רוסן האָבן זיי אָבער נישט געוואָלט אויפנעמען און זיי האָבן אויך געשאָסן. אַזוי האָט מען געשאָסן אויף זיי פון ביידע זייטן. ווער עס האָט געקאָנט, איז אַנטלאָפן, אָבער זייער ווייניק פון זיי האָבן זיך געראַטעוועט.

העדות הוקלטה ע״י גב׳ אידה פינק



**יעקב זיסמאן**



# קדיש
# נאך מיין שטעטל



ישטאָ מער די גוט־האַרציקע, ליבע מענטשן פון אַמאָל, אזוי גרויס אין זייער פשוטקייט און באַשיידנקייט, אַזוי איבערגעגעבן אין זייער גרייטקייט צו העלפן תמיד יענעם מיטן גרעסטן מסירת־נפש. נישטאָ מער אונדזערע פרומע טאַטעס, וועלכע האָבן מ׳ט דער גרעסטער אָפגעהיטנקייט אָפגעריכט די הייליקע שבתים און מיט אַזויפיל נשמה, מאריך געווען די שלוש־סעודות, ביז אַ שטיק אין דער נאַכט אַריין, ווען מען האָט שוין לאַנג געמעגט הבדלה מאַכן.

נישטאָ מער אונדזערע טרייע איבערגעגעבענע מאַמעס, וועלכע האָבן נישט אַנגעצינדן קיין ליכט מוצאי־שבת קודש איידער דער הימל האָט זיינע ערשטע דריי שטערן באַוויזן און ביז זיי האָבן נישט פריער אין דער שטילער שקיעה פון בין השמשות געשעפטשעט די תפילה „גאָט פון אברהם, פון יצחקן פון יעקב, באַהיט דיין ליב פאָלק ישראל פון אַלעם בייזן — — בעסער דער ביטערער בלאַט פון גאָט איידער דער זיסער בלאַט פון אַ מענטש. רבונו של עולם, זאָלסט מיך בענטשן, כ׳זאָל נישט דאַרפן אָנקומען צו קיין מענטשן...״

ביזן היינטיקן טאָג געדענק איך די ווערטער פון דער דאָזיקער האַרציקער תפילה נישטאָ מער מיין מאַמע, וועלכע האָט אַזויפיל געבעטן, אַזוי טריי און האַרציק, פאַר אירע קינדער, פאַר איר מאַן, פאַר אירע ברידער און שוועסטערס, פאַר אַלע. דאָס גאַנצע פאָלק ישראל האָט זי אין זין געהאַט אין איר תפילה. וווהין זענען אַנגעקומען די אַלע תפילות?

נישטאָ אפילו דאָס קבר, אויף וועלכן איך זאָל קענען אויסוויינען מיין האַרץ, באַוויינען זייערע לויטערע נשמות, דערציילן זיי, אַז די וועלט איז שוין נישט מער ווי זי איז געווען אַמאָל אין יענע שטילע צייטן אין אונדזער שטעטל. דאָס לעבן איז ווייט אַוועק פון יענע גרויסע טראַדיציעס, איז אַזוי האַרט און גרויזאַם, אָבער אין האַרצן וועט אייביק בלייבן זייער אָנדענק מיט דער בענקעניש

פון לויטערער און ריינסטער קדושה, וואָס איז אַזוי שוידערלעך געוואָרן געשענדעט, פאַרשניטן.

אין שלאָפלאָזע נעכט זע איך זיך גיין איבער די חורבות פון אונדזער יידיש שטעטל און עס לעבן אויף פאַר מיר די געשטאַלטן פון אונדזערע נאָענטסטע, פון טאַטע־מאַמע, פון ברידער און שוועסטער און צוזאַמען מיט זיי אַלע קדושים פון וואָיסלאָוויץ מיטן גרויסן צער פון דורות יידיש לעבן.

די געשטאַלטן דערמאַנען מיך אין בילדער פון מיין אייגן פאַרגאַנגען לעבן אין וואָיסלאָוויץ. כ׳זע זיך אַלס עלף־יאָריק יינגל, ווען כ׳האָב נאָך זייער ווייניק פאַרשטאַנען, וואָס אַרום מיר טוט זיך, אָבער איך האָב ליב געהאַט צוצוהערן זיך צו די רייד און וויכוחים פון די עלטערע. געווען איז עס אין יענע טעג פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, דאָס רוסישע מיליטער האָט זיך אָנגעהויבן צוריקצוציען פון שטעטל. ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען גראַבאָוויץ איז הינטער אונדזער שטעטל געווען דער פראָנט. דאָס שטעטל איז איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט. אָט האָבן די רוסן געדראָט אַז זיי גייען אונטערצינדן דאָס גאַנצע שטעטל. יידן האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אין דער גרויסער שול און עס איז פאָרגעקומען אַ גרויסער וויכוח. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַלטן פאַר רוסלאַנד. אַנדערע האָבן געזען די ישועה אין דייטשן מיליטער.

ווען די דייטשן זענען אַריין אין שטעטל האָבן זיך ווידער איבערגעחזרט דראַאונגען. מען האָט געטריבן קיין גראַבאָוויץ און ווידער האָט מען גענומען די זעקלעך אויף די אַקסלען. דאָס שטעטל איז געוואָרן אויסגעליידיקט.

געווען אַזעלכע, וואָס זענען אַריין אין פריצעס פערמע און דאָרט איבער־געהאַלטן די שווערע צייט. דער פריץ אַליין איז אַנטלאָפן, איבערגעלאָזט פעלדער מיט כל־טוב. יידן האָבן זיך גענומען שניידן די תבואה, געפירט דעם ווייץ אין דער מיל און עס איז געווען ברויט צו דער זעט אַ גאַנצן ווינטער.

ווידער איז אַדורך אַ שטיקל צייט, דער פראָנט האָט זיך אָפגערוקט און די מענטשן האָבן גענומען בויען אויפסניי די הייזער. ווער עס האָט געהאַט געלט האָט זיך איינגעקויפט האָלץ. אַנדערע האָבן באַקומען צוגעטיילט געהילץ, כדי צוריק אויפצובויען זייערע הייזער.

דאָס שטעטל האָט ווידער באַקומען די פריערדיקע צורה, ניי לעבן. אַז עס איז געווען פרנסה האָט מען גענומען טראַכטן וועגן קולטור. מען האָט אויפגעגראָבן די ביכער פון דער ביבליאָטעק, וואָס מען האָט פאַרן אַנטלויפן באַהאַלטן אין דער ערד. מען האָט געדונגען אַ צימער ביי חנה־רבקה׳ן, וועמענס הויז עס איז געבליבן גאַנץ, און דאָרט האָט מען איינגעאָרדנט די ביבליאָטעק.

די קינדער זענען געוואַקסן און מען האָט געדאַרפט זאָרגן וועגן דערציען

זיי. מען האָט אַראָפּגעבערענגט צוויי לערער, גוטמאַן האָט געלערנט עברית און יידיש, דער צווייטער האָט געלערנט פויליש און חשבון. די שול איז באַשטאַנען פון אַ קליין צימערל, וואָס מען האָט אָפּגעדונגען ביי הערש קלאנג, נישט ווייט פון דער ביבליאָטעק. עס איז טאַקע געווען ענג אָבער דאָס האָט נישט געשטערט דאָס לערנען. בייטאָג האָבן געלערנט די קינדער און אין אָוונט — דערוואַקסענע.

זיי שטייען לעבעדיק פאַר מיינע אויגן: נאָטע האַנדלסמאַן, לייבל האכלערער, משה גאָלדשטיין און שפּעטער די מיידלעך, וואָס זענען געקומען אין ביבליאָטעק און געשלונגען די ביכער: צביה האכלערער, פייגעטשע ערלעכגעריכט,ביילטשע האמער, לאהטשע מאָסקאַל. צוזאַמען האָבן מיר געמאַכט פּלענער ווי אויפצושטעלן אַ נייע ביבליאָטעק וואָס זאָל אקעגנקומען די באַדערפעניש פון דער אונטער־וואַקסנדיקער יוגנט.

זיצונגען, פאַרזאַמלונגען און אינטימע באַראַטונגען — אַלע זענען זיי געווען דורכגעדרונגען מיט דער התלהבות פון יונגע טרוימער וועלכע האָבן געחלומט וועגן אַ שענער און בעסער לעבן, וועגן אַריינברענגען ליכט אינעם שטעטל, אויס־ברייטערן די האָריזאָנטן און באַרייכערן דאָס וויסן פון די אונטערוואקסנדיקע בחורים און מיידלעך, וועלכע האָבן געשלונגען די רעפעראַטן און פאָרלעזונגען אויף פאַרשידענע טעמעס.

אָט בין איך אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג, ווען מען וויילט אויס אַ נייעם קאָמיטעט פאַר דער ביבליאָטעק, עס קומען פאָר שטורמישע דיסקוסיעס. איך ווער אויסגעוויילט אַלס פאָרזיצער פונעם קאָמיטעט און איך דערפיל מיטאַמאָל אויף זיך אַ געוואַלדיקע אחריות. עס גייט אַוועק אַן אינטענסיווע אַרבעט, עס ווערן אַריינגעצויגן נייע מענטשן, עס קומען אָן נייע ביכער. פנימער האָבן געלויכטן, חברישע הענט האָבן זיך געדריקט.

אָט קומען אָן פון וואַרשע שאָפּעל. ער איז שוין דאָרט געווען אַ מיטגליד אין דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע באָראָכאָוו. ער איז געקומען אין שטעטל מיט אַ באַגאַזש פון געזעלשאַפטלעכער און אָרגאַניזאַציאָנעלער דערפאַרונג און האָט אָנגע־הויבן פירן אויך אין שטעטל אַן אָרגאַניזאַציאָנעלע אַרבעט. די פאַרזאַמלונגען זענען פאָרגעקומען ביי אונדז אין שטוב, עס האָבן זיך געפירט דיסקוסיעס. עס גייט אַדורך אַ צייט און מיר באַשליסן צו ענדערן דעם נאָמען פון דער ביבליאָטעק. עס אנטשטייען די אָוונט־קורסן און עס הייבן זיך אָן צרות מיט דער פאָליציי, וועלכע האָט קרום געקוקט אויף אונדזער קלוב, אויף די קורסן און דיסקוסיעס, וואָס קומען דאָרט פאָר. מיר האָבן זיי געמוזט איבערכיטרעווען כדי ווייטער צו פירן אונדזער קולטוראַרבעט, וואָס האָט אַריינגעצויגן אַלץ מער און מער יוגנטלעכע. געווען אויך איינצלנע עלטערע יידן, וואָס האָבן ליב געהאַט צוצוהערן זיך צו אונדזערע

שמועסן. דאָס זענען געווען מענטשן מיט יונגע נשמות, וועלכע עס האָט געצויגן צום יונגן ברויז און האָבן זיך לייכט אָנגעשטעקט מיט דער יונגער באַגייסטערונג פאַר שיינע חלומות, פאַר גרויסע מעשים.

עס לאָזן מיך נישט אָפּ די אַלע בילדער, וואָס דרייען זיך ווי אַ לענטע פאַר מיינע אויגן. איך זע זיי, די אַלע געשטאַלטן אָנגעשטעקט מיט דער התלהבות פאַר גרויסע אידעאַלן. עס לאָזן מיך אויך נישט אָפּ די געשטאַלטן פון אונדזערע טאַטע־מאַמע אין צייטן פון פרייד און אין צייטן פון צער, פון געוויין, איבער קינדער, וואָס גייען אַרויס לתרבות רעה, איבער אייגענעם עלנט און דערשלאָגנקייט, אָבער איבער אַלעם די גרויסע מאמעשע ליבשאַפט, מיטן אייביקן תהילים אויף די ליפּן, מיט כשרן גלויבן אין האַרצן און לויטערער מילדקייט אין די אויגן.

צוזאַמען מיטן יידישן שטעטל איז אַוועק דאָס גוטע, דאָס ריינע און לויטערע, דאָס שבת יום־טובדיקע.

יאָר נאָך יאָר צינדן מיר אָן יאָרצייט־ליכט פאַר אונדזערע טייערע עלטערן, שוועסטער און ברידער און אויף פאַר נאָענטע און וווייטע חברים און פריינט. געבענטשט זאָל זיין זייער אָנדענק!

עס צאַנקען די פלעמעלעך פון די נשמה־ליכט. פּאַוואָליע טריפן די חלב־טראָפּנס, ווי גרויסע מענטשלעכע טרערן און אונדזערע ליפּן שעפּטשען דערביי אַ נאָמען נאָך אַ נאָמען, נעמען, וואָס די צייט האָט נישט פאַרווישט פון אונדזער זכרון; נעמען פון די, וועלכע זענען פאַרשניטן געוואָרן פאַר דער צייט צוזאַמען מיט זייער גלויבן און האָפענונגען. צוזאַמען מיט זייער גרויסער עקשנות איבער־צוטראָגן די שווערסטע יסורים און איבערלעבן די גרויזאַמסטע שונאים.

אָט זע איך פאַר זיך אונדזער שטיבל. אין געלבלעכן שיין פון פאַרקאָפּטשעטן נאַכט־לעמפּל שפּיגלען זיך אָפּ די בלאַסע אויסגעדאַרטע פּנימער פון מיינע נאָענטסטע. אין אַ ווינקל שטייט מיין טייערע מאַמע און שניידט פאַר מיר אָפּ אַ שטיקל ברויט מיט ציטערדיקע הענט. מיינע אויגן זענען איינגעגראָבן אין דעם קיילעכדיקן ברוינעם ברייטל, וואָס איך וואָלט, דאַכט זיך, עס איינגאַנצן איינ־געשלונגען. די גוטע מאַמע וואָלט אַלץ אַוועקגעגעבן, זי וואָלט אונדז נישט געזשאַ־לעוועט, נאָר מען מוז טיילן קליינע שטיקלעך, ס׳זאָל זיין פאַר אַלע און עס זאָל בלייבן אויך אויף שפּעטער, אויף מאָרגן.

ביי אונדז אין שטוב האָט מען מער געטראַכט וועגן מאָרגן ווי וועגן היינט און דער מאָרגן איז געקומען מיט אַזויפיל שוידער און גרויל.

גוטע, טייערע מאַמע מיינע, דוכט זיך ערשט נעכטן האָב איך מיט דיר גערעדט, האָסט מיר געוואָלט עפּעס זאָגן, אַזויפיל האָסטו מיר געוואָלט זאָגן און

נישט דערעדט, נישט פאַרענדיקט... די רוצחים האָבן דיך אַזוי ברוטאַל, אַזוי מערדעריש אַוועקגעריסן.

נישטאָ, פאַרשווּנדן זענען אונדזערע גוטע און פרומע מאַמעס, די טייערע ערלעכע טאַטעס, צוזאַמען מיט זייערע דערוואַקסענע און נישט־דערוואַקסענע קינדער. צוזאַמען זענען זיי געשלײדערט געוואָרן אין אָפּגרונט.

יעדעס יאָר צינדן מיר אָן די ליכטלעך פאַר זייער אָנדענק. דאָס זענען נשמה־ליכט, און אין טיפן ווייטיק שעפּטשען אונדזערע ליפּן אַ נאָמען נאָך אַ נאָמען, וואָס ווערט קיינמאָל נישט אויסגעמעקט ווערן פון אונדזערע הערצער.

פון די ליכט טריפן פּאַוואָליע חלב־טראָפּנס, ווי הייסע טרערן...

יתגדל ויתקדש...

**יעקב זיסמאַן**



# ציון לאלה שהלכו מאתנו

מבין העשרות שנמלטו מהשואה ובאו ארצה וגם מאלה שזכו לבוא ארצה עוד בטרם תגיע השואה — לקח כבר המוות חלק לא זעיר. הבה נעלה את זכרם אחד אחד לפי סדר מותם.

## עזריאל לקסמן



1. לקסמן עזריאל — בנו של מרדכי (מוטל) לקסמאן. היה מראשוני העולים לארץ ישראל. עלה בשנת 1934 ועבד בעבודות שונות. לאחר מכן עבר למסחר ורכש לו בית קפה בתל־אביב.

בתחילת המלחמה העולמית השניה נפגשנו במקרה בתל־אביב. שוחחנו על גורל משפחותינו בויסלוביץ ועל הבדידות האופפת כאן את האדם הרגיל למשפחה ענפה כמו שהיה ב„בית". שנים אחדות לא שמעתי עליו. באחד הימים ב־1945, קראתי על מותו הטראגי. מצאו אותו שרוף בבית המלאכה שלו. קראתי על כך בעתון למחרת הלוויתו. נסעתי מיד לתל־אביב. מצאתי את אלמנתו הצעירה והיא, המומה ונבוכה, לא ידעה לספר לי פרטים יותר מאשר היה בעתון. צר היה לי עליו. צעיר ובעל מרץ היה. לו זכה — והיה עוד רואה חלק ממשפחתו הענפה (אחיות וגיסים ובני דודים) שבאו ארצה והשתרשו בה.

ת. נ. צ. ב. ה.

## זלאטע איניס



2. זלאטע איניס — בעודנה אשה צעירה נתאלמנה מבעלה והיא אם לששה יתומים אשר הקטנה מהם בת 7. חיים קשים, חיים של צער וסבל צפויים היו לה. ואולם

מרצה הרב אוששה והיא הפכה את ביתה לפינת עמל ועבודה. גם היא וגם הבנים וה־בנות במדה שרק נתבגרו — כולם עבדו. במלאכת החיטות עסקו, ומכרו את עמל ידיהם לגויים בביתם הם וב„ירידים" אשר בעיר ובסביבה. ביתה היה לקן של פעילות ציונית־פועלית־מהפכנית ובזה דומני היתה אשה זו יוצאת דופן בעיירתנו: אשה מבוגרת שנזדהתה עם צעירים מהפכנים...

עם פרוץ המלחמה החלה בנדודים עם בניה ובנותיה אשר אחדים מהם הקימו כבר משפחות לעצמם. לרחבי רוסיה הגיעו. המשפחה הענפה לא פעם נתפרדה ושוב הת־אחדה. היתה זו וודאי השפעת האם ששאפה תמיד לראות את כולם יחד. ואמנם שבו ונתאחדו שוב בארץ־ישראל. כולם באו ותוך זמן קצר התלכדו כאן במולדת.

בת שבעים ושלש היתה במותה והיא מצאה את מנוחתה בבית העלמין אשר בנתניה.

ת. נ. צ. ב. ה.

## בן־ציון גרץ



3. בן־ציון (בענטשי) גרץ — קצב אמיד היה הוא ב„בית" ולא כיתר „בעלי בתים" בני מעמדו — עזב עם פרוץ המלחמה את העיירה ונדד לרוסיה. רבות סבלו בני המשפחה בנדודיהם וגם האם מתה עליהם בדרך. הוא „זכה" גם לשבת בבית־סוהר.

כאשר נשתחרר עם גמר המלחמה הגיע עם אשתו השניה ארצה. בדרכו — סר לעיירה, לויסלביץ, והרבה אח"כ לספר על מה שראה



אשתו — צפורה גרץ

שם. גם בארץ — לא במהרה הגיע קץ לסבלו. כדרכם של עולים חדשים באותם הימים, ונוסף לכך — לקשישים ולבודדים — ראו הוא ואשתו לא מעט צער ועוני. כעבור שמים אחדות קבל „שכון" (בנתניה) וגם מצבו הכלכלי הוטב.

הוא לא היה מתלונן על מצבו; רק דבר אחד הטריד את מנוחתו: כל בני משפחתו (ארבעה בנים ובת) — כולם עדיין „שם". ואולם גם לזה נראה היה הגיע הקץ:

נתקבלו ידיעות על ראשון הבאים. עמד לבוא בנו בכורו. ואמנם בא, אלא... שבועות אחדים לאחר פטירתו. מחלה קשה תקפה אותו, ובימי חוליו, בכל פעם שבקרנו אצלו, לא חדל מתפילה אחת ויחידה: הלוואי ויזכה לראות עוד את „ילדיו" כולם ולו רק חלק מהם... ואמנם כל ילדיו הגיעו ארצה אך הוא לא זכה לראותם עוד, מת ונקבר בבית העלמין בנתניה והוא בן 70 במותו.

ת. נ. צ. ב. ה.

## שיינדל טננבוים



4. טננבוים שיינדל (אשת חיים יוסף). לא קלים היו חייה ב„בית", קשים מאד בעת הנדודים ברוסיה ושוב לא קלים — בארץ. הרבה צער ועוני ראתה עם בעלה ושלשת ילדיה הקטנים ברחבי רוסיה. ב־1948 הגיעו ארצה, קבלו דירה „נטושה" בלוד. קשיים של דיור ופרנסה העיקו על חייה. במרוצת השנים הוטב המצב. המשפחה עברה לגור ברמת־גן. הבנים גדלו ושנים מהם נשאו נשים בחייה. הגיעו ימים של רווחה יחסית.

צנועה היתה בחייה. לא התלוננה ולא באה בטרוניות על יחידים ועל צבור. אף פעם לא דברה סרה באחרים גם אם נפגעה ונעל־בה. נעים היה לנו, לידידים וקרובים, לבוא ולהתארח בביתה וליהנות מתבשיליה ודברי המאפה ה„ביתיים". האירה פנים לכול וציפ־תה לימים טובים שיבואו.

הם לא באו. באה מחלה ממאירה ושמה קץ לחייה. בת 54 היתה במותה ועצמותיה נטמנו בבית העלמין אשר בקרית־שאול, בתל־אביב.

ת. נ. צ. ב. ה.

## יוכבד טננבוים



5. טננבוים יוכבד — עוד ב־1934 עלתה ארצה כחלוצה מקיבוץ של הנוער הציוני. ימים קשים היו אז בארץ: חוסר עבודה ובקרוב גם המאורועות של 36. לא קל היה לרבים ובמיוחד לבחורה בודדה, ללא משפחה וללא קרובים. כאשר בקרתי אצלה בתל־אביב (ב־1937) — גרה בתנאים קשים והתפרנסה מעבודה בבתים זרים.

חייה לא הוקלו גם לאחר שנישאה. הפר־נסה הושגה בקושי רב ותנאי הדיור היו קשים מנשוא. כאשר בקרתי אצלה ב־1947 — היתה כל הדירה חדר לא גדול ופינת בישול. וכך חיה עם בעלה ושני ילדיה התאומים. קשיי הדיור והפרנסה אילצו גם אותה לעבוד

בעבודות קשות ומפרכות. גם צער גידול הב־נים היה רב. לפני כעשר שנים עברו לגור בדירה מרווחת יותר ובמרוצת הזמן הורחבה דירה זו ורווהטה. הכל לא בקלות בא. הבעל עבד הרבה וגם היא המשיכה לעבוד לא מעט.

העבודה המפרכת והסבל הרב הם כנראה הביאו לה את המחלה הממארת אשר לא הרפתה ממנה עד יום מותה.

היא מתה בהיותה בת 56 ונקברה בבית הקברות שבחולון.

ת. נ. צ. ב. ה.

## נחמן שטיין



6. שטיין נחמן — „בבית" היה אמיד ובעל בעמיו. מעורה בחיי הציבור ומחפש לו פעולות צבוריות ועסקנות. בעושרו ובעסק־נותו מצא לו פיצוי על ימי נעוריו הקשים (יתום היה מאב ואם מימי ילדותו). ב־1934 הגיע ארצה: המשפחה הראשונה מוויסלביצה שעלתה כאן. לא בחל בעבודות קשות למען מצוא פרנסה וביסוס. עסק בחלוקת חלב ואמנם הגיע לאמידות תוך שנים אחדות.

אך את עבודתו לא זנח. יצר לו גם „מעמד" בתוך אנשי מקצועו ושכנותנו.

מוקיר תלמידי חכמים היה ותומך בהם ביד רחבה: עד פרוץ המלחמה עמד בקשרי מכתבים עם ה„מרא דאתרא" של העיירה, הרב יעקב יצחק ציטרינבוים ז"ל והיה שולח לו נדבות יד לעתים קרובות. וכך נהג גם כאן בארץ, בעירו (חיפה). רבות התהילות שמעתי מפיו של רב השכונה בעת חייו של נחמן, ועוד יותר — לאחר מותו.

מאורע קשה בחיי משפחתו (מותה של הנכדה האהובה עליו) הביאה עליו מועקה קשה מנשוא והחיש את מותו בהיותו בן 65.

נטמן בעפרה של חיפה לא רחוק מקבר נכדתו. „הנאהבים והנעימים בחייהם ובמותם לא נפרדו". ת. נ. צ. ב. ה.

## גיטל פוקס



7. גיטל פוקס (פיש) — מילדותה חיה בעוני. בני משפחתה — עגלוני העיר היו אנשי עבודה ועמל, וכמו רובם של העובדים בעייר־נו — לא היתה העבודה מספקת לפרנס בכבוד את נושאיה.

עם פרוץ המלחמה ברחה עם בעלה לרוסיה ועם גל העליה הגדולה לאחר קום המדינה הגיעה ארצה.

המשפחה השתכנה רחוק מהמרכז (בראש פינה) ומעט היו לגיטל האפשרויות להפגש עם בני העיר. זה גרם לה עגמת נפש וצער וכאשר נזדמנה (לפעמים רחוקות) באזכרה או בשמחה משפחתית של בני העיר — היה לה סיפוק רב.

רק בת ארבעים ושמונה היתה בעת מותה לפני שנתיים נקברה בצפונה של הארץ, בראש

ת. נ. צ. ב. ה.

## משה לאקסמן

8. משה לאקסמן — ברח לרוסיה עם כל הבורחים. מצבו ברוסיה היה טוב יחסית. מקצועו (סנדלרות) פירנס אותו יפה בעתות הצרה. עם עזיבת רוסיה נשאר שנים אחדות בפולין. אך חלה שם וכפי שסיפר לי אמרו לו הרופאים, שהאויר של ארץ ישראל ישפיע להטבת מצבו. ואמנם הרגיש את עצמו בטוב כבר מתחילת ימיו בארץ. ללא אשה הגיע ארצה (אשתו מתה ברוסיה) אך הילדים כאן (שלש בנות ובן, כולם נשו־אים) כבדוהו, ונהגו בו יפה מאד ועל זאת רבה היתה גאוותו. לא הרבה זמן חי בארץ. לאחר 3—4 שנים גברה מחלתו ומת. נקבר בבית העלמין שבגבעת־שאול.

ת. נ. צ. ב. ה.

## שרה טננבוים



9. שרה טננבום (הרבנית ספרן) ז"ל — חיים קשים נועדו לה ברוב ימיה. נתאל־מנה ונשאה שוב ומהנישואים הכפולים היו לה בנות ובנים רבים. רוב ימיה — נאלצה בעצמה לפרנס את משפחתה הענפה. עם עלותה ארצה — החלו ימים טובים יותר. הילדים שעלו אתה יחד או בנפרד — הסתדרו יפה, והיא בעצמה, אחר שנישאה שוב לתלמיד חכם, לרב ספרן (בכפר עטא), זכתה לעושר ולכבוד ולאריכות ימים.

בת תשעים ומעלה היתה במותה.

ת. נ. צ. ב. ה.

## חיים כץ



10. חיים כץ (נודל) — בעודנו ילד קטן נתייתם מאביו ולכן בגיל צעיר נאלץ כבר לדאוג לעזרה בפרנסת הבית. קשים היו חייו בעיירה ולכן נסע ללודז׳, שם למד את מלאכת האפייה. עבד והשתכר יפה ומדי פעם בפעם היה בא לבקר בבית. עם פרוץ המלחמה ברח לרוסיה. שם עברו עליו גלגולי היסורים, כמו על כולם. שב לפולין כעשר שנים לאחר המלחמה וכאן בפולין לא הצליח למצוא לו עבודה כדי מחיית בני ביתו. סבל לא מעט בפולין וכאשר נודע לנו בארץ על בואו לפולין ועל סבלו — השתדלנו לעזור לו במשלוח כסף ומצרכים. לפני כעשר שנים עלה ארצה. אחרי שנים אחדות של עבודה קשה הגיע לאמידות. היתה לו מאפייה קטנה ורכש לו דירה נאה וכלים נאים.

קשור היה בבני העיירה וידע להכיר טובה על העזרה שהושטה לו בעת היותו בפולין, ולאחר בואו ארצה, כהוקרה על כך — היה תורם תמיד בעין יפה לכל מה שנדרש.

עבודתו המפרכת (עד יום מותו ממש) והסבל של כל השנים הביאו עליו מחלת לב קשה וממנה וגם מעבודתו הקשה מת. נטמן בבית הקברות המקומי ברחובות.

ת. נ. צ. ב. ה.

## יעקב טננבוים



11. יעקב טננבוים ז״ל — בימים האחרונים של עריכת הספר צורף עוד אחד לרשומים הנפקדים, הרי הוא יעקב טננבוים ז״ל.

בהזכירנו את הנפטר הזה אנו חורגים כבר ממסגרת החוג המצומצם של יוצאי עיירה. היקף פעולותיו והשפעתו הוא רב, חובק זרועות שכונות ועיר בישראל — חיפה רבתי. בהיותו אחד מגדולי הקבלנים בחיפה בנה הרבה בתים ושכונות שלמות. הקים בתי קולנוע, בריכת שחייה ומוסדות צבור.

הירבה בתמיכה כספית בעשרות מוסדות של

